פֿישע לעבעדער; קאָלאָסאַלע געבײַדעס, מיט װעלכע די געבײַדעס פֿון אונדזערע מוראַשקעס קאָנען זיך װײַט נישט פֿאַרגלײַכן. דאָ האַלט זיך אויף די טערמיטן־מלוכה. און װידער איז עס אַ ליבע־מלוכה. מענער, װעלכע באַפֿרוכפּערן אַ „קעניגין", װאָס לייגט אייער, און װאָס דערגרייכט די גרויס פֿון אַ קלייגער קאַרטאָפֿל, װען זי איז פֿול מיט אייער. און עטלעכע מינים געשלעכטלעך־אומפֿעיִקע קריפּל־אינדיװידואומס, װעלכע דינען דער מלוכה אַלס „אַרבעטער" און „סאָלדאַטן". האַרעמס, סריסים, פּונקט װי דאָרט. אַ װאַקסגאַנג פֿון דער ליבע־אַנטװיקלונג — און אין אַלע דריי פֿאַלן — בײַ די טערמיטן, מוראַשקעס און בינען — אויפֿן העכסטן פּונקט פֿון דער אינטעליגענץ פֿון דעם גאַנצן גלידער־שטאַם.

פֿון דעם דאָזיקן שטאַם איז װײַטער גאָרנישט געװאַקסן.

נישט דער גלידער־חיה, נאָר דער חוט־השדרהדיקער חיה איז באַשערט געװען אויסצופֿירן די װעלט פֿון זיך. די חוט־השדרהדיקע חיה פֿון װעלכע ס'איז שפּעטער אַרויסגעקומען דער מענטש.

אָבער דאָ הייבט זיך אָן אַ נײַ ליד...

א חוץ דער בינען־מלוכה זענען נאך צוויי גרויסע פראוון פון דעם רוסיקן מלוכה־לעבן און דער אינסעקטן־וועלט. ביידע זענען אויך מער אדער ווייניקער „ליסע־מלוכות". און ביידע זענען אלס אזעלכע, פונקט ווי די בינען־מלוכה, אומפרובטבאר.

איין פאל איז די מוראשקע־מלוכה. להיפוך דער בינען־מלוכה האט די רוסיקע מלוכה נישט קיין שום שיין פון מאנארכישער קאנסטיטוציע. אבער א חוץ דעם איז דארט אלץ פונקט אזוי איינגעארדנט, ווי אין דער בינען־מלוכה. דרייערליי בירגער: מענער, ווייבער און געשלעכטלעך־פארקריפלטע „ארבעטערינס", אפגעטיילט זיך נאך די ארבעטערינס איין אין אמתע קינדער־דערציערינס און גרויסקעפיקע, שטארקע פארטיידיקונגס־סאלדאטן. אבער דאס איז פאר אנדערער ליבע־פראגע נישט וויכטיק. אויך דא בלייבט דער שטרענגער קאנטראסט צווישן די אינדיווידואומס. דער „שר" ועסטונגס גאנצע קולטור־אויפגאבע (מיט דער רוסיקע־אינסעקטן־מלוכה געפינסטו זיך שיין זיכער אין א געוויסער „קול־טור") סיקאנצענטרירט זיך אויסשליסלעך אויף דעם באהעפטונגס־מאמענט, די „זי" וועלכע טוט מער נישט, ווי זי לאזט זיך באפרוכטיקן און לייגט אייער. דאס שאפט א הארעם־לעבן פאר ביידע צדדים. און די גאנצע איינגעטיילטע מלוכה־ארבעט ליגט אויף די אייביקע נאטירלעכע סכסוכים, פאר וועלכע די ליבע בלייבט אבסאלוט פרעמד.

דער צווייטער פאל איז די מלוכה פון די אזוי גערופענע טערמיטן. דו קענסט די שווארצע בריאים פון דיין שפייז־קאמער, וועלכע מען רופט „פרייסן". די באלעבאסטע פליעגט זיי האלטן פאר זשוקעס. אבער דאס זענען נישט קיין זשוקעס, הגם זיי זענען אויך אינסעקטן. זיי בילדן אן אינסעקטן־גרופע, וואס שטייט פיל נענטער צו די אויער־ווערים און הייש־רעקן, ווי צו די זשוקעס. נאענט צו דער רוסיקער גרופע שטייען די ליבעלן און די איינטאגס־פליגן. צו זיי קאנסטו צורעכענען די טערמיטן, וועלכע זענען אין פיל פרטים ענלעך צו די מוראשקעס־אבער וועלכע זענען פונקט אזוי מוראשקעס, ווי די פרייסן זענען זשוקעס. דו האסט געהערט וועגן די טערמיטן־געבוידעס אין די טרא־

וועג. נישט סיקטריש אויף זייבע אומגעהויערע סאציאלע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרן אויף דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויף דער פרוכפּערונג, אויף דער טיבע, שטעלט ער מיט זיך פאָר גראָד אין דער דראַמאַטישער ליבע אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער דראַמאַטישער ליבע אַ שריט צוריק.

דאָס איז באַלערנד נישט נאָר פאַר דער בין צווישן די לאַנקע־בלומען. הגם די בינען־מלוכה איז נישט קיין מלוכה אין געוויינלעכן מענטשלעכן זין, שטעלט זי אָבער מיט זיך פאָר אַ ביישפּיל דערפון, וואָס מען וואָלט געקאָנט אָנרופן „די מלוכה־רעגולירונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן". פון פיל טויזנטער איינצלנע ליבע־אינדיווידואומס שטייט זי אויס אַ העכסט־קאָמפּליצירטע איינהייטלעכע געזעלשאַפט. אָבער שטיצנדיק זיך אויף אַ פעלערהאַפטער ליבעס־מעכאַ־בויט זי אויף, אָנשטאָט צו דינען דער העכערער פריערער אַנטוויקלונג, אַ ריזיקע תפיסה, אין וועלכער דער אינדיווידואום, וואָס רייסט זיך פאָרויס צום ליכט, ווערט אומבאַרעכטיקט אונטערגעדריקט. דאָס איז אַ מין וואַרנונגס־סיגנאַל. פון איין זייט דער גרויסער, זיכערער נוצן פון דער סאָציאַלער פאַרייניקונג, פון דער ריזיקער שוץ־געזעלשאַפט וווּ יעדער אינדיווידואום שטיצט זיך אויף פיל טויזנטער אַנדערע, און וווּ ס׳איז איינגעפירט די גליקלעכסטע אַרבעטס־טיילונג אין דער ווירטשאַפט. אָבער אויף דער אַנדערער זייט די שווערע געפאַר, אַז געוויסע געוווינהייטן — צום ביישפּיל ביי די בינען די נאָך ווייניק אַנטוויקלטע געשלעכטלעכע פאַרהעלטנישן — וועלן באַשטימט ווערן אַלס מלוכה־געזעצן און דערמיט וועט זייער אינערלעכע באַוועגלעכקייט און דער דראַנג פאָרויס אָפּגעשטעלט ווערן און זיי וועלן בלייבן ליגן ווי אַ טויטער קלאָץ אויף די מיטגלידער פון פאַרבאַנד, דריקנדיק אַלץ אונטער זיך.

די בין אַליין האָט מער נישט געפונען קיין אויסוועג פון דעם ליבעס־טעמפּל, וועלכן זי האָט זיך געשאַפן. זי איז אויף אייביק, ווי פאַרשטיינערט געוואָרן אין דעם האָניק־טעמפּל. און נישט נאָר זי, נאָר די גאַנצע העכסטע אַנטוויקלונג פון דעם גלידער־שטאַאַט האָט זיך אָנגעשטויסן אין דער פעסטער וואַנט פון זיי דראַמאַטישע „ליבעס־מלוכות" און איז דערויף שטיין געבליבן.

חתונה אליין איז געווען אויסגעקלערט. און דער דאָזיקער שריט איז פאַר איר געווען פאַטאַל.

די בינען־מלוכה האָט געהאַט אַלס אויסגאַנגס־פּונקט די פעסטע אינדיווידואַליזירונג פון מאַן און ווייב. דעם דאָזיקן פּרינציפּ האָט זי איינגאַנצן אָפּגעהיטן. אָבער זי האָט גאָרנישט געטון, כדי אים צו פאַרטיפן. די באַהעפטונג פירט צונויף מאַן און ווייב אויף א קורצער ווײַלע. דאָס איז די גאַנצע „חתונה“. א חוץ דעם פּרעס־קאָמפּליקס, האָסטו דאָ דיזעלבע לאַגע, וואָס ביי דעם שפּינען־פּאָר. די גאַנצע עלטערן־געפילן בלייבן אויף דער זייט פון דעם ווייב. דער מאַן, די דראָנען־בין פּלייבט גראָד אויף דער העכסטער שטופע, ביי אונזערע האָניק־בינען, אינגאַנצן גלייכגילטיק צו דער פרוכפּע־רונג נאָך דעם קורצן באַהעפטונגס־אַקט. פויל און צוזעקלאַזן פאַר־ברענגט ער אָפּט זיין גאַנץ לעבן, און זיין טראַגישער סוף איז אָפּטמאָל נישט שענער, ווי דער סוף פון דעם שפּין־„ער“, וואָס ווערט אויפגעפרעסן דורך דער „זי“. אַזוי אויך דאָ האָסטו נישט קיין שום שריט פאָרויס.

איצט נעם דאָס ווייב. דאָס ווייב דערשיינט ביי די בינען אַלס טאָפּלט־אינדיווידואום: פון איין זייט די קעניגין, פון דער צווייטער זייט די וועסטאַלין. דו זעסט אָבער, אַז ביי דער צעטיילונג האָט יעדער פון די דאָזיקע אינדיווידואומס געליטן א שווערן פאַר־לוסט. די קעניגין האָט אינגאַנצן אָנגעוווירן אירע מוטערלעכע געפילן און גראָד דערין איז דאָך געלעגן א ריזיקער גייסטיקער שריט פאָ־רויס. א חוץ דעם איז זי נאָך געוואָרן ווייניקער פריי צוליב דעם, וואָס זי דאַרף, אַז מען זאָל זי שפּייזן. פאַרקערט, די וועסטאַלין האָט פאַרלוירן דאָס גאַנצע געשלעכטלעכע לעבן, זי איז בכלל אַרויס־געוואָרפן געוואָרן פון דעם העכערן לעבנס־קרייז פון „מאַן און ווייב“ זי קען דעם מאַן נאָר אַלס פוילן טאַטע, וועלכן זי ברענגט אום, ווען זי האָט אים נישט מער וואָס צו שפּייזן, איר לעבן דויערט זייער ווייניק. מיט איין וואָרט, פאַרלוסטן און פאַרלוסטן.

אין רעזולטאַט: א פאַרצאַרעמונג פון אינדיווידואום אין יעדער הינזיכט. אַרעם איז די דראָנען־בין. אַרעם די קעניגין. און אומענדלעך אַרעם די וועסטאַלין. די דאָזיקע גאַנצע ליבעס־מלוכה איז א פאַלשער

אינדיווידואומס האָבן שפּעטער ווידער געקאָנט אַנטשטיין נייע, העכער־אָרגאַניזירטע סאָציאַלע פאַרבאַנדן. אָבער אין אַ גאַנץ אַנדערער, פרייערער פאָרם. און זיי זענען אַנטשטאַנען. דערמאָן זיך די איינפאַכע חתונה. און נאָך ווייטער. מיר מעגטיען זענען דערצו דער בעסטער ביישפּיל, דער ביישפּיל, וואָס הויבט זיך צום הימל. און דאָס איז באמת געוועזן אַ העכערע שטאַפּל, אַ פיל העכערע, ווי די קערפּערלעכע צונויפגיסונג פון די סיפאָנאָ־פאָרן. אויך אין דעם דאָזיקן פרייען פאַרבאַנד איז נאָך פאַראַן זייער פיל אונטערדריקונג, גראָד מיר מענטשן ווייסן דאָס צום בעסטן פון אונזער סאָציאַל־געשיכטע. אויף דעם געביט איז נאָך זייער פיל דאָ אויסצוטון. איין גאָט ווייסט, וויפל...

דאָך מיר גייען צוריק צו דער בין. איך האָב געזאָגט: צו דער סיפאָנאָפאָרן־מלוכה האָט זי זיך אויך נישט אינגאַנצן צוריקגעקערט. זי האָט דאָס פשוט נישט געקאָנט. טויזנטער בינען־אינדיווידואומס זאָלן זיך פשוט צונויפוואַקסן — דאָס איז מער נישט מעגלעך געווען. אָבער צי האָט זי דערביי נישט געפונען דעם אמתן וועג צו יענער העכערער, פרייערער סאָציאַלער פאַרייניקונג? צי האָט זי דער־גרייכט דעם דאָזיקן אידעאַל מיט איר „מלוכה" פון אַזוי פיל טויז־זנטער אינדיווידואומס? מען מוז זאָגן: ניין. די בינען־מלוכה אַר־בעט מיט אַזוי פיל אין אַזוי פיל טויזנטער אינדיווידואומס, וועל־כע זענען נישט קערפּערלעך צונויפגעוואַקסן ווי די סיפאָנאָפאָרע. און דאָך שטעלט זי מיט זיך פאָר נישט קיין שריט פאָרויס, נאָר אַ שריט צוריק.

די בינען־מלוכה האָט זיך געגרינדעט — און דאָ ליגט איר דרייסטקייט און איר טראַגיק — אויפן באָדן פון די געשלעכטלעכע באַדערפענישן. אויפן באָדן פון יענע באַדערפענישן, פון וועלכע ס'האָט זיך ביי דער גאַנצער העכערער חיות־וועלט אַנטוויקלט די חתונה אין העכערן זין. פיל שפּעטער, ביים מענטש, האָט די דאָזיקע חתונה געזאָלט ווערן אַ וויכטיק פּראָבלעם אויך אויפן וועג צו דער אַנטוויקלונג פון דער מלוכה. אָבער די בין האָט גלייך אָנ־געהויבן פון דער מלוכה, נאָך איידער דאָס פּראָבלעם פון דער

וועלכע ווילן זיך צוכאַפּן צו די אייער. און זי טוט עס אויך אַ צייט נאָכדעם, ווי אַלע קעמערלעך זענען שוין אויפגעבויט און באַלייגט מיט אייער. עס פאַרשטייט זיך, אַז נאָכדעם הייבט נאָך די מוטער צוצושפּייזן די שלייערלעך בשעת זיי קריכן אַרויס. און אַז דער דאָזיקער דערציונגס־אינסטינקט הייבט אָן ביסלעכווייז איבער־צוגיין בירושה צו די ווייטערדיקע דורות אַלס אייזערנער לעבנס־כלל, שאַפט זיך שוין דער גאַנצער באַרן, אויף וועלכער ס׳האָט זיך שפּעטער אויפגעבויט די בינען־מלוכה. די גאַנצע אַנטוויקלונג איז דאָ זייער ליכטיק צו פאַרשטיין.

בלייבט נאָך די צווייטע פראַגע. די דאָזיקע גאַנצע בינען־געשיכטע איז זיכער אַ זייער אינטערעסאַנטער פאַל. אָבער עס פרעגט זיך: צי האָט דערין באמת געשטעקט אַ פּראָגרעסיווער פּרינציפּ? נישט ווילנדיק ווערט מען פאַרפירט דורכן געדאַנק: דאָ מוז עפּעס זיין אַ גרויסער שריט פאָרויס, ווייל מיר זעען דאָך אין פלאַץ אַזאַ קאָלאָסאַלע **ס אָ צ י אַ ל ע   פ אַ ר אײ נ י ק ו נ ג.**

דאָס איז נישט קיין פאַראייניקונג לויטן אַלטן סימפּאָנאָפאָרן פּרינציפּ. דאָ דערמאָנט זיך: די אָקאַלעפּן וועלכע זענען זיך, ווי אַ שטשורע־שטאַיג, צונויפגעוואַקסן אַלס אַ מין איבער־חיה. איך האָב זיך דאָרט נישט אָפּגעשטעלט אויף דער קריטיק פון דער דאָזיקער סימפּאָנאָפאָרישער איבער־חיה. זי איז אויפגעבויט געוואָרן אויף פּוילשטענדיקער אַרבעטס־טיילונג. גאַנצע אינדיווידואומס זענען ווי־דער געוואָרן „אָרגאַנען", טייל זענען געוואָרן מאָגנס און מיילער, אַנדערע שווים־גלאָקן און אַזוי ווייטער. אין דער העכערער חיות־וועלט איז, נאַטירלעך, אַזעלכעס מער נישט מעגלעך געווען. וואָס מער די אינדיווידואומס זענען געוואָרן אָפּגעטיילט, אַלץ שאַרפער און אומבייגלעכער איז געוואָרן אַזאַ סאָציאַלע קערפּערלעכע פאַראייניקונג. דאָס האָט טאָן, ווי גראָד אין געשלעכטלעכן לעבן איז דער דאָזיקער קאָמפּליקט נאָך אָפט געקומען צום אויסדרוק. אָבער אויך דאָ האָט מער נישט געקאָנט פאָרקומען קיין צונויפוואַקסונג אויף אַ לענגערער צייט. יעדער אינדיווידואום האָט געמוזט בלייבן אין־גאַנצן פריי. אָבער די דאָזיקע פרייהייט האָט בשום אופן נישט אויסגעשלאָסן דעם באַגריף „סאָציאַל". פון די באַזונדערע „פרייע"

שטעל איך פֿאַר, אַז די קליינע צאָל פֿאַרמערט זיך אָן אַ שיעור. שטעל דיר פֿאָר, אַז אין אַלעם ווערט ביסלעכווייז אַריינגעבראַכט אַ באַשטימטע אָרדענונג. וואָס מער דאָס אַלטע ווייב, די „קעניגין" ווערט באַפֿרייט פֿון דער פֿליכט צו שפּייזן די יונגע, אַלץ מער און מער וואַקסט איר קראַפֿט צום אייער־לייגן. אַ טייל פֿון די געהילף־דערציערינס הייבט אויך אָן איבערצולעבן דעם ווינטער, אַזוי אַז די אין האַרבסט באַפֿרוכטיקטע קעניגין געפֿינט שוין הילף ביי די ערשטע פֿרילינגס־אייער. די דאָזיקע קעניגין געווינט פֿון דער הילף אַזוי פֿיל קראַפֿט, אַז זי ווינטערט איבער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. דערפֿאַר נעמט די צאָל אַליין איבער אויך די פּאַרטענאָגענעטישע מענער־פּראָדוקציע אַזוי, אַז די קינדער־וועכטערינס ווערן איינגעאָרדנט פֿרוכטלאָזע ווערקטאַליגס. גלייכצייטיק בילדן זיך אויס די אַלע קאָמפּליצירטע זאַפֿאַס־און דערנערונגס־איינריכטונגען און די גאַנצע טעכניק פֿון חבר „מלוכה". אויך די דאָזיקע אַלע שטופֿן קאָן מען היינט זען ביי ענגערע קרובים פֿון אונזערע האָניק־בינען. ענדלעך קומט דער מענטש און שאַפֿט פֿאַר זיי אַ גוטע, קינסטלעכע היים און... דו ביסט ביים ציל.

מען האָט די זאַך נאָכגעפֿאָרשט נאָך טיפֿער, אונטער די ערד־בינען, ביז צו די ערשטע שטופֿן, ווען מוטער און קינדער זעגען זיך בכלל לעבעדיק צונויפֿגעקומען, אַזוי אַז ס׳האָט זיך געשאַפֿט אָנהייבן די „קינדער־דערציִונג". ביים שפּיץ האָבן מעגן די מוטער אַלס וועכטערין פֿון אירע אייער; דערנאָך אויך די יונגע קריכן אַרויס פֿון די אייער, איז זי שוין טויט. אויך געוויסע על־טערע מינים פֿון בינען, וועלכע זעגען נאָך היינט דאָ אויף דער וועלט, דערלעבן נישט צו זען זייערע לעבעדיקע קינדער. די אַלטע בויט אויף אַ קעמערל, לייגט אַהין אַריין אַן איי, לייגט צו צום איי אַ ביסל שפּייזן און שטאַרבט. אויף אַ ווייטערדיקער שטופֿע זעט מען, ווי די מוטער בויט נאָך אַ רייע שפּייז־קעמערלעך פֿאַר די אייער, וועלכע זי דאַרף נאָך לייגן, בשעת פֿון דעם ערשטן איי קריכט אַרויס דאָס ווערעמל; זי דערלעבט אַזוי אַרום אַם ערשטן מאָל צו זען איר לעבעדיק קינד. ווייטער געוויינט זיך די אַלטע צו פֿאַרטרייבן פֿון אירע קעמערלעך ביידע פּאַראַזיט־אינסעקטן,

מיטום געהאָלפן מיט זייער גאַנצער ענערגיע און האָבן אויסגעפירט, אַז נעבן די פאַרקריפּלטע ברואים איז שנעלער אויסגעוואַקסן אַ פּאָר נישט־פאַרקריפּלטע, געשלעכטלעך־פעיקע בינען. און דערמיט איז די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון מין געוועזן געזיכערט.

פון דעם פונקט צו אונזער פאַרצווייגטער „בינען־מלוכה" איז נאָך זיכער אַ גאַנץ גרויסער שריט. אָבער דו פאַרשטייסט שוין, אַז אין משך פון דער לאַנגער אַנטוויקלונג האָט דערפון געקאָנט קומען צו דער דאָזיקער מלוכה. דו פאַרשטייסט, אַז די צוטיילונג פון דער מוטער אויף קעניגין און וועכטאַלין האָט געקאָנט געשען גאַנץ איינפאַך, אָן שום באַזונדערן כשוף.

עס איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז איך דערצייל דיר דאָ נישט סתם אויסגעטראַכטע זאַכן. ביי קרובים פון דער בין, וועלכע לעבן שוין, אמת, אויך אין גרויסע פאַמיליעס, אָבער נאָך נישט אין אַזעלכע ריזיקע מלוכות, ביי די ע ר ד ־ ב י נ ע ן, זעסטו נאָך היינט געבליבענע פאַרשטיינערטע שטופן פון דעם דאָזיקן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס. דאָס זעסטו אַן אַבסאָלוט אַנטוויקלטע ערד־בין — „זי", וועלכע לאָזט זיך אין הערבסט באַפרוכטיקן פון אַן „ער" און ווינטערט דאָן אַליין איבער. אין פרילינג לייגט זי די ערשטע שיכט אייער; עס קומען אַרויס די ערשטע שלייערלעך און די מוטער שפּייזט זיי, לויט איר מוטערלעכן אינסטינקט, אַזוי גוט, ווי זי קאָן נאָר. נאַטירלעך, קאָן זי זיי נאָר קנאַפּ שפּייזן. פון די אייער קומען אַרויס נייע ווייבער, וועלכע זענען אָבער קלענער, ווי די געוויינלעכע. קליינע און ווייט פון דראָנען, קומען די דאָזיקע ווייבער נישט צו קיין באַהעפטונג. דערפאַר אָבער קומען ביי זיי באַלד צום וואָרט די מוטערלעכע אינסטינקטן: זיי נעמען איבער די שפּייזונג פון די ווייטערדיקע שלייערלעך און אַרום הערבסט דערציען זיי פון די שפּעטערדיקע שלייערלעך ווידער גרויסע, אמתע ווייבער. די דאָזיקע אמתע ווייבער געפינען זיך ווידער זייערע דראָנען, וועלכע ווערן פּאַרטענאָגענעטיש געלייגט אי דורך דער אַלטער שטאַם־מוטער, אי דורך די קליינע ווייבער. זיי באַהעפטן זיך, ווינטערן איבער און הייבן אָן אין פרילינג די געשיכטע פונדאָסניי. דו האָסט דאָ זיכער אַ בריק צו דער גרויסער בינען־מלוכה.

נערונג. דאָס לאָזט זיך געשיכטלעך זייער טיף נאָכפֿאָרשן. געשיכטע און גייסטרייכע זאַך־קענער איז באמת געלונגען אויף אַ וווּנדערלעך־קלאָרן אופֿן פֿאַרצושטעלן די גאַנצע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פֿון אונזער הייגנטיקער ביענען־מלוכה. בוטעלרעפּען אין ברעמען האָט דערפֿון אין דער לעצטער צייט געגעבן דאָס קלאָרסטע, וואַרטיינ־לעכסטע בילד. איך נעם דאָ נאָר אַרויס די הויפּט־ליניע, אויף ווי־פֿיל זי קאָן אונדז צונוץ קומען.

עס איז אַמאָל געווען אַן אור־בין, וועלכע האָט געהאַט, פּונקט ווי פֿאַרשידענע אַנדערע אינסעקטן, די אייגנשאַפֿט צו לייגן אומ־געהויערע מאַסן אייער אויפֿן גרונט פֿון אַ באַהעפֿטונג און אַחוץ דעם נאָך פּאַרטענאָגענעטיש, אָן אַ באַהעפֿטונג; אין ערשטן פֿאַל זענען דאָס געווען ווייבלעכע אייער, אין צווייטן מענלעכע. די שלייערלעך, וואָס זענען אַרויסגעקראָכן פֿון די אייער האָבן געדאַרפֿט האָבן אין אַ געוויסער מאָס גוטע דערנערונג. די אַלטע בין האָט געהאַט אויך גענוג מוטער־געפֿילן און זי האָט צונויפֿגעשלעפּט שפּייז וויפֿיל זי האָט נאָר געקאָנט.

אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַ פֿאַטאַלער פֿלוס.

איר פּרוכפּערונגס־קראַפֿט איז געווען גרעסער פֿון דער דער־ציונגס־קראַפֿט. דער מאַן האָט נישט געוואָלט העלפֿן, וואָס זאָל זי טון? אַפֿילו ביי דער גרעסטער פֿלייסיקייט איז געווען אוממעג־לעך ווי געהעריק צו פֿאַרשטאָפּן אַזוי פֿיל הונגעריקע מיילער. אין אַ ווײַלע אַרום זענען אַרויסגעקראָכן די ערשטע פֿאַרמיע יונגע בי־נעלעך. אָבער אָ, אומגליק! די קנאַפּע דערנערונג האָט זיי פֿאַר־קריפּלט. זייערע געשלעכטלעכע טיילן זענען נישט פֿעיִק געווען צו קיין באַהעפֿטונג. זענען זיי זיך אַזוי געזעסן, די אָרעמע קריפּלען. וואָס זאָלן זיי טון? אָבער זיי האָבן געזען די אַלטע מוטער, וועל־כע האָט נאָך אַזוי פֿיל אַרבעט אַרום די קינדער אין די וויקעלעך. און פֿריי פֿון אייגענע ליבע־בענקשאַפֿט, האָבן זיך די געשלעכטלעכע קריפּלען גענומען העלפֿן דער אַלטער מוטער. זיי האָבן אויך גע־בראַכט צו טראָגן שפּייז. זייערע אינערלעכע מוטער־געפֿילן האָבן אויך אויפֿגעוואַכט, הגם דאָס זענען געווען נישט זייערע אייגענע קינדער. קורץ, זיי האָבן אַרויסגעהאָלפֿן דער מוטער, האָבן אי אַ־



וואָס זי דערציט די אייער און יונגע, וואָס זענען דורך יענעם אַנדערן ווייב געלייגט געוואָרן. דאָס וואָס די שפּין־„זי“ פאַרייניקט אין זיך אין איין און דערזעלבער פּערזאָן: אַ ווייב, וואָס ליבט און פּרוכפּערט זיך, און אַ מוטער, וואָס דערציט, דאָס איז ביי דער בין צעטיילט אין צוויי פּערזאָנען — אַ „ווייב, וואָס ליבט און פּרוכפּערט זיך“, די קעניגין, און אַ „מוטער, וואָס דערציט“, די וועסטאַלין.

דער דאָזיקער איינפאַכער פאַקט איז דער לאָגישער שליסל פון דער גאַנצער בינען־מלוכה. ביים שפּין האָסטו צוויי פּערזאָן מיט אַ געוויסער אַרבעטס־טיילונג איינעווייניק אין דעם לייב. דאָ האָסטו דעם כאַן מיט זוימען. דאָרט דאָס ווייב מיט די אייער. די מוטער־ליבע דערשיינט דאָ אַלס באַזונדערע צוגאָב־אַרבעט פון דעם ווייב אַליין. ביי דער בין זעסטו די דאָזיקע אַרבעטס־טיילונג דורכגעפירט צווישן דער טראָנבין און דער קעניגין. אָבער אַחוץ דעם האָסטו דאָ נאָך אַ נייע אַרבעטס־טיילונג אויף דער ווייבלעכער זייט: די צוגאָב־אַרבעט פון דעם ווייב אַלס דערציערין פון אירע קינדער ווערט אַרויסגעלייגט אויף אַ מין ווייב פון צווייטן גראַד, וועמענס גאַנץ לעבן באַשטייט אין דער דאָזיקער אַרבעט. עס קומט אַריין אין דער רייע דער טיפּ פון דער אומגעשלעכטלעכער וועסטאַלין, וועלכע פּרוכפּערט זיך אַליין קיינמאָל נישט, אָבער וועלכע איז זיך מקריב פאַר דער דערציונג פון די פרעמדע קינדער ביז צום לעצטן שטייבעלע פון איר קראַפט.

דו זעסט איצט, וואָס די בינען־מלוכה אַליין האָט אויפגעטאָן. דאָ אַנטשטייען אָבער גלייך צוויי נייע פראַגן: ערשטנס, ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט ווערן? און צווייטנס, צי איז עס געווען זייער נוצלעך און פּראָגרעסיוו?

אויף דער ערשטער פראַגע וועסטו דיר אַליין מסתמא גלייך ענטפערן, ווען דו וועסט זיך דערמאָנען, ווי אַזוי די וועסטאַלינס אַנטשטייען נאָך היינט אין דער פאַראַנענער בינשטאָק. יעדע וועסטאַלין איז אייגנטלעך, לויט איר נאַטור־קראַפט, אַן אמתע „זי“. ביי איר איז נאָר דער געשלעכטלעכער אָרגאַן פאַרקריפּלט. די דאָזיקע פאַרקריפּלונג איז אָבער, ווי דו האָסט געזען, נישט קיין אָרגאַנישער פּעולה פון געבורט, נאָר אַ פּראָדוקט פון צו קנאַפּער דער־



וואָרום געהאַט? מאַן. ווייב. קינד. אָבער נישט קיין באַזונדערע „קינ־דער־דערציערינס". דו האָסט געזען נאָר פאָלגנדעס: מאַן און ווייב פאַרייניקן זיך אויף אַ ווײַלע אין באַהעפטונגס־אַקט. דער מאַן פאַר־שווינדט נאָך דעם דאָזיקן אַקט, נישט זאָרגנדיק זיך פאַר די פאָלגן. דאָס ווייב ברענגט אָבער אַרויס די יונגע און זאָרגט זיך פאַר זיי ווי־פיל זי קאָן: זי בויט פאַר זיי אויף אַ זיכער אייער־נעסט און באַ־וואַכט עס אַלס טרייע פּאַרטיי־דיקערין ביז צו איר אייגענעם ווינטער־טויט. דו האָסט אַזוי אַרום שוין דאָ אויך די קינדער־וועכטערין, אָבער — זי פאַלט איינפאַך צונויף מיט דעם ווייב, מיט דער מוטער.

מיר האָבן אין אַ פרעמדן, אָבער אינערלעך ענלעכן פאַל, ביים שטעך־פיש געזען, אַז אויך דער פאָטער קאָן איבערנעמען די אויפ־זיכט איבער די קינדער, און איך האָב דיר געשטרעבט צו פאַרשטיין, וואָס דערפון לאָזט זיך אַרויסדרינגען אין העכערן זין פאַר דעם באַ־גריף „חתונה". אָבער דאָס גייט אונז דאָ נישט אָן. מיר וועלן איצט ווייטער גיין אויפן וועג פון דעם שפּין און זען, וואָס די בין האָט פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ געמאַכט.

ווי מען קאָן גלייך זען איז די בין פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ גלייך אַרויסגעגאַנגען ווי פון אַ מין אור־פּראָגראַם. די דראָן־בין, דאָס הייסט דער בינען־מאַן זאָרגט זיך אויך אַבסאָלוט נישט פאַר די קינדער. עס קאָן גאָר אַזוי אַרום קיין רייד נישט זיין וועגן שטעך־פיש־פאַרהעלטנישן אָדער גאָר וועגן נאָך העכערע פאַרהעלטנישן, ווו ביידע עלטערן ווידמען זיך דער קינדער־דערציונג. אויך דאָ בלייבט די קינדער־דערציונג אויסשליסלעך ביים ווייב. דו האָסט דאָך געזען, אַז די וועכטאַלינס זענען אויך געווען „ווייבער", ווען אַפילו פאַרקריפּלטע. אָבער דערצו האָט די בין צוגעגעבן דאָס מערק־ווירדיקע: די דאָזיקע וועכטאַלין דערציט נישט אירע אייגענע קינדער, נאָר די קינדער פון דער קעניגין. דו האָסט דאָ אַזוי אַרום איינפאַך צווייערליי סאָרטן ווייבער.

איין ווייב, די קעניגין, איז מוטער נאָר אין דעם זין, וואָס זי לאָזט זיך באַפרוכטיקן און לייגט אייער. דאָס אַנדערע ווייב, די וועכטאַלין, איז ווידער, פאַרקערט, מוטער נאָר אין דעם זין,

אַמאָליקער קעניגין קאָן מער קיין רייד נישט זיין. דאָס גאַנצע וואָרט „קעניגין" איז נאָר אַ מטושטש בילד. און פּונקט אַזוי ווייניק זע־נען די דראָגען־בינען אַ הערשנדיקער, פוילער, העכסטער קלאַס און די „אַרבעטערינס" עקספּלואַטירטע „פּראָלעטאַריער".

די כלומרשטע „קעניגין" איז אייגנטלעך נישט מער און נישט ווייניקער ווי דאָס „ווייב" פון דער מלוכה. דאָס ווייב!

די כלומרשטע דראָגען־אַריסטאָקראַטן זענען די „מענער" פון דער מלוכה. די מענער!

די כלומרשטע אַרבעטערינס זענען די „קינדער־דערציִערינס" פון דער מלוכה, די דערציִערינס, וועלכע האַרפּן זיך אַליין זאָרגן פאַר די יונגע דורות; און נאָר ווי אַ צוגאָב צו דער דאָזיקער קינדער־דערציִונג האָבן זיי נאָך איבערגענומען די זאָרג פאַר די אמתע על־טערן, פאַר די דראָגען און דער קעניגין, אַזוי, אַז זיי טראָגן באמת אויף זייערע פּלייצעס די גאַנצע אחריות אין בינשטאָק — אחוץ דער באַהעפטונג און דעם אייער־לייגן.

אַלזאָ: אַ ווייב, מענער, קינדער־וועכטערינס און קינדער. דו זעסט: די גרונט־עלעמענטן פון דער דאָזיקער מלוכה זענען אייגנט־לעך די טיילן פון אונזער באַגריף „פאַמיליע". דער דאָזיקער גאַנצער ריזיקער קנויל פון די צענדליקער טויזנטער סאָציאַל־פאַראייניקטע חיות איז אין זיין אינערלעכסטן געבוי נישט עפּעס אַנדערש, ווי איין איינציקע אומגעהויערע פאַמיליע.

אָבער די פּרטים זענען פונדעסטוועגן זייער אויסטערליש. זיי ווייזן דיר די בין אַלס אַ משוגעדיק דרייסטע אינדיווידועלע עקס־פּערימענטאַטאָרין פון דער גרויסער זאַך, וועלכע באַהאַלט זיך אונ־טער די ווערטער ליבע, חתונה, פאַמיליע. אַ דרייסטע, אָבער נישט קיין גליקלעכע.

כדי קלאָר צו פאַרשטיין די זאַך, מוזטו דיר קודם כל פעסט־שטעלן דעם אויסגאַנגס־פּונקט, פון וועלכן די בין האָט געקאָנט אָנהייבן איר עקספּערימענט. דערמאָן זיך אָן דעם שפּין. אויך ער איז אַ גלידער־חיה, וועלכע שטייט נאָך, אמת, פיל נידעריקער פאַר דער בין, אָבער וועלכע איז, אויב נישט קיין דירעקטער קרוב פון דער בין, דאָך ווי עס איז נאָענט צו אירע אור־עלטערן. וואָס האָסטו

דער איז מאַוויסשעפּלעכער צוויכערצרונגען פון לעבן שעפּט זיך אויס, דער זוימען־טאָש לידיקט זיך אויס און די קראַפט פון דער יונג־פרײַלעכער פּרוכפּערונג שטאַרבט אָפּ. דאַן שטאַרבט אָפּ אויך דער אייגענער לעבנס־נערוו ...סוף.

לאָמיר אָבער נאָך אַ ווײַלע פילאָזאָפירן אַרום דער בינען־מלוכה.

אין דעם אויסדרוק „מלוכה“ ליגט, ווי דו האָסט שוין געזען פון דער גאַנצער געשיכטע ביז איצט, אַ געפערלעכע קוועלע פאַר מיספאַרשטענדעניש. באַזונדער, ווען דו האָסט דיך נאָך דערבײַ געוווינט צו רעדן וועגן אַ „קעניגין“. די פאַנטאַזיע שטעלט זיך גלײַך פאָר אַ באַשטימטע פאָרם פון אַ מאָנאַרכישע מלוכה, לויטן מענטשלעכן שטייגער: אַ קעניגין, וואָס שטייט אָן דער שפּיץ און הערשט איבערן גאַנצן פאָלק, די דראָן־בינען — אַ מין פוילע אַריסטאָקראַטיע און די איבעריקע — דאָס ריזיקע פאָלק פון אונטערגעדריקטן אַרבעטער־פּראָלעטאַריאַט. די פאַנטאַזיע קאָן דאָ האָבן אַ סך אַרבעט: די דראָנען־שחיטה קאָן איר פאַרקומען ווי אַ רעוואָלוציע פון המון קעגן דער אַריסטאָקראַטיע בשעת אַ הונגער, און די אַנאַלאָגיעס קאָנען זיך נאָך ווייטער אויסמאָלן אָן אַ צאָל. אָבער גראָד מיט אַזעלכע אַנאַלאָגיעס זעסטו נישט דעם גרונט פון דער זאַך, — יאָ, דער עיקר, דו זעסט נישט דאָס גראָד, וואָס ס׳איז באמת באַלערנד פון דער גאַנצער געשיכטע פון אונזערע מענטשלעכע פאַרהעלטענישן.

עס מוז פאַר דיר קודם כל בלײַבן אינגאַנצן קלאָר: די בינען־מלוכה — דו קאָנסט זי אָנרופן „מלוכה“ אין זין פון אַ סאָציאַלער פאַראייניקונג פון פיל יחידים — איז אויפגעבויט אין איר עצם אויף איין איינציקן פּרינציפּ: אויף דער ליבע, ליבע, נאַטירלעך, ווער־דער אין זין פון דעם גאַנצן פּרוכפּערונגס־פּראָצעס.

דאָס איז אַ „ליבע־מלוכה“ אין אייגנטלעכסטן זין פון דעם וואָרט.

בײַ קיין אמתער מאָנאַרכיע מיט אַן אַבסאָלוט־הערשנדיקער

געשיכטע. אָבער מען זעט שוין, אַז די קראַפט פון דער פּאַטריאַרכין ווערט שוואַכער. אַזוי פיל טויזנטער אייער, ווי אין ערשטן יאָר, לייגט זי שוין נישט. אָבער לייגן לייגט זי דאָך נאָך אַליין. און דאָס דריטע יאָר מאַכט זי אויך דורך: צום פערטן מאָל קאָן זיך אָנהויבן דער קרייזלויף! באַטראַכט נאָר: דאָס דאָזיקע אַלטע אינסעקט האָט אַזוי איבערגעלעבט דעם גרעסטן טייל פון אירע קינדער, וואָס לעבן געוויינלעך נישט מער ווי זעקס וואָכן און אָפטמאָל נאָך ווייניקער, ווי אַ מענטשלעכער פּאַטריאַרך, וואָס וואָלט דערגרייכט אַן עלטער פון אַכט הונדערט יאָר.

און אין דער דאָזיקער בריאה לעבט דורך דער גאַנצער ריזיקער צייט, ערשטנס, די פעיקייט, וועלכע זי האָט געירשנט פון די עלטערן צו געבוירן פּאַרטענאָגענעטיש אָן אַ באַהעפטונג נייע בינען, מענלעכע דראָנען, און צווייטנס, דער זוימען, וועלכן זי האָט באַקומען ביי דער באַהעפטונג אין ערשטן פרילינג פון איר לעבן, און וועלכער באַפרוכטיקט די אייער און לאָזט פון זיי אַרויסקומען ווייבלעכע בינען, וועסטאַלינס און קעניגינס.

דער דראָנען־זכר, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן דעם זוימען, איז שוין דריי יאָר טויט. דאָס זוימען־היילע, דאָס אומפאַרענדערטע, קיין שריט ווייטער נאָך נישט אַנטוויקלטע זוימען־היילע, האָט איבערגעלעבט זיין „מאַן“, דאָס הייסט זיין פריערדיקן טרעגער אויף גאַנצע דריי יאָר. דאָס איז פונקט אַזוי, ווי ווען ביים מענטש זאָל דער זוימען איבערלעבן דעם פאָטער, וועלכער איז געשטאָרבן צו זעכציק יאָר, מיט העכער 700 יאָר, און נישט דער „זוימען“ אין ביבלישן זין, וועלכער מיינט סימבאָליש די מענטשלעכע דורות־קייט, נאָר שטיקע דער זוימען אין אייגנטלעכסטן זין פון דעם וואָרט. דו פאַרשטייסט, אַז מיר שטייען דאָ ווידער פאַר איינעם פון די גרעסטע וווּנדער פון דעם אַזוי אומגלויבלעך וווּנדערלעכן ליבע־לעבן...

די בינען־געשיכטע אַליין ענדיקט זיך מיט דעם דאָזיקן לעצטן וווּנדער. אין טייל פאַלן לעבט און פרוכפּערט זיך אַזאַ פּאַטריאַרכישע בינען־קעניגין נאָך ביז פינפטן יאָר, אַזוי אַז אַלע ציפערן וואַקסן נאָך מער אויס. דערנאָך קומט זי אָבער ענדלעך צום ציל,

זענען די דראַגעז, וואָס פליען ארויס צוזאַמען מיט דער קעניגין אַלע אירע ברידער. אָבער גראָד פליען די דראַגעז געוויינלעך פריי פון איין בינשטאָק צום אַנדערן, און אויפן פרייען אויספלוג, וועלכן די קעניגין מאַכט, באַגעגנט זי אויך פיל דראַגעז פון די פרעמדע בינשטעקן. דאַן לייגט די נייע קעניגין ווידער אין משך פון אַ גאַנצן זומער נאָך דער באַהעפטונג ווייבלעכע אייער, וועלכע באַקומען אַ קנאַפּע דערנערונג און וואַקסן אויס אַלס וועסטאַלינס.

אויב אָבער אין מאָמענט פון דעם ארויסטריט פון דער ערשטער קעניגין באַווייזט זיך אויך אַ צווייטע, ווערט באַלד נדיטיס אַ צווייטער „פרילינגס־קרבן". די ערשט־געבוירענע יונגע קעניגין נעמט צונויף אַ טייל פון פאַראַנענעם שוואַרעם און פליט ארויס אין גלות אַלס „צווייטער שוואַרעם".

פיל מערקווירדיקער איז אָבער דאָס, וואָס עס געשעט דערווייל מיט יענער ערשטער מוטער־קאָלאָניע מיט דער אַ ל ט ע ר קעניגין. די גאַנצע פרוכפּערונגס־פעיקייט פון דער דאָזיקער אַלטער מוטער דערשייַנט דאָרט אין דער פולער קראַפט. דעם גאַנצן זומער לייגט זי אַליין ווידער און ווידער אייער, טויזנטער און אָבער אַמאָל טויזנטער. און דעם גאַנצן זומער באַפרוכטיקט זי די דאָזיקע טויזנטער אייער מיט דעם אַלטן, איצט אָנדערהאַלבן־יעריקן זוימען.

עס קומט מער נישט פאַר קיין באַהעפטונג, די דאָזיקע צניעותדיקע אַלמנה רירט מער נישט אָן קיין בינען־מאַן. און דאָך האָט זי נאָך אַליין אין איר טאַש פון דער ערשטער אַלטער פרילינגס־באַהעפטונג גענוג זוימען אויף צו באַפרוכטיקן יעדער איי, אַזוי אַז פון יעדן איינעם קומט ארויס אַ וועסטאַלין. און ווידער ווערט ווינטער, און ווידער ווינטערט זי איבער מיט אַ טייל פון די לעבנס־פעיקסטע וועסטאַלינס. און ווידער איז ביי איר אין פרילינג (אין דעם דריטן פרילינג פון איר לעבן) פאַראַן די פאַרטענצגענטישע קראַפט צו געבוירן אומבאַפרוכטיקטע דראַגעז. און ווידער קלעקט נאָך אין דעם זעלבן פרילינג איר זוימען־זאַפּאַס אויף צו געבוירן אחוץ דעם נאָך באַפרוכטיקטע קעניגינס. ווידער קומט אַלזאָ פאַר די פאַרטרייבונג פון אַ „פרילינגס־קרבן". די אור־אַלטע קעניגין פליט ווידער ארויס אָן דער שפּיץ פון אַ שוואַרעם פאַרטריבענע וועסטאַלינס.

צום דריטן מאָל, אין דריטן יאָר חזרט זיך איבער די גאַנצע

אין בינשטאָק איז איצט שוין שפּעטע פּרילינגס־צייט. די וועסט ראַרם די אַלטע, נאָך פֿאַראַיאָרן באַפֿרוכפּטיקטע בינען־קעניגין, א ריזיקן שטאַם וועכטאַלינס, וועלכע פֿאַרמערן זיך נאָך אַלץ אָן א שיעור, א קלייִנעם שטאַם נייע, נאָר וואָס געבוירענע דראָנען און מינדעסטנס איין „קעניגלעכער קאַמער“ א נייע קעניגין, וואָס פֿרעסט און אַנטוויקלט זיך; עס קאָנען זיין אויך עטלעכע. וואָס זאָל איצט ווערן? אין דער לאָגיק איז דאָ פֿאַראַן א גאַנץ איינפֿאַכער אויסוועג.

די נייע קלייִנע קעניגין זאָל אין איין שיינעם טאָג אַרויספֿ־פֿליִען, זיך באַפֿרייענדן מיט די דראָנען און איבערנעמען פֿון איצט אָן די גאַנצע ווייטערדיקע פֿרוכפּערונג: זומער געבוירן די וועכטאַ־לינס און פֿרילינג נייע דראָנען און א נייע קעניגין. און די אַלטע פֿריי קעניגין־מוטער זאָל נאָך אַזאַ אומדערמידלעכער פֿרוכפּערונגס־אַרבעט פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָר איצט פֿאַרשווינדן פֿון דעם שוי־פּלאַץ נאָך די אַלע דורות פֿון די וועכטאַלינס, וועלכע זי האָט ביז איצט איבערגעלעבט.

אָבער דו מאַכסט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס. דו דער־שאַצסט נישט צוויי זאַכן: ערשטנס, די לעבנספֿעיִקייט פֿון דער דאָ־זיקער קעניגין־מוטער; און, צווייטנס, אינשווייניק, אין דער דאָזי־קער קעניגין־מוטער די נישט ווייניקער לעבנספֿעיִקע זימען־היה־לעך פֿון דער פֿאַראַיאָריקער באַהעפֿטונג, וועלכע לעבן נאָך אַלץ אין זייער זוימען־טאַש און וועלכע קאָנען נאָך געבוירן אַזוי פֿיל נייע וועכטאַלינס און קעניגינס. באמת ווערט נאָר פֿאַרווירקלעכט דער ערשטער טייל פֿון דיין לאָגישער השערה. נישט מער וואָס ער מוז צוליב דעם לעבנס־ווילן פֿון דער קעניגין־מוטער פֿאַרווירק־לעכט ווערן אויף א רעוואָלוציאָנערן וועג.

צוויי פֿרוכפּערונגס־פֿעיִקע קעניגינס אין איין מלוכה קאָנען נישט זיין. די צאָל פֿון די וועכטאַלינס וואָלט דערפֿון געמוזט אַזוי אויסוואַקסן און סוואָלט אַנטשטאַנען אַזאַ מיטעלעכער em barras de richesse, אַז יעדער אָרדענונג וואָלט צושטערט געוואָרן. שוין איצט איז דער שטאָק מיט דער נייער פֿרילינגס־טעטיקייט פֿון דער אַלטער קעניגין איבערגעפֿילט. וואָס זאָל דאָ ווערן? עס

מוז פֿאָרקומען אַ צוטיילונג, — אַ צוטיילונג פֿון דעם גאַנצן פּער־סאָנאַל אין צוויי שטאַמען, פֿון וועלכע נאָר איינער קאָן בלייבן אויפֿן אָרט, דער אַנדערער אָבער מוז אויסוואַנדערן: ביי יעדן שטאַם מוז, פֿאַרשטייט זיך, בלייבן איין קעניגין: ביי איינעם די אַלטע און ביים צווייטן די נייע. ווי די אַלטע איטאַלישע שטאַמען פֿלעגן אין שווערע צייטן אַוועקגעבן אַלס „פֿרילינגס־קרבן" (ver sacrum) פֿריי אין דער האַנט פֿון די געטער אַ גאַנצן דור רייפֿע יינגלעך און מיידלעך, צווינגענדיק זיי פּשוט אויסצוואַנדערן, אַזוי מוז אויך דאָ איינע פֿון די צוויי העלפֿטן פֿון בינען־שוואַרעם אַהיים אין גלות אַלס פֿרילינגס־קרבן, זיך זוכן אַ נייע היים. עס איז דערביי אַן אַלטער מנהג אין דער בינען־וועלט, אַז עס פֿאַרלאָזט דעם בינשטאָק דאָס עלטערע געשלעכט, נישט דאָס נאָך נישט רייפֿע, יונגע.

אַן ערך אַכט טעג נאָך דעם, ווי עס איז געלייגט דאָס איי אין דער קעניגלעכער קאַמער, ענדיקט זיך די שלייערל־צייט פֿון דער גוט דערנערטער יונגער קעניגין. אַלס פּופּע גרייט זי זיך ווידער אויך אַזוי לאַנג רויק צו איר דערשיינונג אין דער גאַנצער פּראַכט. דאָס דינט פֿאַר אַ סיגנאַל פֿאַר דער אַלטער קעניגין. זי זאַמלט צונויף אַרום זיך אַ שטאַם פֿון צען ביז פֿופֿצן טויזנט וועס־טאַלינס (ביי געדיכט באַזעצטע בינשטאָקן נאָך פֿיל מער) און די חבֿרה פֿליט אַרויס. דער „פֿאָרשוואַרעם" אָדער דער „ערשטער שוואַ־רעם" פֿאַרלאָזט דעם בינשטאָק. לייכט לאָזט זיך דער דאָזיקער שוואַרעם כאַפּן פֿון מענטשן און איינשפּאַרן אין אַ נייע הויז, וועל־כעס ווערט באַלד אינעווייניק אויסגעבויט און באַפֿעלקערט אויף אַ יאָר.

און אין אַלטן הויז קומט דערווייל אַלץ פֿאָר ווייטער לויטן גלייכן פֿאָדים פֿון דער לאָגיק. אין אַכט טאָג אַרום דערהערט זיך פֿון דער פֿאַרמאַכטער קעניגלעכער קאַמער אַ קלאָרער: „זום־זום". דאָס איז אַ צייכן, אַז די נייע קעניגין איז אַרויס פֿון פּופּע־שטאַנד און איז אין פֿולער קראַפֿט. אויב ס'איז נאָך פֿאַראַן איין קעניגין, טרעט זי גלייך אַרויס פֿון איר קעמערל און הויבט אָן די נייע ערע. זי פֿליט אַרויס און באַהעפֿט זיך מיט די הערצאָגן. עס קאָן דערביי אַ ווײַלע באַאומרויקן די פֿראַגע וועגן אינצוכט, ווייל, ווי דו ווייסט,

אייער־שטאָק און אים פּעיק צו מאַכן צו אַן אייער־פּראָדוקציע. אמת, אין לעצטן פאַל קאָן זי אַרויסגעבן נאָר אומבאַפרוכטיקטע, ד. ה. דראָנען־אייער. אָבער פון דעם גאַנצן פאַקט ווערט קלאָר, אַז די וועבמאַלין איז נאָר אַ קינסטלער־פאַרקריפּלטע פאָרם פון דער „זי“, וועלכע קאָן אַפילו שוין דערוואַקסענערהייט ביי אַן ענדערונג פון דער דיעטע ווידער ביז צו אַ געוויסער מדרגה אַנטוויקלען אין זיך די ווייבלעכע אייגנשאַפטן...

איצט זעסטו, ווי די בינען־געשיכטע אַנטשפּרעכט אינגאַנצן אונזער פריערדיקער טעאָרעטישער קאָנסטרוקציע. אין אָנהייב אַן אמתער באַהעפטונגס־אַקט צווישן מאַן און ווייב: דראָן־בין און קעניגין. פון דעם דאָזיקן באַהעפטונגס־אַקט קומט אַרויס נישט אַ דור פון מענלעכע און ווייבלעכע ברואים, נאָר צוויי דורות, איינער נאָכן אַנדערן, פון פאַרשידענע געשלעכטער: אַ ווייבלעכע בינען־קעניגין, וועלכע געבוירט פון זיך אָן אַ נייער באַפרוכטיקונג ווידער מענלעכע דראָן־בינען. דער פאַל ווערט נאָר איינפאַך קאָמפּליצירט דאַדורך, וואָס דיזעלבע קעניגין, איידער זי נעמט זיך צו דער פּאַרטענאָגענעטישער פּראָפּאַגירונג, באַהעפט זיך מיט אַנדערע מענער און געבוירט פון דער דאָזיקער באַהעפטונג ווייבלעכע בינען.

ווען דו באַטראַכטסט אויף אַזאַ אופן דעם וואונדערלעכן יונגפרוילעכן געבוירונגס־אַקט פון די דראָן־בינען, פאַרלירט ער ווייניקסטנס אַ טייל פון זיין פּאַראַדאָקסאַלן און צושטערנדיקן כאַראַקטער. דער באַהעפטונגס־פּרינציפּ מיט זיין אַלטן רעצעפּט פון דער צונויפגיסונג פון איין און זוימען ווערט נישט צושטערט דורך דעם דאָזיקן אַקט: דו זעסט, ווי דורכאויס נויטיק ס'איז נאָך אַלץ די באַהעפטונג, כדי די מאַשין זאָל קאָנען בלייבן אין גאַנג.

און סוף כל סוף קאָנען אונז די דאָזיקע פאַרוויקלטקייטן אייגנטלעך נישט איבערראַשן אין אַ געשיכטע, וועלכע באַשטייט פון אַזוי פיל וווּנדער, וואָס האָבן נישט זייער גלייכן אין דער גאַנצער חיות־וועלט. לאָמיר דיר ווייטער דערציילן די דאָזיקע וואונדערלעכע בינען־מעשה.

פאקט האט, ווי דו פארשטייסט, א קאלאסאלע באדייטונג פאר דער באאורטיילונג פון דעם גאנצן ווונדער פון דער דאזיקער בינען־פאמיליע בכלל. דו זעסט גלייך הערמיט די לעזונג פון דעם פריער־דיקן רעטעניש: פארוואס פון די באפרוכטיקטע אייער זענען ארויס־געקומען וועסטאלינס און נישט קיין געשלעכטלעך־רייפע ווייבער.

פאקטיש קאן זיך פון יעדן באפרוכטיקטן איי פון דער קעניגין אנטוויקלען א נארמאלע „זי". אבער לויט דעם, ווי עס ווערט געשפייזט, ווערט דאס דאזיקע איי באלד אין אנהויב פון דער אנט־וויקלונג פארקריפלט אלס וועסטאלין אדער עס ווערט רייף אלס קעניגין.

מיט אנדערע ווערטער: די וועסטאלין איז, אלס אזעלכע, א קינסטלעכער פראדוקט, וועלכער ווערט ערשט שפעטער געשאפן דורך א קנאפער דערנערונג. אין דער גאנצער פריערדיקער צייט האבן די וועסטאלינס פון בינשטאק, אלס קינדער־וועכטערינס, בכיון גע־לאזט אנטשטיין נאר נייע וועסטאלינס. און איצט צום ערשטן מאל זענען זיי ווידער בכיון אפגעטרעטן פון זייער פרינציפ און האבן דורך דער כלומרשט „בעסערער", אדער בעסער געזאגט צום ערשטן מאל דורך דער נארמאלער שפייזונג פון דעם איי, געלאזט אויס־וואקסן א „קעניגין".

דער דאזיקער פאקט איז אינגאנצן זיכער. אן אומצווייטייטי־קער צווייטער פאקט באשטעטיקט נאך שטארקער דעם ערשטן. עס מאכט זיך, אז דער בינשטאק פארלירט די קעניגין דורך א פלוצ־לונדיקן טויט אין פרילינג, נאך איידער זי האט געלייגט אירע אייער אין די קעניגלעכע קאמערן. דאן ווערט איינפאך איינס פון די יונ־גע שלייערלעך, פון וועלכן ס'האט געזאלט ארויסקומען א וועסטא־לין, דורך פריוויליגירטער לוקסוס־שפייז דערצויגן אלס קעניגין; דאס איינפאכע קעמערל, אין וועלכן דאס דאזיקע שלייערל האט זיך געפונען ווערט נאך שפעטער איבערגעמאכט אויף א קעניגלע־כער קאמער. עס מאכט זיך, אז די קעניגין שטארבט און אין גאנצן בינשטאק איז צו יענער צייט נישטא קיין יונג וועסטאלין־שלייערל, הויבט מען אן צוצושטעלן אינטענסיווע דערנערונג שוין א פארטי־קער וועסטאלין, וועלכע באווייזט דאדורך ענדלעך אויסצושטעלן איר

באַלד װעלן װערן שױן די שײנע קעניגלעכע קאַמערלעך, אַמתע קעניגלעכע קינדער־צימערן, פֿאַרטיק. איצט אָבער אַנטשטײט װי־דער אַ פֿראַגע: װוּ װעט די בינען־קעניגין נעמען קעניגין־אײער? די אַלטע קעניגין האָט דאָך ביז איצט שױן געבוירן און געלײגט אַלץ, װאָס ס׳איז נאָר נײטיק געװען, װעט זי מסתּמא אױך דאָס דאָזיקע לעצטע נײטיקע קונצשטיק באַװײזן. אָבער נישט װילנדיק טראַכ־טן דאָך: װי אַזױ? די נײע צוקונפֿטיקע קעניגין דאַרף דאָך זײ־דער זײַן אַ „זי", נישט אַזױ? דעריבער װעט פֿאַר איר נישט טױגן קײן אומבאַפֿרוכטיקט אײ, װײל פֿון אים װאָלט אַרױסגעקומען אַ טראָן־בין, אַ „ער". אָבער צי װעט אױך דאָס באַפֿרוכטיקטע אײ גענוג זײַן? ביז איצט זענען פֿון די באַפֿרוכטיקטע אײער (דו האָסט עס געזען אױף אַזױ פֿיל טױזנטער בײַשפּילן) אַרױסגעקומען, אמת, „װײבער", אָבער כּסדר נאָר דעפֿעקטיװע, מיט אַן אײַנגעדאַרטן אײער־שטאָק און פֿאַרקריפּלטע באַהעפֿטונגס־טײלן: אַרבעטאַלינס. צי זאָל די קעניגין אין זיך האָבן נאָך אַ באַזונדערן סאָרט אײער, װאָס װעלן דעם דאָזיקן פֿאַל אױך בײקומען?

אומזיסט. זי האָט נישט מער קײן „דריטן קװאַל", פֿון װעלכן זי זאָל קאָנען שעפּן. אָבער דאָס „נײע", דאָס נײטיקע „דריטע" קומט אָן גאָר פֿון אַן אַנדערער אומדערװאַרטעטער זײַט.

די בינען־קעניגין לײגט אַרײן אין דעם קעניג־קעמערל אַ גע־װײנלעך אײ, פּונקט װי ס׳װאָלט דערפֿון געדאַרפֿט אַרױסקומען אַן אײנפֿאַכע װעטאַלין. דאָס אײ באַקומט זײַן שפּײַז מעגלעכן װי־מען פֿון דעם אומשטערבלעכן זאַפֿאַס, און דערמיט האָט די קעניגין אַלס מוטער איר זאַך אָפּגעטאָן. אָבער איצט קומען װידער מיטאַמאָל די דערציִערישע װעטאַלינס פֿון בינשטאָק און הײבן אָן דאָס פּרי־װילעגירטע קינד פֿון אָנהײב אַנדערש און רײַכער צו ש פּ ײַ ז ן.

דער רעזולטאַט פֿון דער דאָזיקער אינטענסיװער שפּײַזונג איז די אַנטװיקלונג פֿון אַן אמתער געשלעכטלעך־פֿעיִקער „זי".. אַנשטאָט אַ װעטאַלין אַנטשטײט אין דער קעניגלעכער קאַמער אַ נײע קעניגין, דאָס הײסט, אַ בינען־„זי" מיט אַ גוט אַנט־װיקלטן אײער־שטאָק, מיט אַ באַהעפֿטונגס־פֿעיִקער, געשלעכטלע־כער עפֿענונג און מיט אַ נאָרמאַלן זױמען־טאַש. דער דאָזיקער

זאָר האָר זיך, ווענן וועלכער מיר וועלן נאָך רעדן. אלנפאַלס געבוירט די בינען־קעניגין אויפן געשלעכטלעכן וועג ווייבער און דערמיט דערפילט זי די אויפגאַבע פון צווייטן רינג פון דער דורות־קיים.

איצט שטעלט זיך אָבער נאָך איין פראַגע. צי שטאַמט אויך אונזער בינען־קעניגין אַליין פון אַן אמתער געשלעכטלעכער באַהעפטונג צווישן מאַן און ווייב? און צי פירן דורך די „פּאַרטענאָגענעטיש“ געבוירענע מענער, דאָס הייסט די פרילינגס־דראָנען פון דעם צווייטן יאָר, ווידער אַמאָל די באַהעפטונג מיט ווייבער, אַזוי אַז די קיים הויבט זיך אָן פונדאָסניי? דאָ זענען מיר ווידער גליקלעך צוגעקומען צו דער ווייטערדיקער פאָרטזעצונג פון אונזער בינען־געשיכטע. און איך דאַרף דיר נאָר פּשוט די דאָזיקע געשיכטע ווייטער צו דערציילן, אַז דו זאָלסט זען: יאָ, עס איז אויך אין די דאָזיקע בײדע פונקטן אַלץ פונקט אַזוי, ווי מיר האָבן זיך עס סעאָרעטיש פאָרגעשטעלט.

קודם כל גלייך אַן אויפקלערונג. אונזער קעניגין האָט ביז איצט געבוירן פון די באַפרוכטיקטע אייער נאָר ווערקבאַליגס, וועלכע זענען, אמת, געווען ווייבער, אָבער נישט קיין געשלעכטלעך־פעיקע. איצט, נאָכדעם ווי עס זענען געבוירן געוואָרן פון די אומבאַפרוכטיקטע אייער די דראָן־בינען, קומט אַלס קרוין פון דער גאַנצער געשיכטע די דריטע דערשיינונג: די בינען־קעניגין געבוירט געשלעכטלעך־פעיקע ווייבער. דאָס דאַרף מען אָבער פאַרשטיין אויף פאָלגנדן אופן.

קוים זענען די דראָן־קעמערלעך אויסגעבוים און אָנגעפילט מיט אייער, נעמען זיך די פלייסיקע וועסטאַלינס ווידער צו א דריטן מין געבוי. זיי בויען אויף פלאַשן־פאַרמיקע, נאָך גרעסערע און נאָך בעסערע קאַמערן. און דאָסמאָל נאָר אַ פּאָר אַזעלכע קאַמערן. אָבער די דאָזיקע עטלעכע קעמערלעך האָבן ווערן די וויכטיקסטע פון דעם גאַנצן בינשטאָק. אין זיי דאַרף אויפוואַקסן נישט ווייניקער ווי... נייע קעניגינס. מינדעסטנס איינע, מעגלעך אָבער, אַז עטלעכע.

וואָלט פֿון איין זייט אַ געשלעכטלעכער באַהעפֿטונג ווייטער גע־בוירן די „ער"ס, פֿון דער צווייטער זייט וואָלט זי אָבער צוזאַמען מיט דעם „ער" געבוירן די „זי"ס, וועלכע וואָלטן ווידער געקענט אָן באַפֿרוכטיקונג (אַלס רינגען פֿון דער נייער קייט) געבוירן נייע מענער. מיר וואָלטן אַזוי אַרויס באַקומען אַזאַ קייט: געשלעכטלע־כע באַהעפֿטונג פֿון מאַן און ווייב; אַלס רעזולטאַט אַ ווייב; דאָס דאָזיקע ווייב קאָן אָן אַ נייער באַהעפֿטונג דירעקט פֿון זיך אַליין אַ האַלב־געשלעכטלעכן אופֿן (ד. ה. דורך אומבאַפֿרוכטיקטע אייער) געבוירן מענער; אָבער עס קאָן אויך דורך דער באַהעפֿטונג מיט אַ מאַן אין דערזעלבער צייט געבוירן נייע ווייבער אויפֿן שטרענגן געשלעכטלעכן וועג, ד. ה. דורך באַפֿרוכטיקטע אייער. די מענער דאַרפֿן אומבאַדינגט האָבן צו דער ווייטערדיקער פֿרוכפּערונג די באַהעפֿטונג מיט נייע ווייבער און קערן דערמיט צוריק צו דער צו־שטאַנד פֿון ערשטן רינג פֿון דער קייט; די ווייבער בילדן דאַקעגן דעם צווייטן רינג און פֿירן זיך אויף און פֿרוכפּערן זיך אַזוי ווי זייער מוטער.

עס דוכט זיך דיר, אַז אַלץ גייט שוין אין אָרדנונג. אָבער באַטראַכט זיך: דו ביסט דאָך צוגעקומען צו אונזער פֿאַל מיט דער בינען־קעניגין. אונזער בינען־קעניגין, ווי מיר האָבן זי אויבן גע־זען, שטעלט מיט זיך פֿאָר אייגנטלעך דעם געשילדערטן צווייטן רינג פֿון דער דורות־קייט.

זי איז אַ ווייב, וואָס קאָן פֿון זיך, אַלס גליד פֿון דער דורות־קייט, געבוירן אָן באַהעפֿטונג אויפֿן האַלב־געשלעכטלעכן וועג (דורך אומבאַפֿרוכטיקטע אייער) נאָך אַ דריטן דור: די מענלעכע טראָן־בינען. זי קאָן אָבער אין דער זעלבער צייט אַחוץ דעם זיך באַהעפֿטן מיט אַ מאַן. דו האָסט געזען, ווי אונזער קעניגין האָט דאָס לעצטע מאָל געמאַכט אויסגעפֿירט אין איין שיינעם פֿרילינגס־טאָג מיט די דעמאָלט־פֿאַראַנענע מענלעכע טראָנען. און דערנאָך ליגט אונזער בינען־קעניגין כּסדר באַפֿרוכטיקטע אייער, פֿון וועל־כע סקומען אַרויס ווייבער. און אונזער בינען־פֿאָלק זענען דאָס דער־ווײַל שלעכטע, געשלעכטלעך־פֿאַרקריפּלטע ווייבער: אונזערע טויזנ־טער און טויזנטער אָרימע שוואַכלינגס. אָבער דאָס איז ווידער אַ

שטעל דיר נאָר פֿאָר, אַז דאָס דאָזיקע „אין איין און דער זעלבער צייט" פֿאַרוואַנדלט זיך אויך אין דעם דאָזיקן ריין־געשלעכטלעכן פֿאַל דורך וועלכער ס'איז וואונדערלעכער פֿאַרוויקלונג פֿון די אומשטענדן אין אַ „אייגנס נאָכן אַנדערן". איך מיין, דו זאָלסט דיר עס פֿאָרשטעלן אַזוי: די צוויי אַלטע אינסעקטן, דער „ער" און די „זי" באַהעפֿטן זיך געשלעכטלעך, אַלס פּראָדוקט פֿון דער באַהעפֿטונג קומט אָבער נישט אַרויס אַ הויפֿן יונגע פֿון פֿאַרשידענער געשלעכט, וועלכע קאָנען זיך ווייטער באַהעפֿטן, נאָר סאַנגטשטייען, ווי ביים באַנדוואָרים, איינער נאָכן אַנדערן צוויי דורות: פֿריער די „זי", וועלכע האָט אָבער די פֿעיקייט אין אַ געוויסער צייט אַרום צו געבוירן פֿון זיך אָן באַפֿרוכטיקונג אַן „ער", דאַן קומט ווידער פֿאָר אַ נייע באַהעפֿטונג, וועלכע הייבט אָן די קייט פֿונדאָסניי.

אַזוי ווי מיר ווילן זיך דאָ נישט פֿאָרשטעלן קיין קנאָספּונג, בלייבט אונז ביי אַזאַ לאַגע איבער נישט עפּעס אַנדערש, ווי זיך פֿאָרצושטעלן אַן אַנטוויקלונג דורך ד ר י י ד ו ר ו ת, פֿון וועלכע איינער פֿרוכפּערט זיך געשלעכטלעך, דער צווייטער פֿאַרקריפּלט־אָדער האַלב־געשלעכטלעך און דער דריטער ווידער געשלעכטלעך. פֿריער האָבן מיר דאָס אַלטע געוויינלעכע געשלעכטלעכע פּאָר. פֿון זיי קומט אַרויס איין איינציק זויב. פֿון דעם דאָזיקן ווייב קומט אַרויס דורך אַן אומבאַפֿרוכטיקטן איי (דאָס הייסט דורך „האַלבער" געשלעכטלעכער פֿרוכפּערונג) אַן „ער". דער דאָזיקער האַלב־געשלעכטלעך געבוירענער „ער" מוז זיך ווידער אָפּזוכן אַ פֿרעמדע „זי", כדי מיט איר אויפֿסניי אָנצוהייבן די גאַנצע דורות־קייט פֿון אָנהייב.

דיר איז נישט שווער זיך פֿאָרשטעלן טעאָרעטיש אַזאַ קייט? עס קאָנען דערביי, נאַטירלעך, אויך פֿאָרקומען קאָמפּליקאַציעס. לאָמיר זאָגן, אַז די ערשטע ווייבלעכע בריאה, וועלכע האָט אין זיך די קראַפֿט צו געבוירן אָן אַ באַהעפֿטונג מענלעכע יונגען, באַהעפֿט זיך אָבער אַחוץ דעם אויך מיט אַ גראַד אונטערגעקומענעם „ער". זי וואָלט מיט זיך אַזוי אַרום גלייכצייטיק פֿאַרנעשטעלט דעם צווייטן און דעם ערשטן רינג פֿון דעם דורות־קייט, דאָס הייסט, זי

אָדער פּירסן דור האָט זיך עפּעס ווידער צודיקגעשטעלט דער פּרינציפּ „מאַן און ווייב" און ס'איז ווידער איינגעטראָטן די געשלעכטלעכע פּרוכפּערונג. ווי געזאָגט, פּאַסט דער דאָזיקער פֿאַרגלייך נישט אינגאַנצן צו אונזער פֿאַל.

די יונגע דראָן־ביענען וואַקסן נישט אַרויס פֿון דער בינען־קעניגין ווי אַ קנאָספּע, נאָר זיי אַנטשטייען אויף אַ האַלבן געשלעכטלעכן וועג. נישט מער, וואָס ווי נאָר זיי מאַכן דורך דעם דאָזיקן האַלבן וועג, שטעלן זיי אַרויס דעם געשלעכטלעכן פּרינציפּ אַ נאָז, און אַנטוויקלען זיך ווייטער אָן צווייטן האַלבן וועג, אָן דעם מענלעכן זוימען. אָבער אויב די פֿאַלן זענען אַפֿילו נישט אינגאַנצן אידענטיש, האָבן אָבער דאָ פֿאַר זיך אַ געוויסע אַנאַלאָגיע.

ביי די הידרע־פּאָליפּן האָסטו געזען די געשלעכטלעכע פּרוכפּערונג און די קנאָספּן־פּרוכפּערונג ביי דער זעלבער חיה אין איין און דער זעלבער צייט. ביים באַנתוצרים זענען די דאָזיקע ביידע אופֿנים פֿאַרגעקומען איינער נאָכן אַנדערן. לאָז אַ מינוט אין דער זייט דעם אונטערשיד צווישן דער געשלעכטלעכער פּרוכפּערונג און דער קנאָספּן־פּרוכפּערונג און באַטראַכט נאָר דעם דאָזיקן צייט־אונטערשיד.

אָט האָסטו פֿאַר דיר אַן אינסעקט. עס פּרוכפּערט זיך פֿריער לויט אַלע כּללים פֿון דער גרויסער דערגרייכונג פֿון אונזער אַלטן קאַרליק־מעשהלע: ריין געשלעכטלעך. דער מאַן געפֿינט דאָס ווייב, ביידע גיסן צונויף אַ זוימען־קעמערל מיט אַן איי־קעמערל, און פֿון דעם צונויפֿגעגאָסענעם קעמערל, אין וועלכן דער זוימען און דאָס איי האָבן זיך, אַזוי צו זאָגן, קעגנזייטיק „אויפֿגעפֿרעסן" וואַקסט אַרויס אַ ניי, יונג אינסעקט. דאָס דאָזיקע נייע אינסעקט (דערמאָן זיך אָן דעם קאַרליק־מעשהלע) איז ווידער אָדער מאַן אָדער ווייב. דאָס אַלטע אינסעקטן־פּאָר געבווירט יונגע פֿון ביידע געשלעכטער אין איין און דער זעלבער צייט. פֿאַרוואָס פֿון דעם אָדער יענעם איי קומט אַרויס אַן „ער" אָדער אַ „זי" בלייבט דערווייל אַ סוד, אָבער דאָס שטערט איצט נישט דירעקט אונזער באַטראַכטונג.

כראָמאָזאָמען אין יעדן קערנדל. מיט דער צעטיילונג פֿון די צוויי פֿאַרשידענע העלפֿטן, כדי צונויפֿגיסן צוויי אינדיווידואַליטעטן, איז נישט קוקנדיק אויף אַלע געזעצן פֿון דער געשלעכטלעכער פֿרוכפּערונג, דאָ פּשוט נישט גילטיק: ביי טייל פֿון די דאָזיקע יונגפֿרוילעכע אייער־לייגער (ווי געזאָגט, געפֿינען זיי זיך נישט נאָר ביי די האָניק־בינען, נאָר אויך ביי פֿאַרשידענע מינים לייז, וועספּן, קרעבסן) איז באַוויזן געוואָרן, אַז דאָס יונגפֿרוילעכע איי האַלבירט נישט זיינע כראָמאָזאָמען, אויב עס ווערט נישט באַפֿרוכטיקט. ביי אונדזערע בינען האָבן טייל מיקראָסקאָפּ־פֿאָרשער באַמערקט, אַז פֿריער קומט אין דעם דראָגען־איי פֿאָר אַ האַלבירונג פֿון די כראָמאָזאָמען, דערביי ווערט איין העלפֿט, ווי געוויינלעך, אָפּגעוואָרפֿן, און די אַנדערע וואַרט, אַזוי צו זאָגן, אַ ווײַלע אויפֿן זוימען. קומט אָבער נישט דער דאָזיקער זוימען מיט זיין נייטיקער צווייטער העלפֿט פֿון די כראָמאָזאָמען, ווערט גלייך די כראָמאָזאָמען־העלפֿט פֿון איי ווידער פֿאַרטאָפּלט, כדי סיזאָל זיך קענען אָנהייבן די אַנטוויקלונג פֿון דער דראָן־בין. דאָס איז אַלץ זייער מערקווירדיק!

איך וועל פּרוּוון דיר צו געבן אַ קליינע הילפֿס־קאָנסטרוקציע, וועלכע וועט דיר מעגלעך מאַכן בכלל צו טראַכטן וועגן דער דאָזיקער דערשיינונג, אָדער וועלכע וועט דיר יעדנפֿאַלס באַלויכטן די איבערגאַנג מאָמענטן צו דער דאָזיקער דערשיינונג. קיין אמתע דערקלערונגען דערפֿון זענען איצט נאָך נישט פֿאַראַן.

ביים הידרע־פּאָליפּ זענען, ווי דו ווייסט, אויך אַרויסגעוואַקסן קינדער, ווי קנאָספּן דירעקט פֿון קערפּער, אָן שום באַציִונג צו די ווייבלעכע אָדער מענלעכע געשלעכטלעכע אָרגאַנען פֿון דער חיה. ביי דער מעדוזע און נאָך בעסער, ביים באַנדוואָרעם האָסטו געזען, ווי די דאָזיקע פֿרוכפּערונג דורך קנאָספּונג קומט אַלס נויטווענדיקער עטאַפּ נאָך דער געשלעכטלעכער פֿרוכפּערונג. דו האָסט געזען חיות, וועלכע האָבן זיך באַהעפֿטן לויט אַלע כּללים, מאַן און ווייב, זוימען און אייער. אָבער פֿון די יונגע, וואָס זענען אַנטשטאַנען פֿון דער דאָזיקער באַהעפֿטונג, זענען שפּעטער אַרויסגעוואַקסן נייע יונגע דורך קנאָספּונג. און ביי דעם דאָזיקן דריטן

נאָך איז זיך פון דער פאַראיאָרעדיקער באַהעפטונג אַ ריזיקן זאַפּאַס מענלעכן זוימען, וואָס קאָן נאָך קלעקן אויף צו באַפרוכטיקן מינדעסטנס אַ מיליאָן אייער. אמת בלייבט אָבער אין זין פון דער פאַרטענאָגענעזיס יענער פאַקט: אַז די דראָנען־אייער, וועלכע זי לייגט, שטעלן מיט זיך פאָר יונגפרוי־אייער, וועלכע קיין שום מענלעכער זוימען האָט נישט אָנגערירט.

די דאָזיקע וווּנדערלעכע דערשיינונג איז פאַר אונזער פאַל איינגאַנצן גענוג.

עס ליגט דאָ פאַר אונדז איינער פון יענע פאַלן, ווו דער נאַטור־פאָרשער וויל אויסשרייען דעם אַלטן פאַרצווייפלטן פּאַראַדאָקס: איך האָב עס געזען, אָבער איך גלויב עס נישט. אָבער אָן פאַקט אַליין קאָן מען היינט שוין נישט צווייפלען. די געניטעסטע פאָרשער האָבן עס ווידער און ווידער פעסטגעשטעלט. עס איז אַ חוץ דעם פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסע צאָל ענלעכע פאַלן אויך ביי אַנדערע גלידער־חיות, וועלכע שטעלן אַריין דעם דראָנען־פאַל אין איין אַלגעמיינער ליניע.

טעאָרעטיש ווענדט אָבער דאָ פאַר זיך דעם גראָבסטן אויסנאַם פון דעם כלל, וועלכער איז אין דער גאַנצער חיות־ און צמחים־וועלט „אַן אייזערנער געזעץ פון דער געשלעכטלעכער פרוכפערונג". אַן אויסנאַם פון דעם כלל, אַז צו דער פרוכפערונג איז אומבאַדינגט נויטיק אַ צונויפמישונג פון אַ מענלעכן זוימען־קעמערל מיט אַ ווייבלעכן איי־קעמערל. מיר ווייסן, אַז צוזאַמען מיט דער דאָזיקער געשלעכטלעכער פרוכפערונג איז ווייט ביז אין די רייען פון די פילקעמערלדיקע באַשעפענישן דערהאַלטן געוואָרן אויך יענע אַלטע איינפאַכע טיילונג, ווי מיר האָבן דאָס געזען ביי דער הידרע און אַפילו ביים ים־שטערן. אָבער נישט אין דעם גייט דאָ, נאָר אין אַן אומבאַפרוכטיקט איי־קעמערל, וואָס ווערט אַפילו נישט געריצט דורך קיין שום קינסטלעך מיטל, און נעמט זיך דאָך צו דער באַשאַפונג פון אַ נייער בריאה, פונקט ווי עס וואָלט יאָ געווען באַפרוכטיקט.

עס איז זיך שווער דערין אַריינצוטראַכטן! די גאַנצע אומגעהויער־פאַרוויקלטע געשיכטע מיט דער אָפּוואַרפונג פון אַ העלפט

זאָל דאָס זיין גאָר אַ קינדער־שפּיל? זאָלן די דאָזיקע גרויסע קעמפער־לעך זיך נישט אָנפילן מיט לעבן?

אָבער וואָס זעסטו! די וועסטאַלינס שטעלן צו אויך די דאָזי־קע אומבאַפרוכטיקטע אייערלעך די זיסע שפּייז־קאַשע, זיי דער־וואַרטן, ווי דו זעסט, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, אַן אַנטוויק־לונג פון די דאָזיקע אייער. און זיי זענען גערעכט: פון אומבאַ־פרוכטיקטן איי קומט אַרויס דאָס ווערימל, וואָס ווערט ווייטער געשפּייזט, עס ווערט אַ פּופּע און אויפן פיר און צוואַנציקסטן טאָג שפּאַצירט אַרויס פון דעם גרויסן קינדער־קעמערל אַ ־דיקע ד ר אָ ן־ ב י ן.

רעטעניש איבער רעטעניש. די קעניגין קאָן באַפרוכטיקן אירע אייער מיט מענלעכן זוימען, ווען זי וויל. וויל זי עס נישט (ד. ה. שטעלט זיך איר אַקעגן אַ געוויסער באַשטימטער אינסטינקט), באַ־פרוכטיקט זי נ י ש ט געוויסע אייער, וועלכע זי לייגט אַריין אין באַ־זונדערע גרויסע קאַמערן פון בינשטאָק, און פון די דאָזיקע אייער קומט אַרויס אַלעמאָל, לויט אַן אייזערנעם געזעץ, אַנשטאָט די פאַר־קריפּלטע וועסטאַלינס, אמתע געשלעכטלעך־פעיקע דראָן־בינען, ד. ה. „ער"ס. לאָז אויף אַ מינוט צו רו די גאַנצע בינען־מלוכה און פאַרטראַכט זיך גוט איבער דעם איינציקן וווּנדערלעכן פאַקט, וועלכן דו האָסט נאָר וואָס געזען.

פּ א ר ט ע נ אָ ג ע נ ע ז י ס רופט אָן דער נאַטור־פאָרשער די דאָ־זיקע דערשיינונג.

פון פּאַרטענאָס, וואָס באַדייט אויף גריכיש יונגפרוי, און גע־נעזיס — די אַנטשטייונג אָדער פרוכפּערונג. יונגפרוי־פרוכפּערונג. דערמיט מיינט מען נישט, אַז ס'ווערן געבוירן יונגפרויען, נאָר אַז יונגפרויען, נישט באַפרוכטיקטע פרויען, געבוירן קינדער. אַזוי אַרום פּאַסט דאָס וואָרט אַפילו נישט אינגאַנצן פאַר אונזער ביישפּיל.

ווייל, ווי מיר ווייסן, איז אונזער פרוי בינען־קעניגין שוין לאַנג נישט קיין יונגפרוי, — זי, וועלכע האָט אין איין יאָר געלייגט אַזוי פיל און אַזוי פיל טויזנט באַפרוכטיקטע אייער און וועלכע האָט

שטאַרבן פון הונגער. די קינדער־פּראָדוקציע הערט, נאַטירלעך, אויף. אָבער די קעניגין און דער לעצטער הערבסט־דור פון לעבנס־פעיקע־רע וועסטאַלינס, פאַר וועלכע סיגילט נישט מער, ווי סווייזט אויס, די לעבנס־גרעניץ פון זעקס וואָכן, קומען גליקלעך איבער די שווערע צייט און דערלעבן אַ נייעם פרילינג. וואָס איצט? איצט קומט אייגנטלעך דאָס מערקווירדיקסטע.

אינדרויסן לאַכט די זון און סווינקען די בלומען. די וועסטאַ־לינס וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם ווינטער, פליען ווידער אַרויס און ברענגען פרישע שפּייז פון דעם נייגעעפנטן מאַרק. און די קעני־גין... הויבט אויפסניי אָן די אייער־פּראָדוקציע. יאָ, אָבער נאָך מיט אמתע באַפרוכטיקטע אייער. ווייל דער אַלטער זוימען־טאַש האָט נאָך אַלץ אין זיך זיין גרויסע קראַפט. אויף יעדן איי פאַלט נאָך אַלץ, ווי פריער, דאָס נויטיקע שטויבעלע מענלעכע קראַפט. לעבע־דיקע מענלעכע קראַפט פון די אַלטע, שוין לאַנג געשטאָרבענע און באַגראָבענע דראָגען־מענער פון פאַרגאַנגענעם יאָר, זוימען־חיה־לעך, וועלכע האָבן איבערגעלעבט אויף אַ יאָר דעם ליבע־אַקט און אויף אַ האַלב יאָר די לעצטע דראָן־בינען אַליין...! נייע וועסטאַלינס וואַקסן אויף. אַלץ הויבט זיך, רוכט זיך, אָן גאָר פון אָנהויב. אָבער מיטאַמאָל אינגאַנצן אַ נייעם.

אונזערע וועסטאַלינס, וועלכע ברענגען נישט נאָר אַריין אין בינשטאָק ברויט און נעקטאַר, נאָר בויען אויך און פאַריכטן אומ־איפהערלעך אינעווייניק אין בינשטאָק, האָבן אין דער שטיל אויפ־געבויט אַ געוויסע צאָל קינדער־קעמערלעך, וועלכע זענען גרעסער, ווי די געוויינלעכע. און בשעת אונזער געטרייע פרוי קעניגין נעמט זיך באַשענקען אויך די דאָזיקע גרעסערע קעמערלעך מיט דער לעבנס־מתנה, פירט זי אָבער דערביי דורך אַ רעוואָלוציאָנער נייעס.

זי לייגט אויך אין די דאָזיקע קעמערלעך אַריין אַ געוויינלעך איי. אָבער נעם נאָר דאָס איי אונטערן מיקראָסקאָפּ: די בינען־קעני־גין האָט עפּעס פאַרגעסן. זי האָט דעם איי נ י ש ט געגעבן דעם נויטיקן טראָפּן זוימען! זי קאָן, ווייזט אויס, לויט איר אייגענעם ווילן עפענען אָדער האַלטן פאַרמאַכט דעם אינערלעכן זוימען־טאַש, און דאָס מאָל האָט זי אים נישט געעפנט. אומבאַפרוכטיקטע אייער:

אומגעהויערע מאַסן־פּראָדוקציע האָבן דער דאָזיקער קעניגין געגעבן די דראָן־בינען. אָבער איצט אַנטשטייט דאָך אַ נייע פראַגע. פון וואַנען האָט זיך גענומען די בינען־קעניגין? פון וואַנען זענען געקומען די דראָן־בינען, וועלכע האָבן זיך פּלוצלונג אין אונזער געשיכטע באַוויזן אין פרילינג? און פון וואַנען האָט זיך, ענדלעך, גענומען דער ע ר ש ט ע ר דור פון די וועסטאַלינס? עס איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז אַ י י ן אַזאַ דור האָט שוין געמוזט זיין, איידער די קעניגין האָט געקאָנט אָנהויבן לייגן אירע אייער. דער דאָזיקער ערשטער דור האָט געמוזט פריער האָבן אויפגעבויט די קינדער־קעמערלעך, אין וועלכע אונזער פרוי־קעניגין זאָל שפּעטער קאָנען אַרייַנלייגן אירע אייער. און אַז די דאָזיקע ערשטע אייער זענען שוין געווען געלייגט, האָט ער געמוזט די ערשטע אומבאַהאָלפענע ווערימלעך שפּייזן, אַנדערש וואָלט דער גאַנצער שיינער מעכאַניזם באַלד גאָרנישט געקאָנט צושטאַנד קומען.

כדי צו לעזן די דאָזיקע דריי נייע פראַגן, וואָלטן מיר אייגנטלעך זיך געדאַרפט נעמען צוריק. אָבער אין דער דאָזיקער וואונדער־וועלט מאַכט נישט אויס, אַז מיר וועלן צו דעם זעלבן צוועק ווייטער איינפאַך גיין פאָרויס. דאָ ביסטו אַלעמאָל ווידער אין אָנהויב, ווי ביים יאָר, וואָס קומט פון פרילינג און גייט דורכן זומער, הערבסט און ווינטער ווידער צום פרילינג.

אַלזאָ ווייטער צו דער געשיכטע. אַרום הערבסט הויבט זיך אָן אין בינשטאָק אַ קרייץ־צוג קעגן די ביז־איצט נאָך געדולדעטע דראָן־בינען. אָדער זיי שטאַרבן אַליין פאַר הונגער, ווייל, ווי נאָר דער אַלגעמיינער פּראָוויאַנט הויבט אָן ווערן קנאַפּער, הערט מען זיי אויף צו שפּייזן; אָדער זיי ווערן איינפאַך ברוטאַליזירט, דערשטאָכן צום טויט און אַרויסגעוואָרפן פאַר דער טיר. פון קיין העכערע זיטן ווייסט מען נישט אין דער דאָזיקער בינען־מלוכה. דער מענטש רופט אָן דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל „די דראָנען־שחיטה".

נאָך דער דאָזיקער באַרטאָלאָמעאוס־נאַכט, וועלכע ווערט דורכגעפירט צוליב שפּאָרזאַמקייט, הויבט זיך אָן דאָס ווינטער־לעבן. דער גוט פאַרמאַכטער בינשטאָק און די צונויפגעפרעסטקייט פון די בינען באַשיצן זיי פאַרן פראָסט, די אָנגעזאַמלטע זאַפּאַסן לאָזן נישט

נישט ווייטער. ווען די פרוי קעניגין איז אַהיימגעקומען פון איר ווילדן אויספלוג, איז זי שוין אויף אייביק געווען פרוי. אָבער דעם מאַן האָט זי מער נישט געדאַרפט. איינמאָל פאַר אַלעמאָל! איר אָנגעפילטער זוימען־טאַש האָט צוגעשטעלט פרוכט־שטאָף פאַר די אומצייליקע אייער. אויך אין דער מענטשלעכער פרוי לעבט דער מענלעכער זוימען אַ לאַנגע צייט, מען זאָגט אַפילו אַז פיל וואָכן. ביי דער הון לעבט ער באַשטימט צוויי וואָכן. ביי די פלעדערמייז אַפילו פיל חדשים. שטעל דיר פאָר, אַז אַזאַ זוימען לעבט זעלבסט־שטענדיק יאָרן לאַנג, און דו האָסט די לאַגע פון דער „איינמאָל פאַר אַלעמאָל" באַפרוכטיקטער בינען־קעניגין.

יאָ, יאָרן לאַנג. וויל מיט דעם איינעם זומער, וועגן וועלכן איך האָב דיר דאָ כסדר דערציילט, איז דאָס לעבן פון דער וווּנדערלעכער בריאה, וואָס ווערט גערופן „בינען־קעניגין", נאָך נישט געענדיקט. זי האָט געליבט. איר זוימען־טאַש איז פול. זי האָט געלייגט אייער. די וועקסטאַלינס, וועלכע זענען אַרום איר געווען, נאָך איידער דער ערשטער ליבע־אַקט איז פאָרגעקומען, האָבן דערצויגן דעם ערשטן קינדער־דור און זענען אַליין נאָך די זעקס וואָכן פון זייער אָרימען אַרבעטזאַמען אומגעשלעכטלעכן לעבן אַוועק פון דער וועלט. וועקסטאַס ערשטער דור איז אַוועק. דער נייער איז געבליבן אויף זיין אָרט. אָבער איך אַפראָדיטע איז געבליבן. און דערנעבן איך דראָנבינען. ווידער געלייגט אייער. און אַזוי ווייטער. אַ גאַנצער זומער פון אומאויפהערלעכער שטאַלצער מוטער־אַרבעט פון דער איינציקער קעניגין, קרבנות־פולער אַרבעט פאַר די יונגע פון די טויזנטער און טויזנטער שנעל אַוועקשטאַרבנדיקע יונגפרויען און דאָס אומדערהערטע פוילע לעבן פון די דראָנבינען. וואָס וועט זיין ווייטער?

איך רעכן, אַז דו האָסט שוין אַליין ביי דער גאַנצער געשיכטע אַביסל געשווּנקען צו אַ נייער פראַגע. צו דער פראַגע: ווי אַזוי האָט זיך די גאַנצע געשיכטע איגענטלעך אָנגעהויבן? די טויזנטער געשלעכטלעך־פאַרקריפּלטע יונגפרויען זענען קינדער פון דער קאָנסעקווענט־ווייבלעכער בין אין בינשטאָק: פון דער קעניגין. גוט, דאָס האָבן מיר פאַרשטאַנען. דעם מענלעכן זוימען צו דער דאָזיקער

אָבער וואָס זעסטו ווייטער: אַ זוימען־חיה׳לע! דאָס איי איז אָן שום ספק. אין מאָמענט, ווען ס׳איז געלייגט געוואָרן, באַגאָסן געוואָרן מיט מענלעכן זוימען. פון וואַנען?

דו נעמסט אַ קעניגין און שניידסט איר אויף דאָס לייב. די האָסט די לעזונג. ביי די איי־טרויבן געפינסטו אַ גרויסן דיקן „זוימען־טאַש", אָנגעפילט מיט מענלעכן זוימען. דערמאָן זיך אָן די גאָרטן־שלימאַזקעס און שפּינען. אויך זיי האָבן דעם זוימען נישט גלייך געלאָזט קומען צו די רייפע איי־קעמערלעך, נאָר האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין אַ באַזונדערן ליבע־טאַש אַ זאַפּאַס זוימען, וועלכן זיי האָבן שפּעטער אַלעמאָל אויסגעגאָסן איבער די רייפע אייער. דו הויבסט אָן צו פאַרשטיין: אונזער פרוי קעניגין מעג זיך לייגן דורכן יאָר זעכציקטויזנט אייער, אָבער באַפרוכטיקט איז זי נאָר איין מאָל געוואָרן. ביי דער באַהעפטונג האָט מען איר אָנגעפילט דעם זוימען־רעזערוואַר. און זייט דעמאָלט איז זי, אַזוי צו זאָגן, אין אַ העכערן זין טאָפּלט־געשלעכטלעך: דאָס הייסט, אויבהאַלטנדיק לעבעדיק די איינמאָל באַקומענע זוימען־חיה׳לעך אין איר פאַרבאָרגענעם טאַש, האָט זי צו יעדער צייט אונטער דער האַנט געוויסן „מאַן", כדי אַלע אירע זעכציקטויזנט אייער איינס נאָכן אַנדערן, לויט דעם ווי זיי ווערן רייף און קומען אַרויס אין משך פון חדשים, אַליין אָן ווייטערדיקער דירעקטער מענלעכער הילף צו „באַפרוכטיקן", דאָס הייסט, צו פאַרזאָרגן מיט דער גויטיקער „כאַראַקטער־שפּייז" אין זין פון אונזער אַלטן קאַרליק־מעשהלע.

און אַזוי איז עס טאַקע. אין פרילינג איז אַמאָל געווען אַ טאָג, ווען דאָס פרייליין קעניגין האָט פאַרלאָזן איר שלאָס.

„ווען געפּלאַצט האָבן די געקנאָספּן" האָט זי זיך פריי געטראָגן אין די לופטן. אין דערזעלבער צייט זענען דאָ און אין שכנות גראָד אַרויסגעפלויגן די פוילע דראָן־ביגען. און די דאָזיקע דראָן־ביגען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו איר. ביז צו דעם דאָזיקן חתונה־טאָג איז זי געווען אַ וועסטאַלין, אָבער נאָר וויילן ס׳האָט איר געפעלט די געלעגנהייט צו זינדיקן, נישט ווי די טויזנט אַנדערע פון דער מלוכה, וועלכע האָבן געלעבט אָן ליבע צוליב דער פאַרקריפּלטער קערפּערלעכער אומפּעיקייט. ביז צו דעם דאָזיקן חתונה־טאָג, אָבער

לעבע קריפּלען, אַ דור נאָך אַ דור, מיט אַ רירנדיקער וואַרנפּעלי־קייט. זי דאַרף נאָר ליגן אירע אייער און זיך לאָזן שפּייזן, כדי עס זאָלן קלעקן די כוחות. דאָס איבעריקע גייט שוין אַליין, ווי אַן אויטאָמאַט.

יאָ שפּייזן!.. דאָס אייער־ליגן פֿאָדערט זיכער אַ גרויסע אָנ־שטרענגונג און דאַרף האָבן אַ גוטע דערנערונג און דער איבעריקער קימפּעט פֿון דער פֿרוי קעניגין. אָבער דו דערמאָנסט זיך: דאָס וואָרט „שפּייזונג" האָט אין דער ליבע נאָך אַ גאַנץ באַזונדערן זין. כדי ס'זאָל קאָנען אַנטשטיין אַ נייע בריאה, פֿאַרלאַנג יעדער ווייב־לעך איי נאָך אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע ספּעציעלע שפּייז: אַ מענלעך זוימען־קעמערל. און די דאָזיקע געהיימניספֿולע שפּייזונג איז מענ־לעך נאָר ביי דער באַהעפֿטונג.

נו גוט. דערצו האָסטו דאָך פֿריער אַנטדעקט אין דער בינען־מלוכה די עטלעכע הונדערט מענער. עטלעכע הונדערט פֿאַר איין איינציק ווייב וועט דאָך זיכער קלעקן. מיט דיין רייכער פֿאַנטאַזיע מאָלסטו דיר באַלד אויס, ווי אין דעם דאָזיקן וועסטאַ־טעמפּל מיט די צוואַנציקטויזנט אַלטע און יונגע וועסטאַלינס געפֿינט זיך אין איין ווינקל אַ קליין היילּיקטום פֿון אַפֿראָדיטע, וווּ די ליבע ווערט געפֿירט מיט אַ טעמפּ, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דעם אומגעהויערן שאַפֿונגס־אַקט. אָבער דו קאָנסט דיר איצט די אויגן אויסקוקן. קיין איינער פֿון די פֿוילע מענער באַוועגט זיך נישט. און די פֿרוי קע־ניגין, וועלכע איז אין איר אייער־לייגן פּונקט אַזאַ מייסטער פֿון פֿלייסיקייט, ווי די איבעריקע אַרבעטנדיקע מיטגלידער פֿון בינ־שטאָק, זאָרגט זיך פּונקט אַזוי ווייניק וועגן דעם דאָזיקן פֿוילן ווינקל פֿון דער פֿלייסיקער געזעלשאַפֿט. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? זעען מיר אויך דאָ נאָך נישט אײַנגאַנצן אויפֿן וועג?

דו גריבלסט ווידער און פֿאָרשסט. און (דו וועסט שוין איצט דאַרפֿן שטודירן אַ פּאָר יאָר) ווידער באַמערקסטו אַ נייעס.

קודם כל באַטראַכסטו גענוי די אַרבעט פֿון דער קעניגין. אָט ליגט גראָד ווידער אַ פֿריש־געלייגט איי. דו נעמסט עס אונטערן מיקראָסקאָפּ. דו זעסט דאָס איי־קעמערל. דאָס האָט דער קעניגלעך־ווייבלעכער אייערשטאָק אַרויסגעגעבן אַליין, אָן יעדער מיטהילף.

טוגן און זאָרגן זיך נישט פאַר דער דערציִונג און שפּײַזונג פון די יונגע, זיי לעבן זיך פֿרײַ און זאָרגלאָז.

אָבער נאָך אַ לאַנגן אַרומזוכן געפינסטו אַ נײַעס. די באַ־מערקסט, ווי אַן איינצלנע בין, וועלכע שיידט זיך אויסערלעך כמעט נישט אונטער פון אַ געוויינלעכער געשלעכטלעך־פּאַרקריפּלטער בין און איז העכסטנס נאָר אַביסל גרעסער אויסגעוואַקסן, לאָזט זיך צו אַ ליידיקער קינדער־קאַמער. עפּעס דאַרף מיט איר געשען אַן אומגעוויינלעכע זאַך. די אַנדערע בינען אַרום באַציִען זיך צו איר אויסערגעוויינלעך־ליבנסווירדיק, גלעטן זי און צערטלען זי און שפּייזן זי. און מיטאַמאָל שטעקט דיין פּאַרעכטיקע בין אַריין דעם הינטערשטן טייל פון קערפּער אין דער ליידיקער קאַמער און וואַרפט דאָרט אַריין אַ שיין, קליין, מילך־ווייס איי.

דו האָסט אַנטדעקט די סודות־פולע בריאה, וועלכע מיר רופן „בינען־קעניגין". אָבער נאָך דעם, וואָס דו האָסט געזען, פאַרשטייסטו, וואָס דאָס איז אייגנטלעך: דאָס איז דאָס בינען־ווייב. „דאָס" ווייב. אומזיסט זוכסטו אַרום אין דעם גאַנצן בינשטאָק נאָך אַ צווייטע בין פון דעמזעלבן מין.

אויף צוואַנציק טויזנט און מער געשלעכטלעכע קריפּלען און אַן ערך זעקסהונדערט מענער איז דאָ איין איינציק ווייב.

די גאַנצע קינדער־פּראָדוקציע, וועלכע דו האָסט געזען אין בינשטאָק, שטאַמט אויסשליסלעך פון דער דאָזיקער איינער נישט־פּאַרקריפּלטער „זי", פון דער איין און איינציקער אמתער מוטער. בשעת די אָרימע, פרוכטלאָזע פלייסיקע ברואים אַרום איר, טויזנט און טויזנט און אָבער טויזנט קומען און גייען, ווי בלעטער פון אַ בוים, זיצט זי פול מיט לעבן און פרויען־קראַפט אין בינשטאָק און טוט פון פרילינג אָן אַלץ דיזעלבע אַרבעט: לייגט און לייגט אייער, אַלץ מער און מער אייער, אָן אַ ברעג. טויזנט, צווייטויזנט, צוואַנציקטויזנט, פופציקטויזנט, זעכציקטויזנט און מער אייער אין דעם איינעם פרילינג און זומער. דרייטויזנט קאָן זי אין טייל פאַלן לייגן אין משך פון איין טאָג. עס קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין דערפון, אַז ביי אַזאַ „זאַמד־ביי־ים"־פּראָדוקציע זאָל זי קאָנען אַליין זאָרגן פאַר אירע יונגע. אָבער דאָס מאַכן פאַר איר די דאָזיקע געשלעכט־

שפּייזט דורך איינער פון די עלטערע געשלעכטלאָזע בינען, מאַכן דורך זייער נאַטירלעכע אינסעקטן־אַנטוויקלונג אלס וואָרים־ענלעך שלייערל און איינגעשפּונענע פּופּע, קומען ארויס אין דריי וואַכן ארום פריי אין בינשטאָק, ארבעטן, העלפן ווידער דערציען די קינדער פון אַנדערן דור און שטאַרבן אין זייער צייט. געשלעכטלאָז געבוירן, געשלעכטלאָז געלעבט און געשלעכטלאָז געשטאָרבן. ניין, ס'איז קיין שום ספק נישט: זיי זענען ערשטקלאַסיקע קינדערוו ע כטערינס, וואָס ווידמען זיך איינגאַנצן זייער באַרוף, אָבער פון דער אייגנטלעכער קינדער־פּראָדוקציע זענען זיי אינגאַנצן ווייט. די דאָזיקע פּראָדוקציע קומט פאָר אָן זייער מיטהילף; אַ סוד אין פינסטערן בינשטאָק.

דו פאָרשסט און פאָרשסט אין דער דאָזיקער זאַך און באַמערקסט ענדלעך פאָלגענדעס.

קודם־כל ציט צו דיין אויפמערקזאַמקייט אַ קליינער קרייז בינען אין בינשטאָק, וועלכע שיידן זיך אַביסל אונטער לויטן אויסזען און דער גרויס פון דער איבעריקער מאַסע. זעקסהונדערט ביז העכסטנס טויזנט אַזעלכע בינען זענען פאַראַן צווישן די צענדליקער טויזנטער אַנדערע. זיי פליען, הוכט זיך, נישט ארויס, זיי אַרבעטן נישט און לאָזן זיך דערנעדן פּונקט ווי די יונגע, הגם זיי זענען אינגאַנצן אויסגעוואַקסן און זענען נאָך דערצו באַזונדער גרויס און שטאַרק. אַ מיטונהדיקע פוילע באַנדע אין אַ ריזיקער ווירטשאַפט, וווּ אַלץ שוויצט און קרעכצט פון אַרבעט.

דו כאַפּסט אַזאַ ליידיק־גייער און באַטראַכסט אים: דו דערזעסט אַז „ער". אַן אַזוי גערופענע „דראָן־בין". אינגאַנצן נאָרמאַל, מיט אַלע מענלעכע אָרגאַנען. דו ביסט אויף אַ וועג. צו די צוואַנציק טויזנט און מער געשלעכטלאָזע האָסטו געפונען אַ פּאָר הונדערט געשלעכטלעך־פעיקע מענער. אָבער דאָס איז נאָך נישט קיין גאַנצע לייזונג. יאָ, מענער! אָבער וואָס קאָנען די דאָזיקע מענער טון מיט די געשלעכטלאָזע ברואים? זאָלן מיר טראַכטן, אַז די דאָזיקע מענער זוכן זיך אַליין אויס יונגע? אָבער דאָס איז דאָך אוממעגלעך. און דו זעכסט גאָרנישט קיין אָנווייזונג דערויף. די דאָזיקע פוילע „דראָן־בינען" טוען פּאַקטיש גאָרנישט. זיי זוכן נישט קיין באַהעפ־

האָט נשווינגלעך אַ נאָרמאַלער בינשטאָק. גאַנץ דייטלעך באַמערקבאַר אָבער, אַז ביי זיי איז באמת, מיט קוקנדיק אויף זייערע פּאַרקריפּלטע געשלעכטלעכע אָרגאַנען, איין זאַך נישט פאַרקריפּלט: זייערע מוטערלעכע געפילן. מיט אַ רירנדיקער זאָרגפעליקייט ווערן דורך די נישט־אויסגעפליגענדיקע בינען די יונגע פון דעם בינשטאָק געשפייזט און געהיטן, ביז זיי קריכן ענדלעך אַרויס פון זייער וויגן אַלס פּאַרטיקע בינעלעך. דער אופן פון דער שפייזונג קאָן אונז אויסזען אַביסל משונהדיק. אין דער בינען־ווירטשאַפט ווערט נישט געקאָכט, נאָר „איבער־פּאַרדייט". דאָס הייסט, די אַלטע בין עסט פריער אויף די רויע שפייז, וועלכע זי שלינגט באמת איין און אַרבעט אינעווייניק איבער אין ריינעם שפייז־עקסטראַקט, וועלכער וואָלט שוין געקאָנט אַריין אין איר אייגענעם בלוט, דאַן שפּייט זי עס אָבער אויס (די בין וואָלט געזאָגט אין געריייניקטן און פאַראייידלטן צושטאַנד) און גיט עס דעם קינד.

אָבער נאָך דער גאַנצער ליבע וואַקסן די נייע יונגע ווידער אויס אַלס געשלעכטלאָזע ברואים, וועלכע בינען מיט אינגאַנצן פאַרקריפּלטע געשלעכטלעכע טיילן. זיי פילן אויס די לעבער, וועלכע דער טויט מאַכט גיך אין די רייען פון די עלטערע. אַט זענען זיי שוין אַליין רייף צו דער אַרבעט, שפייזן פריער דעם נייעסטן קינדער־דור, און פליען ענדלעך אויך אַרויס נאָך שפּייז. אָבער אַלץ ווידער די אַלטע פראַגע: פון וואַנען קומט די דאָזיקע קינדער־ברכה?

דער שטאָרך אַרבעט דאָ, ווי ס׳ווייזט אויס, אינגאַנצן אָן דער מיטהילף פון דעם עלטערן בינען־דור. זעקס וואָכן דויערט העכסטנס אין דער דאָזיקער זומער־צייט דאָס לעבן פון אַזאַ בין. אָבער אין די זעקס וואָכן זעט זי אַרום זיך אין בינשטאָק אַזאַ גרויסע קינדער־פּראָדוקציע, אַז איר טויט קאָן זיך אויפן בינען־דור גאָרנישט אָפּרופן. די קורצע צייט דערלויבט קיינעם נאָכצופאָלגן דאָס לעבן פון אַזאַ בין. מען זעט נישט קיין שום סימן דערפון, אַז די דאָזיקע זעקסוואָכעדיקע בינען זאָלן קורץ פאַר זייער טויט אָדער ווען עס איז בשעת זייער לעבן ווי עס איז ווייטער דערהאַלטן זייער געשלעכט. זיי וואַקסן אויף אין אייגעם פון די קינדער־קעמערלעך, ווערן גע־

אַראָפּ, ווי אויף אַ קליין צייט־שטויבעלע. עס איז דאָס יונגסטע קינד פון דעם פּלאַנעט, דאָס גרינסטע. און זי די זקנה. זייט דער שרייד־צייט (וועלכע האָט ערשט געזען נאָר שנאָבעל־חיות און ביטל־חיות און אפשר אויך נאָדל־הויטיקע אינסעקטן־פרעסער, אָבער בשום אופן נאָך נישט קיין מאַלפּעס און מענטשן) זענען פאַראַן יע־נע בלומען־געוויקסן, וואָס דאַרפן האָבן די אינסעקטן צו זייער באַ־פרוכטיקונג. אַזוי לאַנג זענען מסתמא אויך די בינען און אָנהויבן פון די בינען־מלוכות דאָ אויף דער ערד. אויף זיכער ווייסט מען, אַז געוויסע געזעלשאַפטלעך־לעבנדיקע בינען, וועלכע שטייען זייער נאָנט צו אונזערע האָניק־בינען, האָבן געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון דער טערציער־צייט, ד. ה. אַ פּאָר מיליאָן יאָר פאַר אונזער צייט־רעכנונג. וואָס זענען קעגן דעם די מענטשלעכע מלו־כות, די עטלעכע טויזנט יאָר, וועלכע האָבן צעשטערט בבל, אָפּגע־מעקט פון דער וועלט פּערסעפּאָלים און פּאַלמירא און פאַרוואַנדלט אַטען און רוים אין אַרכעאָלאָגישע מוזעען?..

דאָך, אונזער קליינע בין קומט אַריין אין איר בינשטאָק. אַרום איר זומט און ברומט, איבער די קעמערלעך און קאָרידאָר־גענג גייט אַ געווימל אַרויף און אַראָפּ. אַן ענג צונויפגעדריקטע פעסטונג, כמעט ווי דאָס אַלטע טראָמאַ, וואָס שלימאַן האָט אויס־געגראָבן. קאַמער ביי קאַמער, קעמערל ביי קעמערל. אָנגעפילטע שפּייז־קאַמערן, וווּ סליגט אָנגעזאַמלט דער געשמאַקער בלומען־שטויב און דער שמעקעדיקער גאָלדענער האָניק־געטראַנק; גלייך ווי דו קוקסט אין איינעם פון די ריזיקע קרוגן טאַקע פון יענער טראָ־יאַנער פעסטונג, וועלכע זענען גרעסער געווען ווי דער מענטש. און קינדער־שטיבעלעך, וווּ די קליינע הונגעריקע ווערימלעך באַוועגן זיך, אָדער שלאָפן אין ווייסע זיידענע וויגעלעך. קינדער, יאָ פון וואַנען נעמען זיך די קינדער?

אומעטום, וווּ דו נייסט און שטייסט, אין דעם גאַנצן געווימל ביי די קעמערלעך, אין די דורכגענג, ביים גרויסן טויער פון שלאָס, ביי די אַלע, וואָס קומען אָן און פליען אַוועק — אומעטום זעסטו נאָר די זעלבע געשלעכטלאָזע בריאים. טויזנטער ציילסטו אָן און אָבער אַמאָל טויזנטער. צווישן צוואַנציק טויזנט און דרייסיק טויזנט

ווי די בין אליין צו דער שטויבנדיקער בלום. ער העלפט איר און נעמט דערפאר פון איר אלס באלוינונג א געוויסן טייל פון איר ארבעט אין געשטאלט פון זיסן האניק פאר זיין פריוואטן געברויך.

אין פלי־לאך פון אזא בינשטאק פארשווינדט אונזער אנגעלאדענע בין. זי איז אינדערהיים. אינדערהיים אין א וואונדער־וועלט, וועלכע לעזט אויך איר רעטעניש, דאס רעטעניש פון דער ארימער געשלעכטלאזער בריאה. אין פארגלייך מיט דעם דאזיקן וואונדער פון דער נאטור איז אייגנטלעך אלץ, וואס כ'האב דיר ביז איצט דערציילט פון דער ליבע־וועלט, א קינדערשפיל. אפילו דער בוים־ווארים קאן זיך דערמיט נישט פארגלייכן. און ווען אונזער פלאנעט וואלט גאר נישט מער געשאפן קיין העכערס: קיין מענטשן, קיין מענטשן־גן־עדן און קיין מענטשן־משוגעת — וואלט ער צוליב דעם אליין אויך געקאנט באצייכנט ווערן אלס וואונדער־פלאנעט, וואס האט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט פון דער אנטוויקלונג.

אלזא אונזער געשלעכטלאזע בין קריכט אריין אין בינשטאק.

אין דעם דאזיקן קינסטלעכן הויז לעבן פיל טויזנטער בינען אין אן ענגער געזעלשאפט. ווען דער מענטש וואלט נישט זיי געגעבן דאס הויז, וואלטן זיי זיך געמוזט ארויסהעלפן מיט א הוילן בוים אדער וועלכער ס'איז ענלעכער זאך. דער מענטש גיט זיי דאס הויז שוין זייט טויזנטער יארן. אבער דאס, וואס די בין טוט אינעווייניק אין דעם דאזיקן קינסטלעכן הויז איז נ א ר א י ר א י י ג ן ווערק. דער מענטש קאן זיי נאר מיט א געוויסער בעגרענצונג אנרופן „הויז־בעלי־חיים“. דעם הונט, וועלכער דינט אים געטריי און וועמענס פארשטאנד ס'איז ווי אויפגעוועקט פאר אייניקע, דעם מענטש נוצלעכע, צוועקן, האט דער מענטש אין א געוויסן זין באמת „געמאכט“, די בין האט ער אויפגעהאלטן, אבער ער האט אויף איר אינערלעכער ארבעט נישט געקאנט האבן קיין ישום איינפלוס. אלץ, וואס מען דערציילט וועגן „דרעסירטקייט“ פון די בינען, וועגן צוגעבונדנקייט צום „בינען־פאטער“, איז אויסגעטראכטע מעשיות. עס איז קיין ספק נישט, אז די בין קוקט מיט איר ווילדן ליבע־ראמאן און מלוכה־לעבן, אויף די עטלעכע מענטשלעכע קולטור־יארטויזנטער פון אויבן

יעדער ליבע־ און מוטער־פרייד. און דאָך האָט די אָרימע בריאה געזאַמלט? פאַר וועמען?

א רירנדער געדאַנק: אפשר האָט זי, אַליין פון דער נאַטור א קריפּל, געהאָלפן אַרבעטן פאַר פרעמדע קינדער, אין דעם טונקעלן דראַנג אויפן וועג צו דער מאַדאָנע?...

אָבער וואָס איז דאָס? דו כאַפּסט א צווייטע פון די דאָזיקע זאַמלערינס, א דריטע. און ווידער און ווידער דאָס זעלבע טרויעריקע דערטעניש. זיי זענען אַלע פאַרקריפּלט, אַלע אַזוי גוט ווי געשלעכטלאָז. זיי אַלע דאָרט, די הונדערטער, די טויזנטער, וועלכע זומען און זומען און טראָגן זיך פון דער לאָנקע דורכן וואַלד צו דיין בלומען־גאָרטן... אומפרוכטבאַר, געשלעכטלעך־אומפעיק.

גלייך ווי א פינסטערער שאָטן וואָלט באַדעקט דאָס פריילעכע בילד. אומעטום ברויזט די ליבע. יעדער באַזוך פון דער בין אויף א רייפער בלום איז א באַהעפטונגס־יום־טוב. אומעטום יאָגן זיך זשוקעס, פליגן, ליבעלן, כאַפּן זיך און באַהעפטן זיך. דער פילפאַרביקער שמעטערלינג ווייסט גאָרנישט פון קיין שום אַנדערער זאַך, אחוץ ליבע. אין דער בלויער לופט טראָגן זיך אין איין הייסן ליבע־טאַנץ, ווי גאָלדענער בלומען־שטויב, די אינסעקטן. און צווישן דעם אַלעם — אַזאַ שאָטן. דאָס ליבע, באַוועגלעכע, פלייסיקע געווימעל פון די בינען — א געזעלשאַפט פון פאַרקריפּלטע ברואים, וועלכע ווייסן נישט און וועלן קיינמאָל נישט וויסן פון קיין ליבע... אָבער איצט ווערט נאָך ערנסטער די פראַגע: פאַר וועמען זאַמלען זיי? אַז זיי זענען אַלע געשלעכטלאָז: פאַר וועמענס קינדער זאַמלען זיי? און ווי אַזוי פרוכפּערן זיי זיך בכלל?

הער אויף צו מאָרדן און לאָז נאָך איינער פון די בינען לעבעדיקערהייט. זי האָט שוין גענוג אָנגעזאַמלט. אָנגעלאָדן מיט לאַסט הויבט זי זיך אויף און פליט אַהיים. נאָענט ביים גרינעם פלויט, וווּ מיר האָבן פריער געזען די שפּינען, שטייען די אַלגעמיין באַקאַנטע בינשטאָקן: קינסטלעכע וווינונגען, וועלכע דער מענטש האָט אויפגעשטעלט פאַר די בינען, און וועלכע די דאָזיקע פלייסיקע ברואים האָבן זיך איינגעוווינט אַליין ווי געהעריק איינצואָרדנען. דער מענטש האָט זיך געשטעלט צו דער בין אין אַן ערלעכער באַציונג,

זיי, דעם זוימען־שטויב, און שטעקן אים אויס אַקעגן די באַ־פּרוכטיקונגס־רייפע ווייבלעכע טיילן אויף אויפצונעמען דעם פרעמדן זוימען. אויך די בין איז אַזאַ אייביקער ליבעס־פּאָסט־טרעגער, וועלכער באַזאָרגט די בלומען מיטן נויטיקן פרעמדן זוי־מען־שטויב אַלס פּאַרגעלטונג דערפאַר, וואָס ער נעמט ביי זיי צו פּאַר זיין אייגענעם געברויך גאַנצע פּעק בלומען־שטויב און האָניק. אָבער דאָס נאָר אַגב, כדי דיר צו ווייזן, ווי די בין שלעפּט נאָך זיך אפילו אין איר איינפאַכער ניכטערער ברויט־אַרבעט אַ לאַנגן קאָמעטן־עק פון פרעמדער ליבע. ווי האַלט עס אָבער ביי איר מיט דער אייגענער ליבע? אויב זי האָט אינדערהיים קינדער, פיל קינדער מיט הונגעריקע מיילער, פאַר וועלכע זי זאַמלט אַזוי פלייסיק, דאַרף מען דאָך פאַרשטיין, אַז זי האָט הינטער זיך שוין פיל שיינע ליבע־שעהן...

כאַפּ נאָר אַזאַ בין, וואָס זאַמלט דאָרט אויף די בלומען. זי לאָזט זיך נישט, שטעלט. אָבער דערמיט איז זי און פאַרלוירן, אַ גוסס, ווייל דער שאַרפער שפּיז, מיט וועלכן זי פאַרטיידיקט זיך און וועלכן זי לאָזט ביי דיר שטעקן אין דער וווּנד, איז נישט קיין אויסערלעך געווער, נאָר אַ גליד פון איר אייגענעם לייב, וואָס רייסט זיך אָפּ און מאַכט איר אַליין אַ שטערבלעכע וווּנד. דעריבער צו־שנייד זי שוין איינגאַנצן און באַטראַכט אירע אינערלעכע טיילן, די ליבע־אָרגאַנען. באַטראַכט: מאַן אָדער ווייב?

אַ משונהדיקע זאַך. דיר טוט שוין באַנג די גאַנצע געשיכטע. דו זעסט, אַז דו האָסט די באַהאַרעט אַ באַשעפעניש, וואָס האָט זיך אַזוי אויך שוין מסתמא גענוג אָנגעליטן אין לעבן, אַ פאַר־קריפּלט באַשעפעניש.

דו דערקענסט לויט איניקע סימנים, אַז דאָס דאַרף זיין אַ ווייב. אָבער גראָד אין געשלעכטלעכן זין אַ מוראדיק פאַרקריפּלט ווייב. פאַרקריפּלט דער אייער־אָרגאַן, אין וועלכן מען דערקענט נאָר קוים דעם אייערשטאָק, מיט אַ פּאָר איינגעדאַרטע ליידיקע פעדים־לעך, אַנשטאָט די דיקע פולע טאַשן, וועלכע מען וואָלט געקאָנט דערוואַרטן. פאַרדאַרט און פאַרקריפּלט איז אַלץ, וואָס קאָן דינען דער באַהעכטונג. אַזאַ אַ צוואַנגס־פּרוש, אַפּערים! פוי

רייניקונג, צו א פ ר י י ע ר ארגאניזירטער שויז־פאריניקונג: צווישן „ער" און „זי", צו דער אייגנטלעכער חתונה אין אונזער ג ר ו י ס ן זין.

איך האב דיר שוין געוויזן, ביי וואס דער דאזיקער ווייטער־דיקער פארטשריט האט זיך אנגעהויבן: ביי דער זארג פאר די יונגע. דו האסט געזען די איינזאמע שפין־מוטער, דעם איינזאמען שטעך־פיש־פאטער. דערמאן זיך אבער נאר אן א פויגל־פארל, ווו די העכערע חתונה קומט אזוי בולט צום אויסדרוק: דא שפייזן שוין, דערציען און באשיצן ביידע עלטערן... דו האסט דא פאר זיך דעם גאנצן וועג, וועלכן די דאזיקע שטרעבונג צו דער נייער פארייניקונג האט דורכגעמאכט.

מיט דער בין ביסטו, אמת, נאך נישט ביי דער שוואלב אדער נאכטיגאל. אבער דו ביסט מיט איר פיל העכער, ווי דו ביסט געווען מיטן קרייץ־שפין. דו ווייסט אויך, אז די בינען און מוראשקעס לעבן אין גרויסע געזעלשאפטן, אינגאנצן פארקערט ווי די שפינען, און אז זיי גיבן זיך זייער פיל אפ מיט דער דערציאונג פון זייערע יונגע. דו רעכנסט דעריבער, אז דו ביסט מיט איר לכל־הפחות א שטיק ווייטער אויפן וועג צו יענער העכערער חתונה. די בינען, דא אויף די לאנקע־בלומען, „זאמלען" עפעס, ווי דו האסט געזען. זיי ווילן עפעס מיט זיך אהיים ברענגען. דו פארשטייסט, אז מסתמא זאמלען זיי פאר זייערע יונגע, פאר זייערע שלייערלעך?

דער צופאל וויל, אז דאס דאזיקע זאמלען אליין זאל שוין זיין א פערמאנענטע ליבע־האנדלונג, נישט פאר די פלייסיקע בינען אליין, נאר פאר די בלומען, אויף וועלכע זיי שטעלן זיך אפ. איך האב דיר פריער שוין אמאל דערציילט וועגן דער באפרוכטיקונג פון די צמחים: ווי דאס געזעץ וועגן דער אינצוכט שטערט זיי זיך אליין צו באפרוכטיקן, נישט קוקנדיק דערויף, וואס זיי האבן ביידע געשלעכטלעכע טיילן (די מענלעכע שטויב־פעדימלעך און דאס ווייבלעכע פרוכט־ביימעלע) אין איין און דערזעלבער בלום. און ווי זיי, וואס קאנען זיך דאך נישט צונויפקומען, כדי זיך צו באהעפטן, העלפן זיך אויס מיט דער ליבעס־פאסט פון די אינסעקטן. זיי פאקן ארויף אויף דעם אינסעקט, וואס באזוכט

זיך מער גאָרנישט אויפגעהויבן. ווען דו זאָלסט זועלן דרייסט פאַרגלייכן, וואָלסטו געמעגט זאָגן, אַז די בין און די מיט איר ענג־פאַרבונדענע מוראַשקע איז דער „מענטש" פון איר שטאַם, זי איז ביי איר זעקס־פיסיקן גלידער־פאָלק פונקט אַזוי דער אויבנ־אָן, ווי דו, דער צוויי־פיסיקער מענטש, ביסט דער אויבנאָן פון שטאַם פון די חוט־השדרה־דיקע חיות (פיש, אַמפיביעס, שרצים, פויגל, זויג־חיות). נישט מער וואָס דו, אַלס מענטש, האָסט זיך אויפגעהויבן אַ גוט שטיק העכער, ווי די קלענסטע הויט־פליגלדיקע בריאה.

דאָס אַלץ פון דאַרוויניסטישן שטאַנדפּונקט. איצט ווידער צו דער ליבע.

די בין איז זיך אַן אינסעקט פון אַזאַ און אַזאַ ראַנג; וואָס איז זי אָבער פון שטאַנדפּונקט פון דער ליבע אין יעדן באַזונ־דערן פאַל? איז די דאָזיקע בין אַן „ער"? איז זי אַ „זי"? איז זי איינער פון יענע „זי־ערס" פון הערמאַפראָדיטן־געשלעכט? יאָ, מיר זענען דאָ גלייך צוגעקומען צו אַ וווּנדער.

דו האָסט פריער באַטראַכט די עראָטיק פון דעם קרייץ־שפּין. דאָס איז געווען נאָך אַ גוט שטיק טיפער אין דעם שטאַם פון די גלידער־חיות. דאָך האָסטו ביי די דאָזיקע ברואים שוין געזען אינגאַנצן בולט די געשלעכטלעכע סימנים. דו האָסט געזען די שאַרפע פאַנאַנדערטיילונג פון די געשלעכטער. „ער" און „זי". און „ער" און „זי" אינגאַנצן אָפּגעזונדערטע אינדיווידואומס. אַזוי אָפּ־געזונדערט, אַז ס'האָט גאָר אפילו נישט געקאָנט זיין קיין רייד־וועגן „חתונה". נישט מער ווי אַ גאַנץ קורצע באַהעפטונג. און פאַר און נאָך דער באַהעפטונג די גרעסטע שנאה פון געשלעכט צו געשלעכט.

אָבער איך האָב דיר דאָס געוויזן טאַקע אַ ל ס ע ק ס ט ר ע ם. איך האָב דיר געזאָגט: די שאַרפע אינדיווידואַליזירונג פון ביידע געשלעכטער איז געווען אַ גרויסע נויטווענדיקייט. אַ שטיק אי־נערלעכער פראָגרעס, אַ שטיק פרייהייט. די דאָזיקע צעשיידונג האָט געמוזט פריער קומען, כדי שפּעטער זאָל זיך ווידער אָנ־הייבן צווישן די געשלעכטער אַ קעגנזייטיקע שטרעבונג צו אַ פאַ־

דאָס אינסעקט איז דער העכסטער פּונקט פֿון זיין שטאַם, אין דעם אַזוי גערופֿענעם שטאַם פֿון די גלידער־חיות. מסתמא איז עס, ענלעך צום שפּין, אַנטשטאַנען פֿון װעלכע ס׳איז אַסטלעכע ברואים. די אומצייליקע פֿיס פֿון אַזאַ מין אַסטל־ענלעכער גלידער־חיה האָבן זיך ביסלעכווייז צוזאַמענגעדריקט, אַזוי אַז ס׳איז פֿון זיי געבליבן נישט מער ווי זעקס פּאָר. פֿון זיי זענען ביי די אינסעקטן הדריי פּאָר פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין פֿרעס־געצייג און דריי זענען געבליבן צום קריכן. אַזוי אַרום זענען געבליבן זעקס אמתע פֿיס, לויט וועלכע דו קאָנסט דערקענען יעדער אמתן אינסעקט. די פֿליגל, וועלכע דו געפֿינסט אַחוץ דעם ביי פֿיל אינסעקטן, זענען נישט אַנטשטאַנען פֿון קיין פֿיס: זיי זענען אַנטשטאַנען פֿון הויט־קנייטשן פֿון רוקן, להיפּוך די פֿליגל פֿון די חוט־השדרהדיקע חיות, צ. ב. פֿון די פֿויגל אָדער פֿלעדערמייז, וועלכע זענען תמיד נאָר פֿליגל־אַרטיק אומגעפֿאָרמטע פֿאָדערשטע פֿיס.

איצט שטעל דיר נאָך פֿאָר, אַז די דאָזיקע אינסעקטן האָבן זיך נאָך אַ געוויסער בשותּפֿותדיקער אור־פֿאָרם צוטיילט אין פֿאַרשידענע גרופּן. אַזאַ גרופּע זענען געווען די שמעטערלינגען, אַזאַ גרופּע זענען געווען די זשוקעס, די פֿליגן, די וואַנצן, די היישעריקעס און די פֿרייסן, די טערמיטן, ליבעלן און איינטאָג־פֿליגן.

און אַזאַ גרופּע זענען געווען נעבן די אַנדערע אויך די אַזוי געשפּיצטע הויטפֿליגלדיקע אָדער בינען.

צו די דאָזיקע הויט־פֿליגלדיקע פֿאַררעכנט דער נאַטור־פֿאָרשער, אַחוץ דער בין, אויך די ערד־בין און וועספּע, און ער פֿאַרייניקט צו זיי אויך די מוראַשקעס.

די דאָזיקע הויט־פֿליגלדיקע קאָן מען באַטראַכטן אַלס דעם העכסטן אַנטוויקלונגס־פּונקט פֿון דעם גאַנצן אינסעקטן־געשלעכט. און אַזוי ווי דאָס אינסעקט אַליין איז שוין דער העכסטער אַנטוויקלונגס־פּונקט פֿון דער גלידער־חיות־וועלט, — שטייען מיר דאָ מיט דעם זומענדיקן בינעלע אויפֿן שפּיץ פֿון העכסטן טורעם אין דעם דאָזיקן ווינקל פֿון דער חיות־וועלט, איבער וועלכן ס׳האָט

וועלכע האָט זיך דאָך ענדלעך אין דעם פאַרשטאַרטן געבוי פון
דער דאָזיקער מלוכה אָנגעשטויסן אויף אַ וואַנט.

אַ טרויעריקע מעלאָדיע אין גרונט גענומען. אָבער אַן אויס־
סערגעוויינלעך־מעכטיקע. דו קענסט זי קוים. דו האָסט מסתמא
געהערט פון דער בין און איר מלוכה. פון דער דראָן־בין, פון דער
בינען־קעניגין. איבערפלעכלעך, ווי מען הערט הייגט פון טויזנ־
טער זאַכן. דאָס כאַראַקטעריסטישע פון אונזער מאָדערנער בילדונג
איז דאָך טאַקע דאָס, וואָס זי וואַרפט דיר אַלץ אַריין אין קאָפּ,
פון אַריאַן ביז צו דער אינפוזאָריע, אַלס וואָרט. און מיט דעם
וואָרט ענדיקט זיך; די זאַך אַליין בלייבט דיר פרעמד, גלייך ווי
דאָס וואָרט וואָלט זי אָוועקגעהרגעט. וועגן דעם אייגנטלעכן ליבע־
ראָמאַן פון דער בין ווייסטו גאָרנישט. דו ווייסט נישט, אַז דאָ
הייבט זיך ווידער אָן אַ גרויס קאַפּיטל, וואָס גרייכט ביזן האַרץ
פון דיינע טיפסטע מענטשלעכע פראַגן. הער אויס.

אָט פליט זי דורך, די קליינע האָריקע שיינע בין, און אָט נאָך
איינע און נאָך איינע. פון בלום צו בלום, אויפן באַקאַנטן בינען־
שטייגער, וועלכן סיקאָן יעדער קינד. דאָס איז נישט סתם אַ גע־
וווינהייט. אויך נישט סתם קיין דערנערונג. זיי זאַמלען עפּעס,
זיי „אַרבעטן". דאָ ווערט בלומען־האָניק אַריינגעזויגט, דאָרט וואַ־
סער. דאָ ווערט בלומען־שטויב (זוימען) צוגעקלעפּט צו די בערש־
טעלעך פון די הינטערשטע פיסלעך און אַזוי אַרום אַוועקגעטראָגן
דאָרט — סמאָלע. אָבער קודם כל: וואָס איז בכלל אַזאַ מין בין?
אַן אינסעקט.

טו ווידער אויף גיך אַ לויף דורך די גרויסע לייטער פון
דער איינצעלנערדיקער אור־חיה צו דער גאַסטראַעאַ, וועלכע האָט
די ערשטע באַקומען אַ מאָגן. פון דאַנען איז עס אַוועק ליניעס צו
די פּאָליפּן און רעכטס צום וואָרים. פון דעם וואָרים האָבן זיך
ווייטער אַנטוויקלט אייניקע העכערע חיות־שטאַמען. איינער האָט
געפירט צו דער חוט־השדרה־דיקער חיה, צו דיר. אַן אַנדערער
האָט זיך אָבער געצויגן דורכן רעגנוואָרים צום קרעבס, צו דער
אַסטל, צום שפּין. און ענדלעך איז עס אויף דער דאָזיקער ליניע
ווי עס איז דערגאַנגען צום אינסעקט.

און די אויסגעאָנגריפלטע

װילן אַלץ נאָך װייטער,

העכעריק און בעסעריק

נאָך דעם אומדערגרייכלעכן".

פאוסט, צווייטער טייל.

גיב אַהער דיין קאָפּ אין די ווילדע לאַנקעבלומען, ווי אין אַ דערנער־קראַנץ. דעם מידן מענטשלעכן קאָפּ, אויף וועלכן ליגט אַזאַ שווערע לאַסט פון פילאָזאָפיע. וואָס וויל די וועלט באַגרייפן, פון פייערדיקן כאַרמל פון אָריאָן ביז צום וואַלוואַקס, וועלכער שווימט מיט זיין וועלט־קויל דורך אַ קליינעם טראָפּן ערדישן וואַסער.

צי הערסטו דאָס שטילע געזאַנג פון דער בין, וועלכע טראָגט זיך פון בלום צו בלום? זי פאַרשווינדט ווי אין ליכט, ווי אַ הימלישע זון־שטיבעלע, און איר צאַרטע פליגל־מעלאָדיע קלינגט שוין ווייט־ווייט. פילאָזאָפיע, אַלץ פילאָזאָפיע. ווידער אַ וועלט פון פּראָבלעמען אין דער דאָזיקער קליינער בין צווישן די לאַנקע־בלומען. און ווידער די טיפסטע ליבע־פילאָזאָפיע.

דו קענסט די לעגענדע פון דעם הייליקן, וואָס האָט זיך געקלאָגט פאַר זיין גאָט, אַז די וועלט איז פאַר זיין געדאַנק צו ענג? האָט אים גאָט געשענקט די אויגן פאַר דעם סוד פון אַ זון־שטיבעלע. טויזנט יאָר איז אַוועק, איידער גאָט איז ווידער צו אים געקומען אויף דער ערד. און דער הייליקער איז נאָך אַלץ געזעסן און נאָכגעקוקט דעם זון־שטיבעלע, ער איז געווען נאָך נאָר ביים אָנהויב...

קום מיט אין געדאַנק מיט דער בין. און אויך איר שטיל, פרוימענטדיק־צאַרט זומען וועט זיך פאַר דיר אַנטפּלעקן ווי אַ ריזיקע מעלאָדיע. דער עפּאָס פון דער ליבע, וועלכע איז געוואָרן אַ מלוכה. וועלכע האָט זיך אין דער מלוכה פאַנאַנדערגעבליט. און

דאָס דאָזיקע שטיקעלע צופאַל וואָלט נישט געווען, וואָלטן מיר היינט דאָ אויבן געהאַט גאָר אַן אַנדערן שפּיל!

אָבער וואָס זעען מיר באמת? די אַנטוויקלונג וואָלט דאָך סוף כל סוף אַוועק אויף איר וועג, און דער רעזולטאַט וואָלט סוף כל סוף געווען דערזעלבער. דער „צופאַל", ווען ער זאָל אויספאַלן אַנדערש, וואָלט נישט געענדערט די גאַנצע גרויסע ליניע; ער וואָלט בלויז געענדערט די אָרדנונג פון די באַזונדערע קאַליידאָסקאָפּבילדער. טייל זאַכן, וועלכע זענען אַזוי שוין פרי דערגרייכט געוואָרן, וואָלטן ערשט שפּעטער געמוזט דורכגעמאַכט ווערן, דערפאַר וואָלטן מסתמא אַנדערע געקומען פריער.

איך רעכן, אַז דו פאַרשטייסט מיך גוט. גראַד ווען דו טראַכטסט דורך די אַנטוויקלונג אויף אַ פאַרקערטער ליניע אין זין פון דעם שטאַכעלן מעגלעכקייטשפּיל, פילסטו ווי פעסט עס איז דער באָדן פון די אמתע דעראָבערונגען פון דער מענטשלעכער קולטור. דיין באַוווּסטזיין זעט, ווי גלייך און זיכער שרייט דער לאָגישער „פּראָגרעס" דורך אַלע מעגלעכע ענדערונגען פון קאַליידאָסקאָפּ און דורך אַלע אויבערלעכע „צופעליקייטן". אָבער ווען דו קוקסט און כאַפּסט זיך אַז וועלכער ס'איז אויסערלעכער מאַראַל־פאָרם, אַז וועלכן ס'איז אויסערלעכן געשעעניש פון דעם מענטשלעכן קולטור־וועג, וואָס ליגט הינטער אונז, איז — פאַרמאַכנדיק די אויגן אויף דער אַנטוויקלונג — ווילסט דערין מיט געוואַלט זען דעם צייכן פון דער אַבסאָלוטער „וועלט־אָרדנונג" אין זין פון אַן אייביקן וועלט־געזעץ — פאַלסטו זיכער אַריין אין אַ טעות.

צוליב דער ליבע די גאַנצע גילטיקע מאָראַל, וואָלט קיין שאַרפֿערן, קיין אומגעהויערן ביישפּיל נישט געקאָנט געפֿינען, ווי „זאָלסט ליבן אַפֿילו דיין מוטער...“ דער ים פֿון זיין צייט וואָלט זיכער אויפֿגעקאָכט אין ווילדן שטורעם און וואָלט אים איינגעשלונגען פֿאַר דער דאָזיקער ווילדער פֿאָדערונג. שפּעטער אָבער וואָלט מען עס דאָך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו גלויבן, מען וואָלט זיך שווער אָנגעהויבן צוגעוווינען צום געדאַנק, פּונקט ווי מיר האָבן סוף כל סוף פֿאַרשטאַנען, אָדער הויבן ווייניקסטנס אָן צו פֿאַרשטיין, אַז מען דאַרף אַ ל ע מענטשן ליב האָבן...

און דאָס אינטערעסאַנטסטע אין דעם דאָזיקן טרוים איז דאָס, וואָס ד ע ר ר ע ז ו ל ט אַ ט פֿון דער אַנטוויקלונג וואָלט סוף כל סוף געבליבן ד ע ר ז ע ל ב ע ר. די מענטשהייט וואָלט אפֿשר נאָר געהאַט מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר מער מאָראַלישן פֿרייהייטס־קאַמף. דאָס, וואָס זי האָט ביי אונדז שוין געירשנט פֿון דער חיה, וואָלט זי ערשט אַליין געמוזט אויסקעמפֿן אין איר קולטור־רעלער אַנטוויקלונג. אָבער אויסגעקעמפֿט וואָלט זי עס דאָך, דאָס איז אינגאַנצן זיכער! ער וואָלט סוף כל סוף געמוזט קומען, יענער גרויסער נביא פֿון דער מוטער־ליבע. די מוטער־ליבע איז אַן עטאַפּ פֿון דער מענטשהייט־ליבע. מיר האָבן זי גלייך באַקומען אַלס אויסגאַנגס־פּונקט. דאָרט וואָלט מען אָבער ערשט אויך דעם דאָזיקן עטאַפּ געמוזט געווינען. אָבער קומען וואָלט ער געמוזט אויף דערזעלבער לאָגישער ליניע.

און דערפֿאַר האָב איך דיר אייגנטלעך אַנטוויקלט דעם דאָזיקן גאַנצן געדאַנקענגאַנג. געשיכטלעך איז עס, אמת, געווען אַ נויטווענדיקייט, אַז נישט פֿון שטעק־פֿיש, נאָר פֿון אַן אַנדערער ליניע זאָל אַרויסקומען דער מענטש. אָבער טראַכט די, וועלכע האָבן זיך אויבערפֿלעכלעך אָנגעהויבן מיט דאַרוויניסטישע געדאַנקען, האָבן אָפּט ליב צו רעדן וועגן דער „צופֿעליקייט“ פֿון דער גאַנצער אַנטוויקלונג. דאָס שטיקעלע ביין אָדער נערוון־סובסטאַנץ, אָדער די אַנדערע מעטאָדע פֿון אַטאָמען, אָדער וועלכער פֿאַרן אַנדערער קליינער „צופֿאַל“ האָט אויסגעפֿירט די אַנטוויקלונג פֿון מענטש נישט דורך דעם שטעק־פֿיש, נאָר דורך דעם טאָלך־פֿיש. און גוט

דער שמאַכעלינסקי איז אַ פֿיש פֿון דעם מין אַזוי גערופֿענע „ביינער־פֿיש". אַביסל ווייטער נאָך דעם דאָזיקן מין האָט זיך די אַנטוויקלונגס־צווייַג פֿון מענטש אָפּגעטיילט פֿון דער אַנטוויקלונגס־צווייַג פֿון פֿיש. דער פֿיש, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט ביז צום שמאַכעלינסקי, איז געבליבן שטיין. דער מאָלך־פֿיש האָט זיך אָבער ווייטער אַנטוויקלט, איז געוואָרן אַמפֿיביע, שרץ, זויג־חיה, מענטש. היינט זעסטו די דאָזיקע צוויי צווייַגן פֿון ריזיקן בוים ווידער אייגנע נעבן דער אַנדערער. און איינע איז דער הער פֿון דער ערד, פֿון זיין גוטן ווילן איז אַפֿילו אָפּהענגיק די עקזיס־טענץ פֿון דעם אַנדערן. דער קליינער שטעקן־פֿיש ווערט נישט געגעסן פֿון מענטש; טייל האַלטן אים אַפֿילו פֿאַר אומגעזונט. דעריבער קאָן אים דער מענטש אַמאָל אויסראָטן צוזאַמען מיט זיין גאַנצער וווּנדערלעכער ליבע־טראַדיציע.

אָבער ווען מען גיט אַ מינוט אַ טראַכט: וואָס וואָלט געווען, ווען די מענטשלעכע אַנטוויקלונג וואָלט געגאַנגען פֿאַרקערט, דורך דעם שמאַכעלינסקי? ווען היינט וואָלט נישט דער מענטש, אַזוי ווי מיר זעען אים איצט, געווען דער הער פֿון דער ערד, נאָר וועל־כער ס'איז אור־אייניקל פֿון דעם שטעקן־פֿיש?

דער שמאַכעלינסקי וואָלט דערביי, נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער העכערער אַנטוויקלונג, מיטגענומען זיין משונהדיקן אופֿן פֿון ליבן זיך אין זיין קולטור אַריין. וואָס פֿאַר אַן אַנדערע לאַגע וואָלט דעמאָלט אויף דער וועלט געווען!

די קולטור־געשיכטע וואָלט זיך אָנגעהויבן מיט אַ מאָראַל, לויט וועלכער די מוטער וואָלט געווען דער נאַטירלעכער שונא פֿון אירע קינדער. די געזעצגעבונג, וועלכע וואָלט זיך אויפֿגעבויט אויף דער דאָזיקער מאָראַל, וואָלט גשראַרפֿט שאַרף אָפּטיילן: זאָלסט ליב האָבן דיין פֿאָטער און פֿיינט האָבן דיין מוטער. און אַ נביא פֿון דער דאָזיקער שמאַכעלינסקי־מענטשהייט, וועלכער וואָלט געוואָלט פֿאַרשטיין די ליבע אַזוי ברייט, ווי קיינער האָט דאָס פֿאַר אים נישט געטאָן, וועלכער וואָלט געוואָלט איבערקערן

זאַכן, צוזאַמענהאַנגען, אידעאַלן און האָפענונגען, וועלכע וועלן אונז לאַנג־לאַנג איבערלעבן. די שאַנסן פון אַ אינדיווידועלן לעבן נאָכן טויט אין וועלכער ס׳איז פאָרם זענען פאַר אונז פאַרבאָרגן אין אַ טיפן נעפּל. אַזוי אַרום זעען מיר פאַר זיך די אומשטערבלעכ־קייט אין קינד אַלס דעם איינציקן גאָלדענעם פאָדעם, מיט וועלכן מיר ציען זיך צו דער אייביקייט. מעגן טייל צווייפלען דערין, צי קאָנען מיר אינגאַנצן זיכער זיין, אַז אונזערע אָנגעהויבענע ווערק וועלן צוגרונט קומען די קינדער, אַז דאָס אייניקל וועט לייענען דעם פערז, וועלכן מיר האָבן געדיכטעט, און וועט זיך פרייען מיט דער פאַרבעסערונג, פאַר וועלכער מיר האָבן זיך געקעמפט: אָבער מען קאָן דאָך נישט אָפּלייקענען, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך דעם איינציקן בליק אין דער צוקונפט, — דעם איינציקן בליק, פון וועלכן ס׳וואָלט אונז אַזוי שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן. די דאָזיקע נויטווענדיקייט פון קינד גראָד פאַר אונזער לאַגע אַלס אינדיווידואום צושטערט יענעם גאַנצן פריערדיקן געדאַנקענגאַנג. און דעריבער דאַרפסטו זיך נישט שרעקן פאַר דעם גאַנצן קאַמף פון דעם אינדיווידואַליזם אין אונזער צייט אויף דעם דאָזיקן פונקט: דעם אידעאַל פון דער חתונה קאָן ער נישט אָפּלייקענען.

דער קאַמף וועט אויפהערן, די קאָנסטאַנטן וועלן זיך ווידער אויס־גלייכן. עס וועט קומען אַ צייט, און דאָס אַלץ וועט ווידער קומען צו אַ העכערער מדרגה. דעמאָלט וועסטו דו זיין דער דיפּלאָמאַטן און סינגאַמוס, די באַנעליאַ און דער וואַרצל־קרעבס, דער שפּין און שמאַכעלינסקי. שוין דעריבער נישט אָפּ די דאָזיקע אַלטע קעמפּער. לערן פון זיי. פאַרשטעל דיר נישט די אויגן דערמיט, אַז דאָס, וואָס דו זעסט איז נאָר אַן אַלטע משתגעת פון דער נאַ־טור. עס איז דיין משוגעת, אויב עס איז אַ משוגעת. גלויבסט אָבער אַן ליבע, ליכט אין דער אומענדלעכער אַנטוויקלונג פון לעבן, — ליכט, פון וועלכן די וועלטן ריכטן, ווי זילבערנער שטויב, ליכט אין דיר, אין דיין זון־אויג — דאַן איז עס דיין ליכט, וואָס ציטערט שוין אויך דאָרט שטיל, ווי אַ בלוי שטערנדל...

אַרבעט פון *ביידע* געשלעכטער — דעמאָלט וועט זיך אויפבויען די העכערע שטופע פון דער חתונה. ווייל די לאָגיק פון איר אַנטשטייאונג איז נישט געלעגן אין דער פאַרגוואַלטיקונג פון איין טייל, נאָר אין דער געמיינזאַמער אַרבעט פון ביידע. דער נוצן פאַרן קינד האָט אין אָנהויב געשאַפן די צוטיילונג פון די געשלעכטער. צוליב דעם דאָזיקן קינד און פאַר זיין טובה (דאָס הייסט פאַר דער טובה פון דער גאַנצער אַנטוויקלונג) זענען זיך שפּעטער די געשלעכטער ווידער צונויפגעקומען אין אַ העכערער פאַראייניקונג. אין בוכשטעבלעכסטן זין האָט דאָס *קינד געשיכטלעך געשאַפן* אי די עלטערן, אי די חתונה. עס איז אָבער אויף דער דאָזיקער ליניע גאָרנישט נויטיק געווען, אַז איינער פון די עלטערן זאָל דערביי דעגענערירן, פאַרקערט.

נאָר ווען דו שטרייכסט אויס, לשם אינדיווידואַליזם, די אידעע פון דער אַנטוויקלונג, דאָס הייסט, דאָס קינד און די גאַנצע ווייטערדיקע דורות־קייט, פון חשבון קורצן אינדיווידועלן לעבן פון דעם מאַן און פון דער פרוי, קאָנסטו קומען צו דער אַפּלייקענונג פון דער חתונה. עס איז איבעריק נאָך צו ערקלערן, אַז אַזאַ אינדיווידואַליזם וואָלט באַטייט דעם טויט פון דער מענטשהייט. מיר ווייסן, אַז אַזאַ מין אינדיווידואַליזם וועט זיך תמיד אָנשטויסן אויף דעם פאַקט, אַז אַ געזונטע פרוי, וועט (נישט קוקנדיק אויף אַלע ווייען פון דער געבורט) זיך קיינמאָל נישט וועלן אָפּזאָגן פון קינד, ווייל גראָד דאָס קינד איז איינער פון די שענסטע טיילן פון איר אינדיווידואַליטעט. און סוף כל סוף גילט דאָס אויך — הגם דאָס ווערט אָפט אָפּגעלייקנט — אויך פאַרן מאַן. און אונזער גאַנץ לעבן, מיט וועלכן מיר זענען אַזוי פאַרבונדן, איז צו וווּנדערלעך אויפגעבויט גראָד אויף דעם דאָזיקן באָדן, אַז מיר זאָלן זיך קאָנען פון אים אָפּזאָגן. פון איין זייט איז דאָס דאָזיקע לעבן אין דער איינציקער פאָרם, וועלכער מיר קאָנען באַגרייפן פאַר אונז, אַלס אינדיווידואומס, אויסערגעוויינלעך קורץ, — איינגאַנצן עטלעכע יאָר דויערט עס. און פון דער צווייטער זייט — ווי עגאָאיסטיש מיר זאָלן נישט זיין — שאַפן מיר און לעבן אין משך פון די דאָזיקע עטלעכע יאָר אַזוי פיל ווערטן,

געהאַט אין זיך אַזאַ דאָפּלטע קראַפט, וואָס האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט לייכט איבערצוטראָגן די דערמאָנטע צונויף־לאַפּס. דערמאָן זיך אין די צירק־פרויען און דו וועסט פאַרשטיין, וואָס עס קאָן אינדיווידועל געמאַכט ווערן פון דער מוסקולאַטור פון דעם פרויען־קערפער. דערמאָן זיך אָן דעם מוח פון דער דיכטערין דראָסטע־הילסהאָף אָדער פון דער מאַטעמאַטיקערין סאָניע קאָ־וואַלעווסקי און פרעג זיך, צי ס'איז מעגלעך צו רעדן וועגן אַן אַלגעמיינער פרויען־דעגענעראַציע. אַ לייכטע באַוועגונג צו דער אָפּשוואַכונג פון דער פרוי איז פאָרגעקומען ערשט אין דער צייט פון אונזער קולטורעלער אַנטוויקלונג; דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אַזאַ קורצע ווײַלע, אַז קיין טיפע ענדע־רונגען האָט עס נישט געקאָנט אַרויסרופן. און שוין זעען מיר, ווי עס ווערט געאַרבעט, כדי די לאַגע ווידער אויסצובעסערן. מען הויבט אָן צוצוברעכן די אויסערלעכע, צופעליקע פאַרבאַריקאַדי־רונגען פון אונזער סאָציאַלן און מאָראַלישן לעבן, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרשטעלן דער פרוי דעם וועג צו דער העכערער אַנט־וויקלונג. די פרוי אַליין זעט איין, אַז זי מוז עפּעס דעריאָגן, אָבער אַז ס'איז נאָך לאַנג נישט צו שפּעט דערצו.

פיל דוכט זיך היינט, אַז דאָס איז די חתונה אַליין, אַלס אַזעלכע, שולדיק אין דער ירידה פון דער פרוי. מען מוז פאַר־ניכטן די חתונה — זאָגט מען — אויב מען וויל באמת באַפרייען די פרוי. דאָס איז אָפּהענגיק דערפון, ווי אַזוי דו ווילסט פאַר־שטיין דעם באַגריף „חתונה“: צי דו זעסט אין איר נאָר אַ באַ־שטימטע טויטע געשיכטלעכע טראַדיציע, אָדער דו פאַרשטייסט, אַז אויך אין איר שלאָגט אַן אינערלעכער לעבעדיקער אָדער. איך האַלט, אַז די חתונה האָט אין זיך אַ לאָגישן נערוו, וועלכן מיר מענטשן טאָרן נישט איבערשנײַדן. אָבער די אמתע חתונה איז נאָך דערווײַל אַ אידעאַל. זי גייט ערשט איצט דורך אונז צו איר העכערער אַנטוויקלונג. דו מוזסט זי זוכן פאָרויס, נישט הינטער דיר. ווען די געפערלעכע, שעדלעכע אונטערדריקונג פון איין גע־שלעכט וועט אויפהערן; ווען די מענטשלעכע קראַפט וועט זיך אין איר גאַנצער פראַכט פריי אַנטוויקלען דורך דער גלייכע

אינטעליגענץ פֿאַרשטיין דעם וועג, אויף וועלכן ער דאַרף גיין; דאָס, וואָס ער ווערט אַליין זיין אייגענע „פּייע נוצלעכקייט“, וועלכע האָט שוין פֿאַרשטאַנען דעם „נאַטירלעכן אויסוואַל“ און וועט אפֿשר פֿאַרשטיין נאָך אַנדערע וויכטיקע געזעצן פֿון דער אַנטוויקלונג, און וועלכער האָבן אָן די דאָזיקע געזעצן צו באַהערשן, אײַנצוצוימען און צו רעגולירן. דערין ליגט דער ווערט פֿון דער היסטאָרישער באַטראַכטונג, דער פּראַקטישער נוצן פֿון דער באַוווּסטזיניקער פֿאָרשונג פֿון דער דאָזיקער גאַנצער אור־אַלטער אַנטוויקלונג. אויך אין אונזער פּראָבלעם פֿון דעם ליבע־לעבן.

ווען מיר הערן ווידער אַ תּמיד פֿון אונזער העכסטער קולטור די באַהויפּטונג, אַז די מענטשלעכע פֿרוי איז בײַ אונדז „דאָס שוואַכערע געשלעכט“; אַז דאָס האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען דער ביאָראַיצטיקער אַנטוויקלונג, און אַז אַזוי איז עס אייביק געווען און מוז אַזוי אייביק זיין; אַז מיר מוזן זיך פּשוט רעכענען מיט דעם דאָזיקן פֿאַקט און מיר דאַרפֿן נאָר פֿעסטשטעלן גענוי אויף וויפֿיל די פֿרוי איז אָפּגעשטאַנען, כּדי נישט צו שטעלן צו איר קיין צו גרויסע פֿאָדערונגען — פֿאַרשטייסטו, וואָס מען וויל דאָ פֿאַר דיר אַרויסשטעלן אַלס אַן אייביקע וועלט־נויטווענדיקייט? דאָס איז איינע פֿון יענע געפֿאַרן, וועלכע דראָען מיט אַ שריט צוריק אונזער גאַנצער אַנטוויקלונג. צום גליק איז אָבער די געפֿאַר נישט אַזוי גרויס.

אמת, שוין בײַ דער זויג־חיה, פֿון וועלכער ס'איז אַרויסגעשטאַמען דער מענטש, זעען מיר, ווי אויף דעם ווייב ווערט אַרויפֿגעוואָרפֿן די שווערע צוגאָב־לאַסט פֿון דער לאַנגער שוואַנגערשאַפֿט און דער געפֿערלעכער געבורט פֿון דעם רייפֿן קינד און שפּעטער די שפּייזונג פֿון דעם דאָזיקן קינד מיט דער אייגענער מילך (ווי אַזוי די דאָזיקע לאַגע איז געשיכטלעך אַנטשטאַנען וועלן מיר נאָך שפּעטער אויספֿירלעך דערציילן). אָבער גראָד דאָס האָט פֿון אָנהייב אָן בשום אופֿן נישט געפֿירט צו קיין רעגענעראַציע פֿון ווייב: פֿאַרקערט, עס האָט אין איר געשאַפֿן אַ דאָפּלטע קראַפֿט, אַ קראַפֿט פֿון דער חיה און פֿון דער מוטער. עס איז ווײַטער מעגלעך, אַז אויך בײַם מענטש האָט די פֿרוי אין אָנהייב

איז אַ נעפּאַר, וואָס האָט צוריקציפּירן צו דעם צושטאַנד פֿון דער באַנעליא אָדער פֿון וואָרצל־לעבּנס. דאָרט זענען די מענער געווען דעגענערירט. אין אַלגעמיין, ווייזט אויס, איז אין אָנהייב פֿון דער אַנטוויקלונג געווען אַ טענדענץ צו פֿאַרגרינגערן די ווייב־לעכע זייט; מיר וועלן נאָך וועגן דעם רעדן ווייטער. אָבער דאָס ווייב האָט אויך געקאָנט איבערנעמען די שוואַכערע ראָל. ביים שפּין איז דאָס ווייב פֿיזיש שטאַרקער. אָבער ביים שטעך־פֿיש איז עס שוואַכער. אמת ביי דער דאָזיקער גאַנצער פֿאַר־שידנקייט פֿון די רוחות־פֿאַרהעלטנישן פֿון די געשלעכטער, איז דער עיקר תּמיד געבליבן דערזעלבער: די צונויפֿגיסונג פֿון אַ איי־מעטל און אַ זוימען־קערנדל פֿון צוויי גאַנצע אינדיווידואַלי־טעטן אין דער געשטאַלט פֿון צוויי גלייכע העלפֿטן באַזונדער. אָבער איינס פֿון די דאָזיקע קאָמפּאָנענטן פֿלעגט קומען פֿון אַ פּאָר טריפּלען מין און דאָס אַנדערע פֿון אַ גוט אַנטוויקלטן. און איצט באַמערקט, אַז די דאָזיקע היסטאָרישע אַנטוויקלונג איז אין איין שיינעם טאָג אַרײַן אין דעם ליכטיקן קרייז פֿון „מענטש". הי פֿאַרשטייסט, אַז די מענטשהייט מוז דאָ נאָך אַלץ פֿירן דעם אַלטן קאַמף, דעם קאַמף קעגן דעם דאָזיקן שונא?

אַן אומבאַגרענעצטן קאַמף האָט די דאָזיקע מענטשהייט געפֿירט מיט דער חיה: מיט דער אַרסטעלעכער חיה, וועלכע איז געשטאַנ־ען קעגן איר, ווי אַ שונא, אויף איר פּלאַנעט. דעם וואָלף און דעם בער האָט זי אויסגעראָטן אין אירע קולטור־לענדער. איצט באַזיגט זי דעם טיגער און די גיפֿטיקע שלאַנג. אויך אין דעם שווערסטן קאַמף קעגן די געפֿערלעכע באַקטעריען שטייט זי אויף דער שוועל פֿון אַ זיגרייכער פֿאַרענדיקונג. אָבער אין דער היינטיקער צייט קומט אין איר אַליין פֿאָר נאָך אַ פֿיל שווערערער קאַמף: דער קאַמף קעגן דער אינערלעכער געפֿערלעכסטער חיה אין דעם מענטש גופֿא. אין גרונט גענומען וואָלט מען דעם דאָזיקן אינערלעכן קאַמף געמעגט איבערלאָזן דעם „נאַטירלעכן אויסוואַל", וועלכער האָט דער מענטשהייט געהאָלפֿן זיך אַזוי הויך אַנטוויקלען און וועט אים אויך ווייטער העלפֿן. אָבער פֿאַר דעם מענטש איז דאָך גראָד [illegible] דאָס, וואָס ער וויל אַליין מיט זיין איינציקער

ביידע צונויף מינדעסטנס צו איין אַקט, צו דער באַהעפטונג. אין טייל פאַלן איז גובר דער פאַרייניקונגס־אינסטינקט. עס אַנטשטייט דער דיפלאַציאָן, דער סיטואַציאָן און נאָך פיל אַנדערע. אָבער דערביי באַמערקט זיך גלייך אַ געוויסער שריט צוריק. אויף איין זייט קומט פאָר אַ ירידה פון דער אינדיווידואַליטעט. צום ביישפיל ביי די זוימען־„ער"ס פון די וואָרצל־קרעבסן; די לעבערלעכע טאַנהייזער און דער גרינער באָנעליאַ. דאָס איז אַ שריט צוריק! גראָד דער אַנדערער, דער שאַרפער, דער אינדיווידואַליזירנדיקער אינדיווידואַליזירונגס־פּראָצעס ווייזט אויס צו זיין דער העכערער וועג. אָבער אויך דער דאָזיקער פּרינציפּ ברענגט אַ שאָדן, ווען ער ווערט דורכגעפירט צו שטאַרק עקסטרעם. די איזאָלירונג דערגייט אין טייל פאַלן אַזוי ווייט, אַז די געשלעכטער ווערן כמעט אינגאַנצן אָוועקגעטריבן איינס פון דעם אַנדערן. עס קומען נאָר פאָר קורצע געפערלעכע באַהעפטונגס־מאָמענטן, אָבער נישט קיין ליבע־לעבן. שפינען מאַן־און־ווייב, וואָס פרעסן זיך אויף. די שטעך־פיש „זי", וואָס ווערט אַריינגערופן אין הויז, ווי אַ פּראָסטיטוטקע, און גלייך ווידער אַרויסגעטריבן. אָבער פונדעסטוועגן איז דאָס שוין אַ ברוך צו עפּעס העכערס. די זאָרג פאַר די יונגע באַקעמפט די שטרענגע אינדיווידואַליזירונג. די זאָרג פאַר די קינדער האַלט צוזאַמען די עלטערן אויך נאָך דעם באַהעפטונגס־מאָמענט. די שטרעבונג צו אַ געשלעכטלעכער פאַרייניקונג באַקומט דערמיט אַ נייע, העכערע, אידעאַליזירטע מאַכט. עס אַנטשטייט דאָס פרייע צוזאַמענלעבן פון די עלטערן אויך אין דער ערשטער, קינדערלאָזער געשלעכטס־צייט, אַן אַבסאָלוטער שלום צווישן די געשלעכטער, וועלכער איז אָבער זייער ווייט פון אַ קעגנזייטיק צוניפּוזאַקסן, וועלכער באַקומט דעם כאַראַקטער פון אַ העכערן פאַרגייסטיקטן סאָציאַלן פאַרבאַנד: די חתונה.

און דו באַטראַכטסט אויף אַזאַ אופן, געשיכטלעך דאָס חתונה־צוזאַמענלעבן, פאַרשטייסטו בעסער די נעפאַרן, וועלכע דראָען נאָך איצט אונזער העכערער אַנטוויקלונג. די שווערסטע איז די פאַרגוואַלטיקונג פון איינעם פון די געשלעכטער. דאָס

אינדיווידואום אויפגעשטעלט אַ בריק צו אַ העכערער צוזאַמענאַרבעט צווישן מאַן און ווייב און צו אַ מער אידעאַלער נייער באַדייניקונג פון די געשלעכטער אויך נאָך דעם אייננעמלעכן געשלעכטלעבן אַקט, וועלכע האָט ווידער געהאָלפן אויסבעסערן די עקסטרעמע אינדיווידואַליזירונג און איזאָלירונג.

שפּין און שפּינעכע, שטאַכעלינסקי און שטאַכעלינסקאַ זענען יעדער פאַר זיך די שאַרפסטע אינדיווידואַליטעטן, אַזוי עקסטרעם, אַז זיי לייקענען כמעט אָפּ אפילו די ליבעסגעשאַפט, די געשלעכטלעכע באַציאונגען, — אינדיווידואום, ביי וועלכע די רויב־ און פרעס־אינסטינקטן פאַרטרייבן אפילו דעם ליבע־הונגער. דער געשלעכטלעכער אַקט, אלס אַזעלכער, איז אפילו ביי זיי אויך אומפאַרמיידלעך, ווייל אַנדערש וואָלט דער גאַנצער מין אויפגעהערט צו עקזיסטירן, אָבער ער באַגרענעצט זיך נאָר אויף אַ קורצער ווײַלע, און דערביי רינגלט אים אויך אַרום דער קאָנפליקט פון די אינסטינקטן מיט אַ לעבנס־געפאַר. דיר דוכט זיך, אַז דו ביסט דאָ זייער ווייט פון דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון חתונה־צוזאַמענלעבן. אָבער דאָך. אינמיטן פון דער גאַנצער איזאָלירונג פון די געשלעכטער קומען פלוצלונג אַרויס ביי דער שפּין־„זי“ די שטאַרקע מוטער־געפילן, ביים שטאַכעלינסקי די פאָטער־געפילן צו די קינדער.

דער אינדיווידואום, וואָס איז אין איין פונקט נאָענט זיך איינגאַנצן צו עמאַנציפּירן פון דער געשלעכטלעכער פאַרייניקונג, ווערט אויף אַ צווייטן פונקט, וואָס געהערט זיך אָן מיט דעם געשלעכטלעכן לעבן, ווידער צוגעבונדן צו עפּעס, וואָס מאַכט צונישט זיין גאַנצע איזאָלירונג אלס אינדיווידואום, און וואָס וואָלט געווען, ווען פון דעם דאָזיקן פונקט זאָל ווידער אַרויסוואַקסן די נייטווענדיקייט פון אַ פאַרייניקטן דאָפּלט־לעבן? ווען ס׳זאָל זיך מאַכן, אַז די פרוי שפּין און דער הער שטאַכעלינסקי וועלן נישט קאָנען אַליין ווי געהעריק אויספירן די עלטערן־פליכטן און זיי וועלן דערצו באַדאַרפן די הילף פון אַ צווייטער בריאה? עס איז קלאָר, אַז אין אַזאַ פאַל וואָלט די צווייטע עלטערלעכע געשלעכטלעכע העלפט געווען דער בעסטער פאַרטנער. און דעמאָלט וואָלט נישט

דיווידואומס האָבן געקאָנט אַנטשטיין ערשט אויף אַ געוויסער הייך פון דער ווייטערדיקער, גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער חיות־וועלט.

די דאָזיקע אָפּזונדערונג פון די אינדיווידואומס האָט אין אָנפאַנג אויסגעזען ווי אַ שאַרפע צעשיידונג פון די געשלעכטער. פון דער אומבאַהאָלפענער צונויפוואַקסונג פון דער דיפּלאָצאָאָן און סינגאַמוס האָט דער אַנטוויקלונגס־וועג געפירט צו דער אמתער באַוווּסטזיניקער הילפס־גרייטער, סאָציאַלער פאַראייניקונג פון צוויי העכערע זעלבסטשטענדיקע אינדיווידואומס. אָבער אויף דעם דאָזיקן אַנטוויקלונגס־וועג האָבן זיכער געמוזט זיין אַזעלכע שטופן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט ווייטערע שפּורן אין די ליבע־קאָמעדיעס פון שפּין און שטאַכעלינסקי.

דו זעסט דאָ נאָר די פאַרשטיינערטע עקסטרעמען פון דעם גישטערדיקן איבערגאַנג. אין דעם עקסטרעם פון די עקסטרעמען, ביי וועלכן די געשלעכטער פון איין און דעמזעלבן מין האָבן זיך אַזוי שאַרף אָפּגעטיילט איינס פון אַנדערן, אַז ביי דער ליבע־באַגעגענונג קומט צום קאָנפליקט פון די אינסטינקטן: „פרעסן" און „ליבן".

אָבער אַז דו געפינסט זיך דאָ, נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער ווילדקייט, שוין זייער נאָענט צו דער אידעאַלער חיהשדיקער חתונה, דערקענסטו דערפון, ווי שטאַרק עס קומען שוין אין די ביידע פאַלן צום אויסדרוק די עלטערן־געפילן.

אמת, די דאָזיקע געפילן זענען אין יעדן פון די ביידע פאַלן פאַראַן נאָר ביי איינעם פון די געשלעכטער, אָבער — און דאָס איז ווערט צו באַמערקן — אין איין פאַל ביי דער מוטער און אין אַנדערן ביים פאָטער. איך וועל מיט דיר ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, ווען מיר וועלן צוקומען נאָענט צום מענטש, נאָך רעדן וועגן די עלטערן־געפילן. איצט נעם דערווייל אָן די דאָזיקע געפילן איינפאַך פאַר איינער פון די גרונט־ערשיינונגען פון חיהשדיקן לעבן, וועלכע האָט אין זיך שוין אַ גרויסן טייל „נשמה־דיקייט".

אַלנפאַלס האָט זיך דורך דער דאָזיקער נייער אויפגאַבע פון

קעמפֿט מיט אַנדערע מענער, צושטערט דאָס נעסט און אויפֿפֿרעסן די אייער. „די פֿרוי איז ביטער“.

דו באַמערקסט, פֿאַרוואָס כ'האָב דיר דערציילט וועגן שטערמעלינסקי גלייך נאָך דעם שפּין.

דאָרט האָסטו געזען די קאָנקורענץ צווישן דעם איינפֿאַכן פֿרעס־אַפּעטיט און דעם עראָטישן געפֿיל: דאָס ווייב, וואָס פֿרעסט אויף דעם מאַן אין מאָמענט פֿון דער צאַרטסטער אומאַרמונג. דאָס זעלבע ווייב ווערט אָבער שפּעטער אַן אידעאַלע מוטער. דאָ אָבער האָסטו דעם קאָנפֿליקט צווישן דעם פֿרעס־פֿאַרלאַנג מיט די מוטער־געפֿילן: די מוטער, וואָס פֿרעסט אויף אירע אייגענע קינדער. דערפֿאַר אָבער וואַקסט דאָ אומגעהויער אויס דאָס פֿאָטער־געפֿיל.

אין ביידע פֿאַלן לעבן די געשלעכטער ווייט איינס פֿון אַנדערן, אַזוי ווייט, אַז מאַן און ווייב באַגעגענען זיך, אַחוץ אין גאַנץ קורצן מאָמענט, ווי שונאים, ווי ווילדע קאָנקורענטן.

וואָס פֿאַר אַ געוואַלטיקער אונטערשיד: דערמאָן זיך אָן דעם משונהדיקן סינגאַמוס און פֿויגל־האַלז, ביי וועלכן מאַן און ווייב לעבן זייער גאַנץ לעבן אין דער ענגסטער געשלעכטלעכער באַהעפֿטונג; דערמאָן זיך אָן דעם משונה־ווילדן דיפּלאָזאָאָן, ביי וועלכן צוויי הערמאַפֿראָדיטן וואַקסן זיך נאָר צונויף אין דער באַהעפֿטונג אויפֿן גאַנצן לעבן.

דער שפּין און דער שטעך־פֿיש שטייען פֿיל העכער אין דער אַנטוויקלונג, ווי דער דיפּלאָזאָאָן און דער סינגאַמוס. זאָל דאָס נישט זיין אַ סימן, אַז די העכערע אַנטוויקלונג האָט געשטרעבט צו אַ צעשיידונג פֿון די געשלעכטער, צו אַ צעשטערונג פֿון דער חתונה? האָב אָבער נישט קיין טעות.

מיר זענען נאָך דאָ אייגנטלעך גאַרנישט צוגעקומען צו דער אמתער חתונה. דו געפֿינסט שוין, אמת, די חתונה אין דער חיות־וועלט לאַנג פֿאַרן מענטש. מיר וועלן נאָך דערפֿון נעמען רעדן. אָבער די חתונה איז מעגלעך געוואָרן ערשט ביי צוויי אינגאַנצן אָפּגעזונדערטע, זעלבסטשטענדיקע אינדיווידואומס. אין אַזעלכע אייג־

און לאָזט אויך זי ליגן אַ פּאָר אייער. פון מאַכאַמאַמישע באַגריפן איז ער איבערגעצייגט ווייט. דאָס „ווייב" האָט פאַר אים נאָר איין צוועק: צו ליגן אייער. וועגן אינדיווידואַליטעט זאָרגט ער זיך אַבסאָלוט נישט, שוין פאַרשטייט זיך, וואָס אַנדערע אינטערעסן נאַרישע, וועלכע טויגן אַפּילו נישט צום אייער־געשעפט, ווערן אין גאַנצן אַוועקגעיאָגט. קוים איז דערגרייכט די געהעריקע צאָל אייער, נעמט די גאַנצע ווייבער־פריינטשאַפט אַ סוף.

ווי איז דער „זי" — צי זאָל דאָס זיין אַזעלכע, וואָס האָט פאַר אים געלייגט אייער, אָדער אַ פרעמדע, — וואָס דערנענטערט זיך שפּעטער צום געסט; מיט דער העכסטער ברוטאַליטעט ווערט זי פאַרטריבן. די דאָזיקע ברוטאַליטעט איז, איבעריקנס, אינגאַנצן באַרעכטיקט, ווייל די דאָזיקע ווייבער, און הויפּטזעכלעך גראָד די, וואָס האָבן זייערע אייער אין נעסט, דערנענטערן זיך נאָר, כדי דאָס נעסט צוצעשטערן און, פריי פון אַלע מוטערשע געפילן, צעצורייבן די אייער און זיי אויפצופרעסן...

ווי נאָר דער שטאַכעליגסקי באַפרייט זיך פון די אַלע נעפאַרן, הייבט ער ווידער אָן אַ געוויסע צייט צו לעבן ווי אַ שטרענגער פרוש, פונקט ווי דעמאָלט, ווען ער האָט געבויט דאָס נעסט.

אין ערך צען טאָג דאַרפן די אייער אָפּליגן אין דער פאַרמאַכטער נעסט, כדי צו שענקען דאָס לעבן קליינינקע יונגע פישעלעך.

דורך דער גאַנצער צייט פאַרלאָזט דער אַלטער אויף קיין איין מינוט נישט דאָס נעסט.

יעדע מינדעסטע באַשעדיקונג, וועלכע דאָס וואַסער מאַכט אין נעסט, ווערט מאָמענטאַל אויסגעבעסערט. אָפט ערשיינט ער ביים אריינגאַנג און פירט אריין מיט אַ לייכטער באַוועגונג פון די פלוספעדערן פריש וואַסער אין נעסט, כדי צו געבן די אייער דעם זויער־שטאָף, וועלכן זיי דאַרפן האָבן פאַר זייער פאַרבאָרגן שפּראָצל־לעבן.

עס זעט אויס, ווי יעדער פון די דאָזיקע שטעך־פיש־פאָטערס וואָלט שוין געהאַט אַ לאַנגע קייט נוצלעכע דערפאַרונגען, — דערפאַרונגען, וועלכע ער אַליין, אין זיין אינדיווידועלער עקזיסטענ־

ליבסטער, אַז זי זאָל מיט אים אַריין אינעווייניק. אויב זי פאַרשטייט נישט, דערוואַכט ביי אים אַ שטריק פון זיין ווילדן טעמפּעראַמענט: ער הייבט זיך צו צו איר און הייבט זי אָן גראָב אַריינצושטופּן אין דער עפענונג; ער קיצלט זי מיט די נאָדלען און שלאָגט זי לייכט מיטן עק.

אויב דאָס העלפט אויך נישט, פּלאַצט ביי אים דאָס געדולד: ער קאָן באַקומען אַנדערע „ווייבער", וויפיל זיין האַרץ גלוסט. און ער פאַרטרייבט ברוטאַל די נאַרישע שטאָכעלינסקע און ברענגט זיך צו פירן אַן אַנדערע.

סוף כל סוף לאָזט זיך איבער די ערשטע אָדער אַן אַנדערע איבעררעדן, טוט זיך אַ לאָז אַריין אין נעסט, און באַגרייפט מיט אַ מאָל דעם אייגנטלעכן זין פון דער גאַנצער געשיכטע. זי דאַרף דאָ לייגן אירע אייער...

פונקט ווי ביי אַלע פיש, דאַרף אויך דאָ די „זי" דערצו האָבן אַ געוויסע געשלעכטלעכע אויפרעגונג, וועלכע זאַמלט זיך ביי איר אָן אין אַ געוויסער מאָס שוין דורך די לאַנגע צונרייצונגען, איידער זי קומט, ענדלעך, אַריין אין נעסט. דער „ער" העלפט איר אויך מסתמא דערצו, נאָכשווימענדיק נאָך איר אין דעם נעסט אַריין און רייבנדיק זיין קערפּער אָן אירן. אַלנפאַלס: שטאָכעלינסקא פאַרלירט האַסטיק צוויי אָדער דריי אייער. באַלד דערנאָך טוט זי אַ זעץ אַרויס די וואַנט קעגנאיבער דעם אַריינגאַנג און אַנטלויפט אַהיים, צו אירע חברטעס, אין דעם פרייען ציגיינער־לאַגער פון די שטעך־פיש־ווייבער.

שטאָכעלינסקין באַהערשט דערווייל אויך דער העכסטער עראָטישער תענוג, און קוים האָט די „זי" אַרויסגעלאָזן אירע אייער, גיסט ער איבער זיי אויס דאָס נויטיקע ביסל זוימען־מילך צו דער באַפרוכטיקונג. דאָס חיוב אַליין גייט אים אין אַ מינוט אַרום מער נישט אָן.

נאָר איינס ווייסט ער: די עטלעכע אייער זענען נאָך ווייט נישט גענוג פאַר זיין פרוכפּערונג. נישט נאָר ער ק אָ ן, נאָר ער מ ו ז נאָך מער ווייבער אַהערברענגען. אויפן צווייטן טאָג לאָזט ער זיך ווידער אַרויס, שאַפט זיך ווידער אויפן זעלבן אופן אַ כלה

וואָס ער, אַלס שפּעטערדיקער פּ אַ ט ע ר, בויט אויף דאָס דאָזי־
קע נעסט אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון דעם ווייב.

שטאַכעלינסקאַ דעם ווייב וואָלט עס גאָר קיינמאָל נישט אײַנ־
געפאַלן. די שטאָט־פּישעװײַבער שטיפן נאָך אַלץ פרײַ אַרום אין
וואַסער, בײַשעת דער „ער" האָרפּילט אויף א געהיימניספולן אופן,
אַז ער דאַרף געבוירן יונגע און נעמט זיך צו דער אַרבעט פאַר זיי,
פאַר דער דערהאַלטונג פון מין. און ווי נאָר דאָס נעסט איז פאַרטיק,
פאַרלאַנגט דיזעלבע פליכט פון אים, אַז ער זאָל זיך ווײַניקסטנס
אויף א ווײַלע באַשעפטיקן מיט דער „זי". דאָ העלפן שוין נישט
קיין שום אַרויסדרייעכצן.

און שטאַכעלינסקי מוז זיך טאַקע לאָזן אויפן ביטערן וועג,
ער מוז אויף א ווײַלע אַוועקלייגן אין דער זײַט זײַן גאַנצע שטע־
כעדיקייט און זיך ווי עס איז אַהערברענגען א צווייט באַשעפע־
ניש, א „ווייב". ער טוט דאָס אָבער אַזוי, אַז עס איז אינגאַנצן
נישט ענלעך צו קיין „חתונה", נאָר גיכער צו דער אויפפירונג פון
א פאַרביסענעם בתור, וואָס אָרדנט זיך אײַן א שיינע שטוב, כדי
נאָר אויף א גאַנץ קורצער ווײַלע זיך אַרײַנצוברענגען א פרוי פון
דער גאַס...

שטאַכעלינסקי שווימט אַוועק פון נעסט און קומט צוריק
אין א קורצער צײַט אַרום מיט א שטאַכעלינסקאַ. צי באַגעגנט ער
א צופעליק פאַרבײַשווימענדיקע, וועלכע ווערט צוגעצויגן דורך זײַן
געהיימניספולער בוי־אַרבעט, אָדער ער קומט אַרײַן אין סאַמע מיטן
פון ווייבערישן לאַגער און רופט דאָרט איצט (אפשר צוליב זײַן
הערלעכן חתונה־קלייד) נישט אַרום קיין געשלעג, נאָר א געשוויסטע
נייגונג און צוציאונג — דאָס האָט מען נאָך נישט גענוי פעסט־
געשטעלט.

אָבער ווי נאָר ער איז מיט זײַן ציגיינערין אונטער פיר אויגן,
פילט זיך, ווי ס׳זעט אויס, דער שטאַכעלינסקי נישט זייער שלעכט.
ער שווימט אַרום דער „זי" און שטויסט זי צו זײַן „נעצעלט".
פאַר אירע אויגן טוט ער זיך א רוק אַרײַן אין אָפענעם אַרײַנגאַנג
און רוימט צו נאָכאַמאָל אינעווייניק ווי געהעריק. דאַן הויבט ער
אָן מיט פאַרשידענע באַוועגונגען צו געבן צו פאַרשטיין דער נאָ־

קער. האָט ער אויפגעשטעלט אַ טייל פון דער וואַנט, הייבט ער אָן אַלע ווײַלע אָפּצושווימען אַ שטיקל און זיך דאַן אַ זעץ טאָן מיטן גאַנצן קערפּער אָן דער וואַנט, כּדי צו זען, צי זי איז גענוג פעסט אויף אויסצוהאַלטן דעם דרוק. אָדער ער צערודערט דורך אַ האַסטיקער באַוועגונג פון די פלוספעדערן איבער איר דאָס וואַסער, אַזוי אַז אַלע נישט גוט צוגעקלעפּטע טיילן ווערן אַוועקגעשווענקט, און דער קליינער בוימייסטער זעט, וווּ ער דאַרף נאָך צוגעבן אַביסל קלעפּעכץ.

די גאַנצע אַרבעט זעט אויס נאָך ווּנדערלעכער צוליב דעם, וואָס דער בוימייסטער איז אַ פיש, וועלכער האָט אַלס אינסטרומענטן נאָר זײַנע פלוספעדערן און מוז זיך אויסהעלפן טיילמאָל מיטן מויל און מיט דעם גאַנצן קערפּער.

אַ שעה נאָך אַ שעה דויערט אַזוי די אומערמידלעכע אַרבעט פון אונדזער פרוש. פיר שעה דאַרף ער האָבן אויף אויפצושטעלן די רויע געבײַדע, די פײַנע פאַרענדיקונג דויערט בײַ אים אָפט פיל גאַנצע טעג. ענדלעך איז די קונסטגעבײַדע פאַרטיק: אינגאַנצן זעט זי אויס, ווי אַ מין קויל, אַזוי גרויס ווי אַ פויסט, פון אויבן אינגאַנצן געשלאָסן, און נאָר אין דער זײַט האָט זי אַ שמאָלן אַרײַנגאַנג, אַזוי ברייט ווי אַ שטעק־פּישל. טיילמאָל פאַרשיט נאָך דער שטאַכעלינסקי זײַן געבײַדע מיט שליים אַרום וואַנד אַזוי, אַז מען זעט פון איר מער נישט אָן, ווי דעם שמאָלן אַרײַנגאַנג.

שטאַכעלינסקי האָט ניט פאַר זיך אַליין אויסגעבויט דאָס הויז.

ער האָט גאָרנישט אין זינען געהאַט זיך אויפצושטעלן אַ פרוש־געצעלט. עס האָט זיך אין אים דערוועקט דער גרויסער סוד: דער בליק אין דער צוקונפט, וווּ סיוועלן זײַן נײַע, יונגע ברואים, וועלכע זײַן אייגענער זוימען וועט געבוירן, און וועלכע וועלן ווײַטער פירן דאָס לעבן פון זײַן מין. דאָס געצעלט, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי אויפגעשטעלט, איז אַ נעסט, — אַ נעסט וווּ די יונגע וועלן זיך אויפהאַלטן אין דער ערשטער צײַט פון זייער אַנטוויקלונג.

שטאַכעלינסקי איז אין דעם פאַל אָריגינעל בלויז דערמיט,

אומאויפהערלעכע איבעררײַסונג, לאָזט אים דאָס דאָזיקע הערלעכע פֿאַרבן־קלייד נישט אָפּ: דעם דאָזיקן צושטאַנד רופֿט מען אָן: „חתונה־קלייד“. אָבער אונזער שטאַכעלינסקי טראַכט נאָך דער־ווייל גאָרנישט וועגן חתונה.

אויב פֿריער האָט ער נאָר געזוכט מיט וועמען זיך צו שלאָגן, באַפֿאַלט אים איצט אַ פֿילשטיינערישע וועלט־באַטראַכטונג. ער הערט פּלוצלינג אויף פֿריי אַרומצושטיפֿן און וואַנדער. ער זוכט זיך אָפּ ערגעץ אַ האַרטן פּונקט, וועלכן ער וויל, ווייזט אויס, מער נישט פֿאַרלאָזן. קומט עמיץ אַהערצו — אַלץ איינס מאַן צי ווייב — ווערט ער גלייך ווילד פֿאַרטריבן. אָבער ווי נאָר עס ווערט אַרום אַלץ רואיק, הויבט ער אָן אַ געהיימניספֿולע אַרבעט.

קודם כל הויבט ער אָן צונויפֿצושלעפּן פֿאַרשידן מאַטעריאַל, וואָס דער וואַסער־גרונט גיט אים נאָר: וואָרצלען, שטיקער פֿון וואַסער־געוויקסן, שטרויעלעך. טייל זאַכן רײַסט ער נישט אַליין אָפּ און לאָזט זיי פֿריער אַראָפּפֿאַלן, כדי צו זען, צי זיי זענען גענוג שווער. נאָר דעם שווערן בלאַט, די שווערע שטרוי נעמט ער מיט. אויף דעם געהעריקן אָרט, אין טייך (דער שטאַכעלינסקי לעבט אין טייך פּונקט אַזוי באַקוועם, ווי אין ים) געוויינלעך אויפֿן זאַמדיקן גרונט, איבער וועלכן דאָס וואַסער שטייט נישט, נאָר פֿליסט אין אייביקער באַוועגונג, ווערט דאָס רוי־מאַטעריאַל אָנגעזאַמלט, און דאָן ווערט פֿון דעם אויפֿגעשטעלט אַ קונסטפֿולע, גוט־באַפֿעסטיקטע געביידע.

די געביידע ווערט אויפֿגעשטעלט איבער אַ גריבל אין זאַמד, וואָס ווערט באַפֿעסטיקט דורך קליינע שטיינדעלעך. די ווענט שטעלט אויף דער קלײנער בוים־מײַסטער (שטאַכעלינסקי האָט נישט קיין צען צענטימעטער אין דער לענג, אָפֿט נאָך פֿיל ווייניקער) שיכט ביי שיכט פֿון די שטיקער וואָרצל, בלעטער און שטרויעלעך. די באַזונדערע שטיקער קלײַבט ער צונויף מיט אַ געוויסער קלע־פּעדיקער פליסיקייט, וועלכע ער האָט ביי זיך אין קערפּער: ווען די שיכט ליגט אוועקגעלייגט אויפֿן געהעריקן אָרט, שפּרייט ער איבער איר אויס זיין קערפּער און גיסט אויס אַ דיקן טראָפּן פֿון דער סובסטאַנץ, וועלכע קלעפּט באַלד צונויף די באַזונדערע שטי־

דאָס „ווייב" איז זיין פֿון אַ געליבטן באַשעפֿעניש אָדער נאָר פֿון אַ געמיינער הילפֿערין אין קאַמף און אין דער אַרבעט, עקזיס־טירט גאָרנישט פֿאַר דעם דויבערישן שטערן־אינדיווידואַליסט. ער פֿאָלגט אַמאָל צופֿעליק אַריין אין ייִדישן אַ חבֿרה „זווייבער", וועלכע האַלטן זיך געוויינטלעך אויף באַזונדער, נאָענט צו דער אַרבעטער־פֿעלער פֿון וואַסער, בשעת די מענער שווימען אַרום נאָר טיף. גאַנצע ליבע האָבן זיך דאָ באַלד צו אַ געשלעג און אַ געשטעמפּשריי, ביז דער מאַן יאָגט פֿאַנאַנדער די ווייבער און רייסט ביי זיי אַרויס דעם רויב, אָדער אַ שטאַרק ווייב צעשטעכט גוט און טרייבט אַוועק דעם מאַן, און ער מוז זיך צוריקציִען אין זיין ראַיאָן, ווי אַ געשלאָגענער יונג, וועלכן דער הירש האָט צעביילט מיט די הערנער.

אַזוי געשעען עס מאָנאַטן־איין מאָנאַטן־אויס. עס קומט אָבער אַ שעה, ווען שטאַכעלינסקי — דער מאַן דערפֿילט אין זיך אַן אומגעוויינ־לעכע אויפֿרעגונג. יענע אויפֿרעגונג, וועלכע שניידט זיך אַזוי מער־קיק אַריין אין דעם לעבן פֿון די באַשעפֿענישן. פֿון דעם גרויסן קעמערלינג־פֿאַרבאַנד פֿון דעם מעגלעכן קערפּער האָבן זיך אָפּ־געשפּאָלטן געוויסע איינצלנע קעמערלעך: אויף אַ געוויסן אָרט אינעווייניק אין קערפּער האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ סובסטאַנץ, אין וועלכער אומצייליקע קליינע קעמערלעך־אינדיווידואומס ווימלען אַרום און ווילן באַפֿרייט ווערן: דער זוימען וויל אַרויס, כדי שטאַ־כעלינסקיס אינדיווידועלע עקזיסטענץ איבערצופֿירן צו דער אומ־שטערבלעכקייט פֿון מין. די געבענטשטע שעה, ווען די יונגטלעך־גלייכגילטיקע „פֿריִען־פֿאַראַכטונג" ווערט פֿאַרוואַנדלט אין דעם זיסן און ליידנס־פֿולן זוכן און געפֿינען דאָס „אייביק־ווייבלעכע"!

ביי אונדזער שטאַכעלינסקי גייט עס אָבער נישט צו אַזוי איינ־פֿאַך. די אַרומברויזנדיקע זוימען־קעמערלעך לאָזן אים, אמת, נישט בלייבן קאַלט. שוין פֿריִער האָט ער געהאַט די פּשאַיקעס, ווען עס פֿלעגט אים באַפֿאַלן דער צאָרן אין קאַמף, פֿונקט ווי אַ כאָלערישער מענטש אָדער אַ אינדיק, מיט אַמאָל צו פֿאַרענדערן די בלאַסע גרינ־קייט פֿון זיין קערפּער אין די שרייענדיקסטע פֿאַרבן: דער בויך פֿלעגט אין דער רגע ווערן בלוט־רויט, דער רוקן טונקל־גרין, די ווייסע אינגערצעפֿלעך — טיף־גרין. איצט, ווען אים באַהערשט אַזאַ

נאָר אַלס שטראָף פאַר דיין שטעכעדיקער משוגה, נאָר ווייל דער דאָזיקער שטעך־פיש האָט אונטן, טיף אין וואַסער שוין לאַנג פאַרווירקלעכט דאָס אַלץ, וואָס דיין פרויען־פינטלעכע פאַנטאַזיע האָט דיר אויסגעמאָלט אַלס אוטאָפּיע פאַר דער גאָלדענער צוקונפט.

אָ, אונזערע מענטשלעכע טרוימען! מיר שטעלן אויף די גרויס־אַרטיקסטע אוטאָפּיעס, אַ נייעם הימל איבער די העכסטע אויסגעטרוימטע וואָלקנס, אַ פאַנטאַזיע פון יאָר 3000 און נאָך שפּעטער. די נאַטור האָט דאָס אָבער באמת שוין לאַנג פריער פאַר אונז געשאַפן, האָט עס אויסגעפּרוווט און דורכגעטוישט אין דער דערפאַרונג פון די לאַנג פאַרשוווּנדענע יאָר־טויזנטער. זי האָט אָבער נישט געהאַלטן, אַז עס איז ווערט מיטגענומען צו ווערן אויף דעם גרויסן ליכטיקן וועג, וואָס האָט געפירט פון חיה צו מענטש. און איצט קוקט עס נאָר אויף אונז, ווי אַן אויסטערלישע איבערבלייבעכץ, פון אַ פאַרוואָרפן ווינקעלע...

דער מאַן און ווידער דער מאַן איז דער העלד אין דעם לעבנס־עפּאָס פון דער שטעך־פיש־וועלט. דאָס ווייב איז אין בעסטן פאַל נאָר אַן עפּיזאָד אין איר. דער מאַן איז דער פאַרטרעטער פון דער גאַנצער מאָראַל פון מין; ער עקזיסטירט נישט נאָר אַלס אינדיווידואום פאַר זיך אַליין, נאָר אויך אַלס בירגער פון אַ מין העכערער געזעלשאַפט, וועלכע ציט זיך אַלס געשלעכט דורך די טויזנטער יאָרן. דאָס ווייב איז נעבן אים באמת נישט מער ווי אַן אומבלאָנדזשענדיקע ציגיינערין, וועלכע לעבט זיך פריי אָן שום פליכטן. כדי עס זאָל אָבער מעגלעך זיין אַזאַ מין לאַגע, איז נייטיק אַ פאַרווילדער ראָמאַן, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין די גרינע וואַסער־טיפענישן.

דער שטאַכעלינסקי איז פון דער נאַטור אַ ביזע בריאה. ער ווערט נאַטירלעך מיד זיך צו שלאָגן מיט זיין גלייכן, און נאָר ווען עס קומט אָן אַ געמיינזאַמער גרויסער פיינט, אַ רויב־פיש, וועלכע האָט נישט קיין מורא פאַר די נאָדלען פון די קליינע ברואימלעך, שטעלט זיך צוזאַמען די חברה שטאַכעלינסקיס אין צייטווייליקע סאָלידאַריטעט צום צוועק פון דער געמיינזאַמער פאַרטיידיקונג.

אימאַפּהענגיקע, גייסטיק־שטאַרקע מענער. און איזאָלירט פון זיי, צעוואָרפן איבער דער גאַנצער ערד, אַ מין גרויסע ציגיינער־לאַגערס, ווו סע־האַלט זיך אויף דאָס באַשעפעניש „פּרוי". פון צייט צו צייט מוז דער מאַן דערפילן דעם שווערן חוב אויף אַ קורצער ווײַלע צו האָבן צו טון מיט דער דאָזיקער פרעמדער וועלט. אָבער באמת נאָר אַלס חוב און אויף דער קורצסטער ווײַלע. דאַן קערט ער ווידער צוריק אין דער אמתער גייסטיקער וועלט, ווי אַ קולטור־מענטש וואָס קומט צוריק פון אַ צפון־פּאָל. און די גאַנצע קינדער־דערציִונג נאָר ביי די מענער. די צוקונפט מוז דאָס ברענגען... אָן שום ספק. און עס איז פאַר אים געווען אַ גרויסע טרייסט דאָס, וואָס ער האָט געוווסט אויף זיכער, אַז אַזוי וועט זיין אין דער צוקונפט...

איך זע אים נאָך אַזוי ווי היינט, ווי ער האָט מיר אַמאָל אויסגעלייגט די דאָזיקע דרשה, אין אַ גרויען טאָג, אַ גרויז מענטשל. ס'איז געווען אַ רעגנדיקער טאָג און אין הדרים האָט אַלץ געוויינט. איך האָב אָבער געטראַכט וועגן אָווידיוס מעטאַמאָרפאָזן. איך האָב געטראַכט: אין וואָס וואָלט דער גייסט פון דעם אַלטן פריילעכן דיכטער פאַרוואַנדלט די דאָזיקע גאָליקע בריאה.

דיין קערפּער, מיין ליבער, וועלכן די גאָל האָט שוין אַזוי אויך געצויגן פאַרקריפּלט, וואָלט אינגאַנצן צונויפגעדריקט געוואָרן אַזוי, אַז ער וואָלט דערגרייכט קוים אַכט צענטימעטער אין דער לענג. פון הינטן וואָלט דיר אַרויסגעוואַקסן אַ שיין פּאַכער־עק, דיינע הענט און פיס וואָלטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פלומפעדערן, איבער דיין הויט און איבערן גאַנצן קערפּער וואָלט זיך אויסגעגאָסן אַ צאַרטער גרינער זילבער־גלאַנץ. און די גאַנצע שמעטערדיקייט פון דיין נשמה און די גאַנצע פרויען־פאַראַכטונג וואָלט פון דיר אַרויסגעקראָכן אין דער געשטאַלט פון לאַנגע, דינע, שפּיציקע נאָדלען, — אַזעלכע מערדערישע שטעך־נאָדלען, אַז אַפילו דער שטעכל־שכסטן העכסט וואָלט דיך גלייך געוואָלט אויסשפּייען, ווייל דו וואָלסט אים צושטאָכן דעם גומען, ווי אַ נאָדל־חיה'לע צושטעכט אַ הינטישע נאָז.

מיט איין וואָרט, דו וואָלסט געוואָרן אונזער וווילער פיש: דער שטעך־פיש אַחוץ דער ש ט אַ כ ע ל י נ ס ק י. און נישט

"די פרוי איז ביטער..."

פון שפינען־פלויט ביים סאָסנע־וואַלד צום ים־ברעג. נישט מער ווי אויף א ווײַלע. איך וויל דיר נעבן די שפּין־מעשהלעך אויפקשטעלן אַן אַנדערע אַלס אַ קאָנטראַסט. הגם פון אַ גאַנץ אַנדערן געביט. זאָלן ווידער די גליידער־חיות פאַרשווינדן אין בלויען וועלט־נעפּל. מיר וועלן באַלד צו זיי צוריקקומען. איצט נאָר אַן אינטערמעצאָ. פון אַ גאַנץ אַנדערן שטאַם, פון די חוט־השדרה־דיקע חיות. פון דער גאַסטראָע איז געוואָרן אַ וואָרים. פון וואָרים איז געוואָרן פון איין זייט אַ קרעבס, און אַסטל, אַ שפּין. און פון דער צווייטער אַ אור־פיש, אַ ניין־אויג־פיש, אַן אַקולע, און אַן אמתער פיש, לאָמיר זאָגן אַ הערינג. דו דערמאָנסט זיך אָן די הערינגען — ווי זיי ליבן. דאָ אַהער לאָז איך אַראָפּ אויף אַ ווײַלע מיט מיר, צו די קרובים פון הערינג. לאָמיר זיך אונטערטוקן אין דער וואַסער־גרינקייט, דער שמאַראַגד־גרינקייט פון די טיפענישן, וווּ ס'ווימלען אַרום די זילבערנע פיש. ווידער אַ שווערער קאָנפליקט. און ווידער די אויגן פון דער מאַדאָנע, אויך דאָ.

איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטן, וועמענס גאַנצע לעבנס־פילאָזאָפיע ס'איז באַשטאַנען אין דעם פערז: „די פרוי איז ביטער". אין זיינע יונגסטע שוין האָט ער געטראַכט, צי איז נישט די פרוי אַן איבעריק באַשעפעניש. אַ שטערונג פאַר דער קולטור. אַ בייזער שאָטן פון מענטשלעכן ליכטיקן גייסט, וועלכער שלעפּט זיך נאָך נאָכן מאַן און ברומט אים נאָך. אפשר דאַרוויניסטיש נאָר אַן אָפּ־געקומענער מין, וועלכן דער מענטש שלעפּט נאָך זיך ווי אַן אי־בערבלייבעניש פון די אַמאָליקע צייטן, וואָס איז צו אים הײַנט אַן אומגליק פון דער אַנטוויקלונג צוגעבונדן געוואָרן. דאַן האָט ער זיך גענומען אַרײַנלאָזן אין אַנטאָפּיעס, ווי אַזוי מען וועט קאָנען דעם מאַן ראַטעווען פון דער דאָזיקער „פרוי". אַבסאָלוטע סאָציאַלע צעשיידונג. אַ „מענטשהייט", וואָס וועט באַשטיין פון גאַציעס

אום. דערזעלבער פֿראָסט, וועלכער ברענגט איך אום די אַלטע, פֿאַרוועלקטע שפּין־מוטער: אַלס אויסגעהונגערטע, געפֿרוירן העלבסט־בלעטל פֿאַלט זי אַנידער אין איין שיינעם טאָג נעבן אירע אייער, וועלכע דאַרפֿן זי נישט מער...

זעסטו, ווי סיליכטן איבער דעם אַלטן גרינעם גאָרטן־פּלויט די אויגן פֿון דער מאַדאָנע? אויף איר אומענדלעכן וואַנדער־וועג דורך די מיליאָנען יאָרן, פֿון בלוט צו גייסט? די ווילדע שפּין־פֿרוי, וואָס איז פֿון די שרעקלעכע מאָרד־רויבערייען גרויס געוואָרן, וואָס וואַקלט זיך נאָך, צי זאָל זי נישט דעם מאַן, וועלכער ליגט איר פֿאַר זיין ליבע, איינפֿאַך קאַלטבלוטיק אָפּקוילענען, פּונקט ווי זי האָט עס געטאָן מיט אַלע פֿריערדיקע, וואָס זענען אין איר מערדער־גרוב אַריינגעפֿאַלן... און די מוטער, וואָס באַוואַכט איר קינדער־ווינקל, ביז ס׳גייט איר אויס דער אָטעם... פֿון די דאָזיקע קעגנזאַצן האָט די נאַטור אויסגעשמידט דאָס, וואָס דו רופֿסט היינט אָן ליבע.

איר נאַר. ווייל דער מעכאַנישער זוימען גייט בײַ איר אײַנגאַנצן אַריער טײַלווײַז אַרײַן אין אַ מין רעזערוו־סקלאַד, אין אַ אַזױ גערופענעם זוימען־טאַש, וווּ די זוימען־חיה׳לעך קאָנען אױפֿגעהאַלטן ווערן לעבעדיק אַלס „זאַפּאַס" אַזױ לאַנג, ביז אַלע אײער ווערן רײַף. און אַפּילו ביז זיי ווערן געלייגט. ווייל מען באַמערקט אָפֿט, אַז די שפּינען, נאָכדעם, ווי זיי לייגן אָפּ זייערע אײער, באַשפּריצן זיי נאָך אַביסל, ווייזט אויס, מיט יענעם זאַפּאַס־זוימען; אַ שיינער פּאַראַלעל צו דער צוגרייטונגס־האַנדלונג פֿון שפּין־„ער", וועלכער שפּריצט זיך אַליין אַרום דעם זוימען.

דער דראַזיקער לעצטער אַקט, אָדער אײגנטלעך עפּילאָג פֿון דער גאַנצער טראַגי־קאָמעדיע, — די באַציִונג פֿון דער שפּין־מוטער צו אירע קינדער, איז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער העכערער ליבע־אַנטוויקלונג, באמת רירנדיק. נאָך דער גאַנצער פּראָבלעמאַטישקייט פֿון דער געשלעכטלעכער ליבע בײַ די דראַזיקע שרײַדערלעכע ברואים, קומט דאָס מוטער־געפֿיל ריין, אָן שום קאָמפּליקט. דער גאַנצער קורצער רעשט פֿון דעם שפּינס הערבסט־לעבן ווערט אויסגעגעבן די דראַזיקע מוטער־פֿליכטן. מיט דער גרעסטער געשיקטקייט גרייט צו די מוטער פֿאַר אירע אײער אַ נעסט פֿון פֿיינסטן שפּינוועבס. נאָכדעם ווי די אײער זענען שוין געלייגט און אױפֿן דערמאָנטן אױפֿן נאָכאַמאָל זאָרגפֿעלטיק באַפּרוטעקטירט, ווערט דאָס נעסט צוגעוועבט, און די אַלטע מוטער נעמט זיך צו איר לעצטער לעבנס־אױפֿגאַבע: מיטן גרעסטן מסירת־נפֿש באַוואַכן און באַשיצן אירע יורשים.

די געמײנע מוטער דערלעבט אָבער שוין נישט צו זען אירע אַרויסקריכנדיקע יונגע. די זון־בלומען פֿאַרוועלקן און בריינען זיך אײַן, די אַסטערס ווערן אײַנגעשרומפּן. די „אײַז־צײַט" קומט ווידער אָן: ווינטער און וועלט־אונטערגאַנג.

די יונגע דאַרפֿן שוין איצט נישט מער קיין שוץ. אין זייער געדיכטן שפּינוועבס־פּעלץ שלאָפֿן זיי רויק און פֿילן נישט די קעלט; זיי שלאָפֿן זיך אַזױ צופֿרידן ביז צום פֿרילינג; און די שונאים, וועלכע וואַלטן זיי געקאָנט באַדראָען, ברענגט דער פֿראָסט זייער שנעל

ווידער גובר געווען דעם פיינעם ליבעדאָנגער און האָט פון דעם גאַנצן שפּיל א תל געמאַכט, די שפּין „זי" איז איינגעשפּרונגען, און דער „ער" איז אַלס פאַרמעסטער זאַטריקער שוין געווען געפּאַקט, אַריינגעדרייט אין נעץ, דורכגעשטאָכן און אויסגעזויגן. ביי געווי־סע מינים שפּינען, ביי וועלכע דער „ער" איז אין פאַרגלייך מיט דער „זי" גאָר קליין, שפּרינגט דער קליינער שפּין־גונטער אַרויף צו זיין דראַנגדיקער ברונהילדע אויפן רוקן און הויבט זי פון דאָרט ערשט אָן צו גלעטן; דאָרט איז ער אינגאַנצן זיכער, ווייל די בייזע שפּין־פרוי קאָן אים פון דאָרט נישט אַראָפּכאַפּן, ווען זי זאָל עס אַפילו פּלוצלונג וועלן טון. אין אַנדער פאַל האָט אָבער דער „ער" נישט דעם דאָזיקן אויסוועג.

ביי אים איז טאַקע דער דאָזיקער לעצטער מאָמענט דער גע־פערלעכסטער. דאָס איז דער העכסטער פּונקט פון דעם גאַנצן קאָנפליקט, וועלכער הערשט אויפן ראַנד פון די בייזע אינסטינקטן פון דעם שפּין־לעבן.

אויף דעם דאָזיקן העכסטן פּונקט פון דעם מוראדיקן קריזיס נעמט זיך אָן דער „ער" פּלוצלונג מיט דעם גאַנצן מוט, ווייזט אויס, געטריבן פון א דראַנג, וועלכן ער קאָן נישט באַהערשן, און מאַכט דעם אַנטשיידנדיקן שריט. מיט א ראַשער באַוועגונג טוט ער זיך א דריי אום און שפּריצט צו מיטן גאַנצן קערפּער צו דער אַראָפּהענגנ־דיקער „זי". אין דעם זעלבן מאָמענט הייבן זיך אויף די אונטערשטע שפּיצן פון זיין קאָפּבאַק, וועלכע טראָגן די זוימען־זאַקס, און דער ווייבלעכער געשלעכטלעכער עפענונג. אין דער דאָזיקער עפענונג פון דער „זי" באַוועגט זיך — א משונהדיקע זאַך — א מין אַרויס־שטאַרצנדיקער באַהעפטונגס־אָרגאַן, וואָס נעמט אויף די זוימען.

דאָס איז דער מאָמענט פון דער אמתער באַהעפטונג, וועלכער דויערט אָן ערך א האַלבע מינוט. פּונקט אַזוי שנעל ווי ער איז געקומען שפּרינגט דער „ער" באַלד צוריק; ער אַנטלויפט אַביסל פון זיין פרוי ברונהילדע. ערשט אין א פערטל שעה אַרום ווערט דער שפּיל איבערגעחזרט, און דערנאָך ווידער, ווייזט אויס, ביז דאָס לעצטע ביסל זוימען פון „ער" ווערט נישט געבראַכט אויפן גע־העריקן אָרט. די „זי" קאָן אויפנעמען אַזוי פיל, וויפיל מען גיט

נישט ליב באַקומען. דאַן איז די לאַגע פֿון אָנהויב אָן פֿאַרצווייפֿלט. די פֿרוי־שפּין לויערט אויף אים ווי אויף אַ פֿליג.

עס דאַרף אָבער אַזוי נישט זיין. די „זי" באַטראַכט דעם „ער" און ער הויבט איר אַביסל אָן צו געפֿעלן. פּאַמעלעך קריכט זי אַראָפּ פֿון איר טראָן נענטער צום ראַנד פֿון נעץ, וווּ עס וואַרט אויף איר באַשיידן דער מאַן. עס איז קיין ספֿק נישט, זי פֿילט אַליין ליבע־בענקשאַפֿט. די אומגעהויערע ליבע־נייגונג שלעפֿערט איין אויף אַ שעה די פֿרעס־נייגונג. מיט דעם רוקן אַראָפּ צום קאָפּ פֿאַר־אויס, די פֿיס אויסגעצויגן ווי פֿאַרשטאַרט, הענגט די פֿרוי שפּין אין נעץ, זי וואַרט אויפֿן שפּין־מאַן... וועט ער זיך דערוועגן און זיגן? אָדער וועט אים גיין ווי דעם אָרימען קעניג גונטער, וועלכן די פֿרוי ברונהילדע האָט אויפֿגעהאָנגען אין דער חתונה־נאַכט?..

אָבער עס קומט נאָך נישט די אַנטשיידונג. אַ נייע מעגלעכ־קייט. אויף אַ יין שפּין־פֿרוי קומען אָן מיט אַמאָל פֿיל וואַרטנדיקע און האָפֿנדיקע שפּינען. און אַלגעמיין קומען זיך אַזוי אָן אויף איין „זי" אַ סך „ער'ס"! דאָ דאַרף זיך אָנהויבן אַ קאָנקורענץ־קאַמף. אומדערוואַרטעט, נאָכדעם ווי ער האָט שוין באַקומען ביי זיך די גאַנצע מורא און ספֿקות וועגן די גוטע און שלעכטע כוונות פֿון דער העלדין, דערזעט דער העלד, פּונקט ווי יענער טינטעפֿיש אין אַקוואַריום, אַז אַ קאָנקורענט וויל אים אַרויסכאַפּן זיין זיג. קאַמף, פֿאַרטיידיקונג, געשלעג. די העלדין וואַרט. ווער וועט זיגן? דער זיגער איז זיכער דער ענערגישסטער מאַן. אַלזאָ, גאָטס אורטייל. נו, אונדזער ערשטער שפּין איז טאַקע דער שטאַרקסטער. דער קאָנ־קורענט ציט אָפּ. און איצט: פֿון קאַמף צו דער ליבע.

פֿאָרזיכטיק, כסדר פֿאָרזיכטיק גייט דער העלד שפּין צו זיין דאַמע, מיטן רוקן פֿון אונטן, פּונקט ווי זי. ער כאַפּט זי אָן מיט די פֿיס ביים לייב. זי לאָזט זיך. אַ גוט פֿערטל שעה גלעט ער זי גאָר, ווי אַ מענטש, וועלכער באַרויקט בישלעכווייז און שטילט איין אַ ווילדע חיה.

און פֿונדעסטוועגן: גלויבנסווערטיקע צושרייער האָבן שוין אין דעם דאָזיקן לעצטן ליבע־פֿערטל־שעה מיט אַמאָל דערזען די קאַ־טאַסטראָפֿע. דער גוואַלדיקער פֿרעס־אינסטינקט האָט מיט אַמאָל

איבן צוויי און אונטן צוויי. די אויבעראָרימס פון די דאָזיקע העמלעך כאַפּן אַן, ווי ציין, און אַרבעטן, מאָלנדיק, אויך פּונקט ווי ציין. די אונטע־אָרימס און די הענטלעך זענען אָבער דערביי פריי און קאָנען נאָך טון אַן אַנדערע אַרבעט.

גאַנץ ענלעך איז עס ביים שפּין. די קליינע מויל־פּיסלעך אָדער קינבאַקן זענען צעגלידערט, פּונקט ווי ביים האַנט, אַפילו נאָך מער. די אונטערלעכע טיילן (לאָמיר זאָגן די אויבעראָרימס) דריקן זיך צונויף ווי אמתע פּרעס־קינבאַקן. די פאָדערשטע גלידער אָבער (לאָמיר זאָגן די אונטעראָרימס און הענט) שמעקן אַרויס פון איבן און אונטן ווי פיינע שפּיצן פון די דאָזיקע איינגעטלעכע קינבאַקן. די אויבערשטע זענען אַ מין קליינער שפּיציקער צאָן, דורך וועלכן עס ווערט אַרויסגעלאָזט פון אַ דריזל גיפט אויף צו באַטויבן דעם אַריינגעפאַלענעם קרבן. די אונטערשטע שטאַרן אָבער נאָך אַרויס פון מויל ווי צוויי אַרויסגעשטעקטע ליפּן, וועלכע באַוועגן זיך פריי, בשעת די קינבאַקן קייען.

און מיט די דאָזיקע אונטערשטע שפּיצלעך כאַפּט דער שפּין זיך איינצעלנעם אויסגעזאָגטענעם זוימען־טראָפּן און זויגט אים אַריין. די ליפּן־שפּיצלעך זענען דערצו פּונקט צוגעפּאַסט: זיי נעמען אַריין דעם טראָפּן אין אַ קליינעם היילן חלל, וועלכן זיי האָבן אין זיך, נישט אַריינפירנדיק אים ווייטער אין מויל. אַזוי האַלט דער שפּין זיך איינצעלנעם זוימען מיט דער גוטער כוונה אים צוצוטראָגן אַלס מתנה זיין געליבטער שפּין־קעניגין...

און אַז דאָס איז זיין כוונה, דאָס קאָנסטו גלייך שוין ווידער זען.

מוטיק גייט ער אַריבער אויפן ראַנד פון איר נעץ. די גרויסע דיקע שפּין־פרוי לאָזט אים. איצט זענען פאַראַן פאַרשידענע מעגלעכקייטן.

עס איז מעגלעך, אַז ער געפעלט איר נישט. אפשר איז ער פון אַ באַשטימטער געפערלעכער גרויס: נישט גענוג גרויס, כדי צו אימפּאָנירן, און נישט גענוג קליין, כדי נישט צו רייצן דעם אַפּעטיט; אָדער אפשר איז ער נישט גענוג שיין — פאַרן זי קאָן אים

דער קאָפּ שױן נישט אָפּגעטײלט פֿון דער ברוסט, נאָר אַלץ אײן בײַ אים װי צונױפֿגעװאַקסן, און נאָר צװישן דער דאָזיקער „קאָפּ־ברוסט“ און דעם איבעריקן טײל פֿון קערפּער געפֿינט זיך נאָך אַ שמאָלער װאָרים־קאַרב.

אָבער די פֿיס זענען בײַ אים נאָך געבליבן אין אַ גרױסער צאָל. װען דער קאָפּ און די ברוסט האָבן זיך צונױפֿגעװאַקסן אַלס אײן קערפּער־טײל, זענען אױפֿן דאָזיקן קערפּער־טײל נאָך געבליבן זעקס פּאָר פֿיס. דאָס איז געװען פֿאַר אַזאַ צונױפֿגעפּרעסטן קערפּער, װי דעם שפּינס, צו פֿיל. און אַזױ איז עס געקומען דערצו, אַז דער שפּין האָט ביסלעכװײַז אָנגעהױבן צו באַנוצן צום גײן נישט מער װי פֿיר פּאָר פֿיס. און די בײדע ערשטע פּאָר האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פֿון מױל, נעבן װעלכן זײ האָבן זיך געפֿונען: זײ האָבן זיך פֿאַרװאַנדלט אין כאַפּ־ און בײַס־אָרגאַנען פֿון מױל: זײ זענען געװאָרן קינבאַקן. באַטראַכטסטו אין אַנדערע, נאָך העכער אַנטװיקלטע גלידער־חיות, װעלכע שטאַמען אפֿשר אױך אָפּ, פּונקט װי די שפּינען, פֿון דער אַסטל, דעם זשוק, דערקענסטו בײַ אים, װי דער פּראָצעס איז נאָך װײַטער געגאַנגען: בײַ אים זענען אַפֿילו דרײַ פֿון די זעקס פּאָר פֿיס פֿאַרנוצט געװאָרן אַלס קינבאַקן און נאָר דרײַ זענען געבליבן אמתע לױף־פֿיס, דער זשוק האָט זעקס פֿיס, אָנשטאָט אַכט, װי דער שפּין, דערפֿאַר האָט ער אָבער דרײַערלײ קינבאַקן, אָנשטאָט צװײ. דער שפּין האָט זיך, װײַזט אױס, איבערגעלאָזט אַכט פֿיס דערפֿאַר, װאָס ער באַנוצט צװײ פֿון זײ, אַ חוץ צום גײן, אױך אַלס „װעבער־הענט“ צום שפּינען. מיט דעם דאָזיקן שטיקל דאַרװיניזם װעסטו איצט שױן גיכער פֿאַרשטײן די זאַך, װאָס אונדזער שפּין טוט, — אַ אױסערגעװײנלעך װוּנדערלעכע זאַך.

הגם די קינבאַקן פֿון שפּין דינען נאָר אַלס קינבאַקן צום עסן, האָבן זײ אָבער נאָך די אַלגעמײנע פֿאָרם פֿון גלידער (פֿיס אָדער אָרעמס, װי דו װילסט זײ אָנרופֿן). מען קען מײנען, אַז זײ האָבן די מעגלעכקײט צו דינען אין אַ נױט־פֿאַל אױך צו אַנדערע צװעקן. גיב דאָס אַ טראַכט דורך מענטשלעך: דו האָסט, אָנשטאָט קינבאַקן און צײן, אַרום דעם מױל פֿיר קלײנע הענטלעך,

דאָס טראַפּנגל. עס דוכט זיך, אַז ער וויל עס אויפעסן. דאָס וואָלט באמת געווען אַ זייער שיינער אַקט צו דער דראַמע פון „ליבן און פרעסן”. אָבער אַזוי ווייט דערגייט עס נישט.

די ווייסט אפילו, ווי דער טראָפּן פאַרשווינדט ערגעץ ביים מויל, און עס דוכט זיך אַ ווײַלע, אַז ער איז באמת אויפגעגעסן. די זאַך שטעלט זיך אָבער פאָר אַנדערש. דו מוזסט דיר קודם כל אויף גיך פאָרשטעלן די באַזונדערע מויל־אײַנשאַפטן פון אַזאַ שפּין.

דאָס מויל פון שפּין איז אייגנטלעך די פאָדערשטע עפענונג פון דעם פאַרדייאונגס־אַפּאַראַט, דורך וועלכן די שפּייז קומט אַרײַן אין מאָגן, פונקט ווי בײַ דיר, ד. ה. אַ לאָך. אַרום דעם דאָזיקן לאָך זענען פאַראַן צום כאַפּן, טויטן, באַהערשן די שפּייז פאַרן מאָגן שטאַרקע באַוואָפנטע קינבאַקן, פונקט ווי דו האָסט אַ באַוואָפנטן אונטערשטן קינבאַק, און צוויי רייען שטאַרקע ציין פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

די קינבאַקן פון שפּין האָבן אָבער אַביסל אַ משונהדיקע פאָרם און שייכן זיך שטאַרק אונטער פון דײַנע,—און דאָס פשוט דערפאַר, ווײַל מען דערקענט נאָך אין זיי אינגאַנצן זייער אָפּשטאַמונג פון פיס. יאָ, פון פיס! דער אייבערשטער קינבאַק און דער אונטערשטער קינבאַק פון אַזאַ שפּין זענען אייגנטלעך נישט עפעס אַנדערש, ווי צוויי פאָר קליינע פיסלעך, וואָס געפינען זיך פון פאָרנט נעבן דער מויל־עפענונג, פונקט ווי ווייטער אונטן געפינען זיך די פיר פאָר געוויינלעכע שפּין־פיס. דער שפּין, פונקט ווי אַלע העכערע גלידהחיות, שטאַמט געשיכטלעך פון געוויסע וואָרים־ענלעכע באַשעפענישן, וועמענס גאַנצע לייב מיטן קאָפּ אײַנשליסלעך איז באַשטאַנען פון גערינגלטע, „איינגעפּאַרבטע” טיילן. און בײַ יעדן פון די דאָזיקע רינג־טיילן איז געוואַקסן אַ פאָר פיס. די אַסטל שפּיגלט דיר נאָך אָפּ זייער געגנוי די דאָזיקע שטופע, הגם זי איז שוין נישט קיין וואָרים, נאָר שטייט שוין זייער נאָענט צו אונזער שפּין און איז אפילו מסתמא אַ נאָענטער קרוב פון זײַנע אור־עלטערן. בײַ די העכערע גלידהחיות איז דער דאָזיקער וואָרים־קערפּער, אַזוי צו זאָגן, ענג צונויפגעפּרעסט געוואָרן. גראָד בײַם שפּין אַליין איז

צוּבראָכן האַרץ. דער דרייסטער גליק־זוכער ווערט אַריינגעכאַפּט אין נעץ, — נישט אין נעץ פון דער ליבע, נאָר אין אַ רעאַלן גראָבן שטריק־נעץ, און דאַן קומען נישט קיין ליבע־טרוימס, נאָר אַ מוראַדיק מעסער, וואָס מאַכט די זאַך גאָר קורץ. אָבער די הערבסט־זון לאַכט, און די בענקשאַפט ציט, דאָ קעגנאיבער זוויגט זיך די געליבטע שפּין־קעניגין אין זילבערנעם נעץ: ער מוז זיך דערוועגן, ער מוז פּרוּוון, אויף טויט און ליבע.

אָבער איידער ער קאָן זיך דערצו נעמען, דאַרף ער נאָך דורכ־פירן אַ שווערע זאַך אַלס נויטיקע צוגרייטונג.

דו האָסט געזען דעם טינטענפיש, וועלכע האָט געטראָגן זיינע זוימען־פּאַטראָנען אין איינעם פון די פיס. עס איז פאַראַן אַ קאָמיש האַלב־קרעבס, האַלב־שפּין־ענלעכער חיהלע אין ים, דער אַזוי גערופֿע־נער קרעבס־שפּין, ביי וועלכן די פיס שפּילן אויך אַן אַנטשיידענע ראָל אין דעם געשלעכטלעכן אַפּאַראַט: דער גרעסטער טייל פון זיינע אומצייליקע פיס טראָגט אין זיך צו איין געשלעכטלעכן אָרגאַן אין יעדן; און אַזוי ווי זוימען קומען אויך ביי זיי אַרויס דירעקט פון די לאַנגע שפּין־פיס, קאָן מען וועגן די דאָזיקע גע־שפּענסטערישע פיס־חיות (פּאַנטאָפּאָדאַ אָדער גאַנץ־פיס־קע הייסט די גרופּע וויסנשאַפטלעך) זאָגן, אַז זייער גאַנצע ליבע גייט פון פוס צו פוס. עפּעס ענלעכעס מאַכט אויך דורך אונזער שפּין־„ער" ביים גאָרטן־פּלויט. נישט מער וואָס ער גרייט זיך צו אַליין דאָס, וואָס יענע האָבן שוין פון דער נאַטור.

זע, וואָס ער טוט. ער גייט נאָך נישט צו זיין שפּין־קעניגין, ער באַשעפטיקט זיך פריער מיט זיך אַליין. זיין געשלעכטלעכע עפענונג איז אַן איינפאַך לאָך, אַ סימן פון אַ באַרעכטונגס־גליד. און ווי ער זיצט אַזוי, רייבנדיק דעם הינטערשטן טייל פון קערפּער אָן אַ קליין שטיקל שפּינוועבס, טראַכטנדיק און מורא האָבנדיק, צי זאָל ער זיך אַריבערכאַפּן צו דער שפּין־ווייב אָדער נישט, — זע, רינט אים מיט אַמאָל אַרויס פון דער עפענונג די זוימען־פליסיקייט און פאַלט אַלס קליין טראָפּנדל אויפן שפּינוועבס. גלייך דערויף ענדערט אונזער העלד זיין אָרט און דרייט זיך אום אַזוי, אַז דער אונטער־שטער טייל פון קאָפּ, וווּ ס'געפינט זיך דאָס טייל, קאָן אָנרירן

אין זײַנע געשלעכטלעכע אָרגאַנען זוימען און אייער. זוימען ביי דעם „ער" און אייער ביי דער „זי". און אַ נײַער פֿאָדעם פֿון אַן אומ־פֿאַרשטענדלעכער שטרעבונג הויבט זיך אָן צו ציִען פֿון זוימען צום איי. אַלס רעזולטאַט פֿון דעם גאַנצן פֿרעסן מיט זײַן גאַנצער ווילדער פֿאַראַכטונג פֿון פֿרעמדן לעבן — פּלוצלינג ליבע־בענקשאַפֿט נאָך פֿרעמדן לעבן אַלס ל ע ב ן...

דאָ הויבט זיך אָן ביי די שפּינען אַן אמתע טראַגעדיע. מאַן און ווייב זענען געוווינט דערצו, אַז אַ קלענערע בריאה, וואָס קומט אונטער, פֿרעסט מען אומבאַרחמנותדיק אויף. אַפֿילו אַ צווייטן שפּין. אויך אַ מענלעכן שפּין. דאָס ווייזט די „זי", אַזוי צו זאָגן, אַקטיוו, דער „ער" פּאַסיוו. זי ווייסט, אַז אַזאַ קליינעם שפּין־מאַן, אויב ער קומט נאָר צו גענוג נאָענט, שפּינט מען אַרײַן אין נעץ און מען עסט אים אויף. ער ווייסט, אַז מען דאַרף זיך פֿאַר דער דיקער פֿרוי שפּין גוט היטן, און ער אַנטלויפֿט פֿון איר, ווי ער קאָן נאָר. איצט מיט אַמאָל דער קאָנפֿליקט: די ליבע. ביידע דאַרפֿן זיך פּלוצלינג צוזאַמענקומען „אין ליבע", ביידע דאַרפֿן זיך זוכן.

די שפּינען זענען שטרענג פֿאַרשידן־געשלעכטלעך. ער האָט צוויי לאַנגע זוימען־קישקעס אין לײַב, זי צוויי טרויבנפֿאָרמיקע אייער־שטאָקן. איינפֿאַך אַרויסוואַרפֿן די זוימען, ווי עס טוען דאָס די אויסטערן, קאָן מען דאָ נישט, ווײַל אַזעלכעס איז נאָר מעגלעך אין וואַסער און ביי חיות, וואָס זיצן גרופּנווײַז האַרט איינע נעבן דער אַנדערער. עס העלפֿט גאָרנישט. ביידע מוזן זיך צונויפֿקומען.

די געשלעכטלעכע אָרגאַנען פֿון ביידע שפּינען האָבן איינפֿאַכע עפֿענונגען אויף דער בויך־זייט; נישט אין סאַמע סוף פֿון לײַב, ווײַל דאָרט געפֿינען זיך די שפּין־אָרגאַנען. דאָס בעסטע וואָלט דעריבער געווען, ווען ביידע זאָלן צוליב אַזאַ פֿאַל שליסן וואַפֿן־שטילשטאַנד און זיך צונויפֿקומען אויף איין נעץ אַזוי נאָענט, אַז איין געשלעכטלעכע עפֿענונג זאָל באַרירן די אַנדערע. יאָ, ווען ס׳זאָל נאָר נישט זײַן אַזוי געפֿערלעך. דער הער שפּין האָט נאַטירלעך זייער מורא.

ווען ער דערוועגט זיך, ענדלעך, מאַכט אַ פֿאָרשלאָג און לאָזט זיך אַרויף אויפֿן פֿרעמדן נעץ... אָן אָפּזאָג באַרייט דאָ מער ווי אַ

ענדערן. אַ פּעאיקייט יערן קרבן געהעריק אָפּצושאַצן, זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון פון די איינציקע כוחות, אויסרעכענען דאָס וועטער און דעם ווינט. אַן אמתער הייליקער גייסטשיין אַרום די דאָזיקע קליינע, אָבער שאַרפע און קאָנצענטרירטע געהידן. אָבער אַלץ צו איין ציל: פרעסן, פרעסן, כדי צו וואַקסן, פרעסן אין יענעם זין, וואָס צושטערט פריער דעם אַנדערן אומבאַרמהאַרציק, וואָס מוז פריער פרעמד לעבן טייטן... טייטן... צושטערן...

אַ ווילד געיעג. תמיד ווי אַ ריטער אין זיין רויב־שלאָס. וואָס סיקומט אונטער ווערט געכאַפּט, אויב די כוחות דערלויבן נאָר. נאָר פאַראויס, צו דער נייטיקער גרויס. אָט איז נאָר וואָס געווען אַ פליג אין נעץ, וואָס האָט געמוזט אַוועקגעבן איר בלוט פון האַרץ. אָט פאַלט אַריין אַ קלענערער שפּין פון דעמזעלבן מין. וואָס קרוב־שאַפט: דער קליינער ווערט פונקט אַזוי געכאַפּט, אַרומגעוויקלט מיט דעם שטריק, געדריקט, אויסגעזויגט. דאָס איז געווען אַ מענלעכער שפּין, די מענער זענען קלענער. אָבער וואָס מיר געשלעכט! הונגער. פרעסן. וואַקסן. אין פינף חדשים דאַרף פון קאָמישן קליינעם קאַרליקל ווערן די גרויסע שרעקלעכע בריאה. דאָס דערלויבט, דאָס דערקלערט אַלץ. איז דער טיש זייער רייך, פרעסט מען זיך אָן „אויף זאַפּאַס"; דער מאָגן האָט באַזונדערע זאַפּאַס־קאַמערן, וועלכע הענגען אַרום אים ווי ליידיקע וואָרשט־הייטן, און וועלכע קאָנען אָנגעשטאָפּט ווערן פול צום פּלאַצן מיט זאַפּאַס, וועלכן די זויג־קעל האָט, גאָרגיש פרעגנדיק, אַראָפּגעשיקט אונטן, און וועלכער ווערט ערשט שפּעטער פון איין וואָרשט נאָכן אַנדערן אַרויסגעצויגן און איבערגעאַרבעט אין די געדערים.

גאָלדענער הערבסט. לוימענדיקע סעפּטעמבער־טעג. און מיטאַמאָל די גרויסע פאַרענדערונג, דער גרויסער פּאַטום. נאָך וואַקסן? דער שפּין איז שוין אויסגעוואַקסן. דער ציל איז דערגרייכט. דער מאָגן האָט זיינס געטאָן. אָבער וואָס ווייזט זיך אַרויס? דאָס גאַנצע וואַקסן איז גאָרנישט געווען קיין ציל פאַר זיך. דאָס איז נאָר געווען אַ נידעריקערע שטופע צו עפּעס העכערס! אין דעם מאָמענט, ווען דאָס וואַקסן איז געענדיקט, הייבט זיך אָן אָנצומערקן עפּעס גאַנץ נייעס. דער דערוואַקסענער, רייפער קערפּער טיילט מיט אַמאָל איים

זוי דו. פאַר דיין מענטשלעכן זין איז עס אַפילו נישט קיין גאַנץ יאָר. איין קרייז פון דער ערד אַרום דער זון.

אָבער פאַר דעם שפּין איז דאָס געווען אַ וועלט־אייביקייט. זי האָט זיך איינגעטיילט אין צוויי גרויסע קאָסמישע עפּאָכן. פריער אַ שרעקלעכע אייז־צייט. ווינטער. דעמאָלט זענען נאָך די אַלע שפּינען געלעגן האַלב איינגעשלאָפן אין קליינטשיקן איי. הונדערט אַזעלכע געלע אייער זענען געלעגן צוזאַמען אין איין וואַרימען אייער־נעסטל.

דאַן אַ נייער אומגלויבלעך־פאַרענדערטער ערד־טאָג. די שפּינ־לאַסט איז צוגאַנגען, גרינע קנאָספּן זענען אויפגעגאַנגען. פרילינג. די זון האָט דערגרייכט צום אייער־נעסט, און די שפּינדעלעך האָבן צוריבן זייער אייערהויט. אַכט טאָג האָבן זיי זיך נאָך געהאַלטן צוזאַמען. דאַן איז זיך דאָס געווימעל פאַנאַנדערגעלאָפן. קיינער האָט מער נישט געטראַכט וועגן אַנדערן.

דער שפּין ווייסט נישט פון קיין לעבן אַלס שלייערל, ווי דאָס העכערע אינסעקט, ווי די אינטאַג־פליג אָדער דער שמעטערלינג. פון דעם איי קריכט ער אַרויס, ווי ער איז, נאָר נישט אויסגעפאַרבט און זייער קליין. אויף זיין נעץ וואַקסט ער דאַן אויס אין משך פון דעם איינעם זומער אין דער גאַנצער גרויס אַלס שרעקלעכע רוים־חיה, אַלס פעטער קרייץ־שפּין, וועלכער דערשרעקט דיך אַליין. אַזוי וואַקסט ער אָבער אויס נאָר אויסגאַנג דעם, וואָס ער פרעסט און פרעסט אָן אַ שיעור.

געפלאָגט פון אייביקן הונגער זוערט ער אין משך פון די פאָר זומער־חדשים אַן אמתער מערדער־קינסטלער.

דאָס העראַלעכע נעץ בויט ער אויף נאָר צו דעם דאָזיקן צוועק. איין קרבן נאָכן אַנדערן פאַלט צו אים אַריין. אַן אַרגיע פון מאָרד, פרעסן אין „שפּייז־זין" — דאָס איז דאָס דאָזיקע גאַנצע לעבן פון מאַי ביז סעפּטעמבער. אַ ריזיקע אַרבעט פון אינטעלעקט, אינגאַנצן געווידמעט דער דאָזיקער איינציקער אויפגאַבע. קודם כל די ירושה פון די עלטערן: דאָס קענען בויען אַ נעץ. און דאַן איינגעגעבער אינטעלעקט פון יעדן אינדיווידואום, וועלכער מוז זיך אויסטראַכטן אַ באַהאַנדיק אָרט פאַר דעם נעץ, דאַן עס אין טויזנט פאַלן געהעריק

דיק פאַרבליבענע געוווינהייטן, דאָס אַדאַספּעראַפּנים, וואָס טראָגט דיך אַוועק אין גרויסן פאַרצייטנס. עס זעט אויס, ווי ווען מען וואָלט געבויט אַ בריק, און בשעת מען האָט אַרייַנגעשלאָגן דעם ערשטן סלופּ איז דערביי געוואָרן אַ מענטש, וועלכן מען האָט פאַרהיפּנאָטיזירט. איצט איז שוין די בריק לאַנג פאַרטיק און שטייט אין איר גאַנצער פּראַכט. אָבער דאָרט ביי איר אָנהויב שטייט נאָך אַלץ יענער מענטש און שלאָגט אַריין דעם ערשטן סלופּ, טוט כסדר נאָכאַנאַנד דעם ערשטן קלאַפּ. דער שפּין איז אַזאַ מענטש...

דער שפּין האָט נאָך ביז היינט נישט גוט פאַרשטאַנען, אַז דעם אָביעקט פון זיין ליבע, מיט וועלכן מען וויל זיך לעבעדיק באַהעפטן צום אידעאַלסטן ליבע־מאָלצייט, טאָר מען נישט גלייכצייטיק באַטראַכטן אַלס פעטן שפּייזביסן פאַר דעם געוויינלעכן טאָג־טעגלעכן מאָגן.

„שפּין, שפּינדל, טעכטערל, מאָרגן קומט דיין חתונהדל". אַ מערקווירדיק טעכטערל און באמת אַ געפערלעכע פאַרלאָבונג!

אָט איז אַ שפּיניכע און אַ שפּין. ביידע פון דעם מין קרייץ־שפּינען.

ער מעג שטיין אויפן צווייטן אָרט, ווייל ער איז פיל קלענער פון איר, אומגעפער נאָר צוויי דריטל פון איר גרויס. אַ שיינער ספּעטזומער־פרימאָרגן. אין גאָרטן שטרעקן אויס די רייפע זון־בלומען זייערע גאָלדענע קעפּ צו דעם קלאָרן הערבסטיקן בלויען הימל. אַסטערס לויכטן אין גראָז ווי רויטע און בלויע שטערן. איבער דעם אַלטן צעפוילטן גרינעם פלויט זעט זיך דער ערנסטער סאָסנע־וואַלד, די בוימער־שפּיצן ווי איינגעהילט אין אַ גרויען רויך, אַ פאַרנעפּלט מעשה׳לע. און ביי דעם דאָזיקן פלויט וויגט זיך דאָ און דאָרט אַ גרויס נעץ. זינט לאַנגע חדשים פירן דאָ שפּינען זייער לעבן, אַן „ער" און אַ „זי". אָבער יעדער איינער פאַר זיך, אָפּגעזונדערט, פיינטלעך געשטימט אויך צום אייגענעם פאָלק.

יעדער פון די דאָזיקע שפּינען איז אויף דעם העכסטן פּונקט פון זיין רייפקייט. זיי האָבן אַ לאַנג לעבן הינטער זיך, אַ לעבן פול מיט קאַמפּף און אַרבעט. לאַנג, נאַטירלעך נאָר אין שפּינען־זין, וועלכער מעסט די צייט פון אַ מענטשלעכן שטאַנדפּונקט

וואָס מער די חיות האָבן זיך צעטיילט אויף באַזונדערע מינים, אַלץ שטאַרקער האָט זיך אין ליבע־זאַכן איינגעבירגערט דאָס געזעץ: צום „ליבע־פרעסן", ד. ה. צו דער געשלעכטלעכער פאַרייניקונג מיידט מען, אמת, אוים שוועסטער און ברודער און מען זוכט „פרעמדע", אָבער די דאָזיקע פרעמדע מוזן תמיד געהערן אומגעפער צום זעלבן מין; די זשאַבע קאָן נישט ליבן קיין פליג, און דער ים־שטערן קאָן נישט ליבן קיין אויסטער. ליבן קאָנען זיך נאָר אויסטער און אויסטער, ים־שטערן און ים־שטערן, פליג און פליג, זשאַבע און זשאַבע. פרעסן אין געוויינלעכן זין קאָן אָבער רויק אויך דער ים־שטערן די אויסטער, די זשאַבע די פליג. אַזוי אַרום איז וויניקסטנס, לויט דער מעגלעכקייט, איינגעשטעלט געוואָרן דאָס געזעץ: קיינמאָל זאָל אַ זשאַבע נישט אויפעסן אַ זשאַבע און אַ ים־שטערן — אַ ים־שטערן. דערפאַר מעג דער ים־שטערן רויק עסן די אויסטער, די זשאַבע — די פליג. מיט אַנדערע ווערטער: חברים פון דעמזעלבן מין באַגרעניצן זיך אין זייער פאַרקער מיט דער שיינער האַרמאָנישער פרעס־פאָרם פון דער ליבע, קענען נישט דיזעלבע הערשט אָבער פריי דאָס געוויינלעכע שפּייז־פרעסן; אין דעם לעצטן פאַל קאָן צו קיין קאָנפליקט מיט דער ליבע נישט קומען, ווייל די ליבע קומט אין דעם פאַל בכלל נישט אין באַטראַכט.

אָבער אויך אַזעלכע געזעצן פאַלן נישט מיט אַמאָל אַראָפּ פון הימל. דאָס האָט זיך ערשט מיט גרויס מי נאָך מיהטער צוזאַמענשטויסן געמוזט אויסקריסטאַליזירן. אין אַ געוויסן זין קאָן מען זאָגן, אַז דאָס „געזעץ" האָט פאַר אַ גאַנצער ריי מינים עקזיסטירט נאָר טעאָרעטיש; עס איז ביי זיי אָפט געקומען צו אויסנאַמען, וועלכע „באַשטעטיקן", ווי באַקאַנט, „דעם כלל". נאָך היינט זענען פאַראַן חיות, וועלכע זענען מיט זייערע געוווינהייטן געבליבן ווי פאַרשטיינערט אויף דער גרענעץ פון דעם דאָזיקן געזעץ. עס איז נישטאָ קיין וווּנדערלעכערע זאַך ווי די דאָזיקע לעבעדיקע פאַרשטיינערטע איבערבלייבעכצן. אַנשטאָט אַלטע ביינער טויט אין דער ערד, לעבעדיקע ברואים, — ברואים וואָס ווילן נישט אָפּשטאַרבן. און דאָך זעסטו אין דעם דאָזיקן לעבן, אין די עקשנות־

קעמערל־שטאָף. נישט קיין לעבעדיקן, נאָר נאָר וואָס געהרגעטן. אַז זי האָט דערנעבן געוויקסן, איז נאַטירלעך דאָס איינפאַכסטע מיטל צו נעמען געוויקס־שטאָף. זי זויגט, רייסט, צובייסט, פאַרדייעט אַלס איינפאַכע שפּייז די געוויקסן: זי ווערט געוויקס־פרעסער.

אויך איצט איז נאָך תּמידיג נאָך אַלץ נישטאָ קיין קאָנפליקט מיט דער ליבע, הגם דער אונטערשייד פון דער געוויקס־מעטאָדע איז אַליין פאַר זיך געוואַלטיק. די חיה פרעסט, כּדי זיך צו דערנערן, געוויקסן, און דערביי געווינט זי זיך זייער אייגן לעבן מיט געוואַלט צו צ ו ש ט ע ר ן. צו דער ליבע „פרעסט“ זי אָבער קרובישן חיהשדיקן שטאָף, וועלכער דאַרף אָבער חלילה נישט צושטערט ווערן, נאָר מיט וועלכן עס קומט פאַר אַן אַבסאָלוט־פרידלעכע „לעבעדיקע“ צונויפגיסונג. דו זעסט: דער קאָנטראַסט איז שוין געוואַלטיק. אָבער נאָך אַלץ נישט קיין קאָנפליקט!

דער קאָנפליקט קומט ערשט מיט דעם פאָלגנדן מאָמענט.

אַ גרויסע צאָל חיות געווינט זיך אויף יענע אָרגאַנישע טויטע „איינפאַכע שפּייז“ נישט צו נעמען פון געוויקס, נאָר פון דער חיה אַליין. חיות הויבן אָן נישט נאָר מיט חיות זיך צו ליבן און צו באַהעפטן, נאָר אויך חיות אויס איינפאַכן הונגער צו כאַפּן, הרגענען און אויפפרעסן אַלס איינפאַכן שפּייז־שטאָף. איצט האָסטו אַזאַ לאַגע: איין חיה זוכט די אַנדערע, כּדי זיך לעבעדיק מיט איר צו פאַראייניקן צו דער העכסטער האַרמאָניע ביי דער אַבסאָלוטער שוינונג פון פרעמדן לעבן; און איין חיה זוכט די אַנדערע, כּדי זי צו הרגענען און אויפנעמען אין זיך אַלס שפּייז־שטאָף — ביי אַבסאָלוטער דיסהאַרמאָניע און צושטערונג פון פרעמדן לעבן.

און ביי דעם דאָזיקן קאָנפליקט איז, ווי דו ווייסט, די חיות־וועלט נישט אונטערגעגאַנגען, נאָר זי האָט זיך, פאַרקערט, אַנטוויקלט ביז צו דער גייסטיקייט פון מענטש: אַ סימן, אַז דער דאָזיקער קאָנפליקט האָט איר נישט געשטערט אין דער אַנטוויקלונג. ווייל אין דער חיות־וועלט האָבן זיך דערצו געשאַפן געוויסע געוואוינהייטן, ענלעך ווי ביי יענעם געפערלעכן קאָנפליקט פון דער זעלבסטבאַפרוכטיקונג, וועגן וועלכן איך האָב דיר שוין דערציילט.

בריאה. און אַזוי אַרום איז די דאָזיקע געשלעכטלעכע ליבע מיט איר צונויפגיסונג באמת געווען אַ מין העכער פרעסן.

העכער פרעסן! מיט איין גאַנץ פיינעם אונטערשיד. ביים איינפאַכן פרעסן שלינגט דאָס באַשעפעניש איין „טויטע" שפּייז. צי זענען דאָס, לויטן שטייגער פון די צמחים, דירעקטע אומאָרגאַנישע, מינעראַלישע שטאָפן, וועלכע עס נעמט אין זיך אַריין און אַרבעט איבער. אָדער עס דערהרגעט, לויטן שטייגער פון די חיות, שוין פאַרהאַנענע לעבעדיקן קעמערל־שטאָף און עסט אים אויף. יעדנפאַלס האָט דאָ דער אָרגאַניזם די קראַפט דעם טויטן אויפגעגעסענעם מאַטעריאַל אין זיך ווידער איבערצואַרבעטן אויף לעבעדיקן בוי־שטאָף. אָבער די דאָזיקע שפּעטערדיקע איבעראַרבעטונג איז שוין אַן איינגנשאַפט פון אינערלעכן שטאָף־וועקסל. די בריאה אַליין נעמט אין זיך אַריין נאָר „טויטן" שפּייז־שטאָף.

ביי דער געשלעכטלעכער ליבע גיסט זיך אָבער צונויף לעבן מיט לעבן, לעבן פרעסט אויף לעבן אַלס אַזעלכעס, אויב דער אויסדרוק (וועלכן איך וויל ווייניקסטנס האַלטן אויף דער גרעניץ פון דער ביליקייט) איז ערלויבט. אָדער עס לאָזט זיך פון יעדן אַנדערן אויספרעסן, וואָס ס'איז אין דעם פאַל אַלץ־איינס: קיין איינער פון די ביידע צדדים ווערט דערביי נישט צעשטערט, נאָר ביידע גיסן זיך צונויף צו אַ ר ײ כ ע ר לעבן, וואָס נעמט אין זיך פון איצט אָן אַריין אַ דאָפּלטע כאַראַקטער־ירושה.

דו זעסט, אַז אויך דאָ האָסטו לאָגיש אַ געוויסע קייט, אָבער אין דערזעלבער צייט אויך דעם קערן פון אַ געוויסן קעגנזאַץ. באַטראַכט נאָר די זאַך ווייטער ביז אַרויף אין דער חיות־וועלט. דאָ מוז דער קעגנזאַץ אָננעמען אַ קריטישע שאַרפקייט.

דאָס געוויקס נעמט אויף אַלס שפּייז נאָר אומאָרגאַנישע מינעראַל־שטאָפן. אַלס „ליבע־שפּייז" אָבער לעבעדיקן קעמערל־שטאָף פון אַ קרובישן געוויקס־אינדיווידואום. דאָ איז צווישן ביידע שטאָפן פאַראַן אַן אונטערשיד, אָבער נישט קיין מעגלעכקייט פון אַ קאָנפליקט. איצט קומט אָבער אויף אין דער חיות־וועלט יענע אַנדערע מעטאָדע פון איינפאַכן עסן: די חיה דאַרף האָבן אַלס שפּייז (איך רעד דאָ נישט וועגן אָטעמען און טראַכט איצט נאָר וועגן מאָגן!)

זייטיקע גאַרדינען זעען מיר אויס, ווי אַ יינגע לוסטיקע חברה ליצים, וואָלכע וועלן קיינמאָל נישט אַלט.

איצט וואָלט איך געמאַכט פאַרקערט. ווען דער מענטש, וואָס האָט געטראָגן דעם דאָזיקן שאַרבן זאָל אפילו מיט אַכצנהונדערט יאָר צוריק באמת האָבן געליבט, האָט ער געליבט אַלס מענטש, אַלס קולטור־מענטש. דער שפּין אָבער איז אַן אמתער זקן, זיין ליבע איז גרייז־גרוי, ווי איבערגעטראָגן פון אַ פרעמדן פּלאַנעט. אַן אור־אַלטער פּלאַנעטער שמעקט אין איר, וועלכן ער קאָן שוין מער נישט בייקומען.

מיט דעם ליבע־לעבן פון דעם שפּין, וואָס ציט זיך צוזאַמען מיט דעם דאָזיקן שפּין אפשר ביז צו דער שטיינקוילן־צייט, איז פאַרבונדן אַ נאָך נישט רעכט געלעזט פּראָבלעם, — אַ פּראָבלעם, וואָס באַרירט דעם תוך פון יעדער ליבע. דאָס פּראָבלעם פון דעם אונטערשיד צווישן פרעסן און ליבן.

דערמאָן זיך אַ ווײַלע אָן עפּעס פון פריער. אָן דעם קאַרליק־מעשהלע. דו דערמאָנסט זיך, ווי אַזוי די ליבע האָט זיך בכלל אָנגעהויבן. פרעסן האָבן שוין די אור־קעמערלעך געדאַרפט. זיי האָבן דערמיט צוריקגעשטעלט דאָס פאַרברויכטע, מעגלעך געמאַכט דעם שטאָף־וועקסל, די דערהאַלטונג פון קערפּער. אַחוץ דער איינפאַכער דערהאַלטונג פון אַלטן קערפּער־באַשטאַנד האָט דאָס פרעסן נאָך געגעבן אַ פּאָזיטיוון צונאָב: דער קערפּער איז געוואַקסן. און דאָס דאָזיקע וואַקסן האָט ווידער געבראַכט צו דער צושפּאַלטונג פון קערפּער אויף צוויי טייל: צו דער איינפאַכסטער פאָרם פון דער פרוכפּערונג.

אין דעם דאָזיקן זין זאָגט מען, אַז דאָס פרעסן איז געווען אַן אור־באַדינג פון דער ליבע; נישט קיין סתּם־אַז, נאָר אַ ריינע לאָגישע פאָרויסזעצונג.

דעמאָלט איז אָבער געקומען די געשלעכטלעכע ליבע. מיט איר צונויפגיסונג פון לעבן מיט לעבן. קעמערל מיט קעמערל. איי־קעמערל מיט זוימען־קעמערל. קערן מיט קערן. כראָמאָזאָמען מיט כראָמאָזאָמען. ירושה מיט ירושה. און פון דער דאָזיקער צונויפגי־סונג איז אויסגעוואַקסן אַ נייע בריאה. אַ רייכערע, פילזייטיקערע

„א, גרויסער וועלט־גייסט, וואס האסטו געטאן!
אזוי גלייך צו בויען און ווילד צו פארקרומען!
אין דיין גרויסן קעניגרייך
ווערט אלץ פארפלאנטערט און פארדרייט
ווי נאר ס'הערט אויף דער מענטש
צו טראכטן און צו ליבן".

פון ווישערס „אויך איינער".

**א**ין מיין פאטערס הויז, ביים שיינעם ריין איז אויף אן אלטן פארשטויבטן ביכער שאנק אין א האלב־פארטע־סענעם הויזווינקל געשטאנען אן אלטער געלער מענטשלעכער שארבן.

ער איז מיט א לאנגער צייט צוריק געפונען געווארן אין דער נאענט פון די רוימישע טעראסן, און ווער ס'האט שפראלט געליבן, האט אין אים געזען א שארבן פון א רוימער. גאנצע דורות לעבנס־לוסטיקע רינסט־מיידלעך האבן מורא געהאט זיך צו אים צוצו־רירן צו ריטעס. און אזוי איז ער געווארן א פרייע מדינה פאר אויך אזא לאנגער הורות־קיים פון גרויע אכטפיסיקע ברואים, וועל־כע זענען אין אים אריינגעקראכן פון פינסטערן ווינקל און האבן זיך דארט אויפגעבויט זייערע נעסטער. די אלטע אויסגעבלאנקטע אויגן־לעכער האבן זיי פארצויגן מיט נייע, צארטע, פאס־ווייכע גארדינען, און אונטער זיי האבן זיי אויפגעשטעלט זייער חתונה־בעט און קינדער־ווינקל.

ווען איך טראכט וועגן שפינען, האב איך תמיד דאס דאזיקע פרייע שפין־גאסטהויז „אונטערן טויטן שארבן" ווידער פאר די אויגן. איך בין א קינד און ווייס נאך גארנישט וועגן ליבע. נישט וועגן דער ליבע פון מענטשן און נישט וועגן דער ליבע פון שפי־נען. נאר דער שארבן זעט מיר אויס צו זיין אור־אלט און די קליי־נע ארומווימלענדיקע אכט־פיסיקע הינטער זייערע שטויביק־גרויע

ערשט אין ווינטער פון איר פערטן לעבנס־יאָר שטאַרבט ענד־
ליך אָפּ אויך די וואָרצל־מוטער און פאַלט אַוועק פון איר. גראַב
אין ים אַריין. אַ שיין שטיק לעבן פון אַ חיה, וואָס?

גונוס אַ פאַרשידענע. טייל מינים הערן נישט אויף אויך נאָכדעם, ווי דער קאַרליק־מאַן האָט זיך צו זיי צוגעקלעפּט, ווייטער צו פּראָדוצירן אי אייער, אי זוימען, און זיי לאָזן נאָר דעם פרעמדן מאַן אַריינוואַרפן דורך דער האָך־עפענונג פון זייער האַרטן קערפּער־הויז פון צייט צו צייט אַביסל פרעמדן זוימען און אַזוי אַרום ווייניקסטנס שטאַרק פאַרקלענערן די געפאַר פון דער זעלבסט־באַפרוכטיקונג.

אין דעם פאַל רופט מען דעם קליינעם „ער“ מיט דאַרווינס נאָמען „ערגאַנצונגס־ אָדער קאָמפּלעמענטער־ער“.

אַנדערע מינים דערפילן די הילף, וואָס קומט זיי פון דרויסן, און שטעלן אָפּ זייער געשלעכטלעכע פּראָדוקציע אויף דער העלפט, ד. ה. זיי הערן אויף צו פּראָדוצירן זוימען. אַלע אייער ווערן דאַן באַפרוכטיקט דורך די פרעמדע קאַרליקעס. און אַזוי ווי דער אומבאַנוצטער זוימען־אַפּאַראַט ווערט באַלד אינגאַנצן איינגעטריקנט, ווערט פון אַנדרוגינוס אַן אייגנטלעכע „זי“: אַ ריזיק ווייב, וואָס שטייט אויפן קאָפּ, און טראָגט אויף זיך אירע מענער, ווי לייז.

אַזוי קומט אויך פאָר די זאַך ביים ווייבלעכן וואָרצל־קרעבס.

ביי דער עפענונג פון יענעם רויטן פראַנקפורטער ווורשט זעצן זיך אַוועק פון דריי ביז זעקס צוגעקומענע קאַרליק־מענערלעך און באַפרוכטיקן אים זיינע אייער אין סוף פון צווייטן יאָר פון זיין אינטערעסאַנטן לעבנס־וועג.

פון די דאָזיקע אייער קומט אַרויס (און דאָ האָבן מיר ווידער אַ גאַנץ וווּנדערלעכע ערשיינונג) קודם כל אַ דור יונגע, וועלכע אַנטוויקלען זיך אויסשליסלעך אַלס ווייבלעכע וואָרצל־קרעבסן. אין פרילינג און זומער פון נאָענטסטן יאָר ווערט ווידער געלייגט אַביסל אייער, פון וועלכע מען ווייסט נישט אויף זיכער, צי זענען זיי בכלל באַפרוכטיקט אָדער נישט. און פון די דאָזיקע שפּעטערדיקע אייער קומען אַרויס אויסשליסלעך די פרייע קאַרליק־מענערלעך... אַ געהיימניספולע ערשיינונג, די סיבות פון וועלכער ס'זענען נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט אויפגעקלערט. איך וועל דיר דערצו ווייטער אונטן, ביי די בינען, נאָך עפּעס צוגעבן.

זיסט די בעסטע לעבנס־צייט אויפן קאָפּ. אָבער זייער ליבע־לעבן איז דאָס וואונדערלעכסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן אין זיך. מען וואָלט עס קוים געקענט גלויבן, ווען נישט אַזאַ פּאָזיטיוויסטישער באַאָבאַכטער, ווי דער אַלטער דאַרווין וואָלט דאָ די גאַנצע זאַך דורכגעפאָרשט.

אין אַלגעמיין זענען די וואַנסע־קרעבסן, ווי דו האָסט עס געזען, ווייניקסטנס אין אָנהייב ביים וואָרצל־קרעבס, אַנדראָגינוסן אָדער הערמאַפראָדיטן. דו קאָנסט מיינען, אַז ביי די דאָזיקע צוגעוואַקסענע ברואים, ווי צום ביישפּיל ביי יענע „גאַנז־מושעלן", הערשט אָנשטאָט אַ באַהעפטונגס־פּראָצעס יענע מעטאָדע פון די אויסטערן: די זוימען־חיהלעך און די אייער ווערן איינע נאָך די אַנדערע אַרויסגעלאָזן אין וואַסער און זיי געפינען זיך אין פרייען וואַסער אָדער אונטער די אויפגעבראַלטע שאָלן. עס איז אָבער קלאָר, אַז די דאָזיקע מעטאָדע וואָלט פאַר זיי נישט געטויגט. עס וואָלט נישט געווען קיין געהעריק באַוואָרעניש קעגן דער זעלבסט־באַפרוכטיקונג. און אַזוי האָט זיך איינגעשטעלט אַזאַ הערלעכער פּראַקטישער סיסטעם.

ביי אַ גאַנצער ריי וואַנסע־קרעבסן עקזיסטירן צוזאַמען מיט די טאָפּלט־געשלעכטלעכע אַנדראָגינוסן נאָך באַזונדערע מענלעכע, וועלכע פּראָדוצירן נאָר זוימען. די דאָזיקע מענלעכע קרעבסן זענען (גלייך צו יענע באַרימטע באָנעליאום) זייער קליין, אַזוי אַז זיי קאָנען זיך באַזעצן אַלס פּאַראַזיטן אויף זייערע ווייבער, די אַנדראָגינוסן. אויב די אַנדראָגינוס־חיה אַליין איז אויך נישט גרויס, איז די מענלעכע בריאה נישט מער ווי מיקראָסקאָפּיש. לויט זייער געבוי באַשטייען זיי מערסטנטיילס נאָר פון אַ זעלבסטשטענדיק־לעבעדיקן מענלעכן געשלעכטלעכן אַפּאַראַט: זיי זענען מענלעכע ליבע־ברואים אין דער פולסטער באַדייטונג פון דעם וואָרט. נישט נאָר איינע, נאָר אָפט צוויי און נאָך מער אַזעלכע קאַרליק־מענער קלאַפּן זיך צו צו איין גרויסן הערמאַפראָדיטישן אינדיווידואום, און זאָרגן זיך דערפאַר, אָפּצוהיטן זייער באַלעבאָס פון דער געפאַר פון דער זעלבסטבאַפרוכטיקונג.

ביי פאַרשידענע מינים איז די אויפפירונג פון דעם אַנדראָ־

שטענדיקע האַנדלונג בלייבט דעם דאָזיקן גאַסט, פּונקט ווי דעם באַגרוואָרים, נאָך איבער צו טון: צו ליבן.

דאָס קאָן ער אָבער נישט טאָן זיצנדיק אין קראַב. אמת, ער האָט געשלעכטלעכע טיילן, און אין אָנהויב אפילו אָנצייכנונגען פון ביידע: מענלעכע און ווייבלעכע. אָבער דו געדענקסט דאָך דאָס אַלטע שטרענגע געזעץ: נישט באַפרוכטיקן זיך אַליין. און באמת פאַרשווינדט ביי אים דער מענלעכער אָרגאַן נאָך לאַנג, איידער ער קאָן אים אָנהייבן צו געברויכן, און ווען ער ווערט אינגאַנצן רייף צו דער ליבע פילט ער זיך נאָר אַלס ווייב. וואָס זאָל ער טון? ער שטופּט זיך ווידער אַרויס און קריכט אַרויס מיט דעם גרעסטן טייל פון זיין פאַרמלאָזן קערפּער פון קאַרב. נאָר די „וואָרצלען" בלייבט אינעווייניק אין קראַב. און סטריקט אַרום דער קאַמישער רויטער פראַנקפורטער וואורשט אַליין. ער האָט זיינע אייערשטאָקן און זיין ווייבלעכע געשלעכטלעכע עפענונג.

אָבער ס'אַנטשטייט אַ נייע פראַגע. ווו זאָל ער נעמען אַ מאַן? איך האָב דיר ביז איצט בכיוון נישט דערציילט פון קיין מענלעכן וואָרצל־קרעבס. ווען דו זאָלסט זיך אים פאַרשטעלן אויך צוגעקלעפּט צום הינטערטייל פון אַ קראַב, וואָלט געמוזט אַנטשטיין אַן אמתע דאָקטאָר־פראַגע: ווי זאָל איצט איין פּאַראַזיט צוקומען צום אַנדערן, כדי דורכצופירן די באַהעפטונג. יאָ, צוויי קראַבן וואָלטן פריער געמוזט זיך צונויפקומען, כדי זיך צו ליבן, און בשעת די צוויי גרויסע וואָלטן אויסגעפירט זייער ליבע־אַקט, וואָלטן די צוגעקלעפּטע קליינע געקאָנט אַריינכאַפּן זייער פּראָגראַם. דאָס איז אַ גוטער פּלאַן — אָבער עס איז דערביי פאַראַן נאָך אַן אומגליק. דער קראַב, וועלכן ס'באַפאַלט דער וואָרצל־קרעבס, שטאַרבט נישט אָפּ, ווי געזאָגט, אָבער ער ווערט אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער נעמט זיך מער נישט צו ליבע. און אַזוי וואָלט די זאַך געווען ענדגילטיק פאַרפאַלן, ווען עס זאָל נישט אונטערקומען אַ באַזונדערע הילף, — אַ הילף, וואָס קאָן נאָר ווידער אַנטשטיין פון דער גאַנצער ווילדקייט פון דעם דאָזיקן וואָרצל־קרעבס־לעבן.

די וואַנטעפּיסיקע צוזאַמען מיט זייער פּוילסטן ברודער, דעם וואָרצל־קרעבס, זענען אַ מעשה־פאָלק, וואָס שטייט נישט אויס־

מין פון פויגל־אויער, פון וועלכע סאַנטשטייען הויך אַ מין אויר־נעבווירונג די רויטע צפון־גענז. די ניכטערע פאַרשונג האָט ענדלעך געפּאַקט אין דער סודות־דיקער בריאה דעם קרעבס, און נאָר דער נאָמען „נאַנט־מושל“ איז דעם מין נאָך געבליבן.

אַן איינצלנער פאַל פון די דאָזיקע וואַנסע־פּיסיקע קרעבסן איז אויך אונזער וואָרצל־קרעבס. אויך ער טראָגט זיך פריער אַרום אַלס אַ גשוויינלעך קרעבס־שלייערל אין דעם פרייען וואַסער. אָבער מיטאַמאָל קומט אויך אויף אים אַ צייט, ווען ער דאַרף זיך שטעלן אויפן קאָפּ. אָבער אַנשטאָט דעם שיף־ברעט אָדער דער דיקער פעל פון אַן אַלטן וואַלפיש, וואָס איז נישט פיל איידעלער פון האָלץ, זוכט ער זיך אויס עפּעס נענטערס: דעם קראַב. ער וויל נישט נאָר זיך צוקלעפּן. אַנשטאָט זיך צוצוקלעפּן מיט צעמענט, קריכט ער אַרונטער דעם קראַב אונטערן עק (ער קלויבט זיך דערצו אויס נאָך אַ גאַנץ יונגען) און שטעלט זיך מיט אים אין אַן אומגעהייער־ענגער פאַרבינדונג.

ער רוקט אַריין אין קראַב אַ מין הוילן טאַש, אין וועלכן ער הייבט זיך שפּעטער אָן אַליין אַריינצורוקן, אַרויסקריכנדיק פון זיין שלייערל־הויט.

שטעל דיר פאָר אַ מענטש, וואָס קלעפּט זיך צו צום צווייטן מיט אַ הייסן קוש, קריכט דאַן אַרויס פון זיין אייגענער הויט און רוקט זיך אַריין יענעם אין מויל אַריין און פאַרשווינדט דאָרט אינעווייניק. עס איז זיך נישט אַזוי לייכט פאָרצושטעלן. אָבער פּרוּוו נאָר מיט גוטן ווילן.

אַריינגעקומען אינעווייניק, לאָזט אונזער קליינע שלעכטע וואָרצל־בריאה פון זיך אַרויס יענע „צונג“, וועגן וועלכער מיר האָבן דערציילט, אַז זי „פלעכט אַרום“ די געדערים פון זיין אומפריי־וויליקן באַלעבאָס און הייבט זיך אָן זאָרגלאָז צו זויגן. כמעט צוויי יאָר לעבט ער זיך אַזוי. קיין אייגענע אָרגאַנען דאַרף ער דערביי נישט האָבן. דער קראַב, וועלכער יאָגט זיך נאָך זיין רויב, פרעסט, פאַרדייעט און שאַפט זיך זיין לעבנס־זאַפט, טוט דאָס אַלץ גלייכ־ציטיק אויך פאַר זיין גאַסט. און נאָר איין איינציקע זעלבסט־

גלייך דערקלערן, פאַרוואָס מען האַלט אים נאָך, נישט קוקנדיק אויף זיין ווורשטער און וואָרצל־סטאַדיום, פאַר אַן אמתן קרעבס.

דער וואָרצל־קרעבס געהערט צו אַ גרופּע קרעבס־חיות, וועלכע מען רופט אַן פילער־פיסיקע.

אין זייער יונגנט קאָן מען זיי קוים אונטערשיידן פון אַנדערע יונגע קרעבסלעך. לוסטיק שווימען זיי אַרום אין פרייען ים. מען זעט אַפילו אָן, אַז זיי זענען נאָך נישט פאַרטיק, אַז זיי זענען נאָך אַ מין שלייערל, אָבער אַלץ לאָזט גלויבן, אַז פון דעם דאָזיקן שלייערל וואַקסט אַן אמתער קרעבס. אין איין שיינעם טאָג געשעט אָבער מיט די דאָזיקע שלייערלעך עפּעס אַ משונהדיקע זאַך.

דער יונגער, ביז איצט אַזוי לעבעדיק־באַוועגלעכער וואַנדער־פיסלדיקער קרעבס געפינט אַן אָרט, וואָס געפעלט אים: מיטאַמאָל טוט ער זיך אַ שטעל אויפן קאָפּ, לאָזט אַרויס פון אַ באַזונדערן דריזל בײַ די קאָפּ־פילער, וואָס ווערט גערופן צעמענט־דריזן, אַ מין פעסטן קיט, מיט וועלכן ער קלעפּט זיך צו אין בוכשטעבלעכן זין פון דעם וואָרט, כדי אויף ווייטער שוין צו בלייבן ווי אַ געוויקס אויף דעם אויסגעוויילטן אָרט. מערסטנטיילס איז דאָס דאָזיקע אָרט אַ שטיק האָלץ אָדער אַ קאָראַל אָדער גאָר די דיקע הייט פון דעם לעבעדיקן וואַלפיש. אין פיל פאַלן זעט דער צוגעקלעפּטער קרעבס אויס ווי אַן אַרויסגעוואַקסענע בלומען־קנאָספּע, פון וועמענס עפענונג סישטעקן אַרויס די קרומע קרעבס־פיס, ווי די שטויב־געפעסן פון אַ בלום, וואָס לאָזט זיך פאַנאַנדער.

מען האָט זיך גוט געדאַרפט ברעכן דעם קאָפּ, איידער מען האָט אין דער דאָזיקער צוגעוואַקסענער בריאה דערקענט דעם קרעבס.

מען האָט שוין לאַנג גוט געקאָנט די בריאה, נישט האָבנדיק קיין באַגריף, וואָס דאָס איז אַזוינס. אין דער נאַטורער זאָאָלאָגיע פון פאָלק האָט זיך, איין נאָט ווייסט ווי אַזוי, פעסט איינגעוואָרצלט די מיינונג, אַז די דאָזיקע געהיימניספולע קנאָספּן, וועלכע מען פלעגט זען אין גאַנצע בוקעטן אַרויסהענגען פון אַרויסגעוואָרפענע צושלאָגענע שיף־ברעטער, זענען אַ געהיימניספולער

פון איין זייט פון ווורעם כווישעט זיך אריין אין קערפּער פון קראַב אַ פּאַראַזיטישע צווייבלעכטיגע, אינגאַנצן ווי אַ וואָרצל פון אַ געוויקס. דער וואָרצל שפּינט זיך טיף אַריין אין בויך פון קראַב, פלעכט אַרום די געדערים און די לעבער, און עס קאָן אַנדערש נישט זיין: ער איז איינס פון די דאָזיקע אָרגאַנען, טרינקט דעם שפּייז־זאַפט פון קראַב, פּונקט ווי מיר האָבן דאָס געזען ביים באַנד־וואָרים. דער קראַב ווערט דערמיט נאַטירלעך אין זיין דערנערונג באַעוולהט, אָבער דער נעפּערלעכער וואָרצל, וואָס שטעקט ביי אים אין דער לעבער ווי דער שנאָבל פון פּראָמעטעאוס־אָדלער, באַדאַרף נישט זיין לעבן.

דער ווורעם און דער זויג־וואָרצל — דאָס אַלץ צוזאַמען איז דער וואָרצל־קרעבס.

אַ קרעבס, פּונקט ווי דער קראַב. בלויז וואָס דער ערשטער פירט אויפן לעצטן אַ פּאַראַזיט־לעבן. שטעל דיר פאָר אַ מענטש, אויף וועמענס קערפּער ס'האָט זיך אָנגעהאָפטן און פעסט אַריינגעביסן מיט די ציין אַן אַנדער גאַנץ קליין מענטשעלע. עס האָט דורכגעביסן דעם מענטשנס בויך און אַריינגעשטעקט אַהין אַ לאַנגע צונג, מיט וועלכער ס'האָט אַרומגענומען דעם מענטשנס געדערים און ציט פון זיי אַרויס דאָס ריינע שפּייז־בלוט. קיין אייגענעם מאָגן און געדערים און בכלל קיין אייגענע עס־פאַבריק דאַרף דאָס פּאַראַזיט־מענטשעלע נישט האָבן און האָט עס טאַקע נישט. נישט מער ווי אַ געשלעכטלעכן אַפּאַראַט האָט עס אין זיין זאַקאַרטיקן ליידיקן קערפּער.

אין דעם בילד האָב איך דיר דערציילט וועגן אַ „צונג". אין אמתן איז דער העסלעכער וואָרצל, וועלכן דער וואָרצל־קרעבס (אָדער די סאַקולינאַ, ווי ער הייסט אויף לאַטיין) האָט אַריינגערוקט ווי אַן אומזיסטן שפּייז־ציער אין אָרימען קראַב, נישט דער צונג נאָר דער דערנערונגס־קאַנאַל פון דער סאַקולינאַ. די אייַדעלע סאַקולינאַ האָט גאָר נישט קיין צונג, פּונקט ווי זי האָט נישט קיין אמתן מאָגן און קיין מויל. כדי צו פאַרשטיין, ווי אַזוי דער וואָרצל־קרעבס אַנטשטייט, דאַרף מען באַטראַכטן, צו וואָס פאַר אַן עלנטן קרעבס־געשלעכט ער געהערט, און דאָס וועט איך

אַ וועלט, ווו די געהירן הויבן אָן צו ווערן באַזונדער מעכטיק, ערוואַרטן איך ווייטער פיל נייע אינטערעסאַנטע ליבע־געשיכטעס.

דאָס ליבע־לעבן פון דעם קרעבס קאָן איך דיר צום בעסטן שילדערן ביי אַ בריאה, וואָס איז אויף אַ געוויסער שטופע פון איר עקזיסטענץ *אינגאַנצן ליבע*. אמת, אין אַ פאָרם, וועלכע וועט מסתמא נישט יעדן צופּאַסן צום געשמאַק.

דאָס איז דער וואָרצל־קרעבס.

דער דאָזיקער וואָרצל־קרעבס געהערט צו די חיות, וועלכע איך קאָן דיר נישט אַזוי פּשוט באַשרייבן; דו מוזט זיך אין אים אַ ביסל „אַריינטראַכטן“.

שטעל דיר פאָר קודם כל אַ מין הויטן פראַנקפורטער ווורשט, אָן גלידער, בלויז מיט איין עפענונג. אינעווייניק געפינסטו נישט קיין געדערים, קיין האַרץ, נאָר בלויז אייער־שטאָקן. די עפענונג איז דער ווייבלעכער געשלעכטלעכער קאַנאַל.

דער דאָזיקער משונהדיקער ווורשט שווימט נישט אַרום פריי אין ים. כדי אים צו כאַפּן, מוזסטו פריער פאַנגען געוויסע קרעבסן פון באַקאַנטסטן מין, צ. ב. די געוויינלעכע ברעג־קראַבן ביים באַל־טישן ים. ביי אַ טייל פון די דאָזיקע קראַבן געפינסטו אונזערע פראַנקפורטער ווורשטן באַהאַלטן אונטן אויפן בויך נעבן דעם קורצן עק (ביים קרעבס איז דאָס, וואָס מען רופט געוויינלעך אָן „עק“ אייגנטלעך נאָך דאָס אונטערלייב). עס זעט אויס, ווי ביים קראַב וואָלט דאָ אַרויסגעוואַקסן אַ באַזונדערער ווייבלעכער גע־שלעכטלעכער אָרגאַן פון קערפּער. אָבער דער קראַב האָט באמת זיין אייגענעם געשלעכטלעכן אַפּאַראַט, און תמיד נאָר איין איינ־ציקן מענלעכן אָדער ווייבלעכן טיפּ אינעווייניק אין אייגענעם קערפּער. דער ווורשט, וואָס הענגט אים נאָך, איז דאַרום אַ פרעמדע זאַך.

מיר קוקן זיך אַזוי צו צום אָפּהענגעדיקן ווורשט, און מיר דערזעען עפּעס העסלעכעס.

און נאָך איין זאַך קומט דאָ צו, וועלכע מיר זעען פון איצט אָן נישט נאָר ביים קרעבס, נאָר ביי אַלע מינים, לויט דעם ווי מיר הויבן זיך אויף אַלץ העכער: דאָס זענען די אויסערלעכע אויס־דריקן פון די ליבע־איבערלעבונגען, וועלכע מיר האָבן שוין געזען ביים שלימאַק און טינטענפיש, און וועלכע מען רופט געוויינלעך „גייסטיקע“. אַ קרעבס, אָדער גאָר אַ מוראַשקע איז אַ גאַנץ אַנדערש באַוועגלעכע בריאה, ווי אַ פּיאַווקע אָדער אַ באַנדוואָרים. די ליבע ווערט דאָ — אויב מיר זאָלן געברויכן אַ מער רעאַליסטיש וואָרט — אַלץ מער און מער אַ ג ע ה י ר ן ־ ע נ י ן.

ווען מען זאָגט וועגן מענטש, אַז געהירן און געשלעכטלעך לעבן שליסן זיך קעגנזייטיק אויס, אַז די ליבע מאַכט נאַריש און איז אַ שכרות, וואָס נעמט צו ביים מענטש די בעסטע פעאיקייטן, — איז דאָס אפשר צוגעפּאַסט נאָר צום מענטש, אין וועלכן די באַוואוסטזיניקע באַהערשונג פון דער נאַטור און דער נאַטירלעכער דראַנג פירן שוין זייט אַ פּאָר טויזנט יאָר אַ מין קאַמף; און אפילו צום מענטש איז עס צוגעפּאַסט נאָר איינזייטיק און האַלב.

ביי דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דער חיות־וועלט זעסטו אָבער, ווי די געהירן און דער געשלעכטלעכער אַפּאַראַט זענען ענג צונויפגעבונדן און געפינען זיך אין אַ העכסט פרוכטבאַרער צוזאַמענאַרבעט. גראָד די ליבע דאַרף אין דער ערשטער ריי האָבן די געהירן, און, פאַרקערט, איז אויך קיין ספק נישט, אַז וואָס באַוועגלעכער, וואָס שטאַרקער אַן „איינגעאָרדנטער“ עס איז דאָס ליבע־לעבן מיט אַלעם, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן (די זאָרג פאַר די יונגע א. אַז. וו.), אַלץ בולטער בילדן זיך אויס ביי דער חיה די געהירן, אַלס איינהייטלעכער אַנפירנדיקער צענטער פאַר די דאָזיקע אַלע האַנדלונגען, אַלס העכסטע אַנפירונג, וועלכע רעגולירט יעדנמאָל ו י ע ס א י ז נ ו י ט י ק אויף די אויסערלעכע פאָדערונגען.

געהירן־היות זענען אויך פיל פייכערע ליבע־היות; דאָס איז אַן אייזערנער געזעץ.

און דעריבער קאָנען מיר איצט, ווען מיר גייען אַריין אין

איך רעכן, אַז דו קאָנסט פיר מינים קרעבסן און ווייסט זיי אונטערצושיידן איינעם פון אַנדערן. דעם טייך־קרעבס, ד. ה. דעם „קרעבס“ פשוט, וועלכער איז אונזער רויטער טיש־העלד אין די חדשים אָן אַ „ר“ (פון מאַי ביז אויגוסט). דעם אָמאַר, וועלכער איז אייגנטלעך נאָר אַ שטאַרק פאַרגרעסערטער טייך־קרעבס פון ים. די גאַרנעל, גראַנאַט, אָדער אַזוי גערופענער „קראַב“, די שיינע, כמעט דורכזיכטיקע קרעבס־עלפן, וועלכע גיט האָבן פיינשמעקער אַזאַ גוטן ביסן. און ענדלעך דעם רונדן טאַשן־קרעבס, דעם אייגנטלעכן קראַב, וועלכער באַלעבט אַלע ים־ברעגעס און ווערט געגעסן נאָר דורכן פאָלק, בשעת אין די דעליקאַטעס־געשעפטן פעלט ער אינגאַנצן.

פיר מינים. די וויסנשאַפט ציילט אָן אַזעלכע מינים אָן ערך אַכט טויזנט. און אַלע לעבן, אָדער האָבן (אויב זיי זענען שוין היינט אויסגעשטאָרבן) אַמאָל אין פאַרצייטישע קוואַלן און ים־בוכטעס געלעבט...

די גרונט־מעלאָדיע פון דער קרעבס־ליבע, ווי בכלל פון דער גאַנצער ליבע פון גלידערפיסיקע ביז צום העכסטן אינסעקט, איז, נאַטירלעך, די זעלבע, וועלכע מיר האָבן אַלעמאָל ווידער און ווידער באַגעגנט. צוויי געשלעכטלעכע חיות: „ער“ און „זי“. דער „ער“ האָט זוימען־אַפּאַראַטן, אין וועלכע ס'ווערן פּראָדוצירט מענלעכע זוימען־חיהלעך (זוימען־קעמערלעך). די „זי“ האָט אַן אייערשטאָק, וווּ עס אַנטשטייען די איי־קעמערלעך. די באַהעפטונג ברענגט צונויף די זוימען און די אייער, און פון דעם באַפרוכטיקטן איי קומט אַרויס אַ נייע חיה. דער שאַבלאָן איז ווידער דערזעלבער איינפאַכער, אָן אייביקער לייט־מאָטיוו, פאַר וועלכן מיר האָבן שוין איינמאָל מורא געהאַט, אַז ער ווערט לאַנגווייליק.

אָבער די נאַטור שאַפט פון דער דאָזיקער איינפאַכער טעמע אַלעמאָל נייע און נייע איבערראַשנדע וואונדער. אַכט טויזנט מינים. ווען מען זאָל קענען ביי זיי אַלע באַטראַכטן די [illegible] פון זייער לעבן, די פרוכפּערונג: עס וואָלט זיכער געווען נישט טויזנט און איינס, נאָר אַכט טויזנט מעשהלעך, [illegible], אַז קיין שום סולטאַן וואָלט ביי זיי נישט געקענט איינשלאָפן.

אינעווייניק, ווי מיט ציין, נאָכאַמאָל די איינגעשלונגענע שפּייז.

אַזוי ווי אינסעקטן, שפּין, סקאָרפּיאָן, אַסטל און קרעבס זענען אין אַלגעמיינעם געבוי פון קערפּער צווישן זיך זייער ענלעך, האָט מען זיי אין סיסטעם פון די חיות פאַראייניקט אַלס שטאַם אָדער קרייז פון די גלידפיסיקע, פּונקט ווי מען האָט די זויג־חיות, פייגל, שרצים און פיש פאַראייניקט צווישן זיך אַלס חוט־השדרהדיקע.

דו טאָרסט דיר אָבער אויך דאָ די זאַך נישט פאָרשטעלן אַזוי, אַז געשיכטלעך האָבן זיך אַלע הויפּט־גרופּן פון שטאַם פּשוט איינע פון דער אַנדערער אַנטוויקלט. די גאַנצע גרופּע פון די גלידערפיסיקע שטאַמט אויך אָפּ מסתמא פון די ווערים: יענע העמסטמיגע ווערים־גרופּע, די רינגל־ווערעם, צו וועלכע געהערן דער רעגן־ווערים און די פּיאַווקע, שטייט צו זיי נאָך היינט אַזוי נאָנט, אַז זיי זענען דורך איניקע פאָרשער פאַראייניקט געוואָרן צוזאַמען מיט די גלידערפיסיקע אין איין גרופּע (גלידער־חיות). פון אַזעלכע ווערים האָבן זיך, ווייזט אויס, שוין אין די עלטסטע צייטן קודם כל אַנטוויקלט די קרעבסן. דאָ האָבן זיך אומאָפּהענגיק דער־פון פון זיי אַנטוויקלט די אַסטלען, וועלכע האָבן אין זיך נאָך אויסערליך עפּעס [illegible]. א דירעקטע, זייער־לערנרייכע איבערגאַנגס־פאָרם פון ווערים צו דער אַסטל לעבט נאָך איצט אין די הייסע לענדער: דער אַזוי גערופענער פּעריפּאַ־טוס.

פון די אַסטלען האָבן זיך געקאָנט ווייטער, מיטעססענס אין צוויי אומאָפּהענגיקע רייען, אַנטוויקלען פון איין זייט די סקאָר־פּיאָנען און שפּינען און פון דער צווייטער זייט די אייגנטלעכע אינסעקטן. אינגאַנצן קלאָר איז אָבער די זאַך בשום אופן נישט.

דאָס אַלץ נעם דיר מיט אַלס גאָר גראָבן אַריאַדנע־פאָדים אין לאַבירינט פון די ווילדע חיות־פאָרמען, וועלכן דו דאַרפסט איצט ווידער אויף דיין ליבערהייט דורכוואַנדערן. מיר הייבן אָן פון אונטן: ביים קרעבס.

וויטער מיט דעם סקאָרפּיאָן, וועלכער איז גענוג באַקאַנט.
און ענדלעך אומגעפער אויך מיט איינעם פון די גרעסטע הומאָ־
ריסטן צווישן די חיות, דעם קרעבס.

דער קרעבס געהערט צו די באַשעפעניש, וועגן וועלכע דער פראָפאַן ווייסט געוויינלעך נישט, צו וועלכן מין אין זאָאָלאָגישן סיסטעם זיי צו פאַררעכענען. און ער איז אויך אין פיל הינזיכטן אַזאַ איינגאַרטיקער לץ, אַז עס איז אים גאַנץ שווער צו פאַר־רעכענען צו וועלכן ס'איז מין. פון דער צווייטער זייט איז אָבער באַקאַנט, אַז אויך דער קרעבס האָט אין נאָרמאַלן צושטאַנד די וויכטיקסטע סימנים פון אינסעקט, שפין, סקאָרפּיאָן און אַסטל. זיין כלומרשט אויסשליסלעך לעבן אין וואַסער (קודם כל אין ים, וווּהין ס'דערוועגט זיך נישט אַריינצולאָזן כמעט קיין איין אינ־סעקט) פאַרלירט די באַדייטונג, ווען דו ווערסט געוואָר, אַז קרעבס־חיות לעבן נישט נאָר אין דיין גאָרטן־קוואַל, נאָר אויך הינטער די פּעסער און קאַסטנס פון דיין פייכטן קעלער. דאָ באַהאַלט זיך אַן אַלטער ליבער הויזפריינט, אַ באַשיידן־גרויער און אַן באַוווּנ־דערער נייגונג זיך צו באַקענען מיט דיר ביים ליכט־שיין: די קעלער־חיה אָדער דער קעלער־אייזל. דאָס איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ קאַרליק־קרעבס, וואָס איז פאַרבלאָנדזשעט גע־וואָרן אויף דער יבשה און מוז נעבעך אָטעמען מיט לופט, — אַ בריאה, וואָס געהערט צו די מערקווירדיקסטע חיות פון אונדזער הויז, הגם ער באַקומט דערפאַר פון אונדז נישט קיין שום אַכטונג. דיר וועט נישט אויסזען אַזוי שווער צוצורעכענען די קעלער־חיה צו די אינסעקטן, אָדער לכל הפחות צו די אַסטלען. דעריבער מיינסטו עס אויך פּרוּוון מאַכן מיטן קרעבס, וועלכער גיט דיר נאָך דערצו אַ בולטן מוסטער דערפון, וואָס מען רופט הויט־סקע־לעט ביי די אינסעקטן: זיין כיטין־הויט איז צוליב דעם קוילן־זייערן קאַלך, וואָס געפינט זיך אין איר, אַזוי האַרט, אַז ביי די גרויסע ים־קרעבסן דאַרף מען האָבן אַ האַק, כדי צוצוקומען צו די אינערלעכע ווערטע טיילן. דערביי דרינגען אַריין ביי די דאָזיקע צמאָרן די כיטין־טיילן ביז אין מאָגן, אַזוי אַז מען קאָן זאָגן, אַז זיי האָבן אַ סקעלעט אויך אין מאָגן, וועלכער צוקייט פאַר זיי

וויקלען פון א אינסעקט, אפילו פון אזא קלחגן, ווי די מוראשקע (וועלכע האט אגב ריזיקע געהירן). פון א מוראשקע האט זיך נאר געקאנט אנטוויקלען אן „איבער־מוראשקע“ מיט מענטשלעך־פיינע געהירן, אבער דאך מיט א הויט־סקעלעט, בויך־מארך און רוקן־הארץ; דאקעגן די מאלפע איז אין איר אינערלעכן סקעלעט, רוקן־מארך און הארץ שוין כמעט געווען מענטש און ס׳האבן איר נאר נאך געפעלט שטארקערע געהירן, כדי באמת מענטש צו ווערן.

דערפאר אבער איז דער אינסעקט ענג פארבונדן מיט גאנץ אנדערע חיות־גרופן.

הו זיצסט ערגבס פארטיפס ביי העד ארבעט. פלוצלונג הויבסטו אויף דיין בליק. פון דעם באלקן פון דיין ארבעטס־צימער לאזן זיך צו דיר אראפ צוויי פארפארעטע באשעפעניש. זיי לאזן זיך אראפ יאויף א לאנגן פאדעם, און אין זייער, ווייזט אויס, זייער ווינציקער באשטעפטיקונג, זארגן זיי זיך נישט פאר קיין שום זאך אין דער וועלט. אט זענען זיי א רגע צוזאמען, און אט הוירן זיי זיך שוין ווידער באזונדער. און מיטאמאל הויבט איינס אן בליץ־שנעל צוריק צו קריכן ארויף, און ס׳זעט דערביי אויס, אז עס שלינגט איין זיין אייגענעם פאדעם. אין א ווײלע ארום לאזט זיך נאך אים שנעל דאס אנדערע.

דאס איז א פארל שפינען ביים ליבע־שפיל.

דער שפין איז נישט קיין אינסעקט. ער דערלויבט זיך צו האבן, אנשטאט זעקס, אכט פיס, און איז אויך, אחוץ דעם, אין פיל פרטים שטרענגער אינדיווידואליסט. אבער ווען מען פאר־גלייכט אים מיט דער הויט־השדרה־דריקער חיה, איז ביי אים אלין: דער בויך־מארך, רוקן־הארץ, כיטין־סקעלעט אזוי נאנט צום טיפ אינסעקט, אז מען מוז אים יעדנפאלס שטעלן אין ענגער שכנות מיטן אינסעקט. דאס זעלבע איז מיט אן אנדערער בריאה, וועל־כע איז ביי אונז א גאנץ אומשעדלעכע, אבער וועלכע קאן אין די טראפישע לענדער אמאל אראפפאלן פון באלקן צום רייזנדן אין טעלער אריין אין דער גרויס פון איבער א פערטל מעטער די לענג, און וועלכע בייסט דארט נאך דערצו גיפטיק — די אסטל.

פונקט אזוי איז עס ביי יענער פלעדערמויז, ביי דיין הונט און דיין קאץ, ביים האן אין דעם הינער־הויף, ביי דער יאשטשורקע אויף יעדער גארטן־מויער, ביים קארפ אין דיין טייך. זיי זענען אלע, פונקט אזוי ווי דו, „חוט־השדרה־דיקע חיות“, וועלכע ווערן אזוי גערופן לויט דעם וויכטיקסטן טייל פון דעם אינערלעכן סקעלעט, דעם חוט־השדרה.

דער אינסעקט האט אבער נישט קיין שום שפור פון אזא אינערלעכן ביינער־סקעלעט. דערפאר האט זיין גאנצע אויסערלעכע הויט א געוויסע אייגנארטיקע פעסטקייט, פאר וועלכער מען האט גענומען שאפן דאס ווארט „אויסערלעכער סקעלעט“ אדער „הויט־סקעלעט“. אין דער דאזיקער הויט געפינט זיך א האלץ־ארטיקער הארטער שטאף, דער כ י ט י ן, וואס שפינט דורך די גאנצע בריאה און דרינגט אריין פיל טיפער אין דעם אינערלעכן אינסעקטן־לייב; דאס גיט צו דעם גאנצן קערפער א גרויסע פעסטקייט, אפילו ווען די כיטין־הויט אליין איז פאר אונזער געפיל גארנישט אזוי „הארט“. א מיק איז פאר אונז כמעט א ביישפיל פון דער גרעסטער קערפערלעכער ווייכקייט. און דאך האלט זי זיך אויך זייער פעסט פאר אירע קליינע פארהעלטענישן אין דעם הויט־סקעלעט.

ווייטער: דו, אלס מענטש, האסט א רוקן־מארך, וואס פארבינדט זיך דירעקט מיט די געהירן. ביים אינסעקט געפינט זיך דער אנטשפרעכנדער מארך־טייל אויף דער בויך־זייט, אזוי אז ביי אים איז אנשטאט א רוקן־מארך פאראן א בויך־מארך; דער דאזיקער מארך נעמט ארום פון פארנט די קעל־עפענונג מיט א רינג און פארבינדט זיך איבער איר מיט א מין געהירן. פארקערט ווידער, ביי דיר געפינט זיך דאס הארץ פון פארנט, פון ד ע ר זייט פון רוקן־מארך אין דער ברוסט, ביים אינסעקט איז אבער פאראן א „רוקן־הארץ“. איצט נעם נאך דערצו דעם אונטערשייד, וואס דו האסט פיר גלידער אין קערפער (קיין שום זויג־חיה, פויגל אדער שרץ האט נישט מער), דער אינסעקט האט אבער תמיד זעקס גלידער: דו זעסט, אז צווישן דיר און אינסעקט איז פאראן אין אלעם א קאלאסאלער אונטערשייד, און עס קאן גאר קיין מיינונג נישט זיין, אז דער מענטש האט זיך געקאנט אמאל דירעקט אנט־

קאַנט, און אינסעקט איז די וואַנץ, וואָס וויל מיט דיר גערן טיילן דיין געלעגער. אינסעקטן זענען די בלאַט־לייז, וואָס זויגן אויס דיינע בלומען אויפן פענסטער, און אינסעקט איז דאָס שיינע רויטע „משה רבינוס קיעלע“, וואָס עסט דיר אויף דיין בלאַט־לויז, און וואָס ווערט פון דיר מיט דער עלטער אומגערעכטיקייט, וועלכע די מענטשן ברענגען אַקעגן זייערע ווילטעטער, אומבאַרמהערציק צוקוועטשט אַלס כלומרשטער בלומען־פיינט. אינסעקטן האַלטסטו אויך אַלס האָניק־ליבהאָבער אין דיין בינישטאָק, אינסעקט איז דער גראָז־גרינער היישעריק און די האַרגים, וועגן וועלכער מען זאָגט, אַז ס׳איז גענוג אַ פּאָר אויף צו מאַכן דעם מענטש קאַמפּס־אומ־פּעאיק. און אינסעקט איז דער דיקער טערמיט, וואָס שטעלט זיך אויף אין די טראָפּישע לענדער הייזער פון פינף מעטער די הויך, און אינסעקט איז די צאַרטע ליבעלע, וואָס באַגלייט דיך ווי אַ בלוי מלאך, ווען דו שיפסט זיך אויפן טייכל פון אַ בלומען־לאָנקע.

די דאָזיקע אַלע אינסעקטן זענען צווישן זיך אין זייער אויסערלעכן געבוי זייער ענלעך. זיי זענען אַלע געמאַכט ווי אויף איין מוסטער, אָבער אַ מוסטער, וואָס איז כמעט דער היפוך פון דעם, לויט וועלכן ס׳איז אויפגעבויט דיין אייגענע געשעצטע פערזענלעכקייט.

דו, אַלס מענטש, ביסט אַן אַזוי גערופענע חוט־השדרהדיקע חיה און געהערסט צו אַ גאַנץ אַנדערן טיפּ חיות, ווי דער אינסעקט. ניטאָ אין דער גרויס האַנדלט זיך דאָ: די פּלעדערמויז, וועלכע איז אויך אַ חוט־השדרהדיקע חיה, פליט פּונקט ווי דו, איז געוויינלעך ניט גרעסער פון דעם ריז צווישן די שמעטערלינגען, דעם ציטערינג־דרויטן כינעזישן אַטלאַס־שפּינער, וועלכער איז אַ נאָנטער קרוב פון דעם באַרימטן זייד־שפּינער, און וועלכער דערגרייכט אַ גרייס פון דריי און צוואַנציק צענטימעטער. ווען ס׳זאָל זיין אַ אינסעקט אַזוי גרויס ווי אַ מענטש, וואָלט עס דאָך צוליב זיין אייגנאַרטיקן געבוי געבליבן אינסעקט.

דו, אַלס מענטש, האָסט אַן אינעווייניקן שטאַרקן ביינער־סקעלעט, וועלכער האַלט אונטער די ווייכע טיילן פון דיין קערפּער.

כע. די גאַנצע יבשה פון דעם דאָזיקן פּלאַנעט איז דורך דער אַרבעט פון מיליאָנען יאָר פאַרוואַנדלט אין קולטור־לאַנד. ריזן־שטעט מיט קופּאָלן און געביידעס פון די פאַרשידנסטע פאָרמען. עס ציט זיך אַ נעץ פון גלייכע שאָסייען. ביז צום האָריזאָנט ציען זיך אומענדלעכע איינפאָרמיקע פעלדער פון באַשטימטע קולטור־געוויקסן, וועלכע ווערן נאָר דאָ און דאָרט איבערגעריסן דורך לאָנקעס, ווו ס׳פּאַשן זיך משונהדיקע בהמות, וואָס ווערן פון צייט צו צייט געמאָלקן. די הערן פון דעם דאָזיקן קולטור־פּלאַנעט זיינען אָבער נישט די צוויי־פיסיקע מענטשן, נאָר פיל קלענערע, זעקס־פיסיקע, איינגאַרטיק געגלידערטע באַשעפענישן: די מוראַשקעס. מוראַשקעס פון יענע העכסטע, נאָך היינט ביי אונז פאַרהאַנענע מינים, וועלכע לעבן אין ברייטע סאָציאַלע פאַרבאַנדן, שטעלן זיך אויף אייגענע גרויסאַרטיקע געביידעס, לאָזן וואַקסן און באַשיצן אַ מין גראָז, וואָס איז פאַר זיי אַנגענעם, האַלטן אויף בלאַט־לייז אַלס סטאַדעס און נעמען ביי זיי צו דורך מעלקן זייער צוקער־זיסע אורין, און וועלכע דאַרפן נישט מער, ווי אַבסאָלוטע קאָנקורענץ־פרייהייט און די נויטיקע צייט, אויף צו פאַרוואַנדלען זייער גאַנצן פּלאַנעט אין „זייער ווערק", פּונקט ווי דער קולטור־מענטש טוט עס אַזוי ענערגיש זייט אַ פּאָר טויזנט יאָר.

דו קענסט די מוראַשקע, אויב דו ווייסט אפילו נישט דערפון, אַז זי שטייט *אַזוי* הויך; דו קענסט אויך דעם שמעטערלינג. מוראַשקע און שמעטערלינג — דאָס זענען *אינסעקטן*.

דאָס וואָרט קאָן מען אויף יידיש איבערזעצן „קאַרב־חיות", דאָס הייסט חיות, וואָס האָבן געוויסע קאַרבן אָדער איינשניטן אויף זייער לייב, וועלכע צוטיילן דאָס דאָזיקע לייב אויף שאַרף־אָפּגעגרענעצטע טיילן. חיות, אַחוץ דעם שמעטערלינג און דער מוראַשקע, וואָס געהערן צו די אינסעקטן, רינגלען דיך אַרום אויף שריט און טריט. די פליג, וואָס האָט זיך דיר נאָר וואָס געזעצט אויף דער נאָז, איז אַ אינסעקט. אַ אינסעקט איז די גריל, וואָס זינגט אין דיין קיך, אַן אינסעקט איז דער מיאוסער שוואַרצער „פּרוסאַק", וואָס רויבט ביינאַכט אין דיין שאַנק, אַן אינסעקט איז די געטרייע פלוי, וועלכער דער מענטש איז אַזוי גוט באַ־

א גאַנץ ניי בילד.
איבער דער בלומען־באַצירטער לאָנקע פלאַטערן שטיפעריש שיין־פאַרביקע שמעטערלינגען, ווי אָפּגעריסענע לעבעדיק־געוואָרענע בלימעלעך. און אונטער דעם שטענדיקן וואַלד־דאַך, אין דער געהיימניספולער האַלבער פינסטערניש פון אוראַלטע סאָסנעס, באַוועגן זיך באַשעפענישן, קליינע, אָבער וווּנדערלעך־שלאַנק געבויטע, — חיות, וואָס וווינען אין שטעט, וואָס באַזיצן אַ מין שפּראַך, אַ מין מאָראַל, וואָס לעבן נישט פאַראייינצלט, נאָר צוזאַמען אלס פעסטע מלוכה־פאַרבאַנדן און פירן צוזאַמען מלחמות, — חיות, וואָס זענען איבערגעגאַנגען צו אַ קולטור־שטופע פון באַאַרבעטן די ערד און אויפהאַלטן סטאַדעס...

אונז הויבט זיך אָן צו דוכטן, אַז מיר דערנענטערן זיך צו דער גרויסער גרעניץ פון דער אַנטוויקלונג, וווּ די חיה ווערט מענטש. אָבער דאָס איז נאָך נישט דער מענטש. מיר גייען אפילו שוין נישט אויף דער ליניע, אויף וועלכער דער דאָזיקער מענטש איז אויף דער וועלט געקומען. מיר זענען אַריין אין יענעם דריטן רוים פון דעם איבערשטן שטאָק פון דער חיות־וועלט, אין דעם העכסטן רוים, וועלכער האָט זיך געעפנט אין משך פון די אומענדלעכע יאָרן, זינט דער דאָזיקער פּלאַנעט ערד עקזיסטירט און טראָגט אויף זיך דאָס לעבן, נעבן דעם לעצטן און גאָר דעם העכסטן וואָס האָט דערפירט צום מענטש.

דאָס איז די ליניע, וואָס ענדיקט זיך מיט דער מוראַשקע.

אויב דו זאָלסט דיר פאָרשטעלן די וועלט אָן דעם מענטש און דער גאַנצער ענגער חיות־קיום, וואָס האָט צו אים געפירט: דעם פיש, די יאַשטשערקע, דעם פויגל און די נידעריקע און מיטעלע זויג־חיה, וואָלט די מוראַשקע געווען דער אינטעלעקטועלסטער העכסטער פונקט פון דער גאַנצער ערד. מען קאָן זיך זייער גוט פאָרשטעלן אַ פּלאַנעט, אויף וועלכן די לאַנגע וואָלט געווען אַזעל־

נישט אַרויס קיין איינפאַכע אייזערנע קוילן, נאָר אויפרייסנדיקע באָמבעס, אַזוי לאָזט אויך דער דאָזיקער עראָטישער האַרמאַט, דער העקטאָקאָטילוס אַרויס אויף זיין ציל נישט קיין איינציקע זוימען־היהעלעך, נאָר זוימען־פּאַטראָנען, אמתע זוימען־קאַרטעטשן, לענגלעכע קוילן, וועלכע זענען אָנגעפילט מיט אַ גאַנצער מאַסע זוימען־היהעלעך; אין מאָמענט, ווען דער דאָזיקער זוימען־קאַרטעטש ווערט אַרויסגעלאָזן, פּלאַצט דאָס פּאָדערשטע ווענטל פון פּאַטראָן און די זוימען־היהעלעך ווערן, ווי דורך אַן אויפרייס פון אַ סיוול־מאַשין, אַרויסגעוואָרפן אויפן ציל.

פאַר דער דאָזיקער געוואַלטיקער קאַנאָנאַדע מיט די אויפרייס־באָמבעס קאָן זיך, נאַטירלעך, נישט באַהאַלטן קיין איין רייף איי פון דער „זי“: נישט קוקנדיק אויף די אַלע אומענדלעכע שווערע אומוועגן, שפּילט זיך אויך דאָ ענדלעך אָפּ דער גרויסער סוד, וועמענס עדות מיר זענען שוין אַזוי אָפט געווען: דער גרויסער סוד פון דער נאַטור, צו וועלכן אַלע וועגן דערפירן ענדלעך אפילו נאָך דער אוממעגלעכסטער פאַרפּלאָנטערונג, דער סוד, מיט וועלכן דער אינדיווידואום גייט אַריבער אין לעבן פון די יאָרטויזנטער.

לעבנס־שטאָף אויף דעם נויטיקן אָרט, וווּ דער אייערשטאָק האָט זיין עפענונג. אויף ווי ווייט דער דאָזיקער איבערטראָגונגס־אַקט איז פאַר ביידע טיילן אויך פאַרבונדן מיט תענוג־געפילן, איז שווער צו באַשטימען; מען זעט נאָר, אַז גלייך נאָך דעם, ווי דער באַהעפטונגס־פוס טוט אָפּ זיין אַרבעט, קומט אָן אַ באַרואיקונג, וועלכע לאָזט גלויבן, אַז די חיות האָבן דערמיט דורכגעמאַכט דעם העכסטן מאָמענט פון דער קעגנזייטיקער באַציאונג. אָבער גע־מיטלעך אין מעכאַנישן זין קאָן דער דאָזיקער אַקט זיכער נישט זיין, ווען דער מענלעכער פוס קריכט אַריין דעם ווייב אין דער לופט־רער.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז די פאַרשטאָפּונג פון אָטעם־וועג דאַרף וואָס שנעלער ווידער אויפהערן. ביי אַ גרויסער צאָל טינטענפיש ר ייס ט זיך דער באַהעפטונגס־פוס אין דעם מאָמענט, ווען די „זי" האָט אים שוין אין זיך, פשוט אָפּ און פאַלט אַריין ווי אַן איינגעשלונגענער קרבן אין דעם הויטן־חלל פון דער „זי"; און דער פאַרוווּנדעטער „ער" שווימט זיך דאַן רואיק אַוועק, פונקט ווי ס'וואָלט געמוזט אַזוי זיין.

דער ווילדער ליבע־ראָמאַן איז אָבער דערמיט נאָך נישט געענדיקט. דער אָפּגעריסענער מענלעכער פוס דרייט זיך אַרום אין חלל פון ווייבלעכן קערפּער זעלבסטשטענדיק, ווי אַ וואָרעם, און די ערשטע באַאָבאַכטער, צווישן זיי דער גרויסער קוּוויער, האָבן אים אויך גאַנץ נאַאיוו אָנגענומען פאַר אַ געדערים־וואָרעם, וואָס לעבט אינעווייניק ווי אַ פּאַראַזיט, און האָבן פאַר אים אַפילו צוגעטראַכט אַ באַזונדערן שיינעם נאָמען: העקטאָקאָטילוס, ד. ה. דער וואָרעם מיט די הונדערט זויג־בעכערלעך.

פאַר דעם דאָזיקן „העקטאָקאָטילוס" ליגט דאָרט אין דעם ווייבלעכן חלל אָפן דער אייער־אַפּאַראַט און ער קאָן זיך נעמען צו דער באַפרוכטונג. ער טוט דאָס, ווי אַ קליינער האַרמאַט, ווי אַ קוילנוואַרפער, וועלכן דער מאַן האָט נאָר, ווי אַ גוטער מעכאַניקער נעדאַרפט אָנשטעלן, און איבערלאָזן אַליין ווייטער אַרבעטן: ער הויבט אָן אַרויסצולאָזן אויטאָמאַטיש איין ליבע־שאָס נאָכן אַנדערן. און פונקט ווי די נייעסטע האַרמאַטן, וועלכע לאָזן

דורך דעם שפּאַלט וואָסער פּרעסט דאָן צו פּעסט דעם שפּאַלט און לאָזט אַרויס דאָס וואָסער דורך דער קליינער דערמאָנטער רער, וואָס נעבן דעם שפּאַלט, אַנטשטייט אַ קרעפּטיקער שטראָם, וואָס שטויסט דעם גאַנצן לייכטן טינטענפיש בליץ־שנעל צוריק. ווען דער מענלעכער גליד זאָל דאַרפן צייטווייליק פאַרשטאָפּן דעם שפּאַלט פון דעם דאָזיקן הוילן רוים, וואָלטן דורך דעם אַנטשטאַנען גרויסע שוועריקייטן פאַר דעם באַוועגונגס־מעכאַניזם און דעם אָטעמען. דאָס וואָלט געווען אוממעגלעכער אַזוי, ווי ווען ביי אונז מענטשן וואָלט די לופט־רער פון דער פרוי געדינט גלייכצייטיק אַלס געשלעכטלעכער אָרגאַן און ביי דער באַהעפטונג וואָלט איר דער מענלעכער אָרגאַן געדאַרפט אַריינגעפירט ווערן אין האַלז!

דער טינטענפיש מאַכט אָבער, ווי געזאָגט, דאָס אוממעגלעכע מעגלעך.

אויפן ערשטן אויסערלעכן בליק שיינט אָבער, אַז דער טינטענפיש־ער האָט בכלל נישט, נישט קיין לאַנגען און נישט קיין קורצן, געשלעכטלעכן גליד אויפן קערפּער. זיין קערפּער־זאַק איז פּונקט אַזוי קיילעכיק און גלאַטיק, ווי דער קערפּער פון דעם טינטענפיש־זי, מיט אַ שפּאַלט און אַ רער, אָבער אָן שום רמז אויף אַ באַזונדערן מענלעכן אַפּאַראַט. דערפאַר דערזעט אָבער דער צושויער פון יענעם גרוילדן ליבע־קאַמף פון די טינטענפיש־מאַן־און־ווייב עפּעס גאַנץ אומדערוואַרטעטעס. בשעת דער אומאַרעמונג שטעקט דער „ער“ פלוצלונג אַריין אין דעם שפּאַלט פון דער „זי“ אייגענעם פון זיינע פיס און ווי נעמט אין זיך אַריין דעם דאָזיקן פוס, פּונקט ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ באַהעפטונגס־גליד...

דער פוס איז אַ באַהעפטונגס־גליד.

אַזוי ווי דעם טינטענפיש־„ער“ פעלט אַ ריכטיקער באַהעפטונגס־אָרגאַן, איז איינער פון זיינע פיס איינגעאָרדנט אַזוי, אַז ער קאָן אין באַזונדערע הויט־דונצעלן אָדער לעבער אַריינגעמען די זוימען־היהלעך. אין אַנטשפּרעכנדן מאָמענט טוט ער אַ שטעק אַריין דעם דאָזיקן פוס, ווי אַ ריזיקן מעדיצין־לעפל, אין דעם הוילן חלל פון ווייבלעכן קערפּער און גיסט אויס דעם ווערמפּולן

דינען אלס היגמערשטער ארויסגאנג און געשלעכטלעכע עפענונג.
אבער דא הייטן איז אלץ קיילעכיק און גלאטיק ווי אן עפל. דער־
פאר געפינט זיך הארט אונטער דעם קאפ אויף דער זייט פון בויך
א מין שפאלט, וואס קאן זיך עפענען און פארמאכן, און וואס איז
ענלעך צו א זשאבערע־שפאלט, מיט וועלכן פיש אטעמען. נעבן
דעם שפאלט געפינט זיך נאך א קליינע עפענונג, ווייזט אויס
פון עפעס א רערל. דער שפאלט און די רער פירן אריין אין א
מערקווירדיקן הוילן רוים פון ליים, וועלכער איז אזוי ווי צוגע־
טשעפעט צום בויך ווי א קעשענע. עס ווייזט זיך ארויס, ווען מען
אנטדעקט די דאזיקע קעשענע, אז דער גאנצער קערפער־זאק פון
טינטענפיש באשטייט אייגנטלעך פון צוויי זעק: איינעם אן אי־
נערלעכן, אמתן קערפער־זאק, וועלכער האלט אין זיך די גע־
דערים, געשלעכטלעכע אפאראטן א. אנד., און א צווייטן אוי־
סערלעכן הוים־זאק, וועלכער נעמט ארום דעם אינערלעכן, ווי א
גערוימער מאנטל. די כלומרשטע קעשענע איז נישט עפעס אנ־
דערש, ווי דער הוילער רוים אויפן בויך צווישן דעם אינערלעכן
קערפער־זאק און דעם אויסערלעכן מאנטל. ערשט אין דעם דא־
זיקן הוילן רוים אדיין עפענען זיך פון אינערלעכן זאק דורך ריכ־
טיקע לעכער די געשלעכטלעכע אפאראטן. ווען דער טינטענפיש־
ער זאל דארפן אריינפירן זיין זוימען בשעת דער באהעפטונג די־
רעקט אין ווייבלעכן אפאראט, וואלט ער געדארפט זיין אהינצו
אריינפירן דורך דעם דערמאנטן שפאלט אין דעם הוילן רוים
און פון דארט אין דער אייגנטלעכער געשלעכטלעכער עפענונג.
דו שטעלסט דיר פאר, וואס פאר א [illegible] באהעפ־
טונגס־צענטער ער וואלט דערצו געדארפט האבן.

די זאך ווערט אבער נאך מער קאמפליצירט, ווען דו זעסט,
אז דער דאזיקער הוילער רוים און זיין אויסערלעכע עפענונג די־
נען גלייכצייטיק דער חיה נאך פאר אנדערע וויכטיקע צוועקן. זיי
העלפן איר קודם כל צום אטעמען. אין דעם הוילן רוים עפענען
זיך אירע זשאבראס, צו וועלכע עס ווערט דורך דעם שפאלט צוגע־
פירט דאס נייטיקע וואסער. ווייטער דינט דער הוילער רוים אלס
זייער קלוג־איינגעארדנטער שווים־אפאראט: אז ער נעמט אריין

העכערן זיין ווייטער לערדיק. זיי ווייזן, אַז די וועלט איז נישט „געבויט" געוואָרן לויט אַ פֿאָרויס־באַשטימטן קלוגן שעפֿערישן פּלאַן, נאָר, אַז זי איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ לאַנגער און שווערער „זעלבסט־אַנטוויקלונג". אין דער פּראַקטיק בלייבט אָבער אַלנפֿאַלס די אומבאַקוועמלעכקייט. מיר זעען ביים טינטענפֿיש די באַוועגלעכקייט פֿון אינדיווידואום שטאַרק דערהויבן איבער דער אויסטער, אָבער דאָפּלט און דריימאָל אַזוי גרויס איז ביי אים דעריבער די שווערי־קייט פֿון דער אייטוואָרצלונג פֿון דעם „ער" און דער „זי" בשעת דער באַהעפֿטונג.

דער טינטענפֿיש־ער און דער טינטענפֿיש־זי האָבן זייערע אייגנטלעכע געשלעכטלעכע אָרגאַנען טיף אין קערפּער, ענג פֿאַר־קניפּט מיט די אינערלעכע געדערים. דער טינטענפֿיש־ער האָט זיין זוימען־אָרגאַן (נאָר איינעם), אין וועלכן ס'ווערן פֿאַבריצירט די זוימען־היטלעך, דער טינטענפֿיש־זי האָט זיין (אויך נאָר איי־נעם) אייערשטאָק, וועלכער שטעלט צו אומבאַפֿרוכטיקטע אייער. דער זוימען־אַפּאַראַט און דער אייער־אַפּאַראַט האָבן זייערע עפֿע־נונגען, דורך וועלכע די פּראָדוקטן קאָנען אַרויסגעפֿירט ווערן, און דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען דער טינטענפֿיש־ער זאָל בשעת דער ווילדער אומאַרעמונג, וועלכע איז פֿריער געשילדערט געוואָרן, פּשוט צופֿירן זיין זוימען־עפֿענונג צו דער ווייבלעכער אייער־עפֿע־נונג און אַזוי אַרום דורכפֿירן די באַפֿרוכטיקונג.

אָבער אַזוי פּשוט גייט דאָס, צום באַדויערן, נישט צו; דאָ דאַרף מען טאַקע נעמען אין אַכט דעם גאַנצן פֿאַרפּלאָנטערטן, ווילדן געבוי פֿון דעם טינטענפֿיש־קערפּער. דער טינטענפֿיש האָט אויבן אַ קאָפּ, אויף וועלכן מען דערקענט צוויי אויסגעגלאָצטע אויגן און אַ מויל. אַרום דעם מויל געפֿינען זיך די פֿיס. דער איבעריקער טייל פֿון קערפּער איז אַן איינגעפּאַקטער, אויסערליך מער נישט צוגלידערטער, זאַק, וועלכער הענגט איבער דער חיה, ווען זי לויפֿט מיטן קאָפּ אַראָפּ אויף אירע פֿיס, ווי אַן איינציקער גרויסער הינטער־טייל. לויט דעם מוסטער פֿון די אַנדערע חיות וואָלט מען געקאָנט ערוואַרטן, אַז אויף דער אַנדערער זייט פֿון קערפּער געפֿינט זיך מינדעסטנס נאָך איין עפֿענונג, וועלכע זאָל

אָבער די דאָזיקע ווילדקייט איז גאָר קיין וווּנדער נישט. ווייל די באַהעפטונג פון די טינטענפיש מאַכט, אין אירע אויטאָנאָמי־שע דעטאַלן, ווי איבסענס בוימייסטער סאָלנעס זאָגט: דאָס אומ־מעגלעכע מעגלעך.

די אינערלעכע באַהעפטונג פון די דאָזיקע חיות ווערט, אויסגעפירט אַזוי, אַז אַ קערפּער־טייל פון דעם „ער“ ווערט אַריינ־געפירט אין לייב פון דער „זי“. עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז דער דאָזיקער מעטאָד איז פאַר דעם באַהעפטונגס־צוועק זייער אַ זיכערע. אָבער ער האָט אויך זיינע שאָטן־זייטן.

וואָס מער די חיות האָבן זיך קאָמפּליצירט און זענען געוואָרן גרויסע, פרייע באַוועגונגס־מאַשינען, אַלץ אומבאַקוועמער איז פאַר זיי געוואָרן דער דאָזיקער פאַריייניקונגס־פּראָצעס. אין דער גאַנצער העכערער אַנטוויקלונג פון דער חיות־וועלט זעען מיר אומעטום די טענדענץ אָפּצורייסן זיך פון איינוואָרצלען, אַנקלעפּן. דעם טינ־טענפיש שטעלן מיר אַזוי הויך איבער דער אויסטער טאַקע דער־פאַר, וואָס ער האַלט זיך שוין נישט מער פעסט צוגעקלעפּט צו דער ערד, נאָר ער באַוועגט זיך אַרום זיין גאַנץ לעבן ווי אַ פרייער אינדיווידואום. און אין דעם העכסטן שטאַם פון דער גאַנצער חיות־וועלט, ביי די חוט־השדרהדיקע חיות זענען איבערהויפּט שוין מער נישט פאַראַן קיין צוגעוואַקסענע אָדער איינגעוואָרצלטע ברואים. דער באַהעפטונגס־אַקט איז אָבער אומעטום דאָס לעצטע אָרט, וווּ עס מוז נאָך אין יעדן פאַל אויף איין מ אָ מ ע נ ט פאָרקומען אַזאַ צוקלעפּונג און איינוואָרצלונג. ס'איז פאַרשטענד־לעך, אַז דאָס רופט אָפּט אַרויס די גרעסטע אומבאַקוועמלעכקייטן, אוממעגלעכע אַקטן, לאַגעס און שטעלונגען. דער מענטש קאָן מיט רעכט זאָגן וועגן דעם דאָזיקן אינטערמעצאָ פון העכערן חוט־השדרהדיקן לעבן דאָס, וואָס העלמהאָלץ האָט געזאָגט וועגן מענטשלעכן אויג: איך וואָלט אַ מעכאַניקער, וואָס וואָלט מיר געבראַכט אַן אַפּאַראַט מיט אַזוי פיל פעלערן און איבעריקע באַשווערונגען, נישט קאָמפּלימענטירט אַחוץ אַלע זיינע פאַרדינסטן, פּשוט אַרויסגעוואָרפן. אַזעלכע „אומפּראַקטישקייטן“ פון דער נאַטור זענען אָבער אין

גייסטיק, סטתמא, זיין פיל נענטער און פארשטענדלעכער. אָבער ווי אזוי וועט דער אַקט אַליין פּאַרלויפֿן ביי די דאָזיקע משונה־ווילדע לייבער? ביי די קלייטע סעפּיאַ־העלפאַנטן, ווי איך האָב זיי געזען אין נעאַפּאָל, האָט זיך דער „ער" געדרייט ארום זיין גע־ליבטער „זי", האָט זי שטיפעריש אביסל געטריבן פאַר זיך, און ענדלעך זיך אַוועקגעשטעלט קעגן איר קאָפּ צו קאָפּ. ביידע האָבן זיי אָנגעהויבן ארומצונעמען. אָבער ווען דו שטעלסט דיר פאָר, אַז ביי דעם דאָזיקן משונהדיקן פֿאָלק וואַקסן די פֿיס ארויס פון קאָפּ, פּאַשטייסטו, אַז כדי זיי זאָלן זיך קאָנען ארומנעמען, מוזן זיי זיך פריער צובויגן צו זיך מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך געשוואָלט איינער דעם אנדערן קראַצן דעם שפּיץ קאָפּ. אַ גאַנצע ווײַלע זענען די ליבנדע געבליבן שטיל, ווי פאַרזונקען אין געדאַנקען. די זאַך האָט נאָך אין דעם דאָזיקן פֿאַל אויסגעזען גאַנץ געמיטלעך. אָבער פֿון גרעסערע מינים ווערט עס שוין פיל ווילדער דערציילט.

האַרט ביי דער אינטערלעכער פלאַכקייט פון אַקוואַריום־פענס־טער האָבן זיך געפּאַקט צוויי ליבעדורשטיקע „דראַקאָנען" און אָנ־געהויבן — ווי אַ צושויער דערציילט — אַזאַ טאַנץ, אַז מען האָט געמיינט, אַז סיגייט אויף לעבן און טויט. די חיות האָבן זיך געשאָקלט האַלב פריי אין וואַסער, אַזוי ווי אַ שפּין, וואָס וויגט זיך אויף זיין נעץ. די ראָל פון נעץ שפּילן דאָ איינציקע פון די לאַנגע אָרעמס, וועלכע כאַפּן זיך אָן מיט זייערע זויג־באַנקעס אין איין זייט ביי דער שויב, אין דער צווייטער זייט ביי אַ שטיין און לאָזן אַזוי די דיקע לייבער פריי באַלאַנסירן. און די איבעריקע אָרעמס כאַפּן דערווייל ארום און דריקן אַזוי צונויף די פרעמדע חיה, ווי זיי וואָלטן זי געוואָלט דערשטיקן. די אויגן בלישטשען, די קיילעכיקע בייכער באַפאַרבן זיך איינהייטלעך טונקל־ברוין און בלאָזן זיך אַזוי שטאַרק, אַז דאָס וואַסער הויבט אָן צו קאָכן. אי־בער אַ שעה דויערט אַזוי דער פאַרליבטער טאַנץ. אָט ווערט דער געליבטער אומברחמנותדיק צונויפגעפּרעסט, אַז ער פּלאַצט שיער, אָט ווערט דער אָדער יענער אריינגעזויגענער אָרעם מיט אַזאַ קראַפט ווידער אָפּגעריסן, אַז די הויט ווערט צעריסן אויף שטי־קער.

זיך באַלד אָן אַ וווּנדערלעכער פֿאַרבן־שפּיל. ער האָט יענע אייגנ־שאַפֿט, וועלכע האָט באַרימט געמאַכט דעם כאַמעלעאָן: בליץ־שנעל אויסשפּרייטן און צונויפֿציִען געוויסע פֿאַרב־קעמערלעך אויף זיין קערפּער, אַזוי אַז די פֿאַרב קומט אַרויס און ווערט באַלד ווידער צוגאַנגען און פֿאַרשוווּנדן. אין זאַמד איז ער געל־ברוין, ווי אַ האָז. איצט אָבער גיט ער מיטאַמאָל אַ מאַך: און דער העלפֿאַנט אין אָפֿענעם וואַסער ווערט אַ זעברע, מיט שוואַרצע שטרייפֿן איבערן גאַנצן קערפּער. דו באַמערקסט אָבער שוין גלייך אַז די דאָזיקע פֿאַרב־ענדערונג האָט אַלס סיבה אַן עפּעקט. דאָ אונטן איז די האָז־געלקייט געווען אַ שוץ־מיטל. די זעבראַ־געשטרייפֿטקייט ווידער איין אַ גריימצאָרן. עס איז אַ ספּעקטאַקל־פֿאַרב, ווי ביים צורייצטן אינדיק. זעסטו דאָרט אויבן, הויך אין וואַסער, דעם אַנדערן העלפֿאַנט זיך געמיטלעך באַוועגן. עס איז אַ „זי“, — די „זי“, וועלכע דער קליינער זעבראַטינטער ליבט, און וועלכע ער האָט, ליגנדיק אונטן באַהאַלטן אין זאַמד, מיט דעם אַרויסגעשטעקטן אויג איפֿערזיכטיק געהיטן. איינער פֿון די אַנדערע טינטערס האָט זיך אויך ערשט נאָר וואָס אַרויסגעגראַבלט פֿון זאַמד, און זיך גאַנץ געמיטלעך, ווי אַ גוטער פֿאַרטרויטער יונגער ליבהאָבער, גענומען שווימען אַרויף צו דער „זי“. דאָ איז אָבער מאָמענטאַל דער „געזעצלעכער“ פֿאַרליבטער נאָכגעשאָסן ווי אַ בליץ. און אין צאָרן איז ער געוואָרן זעברע. נו, איצט קום אַהער, אויב דו דערוואַגסט זיך, דו אַנדערער קעגן מיר, ביי וועמען וואָס זעט, אַז מ׳האָט אים געפּאַקט, וויל זיך אָבער נישט לאָזן וואָס זעט, אַז מ׳האָט אים געפּאַקט, וויל זיך אָבער נישט לאָזן אויף קיין אַוואַנטורע, און אַזוי לאָזט ער זיך ווידער שטיל אַראָפּ אין זאַמד.

א שטאַרק שטיק פֿון העכערן ליבע־לעבן שטעלט זיך שוין דאָ פֿאַר דיר פֿאָר. אינדיווידועל באַזיין־דעכט, ריוואַליטעט־קאַמפֿן, אַ שפּיל פֿון געפֿילן, וועלכע דערמאָנען שוין אונדז אָן אונדזערע אייגענע, אָבער דאָס אַלץ ביי די דאָזיקע משונהדיקע אָפּגעהאַקטע העלפֿאַנט־קעפּ פֿון דעם אומגעלעכסטן אויסזען. נישט ווילנדיק זאָגט מען זיך, אַז דאָ וועט שוין אונדז די גאַנצע ליבע־געשיכטע

ים־טיפֿעניש געמוזט אַנטפּלעקן זייערע דיסקרעטסטע האַרץ־סודות, קאָנסטו אויך באַקוועם צוזען דעם ליבעפֿלירט און די חתונה פֿון די טינטענפֿיש.

דאָרט זעסטו דאָס טינטענפֿיש־פֿאָלק אין זיין גאַנצער פֿרישקייט, אומגעבונדנקייט און ווילדקייט. עס איז גאָר קיין פֿאַר־גלייך נישט מיט די אָרימע פּרושים פֿון אונזערע אַקוואַריומס. אין נעאַפּאָל קאָן זיך דיר באמת דוכטן, אַז דו רייזסט מיט זשול־ווערנס אונטערוואַסער־שיף מיט די דורכזיכטיקע שפּיגל־שויבן דורך די בלויע טיפֿענישן פֿון ים. דאָ שוועבן איבער דיר די ק אַ ל־מ אַ ר ן, די שוואַלבן, אַזוי צו זאָגן, פֿון דעם טינטען־געשלעכט, די פֿרייסטע שווימער פֿון פֿרייען ים. אַז מען קוקט אויף זיי, פֿאַר־שטייט מען, ווי אַזוי דאָס פֿאָלקס־בילד, וואָס זעט דאָך תּמיד רעאַליסטיש, האָט געקאָנט קומען ביי די דאָזיקע מאָלוסקן צום פֿאַרגלייך מיטן פֿיש. באמת שיסן זיי דורך גראַציעז דאָ פֿאָרויס, דאָ צוריק, ווי שלאַנקע ראָזיק־רויטע הערינג, די קורצע כאַפּ־אָרעמס צונויפֿגעלייגט, ווי דער שפּיציקער פּיסק פֿון אַ שטערלעט, די ברייטע דרייעקיגע פֿלוס־פֿעדערן רודערן מיט אַ כוואַליע־אַרטי־קער באַוועגונג, — אַזוי שווימען זיי פֿריי, לוסטיק, לאַפּטיק, פּונקט ווי אמתע פֿיש, אין קעגנזאַץ צו די אַלע גראָבלענדיקע, געוויקסיק־אומבאַוועגלעכע, אומגעלומפּערט־אָנגעבלאָזענע און וואַסערדיקע אָנ־הייבונגס־בריאים פֿון דער טיפֿעניש. נעבן די דאָזיקע הייטנע פֿלינקע בריאים זיצן באַהאַלטן נאָנט צום זאַמד־גרונט די קליינע דיקע טינטער פֿון דעם שטאַם ס ע פּ י אַ. פֿריער קאָנסטו קוים גאָר־נישט באַמערקן, אַזוי ליגט ער אַריינגעגראָבן אין זאַמד פֿון ים־דעק. הייבט ער זיך אָבער פֿלוצלונג אויף און שוועבט אַרויס אין פֿרייען וואַסער, ווי אַ דערשראָקענער פֿויגל, זעסטו פֿאַר זיך דעם עלעגאַנטסטן חברה־מאַן. דאָס איז אַ מין רונד צוגעשטאָקט שווימענדיק העלפֿאַנט־קעפּל: די נאָז בילדן דערביי די צונויפֿגע־דריקטע כאַפּ־אָרעמס. ווען ער זאָל אָבער זיין באמת אַזוי גרויס ווי אַ העלפֿאַנט, וואָלט עס געווען די שוידערלעכסטע ערשיינונג.

אויף דעם דאָזיקן העלפֿאַנטל אָן פֿיס און אָן קערפּער הייבט

זיכן מין קאָנצענטרירט די אינטעליגענץ פון דעם ווייך־היות־שטאַם. פון אַלע מינים חיות, וועלכע מיר האָבן ביז איצט באַטראַכט, זענען זיי איבערהויפּט די „נשמהדיקסטע“. אָבער דאָס איז אַ ווילדע רויבער־נשמה, אַן אינטעלעקט, וואָס איז געשפּאַנט נאָר אויפן אומברענגענדיקן קאַמף קעגן פרעמדע און אויך קעגן איינגליכן. אין דעם דראַזיקן קלוגן, אָבער אייביק קריגערישן באַשעפעניש קאָן אויך די ליבע נישט זיין קיין אידיליע, — דאָס קאָן מען פאָרויסזען. און באמת זעט זי אויס ווי אַ פּראָבע פון דער גאַנצער כאַראַקטעריסטיק פון דער חיה. דער אינטעלעקט קומט אין איר צום אויסדרוק. די רויבערישע נאַטור. און דאַן אויך די דערמאָנטע ווייך־חיה־ירושה, דאָס ווילדע, אומגעלומפּערטע.

שטעל דיר פאָר, אַז דער געשלעכטלעכער אקט האָט נישט נאָר פאַר אַ ציל אַריינצוגיסן די מענלעכע זוימען־פליסיקייט אין דעם ווייבלעכן געשלעכטלעכן אַפּאַראַט, נאָר אַז די ענדגילטיקע קאַטאַסטראָפע איז די, אַז דאָס מענלעכע גליד טוט זיך מיט אַ מטאָרישער קראַפט אַ ריס אָפּ און פאַרשווינדט אויף אייביק אין ווייבלעכן אָרגאַן. דאָס איז אויסערלעך די לאַגע פון דער טינטענפיש־ליבע.

אין גרונט גענומען איז דער טינטענפיש אויך געשלעכטלעך אַ הויך־אַנטוויקלטע חיה.

דער געשלעכטלעכער הערמאַפראָדיטיזם, וועלכן די שליטמאַכער שטעלן אַזוי בולט פאָר, דאָס פרימיטיווע אויסגיסן דעם זוימען, וועלכן מען זעט ביי די אויסטערן — דאָס אַלץ איז ביים טינטענפיש מער נישט פאַראַן. דער טינטענפיש איז תמיד געשלעכטלעך צעטיילט: טינטען־מאַן און טינטען־ווייב. און ביידע געשלעכטער מיט זייערע לאַנגע אָרעמס זעען אויס ווי באַשאַפן פאַר אַ ריכטיקער באַהעפטונג אין מאָמענט פון דער ענגסטער אומאַרעמונג. און באמת זעט מען זיי, ווען עס קומט זיי אָן די געהעריקע שטימונג, זיך אַזוי אויפפירן. אָבער שוין אויסערלעך גייט עס צו נאָ־נג ווילד.

אין דעם בראָבאָפּאָלן באַסיין פון דער זאָאָלאָגישער סטאַנציע אין נעאַפּאָל, ווו סיהאָבן שוין אַזוי פיל משונהדיקע חיות פון די

צווישן די צוויי ברואים: דער נידעריקער און דערצו נאָך רעגנ־געריטער אויסטער און דעם הויך־אַנטוויקלטן טינטענפיש.

דער טינטענפיש איז די קרוין פון זיין שטאַם.

שטאַרקע געהירן צענטראַליזירן אין קאָפּ זיינע גייסטיקע קרעפטן, און הגם ער האָט אין קערפּער גאַנץ ווייניק האַרטע ביי־נער, ווערן אָבער די ראָזיקע געהירן ביי אים, פּונקט ווי ביי דער העכערער חוט־השדרהדיקער חיה, ביי דער זשאַבע, פויגל אָדער מענטש, באַשיצט דורך אַ באַזונדערן ווייכביינדלדיקן רינג, ווי אַ מין שאַרבן־הילע, וועלכע וואָלט זיך זיכער נישט אַנטוויקלט, ווען עס וואָלט דאָ נישט געווען צו באַשיצן עפּעס ערנסטעס און ווערט־פולעס. אינטעלעקט איז אָבער תמיד — דאָס קאָן מען כמעט זאָגן ווי אַ געזעץ — פאַרבונדן מיט אַ שטאַרקער באַוועגלעכקייט. דער טינטענפיש שטייגט אויך אין דעם פּרט אומגעהויער אַריבער די אויסטער: דער טינטענפיש קאָן שווימען, לויפן, קריכן, יאָ, אפילו בויען: ער פאַרבאַריקאַדירט זיך מיט שטיינער, ווען ער זוכט אין זיין עלעמענט, דעם ים־וואַסער, זיינגלייכן. נאָר אין דער אויסער־לעכער געשטאַלט ליגט אויף אים נאָך אַביסל זיין שטאַם־צייכן, עס שטעקט עפּעס אומגעלומפּערטס, ווילדס אין זיין גאַנצן געבוי: די אָרעמס וואַקסן אַרויס פון קאָפּ, איבער די אויגן און אַרום דעם פרעסערישן מויל, און זיי כאַפּן זייער רויב, פעסט צוהאַלטנ־דיק אים מיט אַ רייע זויג־באַנקעס.

די ווילדקייט פון דער פאָרם ווערט נאָך איינפאַלנדיקער ביי דער גרויס, וועלכע דערגרייכט צו אַ קאָלאָסאַלער מדרגה. זייל דער טינטענפיש איז אין זיין ריזיקסטן מין דער „דראַקאָן" פון די פישער־לעגענדעס, פון וועלכן מען געפינט עקזעמפּלאַרן ביז צוואַנציק מעטער אין דער לענג. אַ שפּין פון אַזאַ גרויס וואָלט זיכער געוועזן די מיאוסטע פון אַלע לאַבוד־חיות און די שרעק־לעכנדע פון אַלע פעלקער.

די טינטענפיש זענען אור־אַלט. זיי ערשיינען אין אומגע־הויערע מאסן שוין דעמאָלט, ווען פאַר אונזער וויסן לאָזט זיך בכלל אַרויס דער פאַרהאַנג איבערן לעבן אין דער ערד־געשיכטע פון די עלטסטע צייטן אָן האָט זיך, ווייזט אויס, אויף דעם דער

בעם א שפין. זעץ אים אריין די פארשטארטע גלעזערנע אויגן פון א שעלפיש. גיב דעם קערפער די נאסקייט, די גליטשיקייט, די ווייכקייט, גערוכצלאזקייט און אבסאלוטע טאקעט־קייט פון שלימאק. נעם צו ביי די פיס די נעלענקען, אזוי אז זיי זאלן ווערן ענלעך צו קרישקעס, זיי זאלן זיך אומבאהאלפן דרייען, און נאר אדאנק א געהיימניספולער זויג־קראפט, וועלכע גיט זיי די מעגלעכקייט אלעמאל זיך ערגעץ אנדערש אנצוכאפן, זאלן זיי קאנען אוועקשלעפן פון ארט דעם דיקן קערפער־זאק פון דעם שפין. אחוץ דעם לאז דעם שפין איבער די גאנצע ווילדקייט און רויבער־רישקייט פון זיין נאטור, לאז אים איבער זיין קראפט און עקשנות און זיין אינטעליגענץ, וואס גיט אים די מעגלעכקייט צו באהערשן יעדע לאגע. און גאר צום סוף מאך אים נאך גרויס: ווי א פויסט, ווי א קאפ, ווי אן אקס, ענדלעך ווי א וואלפיש.

דאס איז דער טינטענפיש.

דער טינטענפיש איז זייער ענלעך צו א שפין. ער איז אבער נישט קיין שפין, ער איז אפילו נישט קיין קרוב פון שפין, פונקט אזוי ווי ער איז נישט קיין פיש.

ער איז א ווייך־חיה, אן אוממיטלבארער קרוב פון יענע מו־שעלן און שלימאקעס, א שטאם־ברודער פון דער אויסטער און דעם גארטן־שלימאק. נישט מער וואס ער האט זיינע חברים שטארק איבערגעשטיגן. צוברעך אן איי מיט א הינדעלע, וואס האט זיך נאר וואס אנגעהויבן אויסצופיקן, און גיס ארויס די מאסע אויף א טעלער: דו זעסט א וויסטן פלאנטער פון א פארגליווערטער מאסע, וועלכע בלייבט ליגן ווי טויט; און שטעל דיר פאר דער־נעבן די דערוואקסענע הון, ווי זי קוקט דיך אן מיט א בליק וואס קומט פון געהירן און גייט צו געהירן, ווי זי לויפט, שארט, קוואקעט און פליט; אזוי אומגעפער זעט אויס דער קאנטראסט

בענקען: אז אפשר קומט אין יעדן פון די דאזיקע שלימאקעס גלייכ־ציטיק פאר יענער שוידערלעכער שפיל פון די יונגע לעבער־פיאור־קעס, און דו ווערסט באקומען א שיינעם באגריף דערפון, וואס דאס אלטע ווארט פון דער „ווילדער פרוכפערונגס־קראפט פון דער נאטור“ וויל באמת זאגן. אויב דו ביזסט גענוג שטארק צו קוקן דער נאטור גלייך אין פנים אריין, דאן כאפסטו דא פילן א שוידער פאר דעם ערהאבענעם, געוואלטיקן, פונקט ווי ווען דער אקעאן־סברויזט דא פאר דיר אויף, איז דער אקעאן פון לעבן, די לאווינע שטורעמט אדער די לאווינע פון שניי־קלאס דונערט. דאס, וואס פון אומערשעפלעכן „ווערן“, וואס קייקלט זיך איבער דיר.

ציעס, וועלכע שטייגן נאָך ווייט אריבער די מעשים פון גאָרטן־שלימאַק.

די צוטיילונג פון אַפּאַראַט האָט אַלס ערשטן רעזולטאַט קודם כל דאָס, וואָס נישט קוקנדיק אויף זייער דאָפּלט־געשלעכטלעכקייט, באַגעגענען זיך די געשלעכטער געוויינלעך נאָר אַזוי, אַז איינער טרעט אַרויס אַלס „ער“ און דער צווייטער אַלס „זי“. זיי באַהעפטן זיך אַזוי אַרום קיינמאָל נישט אַזוי, אַז יעדער שלימאַק גיט דעם אַנדערן און נעמט ביי אים אין דער זעלבער צייט. איין שלימאַק כאַפּט אָן דעם אַנדערן נאָר אַזוי, אַז זיין מענלעכע (ד. ה. די וואָס געפינט זיך פון פאָרנט) געשלעכטלעכע עפענונג ווערט צוגעדריקט צו דער פרעמדער ווייבלעכער עפענונג.

דאָס וואָלט אויף אַזאַ אופן אפילו געווען איינפאַכער, ווי די פריערדיקע געשיכטע אין ווייַנגאָרטן. אָבער שטעל דיר נאָר איצט פאָר מאַטעמאַטיש־שאַרף דעם ווייטערדיקן המשך. איין שלימאַק באַהאַנדלט דעם אַנדערן מענלעך. דערביי בלייבט זיין אייגענע ווייבלעכע געשלעכטלעכע עפענונג, וועלכע ליגט ווייטער פון הינטן, נאַטירלעך, אין דער דאָזיקער אַקטיווער האַנדלונג נישט באַטייליקט. איצט אָבער קומט צו צו זיי אַ דריטער שלימאַק, וועלכער איז אויך גרייט צו פונקציאָנירן אַלס מאַן. ער געפינט די פרייע ווייבלעכע עפענונג פון צווייטן שלימאַק און הייבט אָן זיין אַרבעט. דער דאָזיקער צווייטער שלימאַק, וועלכער האָט אייגנטלעך געוואָלט זיין פאַרן ערשטן נאָר מאַן, ווערט איצט מיט געוואַלט פאַרן דריטן ווייב. דערביי בלייבט אָבער ווידער ביים דריטן די ווייבלעכע עפענונג פריי, און דאָ נעמט זיך ווידער אַ פערטער שלימאַק צו דער מענלעכער אַרבעט. אַזוי אַנטשטייט, ענדלעך, אַ גאַנצע קייט. ערשט נאָר דער לעצטער שלימאַק בלייבט מיט זיין ווייבלעכער זייט אינגאַנצן פריי און שליסט אַלס דער איינציקער באמת נ אָ ר מענלעך־אַנגאַזשירטער טייל די ריי, בשעת דער ערשטער גליד פון דער קייט איז אַלס געגנפּאָל נאָר ווייב און אַלע איבעריקע גלידער זענען גלייכצייטיק אַקטיוו מאַן און פּאַסיוו ווייב.

איצט מאָל דיר נאָך אויס צו דער דאָזיקער גראָטעסקער אַראַ־

אמיך דיר דאס בילד פון דער שלימאק-ליבע פארענדיקן נאך
מיט א ווילד שרי־שפיל, וואס רוקט זיך ארויס פון וואסער
ווי אן אמתער דיפיראמב פון דער גרעסטער ליבע־ענערגיע.

שוין ביי די דאזיקע ערד־שלימאקעס קומט נישט זעלטן פאר, אז אנשטאט צוויי באגעגענען זיך דריי ליבע־דורשטיקע שלימאַקעס, וועלכע טרעטן דאן אלע דריי אריין אין ליבע־שפיל. ביז, ענדלעך, צוויי פון זיי, וואס ליגן גראד נעענטער איינער צום אנדערן, קומען צום העכסטן אקט.

די דערמאנטע זיך אבער אז דער קליינער לעבער־פיאווקע, וועגן וועלכער איך האב דיר דערציילט. פון דעם גאל־גאנג פון שאפס זענען יענע יונגע חיות אוועק אין קערפער פון די וואסער־שלימאקעס פון מין לימנעאוס, וואס האלטן זיך אויף אין שליים פון אונזערע טייכן. דארט איז אין יעדן קליינעם פיאווקעלע אויסגעוואקסן א נייער פיאווקע־דור, וועלכער האט די מוטער אדער אם איגעלעכן צוקוועטשט, און אין די קליינע פיאווקעלעך האבן דא גענומען ארויסשפראצן, נאך איידער זיי האבן דורכגעריסן די הויט פון דער טויטער מוטער, ווידער נאר קלייניקע פיאווקעלעך. די דאזיקע שרעקלעכע פיראמידע האט זיך אויפגעשטעלט, ווי געזאגט, אינעווייניק, אין שלימאק, און דער שלימאק אליין האט זיך גארנישט וועגן דעם געזארגט.

איצט לאמיר אבער ווידער אינדרויסן בלייבן ביי די דאזיקע שלימאקעס און זען, וואס פאר אן אייגענע ליבע־פיראמידן זיי בויען אויף צווישן זיך.

די דאזיקע זומפ־איינוווינער זענען אמתע שלימאקעס. פונקט ווי אונזער גארטן־שלימאק, און זיי זענען אייגנטלעך אנדרוגונסן, ד. ה. יעדער איז אין דער זעלבער צייט מאן און פרוי, אויך פונקט ווי אונזער גארטן־שלימאק. נאר זיי שיידן זיך אונטער פון די גארטן־שלימאקעס דערמיט, וואס זיי האבן, אנשטאט איין געשלעכט־לעכער עפענונג, פון וועלכע סקומען ארויס ביידע שטאפן, צוויי, — א מענלעכע, נעענטער צו די „פילער“ און א ווייבלעכע, ווייטער ביים אטעם־לאך. די דאזיקע אייגנטלעכע צוטיילונג גיט אבער איצט די דאזיקע שלימאקעס די מעגלעכקייט צו ליבע־קאמפליקא־

געבליבן, און ער נעמט זיך צו דער מוטערשאַפט מיט דער גאַנצער קראַפט. ער דאַרף אויסערלעך אָפּלייגן די רייפע אייער.

אונזער גאָרטן־מוטער לייגט דורכשניטלעך אַ בערגעלע אייער פון זעכציק ביז אַכציק שטיק, איינס נאָכן אַנדערן. איידער זי נעמט זיך אָבער דערצו, בויט זי זיך אַליין אויס דערצו אַ זיכערע וויג. זי, וועלכע ווייסט קיינמאָל נישט פון גראָבן, שטופּט זיך ארויס מיט דעם פאָדערשטן טייל פון קערפּער, ווי ווייט זי קאָן נאָר, פון איר הויז און גראָבט זיך אריין אין דער פייכטער ערד, ביז זי מאַכט אַ קיילעכיק לאָך פון אַן ערך זיבן צענטימעטער אין דער טיף. זי זעצט זיך דאן אוועק ביי דער עפענונג פון דעם דאָזיקן לאָך אַזוי, אַז איר שלימאַק־הויז דעקט פון אויבן צו און באהאלט דעם גאַנצן אַקט. איצט ערשט ווערן די אייער אין משך פון איין אָדער צוויי טעג אריינגעוואָרפן, און ווי נאָר דאָס איז אָפּגעטאָן, שאַרט די באַזאָרגטע אַלטע ווידער צונויף די ערד און דעקט צו די גאַנצע וויג אַזוי, אַז מען זאָל קיין שפּור מער פון איר נישט קאָנען געפינען. אין אַ חודש ארום קריכן, ענדלעך, ארויס די יונגע פון זייער קבר, פאַרטיק אַנטוויקלט צום פרייען לעבן אויף דער לופט.

ווידער שטייט אויפן לייטער פון דעם ים־שטערן צו דער מאָדערנע אַ נייע שטאַפּל פאַר דיין בליק... אויפן אָרט פון דעם ווילדן אומקומען פאַר די קינדער, וועלכע דער וואָרים האָט דיר פאָרגעשטעלט אין אַזעלכע שוידערלעכע בילדער, — די רירנדיקע זאָרג פון דער לעבעדיקער מוטער פאַר די נאָך נישט אויס־געפיקטע יונגע. די מוטערלעכע זאָרג, די דאָזיקע גרויסע געשלעכטלעכע ליבע, וואָס פירט צו נייע צילן, גייט איבער פון פאַסיוון טויט צום אַקטיוון לעבן, — אין אַגווייזונג, ווי אַזוי אין דער ליבע פלעכטן זיך לעבן און טויט צונויף, און די העכערע ליבע־פאָרמען פאַרוואַנדלען דעם טויט אין אַן איבערגאַנג צו אַ העכערן לעבן...

האָט דער מעלעכלאָפּ זיין אַרבעט אָפּגעטון און ער קאָן זיך ווידער אַרויסציען.

אין קעסל וועט זיך דער פּאַטראָן איצט עפענען, און די פּרעמדע זוימען־היהלעך וועלן אַרויסווימלען. זיי וועלן זיך ווייטער זעלבשטענדיק אַוועקלאָזן וואַנדערן דאָך נאָר ביז צום ווינקל, וווּ עס הויבט זיך אָן דער וועג אַרויף צו דער אמתער גרויסער אייער־שאַכט. איצט וועלן זיי זיך אַריינבאַקומען אין דער דאָזיקער שאַכט. און ווי נאָר סקוועט זיך אַזאַ רייפן און דרייסטן זוימען־היהלע טרעפן ביים אויבערשטן ראַנד פון דער שאַכט אַ רייף איי, וועט ער דאָס דאָזיקע איי באַפרוכטיקן: קערן וועט קומען צו קערן און, לויט דעם אַלטן מעטאָד, זיך צונויפגיסן. ווי אָבער דאָס וועט נאָר געשען, וועט זיך דאָס באַטרעפנדע איי גלייך איבערציען מיט אַ מין נאָדל־קלייד, ווי אַ קליין נאָדל־חיהלע, כדי אַ צווייט צו היציק זוימען־היהלע זאָל אין אים נישט קאָנען אַריין. לויט דעם, ווי דאָס דאָזיקע נאָדל־היהלע לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ טיפער און טיפער אין שאַכט, שליפט זיך אים אַלץ מער אָפּ דאָס נאָדל־קלייד, און עס ציט זיך איבער מיט אַ שיינער האַרטער קאַלך־שאָל, וועלכע מאַכט עס ענלעך צו אַ שניי־ווייס פייגל־איי. ביי אונזערע היימישע שלימאַקעס קאָן מען עס פאַרגלייכן נאָר מיט אמתע ליליפּוט־פויגל. אייער, פון העכסטנס זעקס מילימעטער די לענג. עס זענען אָבער פאַראַן דרום־אַמעריקאַנישע לאַנד־שלימאַקעס, וועלכע לייגן באמת אַן איי, וואָס איז אַזוי גרויס ווי אַ נאָרמאַל טויבן־איי.

דערווייל אָבער, ביז דאָס געשעט, קאָן דער גרויסער שלימאַק נאָך עטלעכע מאָל האָבן איבערגעחזרט דעם גאַנצן קאָמפּליצירטן ליבע־אַקט. נייע ליבע־פיילן, נייע זוימען־פּאַטראָנען זענען אין אים אויפגעוואַקסן און צוזאַמען מיט זיי נייע אויסגעצייטיקטע ליידנשאַפט. אַזוי קומט אַריין אין יענעם קעסל נאָך פיל נייע זוימען, וועלכע מאַכן דורך דעם זעלבן וועג, ביז, ענדלעך, אַלע אייער פון דעם דאָזיקן סעזאָן זענען באַפרוכטיקט. און ווי נאָר דאָס איז פאַרענדיקט, האָט שוין דער גומער שלימאַק נישט מער קיין פּאַטערלעכע פליכטן. נאָר די מוטערלעכע איז אים נאָך

אריינגעפירט ווערן אין דער פרעמדער עפענונג פון דער אייער־שאכט. אָבער דערצו מוז איצט, ענדלעך, באמת שוין די געשלעכט־לעכע עפענונג פון איין שלימאק, פון וועלכער עס שטעקן ארויס דער מענלעכער טעלעסקאָפּ און דאָס ווייבלעכע מויל, געגנוי זיך צונויפקומען מיט דער אַנטשפּרעכנדער דאָפּלט־אויפגעפראַלטער עפע־נונג פון צווייטן שלימאק. נאָך אַן עקשנותדיקער אַרבעט, נאָך אומצייליקע אומגעלונגענע עקספּערימענטן, לייגן זיך די העלזער ארויף קרייצאַרטיק איינער אויפן אַנדערן אזוי, אז די געשלעכט־ירלעכע טיילן קומען זיך צונויף. פוןביידע זייטן רוקט זיך דער טע־לעסקאָפּ אַלץ טיפער און טיפער אריין אין דער ווייבלעכער שאכט. נאָר ווען ביידע אָרגאַנען זענען אינגאַנצן פּאַרייניקט, דאָס הייסט, ווען ביידע שלימאקעס זייען אין דערזעלבער צייט אַלס מאַן און שנײַדן אַלס ווייב, טרעט איין א פולשטענדיקע באַרואיקונג, דער העכסטער פונקט פון גאַנצן אקט פאַר ביידע. די פריערדיקע שטאַר־קע נשמה־אויפרעגונג מיט איר אומרואיקייט לאָזט נישט איבער קיין ספק דערין, אז אויך אין נשמה־זין איז איצט אין דער אינדי־ווידועלער ליידנשאפט דערגרייכט דער העכסטער פונקט פון תענוג. הגם די ווילדע אויסערלעכע באַוועגונגען הערן אין דעם דאָזיקן מאָמענט כמעט אינגאַנצן אויף. דער אייגנטלעכער אקט דויערט אזוי פון פיר ביז זיבן מינוט.

ווען ידו וואָלסט געקאָנט גלייכצייטיק אריינקוקן אינעווייניק אין קערפּער פון די פאַרחלשטע שלימאקעס, וואָלסטו געזען, ווי דער מענלעכער טעלעסקאָפּ האָט זיך פעסט אריינגערוקט אין דער ווייב־לעכער שאכט. דורך א בלוט־פאַרהאַלטונג איז ער דאָרט אַנגע־שוואָלן געוואָרן אזוי, אז ער קאָן זיך נישט גלייך צוריק ארויסציען. ער האָט זיך אָבער אריינגערוקט נישט דירעקט אין דער אייער־שאכט, נאָר אינדערזייט אין יענעם לײדיקן רעזערוואַר, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער נישט געהאַט קיין אַנונג, צו וואָס ער קאָן דינען.

נאָנט ביים אריינגאַנג אין דעם דאָזיקן רעזערוואַר ווערט איצט דער זיימען־פּאַטראָן גליקלעך ארויסגעלאָזן פון טעלעסקאָפּ. דערויף

ליידנשאַפט, אַ „ליבע־איינשפּריצונג". אינגאַנצן אויפגעקלערט איז דערווייל אָבער די דאָזיקע וואונדערלעכע געשיכטע פון דער ליבע פון דער שנאָבל־חיה נאָך אויך נישט. עס איז ווערט דערצו צו באַמערקן, אַז, הגם די ליבע־פייל פון די שלימאַקעס איז נישט הויל, ווערט זי אָבער תמיד אויסגעשאָסן אין אַ גאַנצן וואָלקן פון ווייסלעכן דריזל־זאַפט. דאָס דריזל, וואָס גיט אַרויס דעם דאָזיקן זאַפט, שטעלט מיט זיך פאָר אַ ריזיקן אָרגאַן, און ס׳וואָלט געווען אַ וואונדער, ווען אַזאַ גרויסער אָרגאַן זאָל צושטעלן נישט מער, ווי אַ פּאָר טראָפּן אייל אויף אויסצושמירן דעם פייל־טאַש און די פייל. ווען מען זאָל וועלן מיינען, אַז דער דאָזיקער זאַפט איז אויך אַן אַפראָדיזיאַקום, פון וועלכן ס׳איז גענוג אַ קליינער טראָפּן אויף צו דערוועקן די גרעסטע ליידנשאַפט אין בלוט פון דעם געטראָפענעם שלימאַק, וואָלט מען זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די פייל טראָגט מיט זיך תמיד אַריבער אַביסל פון דעם דאָזיקן זאַפט און רופט אַזוי אַרום אַרויס דעם געהעריקן עפעקט. מען קען אָבער נישט אָפּלייקענען, אַז די זיכערע באַאָבאַכטונגען האָבן ביז איצט אין ערגעץ נישט געגעבן קיין דירעקטן אָנהאַלטס־פונקט פאַר דער דאָזיקער דרייסטער השערה, און דעריבער בלייבט די גאַנצע זאַך נאָך אַביסל טונקל. נאָר אַז נאָך דער פייל קומט אַן עראָטישער אויפרעגונג — דאָס איז אינגאַנצן פעסטגעשטעלט.

דער ערפאָלג באַמערקט זיך גלייך, ווי געזאָגט, אין דער ווייטערדיקער פירונג פון ליבע־שפּיל. מיט אַ נייעם שטורעם, וועלכער ווערט שוין איצט נישט איבערגעריסן, הייבט זיך אָן דאָס קושן פון די ליפּן און דאָס פּרעסן זיך איינער צום אַנדערן. פּלוצלונג רוקן זיך אַרויס ביי ביידע ליבנדיקע די געשלעכטלעכע טיילן, און איצט שוין נישט נאָר די ווייבלעכע, נאָר אויפן ערשטן פּלאַן אויך דער גרויסער „טעלעסקאָפּ", מיט וועלכן ס׳קומען אַרויס די זווימען־באַהאַלטער. פּונקט ווי אַן אמתער טעלעסקאָפּ רוקט זיך דער מענלעכער גליד פריער נאָך האַלב אַרויס, דערנאָך שרויפט זיך אַרויס פון אים אַ צווייטער טייל, ביז ביידע טיילן גיסן זיך נישט, ענדלעך, צונויף אַלס איין רער. די דאָזיקע רער דאַרף אַרויסלאָזן דעם זוימען־פּאַטראָן. זי מוז דעריבער דורך יענעם ליבע־פּאַרטנער

נימפֿן איז דאָס געוואָרן די נאָרם, די פֿעסטע געוווינהייט? פֿריער
אַ קויל, כּדי שפּעטער זאָל אויפֿפֿלאַמען די ליידנשאַפֿט?

איך בין זיך מודה, אַז גראָד דער דאָזיקער געדאַנק ברענגט מיך אַריין אין אַ ספֿק. איך האָב אַ צייט געטראַכט, צי איז נישט אָמאָל די דאָזיקע ליבע־פֿייל אַן אַנדער מיטל, צי פֿירט זי נישט אָמאָל אויס אַ מין איינשפּריצונג, וואָס פֿירט אַריין אין בלוט וועלכן ס'איז שטאָף, וואָס ווירקט אַלס אַפֿראָדיזיאַקום, אַלס ליבע־רייץ־מיטל. אַז עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע רייץ־מיטלען ווייסטו שוין מסתּמא, אַלע ליבע־געטראַנקען שטיצן זיך שוין פֿון די אַלטסטע צייטן אָן דערויף, און דער איינפֿאַכער אַלקאָהאָל איז ביי אונז איינער פֿון די זיכערסטע בלוט־פֿאַרפֿירער, וועלכער האָט שוין אומצייליקע עראָטישע קאַטאַסטראָפֿעס אויפֿן געוויסן. אַז אויך חיות ווענדן בכלל אָן ביי פֿרעמדע אַזעלכע איינשפּריצונגען, ווייזט דיר יעדע גיפֿט־שלאַנג, וועלכע שטעכט אַריין אַ דורכגעלעכערטן צאָן, ווי אַ מאָרפֿיום־שפּריץ, אין פֿרעמדן פֿלייש און שפּריצט דאָרט אַריין דורך דעם קאַנאַל פֿון דעם דאָזיקן צאָן דעם זאַפֿט פֿון אַ גיפֿט־דריזעל, וואָס ווירקט אין דעם פֿאַל, אמת, אַלס טויט און צושטערונג. אין איין איינציקן פֿאַל רעכנט אָבער די וויסנשאַפֿט ביי אַ געוויסער חיה, אַז זי ווענדט אָן אַזאַ הוילן שפּריץ־שטעכער אויך אויף אַריינצושפּריצן אין דער פֿרעמדער חיה אַ געשלעכטלעך־אויפֿרעגנדיקן רייץ־זאַפֿט, אַן אַפֿראָדיזיאַקום. דאָס איז יענע משונהדיקע אויסטראַלישע בריאה, וועלכע שטייט אויף אַ געוויסער שטופֿע נאָנט צו אונזערע אייגענע מענטשלעכע אור־עלטערן, די שנאָבל־חיה, דאָס הייסט, אַזוי אַרום, אַ זויג־חיה, הגם אפֿילו אַ גאַנץ נידעריקע. די מענלעכע שנאָבל־חיה האָט אין די הינטערשטע פֿיס אַ הוילן נאָגל, אין סוף פֿון וועלכן ס'געפֿינט זיך אַ דריזל, וואָס גיט אַרויס אַ שאַרפֿן זאַפֿט. דער דאָזיקער זאַפֿט איז נאָך פֿאַר אַנדערע זויג־חיות גיפֿטיק, אָבער אין קיין אמת גיפֿט־געווער איז עס, ווי ס'ווייזט אויס, נישט, נאָר עס איז פֿאַראַן אַ גרויסע וואַרשיינלעכקייט, אַז דער „ער" קראַצט מיט דעם דאָזיקן נאָגל די „זי" בשעת דעם באַהעפֿטונגס־אַקט, און מאַכט איר אַזוי אַרום מיט דעם רייץ־מיטל, וואָס דאַרף פֿאַרגרעסערן די געשלעכטלעכע

אַז דאָס איז אַזוי, האָבן שוין דייטלעך באַמערקט די עלטערע באַאָבאַכטער פון דער דאָזיקער שלימאַק־ליבע, און דער נייעסטער פאָרשער האָט עס נאָר געקאָנט באַשטעטיקן; מען האָט די פייל דעריבער שטרענג פאַכמעסיק אָנגערופן „ליבע־פייל". דער גענויער געבוי פון די דאָזיקע ליבע־פיילן איז ביי די פאַרשידענע מינים שלימאַקעס זייער פאַרשידן און גיט דעם פאָרשער אַ שטאַרק־סיסטעמאַטיש דערקענ־מיטל. נאָר אין דער לעצטער צייט האָט יאָהאַנעס מייזענהיימער אין זאָאָלאָגישן אינסטיטוט פון מאַרבורגער אוניווערסיטעט נישט נאָר נאָכאַמאָל גענוי נאָכגעשפירט דעם ליבע־ראָמאַן פון דעם גאָרטן־שלימאַק, נאָר אויך אויפגענומען אין אַ גאַנצער סעריע באַרימטע פאָטאָגראַפיעס דאָס פייל־שיסן און אַלע איבעריקע מאָמענטן פון דער דאָזיקער הויך־דראַמאַטישער האַנדלונג. ביי דעם אַלעם מוז איך זיך פאַר דיר מודה זיין, אַז די פייל־געשיכטע איז פאַר מיר דאָך נישט אינגאַנצן קלאָר.

מיר דאַרפן גלויבן, אַז אַן אויסגעשפּראָכענער שמערץ־אַקט, אַן אָפּגעמאָל געפערלעכע פאַרוווּנדונג, שפּילט דאָ די ראָל פון אַ רייץ־מיטל פאַר דער העכסטער גייסטיקער ליבע־אויפרעגונג. פריער האָט מען געדענקט, אַז די ליבע־פייל ווערט יעדעס מאָל אויסגעשאָסן מיט דעם ציל צו טרעפן גענוי אין דער פרעמדער ליבע־עפענונג. דאָס וואָלט פון איר געמאַכט אַ דירעקט קיצל־געצייג, וואָס מען וואָלט נאָך געקאָנט, נישט קוקנדיק אויף דער קאָמפּליצירטקייט, באַגרייפן צוליב ענלעכע פאַלן אין דער חיות־וועלט. אָבער פון דער דאָזיקער מיינונג איז נאָך דער קלאָרער נייער אויספאָרשונג גאָרנישט געבליבן. דו ווייסט אָבער, אַז שמערץ און תאווה־תענוג האָבן זייער קרובהשע שטריכן. דו ווייסט, אַז אויך ביי אונז מענטשן זענען פאַראַן קרענקלעכע פאַרקריפּלונגען פון געשלעכטלעכן לעבן ביי וועלכע נאָר דער שמערץ קאָן אַרויסרופן דעם תאווה־תענוג. דאָס העכסטער עקסטאַטישער געפיל איז מעגלעך נאָר ביי דער שוידערלעכקייט פון קערפּערלעכן שמערץ. די אומגליקלעכע פאַרקריפּלונגען פון סאַדיזם, וועלכע פאַרוואַנדלען דאָס זוניקע לאַנד פון אמתן ליבע־געפיל אין אַ בלוטיקער ליבע־אינקוויזיציע, געהערן אַהער. צי זאָלן מיר זיך פאָרשטעלן, אַז ביי די דאָזיקע נאַקעטע גאָרטן־

אין דער ליבע־עפענונג. זי האָט געדארפט נאָר ווו עס איז טרעפן דעם צווייטן שלימאק. אין דער גרעסטער צאָל פאלן טרעפט זי אים איינפאך אין ראנד פון דעם אויסגעצויגענעם קערפער. אָבער דער מוסקול־שטויס, וועלכן די פייל האָט באקומען, איז געווען גענוג שטארק, אז זי זאָל זיך ארייננבויערן פעסט אין קערפער פון דעם ליבע־פארטנער. די דאָזיקע שלימאק־ליבע איז אויך אין דעם פונקט זייער ערנסט. זי שיסט, ווען עס מוז שוין אין מיטן פון ליבע־שפיל געשאָסן ווערן, מיט אמתע קוילן. גאנץ דייטלעך באמערקסטו, ווי דער געטראָפענער שלימאק גיט א צאפל, פול א מאָמענט ווייטאָג. אָפט דרינגט ארייין די שארפע פייל אין דער גאנצער לענג אין פרעמדן קערפער און עס קאָנען, אמת אין זייער זעלטענע און אומבארעכנטע פאלן, פאָרקומען קאָמפליקאציעס, ווען די פייל לעכערט דורך די לונג און מאכט א לעבנסגעפערלעכע וווּנד.

נאָכדעם קומט גלייך דער אומדערוואַרטעטער ליבע־ערפאָלג: ווי אויפגערעגט דער געטראָפענער שלימאק איז שוין פריער נישט געווען, דערגרייכט אָבער איצט צוליב דעם שאָס, נישט קוקנדיק אויף דעם גאנצן ווייטאָג, זיין לייַדנשאפט די העכסטע מדרגה.

דאָס אויסשיסן רופט אָבער ארויס אין ערשטן מאָמענט ביי דעם רעוואָלווער־געליבטן אליין א מין פארמאטערונג. אויף א קורצער ווײַלע פאלט זי אַנידער ווי טויט־מיד, און ווען בײדע פארטנערן האָבן אָפגעשאָסן, דארפן זיי קודם כל האָבן אַן אָפרו־פויזע. האָט אָבער נאָר איינער געשאָסן, לאָזט זיך דער צווייטער, דער פארוווּנדעטער, גלייך נאָך דעם שמערץ־צאפל מיט אזא ברען צו דעם ערשטן, אז ער גיט אים קוים צייט צו זיך צו קומען. און דער דאָזיקער ברען דערפירט ענדלעך צו דעם העכסטן אקט, צו דער געשלעכטלעכער פאראייניקונג פון ביידע שלימאקעס.

ווי אזוי האָט די פייל געהאט די דאָזיקע ווירקונג? זי אליין ווערט אין נאָרמאלן פאל שפעטער איינפאך ווידער ארויסגעשטויסן פון דער וווּנד און פאלט, אלס אומנוצלעכע זאך, אוועק. ביידע שלימאקעס האָבן אין זייער נאָדל־טאַש די קראפט צו פראָדוצירן א נייע פייל שוין אין משך פון עטלעכע טעג. אָבער ווי אזוי האָט דער שאָס אליין געקאָנט ארויסרופן אַן ערָאָטישע אויפרעגונג?

קענען אַרויסלייטן די דאָזיקע אייער אינדרויסן אויפֿן קערפּער?

ניין, אויך דאָס איז עס נישט. צוזאַמען מיט דעם זוים פֿון דער אייער־שאַכטס, אין העלבן עס ווייזן זיך נאָר איצט נישט קיין אייער, קומט אַרויס — און דאָס איז, ווי סע ווייזט אויס איצט דער נאָענטסטער ציל — אויף דער ליכטיקער וועלט יענע געהיים־ניספֿולע זאַך, וועלכע איך האָב דאָ פֿריִער באַצייכנט אַלס פּייל־טאַש, און אין וועלכער סטעפּעט זיך די קלייניקע שאַרפֿע שפּיצי־קע פּייל פֿון קוילנייערן קאַלך. דער דאָזיקער טאַש און זיין געהיימניספֿולע פּייל איז איצט פֿאַר די פֿאַרליבטע שלימאַקעס דער עיקר. נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל ווערט געפּרוווט, געענדערט דאָס אָרט, געטוועטשעט, געפּרעסט, פּונקט ווי די ברואים וואָלטן זיך געצילט איינער אין אַנדערן. צוויי שעה קאָן עס דויערן, איידער סטעליגט איינצושטעלן די זאַך אַזוי, ווי מען וויל. דאַן אָבער טוט מיט אַמאָל אַ פּלאַץ, דער פּייל־טאַש טוט זיך אַ רוק אַרויף אין זיין נאַטצער גרויס, און איצט קומט אַמאָל פֿאַר די ווילדסטע ערשייניונג.

דער „פּייל־טאַש“ שיסט אויס.

ביז איצט איז עס געווען נאָר אַ טאַש, איצט ווערט עס מיט אַמאָל אַ זעלבסטשטענדיקער האַרמאַט. ווי אַ רויך־וואָלקן פֿון אַ פּיסטאָלעט. אַזוי פּלאַצט אַ ווייס וואָלקנדל פֿאַר דעם פּייל־טאַש. עס איז אָבער נישט קיין אמתער רויך, נאָר אַן אויסברוך פֿון אַ צעשוימטער ווייכער פֿליסיקייט. דער ערשטישער האַרמאַט שיסט, ווייזט אויס, מיט וואַסער. אָבער צוזאַמען מיט דער פֿליסיקייט פֿליט אויך אַרויס אַן אמתער קייל צום צווייטן שלימאַק.

צי האָבן מיר נישט געהאַט קיין טעות? אָדער האָט אפֿשר נאָר אויסגעשאָסן יענער זאַרנפּעלסיק צוגעגרייטער הימען־פּאַטראָן? האָט אפֿשר דער שאָס געצילט אין דער פֿרעמדער אייער־שאַכט־עפֿענונג, אַזוי אַז דערמיט איז שוין, ענדלעך, פֿאַרגעקומען די אמתע באַהעפֿטונג? ניין, ווידער נישט. אַרויסגעפֿלויגן און געטראָפֿן דעם צווייטן שלימאַק האָט נאָר די שפּיציקע קלייניקע פּייל פֿון יענעם טאַש. און סע ווייזט אויס, אַז די פּייל האָט נאָרנישט געצילט גראָד

אויך דעם זעלבן פּאַרלאַנג. אָבער מען זעט באַלד, אַז מען איז נישט ביי גאַנץ נידעריקע חיות. מען זעט באַשיינפּערלעך, ווי עס מישט זיך אַריין אַ פּאַזוויקלטער נשמה־עלעמענט.

ביידע שלימזלקעס גייען זיך אָקעגן מיט אַ באַשיינפּערלעכער אויפרעגונג. פריער דרייען זיי זיך אייניקע אַרום דער אַנדערער אין מין אויסטערלישן שלימזל־טאַנץ. דאַן ציען זיי זיך ביידע אויס, ווי גרויס זיי זיינען, איינער נעבן אַנדערן, דריקן זיך צונויף מיט די סערפּערס, אָנלענענדיק זיך מיט די רוקנס אויף זייערע „הייזער", און גיסן זיך צונויף אינגאַנצן ווי מענטשן, מיט זייערע דיקע ליפּן אין אַ הייסן קוש. לעבהאַפט ווערן באַוועגט די פיל־הערנער, דער אָטעם פליט. די ליידנשאַפט ברענט.

אָבער דאָ טרעט ווידער איין אַ פּויזע. די אויפרעגונג ווערט נישט פאַרשוווּנדן, נאָר זי שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע. עס גייט דורך נאָך אַ האַלבע שעה, אין וועלכער עס זעט אויס, ווי ס׳וואָלט זיך געגרייט עפּעס אויסערגעוויינלעכעס, אַנשטאָט די זאַך זאָל גלייך, לויטן אַלטן נאַטור־סדר, דערפירט ווערן ביזן סוף. און, באמת, נאָכדעם ווי עס גייט דורך די דאָזיקע ווײַלע קומט פאָר דער משונהדיקסטער אינטערמעצאָ. זיי ציען זיך אויס פּונ־דאָסניי. ציטערנדיק פאַר אויפרעגונג, דערנענטערט זיך איין שלי־מזל צום אַנדערן מיט דער געשלעכטלעכער עפּענונג, און עס זעט אויס, ווי ווען ביי אונז מענטשן וואָלט איינער פון די פאַרליבטע מיט דעם גאַנצן ליבעשטורעם געשטופּט און געפּרעסט די רעכטע זייט פון זיין האַלז צו דעם צווייטן. אָט טוט עס נאָר איין שלי־מזל אַזוי, אָט טוען עס באַלד ביידע. אָבער עס מאַכט זיי נישט אויס (און דאָס איז דערווייל דאָס מערקווירדיקסטע), צי דריקן זיי זיך דערביי צונויף גראָד מיט די געשלעכטלעכע עפענונגען. אויך ווערט פון די ברייט אויפגעפּראַלטע עפענונגען נישט אַרויס־געשטעקט יענער באַהעפטונגס־טעלעסקאָפּ, הינטער וועלכן די זווי־מען־חיהלעך וואַרטן אויף דער געלעגנהייט אַרויסצוגיין, נאָר עס שטופּט זיך נאָר אַרויס דער זוים פון דער אייער־שאַכט. צי ווילן די דאָזיקע משונהדיקע ברואים זיך אויסטוישן, אַנשטאָט די זווי־מען, מיט די אייער? אָדער ווילן זיי זיך נאָך פאַר דער באַפרוכטי־

עפּעס פֿונדרויסן דורך יענע עפֿענונג, און דערפֿון וועלן מיר באַלד עפּעס הערן.

האַרט ביי דער געשלעכטלעכער עפֿענונג געפֿינט זיך אָבער נאָך אַ צווייטע זאַך, און דאָס איז דאָס מערקווירדיקסטע. דאָס איז אַ קליינינקע שעכטעלע, אַ מין גילזע, וואָס עפֿנט זיך אין דער זייט פֿון דער געשלעכטלעכער עפֿענונג; אין אים ליגט אַ קליינער געגנשטאַנד פֿון אַ קאַלך־מאַסע אין געשטאַלט פֿון אַ שאַרף פֿייַ־לעכל. אויך די דאָזיקע געהיימניספֿולע זאַך האָט צו די אייער און צו די זוימען אַבסאָלוט נישט קיין שייכות: זי מוז אויך וואַרטן אויף עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל קומען פֿון דרויסן.

לאָמיר איצט פֿאַרלאָזן דעם קערפּער פֿון אונזער שלימאַק, אין וועלכן מיר האָבן אַנטדעקט די אַלע צייכן און וווּנדער, און זיך צוקוקן אַ ווײַלע פֿונדרויסן צו דער גאַנצער חיה. אירע מענלעכע געשלעכטלעכע פּראָדוקטן באַוועגן זיך אַליין שטאַרקער אין איר קערפּער, אָבער זי אַליין קאָן מיט זיי גאָרנישט טאָן. ווען זי זאָל וועלן, וואָלט איר, נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער קאָמפּליצירטקייט פֿון געשלעכטלעכן אַפּאַראַט, דאָך גאָרנישט לייכט געווען זיך אַליין צו באַפֿרוכטיקן. דער באַוועגלעכער באַהעפֿטונגס־גליד מיט זיין רייפֿן זוימען־פֿאָנראָן וואָלט זיך נאָר געדאַרפֿט איבערבויגן און אַריינרוקן אין דער גרויסער שאַכט, ווו עס וואַרטן די רייפֿע אייער, און אויסשיסן אַהין זיין פֿאָטראָן.

אָבער אונזער שלימאַק איז ווייט פֿון אַזאַ „פֿאַרבאָטענער" האַנד־לונג. ער בלייבט אויפֿן באָדן פֿון דער „מאָראַל", הגם נישט אַזוי פֿיל צוליב זיין רעספּעקט פֿאַר דעם נאַטור־געזעץ, ווי צוליב אַנ־געגעמלעכקייט־מאָטיוון. ער האָפֿט אויף עפּעס באַזונדער אויפֿ־רייצנדיקעס און אָנגענעמס, וואָס די זעלבסטבאַפֿרוכטיקונג וועט אים קיינמאָל נישט געבן. און דאָס דאָזיקע „אַנדערע" באַווייזט זיך נאָכעס גלייך איינפֿאַך אין געשטאַלט פֿון אַן אַנדערן שלימאַק פֿון דעמזעלבן מין.

אָט קומט ער אָן אין דעם היימן יונ־טאָג מיט דעם שווער־וואַקלדיקן שלימאַק־גאַנג. פֿון דעם זעלבן געבוי ווי זיין פּאַרטנער (די ווערטער כלה און חתן לאָזן זיך דאָ נישט אָנווענדן), האָט ער

לעך, גייען אריין אין לינקען ענגערן טייל פון קאנאל, בשעת דער רעכטער פאראלעלער טונעל איז רעזערווירט נאר פאר שעפסן, דאס הייסט פאר אייקעמערלעך און פאר פרעמדע זוימען־קעמערלעך, וואס קומען אריין פון דרויסן. דער ענגערער זוימען־קאנאל פירט אריין אין א גרויסען רעזערוואר, וועלכער איז נישט עפעס אנדערש, ווי א ריזיקער מענלעכער באהעפטונגס־גליד, וואס ליגט נעווינלעך טיף פארבארגן אין קערפער. דער דאזיקער באהעפטונגס־גליד עטריקט זיך מיט א פרייער עפענונג הארט ביי דעם אויסערלעכן ראנד פון דער געשלעכטלעכער עפענונג, אין דער אנדערער זייט פון וועלכן סיעפנט זיך אויך ברייט דער גרויסער אייער־רעזערוואר. אין גוויסן פאל האט דער מענלעכער רעזערוואר די פעאיקייט זיך ארויסצושטופן אינדרויסן און זיך אומצודרייען, אזוי אז ער רוקט זיך, ענדלעך, ארויס, ווי א לאנגער טעלעסקאפ, פון דער גרויסער ליבע־עפענונג און זעט איצט שוין אויס ווי אן אמתער מענלעכער גליד. אלס אזא גליד קאן ער אריינציען די אנגעזאמלטע זוימען־חיהלעך פון דער עלטערלעכער חיה און זיי שוועגנטועל ארייננוואחפן אין אן אנדערן שלימאק־קערפער.

פריער אבער, ווי נאר זיי קומען אריין אין דעם מענלעכן רעזערוואר, בלייבן די זוימען־חיהלעך נאך א ווילע דארט רואיק ליגן און מאכן פריער, אזוי צו זאגן, זייער טואלעט. דורך א באזונדערן קלעפיקן שליים ווערן זיי צונויפגענומען אין איין קנויל און פארוואנדלט אין אזוי גערופענעם זוימען־פאטראן. דער דאזיקער זוימען־פאטראן האט ווידער זיין באזונדערן צוועק, ווי מיר וועלן דאס גלייך זען.

מיט דעם אלעם איז נאך דער אפאראט פון שלימאק נישט אינגאנצן פארענדיקט, ער האט נאך צוויי פארוויקלטע נעבן־מאשינען. קודם כל איז דא נאך א לייזיקער קעסל, וועלכער איז דורך א באזונדערן קאנאל אויך פארבונדן מיט דער אויסערלעכער געשלעכטלעכער עפענונג און גלייכצייטיק נאך ענגער מיט דער אינערלעכער אייער־שאכט. פון אינעווייניק ווערט אבער דער דאזיקער קעסל נישט אנגעפילט — נישט מיט קיין אייער און נישט מיט קיין זוימען. ער איז אנגעשטייט, ווייזט אויס, אויף אויפצונעמען

אַרויס, אַנשטאָט דײַטלעכע אויגן און אויערן, יענע אויסטערליש־אויסגעשטרעקטע „פּילער", װעלכע נאָר אַמוזירנדיקע קינדער רופֿן אָן „אויערן". אויף די פּילער געפֿינען זיך בײַ די גרויסע שלימאַקעס, באמת, אַ פּאָר קלײנע, גאַנץ שלעכטע אויגן.

האַרט אָבער נעבן רעכטן אויגן־פּילער געפֿינט זיך אַ קלײן לאָך, און דאָס — אויף דעם דאָזיקן אויסטערלישן אָרט, אַזוי נאָענט פֿון קאָפּ — איז נישט עפּעס אַנדערש, װי די געשלעכטלעכע עפֿענונג. װען דו װעסט דאָס װעלן נאָכזען בײַ אַ לעבעדיקן שלימאַק, זאָלסטו עס נאָר נישט צונויפֿמישן מיט דעם גרויסן אָטעם־לאָך פֿון די לונגען, װאָס געפֿינט זיך אַביסל װײַטער.

נישט לײַכט װעט מען בײַ אַ צװײטער חיה געפֿינען הינטער אַזאַ אײַנפֿאַכער עפֿענונג אַזאַ פֿאַרװיקלטן אַפּאַראַט, װי בײַ דעם דאָזיקן שלימאַק הינטער זײַן געשלעכטלעכער עפֿענונג. אַלס גרונט־פֿאַקט קודם כּל פֿאָלגנדעס: יעדער גאָרטן־שלימאַק איז אַן אַנדראָגינוס, פּונקט װי די אויסטער. טיף אין לײַב האָט ער אַן אַזוי גערופֿן „אַנדראָגינוס־דריזל", אין װעלכן עס װערן אין אַ װוּנדערלעכער צונויפֿמישונג פּראָדוצירט בײדע שטאָפֿן, די מענלעכע זוימען און װײַבלעכע אײער. פֿון דער דאָזיקער פֿאַבריק פֿירט צו יענער אויסערלעכער געשלעכטלעכער עפֿענונג אַ העכסט־פֿאַרװיקלטער קאַנאַל, דורך װעלכן סוועון אַרויסגעשיקט אי די רײַפֿע אײער, אי די אונטערנעמערישע זוימען־חיהלעך, און סוועון אויך אויפֿגענומען די פֿרעמדע זוימען־חיהלעך פֿאַר דער באַפֿרוכטיקונג פֿון די אײגענע אײער. װײַל, לויטן אַלטן געזעץ, טאָר, נאַטירלעך, אויך דאָ נישט קײן אײגענער זוימען אין דעמזעלבן קערפּער באַפֿרוכטיקן די אײגענע אײער, הגם זײ װאַקסן אויף אין אײן הויז, װי עפּל אויף אײן און דעמזעלבן בוים פֿון דעם אַנדראָגינוס־דריזל. דער טײל פֿון קאַנאַל, װאָס ליגט דירעקט בײַם דריזל איז נאָך פֿאַר די אײגענע אײער און זוימען־ קעמערלעך אײַנגאַנצן אַ בשותּפֿותדיקער, אָבער װען די בײדע פּראָדוקטן באַגעגענען זיך דאָ, זענען די זוימען־חיהלעך נאָך נישט אײַנגאַנצן רײַף צו דער באַפֿרוכטיקונג, און הע־ריבער קאָן דאָ דערװײַל נאָך גאָרנישט געשען. װײַטער איז שוין אָבער דער קאַנאַל פֿאַנאַנדערגעטײלט: די בײדע, די זוימען־קעמער־

מאָל דיר אויס אַ פֿיין בילדל אין וואַסער־פֿאַרבן. אויף גאָלד־גרינע ווייַנבלעטער קומען זיך אַקעגן פֿון פֿאַרשידענע זייטן צוויי גרויסע שלימאַקעס פֿון דעם באַקאַנטסטן מין מיט זייערע דיקע ברוינע שלימאַקעהייזער. זיי גייען זיך אַקעגן מיט אַ וואַקל־דיקן טריט און הייבן אויף די קעפּ. אָבער מיטאַמאָל דערזעסטו: די גרויע שלימאַקעס־לייבער זענען געוואָרן ראָזע מלאַכימלעך, קליינע כיטרע אַמאָרעטן, וועלכע האָבן נאָר אויף שפּאַס אָנגעטון די לאַנגע פֿיל־הערנער, אַלס קלאָאון־מיצן. און איצט ציען די ביידע שעל־מעס אַרויס פֿון אונטער זייערע שוץ־דעכער קליינינקע, שיינע בויגנס, צילן זיך אָן איינער אויפֿן אַנדערן און באַשיסן זיך מיט קלייניקע זילבערנע פֿיילן, ליבע־פֿיילן, וועלכע טרעפֿן גלייך אין האַרץ, הגם זיי מאַכן נישט קיין אמתע בלוטיקע ווונדן...

הוש! דער כישוף איז פֿאַרשוווּנדן: עס זענען ווידער נאָר צוויי אַלטע פֿרעסערישע גאָרטן־שלימאַקעס. און דאָך האָסטו איצט מיט די אויגן פֿון דער פּאָעזיע געזען עפּעס אַזעלכעס, וואָס די נאַטור־געשיכטע ווייס אויך אויף איר אופֿן צו דערציילן.

אין דער ליבע־געשיכטע פֿון די שלימאַקעס דערציילט אויך די שטרענגע וויסנשאַפֿט פֿון „ליבע־פֿיילן“, מיט וועלכע די ליבנדיקע באַשיסן זיך. נישט מער, וואָס די געשיכטע גייט דאָ אויך, ווי תמיד, גיכער לויט אַריסטאָפֿאַן, ווי לויט פּעטראַרקאַ...

אַזאַ שלימאַק איז פֿאַרן פּראָסטן אויג פֿיל פֿאַרשטענדלעכער אין זיין קערפּערלעכן געבוי, ווי אַן אויסטער. אויפֿן אָרט פֿון דער כלומרשט צונויפֿגעמישטער קאַשע פֿון דער געשפּאַנטער מושל, וועלכע זעט כמעט אויס ווי שוין איינמאָל צוקייט און איבערגעשפּיגן, זעט אויס דער שלימאַק גאָר פּראָפּאָרציאָנירט. דו דערקענסט, ווו ס'איז דער קאָפּ און ווו דער סוף פֿון קערפּער, ווו ס'איז דער רוקן און דער בויך. קיין פֿיס האָט ער, אמת, נישט, און פֿון דעם קאָפּ שטאַרן

אַנדראָגינען: זיי בילדן אויס אין דעם זעלבן קערפּער אי אייער, אי זוימען. אָבער די באַפרוכטיקונג קומט פאָר, נישט קוקנדיק דערויף, פּונקט אַזוי, ווי ס'איז אויבן געשילדערט געוואָרן. ווייל די נאַטור האָט דאָ אויך שטרענג דורכגעפירט איר געזעץ קעגן דער זעלבסט־באַפרוכטיקונג.

דער זעלבער אָרגאַן אין לייב פון דער אויסטער־חיה בילדעט אויס זוימען און אייער, אָבער נישט אין דער זעלבער צייט, נאָר איינע נאָך די אַנדערע. היינט שפּראָצן אַרויס אייער, וועלכע ווערן אַרויסגעלאָזן און קומען אַריין אין די זשאַברעס פון דער מוטער, דאַן שלינגט די מוטער אַריין וואַסער, וואָס איז פול מיט זוימען פון אַ שכנותדיקער אויסטער, און די באַפרוכטיקונג קומט פאָר. מאָרגן אָבער וועט אונזער מוטער־אויסטער מיט אַמאָל ווערן פאָטער און פּראָדוצירן נאָר זוימען. ביי איר שכנטע איז אָבער איצט, פּונקט פאַרקערט, דער „מוטער־טאָג", ביי איר איז היינט פאַראַן אייער אַנשטאָט זוימען, און דער זוימען פון דער ערשטער אויסטער ווערט גערן איינגעשלונגען צוזאַמען מיטן וואַסער פון דער אַנדערער און באַפרוכטיקט יענע אייער.

די צאָל אייער, וועלכע יעדע איינצלנע אויסטער קאָן ביי אַזאַ דאָפּלט־אַרבעט אַרויסלאָזן, איז כמעט אומגלויבלעך: איין איינציקע עלטערע ליבע־ערפאַרענע אויסטער קאָן אין משך פון יאָר פּראָדוצירן מער ווי אַ מיליאָן אייער. צו דער פולשטענדיקער אַנטוויקלונג קומט דערפון נאָר אַ קליינער פּראָצענט.

עס איז אָבער קיין ספק נישט, אַז דורך אַ ראַציאָנעלער אויסטערן־קולטור, וועלכע זאָל זיך שטעלן פאַר אַן אויפגאַבע זאָרגן קודם כל פאַר די אַרויסגעוויקלענדיקע יונגע, וואָלט מען געקאָנט ביי אַנגעזעצטע ים־ברעגעס אַזוי פאַרמערן די אויסטערן, אַז זיי וואָלטן געוואָרן די ביליקסטע פאָלקס־שפּייז אין גאַנצן לאַנד. מען זאָגט: אַ פולער בויך שטודירט נישט גערן. ספּעציעל געדענקט איז דאָס אַן אַנזין. אַ זאַטער, פאַרניפּטיק־געשפּייזטער בויך הייבט בכלל ערשט אָן צו שטודירן. צי וואָלט נישט פאַר דער בילדונג פון דער מענטשהייט די פאַראינטערעסירונג מיט די אויסטערן נישט געטאָן אַמאָל אַ גרעסערן נוצן, ווי דאָס שטודירן די אומערגלעמטסיקע גריכישע ציימווערטער אורדעאַלע באַריגונגס־צאַצן?...

ציילן אפילו קיין פאַרהעלטעניסמעסיק אינטערעסאַנטע ליבע־געשיכטע.

דער גרעסטער טייל פון די מושעלן זענען דאַפּלט־געשלעכטלעך, זיי האָבן אָבער נישט קיין שום באַהעפטונגס־אָרגאַנען און העלפן זיך אַרויס אויף דעם פּרימיטיווסטן אופן, וועלכער איז מעגלעך נאָר אין באַוועגלעכן וואַסער. דער „ער“ און די „זי“, וועלכע זיצן נאָענט איינס נעבן אַנדערן אין זייערע שאָלן, לאָזן אַרויס צו דער רעכטער צייט זוימען און אייער.

די „זי“ האַלט נאָך אָפּ די רייפע אייער ביי זיך, אַריינציענדיק זיי אין איר אָטעם־אַפּאַראַט און האַלטנדיק זיי דאָרט אַ געוויסע צייט.

דער „ער“ דאַקעגן לאָזט אַרויס זיין פּראַכט פריי אין וואַסער און נעמט צייטווייליק אַרום די גאַנצע אויפגעקלאַפּטע שאָלן פון זיין דאַמע מיט דער זוימען־פליסיקייט. די „זי“ אָטעמט דעמאָלט אַריין טיף: דאָס הייסט זי ציט אַריין אַ גרויסן שלוק וואַסער אין אירע זשאַבערס, און די זאַך איז ערלעדיקט: זוימען און אייער האָבן זיך געטראָפן.

שפּעטער לאָזן זיך די יונגע אַרויס מיט אַ געווימעל פון דער מוטערס אָטעם־טאַש. זיי ווימלען אַרום, ווייל דו מוזסט דיר פאָרשטעלן, אַז די יונגע פריש־אויסגעפּיקטע מושעל האָט שוין, אמת, אַ קליינע שאָל, אָבער זי האָט נאָך נישט די נייגונג פון דער עלטערער חיה צו זיצן אויף איין אָרט. באַזונדער די יונגע פון די ים־מושעלן שווימען און ווימלען אַרום נאָך אַ לענגערע צייט מיט זייער דאָפּלט־שעלעכל אין אָפענעם וואַסער און זוכן אַ באַקוועם אָרט צום באַזעצן זיך, ביז זיי גיבן נאָך דער וואַקלדיקער שוועבקייט פון זייער נאַטירלעכן היים און באַזעצן זיך, ענדלעך, פעסט אויף אַן אָרט. די יונגע פון דעם גרעסטן טייל פון די טייך־מושעלן טשעפּן זיך ווייניקסטנס אָן אַן פיש און לאָזן זיך דורך זיי פיל חדשים לאַנג אַרומפירן שפּאַצירן אין פרייען וואַסער.

אין אַלגעמיין איז דאָס אויך דער איינפאַכער פאַרלויף פון דעם ליבע־ראָמאַן פון אונזערע אויסטערן. נאָר איין איינאַרטיקע אייגנשאַפט האָבן זיי. נאָר זיי זענען, אין זייער באַזונדערסטן צפון־אייראָפּעאישן מין, אַלס אויסנאַם צווישן זייערע שוועסטער,

צווי שאָלן, ווי אַ שטיקל וווּרשט צווישן צוויי שטיקלעך ברויט. די נעשמאַקע אויסטער אין איר כאַשיידענעם רעקל איז אַזאַ מושל אין דאָסזעלבע איז אויך די בלויע מיזמושעל מיט איר געלן קערן. דאַקעגן איז דער שלימאַק אָדער איננאַנצן נאַקעט, ווי אונ־זער רויטער, שוואַרצער אָדער ווייסלעך־גרינער וועג־שלימאַק, אָדער זי האָט, ווי אונזער עסבאַרער וויינבערג־שלימאַק אַן איינצלנע, מערכטנטיילס נעדרייטע שאָל, אַ „הויז“, פון וועלכן ער קאָן, ווען ער וויל, ארויס אָדער אריינקריכן.

דער שנעק איז אין יעדער הינזיכט די העכערע חיה אין פאַר־גלייך מיט דער מושל, ער האָט אַ דייטלעך־אָנגעמערקטן קאָפּ, מערכטנטיילס מיט באַוועגלעכע „פילער“ און אויגן, און ער האָט נישט נאָר פאַרטרעטער אין וואַסער, וועלכע אָטעמען מיט זשאַב־רעס, ווי אַלע מושעלן אָן אויסנאַם טוען דאָס, נאָר עס זענען אויך פאַראַן שלימאַקעס, וואָס לעבן אויף דער טרוקעניש, און וואָס אָטעמען דורך די לונגען, אזוי ווי מיר מענטשן.

אין זין פון דער נעשיכטלעכער אַנטוויקלונג קאָן מען זיך דאָס פאַרהעלטעניש צווישן די גרופּן פאָרשטעלן אזוי, אַז מיט אַ צייט צוריק זענען פון די ווערים אַנטשטאַנען געוויסע אור־שלימאַ־קעס, פון וועלכע ס׳האָבן זיך אַנטוויקלט פון איין זייט די היינ־טיקע שלימאַקעס, בשעת פון דער צווייטער זייט זענען דורך דער צופּאַסונג צו אַ קאָנסעקווענט־זיצנדיקן לעבנס־שטייגער און דורך אַ דעגענעראַציע, וועלכע איז דערמיט פאַרבונדן, אַנטשטאַנען די מושעלן. בשעת דו עסט, איי ארום, אויף מיט דעם וויינבערג־שלי־מאַק דעם שפּיץ און די צירונג פון דער ווייך־חיות־וועלט, שלינגסט דו איין מיט דעם אומפּאָכעריקן קנויל פון דעם אייסטער־לייב דעם פאַרשטאַרטן און אָפּגעשטאַנענעם יורד און פילסטער פון דער זעלבער וועלט.

און דער דאָזיקער קעגנזאַץ שפּיגלט זיך זייער אָנשוילך אָפּ אויך אין ליבע־לעבן פון דיביידע, פון די שלימאַקעס און מושעלן.

וויפיל פּאָעזיע עס זאָל ביי דיר אין זכרון נישט דערוועקן די אויסטער: פון אים אַליין קאָן מען כיים בעסטן ווילן נישט דער־

— אויב די מענטשן וועלן זיך נאָר וועלן העלפֿן, וועלן זיך נאָך וועלן פֿארשטענדיקן...

„ווי אין דער מושל דער הייליקער ים
וויימוטיק טרומטענדיק קלינגט,
אזוי דורך מיין נשמה
טרוימענד די בענקשאַפֿט זינגט."

די אויסמער איז אַ חיה. אזוי פֿיל ווייסטו וויטיקסטנס זי־כער, נישט אזוי?

אמת, אַן אויסערגעוויינלעך רואיקע חיה, זי לאָזט אפֿילו פֿון דיר לעבעדיק אויפֿעסן און באַוועגט זיך נישט. צוליב דעם שלאָפֿנ־דיקן צושטאַנד, אין וועלכן זי געפֿינט זיך, קאָן ביי דיר אפֿילו אַנטשטיין אַ ספֿק, צי דאָס איז באמת אַ חיה. וויטיקסטנס, שטויס־טו זיך אָן, מוז עס זיין אַ גאַנץ נידעריקע חיה. שטעל דיר פֿאָר אַ וואָרים, ווי ער וואָלט זיך געדרייט, ווען דו זאָלסט אים ארויסציען פֿון זיין באַהעלטעניש און אים אַוועקלייגן לעבעדיקערהייט אויף אַ שיסל אין דעם עלעקטרישהעל באַלויכטענעם זאַל פֿון אַ גרויס־שטעטישן רעסטאָראַן. און דאָך איז די דאָזיקע אומבאַוועגלעכע מאָר־מירערין העכער אָרגאַניזירט ווי אַן אייַנפֿאַכער וואָרים.

מיט איר קומסטו אריין אין צווייטן פֿון יענע פֿיר שטופֿן פֿון דער העכערער חיות־וועלט, וועלכע שטייען איבער דעם וואָרים.

זי געפֿינט זיך ביי די ווייך־חיות, ביי די מאָלוסקן.

צווי גרופּן פֿון די דאָזיקע ווייך־חיות באַגעגענען דיך אין לעבן אויף שריט און טריט, — צווי גרופּן, וועלכע דו פֿלעגסט אפֿילו תמיד צונויפֿמישן. אונזער שפּראַך־געברויך טיילט זיי פֿונ־אַנדער אינגאַנצן ריכטיק הורך צווי ווערטער, אָבער דער פּראָפֿאַן געברויכט נישט די דאָזיקע ווערטער ריכטיק און האַלט זיי פֿאַר סינאָנימען.

איין וואָרט איז — מושעל און דאָס צווייטע — שלי־מאַק.

גראָב פֿאָטאָגראַפֿירטיילן קאָן מען די דאָזיקע צוויי מינים אויף אַזאַ אופֿן: די מושעל איז אַ ווייך־חיה, וועלכע שטעקט צווישן

איך אזוי געטאָן און האָבן פונקט אזוי נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ באַשעפעניש. זיי האָבן אָבער געקאָנט די אורדעאַלע באַדינגונגס־זאַצן און האָבן זיי אונדז איבערגעגעבן בירושה, און איצט געהערן זיי, אַלס אומבאַדינגט־נויטיקער באַשטאַנדטייל, צו אונדזער הומאַניסטישער בילדונג. דעריבער קאָנען זיין פאַרשידענע מיינונגען.

די אויסטער איז אָבער אויף אַלע פאַלן אייגנטלעך אַ צו ליבנסווירדיקע זאַך, אַז מען זאָל מעגן צוליב איר זיך אַרומקריגן, און דעריבער ווילן מיר עס טאַקע נישט טאָן.

פאַר מיר האָט יעדע אויסטער אַ גוט שטיק פּאָעזיע. איך געדענק שטילע ליבנס־שעהן, וועלכע איך וואָלט אזוי נישט געוואָלט האָבן אין זכרון. שעהן, ווען דער אײַנפאַכער געשמאַק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין געבענטשטער באַגייסטערונג. ליבע מיידל־קעפּ טויכן פאַר מיר אויף... און אַלערליי... פון אַלע קולינאַרישע געריכטן איז די אויסטער זיכער איינע פון די אידעאַלסטע. גאַנץ ווייניק געריכטן קענען זיך מיט איר פאַרמעסטן, — און, כאַראַקטעריסטיש אַליין נאָר „ריינע" שפּייזן, וועלכע דאַרפן נישט האָבן קיין שום אייגנטלעכע צוגרייטונג. צום ביישפּיל די טריפל. און ווי דער ריח פון די טריפל ציט דיך ווייט אַוועק אין וואָרצל־פאַרפלאָכטענעם פאַרכישופטן וואַלד צום קבר פון מערלין, וועלכער שלאָפט אונטער די פלאַמענדיק־גרינע טויזנט־יעריקע סאָסנעס, אזוי פאַרשלעפּט דיך אויך די אויסטער ווייט אַוועק פון דער יבשה צום ים מיט זיין זאַלץ־אָטעם, מיט זיין שיפן, טיף אין אָפּגרונט פון דער שוואַרץ־גרינער ריזן־מעשה פון אייביקן ים, וועלכער וואַרפט ווייסע קאַמען און איבער וועלכן עס פליען, ווי ווייסע פלעקן, די מעוון.

און דער גייסט שוועבט מיט דער מעווע פון איין מעשהלע צום אַנדערן. ווי אַלע מענטשן וועלן אַמאָל פאַריטיקט און ברידערלעך זיצן צוזאַמען ביי אויסטערן און אַלטן ריינוויין, און ווי אַלע וועלן זיך ענדלעך באַמת פילן אינדערהיים אויף דער דאָזיקער רייכער ערד, וועלכע האָט אַזאַ שפע פון אויסטערן און טרויבן,

„וואָס פֿאַר אַ סוד פֿון דערמים פֿון געווימל
וויל זיך פֿאַר אונזערע אויגן אַנטפּלעקן?
וואָס פֿלאַמט אַרום דער מושל, ׳רום גאַלאַטעס פֿיס?
באַלד פֿלאַמט עס אויף מעכטיק, באַלד ליבלער, באַלד זיס,
ווי ס׳וואָלט עס דער פּולס פֿון דער ליבע באַוועגט“

פֿאַוסט (קלאַסישע וואַלפּורגיס־נאַכט)

דו האָסט אין שול געלערנט אַלערליי שיינע זאַכן. איך וועל דיך אויפֿוועקן פֿון שלאָף און אָנהויבן panis, piscis וועסטו גלייך ווייטער זאָגן: crinis, finis אַלס אַלטער מאַן וועסטו נאָך, אויב דו האָסט צו שטאַרק אָנגעגעסן, אָנהויבן זאָגן פֿון שווערן שלאָף אומרעגלמעסיק גריכישע צייטווערטער אָדער אורדעאַלע באַדינגונג־זאַצן, שטעקן בלייבן אין דערמיט און איינגעזעצט ווערן אין קאָרצער. און מיט די דאָזיקע זאַכן האָסטו דאָך פֿאַרבראַכט דיינע שענסטע יאָרן, ווען די פֿאַנטאַזיע האָט אין דיר אָנגעהויבן אויפֿבליען, ווי אַ יונגער גאָרטן. די דאָזיקע זאַכן זענען געווען דער הומאַניסטישער יסוד, אויף וועלכן דו האָסט שפּעטער געדאַרפֿט אויפֿבויען דעם אידעאַלן טייל פֿון דיין וועלט־אַנשויאונג.

ווען איך וועל דיך אָבער פֿרעגן, און נישט אין שלאָף נאָר אין די מאָמענטן ווען דו ביסט אינגאַנצן וואַך: וואָס איז אַזעלכעס די אויסטער פֿון דיין טיש, וועסטו בלייבן שטיין אָן לשון.

און דו וועסט דיך העכסטנס טרייסטן, אַז די אויסטער קאָנען קיינמאָל נישט האָבן קיין צוזאַמענהאַנג מיט דיין וועלט־אַנשויאונג. עס ווערט פֿאַרדינט געלט, כּדי פֿאַר זיי צו באַצאָלן. און דערנאָך האָבן זיי געגעסן, מיט אָדער אָן ציטרין; אָן ציטרין איז אַ נעשמאַקלאָזיקייט. דאָס האָבן די אַלטע שבֿורים ביי הוראַציוסעס טיש

טיילונג אַ „טויט", ביי וועלכן איין אינדיווידואום „שטאַרבט", אָדער איז זי אַ שריט פאָרויס צו אַ פאַרברייטערטן לעבן, אַ פּראָפּעריטעט, ביי וועלכער דאָס אינדיווידואום גייט איבער צו אַ העכערער פאָרם?

אפשר באַגרעסטו די פרייע צייט פון אַן אויספלוג צום באַלטישן ים, וווּ די כוואַליעס וואַרפן דיר אַלע טאָג אַרויס גרויסע און קליינע, רויטע און געלע ים־שטערנס פון זייער בלויען וואַסערהימל, כדי אַביסל צו טראַכטן וועגן די דאָזיקע פראַגן. פאַרלאָז דיך דערויף, אַז וווהין זיי זאָלן דיך נישט פאַרפירן, וועלן זיי דיך דאָך ברענגען ווייטער, ווי אַלע בעטרעך פון דער שפּעקולאַטיווער פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע.

זעסטו אין אַ באַהעלטעניש אונטער שטיינער דאָס ים־שטערן־ווייבלינן מיט פאַרשפּרייטע אָרעמס איבער אירע באַפּרוכטיקטע אייער און אַרויסקריכנדיקע יונגע, — אַ וווּנדערלעך בילד און אין דערזעלבער צייט אַן ערשטע שטופּע פון דער אומגעהויערער לייטער, וועלכע ענדיקט זיך הויך אויבן מיט דעם קינד ביי דער ברוסט פון דער מאַדאָנע. ביי געוויסע מינים שטערן און אַנדערע נאָדלהויטיקע געפינען זיך אויך באַזונדערע טאַשן אין לייב, אין וועלכע די עלטערלעכע חיה שלעפּט אַרום אירע יונגע, ווי אַ קענגורו זיינע ביימל־יונגע.

און דאָך: דער דאָזיקער „גוטער אידיווידואום" קאָן זיך, נישט קוקנדיק אויף זיין גאַנצער קאָמפּליצירטער אינדיווידואַליטעט, פּונקט ווי יענע אָרגאַנלאָזע אור־חיות צושפּאַלטן אויף צוויי אינדיווידואומס. ביי אַ ווילדן צאַפּל גייט דורך דורכן גאַנצן שטערן מיטאַמאָל אַן אינערלעכער ריס. איין טייל פון די שטערן־אָרעמס וויל זיך אָפּרייסן פון דעם אַנדערן. אָבער עד קאָן עס נאָר מאַכן אויף אַזאַ אופן, אַז אויך דאָס מ...לסטע שטיק ווערט צעהאַקט. אַלץ פּלאַצט: די נערוון־פאָרעמס און די געפעסן ווערן צוריסן, די האַרטע טיילן ווערן צובראָכן, אפילו דער מאָגן ווערט צושפּאָלטן און בלייבט ליגן צוטיילט אויף צוויי אָפענע העלפטן. אָבער יעדער העלפט לעבט. איז דער שטערן געווען אַ פינפשטראַליקער, פלעגט איין העלפט באַקומען צוויי און די אַנדערע דריי אָרעמס. ביי אַכט אָרעמס ווערט צוטיילט פיר אויף פיר, ביי זעקס — דריי אויף דריי. אביסל שפּעטער ווערט די שרעקלעכע וווּנד פאַרקלעבט און היילט זיך אויס אויף אַזאַ אופן, אַז די פעלנדיקע העלפט וואַקסט גאַנץ איינפאַך צו. און אין אַ קורצער צייט אַרום זענען ביידע אינדיווידואומס ווידער „גאַנץ".

נאָר עס זענען איצט דאָ צוויי אינדיווידואומס, אויפן אָרט פון דעם פריערדיקן איינעם. נו, זעט זיך אַריין אין דער אינדיווידועלער נשמה פון דעם דאָזיקן ערשטן ים־שטערן און מאַך צוזאַמען מיט איר דורך די טיילונג... וואָס זאָל זיך די חיה דערביי „טראַכטן"? ווי לאַנג זאָל „זי" טראַכטן אַלס „איינע", און פון ווען אָן זאָלן איר „טראַכט־איך" בילדן צוויי נשמות? איז די צו־

האָט געשיכטלעך געקאָנט אַנטשטיין אויף אַזאַ אופן: פון דעם צו-
נויפוואַקסן זיך פון פינף איינצלנע ווערים; די דאָזיקע היפּאָטעזע
האָט מען אָבער היינט אָוועקגעוואָרפן.

אַזאַ ים-שטערן אין דערוואַקסענעם, געשיכטלעך-דייטן צו-
שטאַנד איז אומצווייפלדייטיק אַ פולשטענדיק אַנטוויקלטער איינ-
הייטלעכער „אינדיווידואום". זיין יחידות-אַנטוויקלונג איז צונויפגעגאַנ-
גען ענלעך ווי ביים ים-נאָדל-חיהלע: אויך ער האָט שוין אַמאָל
ביי זיין אָנהייב פון לעבעדיקן לייב אַרויסגעצויגן דעם מאָגן און דאָס
איבעריקע מוטער-לייב אָוועקגעוואָרפן ווי אַן אַלט נאַכט-מיצל. אָבער
זייט דעמאָלט איז ער געבליבן „איינהייטלעך" אין דער גאַנצער
באַדייטונג פון דעם וואָרט, ד. ה. פּשוט אַן אינדיווידואום, פּונקט
אַזוי ווי דו.

הגם אַזאַ ים-שטערן זעט אויס אין דער פאָרם, ווי מען גע-
פינט אים אַרויסגעוואָרפן אויפן ים-ברעג, טויט-פאַרגליווערט ווי
אַ פּאָמעראַנצן-שאָל, דאַרף מען אים אָבער נאָר איינמאָל האָבן
געזען פריי אין וואַסער, כדי צו פאַרשטיין, אַז ער האָט זיין אייגן
גאַנץ גוט אַנטוויקלט חיהשדיק נשמה-לעבן. אַ קאָמפּליצירטער
נערוון-אַפּאַראַט מיט אַ גרויסן נערוון-רינג, פון וועלכן ציִען אַוועק
נערוון-פעדים, ווי שטראַלן, זאָגט עדות וועגן דער שטאַרקער נשמה-
איינהייטלעכקייט. אין קעגנזאַץ צום גרעסטן טייל אַנדערע נאָדל-
הויטיקע האָט ער אפילו דייטלעך-אָנגעוויזענע אויגן אין געשטאַלט
פון גלאַנציקע רויטע פּונקטן אויף די שפּיצן פון די אָרעמס.
גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ פּאַסיווער גאַסט אין די טיפענישן פון ים,
פירט ער דאָרט אַן אמת רויבער-לעבן, באַפאַלט און פרעסט אויף
קליינע קרעבסן, אויסטערן און פיש וויפל זיין האַרץ גלוסט. און
דערצו נאָך געפינסטו ביי טייל מינים אַזעלכעס, וואָס לאָזט איבער,
אפשר מער נאָך אַלץ, דעם איינדרוק פון אַ נשמהדיק און קער-
פּערלעך-פעסטן אינדיווידואום.

דער דערוואַקסענער ווייבלעכער ים-שטערן, וועלכער איז אַליין
אַרויסגעקומען פון דער אומבאַרעכנטדיקער צעשטערונג פון זיין
אָם-באָרם, ווייזט אַרויס זייער בולט געוויסע מוטערלעכע
געפילן בנוגע זיינע אייגענע קינדער, ווי אַ הון אויף די אייער,

דיווידועלע פרייהייט. עס ליגט אַ גרויסער געדאַנק אין אַזאַ שטרעבן, ווען עס דערשיינט נאָר אין אַ ריינער געשטאַלט, אָבער ווער איז געווען שטאַרק דערצו? דער רושטעדער זיצט טיף אין דעם אי־נערלעכסטן „איך“ אַליין, און דו זעסט, ווי דעם קאָנסעק־ווענטן אינדיווידואַליסט באַפאַלט אַ נייע בענקשאַפט: ווען עמיץ זאָל מיך נאָך איצט באַפרייען פון מיר אַליין, מיך פון מיר אַליין אָפּשיידן!

אומזיסט! דו קאָנסט אין נשמה־דין זיין נאָדל־הויטיקער ווי־פיל דו ווילסט: אַלס מענטש האָסטו נאָך, ווי בוש זאָגט, דעם „אינערעם טויט־פאַל“ אַלס לעצטן אויסוועג, אָבער קיינמאָל קאָנס־טו נישט קומען צו דער לעבעדיקער זעלבסט־צוטיילונג.

דו דערמאָנסט זיך אָן די איינקעמערלדיקע אור־חיהלעך, וועל־כע האָבן זיך געשפּרוצפּעט איינפאַך דאָדורך, וואָס זיי זענען זיך צעפאַלן אויף צוויי אָדער מער שטיק. פאַר דעם פּראָבלעם פון אינ־דיווידואום, ביי וועלכן מיד האָבן זיך נאָר וואָס אַזוי אָפּגעמאַ־טערט, איז דאָס שוין אויך אַ גענוג פאַרוויקלטע זאַך. אָבער דאָ קאָן מען נאָך זאָגן, אַז ביי די דאָזיקע נידעריקסטע ברואים איז דער טאָבצער באַגריף פון אינדיווידואום נאָך אַזוי נעפּלדיק און די נאַטור פון די נשמה־איבערלעבונגען נאָך אַזוי ווייניק אויס־געפאָרשט, אַז מען דאַרף דערפון נישט פיל אַרויסדרינגען. איצט באַטראַכט אָבער דעם פאָלגנדן פאַל.

דער נאָענטסטער קרוב פון ים־נאָדל־חיהלע איז דער ים־שטערן.

אויך אַ נאָדל־הויטיקע חיה, הגם שוין אָן דער קיילעכיקער שטאַבעדיקער פּרוכט־שאָל פון דעם ים־נאָדל־חיהלע. אויב איך האָב דיך ביים ים־נאָדל־חיהלע געבעטן זיך פאַרצווישטעלן אַ וואָרים, וועלכן מען האָט צעקוועטשט אין דער פויסט און געמאַכט פון אים אַ דיקן קנויל, מוז איך דיך איצט בעטן זיך פאַרצווישטעלן אַ וואָרים, וועלכן מען האָט צעריסן אויף אַזאַ אופן, אַז עס זעט אויס, ווי ער וואָלט פון זיך געבוירן פינף יונגע ווערים, וועלכע זענען אין צוזאַמען געבליבן פאַרבונדן אַזוי, אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַן אַמתן וואָרים־שטערן, אַזאַ בילד איז נאָך מער ערלויבט צוליב דעם, וואָס די נאַטור־פאָרשער האָבן אַמאָל געגלויבט, אַז דער ים־שטערן

„אַס־פּראָכפּערתג" פֿון באַנחוואַרים באַלד לכתחילה אַריין אין דעם רעכענונג, און דערנאָך וואַנדער ווייטער צו רעזולטאַטן, ווי דו ווילסט. דעמאָלט ביזטו דער הער פֿון דער לאַגע. די פֿאָרשונג אין דעמאָלט דער זיכערער פּלאַנעט, וואָס שיצט און טראָגט דיך. אין קאָנגפֿאַל בלייבט זי תמיד דער מאַגנעט־באַרג, וואָס ציט דיר ווידער און ווידער אַרויס די נעגל פֿון דיינע פֿילאָזאָפֿישע שיפֿן.

דעם גרעסטן טייל דענקער גייט עס היינט נאָך אַזוי. אין זייער דענקען פֿאַלט די נאַטור־פֿאָרשונג אַריין ווי אַ קלאָץ, מיט וועלכן זיי קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן. אַלץ שווימט, וואַקלט זיך און ווערט דערטרונקען. און דאָך איז זי גראָד דאָס באמת אומגעהויערע אין גוטן זין, וואָס אונזער צייט ניט דיר אַלס דיין אייגנס, אויף איר וועט דיין דענקען אויפֿסניי אויפֿבליען. פֿאַרשטיי דאָס גוט: דיין דענקען אין יעדן זין. מיט רעזולטאַטן, וועלכע קאָנען זיין אַזוי דרייסט, ווי דו ווילסט נאָר אַליין. איך אין דעם פּראָבלעם פֿון אינדיווידואום. פֿון דער אומגעהויערער פֿאַרוויקלונג, וועלכע דער נאַטור־פֿאָרשער ברענגט אין אים מיטאַמאָל אַריין, דאַרף ער ערשט אויפֿסניי אויפֿשטיין, ווי אַ יונגער פֿעניקס...

דערווייל, כדי דיר צו געבן נאָך אַ שיינעם מוסטער, נאָך אַ צווייטע געשיכטע פֿון אַ נאַרל־דאַיטיקן.

אַ ליבע־געשיכטע איז עס אפֿילו שווער אָנצורופֿן, ווייל — אויב עס קומט דאָ אפֿילו פֿאָר אַ פֿאַרמעדונג, זעט עס אָבער גיכער אויס ווי אַ גט, איידער אַ חתונה. אַ גט פֿון אַ באַוווּנדערן מין, וועלכן קיין שום מאָדערנער זיטן־ראָמאַן האָט נאָך נישט באַהאַנדלט: חייינו, אַ בריאה, ער אָדער זי, גט זיך מיט זיך אַליין.

מיר שיינט טיילמאָל, אַז אַזאַ צעשיידונג מיט דעם אייגענעם איך וואָלט געוועזן זייער ווינטשנסווערט פֿאַר טייל צו קאָנסעקווענטע אינדיווידואַליסטן צווישן אונז מענטשן.

זיי צעמען זיך אָפּ פֿון זייערע מיטמענטשן, און חתונה איז פֿאַר זיי אַ גרויל, ווייל זי וואָלט געקאָנט פֿאַרגוואַלטיקן זייער אינ־

אילוסטרירט מיט אַזעלכע פאַקטן. אָבער פאַרשטיי מיך גוט. איך וויל דיר גאָרנישט צושטערן, וואָס ס'איז דיר ליב, וואָס ס'איז דיר, ווי דיר דוכט זיך, נויטיק פאַר דיין לעבן. איך האָב דיר נאָר געוואָלט געבן בלויז פאַקטן, די אויספירן פון זיי קאָנסטו, ווען דו וועסט דאַרפן, אליין מאַכן. נאָר איינס מוז פאַר דיר קלאָר ווערן. דו מוזסט דאָס, וואָס דער נאַטור־פאָרשער גיט דיר, אריינציען אין דיינע באַטראַכטונגען און השערות. דו קאָנסט דאָ נישט פאַרבייגיין, ווי דער פאַריזייער פאַרביי דעם פאַרוואונדעטן מאַן, וואָס איז געלעגן אין מדבר. דו מוזסט דיר אינגאַנצן קלאָר מאַכן, אַז דער גאַנצער קאָנווענציאָנעלער אונטערבוי פון דיינע אידעען וועגן וועלט, אינדיווידואום, אייביקייט, אומשטערבליכקייט, לעבן, טויט, איך, דו, מוטער, קינד א. אַ. וו. איז צו דיר איבערגעגאַנגען פון צייטן, אין וועלכע מען האָט נאָך נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג פון די רעזולטאַטן פון אונזער נאַטור־פאָרשונג.

אויף דעם דאָזיקן שלעכטן פונדאַמענט זענען אָבער אין משך פון דער צייט אויפגעשטעלט געוואָרן וווּנדערלעכע געביידעס פון השערות, און דער גלאַנץ פון דער מענטשלעכער לאָגיק האָט געמאַכט פאַרגעסן אָן דעם שלעכטן פונדאַמענט. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך די פאָרשונג פאַר זיך שטיל געאַרבעט, כדי דאָרט אונטן אויפצובויען אַ נייעם פונדאַמענט, און ענדלעך, האָט זי אים אויפגעבויט. איצט מוז מען פאַרלאַנגען, אַז דער דאָזיקער נייער פונדאַמענט זאָל ווייניקסטנס רעספּעקטירט ווערן.

זייער פיל מענטשן מיינען, אַז דאָס גאַנצע דענקען, יעדע פילאָזאָפיע, יעדער פרייער שוווּנג פון געדאַנק פאַרלירט יעדן זין, אין דעם מאָמענט, ווען דער נאַטור־פאָרשער באַקומט אַזעלכע ברייטע רעכט. דאָס איז די גרעסטע טעות. דאָס, וואָס דער נאַטור־פאָרשער גיט דיר, איז פאַר זיך אַליין ווידער אַבסאָלוט פרייער מאַטעריאַל. נאָר נעמען דאַרפסטו דעם דאָזיקן מאַטעריאַל. וואָס דו ווילסט מיט אים מאַכן, דאָס איז דיין זאַך. בוי דיר, ווי פריער, די דרייסטסטע געדאַנקען וועגן דעם אינדיווידואום, איך ווינטש דיר גליק. אָבער בוי זי אויף און מיט דעם נייעם מאַטעריאַל. נעם די

ער איז, אַלס תּוך־השׂגהדיקע חיה, אַנטשטאַנען פֿון אַזעלכע ווערים. און אַז דער פּראָצעס פֿון יענער „אָפּ־פּראָבירונג" איז וואַרשײַנלעך עטלעכע גלעזן אויך אויפֿן וועג פֿון זײַן אַנטוויקלונגס־געשיכטע, הגם ער האָט אים הײַנט שוין אָפּגעוואָרפֿן אַלס דורכ־געמאַכטע סטאַדיע.

ווען, פֿרעג איך דיך, איז אין דער הײַנטיקער אַנטוויקלונג דער אינדיווידואום געוואָרן אַזוי וויכטיק, אַז ער האָט פֿאַרדינט אַ באַזונדערע אומשטערבלעכקייט, אַ חוץ דער אײַנפֿאַכער פֿאָרזאָרג־לונג אין זײַנע קינדער? אָדער צי ווערט דיר פֿון יענע מטושטשדיקע גראָבע בײַשפּילן נישט קלאָר, אַז מיר מוזן דאָס גאַנצע פּראָבלעם פֿון אינדיווידואום באַטראַכטן אַלס אומענדלעך מער פֿאַרוויקלט, ווי עס דוכט זיך אונדז געוויינלעך?

מיר באַלעבאַטעווען דאָ, ווי מיר זעען, פֿילאָזאָפֿיש מיט אַ באַ־גריף, וועלכער פֿאַרפּלאָנטערט זיך נאַטור־געשיכטלעך אין אַ גאַנצן שטשורעסקעניש פֿון איינצעלנע פּראָבלעמען. דו קאָנסט דיר פּרע־דיקן: דער אינדיווידואום דאַרף זײַן אומשטערבלעך. אָבער ווען דער הײַנטיקער אינדיווידואום אַליין צעשווימט זיך דיר אויסער די הענט וואָס טיפֿער דו דרינגסט אַרײַן אין דער חיות־און צמחים־וועלט? נישט צעשווימט זיך — פֿאַרשטיי מיך גוט — אין טויט, נאָר צעשווימט אין לעבן.

עלטערן צעטיילן זיך אין קינדער, קינדער וואַקסן אַרײַן אין עלטערן, עלטערן און קינדער מישן זיך צונויף און האָבן אַ בשותּפֿותדיקן צימאַן, ווי דער מאָגן... אומעטום באַוועגונג, אַ טעמום איבערגאַנג פֿון לעבן צו לעבן, און פֿון דער הײַנטיקער גאַנצער באַ־וועגונג קומט אין איין שיינעם טאָג אַרויס דער מענטש אַליין, אַ חיה פֿון אַ גאַנץ באַזונדערן מין, אַ קאָמפּלעקס פֿון קעמערלעך, וואָס פֿרוכפּערט זיך געשלעכטלעך דורך זוימען־קעמערלעך אין איי־קעמערלעך, אַ תּוך־השׂגהדיקע חיה, אַ זויגחיה... עס איז דאָך נישט מעגלעך פֿאַר אים צו מאַכן ספּעציעלע ערפֿינדונגען, נאָר אַלץ, וואָס מיר ווילן באַשאַפֿן פֿאַר אים, מוז זיך לאָזן פּונקט אַזוי אַרײַנפּאַסן אין דער הײַנטיקער וועלט אונדזן, אומעטום.

דו זומאַלסט זיך, דו האָסט דיר ביז איצט דאָס אַלץ נישט

אָדער שלייערל, נאָכאַמאָל זיך מער אָדער ווייניקער רייטלעך דורכלויפן די גאַנצע רייע פאָרמען, וועלכע זיינע אור־עלטערן האָבן דורכגעמאַכט. דער מענטש ווערט אין מוטער־לייב נאָכאַמאָל אַ פיש ענלעכע בריאה מיט פלוס־פעדערן און זשאַבערס־שפּאַלטן. די זשאַבערס ווערט, אַלס קעפּלעכל, נאָכאַמאָל פיש און מאַלפּ־חיה. אַזוי רעכנט מען, אַז אויך דאָס יונגע ים־נאָדל־חיהלע נאָכאַמאָל ווערן וואָרים־שלייערל, כדי שפּעטער צו זאָגן, אַז זיינע אור־עלטערן זענען אַמאָל געווען ווערים. דאָס איז אויף אַלע פאַלן גענוג אינטערעסאַנט און באַמערקונגסווערט, די פולשטענדיקע לאָגישע אויפקלערונג איז אָבער פאַר דעם פאָרשער אַ האַרטע נוס, וועלכע ער וועט נאָך לאַנג נישט קאָנען צעבייסן. אונז אינטערעסירט די זאַך דאָ אייגנטלעך פון גאַנץ אַנדערלעכן שטאַנדפּונקט; זי אינטערעסירט אונז אַלס נייע פאַרצווייגונג אין לאַבירינט פון באַגריף אינדיווידואום. די דאָזיקע גאַנצע געשיכטע ביז צום סוף, ווען דאָס יונגע עסט נישט נאָר אויף די מוטער אָדער די „אַם" אָדער האָט „איבערשלייערל", אָדער ווי דו ווילסט עס דאָרט אָנרופן, אַלס פרעמדן אָביעקט, נאָר נעמט נאָך ביי איר צו איין אָרגאַן און לאָזט אים אין זיך אַריינוואַקסן — צי זאָל די דאָזיקע געשיכטע נישט באַוועגן דעם פילאָזאָף זיך אויפסניי טיף צו פאַרטראַכטן איבער דעם עצם פון אינדיווידואום?

און דאָ קומט אונזער באַטראַכטונג, נאָך אַזוי פיל באַנדווערים, לעבער־פּיאַווקעס, פּאָדים־ווערימלעך און, ענדלעך, ים־נאָדל־חיהלעך, אַליין צוריק צו דעם, וואָס איך האָב דיר פריער געזאָגט וועגן דער אומשטערבלעכקייט.

דו האָסט שוין איצט געזען גענוג פאַלן, ווען איין אינדיווידואום האָט געמוזט אינגאַנצן פאַרבראַוכט ווערן, כדי מעגלעך צו מאַכן די עקזיסטענץ פון דעם אַנדערן, ביז צו אונזער נאָדל־חיהלע, וווּ איין אינדיווידואום האָט געמוזט איבערלאָזן דעם אַנדערן זיין מאָגן, כדי דער דאָזיקער אַנדערער זאָל ווערן לעבנספעיק. און איצט זאָגסטו אפשר: וואָס גייט דאָס אַלץ אָן דעם מענטש, פאַר וועלכן ס'זענען אייגנטלעך, געבויט יענע אומשטערבלעכקייט־טעראַנקען. אָבער פאַרגעס נישט, אַז דער מענטש איז אַ חיה. אַז

די פּיקל־הויב איז געווען נאָר אַ מין „פּאַרלוויפּיקער" אינ־דיווידואום, אין וועלכן ס'איז ערשט דורך אַ מין קנאָספּונגס־פּראָצעס אויסגעוואַקסן די איינצלנע בריאה.

דאָס קנאָספּע־איינינקל איז, ווי מען קאָן גלייך דערקענען, אַן אמתדיק־קליין ים־נאָדל־חיה'לע. דאָס דאָזיקע שאַכטל־ענלעכע ים־נאָדל־חיה'לע וואַקסט אַזוי אַריין אינעווייניק, אין דער לעבעדי־קער פּיקל־הויב, אַז עס נעמט אין זיך אַריין איר מאָגן. די פּיקל־הויב, ביי וועלכער דער נייער גאַסט האָט צוגערויבט איר מאָגן, שטאַרבט, נאָכדעם, אָפּ און פאַלט אַראָפּ פאַרטרוקנט, ווי אַ פאַרוועלקטע בלום, פון דעם יונגן נאָדל־חיה'לע. מינכהויזנס בער איז איינגעשפּאַנט אין צוים! דאָס ים־נאָדל־חיה'לע, נאָך דער דאָזיקער האַלבירונג פון זיין „מוטער" און מיט דעם מו־טערס אַרבעטנדיקן מאָגן, זאָרגט זיך גאַנץ ווייניק פאַר דעם אָפּ־שטאַרבנדיקן געשפּענסט: עס פרעסט, וואַקסט, פאַרפולקאָמט זיך און ווערט ענדלעך געשלעכטלעך־רייף, ווי זיין זיידע־באָבע איז געווען.

איך וויל דאָ נישט אַריינפירן אין דער פאַרוויקלטער פילאָזאָפישער דיסקוסיע אַרום דעם, צי איז דער דאָזיקער וווּנ־דערלעכער פּראָצעס אַן אמתע „אָנגעפּראָפּערונג" אין דעם זין פון דער באַגרינדער־געשיכטע (מיט דער פּיקל־הויב אַלס „אַם"), אָדער זי באַדינגט אַן אַנדערן נאָמען. דאָ גייען די מיינונגען נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט אייננאַנצן קלאָר, און די ענדגילטיקע אַנטשיידונג איז אַ סך אָפּהענגיק דערפון, ווי אַזוי מען וויל זיך פאָרשטעלן די אָנפאַנגס־אַנטוויקלונג פון אַ ים־נאָדל־חיהלע פון אַ וואָרים־ענלעכע חיה. פאַר דעם הײַנטיקן נאַטור־פאָרשער, וועל־כער וויל דערקלערן די „געשיכטע" פון דער היות־וועלט און דעם גרויסן צוזאַמענהאַנג צווישן די איינצלנע גרופּן, האָט די דאָזיקע פאַרוויקלטע געשיכטע, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויסערגעוויינ־לעך־באַלערנדע מאָמענטן. ער דערמאָנט זיך ווידער אָן יענעם ווירטיקן פּרינציפּ פון דער אָרגאַנישער אַנטוויקלונג, דעם ביאָגענעטישן גרונט־געזעץ, וואָס הייסט יעדער בריאה אין איי, אַלס שפּראָצעלע

מענלעכע ניסט גלייך איבער זיי אויס זיינע זוימען; צו קיין איי־ גנטלעכער באהעפטונג קומט צווישן די ברואים נישט. די דאזיקע איינפאכמע פארם פון דער געשלעכטלעכער ליבע, וועלכע איז נא־ טירלעך מענלעך נאר אין דעם פייכטן עלעמענט, געפינסטו שטארק פארשפרייט אין דעם מיטעלן שטאפל פון דער חיות־וועלט, און נאך ביי די פיש, ווי דו ווייסט עס שוין פון די הערינג, הערשט דער דאזיקער סיסטעם. אין דעם אפענעם שט־אם טרעפן זיך צונויף דאס זוימען־קעמערל און דאס איי־קעמערל אויף צו גרינדן א ניי נאדל־חיה'לע. אבער איידער דאס דאזיקע חיה'לע ווערט פארטיק, קומען נאך פאר די משונהדיק־ סטע זאכן.

פון דער צונויפגיסונג פון זוימען און איי קומט ארויס א קליין דורכזיכטיק בריאה'לע, וועלכעס איז, ווי ס'ווייזט אויס אינגאנצן פארטיק אין זיין געבוי, אבער וועלכעס איז מער ענלעך צו אלעם אין דער וועלט, איידער צו א נאדל־בריאה פון דעם מין ים־נאדל־חיה'לעך. דאס פארגליווערט־ווייכע קערפערל האט א מויל, געדערים און אן אונטערשטן ארויסגאנג און שווימט ארום לוסטיק אין אפענעם ים. מיט דער הילף פון באוועגלעכע ווימ־ פער־הערעלעך. לויט דעם גאנצן געבוי, מוז מען עס האלטן פאר א יונגן ווארים, און ווען עס זאל אין איין שיינעם טאג ווערן געשלעכטלעך־רייף און זאל געבוירן יונגע ענלעכע חיה'לעך, וואלט מען עס פשוט געדארפט דירעקט צורעכענען צו געוויסע ווערים. אבער עס ווערט נישט געשלעכטלעך־רייף.

עס אנטוויקלט זיך דורך משונהדיקע שפיצן און ארויסשפרא־ צונגען, אין וועלכע עס שטעלן זיך ארײַן קאלך־שטעקעלעך, ווי דראטן פון א שירם, אלס א בריאה, וואס זעט כמעט אויס, ווי אן איבערגעקערט פיקל־הויב. און אין איין שיינעם טאג הויבט־אן אינעווייניק, אין דער דאזיקער פיקל־הויב צו וואקסן א קנאספע, אין דעם חלל צווישן דער הויט פון לייב און דעם מאגן וואקסט ארײַן א ג א נ ץ נ י י ע חיה, וועלכע איז לויט איר געבוי אינגאנ־ צען נישט ענלעך צו דעם ערשטן חיה'לע.

ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון ים, נאָר א חיה.

אז דו קוקסט זיך נעענטער צו, באמערקסטו ביי די באקאנ־טע מינים אין ביידע עקן פון דעם קנויל עפענונגען, וואָס פירן אריין אינעווייניק. די אויבערשטע עפענונג — דאס איז דער אונטער־שטער ארויסגאנג פון דער חיה, די אונטערשטע איז דאס מויל. און צווישן דעם דאזיקן אונטערשטן ארויסגאנג און דער מויל ליגט אין דער שאָל באמת א גאנץ גוט אנטוויקלטע חיה, וואָס שטייט שוין אין פיל הינזיכטן, העכער פון דעם וואָרים. צום בע־סטן וועסטו די דאָזיקע חיה פארבינדן מיט דעם וואָרים, ווען דו וועסט דיר פארשטעלן דעם וואָרים צונויפגעוויקלט אין א קנויל מיט דעם מויל פון אונטן און דעם אונטערשטן ארויסגאנג פון אויבן, מיט א פארהאַרטעוועטע הויט ווי א מין פאנצער, אויף וועלכן ס'געפינען זיך נאָך צום בעסערן שוץ באוועגלעכע נאָדלען. די איבריקע זאָאלאָגישע פרטים קאָנסטו דיר איצט מוחל זיין, זיי זענען, אנטשפרעכנד דעם איינגעאַרטיקן געבוי פון דער חיה גאנץ פארוויקלט.

אונזער חיה'שדיקער קאשטאַן האָט אויך זיין ליבעגעשיכטע, און דערצו נאָך א גאנץ משונה'דיקע.

דער איטאַליענישער פישער כאַפּט ים־נאָדל־חיה'לעך פון א באזונדערן מין, אנדערע וועלכע פאלן צו אים אריין, וואַרפט ער ארויס. יענע קאָן ער געברויכן, ער צעברעכט זייער שאָל און נעמט זיך ארויס פינף טרויביקע געל־געלע קוילן, וועלכע גע־הערן צו די געשמאַקסטע מאכלים פון זיין טיש. די געלע קוילן — דאס זענען די אייער־שטאָקן, און דער באזונדערער מין ים־נאָדל־חיה'לעך — דאס זענען די ווייבלעכע. די אוועקגעוואָרפענע זענען געווען די מענער. אזוי ארום זעסטו: מיר זענען, נאָך די אַלע אנדרדונגים'ן ווידער אין דעם קעניגרייך פון דער געשלעכטלעכער צוטיילונג.

ווען די לבנה צעשיט איר זילבער־שטויב איבער דעם טרופּי־מענדיקן ים, וואַרפט ארויס אין דער טיפעניש פון דעם וואַסער דאס ווייבלעכע ים־נאָדל־חיה'לע אירע רייפע אייער, און דאס

פאר זיך ווידער אנטוויקלט, נישט צונויפקומענדיק זיך שוין מער אויך אין דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג. פון דעם שטאם, וועלכער הויבט זיך אן (איבערפלעכלעך גערעדט) מיט דעם שלימאק, איז אלס העכסטע פארם ארויסגעקומען דער טינטענפיש. פון דעם פארציייטישסטן איטסעקט איז די ליניע געגאנגען ביז, לאמיר זאגן, דער מוראשקע. דער פיש איז אין משך פון מיליאנען יארן געווארן מענטש. וויניקער פון אלע האבן זיך אבער ווייטער אנטוויקלט ים־נאדל־חיה'לעך און די ים־שטערן; דאס ים־נאדל־חיה'לע אליין איז כמעט געבליבן דער שפיץ פון איר גאנצן אנט־וויקלונגס־צווייג. דאס דאזיקע פארהעלטעניש: די פיר העכערע הגם זייער פארשידן־לאנגע פאראלעלן אויף איין געמיינזאמער װארים־באזע, מוזסטו ארוף ווייטער כסדר האלטען פאר די אויגן, כדי איך נישט צו פארפלאנטערן.

נאכדעם, ווי מיר זענען איצט פארטיק געווארן מיט די ווערים, האב איך דיר פון די דאזיקע פיר אויבערשטע פאראלעל־שטאמען, פון די ליבע־געשיכטעס פון די ים־שטערן, שלימאקעס, קרעבסן, אינסעקטן און חוט־השדרהדיקע חיות, צו דערציילן א גאנ־צען דעקאמעראן: עס מוז פאר דיר אבער קלאר זיין, אז אינגאנצן מאכן מיר דורך פון איצט אן פיר הויבט־ראמאנען, וועמענס קאפיטלען עס גייען אפילו אפטמאל געשלאסן איינס נאכן אנדערן אבער מישן זיך קיינמאל צווישן זיך נישט צונויף.

מיר הויבן־אן ביי דער ליניע פון די ים־שטערן, ווייל די דאזיקע פירט אונז ווייטער ארויף אויף דער ליניע פון די נרע־סטע וואנדער־מעשיות פון דער ליבע.

שטעל דיר פאר א ים־נאדל־חיה'לע, ווי דו האסט עס געזען אין אקוואריום אדער אויפן ברעג פון ים. דו פארשטייסט גלייך, פארוואס מען האט די דאזיקע גאנצע גרופע אנגערופן „נאדל־הויטיקע". דא ליגט פאר דיר א חיה, וואס זעט אויס, ווי א שטער־נעדיקע פרוכט, א קנויל פון הארטער שאל מיט שארפע שפיצן אין אלע זייטן. ערשט דערפון, וואס די זאך באוועגט זיך, פאר־שטייסטו, אז עס איז נישט קיין אמתע קאשטאן־פרוכט, וואס איז

ענדלעך, די גאנצע חיה אין זיך אריינגעפרעסן, און איז געבליבן אונטער דעם הייליקן אדער דעם ריטער אלס רייט־חיה, איינגע־שפאנט אין צוים און אין זאטל. דער אייזל איז אין אונזער פאל די מוטער, דער בער — דאס קינד און דער צוים — די נאז פון דער מוטער, נישט מער וואס די לעצטע וואקסט זיך נאך צונויף מיט דעם קינד, וואס ס'איז אזוי ווילד, אז אפילו די לעגענדע האט זיך נישט דערוואויגן עס אויסצוטראכטן פאר אירע נאאיווסטע קינדער. איך וויל דיר אבער פארשטעלן א חיה, ביי וועלכער עס קומט פאר יעפעס זייער ענלעכעס.

אמת, מיר מוזן דערצו ארויס פון דער ווארים־וועלט.

שטעל דיר ווידער פאר דעם געבוי פון דעם העכערן חיות־סיסטעם. פון דער איינפאכער אור־מאגן־חיה, דער גאסטרעא, זענען געקומען פון איין זייט די פאליפן און מעדוזן און פון דער אנדערער זייט די ווערים אין דריי הויפט־גרופן: די פלאטווערים (צ. ב. באנדווערים), די מיטעלע ווערים (צ. ב. די פארעם־ווער־רים, ווי די טריכינען) און די רינגל־ווערים (צ. ב. דער רעגנ־ווארים).

אויף די ווערים שטייען דאן די פיר העכסטע שטאמען פון דער חיות־וועלט: די ווייך־חיות (שלימאקעס און אנדערע), די גליד־פיסער (ראקעס, אינסעקטן א. אנד.), די חוט־השדרה־דיקע חיות (צו וועלכע דו אליין געהערסט צוזאמען מיט די פיש, פויגל, רעפטיליען א. אנד.) און די אזוי־גערופענע נאדל־הויטיקע, ווי דאס ים־נאדל־חיה'לע אדער דער ים־שטערן. אלע פיר גרויסע גרופן זענען געשיכטליך ארויסגעקומען פון די ווערים, אבער נישט איי־נער פון דער אנדערער, נאר פאראלעל איינע נעבן דער אנ־דערער. קיינמאל איז א ים־שטערן נישט געווארן א שלימאק, א שלימאק־א קרעבס, אדער א קרעבס — א פיש. אין יעדער פון די דאזיקע גרויסע אפטיילונגען איז די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פון ווארים געגאנגען אויף איר אייגענעם וועג. און אין איין טאג זע־נען אויף דער וועלט שוין געווען ים־שטערן, שלימאקעס, קרעבסן און נידעריקסטע אינסעקטן און פיש, וועלכע האבן זיך יעדערס

מיר זענען מיט דעם ליבע־ראמאן פון דער רהאַבדיטיס־מוטער גלייכלעך צוגעקומען צו דעם פאַל, ווו די פרוכפערונג פארלאנגט נישט־נאָר דעם טויט אלס נויטווענדיקן קרבן פון דעם מוטער־אינ־דיווידואום, נאָר ווו דאָס יונגע עסט פשוט אויף די מוטער, פונקט ווי א היגרעלע פארשלינגט ביסלעכווייז דאָס שפּייז־געלעכל פון איי. די אינערלעכע ארגאנען פון דער מוטער האָבן מיט זיך פאר־געשטעלט א מין ספּעציעל צוגעגרייטן שפּייז־זאַפּאַס פאר דעם יונגן, און די הויט פון דער מוטער האָט א ווײַלע געדינט אלס אויבערשטע שוץ־הויט פון דעם קינד, אלס א מין ארגאַן, וואָס איז אים פון דער מוטער איבערגעגעבן געוואָרן.

מען וואָלט זיך אין דער ריכטונג נאָך ווייטער געקאָנט פארשטעלן, אז דאָס יונגע באַשעפעניש וואַקסט, ענדלעך, אריין אין דער מוטערס הויט אויף אייביק, אדער עס נעמט איבער פאר זיך וועלכן ס'איז אנדער ארגאַן פון דער מוטער. מען וואָלט זיך דאָס געקאָנט פארשטעלן, ווען מען זאָל זיך וועלן אויסמאָלן דאָס ווילדסטע בילד, וואָס איז נאָך אין די דאָזיקע פאַרהעלטנישן מעגלעך.

שטעל דיר פאָר א מענטשלעכע פרוי. אין איר וואַקסט אויס א קינד. דאָס קינד באַקומט שוין אין מוטער־לייב ציין, און הויבט אָן אויפצופרעסן די מוטער. אבער עס עסט זי נישט אינגאַנצן אויף. עס לאָזט איבער, לאָמיר זאָגן, די הענט און דאָס פּנים. און די דאָזיקע הענט און דאָס פּנים נעמט עס צו פאַר זיך, לאָזט זיי צו זיך צוּוואַקסן און ווערן זיינע אייגענע.

דו קאָנסט די געשיכטע, וועלכע ווערט דערציילט רעליגיעז וועגן הייליקן אַנטאָניוס פון פּאַדוא און וועלטלעך וועגן ריטער פון מינכהאַוזן: ווי א בער האָט זיך פון הינטן אריינגעפרעסן אין זיין אייזל אדער אין זיין פערד, בשעת דער רייטער איז נאָך דערויף געזעסן, און האָט עס אזוי לאַנג געפרעסן, ביז ער האָט,

איינציקער אַרבעטס־טיטול, וועלכע האָט פּאַריז צעטיילט די צו־
־יווידואומס, האָט זיך דער מענטש אין אים ווערטלען און אין
דער גאַנצער פאַנאַנדערבלאָזונג פון זיין קראַפט.

ווילסטו צו די דאָזיקע פאַרהעלטענישן צוגיין מיט דיינע צו־
קונפט־געדאַנקען, מוזסטו זיך לאָזן אויפן וועג פון דעם גייסט,
געוויס, אין גייסטיזין מיטל פאַר אונז אויך שוין אויף א בלאַסער
שיין, אַז דער דאָזיקער קעגנזאַץ קאָן ווידעראַמאָל פאַרשווינדן,
נאָכדעם ווי ער וועט שוין האָבן ביזן סוף פאַרענדיקט זיין גרויסע
אַרבעט פון דער מענטשן־שאַפונג. אָבער דאָס קאָן דערמאָלט נישט
געשען אין זין פון א צוריקגאַנג צום אַלטן. דורך דעם גייסט
מוז עס גיין, נאָר אין דעם דאָזיקן העכערן שטאַפּל קאָן עס פאַר־
ווירקלעכט ווערן. און ווען עס וועט פון דאָרט צוריקקומען צום
קערפּער, וועט אַלץ זיין ניי, אינגאַנצן אַנדערש. וואָס פאַר א ווערט
וועט אָבער האָבן קערפּער, וואָס פאַר א ווערט וועלן האָבן אַלע
אונזערע היינטיקע באַגריפן אין א צוקונפט, אין וועלכער סיזעם
הערשן דער גייסט: זיי וועלן אפשר זיין נישט מער ווי לידיקע
פאָרמען פון דער פאַרגאַנגענהייט, פאָרמען, וועלכע די אַנטוויקלונג
האָט אָפּגעוואָרפן, פּונקט ווי זי האָט נעמלעך אָפּגעוואָרפן דעם וואָרים,
כדי צו קומען צום מענטש...

דאָך, איך האָב דיך איינגנטלעך נאָר געוואָלט האַלטן א ווילע
ביי דער אָבשטאַמונג און שלעכטע קרובישע זאַכן, כדי דו
זאָלסט אינגאַנצן צעקריגן דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן פּרינציפּ
ביז אין אַלע זיינע פילאָזאָפישע טיפענישן.

מאָשן האָבן זיי נישט, און דער זוימען ווערט דירעקט דורך אַ באַהעפטונגס־גליד אַריינגעשפּריצט אין דעם ווייבלעכן געשלעכטלעכן אָרגאַן.

אויב ביי די דאָזיקע אַנדראָגינוסן זענען, פּונקט ווי ביי די העכערע נישט־הערמאַפראָדיטישע חיות, ביידע געשלעכטלעכע טיילן באַזאָרגט פאַר דעם אַקט מיט באַזונדערע שטאַרקע תענוג־געפילן, פילט יעדע פּיאַווקע גלייכצייטיק דעם דאָפּלטן תענוג, דעם געבנדיקן און נעמענדיקן.

מען דערמאָנט זיך אָן דעם רוימישן קייזער העליאָגאַבאַלוס, וועלכער האָט אין זיין קייזערלעכער משוגעת באַשטימט אַ פּרעמיע פאַר דעם, וואָס וועט אים צו זיין מענלעכקייט צוגעבן נאָך די ווייבלעכקייט, אין זין פון דעם געשלעכטלעכן תענוג־געפיל. עס איז אָבער גאָר קיין פראַגע נישט, אַז די גרינטלעכע פאַנאַנדער־טיילונג פון די געשלעכטער, וועלכע דער דאָזיקער געקרוינטער משוגע האָט אַלס העכערע חוט־השדרה־דיקע חיה אויך געירשנט, איז געווען גראָד איינע פון די וויכטיקסטע באַדינגונגען פון דער העכערער, אידעאַלערער אַנטוויקלונג, פון וועלכער מיר וואָלטן זיך נאָר צו אונזער שאָדן געקאָנט אָפּזאָגן. דער הערמאַפראָדיטיזם איז אַ סטאַדיע פון דער ליבע, וועלכע ליגט אויף דעם אַנטוויקלונגס־וועג הינטער אונז, און וועלכע מוז דאָרט ליגן. קוק זיך צו צו דער קונסט, פון וועלכער מען וועט מיט דער צייט, מסתמא, פיל מער לערנען, ווייל אין איר שטייט אונז פאַר די אויגן, ווי אין אַ שפּיגל, די אייגנטלעכע נאַטור־געשיכטע, די נאַטירלעכע אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער מענטשהייט. ווי האָבן זיך נאָך די גריכן געמאַטערט, פאַרצושטעלן אין מאַרמאָר־פיגורן הערמאַפראָדיטן, אַ אידעאַל געשטאַלט, וואָס זאָל אין זיך פאַראייניקן מאַן און פרוי. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, דער הערמאַפראָדיט איז פאַרשוווּנדן, אויב ס'קומט זיך אַמאָל באַווייזן אַן אַנדראָגינוס איז עס נאָר געווען אַ פאַרזעעניש. ביי דער פּיאַווקע איז עס נאָך אַמאָליקע פאַרזיכשטייענדיקע נאַטור. ביים מענטש פון דער צייט פון פידיאַס איז עס נאָר אַ האָפענונגסלאָזער קריפּל.

אויף דעם קעגנזאַץ פון פרוי און מאַן, אויף דער דאָזיקער

אין דעמזעלבן צענטן רינג, ווו עס געפינען זיך די זוימען־אַפּאַראַטן, געקאָנט ווערן העל־דורכזיכטיק, וואָלסטו געזען פאָלגנדעס.

אין צענטן און עלפטן רינג פון יעדן קערפּער (געציילט פון דעם קאָפּ־עק, ווו ס'געפינט זיך דאָס מויל) ליגן ביי יעדן אַ פּאָר זוימען־אַפּאַראַטן, פון וועלכע עס פירן גרויסע זוימען־רערן ביז צום פופצענטן רינג און פון דאָרט אַרויס, צו דער אויסערלעכער וועלט. אין דעמזעלבן צענטן רינג, ווו עס געפינען זיך די זוימען־אַפּאַראַטן, און אויך אין ניינטן געפינט זיך אַ פּאָר זוימען־טאַשן, וועלכע זענען גרייט אויפצונעמען די פרעמדע מענלעכע זוימען און צו דער רעכטער צייט זיי צו שיקן ווייטער צו די אייער־טרויבן, ווו די ווייבלעכע אייער וואַרטן אויף דער באַפרוכטיקונג. יעדער אַנדראָגינום וואָרים באַמיט זיך איצט אַזוי צוצודריקן צום פּאַרטנער מיט דער קריטישער געגנט פון ניינטן ביזן פופצעגטן רינג, אַז דער אייגענער אַרויסשטאַרנדיקער זוימען־קאַנאַל זאָל אַרויסקומען ביים לעדיקן זוימען־טאַש פון דעם אַנדערן, און דער אייגענער זוימען־טאַש זאָל זיין צוגעפּרעסט צום זוימען־קאַנאַל פון דעם אַנדערן. אין דער מאָמענטאַלער אויפרעגונג הויבן אָן די הויט־דריזן פון די אַנטקעגנדיקע רינגען אַרויסצולאָזן אַ פליסיקייט, וועלכע ווערט שנעל פאַרטרוקנט און בילדעט אויף דער צייט פון אַקט אַ מין שוויצוואַנט אַרום דער גאַנצער געשלעכטלעכער געגנט און קניפּט צונויף דאָס פּאָר אַזוי, אַז עס דוכט זיך, אַז זיי זענען זיך באמת אויף אַ ווײַלע צונויפגעוואַקסן. אַז דער אַקט איז געענדיקט, רייסן זיך די ווערים גלייך אָפּ איינער פון אַנדערן, יעדער וואָרים איז איצט באַפרייט פון זיין אייגענעם זוימען, דערפאַר אָבער טראָגט ער אין זיך אַ רעזערוואַר פון פרעמדן זוימען, וועלכן ער וועט פון איצט אָן, אָן דער געפאַר פון זעלבסט־באַפרוכטיקונג, צוטיילן לויט דער נויטווענדיקייט די אייגענע ווייבלעכע אייער.

זייער ענלעך קומט פאָר דער ליבע־אַקט פון די פּיאַווקעס, אָבער, נאַטירלעך, אין וואַסער. דאָס פּיאַווקע־פּאָר לייגט זיך אין פרילינג־צייט אַזוי ענג איינע נעבן דער אַנדערער, אַז די קעפּ און די עקן זענען האַרט צונויפגעפּרעסט. קיין באַזונדערע זוימען

דער רעגנווערים און די פּיאַווקע זעען אונדז דאָ אויס ווי סאָליִדנע הערן, ווען מיר קומען פֿון דעם גאַנצן וויסטן געווימל פֿון אונטן.

מיר קאָנען די דאָזיקע ביידע מינים גוט, ווייל זיי האָבן, אַזוי צו זאָגן, אַ חלק אין דער מענטשלעכער קולטור־געשיכטע. די פּיאַווקע שפּילט אַ ראָל אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פֿון דער מעדיצין. דער רעגנווערים ווידער, דער דאָזיקער שטילער דורכקנעטער און דורכאַקערער פֿון דער ערד — ער איז זייט טויזנטער יאָר געווען דער שטילער העלפֿער פֿון דעם אַרכעאָלאָג: אַדאַנק זיין אַרבעט זענען מאָזאַיִק־שטיינדלעך, קאָלאָנעס־שטיקער, מטבעות און צירונג־זאַכן באַגראָבן געוואָרן טיף אין דער ערד און דערהאַלטן געוואָרן פֿאַר די שפּעטסטע דורות. זייער ביידנס ליבע־לעבן איז זייער ענלעך צווישן זיך און איז פֿאַרהעלטעניסמעסיק איינפֿאַך.

דער רעגנווערים און די פּיאַווקע זענען אַנדראָגינוסן אָדער הערמאַפֿראָדיטן. יעדער ווערים האָט ביידע געשלעכטלעכע אַפּאַראַטן אין דעמזעלבן קערפּער. אָבער דו דערמאָנסט זיך ווידער אָן דעם גרויסן געזעץ, וואָס גייט דורך דער אָרגאַנישער וועלט, אָן דעם געזעץ: דו זאָלסט דיך אַליין נישט באַפֿרוכטיקן. אויך דער רעגנווערים און די פּיאַווקע שטייען פֿעסט אונטער דער ווירקונג פֿון דעם דאָזיקן געזעץ.

אין דער קילקייט פֿון אַ פֿייכטער נאַכט, ווען ס׳באַוועגט זיך נישט קיין שום בריאה, ווען קיין ליכט־שיין שרעקט נישט זייערע קאָפּ־שפּיצן, וואָס האָבן נישט קיין אויגן און זענען דאָך זייער עמפּפֿינדלעך אויף ליכט, קריכן אַרויס צוויי רעגנווערים פֿון דער שוואַרצער ערד. זיי שלענגלען זיך האַרט צו איינער צום אַנדערן, אַזוי, אַז די פֿאַרערשטע עקן ליגן פֿאַרקערט אין צוויי באַזונדערע זייטן. און איצט קוק זיך צו זיי גענוי צו. די גאַנצע ליבער זענען צונויפֿגעשמעלצט פֿון די באַקאַנטע פֿלייש־רויטע רינגען. קיין אויסערלעכע אונטערשיידן באַמערקסטו נישט, ווייל עס איז דאָך נישט מאַן און פֿרוי, נאָר יעדער ווערים איז מאַן און פֿרוי־

נעפּאָרן אין בויך פֿון דעם וואַלפֿיש, אַזוי לאָזן זיך אויך אונטערע ליליפּוטן מיט דעם גאַנצן קערפּער, אַלס אַנטשלאָסענע ווײַנ־זוכער, אַרײַן אין דער טיפֿעניש פֿון דעם ווײַבלעכן געשלעכטלעכן אָרגאַן. און איינמאָל אַרײַן, בלײַבן זיי שוין אויף אייביק אינעווייניק. זיי באַזעצן זיך פֿעסט אין די אינערלעכע געשלעכטלעכע טיילן פֿון דער פֿרוי, דאָרט וווּ ס׳געפֿינט זיך דער פֿרוכטהאַלטער און די אייער וואַרטן אויף דער באַפֿרוכטיקונג. די דאָזיקע קליינע זוועריקלעך, וועלכע זענען מער ענלעך צו זוימען־חיהלעך ווי צו גאַנצע זעלבשטענדיקע מענער, געפֿינען זיך איצט אויפֿן זיכערסטן אָרט און קאָנען רויִק דורכפֿירן די באַפֿרוכטיקונג: דער ריזיקער קערפּער פֿון דער גרינער פֿרוי באַשיצט דעם גאַנצן אַקט און באַהאַלט די מענער און די אייער פֿון אַלע עוולות פֿון ים אַזוי לאַנג, ביז יעדער איי באַקומט נישט זײַן נייטיקן חלק פֿון דער פֿאָטערלעכקייט. די באַהטיקע אייער לאָזן זיך שפּעטער, נאַטירלעך, אַרויס אויף דער פֿרײַ. די קליינע מאַנהייזער פֿאַרבלײַבן אָבער שוין ביזן סוף פֿון זייער לעבן אין דער פֿרוי וועגוס בערת.

די פֿילאָזאָפֿן רייבן זיך שוין אַרום זיבן יאָר, צו וועלכן שטייגער פֿון דער גרינער וואָרים־מענטשהייט צוצורעכענען די באָנעליאַ. פֿריִער האָט מען זי צוגעשטעלט צום פּריצפּולוס, — אַ וואָרים, וועלכער האָט זײַן משונהדיקן נאָמען (מענלעכער גליד) צו פֿאַרדאַנקען זײַן העכסט־אייגנאַרטיקן אַרויסזען. מען האָט פֿון ביידע געמאַכט אַ וואָרים־גרופּע „געפּירעען", וואָס סימבאָליזירט „בריק־ווערים"; די בריק האָט געזאָלט גיין פֿון די ווערים צו די ים־אונגעריקעס; כאָטש האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ טעות. דאַן האָט מען געוואָלט די גאַנצע גרופּע צורעכענען צו די רינגל־ווערים; דאָס האָט זיך אָבער אויך לאַנג נישט געקאָנט האַלטן. הײַנט רעכנט מען, אַז נאָר די באָנעליאַ אַליין איז אַ שטאַרק דעגענערירטער רינגל־וואָרים. אַזוי אַרום וואָלטן מיר מיט איר שוין אַרײַנגעקומען אין דער דריטער, העכסטער וואָרים־גרופּע, פֿון וועלכער איך האָב דיר פֿריִער דערציילט.

גשוואלט". דאס איז אבער גאר אלץ גאר־נישט קעגן די פארהעלטענישן אין דעם באנעליא־הויז. נעבן דער פרוי, וועלכע דערגרייכט צוזאמען מיט דעם אויסגעשטרעקטן קאפ־פינגער העכער דרייסיק צענטימעטער אין דער לענג, שטייט דער מאן פון העכסטנס צוויי מילימעטער די גרויס. דאס איז, מענטשלעך גענומען, אומגעהויער דער אונטערשייד צווישן א מענטש און א פלוי. דער זיכערסטער אופן „מיטצוגיין" איז ביי אזא מיניאטור־מענעלע באמת זיך צו באהאלטן ערגעץ אין א פאלד פון זיין „גרויסן ווייבס" קלייד. און דו מוזסט טאקע די מעגלעכע ליניע פון באנעליא־שטאם זוכן אין בוכשטעבלעכן זין אין די טיפענישן פון דער ווייבלעכער.

דאס גרויסע גרינע ווייב זאמלט אבער אן אונטער איר שויז־דאך נישט איין ליליפוט, נאר פיל. מען געפינט ביי איר טיילמאל ביז צו אכצן שטיק. אין אנהייב, ווען די „ער"ס זענען נאך יונג און אן הערפארונג, זעט זיי אויס דאס ברייטע מויל פון זייער דאמע אלס די בעסטע טיר. אין איר שפייז־רער (כמעט פונקט ווי יענער באקטעריע־פארליבטער) זויגן זיי זיך, ווי באנדרוערים, פעסט אריין און פירן א ווילדע א זארגלאז פאראזיט־לעבן. זאט אנגעגעסן, הויבט זיי אבער באלד אן צו ציען צו דער ליבע, אויף וועלכער א געוואלטיק־גרויסער זוימען־בלאז אין זייער קליינינקן קערפערל גיט זיי דאס פולע רעכט. די שפייז־רער באפרידיקט זיי מער נישט. זיי קריכן ווידער ארויס פון דעם צוקונפטיקן אביעקט פון זייער ליבע דורכן מויל, לאזן זיך אראפ אביסל נידעריקער אויף דער גרינער אונטערקע און אנמערקן א בעסערע טיר, די ווייבלעכע געשלעכטלעכע עפענונג.

ביי דעם אונטערשיד אין דער גרויס איז אויך די דאזיקע עפענונג פאר דעם „ער" א גאנץ גרויסער טויער, פונקט ווי דאס פארלאזענע מויל. פון א באהעפטונגס־אקט אין געוויינלעכן זין קאן, נאטירלעך, גאר קיין רייד נישט זיין, ווייל די געשלעכטלעכע עפענונג פון דער „זי" איז ברייטער ווי דער גאנצער „ער" אויף זיין ריכטן ארט. דעריבער מוז עס פארקומען אנדערש.

ווי מינדסטנס איז דערייסט מיט זיין גאנצער שיף אריינ־

איצט שטעל דיר פֿאָר די באַנעליאַ, וועלכע ווערט נאָך גערופֿן די „גרינע", און וועלכע איז אין אַלע הינזיכטן איינע פֿון די וווּנדערלעכסטע ווערים אויף דער וועלט.

עס איז פֿאַראַן אַ פֿריילעכע לעגענדע בײַ די באַטאַק־פֿעלקער אויף דעם אינזל סומאַטרע. אַ שלעכטער הויז־פֿרײַנט וויל דורכויס צונעמען בײַ זײַן פֿרײַנט די פֿרוי. אומזיסט, ער קאָן נישט געפֿינען קיין טיר צו איר האַרץ. וואָס טוט ער? ער פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ זיסן עפּל און ווינקט צו איר אַראָפּ פֿון בוים. דער פֿרוי פֿאַרגלוסט זיך גראָד אַן עפּל, זי רײַסט אים אָפּ און עסט אים אויף. דאָ טריומפֿירט, הייסט עס, דער שלעכטער חבֿרה־מאַן טיף אינעווייניק אין מאָגן: „הוראַ, כ'האָב מײַנס דאָך דערגרייכט!" דעם גוטן באַטאַק מאַכט אין זײַן אויטאָנאָמיע נישט פֿיל אויס, צי איז עס דאָס האַרץ אָדער דער מאָגן. ווען דו שטודירסט אָבער די ליבע־פֿאַרהעלטענישן פֿון דער באַנעליאַ, דוכט זיך דיר, אַז די שיינע געשיכטע איז גראָד פֿאַר זיי אויסגעטראַכט געוואָרן אַלס שאַפֿונגס־לעגענדע.

די באַנעליאַ איז אין איר געוויינלעכער פֿאָרם ענלעך צו אַ קליינער טונקל־גרינער עסיק־אוגערקע פֿון אַן ערך פֿינף צענטימעטער די לענג, פֿון וועלכער עס וואַקסט נאָך אַרויס אַ מין פֿיסל אָדער שפּראָצונג, וואָס קאָן זיך אויסציִען און דערגרייכן אַ פֿיל גרעסערע לענג ווי די איגנטלעכע חיה, און וואָס קרײַזלט זיך פֿון פֿאָרנט, ווי אַ ווײַנטרויב־שטענגל. אַזוי ליגט זי אונטער שטיינער אין שליים פֿון אַדריאַטישן ים. די אוגערקע איז דער קערפּער, דאָס „פֿיסל" איז אַ „כאַפּ־פֿינגער", און די גאַנצע מיאוסע בריאה אין דער דאָזיקער געשטאַלט איז דערווײַל גאָר די ווײַבלעכע חיה, די באַנעליאַ־פֿרוי. דאָס פּראָבלעם צו געפֿינען נעבן איר דעם מאַן איז פֿיל שווערער פֿון דער באַטאַקער פֿראַגע פֿון די ווייצן־בלעטער: „ווו איז די קאַץ?".

דו קענסט דאָס ליד פֿון דער גרויסער פֿרוי, וועלכע איז געגאַנגען טאַנצן, און דעם קליינעם מאַן, וואָס „האָט אויך מיטגיין

ליכער ליבע און דעם מענטשלעכן אַלץ־אַרומנעמענדיקן רחמנות, איז נישט מער ווי אַזאַ געשפּענסט. איין איינציקער בלוט־ערות, ווי די רהאַבדיטיס, און עס ווערט צעשווומען. די פילאָזאָפיע פון דעם קליינינקן ווערימל וואַרפט אום און מאַכט צונישט די גאַנצע קלוגע מענטשלעכע פילאָזאָפיע אין דער האַרציקער ריכטונג...

פון די ווערים אין אַלגעמיין קאָן מען נאָך שרייבן נישט איין וואונדערלעך ליבע־קאַפּיטל. גלייך נעבן דער רהאַבדיטיס געפינסטו צווישן די פּאַראַזיט־ווערים דעם סינגאַמוס. סין הייסט אויף גריכיש צוזאַמען און גאַמוס הייסט חתונה. דאָ האָסטו באמת אַ באַשעפעניש, וואָס נעמט זיך די חתונה אויסערגעוויינלעך צום האַרצן. דער סינגאַמוס גיט אויך אין דער זעלבער צייט אַ זעלטענעם באַווייז דערפאַר, אַז מען קאָן אומעטום לעבן. דער סינגאַמוס באַזעצט זיך אין האַלז פון אַ גרויסן טייל פויגל: סראָקעס, פּיק־העלצער, פאזאנען, קאטשקעס א. אנד. ווי קליינע וווּרשטלעך, רויטע ווי פייער, הענגען די ווערימלעך אין דעם גרויסן ווענטילאַציע־גאַנג פון דער לופט־רער און פאַרשטאָפּן טיילמאָל אַזוי דעם גאַנצן קאַנאַל, אַז דער פויגל ווערט דערשטיקט. צי האָבן די דאָזיקע ווערים מורא, אַז די לופט, וועלכע שפּאַצירט אומאויפהערלעך אין זייער היים, קאָן זיי צעשיידן, אָדער צי האַלטן זיי בכלל אַזוי שטאַרק פון דער ליבע: אַלנפאַלס, געפינט מען דעם „ער“ תמיד צוגעקלעפּט מיט דער געשלעכטלעכער עפענונג צו דער געשלעכטלעכער עפענונג פון דער „זי“. דו האָסט פאַר זיך אַ חיה, וועגן וועלכער מען קאָן מיט ווייניק גוזמא זאָגן, אַז זי לעבט אין „אייביקער באַהעפטונג“. עס פעלט נאָר, דאַכט זיך, איין שריט, און די געשלעכטער וואַקסן זיך צונויף און פון ביידע ווערט צוזאַמען אַ טאָפּל־געשלעכטלעכער הערמאַפראַדיט, וועלכער וואָלט שוין אָבער צוליב דעם באַקאַנטן געזעץ נישט געקאָנט זיך אַליין באַפרוכטיקן און וואָלט זיך געמוזט זוכן אַן אַנדערן אַנדרוגינוס. באַהאַלט אין זכרון דעם דאָזיקן אויסטערלישן פאַל, מיר וועלן נאָך שפּעטער ווידער אַהער זיך אומקערן.

זשאַבעס צווישן שליים און ווערן די פֿאַרשיידנטשלעכסטע חואַבדימים־פֿיגורלעך פֿון דעם פֿריערדיקן מין.

די העכסטע וווּנדערלעכע פֿאַרוואַנדלונג, ביי וועלכער איין זאַך באַשטייט תמיד פֿון שטאַרקע געפֿילטע „ער"ס און „זי"ס, דאָס אַנ־דערע דאַקען פֿון הערמאַפֿראָדיטן מיט ביידע מיילן אויף איין און דעמזעלבן קערפּער, און ערשט דאַן דריטע ווידער פֿון „ער"ס און „זי"ס, רעכנט זיך דער פֿאָרשער צו דער אַזוי גערופֿענער „העטע־ראָגאָניע".

אפשר וועסטו דיר אָבער נעמען אין זין אַריין דעם חואַבדימים זאָל נאָך צוליב אַ באַזונדערער סיבה. ווען פֿרומע נשמות וועלן איר אָנהייבן אַביסל צו התלהבותדיק און אַביסל צו לייכטזיניק פֿאַרצושטעלן, ווי די נאַטור איז אויפֿגעבויט אויף דער ליבע אין זין פֿון דער זאָרגנדיקער גוטסקייט. ווען מ'וועט דיר אָנהייבן פּרעדיקן אַז יעדער קלענסטע ווערימל לויבט די ליבע פֿון דעם, וואָס האָט עס באַשאַפֿן. דעמאָלט זאָל פֿאַר דיר אויפֿטויכן די געשטאַלט פֿון דער אָרימער קליינער חואַבדיטים אין שליים־גרונט ווי זי הדיים זיך פֿאַר יסורים אַלס קאַניבאַל־סעודה פֿון אירע אייגענע קינדער...

איך האָב דיר פֿריער אַמאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז איך אַליין גלויב ביי זיך טיף אין האַרצן, אַז די „ליבע" קאָן אויך אונדז אין אַ גאַנץ באַשטימטן זין ברענגען צום יסוד פֿון דער וועלט. אַז מיר וועלן אין איין שיינעם טאָג פֿאַרשטיין, ווי דאָס דאָזיקע וואָרט, גאַנץ רעאַליסטיש גענומען, איז אונדזער טיפֿסטער סימבאָל: דער סימבאָל דערפֿון, ווי אַזוי סיוועט אויסגעהאַלטן די שווערסטע צעשיידונג, די טרויעריקסטע איזאָלירונג פֿון אינדיווידואום, דער סימבאָל פֿון דעם שמייכלענדיקן טויט, וועלכער איז באמת גאָר נישט קיין טויט, נאָר אַן אַנטוויקלונג... מיר באַדאַרפֿן דאָך נאָר איצט מיט דעם געדאַנק, מיר פֿילן עס נאָך נישט, אָבער דאָס קאָן קומען, גאַנץ זיכער. אומענדלעך ווייט וועט אָבער שטיין אַזאַ פֿאַרלייקענונג פֿון טויט פֿון די אַלטע געשפּענסטער, וועלכע זענען נאָך איצט דאָ צווישן אונדז ווי זאַמד אויפֿן ברעג פֿון ים. אויך דער גלויבן, אַז די נאַטור איז אין פּשוטן זין נעמרינדסטע אין איינ־געאָרדנט געוואָרן אויף דער פֿיינקייט פֿון דער העכסטער מענטש־

וויבלעכער, נאָר עס העלפֿט אים צו אויך גאַנץ באַזונדערע זייער נוצלעכע באַהעפֿטונגס־אַפּאַראַטן. זייער אָפֿט האָט דער „ער" אַ פּאָר פֿעסטע שטעק־כאַפּערלעך, וועלכע ליגן געוויינלעך באַהאַלטן אין אַ באַזונדערן טאַש און ווערן נאָר ביי אַ נויטווענדיקייט אַרויסגערוקט. טיילמאָל צעשפּרייט זיך אויך די גאַנצע געשלעכטלעכע עפֿענונג פֿון דעם „ער" און נעמט אַרום די „זי", ווי אַ זויג־גלאָק.

קוים אָבער איז ביי אונזער רהאַבדיטיס דער גאָלדענער ליבע־מאָמענט אַוועק, הויבן זיך אָן אין קערפּער פֿון דער „זי" צו באַווייזן סימנים און וווּנדער פֿון געפֿערלעכסטן מין. ווי אַלע פּאָדים־ווערים, האָט אויך די רהאַבדיטיס־„זי" אין איר בויך אַ פּרוכט־האַלטער, וועלכער האָט אין זיך איצט נאָך דעם פֿאַרענדיקטן ליבע־אַקט, באַפֿרוכטיקטע אייער. עס דויערט נישט לאַנג, און פֿון די אייער ווערן יינגע קליינינקע רהאַבדיטיסלעך, וועלכע וואָלטן שוין געקאָנט אַליין פֿריי אַרויסקריכן אין שליים. דאָס געשעט אָבער נישט. ניי זענען אין דעם פּרוכט־האַלטער נישט פֿיל, העכסטנס פֿיר צומאָל אַפֿילו נאָר איין איינציקס. אָבער זיי ציען זיך אויס, וויקלען זיך פֿאַנאַנדער, טוען אַ ריס איבער די הויט פֿון פּרוכט־האַלטער, און — איצט ווערט נישט היימלעך.

דאָס הייסט, פֿאַר דער מוטער. די קליינע וואָרעם־פּעליקאַנען הייבן אָן צו פֿרעסן, צו פֿרעסן אין בוכשטעבלעכן זין פֿון דעם וואָרט די געדערים פֿון זייער אייגענער מוטער. און זיי רוען נישט איין פֿריער, ביז די מוטער רהאַבדיטיס איז אויפֿגעפֿרעסן ביז צו דער הויט און סיבלייבט פֿון איר נאָר אַ ליידיקע, טויטע הילע אַרום אירע מערדערישע קינדער...

נאָך אַ ווײַלע ווערט אויך די מוטער־הויט צעריסן און די יונגע רהאַבדיטיסלעך לאָזן זיך אַרויס אין דעם שליים. זיי זענען דאַן נאָך געשלעכטלאָז, און עסן זיך קודם כל אַריין אין די לונגען פֿון אַ זשאַבע. אַלס פּאַראַזיט־חיות פֿון אַ גאַנץ אַנדערער געשטאַלט לעבן דאָ די ווערים אַ לענגערע צייט און אַנטוויקלען יעדערס ביי זיך ביידע געשלעכטלעכע טיילן אויף איין און דעם זעלבן קערפּער, להיפּוך די פֿאַרשידן־געשלעכטלעכע עלטערן. און ערשט זייערע יונגע וואַנדערן אַרויס דורך די געדערים פֿון דער

נאָר ס'איז געווען אַזוי לאַנג, אַז זי איז תמיד געווען אויף אַ מײַל פֿאָרויס און איז איינמאָל אָנגעקומען מיט צוויי שעה פֿריִער פֿאַר אים צום שטאָט־טויער און איז אַרעסטירט געוואָרן, ווײַל זי האָט נישט געהאַט בײַ זיך קיין פּאַס.

אַלץ קלענער און קלענער פֿאַרלירט זיך די מוטער, פֿאַרשווינדענדיק אונטער דער לאַסט און שווערלעכקייט פֿון פֿעגאָמען. נאָך אַ ווײַלע: און זי פֿאַלט אָפּ, ווי אַן איבעריק מיקראָסקאָפּיש אויסגעטרוקנט רעשטעלע פֿון איר אייגענעם ווילד־אויסגעוואַקסענעם אָרגאַן, און אין דער בין פֿאַלט אַרײַן, ווי אַ רײַפֿע אַרבעס־שויט, דער קאָלאָסאַלער געשלעכטלעכער אָרגאַן מיט אַ פֿרישן פֿריילעכן געווימל פֿון נאָר וואָס אויסגעפּיקטע ייִנגע ספּערמאַטאָזאָ־ווערים־לעך...

**א**בער דאָס אַלץ איז ווידער נאָר אַהב. דער אייגנטלעך ווילדער פֿאַל, צוליב וועלכן איך האָב דיך אַרײַנגעפֿירט אין דער דאָזיקער געזעלשאַפֿט, איז דער פֿאָדים־וואָרים פֿון יענעם מין, וועלכן דער זאָאָלאָג רופֿט אָן מיטן נאָמען ר ה אַ ב ד י ט י ס (רהאַבדאָס הייסט אויף גריכיש אַ שטעקן); זײַן אייגענער נאָמען איז די ש וו אַ ר ץ־אָ ד ע ר י ק ע (ניגראָווענאָזאַ) רהאַבדיטיס.

די רהאַבדיטיס־„ער“ און רהאַבדיטיס־„זי“ געפֿינט מען אין אָנהייב שטאַרק פֿאַרשידן־געשלעכטלעך און שליים אין זייער אַ קליינער גרוים: דער „ער“ איז אַ האַלבן מילימעטער, די „זי“ כמעט אַ גאַנצן מילימעטער לאַנג. זיי געפֿינען זיך גיך און ליבן זיך שנעל, אַלץ אין ווײַכן שליים, אַלס פֿרײַע, אַבסאָלוט נישט פּאַראַזיטישע וועלטבירגער.

בײַ דעם דאָזיקן גאַנצן פֿאַלק פֿון די פֿאָדים־וואָרים איז דער באַהעפֿטונגס־אַקט זייער באַגרוועם אײַנגעאָרדנט. די גרעסערע „זי“ האָט איר געשלעכטלעכע עפֿענונג אומגעפֿער אינמיטן פֿון קערפּער, דער קלענער „ער“ האָט די דאָזיקע עפֿענונג אין עק פֿון קערפּער צוזאַמען מיט דעם הינטערשטן אַרויסגאַנג. צום געשלעכטלעכן אַקט ווערט אָבער נישט נאָר די מענלעכע עפֿענונג צוגעשטריקט צו דער

זי וועט דאָרט אײַנווייניק אַפּלייגן אירע אייער, טראַכטסט דו. און סזעט אויס, אַז זי אַליין טראַכט אויך אַזוי. נאָכדעם, ווי זי האָט זיך באַקוועם איינגעאָרדנט אין דער נייער היים, הויבט זי אָן אַרויסצודרוקן איר געשלעכטלעכן אָרגאַן דורך דער געשלעכטלעכער עפֿענונג מיט דער כוונה אויף אַזאַ וועג פּטור צו ווערן וואָס שנעלער פֿון דער באַפֿרוכטיקטער לאַסט. אָבער וואָס איז דאָס?

אַנשטאָט די באַפֿרוכטיקטע אייער זאָלן אַרויס און לאָזן די מוטער צו רו, ווײַזט גאָר אויס, אַז דער אַרויסגעדרוקטער אָרגאַן ווערט אַליין לעבעדיק.

ער ציט זיך אויס, וואַקסט, ווערט אָנגעשוואָלן, בלאָזט זיך אָן ווי אַ באַפֿרייטער באַלאָן, וואַקסט אַלץ מער אַרויס פֿון דער געשלעכטלעכער עפֿענונג און שלעפּט מיט זיך מיט דאָס מוטער־לייב און דעם אייער־שטאָק. דער רייז־טאָפּ פֿון מעשהלע! אָט איז ער שוין אַזוי לאַנג ווי די גאַנצע געפּייניקטע מוטער, אָט איז ער שוין לענגער, אָט איז ער שוין צווייטמאָל אַזוי לאַנג, דריימאָל, צענמאָל, אין דער זעלבער צייט וואַקסט ער אויך אין דער דיק, ער איז שוין פֿופֿציק מאָל אַזוי גרויס, הונדערט מאָל, טויזנט מאָל, אַן אומגעהויערע קישקע פֿון דער אומבאַגרייפֿלעכסטער גרויס, און ער וואַקסט נאָך אַלץ! ווי דאָס דאָרף אין רייז, אַזוי פֿאַרשווינדט די מוטער אונטער אים ווי אַ קליין בלעזעלע, ער איז שוין פֿופֿצן טויזנט מאָל אַזוי גרויס, און סגײט נאָך נישט קיין סוף. ער וואַקסט אויס צום סוף ביז העכער צוואַנציק טויזנט מאָל אַזוי גרויס ווי דער מוטערס קערפּער... דער געשלעכטלעכער אָרגאַן אַליין האָט זיך דאָ אין פֿאַרגלייך מיט זיין פֿריערדיקער גרויס פֿאַרגרעסערט אויף זעכציק טויזנט מאָל.

שטעל דיר עס פֿאָר מענטשלעך און טראַכט נאָר וועגן דער לענג. דאָס מוטער־לייב פֿאַלט אַרויס און וואַקסט אויף א מעטער, צען מעטער, הונדערט מעטער, אַ קילאָמעטער אין דער לענג... ביז עס שטייגט ענדלעך אַריבער (אויב צו רעכענען די גרויס פֿון מענטש, אויף אַנדערטהאַלבן מעטער) דרייסיק קילאָמעטער, ד. ה. פֿיל מער ווי די שטרעקע פֿון בערלין ביז פּאָטסדאַם. די רעד־מאָנבעט זיך די געשיכטע פֿון זשאַן פֿאַל: פֿון דעם הער, וועטנגס

אין אַ ברוינער שאָל, וועלכע שטעקט שטייף און טויט אין דער וואָרצל־הויט. און אין איין שיינעם טאָג פֿאַלט די האַרטע שאָל אַוועק, ווי אַ רייפֿע פּרוכט, פֿון דער ביבן־הויט, די יונגע ווערימלעך רייסן זיך דורך און ווימלען אַרויס פֿריי אין דער שוואַרצער ערד, זוכנדיק אַ נייעם ריבן־וואָרצל. די „ער"ס, וועלכע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון זייער היימישן ריב, זענען שוין דערווייל אויך לאַנג אומגעקומען. און צום סוף קומט נאָך אַלס לעצטער טייל פֿון דער טראַגעדיע דאָס אַלגעמיינע איינטרוקענען פֿון דעם גאַנצן גרויסן ריב, די „ריב־מידקייט": וועלט־אונטערגאַנג.

אין אַנדער קאַליידאָסקאָפּ־בילד. די ספּערולאַריאַ באָמבי. מיט קיין באָמבע האָט עס גאָרנישט צו טון, באָמבוס הייסט די ערד־בין. דאָס איז, הייסט עס, דאָס ערד־בין־ווערעמל.

דו קענסט דאָס פֿאָלקס־מעשׂהלע פֿון רייזטאָפּ, וועלכער איז פֿאַרכישופֿט געוואָרן צו קאָכן אַזוי לאַנג, ביז מען וועט אים נישט אָפּשטעלן דורך אַ צויבער־שפּרוך? דעם שפּרוך האָט מען פֿאַרגעסן, און דער טאָפּ האָט געקאָכט און געקאָכט אַזוי לאַנג, ביז דאָס גאַנצע דאָרף איז דערטרונקען געוואָרן אין דער זיסער רייז. די שרעקלעכע געשיכטע, וואָס איך וויל דיר דאָ דערציילן, דערמאָנט אָן דעם דאָזיקן מעשׂהלע, זי איז אָבער נאָך פֿיל ערגער. דער אָנהויב קלינגט אַפֿילו מילד, ווי אַ פֿרילינגס־אידיליע.

די יונגע ערד־בין־ווערימלעך האַלטן זיך אויף ווייט פֿון ערד־בינען, פֿון אַלעם גוטס און שלעכטס און רייז — אין דער ערד, ווערן האַרט ריף און ליבן זיך צווישן זיך. די באַהעפֿטונג קומט פֿאָר, די „זי" האָט זיך אירע באַפֿרוכטיקטע אייער אין לייב, און דער „ער" שטאַרבט. דאָ ערשט הויבט זיך אָן די ווילדסטע וואָלווערטיאַדע פֿון דער ווערים־וועלט.

די „זי" צוזאַמען מיט אירע אייער גראָבט זיך אַריין שטילער־הייט אין אַן ערד־בין־„זי", וועלכע האַלט זיך אויף ווינטער אין דער ערד, און באַזעצט זיך טיף אינעווייניק אין לייב פֿון דער ערד־בין.

די וואָרצלהויט און דער שפּיץ פון דער ציטרין רופט זיך אַרויס אינדרויסן. אין אמתן איז דער פּיטעמדיקער שפּיץ דער לעבעדיקער זינטערטייל פון דעם וואָרים. אין אים באַווייזט זיך אַן עפענונג. א געשלעכטלעכער טויער. א ווייבלעכער. דאָס ציטרין־חיהלע איז זיך גאַנץ אינדערטעמיל געוואָרן א „זי“. און אַזוי, מיט דעם הינ־טערטייל און דער געשלעכטלעכער עפענונג פריי אינדרויסן, וואַרט עס אומבאַוועגלעך אויף דעם, וואָס דאַרף ווייטער קומען.

און דאָס, וואָס דאַרף קומען, לאָזט אויף זיך לאַנג נישט וואַרטן. נישט אַלע ריבן־וואָרצל־רייזנדע זענען געוואָרן ווייבלעכע ציטרינען. א טייל האָבן זיך. נאָכדעם ווי ער האָט דערגרייכט די באַקאַנטע פלאַש־פאָרם, גלייך פון אונטן אַרויסגעצויגן פון זיין אינעווייניקער פלאַש־הויט, ווי א וווּרשט, וואָס קריכט אַרויס פון דער אינעווייניקער הויט. ווידער א דין פאָדים־וועריםל, איז אָבער יעדער איינער פון די דאָזיקע אומרויִקע נשמות נאָכן בייטן די הויט געוואָרן „מאַן“, מיט אַן אמתן מענלעכן געשלעכטלעכן אָרגאַן. און איצט, באַוויזנדיק די דאָזיקע נייע קראַפט, ווערט דעם טייל באַמת נמאס דער אַלטער ריבן־וואָרצל: די פריש־געבאַקענע „מענער“ שטעכן דורך די וואָרצל הויט, קריכן אַרויס אויף דעם דאַך פון זייער געפענגעניש און קלעטערן אויבן אַרום, געטריבן דורך דער אַלטער סודותפולער עדאַ־מישער „צוציִונג“, און זוכן ליבנדיק דאָס „אייביק־ווייבלעכע“. עס ליגט פאַר זיי אָנגעגרייט אויפן וועג: אומעטום שטעקן אַרויס די ציטרין־„פּרווען“. שנעל איז די געלעגנהייט אויסגענוצט.

עס איז אָבער נאָר א צו קורצע באַרוישונג! „די בלום בליט אָפּ, די פרוכט מוז וואַקסן“.

קוים זענען אין דער ציטרין־„זי“ די אייער באַפרוכטיקט, הייבן אָן אַלע אירע אינערלעכע אָרגאַנען איינער נאָכן אַנדערן צו פאַרשווינדן. דאָס מוטערלייב פּלאַצט און וואַרפט אַריין די אייער גלייך אין בויך פון דער מוטער, דערפאַר פאַרשווינדן אָבער פון דאָרט די גדרים. און די טראַגעדיע פון דער מוטערשאַפט גייט שנעל פאָרויס: נאָך האָבן זיך פון די אייער נישט אויסגעפּיקט קיין נייע ווערימלעך, און די גאַנצע „מוטער“ איז שוין פאַרוואַנדלט

ניט, מיט לעבן, ליבע און טויט, — אַלץ אויף דעם חוט פֿון אַ בתּכשיטל פֿון אַ ריב.

אין געוויינטער שמאַרקער קראַפֿט וואַקסט דער ריב אין ערד־פֿרתּם. אין זיינע דינסטע וואָרצל־עקן בויערן זיך אָבער אַרײַן קליטינקע זועדימלעך, וועלכע דערגרייכן נישט אַפֿילו קיין האַלבן מילימעטער אין דער לענג, מיט אַ שפּיציקן שטאַכל, וועלכער איז אין דערזעלבער צייט אַ זויג־רערל. לאַנגזאַם רוקן זיי זיך אַרויף אין דער זאַפֿטיקער קערן־מאַסע פֿון דעם צוקער־ריב. ווי דאָס קינד אין די לעקעך־בערג פֿון מעשׂהלע־בערגן זיי זיך דורך, גייען דורך דעם גאַנצן וואָרצל־קערפּער און געפֿינען זיך אין איין שיינעם טאָג, ווי אַ קאָלומבוס פֿון זייער גאַנצער פּלאַנעטע, האַרט ביי דער אויסערלעכער וואַנט, אויף דער גרענעץ פֿון אַ נייער וועלט. אַ לעצטער שטויס, און אויך די וואָרצל־הויט וואָלט געווען דורכ־געריסן און די טיר אין דער נייער, אויסער־ריבישער וועלט אויפֿגע־מאַכט.

אָבער גראָד איצט, אַזוי האַרט אויפֿן שוועל פֿון „ד ע ר וועלט" און „י ע נ ע ר וועלט", באַפֿאַלט די וועלט־רייזנדע אַ מאָד־נע אויפֿרעגונג און בענקשאַפֿט: נאָך אינעווייניק, אין דעם ריב טאַפּט זיי אַרום דער ליבע־טרוים. ביז איצט האָבן זיי גאָרנישט געהאַט אַזעלכעס, וואָס זאָל זיי שטויסן צו ליבע: קיין איינס איז נישט געווען מאַן אָדער פֿרוי, האָט זיי בכלל געפֿעלט יעדער סימן פֿון געשלעכטלעכע טיילן. אָבער איצט בייטן זיי פּלוצלונג די הויט: און פֿון דעם פּשוטן ווערימל ווערט אַ גאַנץ נײַ באַשעפֿעניש. האַרט צוגעדריקט צו דער אויסערלעכער וואָרצל־הויט, בלאָזט זיך יעדעס פֿון די קליינינקע לעבעדיקע פּערימלעך אָן און הויבט אָן צו פֿאַרמאָגן אַ קליין פֿלעשעלע. די פֿלעשעלעך ווערן וואָס אַ מאָל דיקער, און שוין הייבט זיך אָן איבער זיי אָנצובלאָזן די עלאַסטישע וואָרצל־הויט: עס זעט אויס, ווי דער אַלטער ריבן־קערפּער וואָלט געוואָלט פֿון זיך געבוירן אַ געשלעכט פֿון משונהדיקע יונגע ריבעלעך. און באמת: אַ טייל פֿון די פֿלעשעלעך ווערט אַלץ מער און מער אָנגעשוואָלן, ביז די פֿלאַש הייבט אָן אויסצוזעצן ווי אַ בייטיקע ציטרין, די ציטרין שטויסט און מיט אַ מאָל פּלאַצט

דאָ האָסטו דערגעבן דאָס ווייצן־זומערימל, וואָס האָט אַלס שלייערל אַן אמתע טומיען־אויסגעהאַלטנקייט: עס ליגט זיך יאָרנ־לאַנג אין טרוקענעם ווייץ, וואַרט, האָפט און לעבט איבער, ביז דער ווייץ וועט ענדלעך פאַרזייט ווערן, און עס וועט ווידער קאָנען אָנהויבן דאָס העכערע ליבע־לעבן אין די פרייע גאַנגען־קנאָספּן.

אָט איז די העמעראָדערע, דער אַזוי גערופענער „פּאַרים־וואָ־רים פון דער ריבן־מידקייט" — אַ וואָרעם, וואָס איז ערשט גע־שאַפן געוואָרן אין די זעכציקער יאָרן פון דעם לעצטן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען אַן אמתע פּלאָג פון דער לאַנדווירטשאַפט, וועלכע מען האָט געקאָנט פאַרגלייכן מיט דעם רוף פון די אַלטע לעגענ־דאַרישע צייטן: „די הונגער גייען". פון דער ערד איז ער דאָסמאָל געקומען, דער שרעקלעכער שונא. אומעטום האָבן די צוקער־ריבן אָנגעהויבן איינצוטרוקענען. עס האָט אויסגעזען, ווי די געטרייע ערד, וועלכע האָט זיי ביז איצט אויפגעהאַלטן, וויל זיי מער נישט שפּייזן. אַ רעוואָלוציע פון דער ערד קעגן די ריבן. דער באָדן איז אויסגעזויגט, האָט מען געזאָגט, ער איז „ריבן־מיד"; און די כע־מיקער האָבן אַרויסגעפונען, אַז דאָס פעלט אים דער קאַלי, וועלכער איז דורך דער לאַנגער ריבן־קולטור פון אים אַרויסגעצויגן געוואָרן. אַזוי זענען מיליאָנען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער קאַלי־מיסטי־קע פון באָדן, ביז איינער האָט ענדלעך אַנטדעקט דעם אמתן שולדיקן, אַ באַהאַלטענעם פּאַראַזיט אויף די ריבן־וואָרצלען. אַ וואָרים, וועמעס ליבע־דראַמאַ שפּילט זיך אָפּ אויף דעם קורצן וועלט־שפּאַן פון דער הויט פון ריב ביז צו זיין אינערלעכער מאַסע און ווידער ביז צו דער הויט.

דו, מענטש, לעבסט אין קאָסמאָס, דיין בליק זוכט די ווייטסטע שטערן, און די אומגעהויערע ערד הויבט דיר שוין אָן צו קליין צו ווערן. צו קליין איז זי שוין לאַנג פאַר דיין גייסט. זי איז שוין אָבער כמעט באַלד צו קליין אויך פאַר אַ פּשוטער חתונה־רייזע. דאָ אָבער האָסטו דעם וואָרים פון אַ צוקער־ריב, און אויף אַ ברוכ־טייל פון דעם דאָזיקן וואָרים אַ גאַנצן אויסערגעוויינלעך פאַרוויקלטן לעבנס־דראַמאַ, מיט דער העכסטער פרייד און ביטערסטער טרע־

לעבע פּאַניקע... גרויסאַרט... אַט... אָפּהאַרציק פּיאַנעט־קינד. אויך דאָ קומט צו אַ צווייטאָליקן אומגעשלעכטלעכן לעבן, צוויי מאָל טויט אַלס קרבן און הערסטע פּיין, אײַדער עס קומט אָן איינמאָל אין דער קייט די אמתע ליבע. נאָר דאָ קומט דער טויט פון דעם עלטערלעכן אינדיווידואום נישט בלויז צוליב אויסערלעכע אומשטענדן, וועלכע זענען נאָר פאַר דעם ייִנגן גינסטיק, ווי ס׳איז געשען די פאַרניכטונג אין דעם פּרילינגדיקן מיטאָג אָדער אין דער טאָגנך זויערקייט: דו זעסט דאָ, ווי די מוטער ווערט צעקוועטשט דורך אירע אייגענע קינדער און איר אייגענעם לייב און דורך זייער פאַר־וואַנדלט אין אַ פּשוטן טיפן שוידערטעם... דוכט זיך דיר נישט, אַז עס לאָזט זיך איבער דיר אַראָפּ דער טאַרימטער פּעליקאַן פון דער געטרייער קריסטלעך־מאַלערישער ליגענדע, וועלכע גיט די קינדער אויסצוזויגן דאָס בלוט פון זיין אייגענעם האַרץ?...

זיי גייען אפילו אזוי ווייט, די אָרימע ווערימלעך, וועלכע לעבן ביי דער מוטערס ברוסט, אין דעם דרייסטסטן זין פון דעם וואָרט...

איך האָב דיר געזאָגט: די מיטעלע, פאַרשפּרייטסטע שטופע פון דעם לעבן וואַרים־בלוטיקע נעמט אַרום, אַ חוץ אַנדערע אומ־צייליקע גרופּן, אויך די אַזוי גערופענע פּאַראַזיט־ווערים, צו וועלכע געהערט די טריכינע און דאָס עסיגווערעמל. אין דער נאָמען פון דעם העזיקן עסיגווערימל וועלן מיר זיך ווידער אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלן, כדי צו דערמאָנען דאָס באַרוואָרים־בילד.

ווען דו טוסט אַ שמעקל דיין עסיג־פלאַש אָדער, אַלס באַרוף־שריפטשטעלער דיין קלייסטער־טאָפּ, און הויבסט די אויף צו דער ליכט, כדי צו באַטראַכטן די איבערגעגערטע קליינינקע הבדלה־ליכט, וואָס האַלטן זיך דאָרט אויף און וואָס שרעקן זיך נישט נישט פאַר קיין זויערקייט, נישט פאַר קיין קלעפּיקייט, באַטריכסטו זיכער נישט, וואָס פאַר אַ העלדישער געשלעכטסשאַפט דו האָסט דאָ פאַר זיך, — אַ העלדישע אין יעגעם זין פון דער נאַיווער נאַטור, וועלכע איז אַזוי אומערשעפּלעך און אירע ליבעדראַמען.

אַ ם אַרויס. מיט דעם וואַכער וועט זיי איצט פֿאַרטראָגן חיים, אויף פֿאַרפֿלייצטע לאַגעס. אויף אַ גוטן אָרט, ביי וועלכן ס׳איז געשווינקם שטעלט מען זיך אָפּ. דאָס עקעלע ווערט אויסגעוואָרפֿן, אַ באַזונדער הדיזל פֿון קערפּער גיט אַרויס אַ קלעפּעדיקן שליים, וועלכער שאַפֿט זייער שנעל איינטרוקנדיק, אַ האַרטע שאָל אַרום דעם גאַנצן בריאהלע. איצט דאַרף מען וואַרטן. די שאָל שיצט פּונקט אַזוי גוט, ווי סיתאַם אַמאָל די באַבע באַשיצט דאָס איי. אָבער פֿריער אָדער שפּעטער, ווען דאָס גליק וויל, קומט אַ שעפּס און עסט אויף דאָס געוויקס צוזאַמען מיט דעם קליינעם איטעלע. די שאָל צעגייט, די לעבער־פּיאַווקע קריכט אַריין פֿון מאָגן אין די גע־דערים, פֿון די געדערים אין גאַל־גאַנג... דריי מאָל געראַסעוועט, די ערשטע פּאָזיציע איז דערגרייכט, דער שעפּס באַקומט די לעבער בפֿילעניש, און די ליבע אין גאַל־גאַנג שיקט אַרויס מיליאָנען אייער אויפֿבויי צו דער וואַנדערשאַפֿט.

דאָס איז דער ראָמאַן פֿון דער לעבער־פּיאַווקע. טראַכט אים דיר נאָך נאָכאַמאָל שנעל דורך „מענטשלעך“.

דו נעמסט אַ ווייב און געבוירסט מיט איר אַ קינד, וואָס איז אָבער צו דיר אין גאַנצן נישט ענלעך. אין אַ געוויסער עלטער זעצט פּלוצלונג דאָס קינד אַוועקפֿאַלן אויף פֿאַרדעכטיקע ווייען. אָן שום ליבע וואַקסן אין אים אינעווייניק אויף אין אַ מאָראַדיקער צאָל איינקלעך, וועלכע פֿרעסן עס צוגוויף אין אייגענעם לייב צו דער וואַגס אַזוי לאַנג, ביז עס בלייבט דערפֿון נישט מער, ווי די בלויזע הויט, וואָס הילט אַרום די בייזע חבֿרה. אינעווייניק אין די איינקלעך אָבער וואַקסן שוין ווידער נייע אור־איינקלעך, וועלכע צעקוועטשן די געדערים פֿון די איינקלעך, אַזוי אַז די לעצטע מאַכן אויף אַלע זייערע טירן, כדי פּטור צו ווערן פֿון דעם ווילדן אַנטיקעניש, ביז דער דאָזיקער גאַנצער שרעקלעכער קנויל פּלאַצט, און די אור־איינקלעך מוזן זיך אַ לאָז אַרויס מיט אַ גע־רויש אויף דער פֿרייער וועלט. זיי וואַקסן דערנאָך אויף אַלס נייע מענטשן, אַזוי ווי דו, וועלכע זוכן ווידער פֿרויען־ליבע מיט זייער וויסער אויך אַזוי ווי דו...

פּונקט ווי ביים באַנדוואָרים האָבן דאָ די קייט: געשלעכט

אויף אַ העכסט־געהיימניספולן אופן פון אומבאַפרוכטיקטע קעמערלעך, יינגע חיהלעך פון אַ לענגלעכער געשטאַלט, וואָס אַמאָל אַלץ מער און מער. ס׳דויערט נישט לאַנג, און זיי פילן אויס דאָס גאַנצע לייב פון אַלטן וואָרים, וועמענס אָרגאַנען ס׳ווערן פאַרשווונדן, די הויט ווערט אָנגעבלאָזן, די גאַנצע מוטער־חיה, אין וועלכער ס׳וואַקסט אויף דער שרעקלעכער דור, שטאַרבט אָפּ און ס׳בלייבט פון איר נאָר אַ גרויסע, אַרום און אַרום פאַרמאַכטע וואָרשט־הויט, אין וועלכער עס ליגט דערווייל גוט באַהאַלטן דער נייער וואָרים־דור אין דער געשטאַלט פון אַ קאָלאָניע קליינע לעבעדיקע וואָרשטלעך.

קרבן־טויט, ניי לעבן... דו דערוואַרטסט, אַז די קליינע וואָרשטלעך ווילן צו דער רעכטער צייט צערייסן די הויט און זיך לאָזן צו זייער אייגענעם לעבנס־ציל. זיי זענען נישט קיין בלויזע הוימן„ נאָר זעען אויס אינגאַנצן פיקס און פאַרטיק צו זיין צום אינדיווידועלן לעבן, מיט מויל און גלידערים, ווי ס׳האָבן עס געהאַט די ערשטע לעבער־פּיאַווקעס אין גאַל־גאַנג פון שעפּס, און אפילו מיט אַ באַזונדערער עפענונג אין לייב, וועלכע קאָן אָנווייזן אויף זייער מעגלעכקייט פון ריכטיקער ליבע און ריכטיקן אייער לייגן. אָבער זיי קריכן נישט אַרויס. נאָך ליגן די קליינע פּיאַווקע־וואָרשטלעך אָן באַוועגונג אין דער גרויסער הוילער מוטער־הויט, און שוין הייבט זיך אָן אין די לעבעדיקע, נאָר וואָס לעבנס־פּאַרטיק־געוואָרענע וואָרשטלעך צו באַוועגן אַ ניי לעבן. יינגע וואַקסן אין זיי אויס אויף דעם זעלבן געהיימניספולן אופן אָן שום געשלעכטלעכן אַקט; דאָס מאָל זענען עס גאָר קלייניקע פּיאַווקעלעך מיט אַ רודער־עקעלע, וואָס דערמאָנט כמעט אינגאַנצן אָן די קאָפּ־עקעלעך. און ווידער וואַקסן די ראָזיקע קליינע פון דריטן גראַד אויס אין אַזאַ צאָל, אַז די אָרגאַנען פון דער מוטער ווערן אינגאַנצן אומברחמנותדיק אויפגעגעסן אין דער זייט. אָבער די זאַך איז דאָס מאָל אויף אַזוי פיל גליקלעכער, וואָס די איינגעשלאָסענע יונגע געפינען אין דער העכסטער נויט אַן אָפענע נאַטירלעכע טיר. באַפרייט פון דער מוטער, שטעכן זיי אויך דורך די דערווייל אינגאַנצן פאַרטרוקנטע באָבע, ווימלען פריי אַרויס אין דעם שליאַם און דערנאָך אויך פון

מיט דער ליבע. אַלע טאָפּלט געשלעכטלעך, באַפּרוכטיקן זיי זיך, ווי די באַנדוואָרים, איינער דעם אַנדערן, און וואַרפן אַריין מיליאַר־נען באַפּרוכטיקטע אייער אין די געדערים פון שעפּס, פון וואַנען זיי קומען אַרויס אומגעשטערט צוזאַמען מיט די אָפּפאַלעכצן אויף דער פרייער וועלט.

דער שעפּס האָט איצט פאַר דער ליבע־געשיכטע זיינס געטון און קאָן גיין. דער רעגן וואַשט אָפּ די לאָנקע, אויף וועלכער יענע פאַבריק־אָפּפאַלעכצן זענען פאַנאַנדערגעוואָרפן: די פּיאַווקע־אייער פאַלן אַריין אין וואַסער, און פון דער געפּלאַצטער שאָל לאָזט זיך אַרויס אַ לוסטיקער קליינער עמבריאָ, אַ פּיאַווקע־שליידל, וואָס באַוועגט זיך פריי אין וואַסער מיט דער הילף פון אַ געדיכטן ראָק ווימפּער־האָר, און וואָס האָט אַפילו אַן אויג אויף צו געניסן פון דער ליכטיקער וועלט — אַ מעלה, מיט וועלכער די עלטערע לעבער־פּיאַווקע קאָן זיך נישט רימען און וועלכע זי דאַרף אויך גאָרנישט אין איר פינסטערן גאַל־לאַגער. דער דאָזיקער ליכטיקער פרייהייטס־טאַנץ איז אָבער זייער קורץ. דער ווימפּער־פּעלץ פאַלט אַוועק, און ווי אַן אמתער וואָרים קריכט דאָס פּיאַווקעלע אַריין אין לייב פון איינעם פון יענע טייך־שלימאַקעס פון דעם מין לימנעוס, וועלכע מיר געפינען אומעטום אין שליים פון אונזערע טייכן. דו פאַר־שטייסט שוין, וואָס עס געשעט ווייטער: עס ווערט, פּונקט ווי ס׳איז פאָרגעקומען ביים באַנדוואָרים, דערפון אַ „פינע“. אָבער זי מוז דאָך ווידער אַריין אין שעפּס. און שעפּסן עסן דאָך נישט, ווי באַקאַנט, קיין טייך־מושעלן. די זאַך אָבער אַנטוויקלט זיך דאָ נאָך פיל ראַפינירטער.

ווי נאָר ער קומט אַריין אין שלימאַק, הויבט אָן מיט אונזער וואָרים פאָרצוקומען אַ משונהדיקע זאַך. אויב זיינע עלטערן האָבן פריער באַדראָט די כעמישע פאַבריק פון שעפּס, הויבט זיך אין אים אַליין איצט אָן צו באַמערקן עפּעס אַזעלכעס, וואָס ווירקט ווי אַ נעכעזים. קיין אייגנטלעכע ליבע־פרייד איז עס זיכער נישט, ווייל ער דאַרף גאָר דערצו נישט קיין אָרגאַנען. און קיין פרייד איז עס, ווי מען קאָן פאַרשטיין, מסתמא איבערהויפּט נישט.

אין זיין לייב הויבט זיך אָן אַ באַוועגונג; עס וואַקסן אַרויס

קרענק"; בילהאַרץ איז געווען אַ דײַטשער דאָקטער אין עגיפּטן, און נאָך אים הייסט די משונהדיקע בריאה „בילהאַרציאַ".

אָבער דאָס איז אַלץ נאָך אײַנפֿאַכלעך נישט געווען דאָס, וואָס איך האָב דאָ געוואָלט צוגעבן צום פֿאַל „באַנדוואָרים".

דו מוזסט ווידער אַרײַן אין דער קאָנסטרפֿולער כעמישער פֿאַבריק פֿון אַ באַרדייעדיקן קערפּער, דאָסמאָל פֿון שעפּס. אַ באַזונדער וויכטיקע אָפּטיילונג פֿון דער דאָזיקער פֿאַבריק הייסט די לעבער. דאָ ווערט דעסטילירט זייער אַ טײַערער עקסטראַקט, וועלכן די גאַנצע פֿאַבריק דאַרף אומבאַדינגט האָבן: די גאַל. און עס פֿון דער דאָזיקער אָפּטיילונג ליגט אַ גרויסער רעזערוואַר פֿאַר דעם דאָזיקן עקסטראַקט, דער גאַלבלאָז, און פֿון דער אָפּטיילונג, ווי אויך פֿון דעם דאָזיקן רעזערוואַר פֿירט אַ באַזונדערער פֿאַרבינדונגס־קאַנאַל צום הויפּטזאַל, ווו עס אַרבעטן די פֿאַרדײַאונגס־אַפּאַראַטן: דער גאַלגאַנג, וועלכער ענדיקט זיך אין די געדערים.

דאָ, אין דער דאָזיקער וויכטיקער רער פֿון דער פֿאַבריק, האַלט זיך אויף די לעבער־פּיאַווקע, אַ פּלאַטוואָרים, וועלכער איז דאָ, נאַטירלעך, פּונקט אַזאַ רויבער און אומגעבעטענער מיטעסער, ווי דער באַנדוואָרים אין דײַנע געדערים.

די לעבער־פּיאַווקע איז אַפֿילו זעלבסטשטענדיקער ווי דער באַנדוואָרים: זי האָט נאָך איר אייגן מויל און געדערים. דערפֿאַר איז זי אָבער פֿאַר דער פֿאַבריק, אין וועלכער זי האָט זיך אַרײַנגעשמוגלט, נאָך געפֿערלעכער: זי זויגט נישט גאַל, נאָר דירעקט לעבער־בלוט און באַשעדיקט די ווענטלעך פֿון קאַנאַל. די דאָזיקע פּאַראַזיטן זאַמלען זיך צונויף מחנותווײַז אויף איין אָרט, רופֿן אַרויס פֿאַרשטאָפּונגען, אָנצינדונגען, אָפּקרעפֿטיקונג פֿון גאַל־אַפּאַראַט און דערפֿירן סוף כּל סוף די גאַנצע פֿאַבריק צום באַנקראָט: די שעפּסן שטאַרבן אויף דער אַזוי גערופֿענער לעבער־פֿוילעניש.

אָבער כּל זמן דער שפּײַזשטאָף רינט זיי נאָך אין מויל אַרײַן, קוויקן זיך די לעבער־פּיאַווקעס דערווײַל בײַם געדעקטן טיש אויך.

טאַפּט דעם צווייטן מיט אַ קליינעם זויג־לאָך פון זיין בויך אָן אַ קליינעם צאַפּן, וועלכן יעדער אייגער פון זיי האָט אויפן רוקן; זיי זעען זיך אַזוי אַרום צונויפגעוואַקסן ווי אַ סיאַם־צווילינג און זעען אויס פון איצט אָן ווי איין חיה. איצט ערשט, אַלס „טאָפּלט־חיה" ווערן זיי געשלעכטלעך־רייף: יעדע העלפט באַקומט אַ מענ־לעכע, אי ווייבלעכע אָרגאַנען. דאָס געזעץ קעגן דער זעלבסט־פרוכפערונג פאַרלאַנגט אָבער, אַז די חיה זאָל זיך נישט אַליין באַפרוכטיקן. כדי צו דערפילן דאָס דאָזיקע געזעץ דינט טאַקע באַשיינפערלעך יענער פאַרשפּיל, אין וועלכן זיי כאַפּן זיך אַזוי האַרציק אַרום, אַז זיי ווילן זיך מער נישט אָפּלאָזן. כדי אָבער די זאַך אינגאַנצן צו זיכערן, וואַקסן צונויף ביי דעם קינסטלעכן סיאַמישן צווילינג־פּאָר די ווייבלעכע אָרגאַנען פון איינעם מיט די מענלעכע זוימען־אָרגאַנען פון אַנדערן. אַזוי אַנטשטייט אַ בריאה, וועלכע באַפרוכטיקט זיך, ווי מען קאָן אין פלוג מיינען, אַליין אין געשלאָסענעם, איינהייטלעכן ליבע־אַקט; באמת לעבן אָבער אין דעם דאָזיקן אָרגאַניזם צוויי אינדיווידואומס, וועלכע קרייצן זיך געשלעכטלעך... אַ ווילדער ראָמאַן, אַן עראָטישע טאָפּלט־חיה מיט פיר געשלעכטלעכע טיילן, וועלכע באַפרוכטיקן איינער דעם אַנדערן אין דעם טאָפּלטן קערפּער...

אַט איז אַן אַנדערער, נאָנט־קרובישער פּלאַטוואָרים, וועלכן מ׳האָט אַמאָל גאַנץ ריכטיק גערופן דער גינעקאָפאָרוס, אָדער דער ווייב־טרעגער. ער איז נאָך איינגעשלעכטלעך, אָבער צו־ליב זיכערקייט בלייבט די „זי" אויף אייביק ביים „ער" און האַלט זיך אויף ביי איר באַשיצער אין אַ באַזונדערן באַהעלטעניש אויף זיין בויך, אַזוי אַז מען קאָן כמעט זאָגן: דער „ער" שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין קענגורו, וועלכער טראָגט אַליין זיין געליבטע, ווי אַ יונג חיהלע אין בייטל. די דאָזיקע געטרייע חיה האַלט זיך אויף באַשטענדיק ווי אַלע פּאַראַזיט־וואָרים, אין דעם אורין־פענכער פון די נעגערס אין אַפריקע און רופט ביי זיי אַרויס געוויסע שווערע בלוטונגען, וועלכע זענען באַקאַנט אונטערן נאָמען די „בילהאַרציאַ־

אַלע באַקאַנט; דער רעגנוואָרים און די פּיאַווקע. און אַזוי קאָנסטו דיר איצט ווייניקסטנס אין איינעם אָדער צוויי ביישפּילן פאָרשטעלן אַלע דריי הויפּט־גרופּן פון דעם ווערים־געשלעכט; דאָס איז פאַר אונזער צוועק אינגאַנצן גענוג.

איך וויל נאָר פריער נאָך איינס באַמערקן: אַ גאַנצע מענגע חיות, וועלכע דו רופסט געוויינלעך אָן מיטן נאָמען „וואָרים“, די אַלע חברה־לייט אין דעם פוילנדיקן פלייש, אין „לעבעדיקן“ לימבורגער־קעז, אין „ווערמיקע“ עפּל זענען בכלל, זאָאָלאָגיש גערעדט, גאָר קיין ווערים נישט: דאָס זענען שלייערלעך אָדער אומאַנטוויקלטע יוגנט־פאָרמען פון אינזעקטן; און ווען דו באַטראַכטסט אַזוי אַ געוויסע צייט אַ קעז־„וואָרים“, אָדער אַ פלייש־„וואָרים“, זעסטו, ווי ער פאַרוואַנדלט זיך ענדלעך אין אַ פליג, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אומענדלעך העכער־אַנטוויקלטע חיה, ווי אַ וואָרים. די פאַרפירערישע וואָרים־געשטאַלט פון די דאָזיקע אינזעקט־שלייערלעך באַווייזט נאָר (מיט דער הילף פון ביאָגענעטישן גרונד־געזעץ), אַז די דאָזיקע אינזעקטן האָבן אַמאָל דורכגעמאַכט געשיכטלעך די פאָרם פון וואָרים.

מיר בלייבן אָבער נאָך אַ ווײַלע ביי די פלאַטוואָרים, ד. ה. גאַנץ אונטן. משונה־ווילדע ליבע־געשיכטעס איז נאָך דאָ פאַראַן גענוג.

דאָ איז די טאָפּלט־חיה אָדער דער דיפּלאָצאָאָן, אַ קליינע אויסטערלישע בריאה, וועלכע לעבט ווי אַ פּאַראַזיט אויף די זשאַבערס פון קאַרפּן. שטעל דיר פאָר, נאַטירלעך שטאַרק פאַרקלענערט, צוויי אוגערקעס, וועלכע זענען זיך צונויפגעוואַקסן קרייץ־אַרטיק. יעדע אוגערקע איז אייגנטלעך אַ וואָרים פאַר זיך. יעדער איינער האָט נאַקעט אויך מיט אַ ווײַלע פריער אינגאַנצן זעלבסט־שטענדיק אַרומגעוואַנדערט. דעמאָלט האָט ער נאָך נישט געהאַט קיין שום סימן פון געשלעכטלעכע טיילן. און דאָך האָט אים איינמאָל אַרומגעכאַפּט אַ משונהדיקער פאַרלאַנג. ער האָט זיך צונויפגע־באָרט מיט אַ צווייטן פון זיין מין. יעדער איינער האָט אָנגע־

שוין אַביסל די חוט־השדרהדיקע חיות, ד. ה. זיי גיבן אַן אָנ־דייטונג אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג צום מענטש, וועלכער האָט זיכער אַמאָל געמוזט דורכמאַכן געשיכטלעך אויך דעם דאָזיקן וואָרים־וואַלד. נעבן יענעם ריז זעסטו דעם קליינינקן, אינפוזאָריע־ענלעכן קאָרליק אין דער געשטאַלט פון דעם מיקראָסקאָפּישן ר ע ד ל־ח י ה ל ע. אַלס משונהדיקע נעבן־מינים זעסטו די מ ע ך־ח י ה ל ע ך, וועלכע בילדן פּונקט ווי די קאָראַלן קאָלאָניעס, די מושלדיקע אָ ר ע ם־פּ י ס ל ע ך, וואָס לעבן אין הילצערנע טעשעלעך, וועלכע זיי מאַכן זיך אַליין, און די מ אַ נ ט ל־ח י ו ת אָדער אַ ס צ י ד י ע ן, וועלכע זענען אויך נענטער ווי די אַנדערע ווערים צו די חוט־השדרה־דיקע חיות. אַלס פּראָפּאַן קאָנסטו, ווי איך בין במעט זיכער, פון דעם דאָזיקן ווילדן פאָלק פאַקטיש נאָר איין איינציקע גרופּע, דהיינו אייניקע פאָדעם־ווערים: דאָס איז די מענטשנפּריינטלעכע טריכינע, דער שפּול־וואָרים, וועלכער לעבט אויך ווי אַ פּאַראַזיט אין דיינע געדערים, דאָס עסיק־ווערימל, וואָס מאַכט אַ לעבן אין דיין פלאַש. דאָס זענען אַלץ, ווי געזאָגט, אמתע ווערים פון „מיטעלן שטאַנד".

און איצט טייל דיר אָפּ נאָך אַ דריטע גרופּע, די „ר י נ ג ל־ו ו ע ר י ם". אייגנטלעך שטייען זיי שוין אַביסל העכער פון דעם דורכשניטלעכן ווערים־טיפּ. דו טאָרסט נישט פאַרגעסן, אַז פון די אמתע ווערים שטאַמען געשיכטלעך אָפּ אַלע העכערע חיות־גרופּן: די מושעלן, די שלימאַקעס, די טינטנפיש, די ים־שטערן און ים־נאָדל־חיהלעך, די ראַקעס, שפּינען און אינזעקטן, די פיש, אַמפיביעס, רעפּטיליען, פויגל און זויגחיות (ד. ה. אויך די שפּע־טערע נאָנטע מענטשן־קרובים). דערביי זענען נאַטירלעך, אויך גע־ווען איבערגאַנגס־גרופּן, וועלכע זענען נאָך נישט אינגאַנצן אַרויס פון וואָרים, אָבער נישט אינגאַנצן געווען מיט אים. אַזאַ איבער־גאַנגס־גרופּע בילדן, לויט דער מיינונג פון דעם גרעסטן טייל פאָר־שער, די רינגל־ווערים; זיי ציען זיך פון די אמתע ווערים אַרויף במעט ביז צו די קרעבסן און אינסעקטן. אַנדערע ווילן זיי נאָך אַ חוץ דעם פאַרבינדן מיט די אור־עלטערן פון די חוט־השדרהדיקע חיות; דאָס איז זיי אָבער ביז איצט נישט אינגאַנצן געלונגען. יעדנ־פאַלס געהערן אַהער גראַד די „ווערים", וואָס זענען דיר מער פון

נאָכדעם ווי דו האָסט זיך איצט באַקענט מיט דער אָפּ־פּרוּב־פּערונג אויף אַ גרויסן ביישפּיל, קאָן איך דיר איצט צו דעם לעצטן געדאַנק צולייגן נאָך אַ פּאָר ליבע־געשיכטעס, וועלכע דריקן נאָך קלאָרער אויס דאָס פֿאַרהעלטעניש צווישן מוטער צו קינד.

מיר בלייבן ביי די ווערים.

איך קאָן דיר דאָ נישט פֿאַנאַנדערוויקלען דעם גאַנצן ווערים־סיסטעם. דאָס איז אַ פֿאַרצווייפֿלט־שווערע זאַך. די זאָאָלאָגן אָפּ־פֿערן זיך אַליין שטאַרק דעריבער, און שוין מיט אַ צייט צוריק האָט דער דיקער קאַרל פֿאָגט פֿון גענף געזאָגט, אַז עס איז כמעט דאָס גלייכסטע זיך אויפֿצוהערן דאָ צו פֿאַרנעמען מיט דער גאַנצער סיסטעמאַטיק און זיך צו איינינקן אויף דעם פּערז פֿון בוש, אַז „דעם וואָרעמס לעבן איז פֿאַרשידן“. דעריבער נאָר צוויי ווערטער צו דער נויטיקסטער פֿאַרשטענדיקונג. צעוואַרף דיר די ווערים אין קאָפּ גאַנץ איינפֿאַך אויף דריי גרופּן.

אין איין גרופּע זאָלן זיין די פּ ל אַ ט ו ו ע ר י ם. אהער געהערן די באַנדווערים אַליין. די דאָזיקע גרופּע שטייט אויפֿן טיפֿסטן שטאַפּל: זי האָט זיך וואַרשיינלעך אַנטוויקלט דירעקט פֿון יענער אור־כאַנקטיה, פֿון דער גאַסטרעאַ, דעם טייל מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער גרופּע האָבן, ווי דו האָסט עס געזען ביי די באַנדווערים, שפּעטער ווידער ביי זיך אָפּגעשאַפֿט דעם באַקומענעם מאָגן.

פֿון די פּלאַטווערים האָבן זיך דאַן געשיכטלעך ערשט אויפֿגעבילדעט די מיטעלע ווערים־קלאַסן, אַ ריזן־גרופּע פֿון די פֿאַרשידנסטע געשטאַלטן. אַלס אַן איבערגאַנגס־גרופּע פֿון די אמתע פּלאַטווערים האָבן דאָ די ש נ ו ר ו ו ע ר י ם, ביי וועלכע סוזענען פֿאַראַן ריזן פֿון זיבן און צוואַנציק מעטער לאַנג. דאַן גייען די פֿ י י ל ו ו ע ר י ם, פּ אַ ד י ם ו ו ע ר י ם און ק ר אַ צ ו ו ע ר י ם, ש ט ע ר ן ו ו ע ר י ם און א י י כ ל ו ו ע ר י ם; די לעצטע דערמאָנט

מאַגן־זויערקייט — אַלץ, כדי דער קאָפּ־באַנחוואָרים זאָל זיך אריינקריגן אויף זיין באַשטימונגס־אָרט, אין די מענטשלעכע געדערים.

אמת, איין דור לעבט און לעבט זיך ווייטער, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, וואָס קומט פאָר מיט זיינע קינדער און אייניקלעך: דאָס איז דער קאָפּ־באַנחוואָרים. ער זיצט ביים קוואַל פינף, צען, אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן, ווי מען זאָגט, אפילו צוואַנציק יאָר, לאָזט פון זיך אַרויסוואַקסן אַלץ נייע און נייע דורות און זאָרגט זיך נישט וועגן זיי, — אַ פּאַטריאַרך, אָן וועלכן דער טויט האָט ווייזט אויס, גאָר פאַרגעסן. יערשט ווען זיין מענטש שטאַרבט, כאַפּט אים דער הונגער־טויט. און דאָך איז גראָד ער נאָר אַ באַשעפעניש פון צווייט גראַד, אַן „אַם", וועמען ס'איז אינגאַנצן פרעמד די הויכע ליבע, די ליבע פון „דו" און „דו"...

אייניקל... אורא־אייניקל א. א. וו. באַלד אָבער נישט אינגאַנצן.
אין אונזער בילד האָט זיך די זאַך פאָרגעשטעלט אומגעפער אַזוי:
פאָטער... אומגעלעבטער זון... נאָך־קינד... אייניקל־קינד... געלעבטער
זון. דער זאָאָלאָג פירט אַריין ביים באַנדוואָרים דאָס וואָרט „אם“.
ער ציילט: אמתער באַנדוואָרים־פאָטער (דאָס זענען די
פאַרקייטלטע באַנדוועָרעם אין די מענטשלעכע געדערים), גרויס־
אם (דאָס איז די פינע), אם (דאָס איז דער קאָפּ־באַנדוואָרים אין
די מענטשלעכע געדערים), און אמתדיק באַנדוואָרים־קינד (דאָס זענען
די נייע פאַרקייטלטע באַנדוועָרעם, וואָס קומען אַרויס פון קאָפּ־
באַנדוואָרים).

דו זעסט: דער דאָזיקער ליבעדאַמאַן קאָן קיינמאָל אין דעם
זעלבן דור נישט קומען צום גוטן סוף, אַז „זיי נעמען זיך“. ער מוז,
כדי צוצוקומען צו דעם דאָזיקן גוטן סוף, אומבאַדינגט פריער דורכ־
גיין דורך עטלעכע דורות און — ווי משונהדיק דאָס זאָל נישט
קלינגען: איידער דער באַנדוואָרים קומט צום אמתן געשלעכטלעכן
ציל, מוז ער מינדעסטנס איינמאָל שטאַרבן (אַלס פינע און אַלס
קאָפּ־באַנדוואָרים) דורכמאַכן אַ שטרענג לעבן אָן געשלעכטלעכער־
ליבע.

דיר דרייט זיך דער קאָפּ... אָבער לאָז דיך נאָך אויף איין
זאַך אויפמערקזאַם מאַכן. באַמערק גענוי, ווי אין דעם דאָזיק.
ראָמאַן קומט צווייטמאָל פאָר דער פאַל, אַז איין אינדיווידואום
מוז שטאַרבן, כדי דער קומענדיקער זאָל לעבן.
דער קייט־באַנדוואָרים, וועלכער איז אָן שום ספק אין פיל הינ־
זיכטן די העכסטע שטופע פון דעם גאַנצן מין, די איינציקע גע־
שלעכטלעכע פאָרם, מוז פאַרלאָזן די ליבע וואַרימע געדערים, ווי
עס פליסט פון אַלע זייטן דער מן אין געשמאַלץ פון די מענטשלעכע
שפּייז־זאַפטן, מוז אַראָפּ אין תהום פון דעם מענטשלעכן אַרויס־
גאַנגס־קאַנאַל, אַריינפאַלן אין דעם שרעקלעכן פוילנדיקן לאַבאָראַ־
טאָריום און דאָרט האָפנונגסלאָז אומקומען, כדי דאָס גוטפּאַטשאַ־
צערטע איי זאָל נאָכדעם אָנהייבן דעם רעטונגס־וועג דורך רינדער
אָדער חזיר. און די פינע מוז ווידער אַרויס פון דעם רינד און חזיר,
מוז אַריין אין מענטשלעכן מאָגן, כדי דאָרט אומצוקומען אין דער

נאָר קיין וווּנדער נישט. אָבער באַטראַכט נאָר איצט נאָכאַמאָל דעם נאַכטן באַל.

דער ליבע־דראַמאַן פון באַנדוואָרים אויף דעם וועג דורך דער פינצטער נאַכט דורך, ווי דו האָסט געזען, נישט ווייניקער, ווי פיר דורות. אַמאָל געשילדערטע ליבע מיט זוימען, אייער און באַהעפטונג איז דער אויסערלעכער סימן פון דעם ערשטן, העכסטן הוד: דאָס איז די ליבע פון דער באַנדוואָרים־קייט אין די מענטשלעכע געדערים.

פון די באַפרוכפּטע אייער קומט אַרויס די פינע.

פון דער פינע קומט אַרויס אַלס קנאָספּע דער קאָפּ־באַנדוואָרים.

פון דעם באַנדוואָרים וואַקסן אַרויס אַלס קנאָספּן די צוויי־געשלעכטלעכע צונויפגעקייטלטע באַנדווערים.

שטעל זיך עס פאָר אַזוי ביים מענטש. דו געבוירסט מיט דיין פרוי אויפן נאַטירלעכן וועג אַ קינד. דאָס קינד פירט זיך פריער אויף אינגאַנצן מענטשלעך, אָבער ווען עס ווערט גרויס, זעסטו, אַז עס אונטערשיידט זיך שטאַרק פון דיר און וויל אויך לעבן אינגאַנצן אַנדערש ווי דו. דו קוקסט אויף אים און שאָקלסט מיטן קאָפּ, — און פּלוצלונג זעסטו, ווי אים וואַקסט אַרויס פון דער נאָז אַ נייע קינד, וואָס איז צו אים שוין אינגאַנצן נישט ענלעך. דאַקעגן אָבער צו דיר אַביסל ענלעכער. דו קוקסט זיך צו צום אייניקל און זעסט מיט אַמאָל, ווי אים וואַקסט אַרויס פון אַקסל אַ נייע באַשעפעניש, וואָס איז שוין אינגאַנצן ענלעך צו דיר, און זוכט זיך אויך אַ ווייב, כדי אויפן אָרט פון דער משונהדיקער נאָז־און אַקסל־קינדער־פּראָדוקציע, אַרויפצוציִען אויף דעם אַלטן ליבע־וועג, אויף וועלכן דו אַליין ביסט געגאַנגען.

דו באַמערקסט די ענלעכקייט מיט דער געשיכטע פון דער מעדוזע. אָבער איר פּאַראַלעל איז דאָסמאָל נאָך פּאַרוויקלטער. דער זאָאָלאָג האָט געמוזט געפינען אַ וואָרט, וואָס זאָל אַביסל אויפקלערן דעם דאָזיקן פּלאָנטער. ער האָט אויסגעפונען (און דו אַליין, ווען דו וואָלסט געווען אויף זיין אָרט, וואָלסט אויך דאָס זעלבע געמוזט אָנערקענען), אַז דער אַלטער דורות־סדר: פאָטער... זון...

דעם פינע־בלאָז און באַנדוואָרים־קאָפּ אין יאַטקע. און ס׳קומט א שעה, און דער העכט ווערט געפאַנגען. איצט הויבט זיך אָן א נייע געשיכטע.

אויב דו הייצסט, אַלס אָרימער דיכטער אויף דעם בוידעם־שטיבל דיין מוח מיט דעם ביליקסטן לעבער־וואורשט, אָדער אויב דו זעצסט זיך אַוועק צופרידן ביי דיין פרייטאָגדיקן פיש: דו עסט, האָסט הנאה, און — כאַפּסט דעם באַנדוואָרים. די פינע פון דעם פיש אָדער פון חזיר ווערט צוזאַמען מיט דעם פלייש איינגעשלונגען און קומט אַריין אין מענטשלעכן מאָגן. זי האָט דאָ דערגרייכט איר לעבנס־ציל; דער מאָגן־זאַפט צעשטערט די האַרטע שאָל פון דעם בלאָז, ער „פאַרדייעט“ זי, פּונקט ווי ער פאַרדייעט דאָס פלייש, אין וועלכן דער בלאָז, וואָס געפינט זיך אינעווייניק אין דעם בלאָז, דערפילט באַלד די נייע לאַגע, דרייט זיך איבער און שטופּט זיך אַרויס פון בלאָז. ער זעט איצט אויס, ווי א קנאָספּע, וואָס וואַקסט אַרויס פון דעם פאַרבליבענעם רעשט פון פינע־בלאָז; באַלד אָבער פאַרשווינדט אויך דער דאָזיקער רעשט און ס׳בלייבט נאָר די באַנדוואָרים־קנאָספּע אַליין. זי גייט אַריבער פון מאָגן אין די געדערים נישט אַלס אומפאַרדייעטער רעשט, נאָר אַלס פרייליכער הער פון דער לאַגע, און איצט... ביסטו ווידער ביים אָנהייב. זויגנדיקער קאָפּ־באַנדוואָרים, נייע קנאָספּונג, באַ־העפטונג פון די קנאָספּן־באַנדוואָרים, פופציק מיליאָן אייער אין דעם אָרימען דיכטער, אָדער נאָר — ווען די ברכה האָט געבראַכט דער העכט, וועלכער ברענגט מיט גלייך דאָס באַנדוואָרים־קעפל — צוויי־הונדערט מיליאָן.

דו דאַרפסט זיך פאַר דער צאָל נישט אַזוי שטאַרק שרעקן. דו דאַרפסט דיר נישט פאָרשטעלן, אַז די באַנדוואָרים גופא פאַרמערן זיך אַזוי שטאַרק און פאַרפלייצן די וועלט. פאַקטיש קומט אַרויס פון יעדן באַנדוואָרים מינדעסטנס נאָר איין נייער. פון די צוויי־הונדערט מיליאָן אייער שאַפט נאָר איינס נשוריתלעך גליקלעך דורך די גאַנצע פאַרוויקלטע בריק צווישן איין מענטש און דעם אַנדערן, וואָס ס׳איז ביי דער קאָמפּליצירטקייט פון דער דאָזיקער בריק

ווידער מיט אַ האַרטער שאָל. בלאָזנווערים אָדער פינע רופט אים איצט דער פּראָכאַן, ווען ער שטויסט זיך אויף אים אָן, נישט וויסנדיק, אַז ער האָט דאָ פאַר זיך אַ באַהאַלטענעם באַנדוואָרעם.

די פינע זעט אויס צו זיין פאַרורטיילט צו אומעטיקייט. זי קאָן זיך נישט אַליין אַרויסקריגן פון איר באַלעבאָס. קיין געשלעכטלעכע אָרגאַנען האָט זי אויך נישט, אַזוי אַז אין דער ריכטונג קאָן זי אויך נאָרנישט אויפטון. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום באַווײַזט זיך דאָך אין איר אַ געהיים לעבן.

פּונקט ווי פון דעם מענטשלעכן באַנדוואָרעם איז אין אָנהייב פון אונזער ליבע־דראַמע אַרויסגעוואַקסן דער ערשטער דור פון די באַנדוואָרעם־קינדער דורך קנאָספּירונג, אַזוי וואַקסט איצט אַרויס אינעווייניק אין דעם פינע־בלאָז אַ קעפּעלע מיט אַ העלדזל, וואָס שטעלט מיט זיך איצט ווידער פאַר נישט עפּעס אַנדערש, ווי יענעם ערשטן קאָפּ־באַנדוואָרעם, וועלכן דו קענסט שוין פון דײַנע איגענע געדערים. ביי טייל מינים באַנדווערים ענדיקט עס זיך נישט מיט איין באַנדוואָרעם־קאָפּ אין דער פינע. נאָר עס וואַקסן אַרויס נאָך פיל און פיל, הונדערטער און טויזנטער, זיי וואַקסן אַרויס אויף צוויי אופנים: אָדער איינפאַך אינעווייניק אין דער איינציקער פינע, אָדער די פינע לאָזט פון זיך אַרויסוואַקסן דורך קנאָספּונג נייע טאָכטער־פינעס, און אין יעדער איינער וואַקסט אויך אַ קאָפּ־באַנדוואָרעם. אָבער לאָמיר זיך האַלטן ביי דעם איינפאַכסטן פאַל, מיט דעם איינעם קאָפּ אין דעם איינציקן בלאָז.

די לאַגע איז שוין אַזוי אויך גענוג משונהדיק. די פינע זיצט, אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, אין דעם מוסקול־פלייש פון אַ חזיר אָדער פון אַ רינד; ביים העכט קומט דאָס אַלץ פאָר אויף אַן ענלעכן אופן, נאָר עס גייט צו אַביסל איינפאַכער. און אין דער דאָזיקער פינע שטעקט אַלס קנאָספּ־קינד דער באַנדוואָרעם אין דער פאָרם, וועלכע קאָן זעלבסטשטענדיק לעבן און ווייטער פירן דאָס באַנדוואָרעם־געשלעכט נאָר אין מענטשלעכע געדערים. וואָס זאָל דאָ ווערן? די פינע און דער באַנדוואָרעם־קאָפּ האָבן און וואַרטן. און סיקומט אַ שעה, און דאָס רינד און דער חזיר ווערן געשאָכטן און הענגען אין שיינע מוסקול־שטאַרקע הינטערפערטלען צוזאַמען מיט

דערמיט דאָס, וואָס סגעשעט מיט דעם, און וואָס עס ליגט.

דאָ קאָנען שוין זיין פאַרשיידענע מזלות. טייל ווערן פאַרוואָרפן אין פרייען פעלד, אויף דער ליבער אָפענער גרינער נאַטור. טייל פאַלן אַריין אין לויטערן, פליסנדיקן שטראָם און ווערן פאַרטראָגן אין קרישטאָל־גרינע אַזערעס, אין בלויע טייכן. טייל ווערן אויפגעפרעסן פון חזירים, מיט דער נאַיוויטעט פון דעם הונגעריקן, פאַר וועלכן אַלץ איז ריין. טייל ווערן, נאַטירלעך, אויך פאַרוואָרפן אויף דעם נאַקעטן פעלזן, ווו קיין שום לעבעדיקע בריאה קאָן לאַנג נישט אויסהאַלטן. אָבער אויף די ערשטע דריי געלעגנהייטן, ווייזט אויס, האָט דער דאָזיקער הריטער באַנדוואָרים־דור נאָר געוואַרט. אַ רינד פאַשעט זיך אויף דעם גראָז. מיט אַמאָל איז אַזאַ איי מיט זיין אינגערלעכן באַנדוואָרים־עמבריאָ פלינק אַריין אין דעם רינד־מאָגן. אַ העכט כאַפּט אַ גוטן שלונג... און דער באַנדוואָרים־עמבריאָ וועלכער איז מיט דעם איי אַריינגעפאַלן אַהער אין קלאָרן וואַסער אַריין, און האָט שוין דערווייל אפילו באַוויזן אַראָפּצוואַרפן זיין איי־שאָל, און פריי אַרומגעוודערט אין וואַסער, זיצט שוין אין פיש־מאָגן. דאָס פעטע אַלטע חזיר נישטערט אַרום אין מיסט... און אַ הריט באַנדוואָרים־איי, וואָס האָט נאָך אפשר גאָרנישט באַוויזן אַרויסצוקומען פון זיין אָפּשטאַרבנדיקער מוטער־חיה, פאַלט אַריין צוזאַמען מיט איר, נאָכדעם ווי ס'האָט ערשט נאָר וואָס דורכגעמאַכט די רייזע אַראָפּ אין שרעקלעכן תהום, גלייך דערויף אין אַ נייער וואַרעמער טיפקייט: אין דעם חזיר־מאָגן.

און אין אַלע דריי ערטער ווייסט זיך באַלד דער קליינער עמבריאָ ווי אַזוי אויפצופירן. ליגט ער נאָך (ווי דאָס איז געוויינלעך ביי די באַנדווערים־מינים, וואָס פאַלן אַריין צום רינד אָדער צום חזיר) אין זיין איי־שאָל, צעגייט די דאָזיקע שאָל גלייך אין דער מאָגן־זויערקייט און באַפרייט אים. מיט זיינע האַקנס, וועלכע ער האָט שוין, שטעכט ער זיך אַריין אין דער מאָגן־וואַנט, בויערט זי דורך און קריגט זיך אַריין אין דעם בעסטן מוסקול־פלייש. דאָרט באַזעצט ער זיך פעסט, וואַרפט אָפּ די האַקנס און וואַקסט זיך פאַנאַנדער פון דעם מיקראָסקאָפּישקליינינקן בריאהלע אין אַ פעכן בלאָז, אַזוי גרויס ווי אַן אַרבעס, און באַדעקט זיך

וואָרים פון דיין קערפּער קאָן פון זיך אַרויסלאָזן דורך קנאָספּונג אַזעלכע טויזנט יונגע טאָפּלט־געשלעכטלעכע באַנדווערים, דער קאָלאָסאַלער „ברייטער באַנדוואָרים" לאָזט אָבער פון זיך אַרויס העכער פיר טויזנט. און יעדער איינס פון די דאָזיקע יונגע באַנד־ווערימלעך האָט נאָך צום באַהעפטונגסזאַק אין זיך ביז פופצן טויזנט באַפרוכטיקטע אייער: דאָס מאַכט צוזאַמען אויס ביי דעם פרוכטבאַרסטן מין אַן ערך צוויי הונדערט מיליאָן אייניקלעך.

מיט דער אויסבילדונג פון די פאַרטיקע אייער איז די וויכ־טיקסטע לעבנס־אויפגאַבע פון דעם צווייטן באַנדוואָרים־דור דורכ־געפירט. די גאַנצן קייט מיט אירע טויזנט און מער גלידער קאָן בשום אופן נישט לאַנג בלייבן ליגן אין דעם לעבעדיקן מענטש. אויב דער קאָפּ קאָן זיך, דאַנק זיינע האָקנס און זויג־בעכער־לעך, פעסט האַלטן אין די געדערים און אין טייל פאַלן דאָרט בלייבן אפילו צוועלף יאָר און נאָך לענגער, רייסן זיך אָבער די עקסטע גלידער פון דער קייט אַלעמאָל אָפּ און פאַרשווינדן אין דער עפענונג, דורך וועלכער די גרויסע כעמישע פאַבריק וואַרפט אַרויס אירע איבעריקייטן, אומנוצלעכע אָפּפאַלעכצן. אָפטמאָל זענען זיי נאָך דערביי פיל אָנגעשטאָפּט מיט רייפע אייער, טיילמאָל זענען זיי אָבער דעמאָלט שוין ליידיק: אין לעצטן פאַל קומען די אייער, נאַטירלעך, אַליין אַרויס דורך דעם אָפּוואַרפנדיקן אַרויסגאַנג. דו פאַרשטייסט, וואוהין די געשיכטע פירט איצט...

די יונגע באַנדווערים, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער פאַמיליע־קייט, — וועלכע זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דעם איבעריקגעוואָרטן מיסט פון דעם גרויסן לאַבאָראַטאָריום און פּלוצ־לונג אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ שרעקלעכן תהום, באַוועגן זיך נאָך אַ ווײַלע קאָנוווּלסיוו דאָרט אונטן, ווו ס'איז אַזוי מוראדיק... און דאַן קומען זיי אום, איבערלאָזנדיק אַלס עדות פון זייער עק־זיסטענץ די אייער.

אַזאַ איי קאָן לעבעדיק אויסהאַלטן. עס דאַרף דערווייל נישט קיין שפּייז, און דעם צעשטערנדיקן איינפלוס פון דער פוילנדיקער אומגעבונג שטעלט זיך זיין האַרטע שאָל מיט דערפאָלג אַקעגן. אָבער וואָס זאָל סוף כל סוף דערמיט ווערן? נו, קודם כל געשעט

פֿלינקלעכן בליק דאָס בילד פֿון אַ ריזן־וואָרעם מיט אַ קאָפּ און רינג־גלידער. דאָס אינטערעסאַנטסטע איז אָבער דאָס פֿאָלגנדע.

די יונגע ווערעם, וועלכע זענען אַנטשטאַנען דורך דער גע־שלעכטלאָזער קנאָספּונג, זענען נישט אינגאַנצן ענלעך צו זייער פֿאָטער. זיי האָבן אויך זייערע נערוון און גשוויסטע שפּורן פֿון אָרגאַנען, זיי זויגן אין זיך אַרײַן דעם שפּייז־זאַפֿט און זענען אייגנט־לעך גאַנץ געוויינטלעכע יונגע באַנדווערעם. אָבער זיי האָבן נאָך אַ חוץ דעם אינגאַנצן אויסגעבילדעטע געשלעכטלעכע אָרגאַנען, מענלעכע און ווײַבלעכע אין איין און דעמזעלבן קערפּער. יעדער יונגער וואָרעם האָט אין זיך זוימען־חיהלעך, וועלכע קאָנען אַרויס־געלאָזן ווערן דירעקט אין אַרויסשטאַרטיקן באַהעפֿטונגס־אָרגאַן, און דערנאָך אין איין רעשטאַק מיט אַ ווײַבלעכן געשלעכטלעכן אָרגאַן, אונטער וועלכן פֿליגן גרייט די אייער. און בשעת דער עלטער באַנדוואָרעם הערט נאָך אַלץ נישט אויף פֿלייסיק צו פֿירן זײַן ליבע־אַרבעט לאָזט זיך שוין אין די דאָזיקע קנאָספּן־ווערעם אויך פֿילן די זעלבע ליבע. נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס דאָ גייט זי שוין נישט אויף דעם קנאָספּונג, נאָר אויף דעם העכערן געשלעכטלעכן ליבעשוונג. די באַנדוואָרעם־גלידער ווי זיי ליגן זיך אַזוי איינער נעבן אַנדערן אין די מענטשלעכע געדערים באַ־העפֿטן זיך איינער מיט דעם אַנדערן און דערבײַ גיט יעדער איינער דעם אַנדערן דעם זוימען צו דער באַפֿרוכטיקונג פֿון יענעמס אייער, און נעמט בײַ יענעם דעם זוימען צו דער באַפֿרוכטיקונג פֿון די אייגענע אייער. זעלבסטבאַפֿרוכטיקונג איז אויך דאָ, ווי ס'קומט אויס, אַ אויסנאַמספֿאַל, ווי בכלל בײַ הערמאַפֿראָדי־טישע ברואים.

פֿריער אָדער שפּעטער נאָך דער באַפֿרוכטיקונג ציען זיך די אייער איבער מיט אַ האַרטער שאָל; בײַ די באַקאַנטסטע מענטשלעכע באַנדווערעם געשעט דאָס ערשט נאָכדעם, ווי ס'האָט זיך אין זיי שוין אין מוטער־לײַב אַנטוויקלט אַ נײַער אייניקל־באַנדוואָרעם אַלס עמבריאָ. די צאָל פֿון די אייער, וועלכע ווערן בײַ די דאָזיקע ליבע־אַקטן פֿון די קנאָספּן באַנדווערעם באַפֿרוכטעט, איז בשום אומגעהײַער. דער אַזוי גערופֿענער באַנדאַנטער באַנ־

מוס. ער האָט זיך זאַט אָנגעגעסן און פֿילט זיך אויפֿגעלייגט צו דער רייכסטער האַנדלונג. אויף דעם אָרט, וווּ דער כלומרשטער האַלז (באמת איז דאָס דער הינטערשטער ראַנד פֿון קערפּער פֿון דעם גאַנצן וואָרים) פֿאַרענדיקט זיך שטומפּיק, הויבט אים אָן מיט אַמאָל אַרויסצושפּראָצן אַ נײַ, אַ יונג באַשעפֿעניש. ער „שפּראָצט אַרויס", קיין בעסערן אויסדרוק קאָן מען אויך דאָ נישט באַנוצן, ווײַל דאָס יונגע באַשעפֿעניש אַנטשטייט טאַקע פּונקט אַזוי, ווי אַ קנאָספּע בײַ אַ געוויקס: עס וואַקסט פּשוט אַרויס פֿון דעם הינ־טערשטן עק פֿון דער אַלטער חיה אָן אַ באַזונדערן געבוירונגס־אַקט. און פּונקט ווי אַ קנאָספּע, רײַסט עס זיך דערווײַל נאָך נישט אָפּ פֿון דער אַלטער חיה. עס בלײַבט אויף איר הענגען, אַזוי אַז ס׳זעט אויס, ווי בײַם קאָפּ־וואָרים וואָלט איצט נאָך אַרויסגעוואַקסן פֿון הינטן אַ נײַער וואָרים־גליד.

די ענלעכקייט הערט אפֿילו דעמאָלט נאָך נישט אויף, ווען פֿון דעם עלטערן וואָרים וואַקסט אַרויס אַ צווייטע וואָרים־קנאָספּע, וועלכע רוקט זיך אַרײַן צווישן דער ערשטער קנאָספּע און דעם אַלטן וואָרים. בײדע קנאָספּן, וועלכע זענען פֿאַנאַנדערגעטרענט דורך אַן אויבערפֿלעכן שניט, האַלטן זיך אָבער צוזאַמען און שטעלן זיך אויס איינע נאָך דער אַנדערער, ווי די ערשטע גלידער פֿון דער קייט.

עס דויערט נישט לאַנג, און די קייט נעמט ווייטער וואַקסן. די ליבע־ענערגיע פֿון דעם אַלטן באַנדוואָרים זעט אויס צו זײַן פּשוט אומדערשעפּלעך: ער לאָזט פֿון זיך אַרויסוואַקסן איין קנאָס־פּע נאָך דער אַנדערער, איין גליד נאָכן אַנדערן רוקט זיך אַרײַן אין דער קייט, ביז דאָס ערשטגעבוירענע באַנדוואָרים־קינד, וואָס איז שוין דערווײַל אַליין ווײַטער דיק אויסגעוואַקסן, ווערט אָפּגעטיילט פֿון דעם אַלטן וואָרים דורך אַ לאַנגער קייט פֿון זײַנע שפּעטער־געבוירענע ברידער. צוזאַמען איין וואָרים־אינדיווידואום האַלט איצט אין זיך אויף די כעמישע פֿאַבריק פֿון דײַנע געדערעם אַ גאַנצע פֿאַמיליע, וועלכע שטעלט מיט זיך פֿאָר עפּעס צוזאַ־מענגעשלאָסן, דאָס, וואָס דער פּראָסטאַק האַלט ערשט פֿאַר דעם איינציקן „באַנדוואָרים", ווײַל ער זעט איצט ניט ער דעם אויבער־

געדערים מיט אַן אומפּאַרטייאישער ענערגיע, דאָס איבעריקע אויף אַ משוגעדיקן אופן.

דער האָט מכתמא אַ שטיקל אמת, ווי אַזוי אַ באַנדוואָרים זעט אויס. פֿאַר דער אַזוי גערופֿענער קאָפּ, מיט באַזונדערע אָפּזאַ־צן, זויג־פּעכערלעך (וועלכע ווערן בטעות אָנגענומען פֿאַר אויגן) און ביים באַוואָפֿנטן מין, מיט האָקנס, כדי זיך פֿעסט צו האַלטן אין מאָגן. אונטן איז דער „קאָפּ" אַביסל שמעלער, און סיזעט אויס, ווי ער וואָלט געזעסן אויף אַ האַלז. דאַן קומט די אומענדלעכע קייט פֿון די אַזוי גערופֿענע גלידער, וועלכע גיבן דער גאַנצער בריאה ערשט דעם אויסזען פֿון אַ „וואָרים", ווי מען פֿאַרשטייט אים געוויינלעך, און וועלכע לאָזן זיך, ווי באַקאַנט, לייכט אָפּרייסן איינס פֿון אַנדערן. דאָרט ביים קאָפּ זענען די דאָזיקע רינגען צום קלענסטן, און וואָס ווייטער ווערן זיי אַלץ דיקער און גרעסער.

אָבער די וויסט דאָס דאָזיקע אַלגעמיינע אויבערפֿלעכלעכע בילד איצט נאָך אַ ביסל זאָאָלאָגיש באַטראַכטן.

דאָס, וואָס דו רופֿסט אַ קאָפּ און האַלז איז שוין דער אייגנטלעכער באַנדוואָרים. אַן אמתע וואָרים־חיה פֿון דעם מין אַזוי גערופֿענע „פּלאַט־ווערים", וועלכע שטייען אין אַלגעמיינעם סיסטעם נאָך פֿיל נידעריקער ביי די באַקאַנטסטע פֿאַרטרעטער פֿון וואָרים־געשלעכט: דעם רעגן־וואָרים און דער פּיאַווקע. אזא באַנדוואָרים־קאָפּ מיט זיינע זויג־פּעכערלעך און זיין האַלז קאָן דיצן און דיינע געדערים איינגאַנצן אין דער גלידער־קייט, און שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן אמתן, פּינקט געשלאָסענעם באַנדוואָרים־אינדיווידואום. ער האָט אַ געוויסן איינפֿאַכן שפּור פֿון געהירן, אַ קאָנצענטרירטן נערוון אַפּאַראַט (אָבער אָן אויגן און אויערן), דערנערט זיך, ווי ס'איז שוין פֿריער געשילדערט געוואָרן, מיט דעם שפּייז־זאַפֿט פֿון דיין צוזאַמענס באַלעבאָס, און ער וואָלט געווען איינגאַנצן קאָמפּלעט, ווען ער זאָל האָבן נאָך איינס: געשלעכטלעכע אָרגאַנען. אָבער דערפֿון האָט ער גאָר קיין שפּור ניטאָ!

דער דאָזיקער ציפּרידענער מיטעסער איז נישט מאַן, נישט פֿרוי, און אויך נישט קיין הערמאַפֿראָדיט. און דאָך: דאָס וואָס ער

זיין לעבנס־שטייגער אין דעם אינערלעכסטן הייליקטום פון דער
דער פרעמדער פאבריק דערלויבט אים זיך אפצוזאגן פון פיל זאכן,
וועלכע זענען געוויינלעך זייער נויטיק. ער דארף נישט האבן קיין
אפן געשעפט, וואס זאל אים האלטן אין שטענדיקער פארבינדונג
מיט דער אפענער וועלט און אירע רייכטימער: ער דארף נישט
קיין מויל, וואס זאל פריער אויפנעמען די גראבע שפייז און ער
האט עס טאקע נישט. ער דארף נישט קיין אייגענעם מאגן און קיין
געדערים: דער שפייז־זאפט ווערט אים דירעקט צוגעשטעלט דורך
דעם מענטשלעכן מאגן און די מענטשלעכע געדערים שוין אין דער
נויטיקער פארם. אן א מויל און אן א מאגן, שוויצט ער פשוט אין
זיך אריין די פרעמדע מענטשלעכע שפייז־פליסיקייט מיט דעם
גאנצן קערפער־אויבערפלאך. אן אידעאל־טיפ פון פרייען לידיק־
גייער, פייפט ער אויף דער כלל, אז ווער עס ארבעט נישט, דארף
אויך נישט עסן. פויל צעלייגט אינמיטן פון דער אינטענסיווער
ארבעט, ווערט ער פון טאג צו טאג אלץ דיקער. באהאלטן אין דער
פינסטערניש פון דער דאזיקער מדויסער מענטשלעכער פאבריק,
בלייבט ער זייער אפט לאנג אומבאמערקט, און די אנפירער פון
דער פאבריק, דארט אויבן אין די געהיידן פארצייכענען נאר פון
צייט צו צייט אן אומבאגרייפלעכן דעפיציט אין דעם אונטער־
שייד צווישן דעם קראפט־צופיר און דעם ווירקלעכן בלוט־געווין.
זיי רעכענען אויס אין די דאזיקע ציפערן דעם מיטעסער, נישט
ווייסנדיק וועגן דעם בלינדן פאסאזשיר אונטער דעם לאבאראטאריע־
טיש. ער אבער, אזוי דיק אנגעפרעסן ווי ער איז, און העכסט צו־
פרידן פון זיין נעגאטיווער לעזונג פון דעם סאציאלן פראבלעם, פריי
פון אלע אנדערע זארגן, נעמט זיך צו דער דערפילונג פון זיין
לעבנס־אויפגאבע, צו דער ל י ב ע.

אין דער, מיין ליבער, אפילו ווען דו ביסט דער פרומסטער און
ריינסטער אסקעט. וועלכער האט אויף אייביק א נדר געטאן נישט
צו וויסן פון קיין ליבע, קאנסטו דעם דאזיקן לייכטזיניקן גאסט
נישט שטערן, אינמיטן פון דיין גאנצער שטרענגקייט און נאטור־
פיינטלעכער הייליקייט, צו דערפילן דאס גרויסע געזעץ פון דער
נאזיווער נאמור. און דו דערפילסט עס אין די ביבלישן פון דיינע

קאַלאַכאַלע אומוואַנדלונגס־אַרבעט פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער גרויסער־אַרטיקער מאַשינעריע, איז אים אינגאַנצן גלייכגילטיק. ער געפינט זיך אין דער לאַגע פון אַ קליינעם פאַבריקאַנט, וועלכן ס׳איז געלונגען דורך אַ ראַפינירטן שווינדל צו פאַרבינדן זיין אייגענע קליינע מאַשין מיט אַ גרויסן פרעמדן מאָטאָר אַזוי, אַז ער אַליין זאָל נישט דאַרפן הייצן און פאַרנוצן די טייערע מאַטעריאַלן אויף צו שאַפן פאַר זיין מאַשין קראַפט; קיין רעכט דערויף האָט ער נישט, אָבער ס׳איז גראָד געווען אַ געלעגנהייט, מאַכט ער עס זיך אַזוי פשוט און לאַכט זיך נאָך דערביי אין די פויסטן. פונקט אַזוי מיט ער דער באַנד־וואָרים אין דיינע געדערים.

אַלס חיה פון אַ געוויסער הויך און אַנטוויקלונג, אַלס „וואָרים“ האָט ער זיין אייגענעם קערפּער־מעכאַניזם. אויך ער דאַרף האָבן פאַר דער לעבנס־הייצונג געוויסע שפּייז־שטאָפן, וועלכע ער דאַרף אייגנטלעך אַליין אַריינגעמען צו זיך דורכן מויל, פאַראַרבעטן אין די געדערים און ווייטער איבערגעבן אַלס קראַפט־קוואַל דעם גאַנצן אָרגאַניזם. אָבער צו וואָס מויג אים אַליין צו אַרבעטן! בשעת אין דער גרויסער פאַבריק פון די מענטשלעכע געדערים קאָכן די רעטאָרטן, אַרבעטן די פּלומפּן, און דער ריינער שפּייז־זאַפט רינט פון דעם דעסטילאַציע־אַפּאַראַט, ליגט זיך אויסבאַקוועמט אין דער פינצטערניש דער באַנד־וואָרים אין אַ ווינקל פון דעם פאַבריק־רוים, האָט זיך גאַנץ אינדערשטיל צוגעטשעפּעט זיין מעכאַניזם־ערדימען אָדער פאַרבינדונגס־דראָטן צו דער קאָלאָסאַלער אויטאָמאַטישער פאַבריק און ציט די ריינע, אויסגעלייטערטע שפּייז־קראַפט גאַנץ געשמאַק אין זיך אַריין, פּונקט ווי ער וואָלט אויך געווען אַ בלוט־רעזערוואַר פון דער גרויסער פאַבריק, וועלכן מען דאַרף האָבן צו דער גאַנצער מאַשינעריע. שפּילנדיק האָט דער ראַפינירטער כיטרער חברה־מאַן אומגעמיין דעם מיט געלעזט דאָס גרויסע סאָציאַלע פּראָבלעם: ווי אַזוי די קליינע פאַבריק זאָל זיך האַלטן נעבן דער צעשטערנדיקער גרויסער פאַבריק; ער האָט זיך פּשוט אַריינגעשמוגלט אין דער גרויסער פאַבריק און לעבט זיך ווי אירס אַן אָרגאַן, בלייבנדיק אָבער אין דערזעלבער צייט ווירטשאַפטלעך עקאָנאָמירן מיט זיין אייגענעם קליינעם פאַבריקל.

מיקאָלן, שוין מער אָדער ווייניקער באַאַרבעט פֿאַר דער וויטערדיקער פֿאַבריקאַציע. באַלד כאַפּט זיי די גרויסע מאַשינעריע מיט אירע רעטאָרטן און פּלומפּן, סאָרטירט, פֿאַרענדערט און שיקט זיי ווייטער. אַ רעשט, וואָס קאָן נישט פֿאַרנוצט ווערן, ווערט אָפּגעוואָרפֿן אין אַ טיפֿן קעלער. דאָס איבעריקע אָבער ווערט אַזוי לאַנג דיסטילירט און אומגעענדערט, ביז עס ווערט דורך זייער פֿיל, אויסערגעוויינלעך־קונסטפֿולע זויג־אַפּאַראַטן אַריינגעפֿירט, אַלס ריינסטער עקסטראַקט, אין אַ מין העכסטער אָפּטיילונג פֿון דער גאַנצער פֿאַבריק, אין וועלכער עס צירקולירט אין אַ באַשטימטן ריטם דורך אַ פֿאַרצווייגטן רער־סיסטעם אַ פּרעכטיקע רויטע פֿליסיקייט.

די דאָזיקע פֿליסיקייט — דאָס איז דיין בלוט. דורך דער כעמישער און מעכאַנישער אַרבעט אין לאַבאָראַטאָריום פֿון דיינע געדערים ווערט די שפּייז, וועלכע איז שוין אין מויל און אין מאָגן פֿריער געהעריק צערעכטגעמאַכט, אומדיסטילירט אין ריינעם שפּייז־עקסטראַקט. דער דאָזיקער עקסטראַקט ווערט דאַן אַריינגעפֿירט אין דעם בלוט־קרייזלויף, וווּ ער דערפֿילט זיין אייגנטלעכע באַשטימונג, אַלס הייץ־ און טרייב־קראַפֿט פֿון אַ נאָך אַ גרעסערן מאַשינען־סיסטעם. דאָס וווּנדערלעכסטע אין דעם אַלעם איז דאָס, ווי די דאָזיקע גאַנצע קאָמפּליצירטע פֿאַבריק־מאַשינעריע פֿונקציאָנירט, וויסעדייזם אויס, ריין־אויטאָמאַטיש: זי דאַרף אַפֿילו נישט האָבן קיין באַלויכטונג; אין דער טיפֿער פֿינסטערניש אַרבעטן אירע רעטאָרטן, זויגן די פּלומפּן, לעזן זיך אויף, צעטיילן זיך, רייניקן זיך די שטאָפֿן, ביז דער גאַנצער רויער כאַאָס ווערט אויסגעלייטערט אַלס רויטער שטראָם און פֿליסט פֿון דאַנען אַוועק. אַ טיפֿער שוידער פֿאַר דעם ערהאַבענעם בילד וואָלט געמוזט אַרומנעמען דעם באַזוכער, וועלכער וואָלט דורך דעם אַלעם דורכגעוואַנדערט, ווי אַ מענטש אין אַן אמתן לאַבאָראַטאָריום: אַ פּראַכטפֿול־איינגעאָרדנטע פֿאַבריק, אין וועלכע אַלע אויטאָמאַטן־אידעאַלן פֿון דער צוקונפֿט זענען שוין דערפֿילט.

נו, און איצט: אין דער דאָזיקער הערלעכער פֿאַבריק האָט זיך אַריינגעשמוגלט דער באַנדוואָרים.

די גרויסע פֿאַבריק, וועלכע רינגלט אים אַרום, מיט אירע

א הערליך צויבער־מעשהלע אין מייסטער לאַרצוויקאַס ווען די עראָ־טישע לעבנס־טאָנדערונג פון באַנדוואָרים אַליין וועט נאָך געבן.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אין די טיפענישן פון דיין לייב לעבט זיך צופרידן א באַנדוואָרים. מיר מוזן דאָ זאָגן איצט באַ־טראַכטן פון זיין שטאַנדפּונקט, און דעריבער לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַז דו ביסט נישט קיין מענטש, וואָס טראַכט דעם באַנדוואָרים ביי זיך אומאָנגענעמלעכקייטן, נאָר אַז דו האָסט אים ביי זיך אינעווייניק און לעבסט זיך נאָרמאַל.

דו קאָנסט דיר נאָך אויסוויילן, וואָס פאַר א באַנדוואָרים דו ווילסט: דעם אַזוי גערופענעם ב אַ וו אָ פ נ ט ן באַנדוואָרים, וועלכער איז געוויינטלעך נישט מער ווי דריי און א האַלבן מעטער לאַנג, דעם אומבאַוואָפנטן, וועלכער דערגרייכט ביז אַכט מעטער, אָדער דעם ב ר י ט ן, וועלכער קאָן אויסוואַקסן ביז צו צוועלף מעטער אין דער לענג. אַלע דריי האָבן זייער ליבע־לעבן, נאָר מיט געוויסע וואַריאַנטן. דו מוזסט זיך נאָר איצט אויף א ווײַלע אויסהערן פון די אַלע זאַכן צו מיאוסן. סוף כל סוף איז דאָך דיין אייגענער קערפּער און זיינע אינטימע לעבנס־פּראָצעסן נישט אַזא אָפּשטויסנדע זאַך.

ווי דער וואָרעם, וואָס שליינגט זיך אַליין איין, מוזסט דו זיך איצט אַריינטראַכטן אין דיין אייגענעם קערפּער אַריין. אין דיינע געדערים, און אין די דאָזיקע געדערים, בשעת זיי פאַרדייען. דו וועסט זיך עס פאָרשטעלן, פּונקט ווי מיר האָבן דאָס פריער געטראַכט מיט די אייער־טריבן, געוואַלטיק פאַרגרעסערט און העל באַלויכטן דורך דעם בלויען שיין פון עלעקטרישן ליכט...

מאַך אויף די אויגן. דו וואַנדערסט אין א ריזיקער גאַלעריע, אין וועלכער ס׳קאָכט פון אינטענסיווער אַרבעט. א כעמישע פאַבריק פון גרעסטן פאַרנעם רינגלט דיך אַרום. לאַבאָראַטאָריומס, ווו שטאָפן ווערן פאַרוואַנדלט, ווו ס׳רוישט און דונערט און סגיכט זיך, פאָרמט זיך און פאַרענדערט זיך. פּאָמפּ־מאַשינען, וואָס זויגן אַריין ווערטפולע פליסיקייטן און שיקן זיי אָפּ ווייטער צום אומאויפהערלעכן קרייז־לויף פון אַנדערע מאַשינען. פון א גרויסן רוים (פון מאָגן) ווערן אַרויסגעוואָרפן פּאַרטיעסווייז די געהעריקע כע־

וואקסן א לעבעדיקע חיה. פארקערט, די בייזע מאטעריאליסטן האָבן אָנגעהויבן צו פרעגן: אויב דער באנדוואָרים קאָן זיך אזוי יעדער מאָל אנטשטיין אליין פון זיך אן א באזונדערן שאפונגס־אקט, צי איז נישט מעגלעך, אז אויך דער גאנצער מענטש האָט זיך פונקט אזוי מיט א צייט צוריק פשוט און נאַטירלעך פון זיך אליין אנטוויקלט, אזוי שפילן זיך די אנשויאונגען געשיכטלעך מיט די ערטער. די ענדגילטיקע לעזונג האָט אָבער געמוזט געבן די פאַך־נאַטור־פאָרשונג, וועלכע האָט אויפגעקלערט די גאנצע אור־געבוירונגס־לעגענדע פון באנדוואָרים אַלס זייפנבלאָז. און דערביי איז זי ארויף אויף דעם שפור פון דעם אמתדיקן ליבע־לעבן פון דער דאזיקער באהאַלטענער בריאה און האָט אנטדעקט א קייט פון אזעלכע רעטענישן, וועלכע האָבן גאָר דעם דרייסטסטן פיל...ף אויפן געדאנק נישט געקאָנט קומען.

אין געביט פון דער וויסנשאַפטלעך אזוי גערופענער „אָם־פרוכפּערונג" פירט, אונז אוועק די דאזיקע ליבע אין דער לעבעדיקער הייל. דו דארפסט דיר אָבער דערביי נישט פאָרשטעלן, אז עס האַנדלט זיך דאָ אין אייגנטלעכן זין ווען אן אם. דער זאָאָלאָג גיט דיר דאָ ווידער דעם ערשטן נאָמען, פון וועלכן דו מוזט ערשט אליין אוועקשפּינען א געדאנקען־פאָדעם מינדעסטנס אזוי לאנג, ווי א גרויסער מענטשלעכער באנדוואָרים פון אן ערך צוועלף מעטער די לענג, כדי ערשט דערנאָך צו פאָרשטיין, וואס דער דאזיקער נאָמען וויל דיר זאָגן. און אז דו וועסט אזוי טון, וועסטו אין סוף פון דעם געדאנקען־פאָדעם געפינען עפּעס אזעלכעס, וואס ס'איז ווערט געווען צו זוכן, און וועגן וועלכן דו וועסט אים באגרייפן, אז ס'איז נישט אזוי לייכט עס אנצורופן מיט א גוטן, וויסנשאַפטלעך אינגאנצן קלאָרן נאָמען.

די געשיכטע הויבט זיך אָן גאַנץ איינפאַך, כדי שפּעטער אַרײַנצופאַלן אין אזעלכע פאַרפּלאָנטערטע, וועלכע שטייגן נאָך אַריבער די ליבע־לאַבירינטן פון אַריאָסטאָס ווילדן ראָלאַנד, וועגן וועלכע מען האָט שוין אַמאָל געזאָגט, אז זיי זענען אזוי לאנג ווי די באנדוואָרים, נישט האָבנדיק קיין [illegible], נאָר פאַר

פאַרשטייט איר, באמת, גאָרנישט. דער באַנדוואָרים איז טאַקע אונזער שטערבלעכער שונא, אבער זאגן, אז ער איז דערפאר א נישט אינטערעסאנט באשעפעניש, קאן מען נור, ווען מען ווייסט וועגן אים גארנישט.

פון שטאַנדפּונקט פון דער נאאיווער נאַטור־פאַרשונג, וועלכע זארגט זיך נישט וועגן קיין שום קריגס־צושטאַנד, איז דער באַנדוואָרים איינס פון די לעררייכסטע באַשעפענישן אויף דער ערד און אן אמתדיק וואונדער פון דער נאַטור. ער האָט שוין פיל שטאָף פאר אומערמידלעכער ארבעט געגעבן די פארשער און פילאזאפן. זייט א לאנגער צייט וויקלט ער זיך דורך דער געשיכטע פון דער פילאזאפיע. מען האָט אמאָל באהויפטעט, אז ער באשטייט פון זיך אליין דורך אור־געבוירונג אין די מענטשלעכע געדערים. ווען די מאטעריאליסטישע אדער טעאלאגישע פילאזאפיע פלעגט דארפן האָבן די אור־געבוירונג פאר אירע באווייזן, פלעגט זי גלייך ארויסציען אלס עדות דעם באַנדוואָרים. אין מיטלאַלטער און נאָך א לענגערע צייט שפּעטער האָט זיך גראָד די אָרטאָדאָקסישע קריסטלעכע קירכע געהאלטן פעסט ביים שטאַנדפּונקט, אַז געוויסע קליינע באַשעפענישן אנטשטייען נאָך ביזן היינטיקן טאג דורך אור־געבוירונג. מען האָט דאס באוויזן פון דער ביבעל, וועלכע דערציילט אין דער באקאַנטער שמשון־געשיכטע אין ספר שופטים, אז פון דער נבילה פון לייב זענען געבוירן געווארן בינען. נאַטור־פארשער, וועלכע זענען דערין מסופק געווען, האָבן דעמאָלט געשמט פאר אפּיקורסים. שפּעטער, ווען קיין שום זאָלאָג האָט שוין מער נישט געגלויבט, אז א בין קאָן באמת אנטשטיין אָן אן איי, דירעקט פון פוילנדיקן פלייש, האָבן גראד דיזעלבע זאאלאגן אליין נאָך א לענגערע צייט עקשנותדיק באהויפּטעט, אַז ביים באַנדוואָרים האָבן מיר דעם פאל פון אור־געבוירונג. מיר האָבן שוין איינמאָל דערפון דערציילט, אַז דאָס איז אזוי געבליבן ביז טיף אין ניינצנטן יארהונדערט אריין. דעמאלט איז ווידער דעם מאָדערנעם טעאָלאָג געווארן נישט היימלעך פון דעם דאָזיקן געדאנק: אז ביים מענטש אין לייב זאל אזוי פשוט פון זיך אליין קאנען פלוצלונג ארויס־

בה'שע אינדיווידואומס שטעלט מיט זיך פאר אין משך פון טויזנטער יארן איין און דעמזעלבן אינדיווידואום, וועמענס ריזיקע לעבן ווערט אלעמאל דורכגעשניטן דורך געוויסע מאמענטן פון טיפן, באנייענדיקן „איך“־שלאף, פונקט ווי אונזער איינצל־לעבן ווערט דורכגעשניטן דורך אזוי פיל און אזוי פיל נעכט פון געוויינלעכן שלאף, אין וועלכע דאס באוווסטזיין ווערט אויך אויף א מאמענט איבערגעריסן. און, ענדלעך, וואלט א פערזענלעכע אומשטערבלעכקייט ביי אזא קינדער־אומשטערבלעכקייט באמת מער נישט געווען נויטיק.

אבער, גיט צו דער מרוימער מיט א זיפץ נאָך דער דאזיקער גאנצער פאנטאסמאגאריע, עס איז דאך נישט אזוי. דער אינדיווידואום פון די עלטערן ווערט ביי די העכערע חיות נישט אינגאנצן אוועקגעגעבן דעם קינד, נור עס בלייבט נאָך איבער יענער ריזיקער טייל, עס בלייבט נאָך יענער גאנצער געמט־פאל, וועלכער איז אויבן געשילדערט געווארן, און וועלכן די וואלוואקסן האָבן אויפן געוויסן. און ווייל עס איז נישט אזוי, און ס'וואלט געדארפט יא אזוי זיין, מוז זיך אונזער אפטימיזם זוכן אנדערע פארזיכערונגען.

דאָ איז דאָס אָרט, ווו איך וויל דיך פון דער אומשטערבלעכקייט און פון געמט'ן אריבערטראגן צו עפעס אנדעריש, צו אונזער ליבן באנדוואָרים.

דעם צוזאמענהאנג וועסטו שוין אליין געפינען.

דער באנדוואָרים איז פאר אונז מענטשן א שלעכטער חבר. ער געהערט צו די ערגסטע אויסנוצער פון אונזער קערפער, וועלכער שאַפּט זיך אריין אין די טיפעניש פון אונזערע געדערים און לעבט זיך דאָרט זארגלאז אויף אונזער חשבון. און דאך גייט עס מיט אים, פונקט ווי מיט דעם מענטשן־פלייש אין אנעקדאָט. דער מיסיאָנער דערקלערט דעם ווילדן, אז מענטשן־פרעסעריי איז אן עבירה און א געשמאקלאזיקייט אין דערזעלבער צייט. יא, יא, זאָגט דער גערידטער ווילדער, אן עבירה איז עס אפשר טאקע, דאָס זענט איר גערעכט, אבער אז עס שמעקט שלעכט, דערין

באשעפעניש. מען קאן זיך פארשטעלן, אז ביי אזא ראדיקאלן אקט וואלטן אויך די איינגנשאפטן פון פאטער אדער פון דער מוטער (די געשלעכטלעכע מישונג וועלן מיר דערווייל נישט נעמען אין אכט) מיט א גרעסערער זיכערקייט איבערגענעבן געווארן דעם קינד, דער נייער אינדיווידואום וואלט תמיד געהאט אין זיך די גאנצע הויפט־ירושה פון דעם אלטן. דער טויט וואלט אין דעם פאל געווען א מין טיפע שלאף־נאכט, פון וועלכער מען וואלט זיך אויפגעכאפט ווידער אין אנהויב פון לעבנסוועג און מיט א גאנץ באנייטער לעבנס־קראפט. אמת, דערביי וואלטן אונזערע פערזענלעכע ערינערונגען נישט אריבערגעטראגן געווארן אויף דעם נייעם אינדיווידואום, זיי וואלטן געמוזט פארלוירן גיין. וואס זענען אבער, אין תוך גענומען, אונזערע ערינערונגען? איינגע־קריצטע צייכן אין די געהירן, וועלכע ווערן טיילווייז שוין אין משך פון אונזער איינענעם לעבן שטארק אפגעמעקט. אמתע, אויסערלעכע שריפט־צייכן, וועלכע מיר מאכן ביי זיך אין נאָ־טיצן, און טאג־ביכער, האָבן שוין איצט פאר אונז אפטמאָל א גרעסערן ווערט, באזונדער ווען מיר האלטן זיי אויף א לענגערע צייט. אפשר וועט דער צוקונפטיקער מענטשהייט געלינגען דעם פערזענ־לעכן זכרון, לאמיר זאגן, אויף א פאטאגראפישן אופן אויסער־לעך צו פאראייביקן, און אזוי ארום אים ווייטער איבערצוגעבן, נאָכדעם, ווי די געהירן, וועלכע האָבן אים אין זיך געהאלטן, וועלן אויפהערן צו עקזיסטירן. דעמאָלט וועט דער נייגעבוירענער, אויפ־געלעבטער „איך ווידער קאָנען צוריק באקומען אויך אלע אַלטע אי־בערגעלעבטע ערינערונגען. מען קאָן אין דער ריכטונג נאָך פיל פאנ־טאזירן. גאר אינטערעסאנט וואלט נאָך דערנאָך געווען אלס צו־גאב זיך פארצושטעלן, ווי אזוי מאַן און פרוי וואלטן זיך אויף אזא אופן צונויפגענאסן אין א דריטן נייעם אינדיווידואום. אבער גאר בילדלעך קאן מען זיך די גאנצע זאך פארשטעלן אין זין פון דער אלטער מעשהלע וועגן פארכשופטן ברונעם, אין וועלכן מען טוקט זיך אונטער און מען קומט ארויס נייגעבוירן; און אויף אזא אופן וואלט אויסגעקומען, אז א גאנצע קייט פון קרוי־

1789, ווען אויגוסט האָט זיך פון אים אפגעשפאלטן. איז עס נישט דער ווערטפולסטער טייל, וועלכער וואלט אין א קלוג־באַ־שאפענער וועלט געווים געהאט דאס בעסטע רעכט אויף אן אנ־דערער, באזונדערער נשמה־אומשטערבלעכקייט מיט א גרעסערער שטאנדהאפטיקייט און מער זיכערקייט, ווי עס גיט אים יענע ליבע־ליניע?

און דערפון מאכט מען געוויינלעך אזא אויספיר: עס מוז עקזיסטירן נאָך א באזונדערער מין אומשטערבלעכקייט, א חוץ דער ספק׳דיקער אומשטערבלעכקייט דורך דער ליבע,—אן אומ־שטערבלעכקייט, וועלכע זאָל דערהאלטן דעם טייל פון אינדיווידואום, וואס בלייבט נאָך איבער נאָך דעם באהעפטונגס־אקט. דער טאט פון דעם וואלוואקס קאן נישט גילטן אויך פאר אונז מיט אונזערע גייסטיקע פאדערונגען. יאָ—זאגט מען—ווען ס׳וואָלט געווען אנדעריש, ווען דער באהעפטונגס־אקט זאָל ביי אונז תמיד זיין דער לעצטער לעבנס־אקט פון אינדיווידואום — דאן וואָלט דאָס בילד געהאט גאָר אן אנדער אויסזען. א מענטש לעבט, אנטוויקלט זיך, גיט דער וועלט, וואָס ער קאן, דערגרייכט די העכסטע רייפקייט, געבוירט א קינד, און אין דעם מאָמענט פאלט ער אנידער טויט, אָדער נאָך בעסער, ער פארוואנדלט זיך איינפאך דירעקט אין דעם קינד, די מוטער פארשווינדט אין א כישוף־ברונעם און אנשטאָט איר, קומט ארויס פון דאָרט א קליין קינד, אין וועלכן ס׳איז צונויפגעזאמלט אלץ, וואס ס׳האָט פריער צונויפגעשטעלט דעם אינדיווידואום פון דער מוטער. דאָס וואלט אויך נישט איננאנצן באפרידיקט. אבער מען וואלט דאך דא באשיינפערלעך נעהאָט פאר די אויגן איין מעגלעכקייט פון דער אומשטערבלעכקייט: דער טויט וואלט אין א געווינסן זין, וויטיקסטנס, פאר דעם אינדיווידואום, וואס וואלט זיך געפרוב־פערט, פארוואנדלט געווארן אין א מין „נייר־געבוירן". דאס איינ־ציקע זוימען־קעמערל אדער דאס איינציקע איי־קעמערל, וואס איז נויטיק צום באהעפטונגס־אקט, וואלט איינגעשלונגען דעם גאנצן עלטערלעכן אינדיווידואום און אים פארוואנדלט אין דעם נייעם

לעכסייט, וועלכע נעמט כסדר מיט און לאזט נישט פארלוירן גיין טיילעכלעך פון דעם באשטימטן מענטשן. עס איז דערביי, נאַ־טירלעך, פיל אָפּהענגיק פון דער לעזונג פון יענער פריער באהאַנ־דלטער פראַגע: וויפיל פון אונזערע אייגנטלעכע און העכסטע אינ־דיווידועלע איבערלעבונגען, פון אונזערע געהירן־איבערלעבונגען, באקומען צוטריט צו די ליבע־קעמערלעך, ד. ה. אויף וויפיל „דער־וואַרבענע איינגנשאפטן" קאנען איבערגעבן ווערן בירושה.

אבער דער גריבלענדיקער געדאנק קאן זיך דערמיט נישט באפרידיקן. ער פרעגט זיך: אפילו אין גינסטיקן פאל איז דען דאס מער ווי אן איינזייטיקע און האלבע לעזונג פון דער פראגע. היינט שפאלט זיך פון מיר אפּ א זוימענקעמערל, א מיקראסקאפּיש־קליין טיילעכל פון מיין קערפער. איך אליין אבער בלייב לעבן נאך דעם דאזיקן אקט נאך דרייסיק, פערציק אדער נאך מער יאר, אלס בעסטער „איך", לעב ווייטער, אנטוויקל מיך, טראכט, באַרייכער מיך, גיב דער וועלט און מיר אליין אין די דאזיקע יארן אפשר ערשט דאס בעסטע, אָדער בכלל ערשט עפּעס ערנסט — און דער דאזיקער גאנצער לעצטער גרויסער „איך" זאל גאר זיין אויסגעשלאסן פון דער אומשטערבלעכקייט?

לאמיר נעמען דעם באקאנטן ביישפיל געטע. געטע האָט מיט כריסטיאנע וואולפּיוס געבוירן דעם זון אויגוסט, וועלכער איז געווען, ווי באקאנט, אזוי שיין און אין דערזועלבער צייט אזוי אומגליקלעך. דער זון איז געשטארבן זייער יונג, דער פאטער האט אים איבערגעלעבט; אבער פון אים זענען געבליבן צוויי קינדער, די שפּעטער גוט־באקאנטע ווייםארער „פעטערס", וועל־מענס בעסטע טאט אין לעבן ס'איז געווען זייער צוואה, און וועל־כע האבן שוין נאך זיך קיינעם נישט איבערגעלאָזן. דערויף רייסט זיך איבער געטע'ס „אומשטערבלעכקייטס־ליניע", א גאנץ קורצע „אומענדלעכקייט". אבער לאמיר אפילו אננעמען, אז זי וואלט זיך נאך ביזן היינטיקן טאג ווייטער געצויגן. איצט פארגלייך. שטעל דיר פאר דעם אינדיווידואום וואלפגאנג געטע מיט דעם אלעם, וואס ער האט נאך געגעבן דער וועלט אין די יארן נאך

איר הויבן־אָן ביים באַנהוואַרים. אָבער פריער לאָמיר נאָך איין שלוק פילאָזאָפיע, כדי זיך צוצוגרייטן צום שווערן וועג. באַוואָפן זיך צום קאַמף מיט אַ געדאַנק, מיט אַ פּראָבלעם.

איידער איך גיי דיר שילדערן דאָס ליבע־לעבן פון באַנדוואָרים, ערלויב מיר צו מאַכן מיט דיר אַ קורצן אויספלוג אין דער גאַנצבאַרער טעאָריע איבער דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה.

דערמאָן זיך אָן איינעם פון די שטאַרקסטע פונדאַמענטן פון דער דאָזיקער טעאָריע, אָן דעם זייל, אויף וועלכן זי האַלט זיך שוין אַזויפיל טויזנטער יאָרן אין דעם מענטשלעכן דענקען און אין דער מענטשלעכער בעשאַפט. מען וויל זען דעם אינדיווידואום, די נשמה, דעם *איך* פון איינצלנעם מענטשן גאַראַנטעוועט נישט נור אויף דעם — נישט תמיד זיכערן אופן — אַז ער בלייבט ווייטער לעבן אין דער עקזיסטענץ פון זיינע קינדער און אייניקלעך, נור מען וויל *אים* אליין זען לעבן ווייטער נאָך זיין איינענעם טויט. און מען לאָזט זיך דערביי אויף אַזאַ גאַנץ פּשוטן געדאַנקענגאַנג. מען זאָגט: נאַטירלעך, קאָן מען זאָגן, אַז דער מענטש לעבט ווידער אין זיינע קינדער. אין די קינדער לעבן, ווייניקסטנס, טיילווייז אונזערע אייגנשאַפטן, געוויסע טאַלאַנטן, געוויסע שלעכטע אָדער גוטע נייגונגען, מיט איין וואָרט, שטיקער פון אונזער אייגענעם „איך“, וועלכע זענען פון אונז איבערגעגאַנגען צו די קינדער בשעת דעם באַהעפטונגס־אַקט. בשעת דעם דאָזיקן אַקט רייסט זיך דאָך פון אונז טאַקע אָפּ אַ רעאַל טיילעכל פון אונזער קערפּער, אַ זוימען־קעמערל אָדער אַן איי־קעמערל: ס'איז אַזוי אַרום גאָר קיין וווּנדער נישט. עס איז אויך מעגלעך, אַז ביי נאָרמאַלע אומשטענדן אפילו וואַרשיינלעך, אַז די דאָזיקע קינדער וועלן ווידער געבוירן קינדער, צו וועלכע ס'וועט ווידער איבערגיין אַ טייל פון אונזער „איך“ און אַזוי ווייטער; עס *קאָן* זיך אַזוי אַרום אויף דעם וועג באמת ציען אַ קייט אין דער אומענד־

ווייל די גרונד־זאך איז אויך ביי די דאזיקע וווּנדערלעכע ברואים דיזעלבע: א זוימען־קעמערל און אן איי־קעמערל פון צוויי פארשיידענע „איבער־חיות“ מוזן זיך געפינען און צונויפגיסן, און דערויף הויבט זיך אן דאס שפיל פון דאדניי. פון דעם צונויפגעגאסענעם קעמערל פון אזא „מלוכה־זוימען“ און אזא „מלוכה־איי“ קומט קודם כל ארויס גאנץ געוויינלעך איין חיה, איין אקאלעפע. פון דער דאזיקער איינער אקאלעפע וואקסט דאן ארויס דורך קנאספונג (ד. ה. אומגעשלעכטלעך!) א געווימל נייע אקאלעפן, וועלכע שטעלן דאן צונויף די געשילדערטע „מלוכה“.

יענעם וועג פון איי צום פאליפ און דאן פון פאליפ צו דער אקאלעפע, וועלכן עס מאכן דורך די איינצלנע אקאלעפעס, דארפן שוין די סיפאנאפארעס נישט האבן. פון דעם איי פיקט זיך באלד ארויס די ערשטע אקאלעפע, און פון איר קומען ארויס דורך קנאספונג די איבריקע, איז דאן בויט זיך אויף דער גאנצער אקאלעפן־פארבאנד מיט זיין ארבעטס־טיילונג. די איינצלהייטן פון דער דאזיקער אינדיווידועלער אנטוויקלונג זענען נאך ביזן היינטיקן טאג נישט גענוי נאכגעפארשט; דערווייל מוזסטו דיך באפרידיקן מיט דעם איינעם פעסטגעשטעלטן פאקט: אז פון איין באפרוכטיקטן סיפאנאפארע־איי קומט ארויס די גאנצע פארוויקלטע סיפאנאפארע.

דו דארפסט דיך גארנישט אזוי וווּנדערן דערויף, וואס איין קינד געבוירט דא פון זיך אליין א גאנץ געווימל ברידער און שוועסטער־אקאלעפן. דא ווערט נאר אויף א העכערער שטופע איבערגעחזרט דאס זעלבע, וואס דו האסט שוין געזען פריער ביים וואלוואקס. אין פרינציפ זענען אבער איצט דיינע אלע פיר מענטשלעכע גרונדזאצן ישאכמאט, נישט אזוי? אלע פיר איבערגעזונגען מיט איין מעלאדיע, מיט פאליפ און מעדוזע...

פאליפ און מעדוזע זענען אבער נור דאס ערשטע קליינקע שטערנדל אין געווימל פון דעם, וואס עס טוט זיך אויף דער לייטער איבער דער גאסטריא אין דער היות־וועלט.

לאמיר צוגיין צום צווייטן פרינציפ, צום ווארים.

אזוי באשרייבט זיי זייער גענויסטער קענער, היקעל. זיי באגעגענען זיך אין פרייען טראפישן אקעאן אלס די אזוי גערופענע ים־בלאזן אדער פיזאליעס: דער שווים־בלאז, אזוי גרויס ווי א קינדס א קאפ, טראגט זיך איבערן וואסער, ווי שווימענדיק זילבער, און שפילט זיך מיט א הימל־בלויע, פיאלעטע און פורפור־פארבן, אים באקרוינט א קאם פון קארמין־רויטער פארב, און פון אונטן הענגען אראפ די געשלעכטלעכע, די פארטיידיקונגס־ און די פרעס־אקאלעפן — געפארבט אין א צארטן אולטראמארין־בלוי.

און דער דאזיקער גאנצער ווונדערלעכער פארבן־טעמפל ליבט נאטירלעך אויך. די דאזיקע ליבע איז אבער באזונדער אינטערעסאנט, ווייל זי ווייזט דיר קלאר, ווי אזוי די דאזיקע וותדערלעכע בריאה קומט צושטאנד אינדיווידועל (אויף וויפיל מען קאן דא באנוצן דאס ווארט).

צווישן די פרעס־חיות, באוועגונג־חיות, פארטיידיקונג־חיות זיצן, ווי דערמאנט, אויך ריין־מענלעכע און ווייבלעכע געשלעכט־חיות. ביי טייל סיפאנאפארעס ביידע געשלעכטער צוזאמען, ביי אנדערע — נור ווייבלעכע אדער נור מענלעכע. אויסערלעך האבן זיי אינגאנצן דעם אויסזען פון א געוויינלעכער אקאלעפע מיט דעם שווים־גלאק און א מין צאפן פון אונטן, וועלכער זעט אויס, ווי א מויל־עפענונג. אבער אז דו קוקסט זיך בעסער איין, באמערקסטו, אז דאס כלומרשטע מויל איז צוגעוואקסן; די געשלעכטלעכע אקאלעפע שפייזט זיך אויך, ווי אלע, מיט דעם שפייז־זאפט פון די פרעס־חברים פון דער קאלאניע. דערפאר אבער שפאלטן זיך אפ פון דעם צאפן זייער פיל מענלעכע אדער ווייבלעכע קעמערלעך. און דער באזונדערער שווים־גלאק גיט די מעגלעכקייט דער געשלעכטלעכער אקאלעפע אין דער צייט, ווען זי איז שוין אינגאנצן רייף, זיך אפצורייסן פון דעם אלגעמיינעם פארבאנד און זיך אוועקלאזן זעלבסטשטענדיק אביסל וואנדערן אין פרייען ים, כדי צו געפינען אן אפזאץ־מארק פאר אירע געשלעכטלעכע פראדוקטן.

צונויפגעוואַקסן האָבן זיי מאַקע ביי זיך איינגעפירט די ארבעטס־טיילונג.

אַ טייל אַקאַלעפן האָט זיך גענומען נאָר צום פרעסן. אַ טייל האָט גענומען אַרבעטן נאָר מיטן שווים־בלאָז. איין טייל האָט נאָר גענומען פאַרטיידיקן און איין טייל איז געבליבן נאָר ביי דער פרוכפּערונג. וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען? ביסלעכווייז זענען ביי אַלע צונויפגעוואַקסענע אַקאַלעפן פאַרשוווּנדן די איבערפליסיקע אָרגאַנען. די, וועלכע האָבן זיך געפונען פון אויבן און האָבן געדאַרפט פאַר אַלע שווימען, זענען געבליבן נאָר שווים־בלאָזן, אָן מאָגנס, אָן געשלעכטלעכע טיילן, אָן ברען־פעדימלעך. די ווייטער, וועלכע זענען געווען פון אונטן, זענען געבליבן נאָר מאָגן און מויל; זיי האָבן ביסלעכווייז פאַרלוירן די שווים־גלאָקן און זענען געוואָרן ריינע פּאָליפּ־ענלעכע מאָגן־חיות. און אַזוי ווייטער. אַנדערע זענען געבליבן נאָר ברען־פעדים, אַנדערע ווייטער נאָר געשלעכטלעכע טיילן מיט זוימען און אייער.

דו האָסט ביז איצט געהערט וועגן דער פ י ל ק ע מ ע ר ל ד י ־ ק ע ר חיה. דאָ האָב איך פאַר דיר אַ פ י ל ־ ח י ה ד י ק ע חיה. אין דער פילקעמערלדיקער חיה האָבן זיך די קעמערלעך צוליב דער אַרבעטס־טיילונג איינגעטיילט אין אָרגאַנען. דאָ זעסטו די פיל־חיהדיקע חיה, אין וועלכער אַזעלכע פילקעמערלדיקע חיות צע־טיילן זיך ווידער אויף אָרגאַן־חיות און בילדן אַזוי אַרום אַ מין „איבער־אָרגאַניזם“, אַ מין צערבער, אַ מין הונדערטקעפּיקן ריז, דרייסטער, ווי ס'האָט אים ווען עס איז אויסגעטראַכט די דרייסטסטע לעגענדע. וואָס איז געבליבן פון דיין פערטן מענטשלעכן גרוסר־זאַין?

כדי דו זאָלסט האָבן פאַר די אויגן אַ בילד פון די דאָזיקע וווּנדערלעכע סיפאָנאָפאָרעס, דאַרפסטו דיר נאָך פאָרשטעלן, אַז זיי געהערן צו די עסטעטיש־העלעכסטע דערשיינונגען פון דער נאַ־טור. ווי לעבעדיקע גאָרטנס פון דורכזיכטיקע פילפאַרביקע קרים־טאַלענע בלומען שווימען זיי איינע נאָך דער אַנדערער, שורות־ווייז אין די טיף־בלויע ים־דורכגענג ביי מעסינאַ, וווּ די נאַטור האָט שוין אַחוץ דעם פאַרשווענדעריש אָנגעזאַמלט אַלע אירע וווּנדער.

פריי צירקולירן דורך די קערפּערן פון אַלע שמשורעס, וועט גאַנץ גענוג זיין, אַז פינף וועלן זיך אָנעסן מאַר אַליע. און אַזוי ווי די פאַרטיידיקונג פון פינף וועט זיכער קלעקן אויף צו באַשיצן פופצן וועט אויך גענוג זיין דאָס בייסן פון פינף. און די דריטע פינף וועלן ווייטער גאַנץ לייכט קאָנען שלעפּן די איבעריקע. יעדער איינע פון די שמשורעס וועט זיך פון איצט אָן פאַרנעמען נאָר מיט איר זאַך, און זי וועט דערויף קאָנצענטרירן איר גאַנצע קראַפט.

אין אַ קורצער צייט אַרום וועלן זיך שוין באַמערקן די פאָלגן פון דער קאָנסעקווענטער אַרבעטס-טיילונג ביי אונזערע סאָציאַלע שמשורעס. די פינף, וועלכע וועלן נאָר פרעסן, וועלן באַקומען זייער אינטענסיווע אַרבעטנדיקע מאָגנס, דערפאַר וועלן אָבער זייערע אומניצלעכע פיס ווערן שרעקלעך פויל, אָפּגעשוואַכט און זיי וועלן גאָר אָפּדאַרן. די אַנדערע פינף, וועלכע וועלן נאָר דאַרפן בייסן, וועלן באַקומען וואָס אַמאָל מער לופט און מוט צו זייער דאָזיקער אַרבעט, אָבער זיי וועלן גאָר אָנווערן דעם אומניצלעכן מאָגן. און צו וואָס וועט דאָס ברענגען גאָר צום סוף? טייל שמשורעס פון „קעניג" וועלן ווערן נאָר מאָגנס, די אַנדערע וועלן ווערן נאָר בייסנדיקע קעפּ און די דריטע נאָר שפּרונג-פיס. ווען עמיץ זאָל זיך דאַן פּלוצלונג אָנשטויסן אויף אַזאַ בריאה, וואָלט ער גאָר-נישט געקלערט, אַז ער האָט דאָ פאַר זיך צוואַנציק שמשורעס, נאָר אַן איינהייטלעך מיסטעריעז באַשעפעניש מיט פינף קעפּ, פינף מאָגנס, פינף מאָל פיר פיס און אַזוי ווייטער. דער צוזאַמענגעוואַקסענער קנויל פון די עטלעכע אינדיווידן וואָלט אים אויסגעזען ווי דער איינציקער גרונד-קערפּער פון דער דאָזיקער ווילדער בריאה, פון דער דאָזיקער צוואַנציקער-שמשורע.

נו, ביי די שמשורעס קומט אַזעלכעס נישט פאָר, דערפאַר אָבער טרעפט דאָס פונקט אַזוי ביי אונזערע סיפאָנאָפאָרן.

דאָס איז אַ היפּן אַקאַלעפן, וועלכע זענען זיך אַזוי ענג צוזאַמענגעוואַקסן, אַז די לעבנס-זאַפטן קאָנען פריי צירקולירן פון איין קערפּער אין אַנדערן. נאָכדעם, ווי די אַקאַלעפן זענען זיך אַזוי

א בוקעט, א מלוכה, א קאָלאָניע, א סאָציאַלער פאַרבאַנד, אָדער ווי די ווילסטע עס אָגרופּן, פון פיל חיות. א קנויל איינצעלנע מיקראָזאָען האָט זיך אין איר, ווי א שטשורע-קעניג, צוזאַמענגע-פלאָכטן.

דו האָסט געהערט פון דעם ליבן באַשעפעניש, וועלכעס די גאַסן-ליבע רופן אָן „שטשורע-קעניג". אין א הויפן באַלקן אָדער אין א לאָך פון אן אַלטן שפּייכלער הערסטו א לענגערע צייט נאָכאַנאַנד — אַזוי ווערט דערציילט — א שרעקליך געקלאַפּעריי און געקוויטשעריי. ענדלעך, פּלאַצט דיר דאָס געדולד, דו כאַפּסט א האַק און ברעכסט אויף די פּאָדלאָגע אָדער דעם באַלקן — טוט אויף דיר א לויף אַרויס פון דאָרט א משונה-ווילדע בריאה, וועלכע איז אַנגעשטאָפּט אין דעם ענגן שמוציקן שטשורע-לאָך צוליב אן עקלדיקע פאַרקריפּלונג אָדער א קראַנקהייט: דאָס זענען צוואַנציק אָדער מער שטשורעס, וועלכע האָבן זיך אַזוי צונויפגעפלאָכטן און צוזאַמענגעקלעבט מיט די עקן, אַז איינע קען זיך מער פון דער אַנדערער נישט אָפּרייסן און זיי מוזן שוין אַזוי צוזאַמען זייער גאַנץ לעבן לאַנג בלײַבן אַזאַ מין סיאַמישן צוואַנציגלינג. דאָס איז (אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט צווייפלט מען איצט אַפילו אין דער ריכטיקייט פון דער דאָזיקער דערשײַנונג) דער באַרימטער „שטשורע-קעניג".

דער דאָזיקער „קעניג" איז אייגנטלעך נישט קיין מאָנאַרכיע, נאָר גיכער אַזאַ מין העכסט-אומפּראַקטישע צוזאַמענגערעפּובליק, וועלכע קען באַשטאַנט ווערן נאָר אַלס א צייטווייליקע קרענקלעכע דערשײַנונג אין שטשורע-לעבן. אָבער ווען סע זאָל זיך מאַכן אַזוי, אַז אַזאַ צונויפגעוואַקסענע שטשורע-קעניג זאָל זיך פילן גוט אין זיין צושטאַנד. און דערביי זאָלן די עקן זיך אַזוי צונויפוואַקסן, אַז עס זאָל זיך איינשטעלן א בלוט-צירקולירונג פון איין שטשורע צו דער אַנדערער. און דאַן זאָלן די צונויפגעוואַקסענע שטשורעס נעמען און איינפירן צווישן זיך אן אַרבעטס-טיילונג.

פינף שטשורעס זאָלן נאָר פרעסן און פאַרדייען. פינף זאָלן נאָר בייסן, ווען דער פיינד וועט זיך דערנעענטערן. און פינף זאָלן נאָר לויפן און שלעפן די איבעריקע. אַזוי ווי דאָס בלוט וועט דאָך

מאָגנס מיט מײַלער, דאָרט אַ הויפֿן ברען־פֿעדימלעך, דאָרט ווײַטער אַ הויפֿן מענלעכע אָדער ווײַבלעכע געשלעכטלעכע טײלן. און דאַן האָסטו די דאָזיקע הויפֿנס אַלע צונויפֿגעבונדן און געמאַכט פֿון זיי אַ גרויסן בוקעט, אַן אַקאַלעפֿן־בוקעט, וועלכער האָט אין איין עק צוועלף שווים־גלאָקן, אין אַנדערן צוועלף מאָגן־מײַלער, אין דריטן צוועלף מענלעכע און ווײַבלעכע געשלעכטלעכע טײלן; און אין פֿערטן אַן אומגעהויערן קנויל בריענדיקע טאַפּ־פֿעדימלעך. די אַקאַלעפֿן זענען אין וואַסער פּונקט אַזעלכע שיינע, פֿילפֿאַרביקע באַשעפֿענישן, ווי די בלומען בײַ אונדז: פֿאַרוואָס זאָל נישט עפּעס אַ צאַרטע האַנט אין דער ים־טיפֿקייט צונויפֿשטעלן פֿון זיי אַזעלכע בוקעטן?

אָבער וואָס איז דאָס? צי לעבט אין די טיפֿענישן פֿון די קריסטאַל־בלויע אָקעאַן־שלעסער עפּעס אַ ים־מענטש, וועלכער פֿלעכט אין זײַנע פֿרײַע שעהן אַזעלכע בוקעטן פֿון פֿילפֿאַרביקע מעדוזעס, כדי זיי צוצושפּיליען זײַן געליבטער גרינגאַוויניקער וואַסער־ניקבֿע צו דער ברוסט? און צי האָט זיך אים אַזאַ בוקעט אַרויסגעגליטשט פֿון דער האַנט און האָט זיך איצט דערטראָגן צו דיר, צו דעם זומערדיקן נאָכמיטאָג־פֿאַרשטער? ווײַל דאָס, וואָס דו האָסט באַטראַכט אַלס אַ משונהדיקע מעדוזע און וואָס ס'ליגט איצט פֿאַר דיר צעפֿלידערט, דאָס איז נישט מער און נישט ווייניקער, ווי טאַקע אַזאַ מין „בוקעט". נישט מער וואָס דער דאָזיקער בוקעט „לעבט".

נישט קיין וואַסער־מענטש האָט אים צונויפֿגעבונדן און נישט קיין מײַסטער האָט אים קינסטלעך אויסגעשניטן פֿון אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל מעדוזעס. ער איז פֿאַר זיך אַ זעלבסטשטענדיקער, לעבנס־ און ליבע־פֿעיקער אָרגאַניזם, וואָס האַלט זיך אויף אין ים. פֿאַר דיר ליגט אַן אַזוי גערופֿענע סיפֿאָנאָפֿאָרע אָדער אַ מלוכה־אַקאַלעפֿע.

די סיפֿאָנאָפֿאָרע שיידט זיך אונטער פֿון אַלע אַנדערע איינצעלנע אַקאַלעפֿעס אָט מיט וואָס. יענע לעבן משפּחות־ווײַז, אָבער יעדע איינע פֿון דער משפּחה איז אַ באַזונדערע חיה פֿאַר זיך. די סיפֿאָנאָפֿאָרע אָבער איז נישט איין חיה: זי איז שוין אַליין

אַט שווימט אַן אַקאַלעפע אָדער אַ מעדוזע, אַן איינצלנער אינדיווידואום. דאָס איז אַ זעלבסטשטענדיקע, איינהייטלעכע בריאה, פּונקט אַזוי ווי דו.

זי באַשטייט פון אַ קנויל קעמערלעך, פּונקט ווי דו. די דאָזיקע קעמערלעך זענען פאַראייניקט אין אַן עגן פאַרבאַנד, פּונקט אַזוי ווי דיינע, און דער דאָזיקער פאַרבאַנד שטעלט מיט זיך פאָר איין געשלאָסענעם אינדיווידואום. צווישן די קעמערלעך איז איינגעפירט אַן אַרבעטס־טיילונג, פּונקט ווי צווישן די קעמערלעך אין דיין קערפּער. זיי בילדן אָרגאַנען, נישט אַזוי פיל ווי די קעמערלעך פון דיין קערפּער, אָבער דאָך אייניקע גאַנץ בולטע, צום ביישפּיל דעם מאָגן, דעם שווים־בלאָז, אַ געוויסן אייגנאַרטיקן נערוון־אַפּאַראַט און, דער עיקר, געוויסע גריפן, וועלכע שפּאַלטן פון זיך אָפּ זוימען און אייער. מיט איין וואָרט, די איינצעלנע מעדוזע איז אַלס היה נישט אַזוי הויך אַנטוויקלט, ווי דו, אָבער אַ באַזונדערער אינדיווידואום איז זי פּונקט אַזוי ווי דו, זי איז פּונקט אַזעלכע אַזעלכע אַזעלכע, פּונקט אַזוי ווי דו ביסט דער און דער באַשטימטער מענטש, מיט דיין אייגענעם נאָמען, מיט דיין אייגענעם פּאַס.

אַזעלכע אַקאַלעפן געפינסטו, ווי געזאָגט, אין ים מערסטנטיילס אין גרויסע מחנות. פאַרוואָס נישט? זיי שווימען מחנות־ווייז, אָבער יעדע איז אַן אינדיווידואום פאַר זיך. און מיט אַמאָל באַמערקסטו אין דער שיינער בלויער אָדער גראָז־גרינלעכער רייע פון די שווימענדיקע אַקאַלעפן אַ בריאה, וועלכע ווייזט דיר אויס צו זיין פון אַ גאַנץ באַזונדערן מין. דו כאַפּסט זי אַרויס פון וואַסער און באַטראַכטסט זי. עס איז אַ מעדוזע און נישט קיין מעדוזע. וואָס איז עס?

שטעל דיר פאָר, אַז דו װאָלסט אַרויסגענומען פון וואַסער אַ מין מעדוזעס און יעדע פון זיי געשניטן אויף באַזונדערע אָרגאַנען. און דו האָסט די דאָזיקע אָרגאַנען פון דעם גאַנצן טרוץ חיהלעך צונויפגעקליבן צו פראַמען: דאָ אַ הויפן שווים־בלאָזן, דאָ אַ הויפן

פֿערטער גרונדזאַץ. דאָ האָסטו פֿאַר דיר איינס פֿון די גרעסטע אָרגאַנישע װוּנדער, װעלכע עקזיסטירן בכלל אויף דער דאָזיקער אַלטער װוּנדער־ערד.

װען די לערע װעגן דער חיות־װעלט װאָלט ביז איצט נישט געװען אַזאַ פֿאַרשלאָסענער טורעם, אין װעלכן סיקאָנען אָנקומען נור אייניקע אויסדערװיילטע, װאָלטן שוין לאַנג אַלע פּאָליטיקער, סאָציאָלאָגן און פֿילאָזאָפֿן געמוזט זיצן ביי דער איינציקער זאַך, װעלכע איך דאַרף דיר באַלד װייזן, און טראַכטן און לערנען. איך װייס אָבער נישט, װיפֿיל מענטשן סזענען בכלל דאָ אויף דער װעלט, װאָס האָבן אַפֿילו נור דעם בלויזן נאָמען דערפֿון געהערט. דו האָסט זיכער קיינמאָל נישט געהערט דערפֿון, און װען איך זאָל װעלן מאַכן מיט דיר אַ ביסל שפּאַס און דיר זאָגן, אַז איך דערצייל דיר אַ מעשה פֿון מאַרס, װאָלסטו עס זיכער געהאַלטן פֿאַר אַ העכסט־פֿריילעכע פֿאַנטאַזיע, װאָס לאַכט אָפּ פֿון אונזער מענטש־לעכער געזעלשאַפֿט, און עס װאָלט פֿאַר דיר זיכער קיין ספֿק נישט געװען, אַז אין דער װירקלעכקייט קאָן קיינמאָל גאָר אַזעלכעס נישט פֿאָרקומען.

דיין פֿערטער גרונדזאַץ האָט געזאָגט, אַז גאַנצע מענטשלעכע אינדיװידואומס קאָנען זיך קיינמאָל נישט צונויפֿװאַקסן איינער מיט דעם אַנדערן. קיין שום סאָציאַלער פֿאַרבאַנד, קיין שום פֿריינטשאַפֿט, קיין שום הייסע ליבע קאָן דערצו נישט דערפֿירן. דער סיאַמישער צװילינג איז אַן אומנאַטירלעכע געבורט, אָבער בשום אופֿן נישט קיין העכערע אַנטװיקלונג. גראָד אויף דער אומאָפּהענ־גיקייט און קערפּערלעכער זעלבסטשטענדיקייט פֿון די מענטשלעכע באַזונדערע אינדיװידואומס האַלט זיך דער סאָציאַלער אידעאַל אין דער מענטשהייט און אַזוי װייטער. דיר גלוסט זיך אַװעקצולאָזן אויף אַ סאָציאָלאָגישן אויספֿלת און איך דריק דיר לכתּחילה שוין די האַנט: דאָס איז אַ גאַנץ גוטע זאַך. איך װיל דיר נור דערװייל װייזן עפּעס אַ זאַך אין איין װינקל פֿון דעם גרויסן טורעם פֿון דער חיות־װעלט, איבער װעלכער דו װעסט מוזן זייער אַ סך טראַכטן.

נו, הייסט עס, אַז אונזער פּאַליפּ־ענלעכער מעדוזע־עמבריאָ פּרוכפּערט זיך, ער געבוירט פון זיך אַ גאַנצן הויפן יונגע מעדו־זעלעך. און די דאָזיקע מעדוזעלעך באַקומען ערשט די געשלעכט־לעכע אָרגאַנען פאַר דעם אַנדערן פּרוכפּערונגס־אופן: זיי טיילן פון זיך אויס זוימען און אייער און הויבן אָן די געשיכטע פון דאָס ניי.

די פאַרשטייסט, וואָס פאַראַ קאָלאָסאַלער אונטערשייד עס איז דאָ צווישן דיין פּרוכפּערונג און דער פּרוכפּערונג פון די דאָזיקע מעדוזעס. דיין פיש־ענלעכער עמבריאָ פאַרוואַנדלט זיך אין אַ מענטש און ווען דער מענטש ווערט אַלט אַזוי פיל און אַזוי פיל יאָר, ווערט ער געשלעכטלעך רייף און קאָן געבוירן נייע מענטשן. דער פּאַליפּ־ענלעכער מעדוזע־עמבריאָ איז אָבער שוין אַלס אַזעלכער רייף און געבוירט פון זיך אַ גאַנץ געווימל פאַרטיקע מעדוזעס.

און דו זעסט, אַז מיר זענען רעדוויל צוגעקומען צו דיין הײַנטיקן מענטשלעכן גרונד־זאַץ און האַלטן אים צוזאַמען מיט דיין צווייטן גרונד־זאַץ אין שאַך. איינס פון די צוויי: אָדער דו נעמסט אָן, אַז פון דער מעדוזע ווערט געבוירן אַן אַנדערע חיה, אַ פּאַליפּ, און פון אים ווייטער ווערן געבוירן מעדוזעס. דאַן פאַלט אום דיין צווייטער גרונד־זאַץ; דאָס קומט אויס אַזוי, ווי ווען דיין פרוי וואָלט געבוירן אַ שנאַבל־חיה און די חיה וואָלט ווייטער פון זיך געבוירן אַ מענטשן. אָדער דו נעמסט אָן דעם פּאַליפּ, וועלכער איז אויסגע־וואַקסן פון מעדוזע־איי, פאַר אַן עמבריאָ, אַ שלייערל, פאַר „אַן אומרייפער מעדוזע", און דאַן פאַלט אום דיין דריטער גרונדזאַץ, ווייל דו האָסט דאָ פאַר זיך אַן אומרייף יונג־באַשעפעניש, וואָס ווערט שוין אַלס אַזעלכעס רייף און פּרוכפּערט זיך.

...וואָס, עס דרייט זיך דיר דער קאָפּ? קום, דו מוזט נאָך ווייטער גיין. דאָס בוך פון דער ליבע אין דער נאַטור האָט אויך אַזעלכע ערטער, וווּ דער לעזער פאַרלירט אינגאַנצן דעם קאָפּ, אַזוי ווי דער ווילער סאַנטשאָ, וועגן וועלכן סערוואַנטעס דערציילט: „און ער האָט רויק גענומען גיין ווייטער, ווייל ער איז שוין פון איצט אָן געווען אינגאַנצן זיכער, אַז זיין העלד איז באמת משוגע געוואָרן". דו מוזט דיך נאָך מער שטאַרקן. ווייל עס קומט דיין

געבוירן אַ פּאַליפּ און פון דעם פּאַליפּ ווידער אַ מעדוזע...

דו געדענקסט אָבער נאָך עפּעס פון פריער און ביסט מיט מיר דאָ נישט מסכּים. דאָ איז גאָר קיין שום וואונדער נישט פּאַרגעקומען, זאָגסטו, דאָ איז פּשוט דורכגעפירט געוואָרן דאָס ביאָגענעטישע גרונד־געזעץ. די מעדוזע שטאַמט אָפּ געשיכטלעך פון פּאַליפּ, דעריבער חזרט זי איבער אין איר אינדיווידועלער אַנטוויקלונג די פאָרם פון פּאַליפּ, און דאַן ערשט ווערט זי מע־דוזע. ביים מענטש, זאָגסטו, קומט דאָך אויך פאָר דאָס זעלבע וואונדער, ווען ער באַקומט אין מוטערלייב זשאַבערעס־שפּאַלטן, ווי אַ פיש, אָדער אַן עק, ווי אַ מאַלפּע.

און דו ביסט אַפילו פון איין זייט אינגאַנצן גערעכט. די מעדוזע שטאַמט טאַקע געשיכטלעך אָפּ פון פּאַליפּ, און אויב אין איר אינדיווידועלער אַנטוויקלונג מאַכט זי נאָכאַמאָל דורך די פאָרם פון פּאַליפּ, איז עס זיכער אַ געשיכטלעכע ערינערונג אין דעם זין פון ביאָגענעטישן גרונד־געזעץ, פּונקט אַזוי ווי עס איז מיט די זשאַבערעס און דעם עק, וועלכע דו באַקומסט אין מוטער־לייב.

אָבער פונדעסטוועגן איז דאָ נישט אַלץ אַזוי איינפאַך. באַטראַכט דיך נאָר גוט...

מיר ווילן זאָגן, אַז דער פּאַליפּ, וועלכער קומט אַרויס פון מעדוזישן איי, איז נאָך אַן עמבריאָ, אַ שפּראַצעלע פון דער קינפ־טיקער רייפער מעדוזע. אָבער דער דאָזיקער „עמבריאָ" איז דאָך שוין אין דער זעלבער צייט אַ ר ײ פ ע בריאה! אונזער מענטש־לעכער עמבריאָ פאַרענדערט זיך, ווערט געבוירן, וואַקסט אויף און ווערט ערשט דאַן אַ רייפער מענטש. וואָס טוט אָבער דער פּאַליפּ־עמבריאָ פון דער מעדוזע? ער פירט זיך אויף שוין ווי אַ רייפע חיה: ער אַ ל י י ן פּרופּעווערט זיך.

יאָ, דאָס איז דאָך זיכער אַזוי. וואָס איז דען די גאַנצע אָפּשפּאַלטונג פון יענע שעלעכלעך, אויב נישט קיין פּרופּעווערונג? נאַטירלעך, נישט קיין געשלעכטלעכע. מיר האָבן דאָך אָבער גע־זען, אַז די הידרע־פּאַליפּן פּרופּעווערן זיך אויך אַפּט אויף דעם אומגעשלעכטלעכן אופן.

נערע שעלעכלעך איטס אין דעם אַנדערן. און דאַן טוט א קנאַק, דאָס אויבערשטע ברעכט זיך אָפּ, פֿאַלט אַראָפּ און בלייבט שטיין אויפֿן טיש אַלס א גיי, ייִנג שעלעכל, און באַלד נאָך אים טוט דאָס זעלבע דאָס מיטלסטע. און אַזוי ווי דאָס אונטערשטע בלייבט אויך שטיין, אַלס קליין שעלעכל, האָסטו אַנשטאָט דער פֿריערדיקער איינער שאָל, דריי נייע, קליינע שעלעכלעך.

ביי אמתע קאַווע־שאָלן ווערטו אַזעלכעס קאָנען זען אפֿשר נאָר אין א פֿאַרכישופֿטן סערוויז, ערגעץ אין א צויבער־שלאָס. אָבער ביי יענע פֿאָליפּן, וועלכע קומען אַרויס פֿון דעם מעדוזישן איי, קאָנסטו דאָס זען יעדן טאָג.

אָט זיצט זיך דער פֿאָלופּ, וועלכער איז באמת גאַנץ ענלעך צו א קאַווע־שאָל. דער הוילער חלל פֿון דער שאָל — דאָס איז זיין מאָגן. די עפֿענונג — דאָס מויל. און איצט — וואָס קומט מיט אים פֿאָר?

אין דער ברייט פֿון מאָגן וואַקסן אים אַריין נייע זעגמלעך. די גאַנצע בריאה קנייטשט זיך אביסל אַריין אין די ערטער, וווּ עס וואַקסן אַריין די זעגמלעך. אַנשטאָט איין שאָל, זעסטו באַלד פֿיל, א גאַנצע רייע, וואָס שטייען איינע אין דער אַנדערער. פֿריער האָט נאָר די אויבערשטע דעם קראַנץ כאַפּ־פֿינגערלעך. באַלד אָבער שפּראָצן אַרויס אַזעלכע פֿינגערלעך אַרום יעדן ראַנד פֿון די נייע שעלעכלעך. און מיט אַמאָל — א קנאַק. די אויבערשטע שאָל מיט דעם אַלטן מויל און מיט דעם אַלטן קראַנץ כאַפּ־פֿינגער רייסט זיך אָפּ און ווערט א זעלבסטשטענדיקע חיה. נאָך איר טוט דאָס זעלבע די צווייטע, די דריטע און אַזוי ווייטער.

און זע נאָר: די אָפּגעריסענע שעלעכלעך זעצן זיך נישט אַוועק אויפֿן דעק פֿון ים אַלס נייע פֿאָליפּן. זיי דרייען זיך איבער אין וואַסער, אַזוי אַז דאָס מויל מיט די כאַפּ־פֿינגערלעך קומט אויס פֿון אונטן, און הייבן אָן צו שווימען. זיי ווערן מעדוזעס.

ווי איז דאָ דיין צווייטער מעטאַמאָרפֿאָזע נתגלה־ואַי? פֿון א מענטש ווערט געבוירן א מענטש. אָבער פֿון דער מעדוזע ווערט

מיט אייער. דערמיט זענען זיי אפילו מער ענלעך צום מענטש, ווי דער הידרע־פּאָליפּ.

נישט אַזוי מענטשלעך איז אפילו דאָס, וואָס זיי וואַרפֿן פֿיל כּמאַל ארויס די געשלעכטלעכע פּראָדוקטן דורכן מויל. אָבער דאָס מויל — דאָס איז דאָך ביי זיי די איינציקע עפֿנונג פֿון קערפּער, און קיין אונטערשטן ארויסגאַנג האָבן זיי נישט, אַזוי אַז דאָס דאַרף דיך גאָר אַזוי נישט וווּנדערן. אַז אַ באַשעפֿעניש וואַרפֿט ארויס די אומנוצלעכע פֿאַרדייאונגס־רעשטלעך דורכן מויל, פֿאַרוואָס זאָל עס נישט אויך דורך דער זעלבער עפֿנונג ארויסלאָזן זײַנע געשלעכטלעכע פּראָדוקטן און קריגן קינדער; ביי דיר קומט דאָך דאָס אויך פֿאָר דורך דעם זעלבן קאַנאַל, וועלכער פֿירט ארויס פֿון קערפּער די אורין, ד. ה. אויך אַזאַ איבעריקן פֿאַרדייאונגס־רעשט. און דאַן גייט שוין אַלץ צו גלאַטיק. ווייטער אַ זוימען־קעמערל גיסט זיך צונויף מיט אַן איי־קעמערל, און איצטער ווערט — דו מיינסט אַ נייע מעדוזע? יאָ, דאַן וואָלט איך דיר דאָ די גאַנצע געשיכטע גאָרנישט דערציילט...

פֿון דעם באַפֿרוכטיקטן איי פֿון דער מעדוזע וואַקסט ארויס (נאָך אַן אָנטאָגענעטישער איבערחזרונג פֿון דער וואָלוואָקס און גאַסטרעאַ־פֿאָרם) אַ פּאָליפּ, וועלכער זיצט פֿעסט אויפֿן דעק פֿון ים. ער זיצט זיך ווי אַ בעכער, האָט זיך אינעווייניק אַ מאָגן, פֿון אויבן אַ מויל מיט כאַפּ־פֿינגער ארום אים, און לעבט און פֿרעסט און זעט אויס צו זיין אינגאַנצן אַ רייפֿע בריאה. עס איז פּונקט אַזוי, ווי ווען דיין געליבטע זאָל אין איין שיינעם טאָג געלעגן ווערן און ברענגען אויף דער וועלט אָנשטאָט אַ יונג מענטשעלע, אַ רייפֿן קענגורו אָדער אַ שנאָבל־חיה. וואָס זאָל דאָ זיין? וואַרט צו.

שטעל דיר פֿאָר אַזעלכעס. אָט שטייט אַ קאַווע־שאָל. די דאָזיקע קאַווע־שאָל טוט דיר מיט אַמאָל אָפּ אַזאַ מין ווילדע זאַך. זי באַקומט קליינע קאַווע־שעלעכלעך. און מאַכן מאַכט זי עס אויף אַזאַ מין אופֿן. אינדערמיט וואַקסט איר אַרויס אַ נייע דנאָ. און דאַן צווישן דער נייער דנאָ און דער אַלטער נאָך אַ דריטע. ענדלעך, האָבן פֿאַר דיר, אָנשטאָט איינער, דריי קלעי־

נו גוט. דו קענסט די הערלעכע מעדוזעס און אקאלעפן, וועלכע שווימען ארום פריי אין ים. דו געפינסט זיי אויף יעדן ים־ברעג. נאָך א שטורעם ליגן זיי אלס גלאטע דורכזיכטיקע פאר־גליווערטע שייבלעך אויפן ווייסן זאמד און טריקענען, און שטארבן אָפּ. אין פרייען ים זעסטו זיי אָבער פון שיף אין זייער גאנצער לעבנס־פראכט, ווי זיי שווימען זיך אין לאנגע רייען, די ווונדערלעכסטע באשעפענישן פון ים, פילפארביקע, מיט זייער עלאסטישן שווים־קערפער כמעט אָן א פינטעלע הארטן שטאָף, אויף צו להכעיס דעם וועלט־ים, וועלבער צוברעכט דיין ריזיקע מענטשן־שיף, אזוי ווי שטרוי.

אזא מעדוזע איז א חיה, וועלכע שטייט מיט א שטאפל העכער פון דער גאסטרעא. דאָס גאנצע באשעפעניש זעט אויס ווי א שווימענדיקער גלאָק. די אויסערלעכע טיילן פון דעם דאָזיקן גלאָק שטעלן מיט זיך פאָר א זעלטענעם שווים־אפאראט. אז ער ציט זיך ריטמיש צונויף, שווימט די גאנצע חיה אין וואסער. פון דעם אונטערשטן ראנד פון דעם גלאָק הענגען אראָפּ פיל דינע, בריענדיקע כאפּ־פעדימלעך, וועלכע זענען אינגאנצן ענלעך צו די אנטשפרעכנדיקע כאפּ־פינגערלעך פון הידרא־פּאָליפּ. אין מיטן פון גלאָק זיצט, ווי א דיק צינגל, דער גאסטרא־מאָגן, וועלכער גרענעצט זיך מיט די כאפּ־פעדימלעך. אין עצם זעט עס אויס אזוי, ווי דו וואָלסט דעם קליינעם הידרע־פּאָליפּ אָפּגעריסן פון זיין אָרט און געלאָזן פריי שווימען אין ים. דו פארשטייסט דאָך, אז די דאָזיקע מעדוזע שטאמט אָפּ געשיכט־לעך פון יעדער הידרע. איצט באטראכט די אנטוויקלונג פון אזא היינטיקער מעדוזע, די געשיכטע פון איר ליבע און איר פרוכפערונג. די אזוי גערופענע לאפּן־אקאלעפע (דאָס איז א מין מעדוזעס, צו וועלכן עס געהערט אויך די באקאנטע אויערן־אקאלעפע פון די דייטשע ים־ברעגן) זאָל אונז דינען אלס מוס־טער.

כמעט אלע די דאָזיקע מעדוזעס זענען גאָר איינגעשלעכטיק. עס זענען פאראן מענלעכע מעדוזעס מיט זוימען און ווייבלעכע

אויפֿן אָרט פֿון דעם זעקסטן אָבער, ווי די באַזונדערע שטיקער
פֿון דער קאָלאָניע נעמען זיך פֿלייסיק צו דער אַרבעט און הויבן
אָן אויפֿצובויען נייע גאַנצע קאָלאָניעס. האָט מען די הידרע גע־
האַט צושניטן אויף פֿיר שטיק, לאָזט יעדער שטיקל זיך באַלד
צוזאַמענוואַקסן די פֿעלנדיקע דריי פֿערטל פֿון קערפּער, און אין אַ
קורצער צייט אַרום האָט מען שוין ווידער פֿיר גאַנצע לעבעדיקע
הידרע־קאָלאָניעס. עס איז כמעט אומגלויבלעך, ווי ווייט מען
קען ביי די דאָזיקע הידרעס גיין מיט דעם צושנײַדן; מען קען
זיי צושנײַדן אויף אַזעלכע ברעקעלעך, וועלכע מען קען קוים
מיטן אויג נאָך דערזען, און דאָך וואַקסט כמעט פֿון יעדן פֿון
די דאָזיקע ברעקעלעך צוריק אויף די גאַנצע בריאה. ביי אַזאַ
ווייך שוואַך באַשעפֿעניש, וועלכעס קען זייער לײַכט אין וואַ־
סער צעריסן ווערן, איז אַזאַ מעגלעכקייט זיכער אַ גלענצנדער
שוץ. נאַטירלעך, איז די דאָזיקע דערשײַנונג מעגלעך ביי דער
בריאה נאָר דערפֿאַר, וואָס דער גאַנצער געבוי פֿון איר פֿילקע־
מערלדיקער קאָלאָניע איז נאָך נישט קיין צו קאָמפּליצירטער, קיין
צו געשלאָסענער. ביי די העכערע אָרגאַניזמען, וואָלט די דאָזי־
קע אײַגנשאַפֿט נישט געקאָנט פֿיל העלפֿן, ווײַל די צושנײַדונג
וואָלט גיכער געבראַכט צום פֿולשטענדיקן טויט, איידער סיוואָלט
געקאָנט צוזאַמענוואַקסן וועלכער ס'איז אָפּגעשניטענער אָרגאַן. דערי־
בער האָבן די העכערע אָרגאַניזמען אינגאַנצן מער נישט די דאָ־
זיקע אײַגנשאַפֿט. אַז מען שנײַדט דיר אָפּ אַ פֿוס, וואַקסט דיר
שוין נישט אַרויס קיין נײַער. דערהויפּט הערט אָבער אויך אויף
דאָס געבוירן דורך קנאָספּונג, אָן געשלעכטלעכער באַהעפֿטונג.
און דעם האָסטו צו פֿאַרדאַנקען דאָס, וואָס דו קאָנסט הײַנט
געבוירן קינדער נאָר דורך דעם ליבע־אַקט, און וואָס עס וואַקסט
דיר אָדער דײַן פֿרוי נישט אַרויס אַ חוץ דעם נאָך קליינע מיי־
דעלעך און ייִנגעלעך פֿון דעם רוקן, פֿון דער קני אָדער פֿון פֿוס,
אַזוי ווי סאַלאַט־הײַפּלעך פֿון אַ פֿרוכטבאַרער גאָרטן־בייט.
דאָך מיר גייען איבער צו דײַן צווייטן מענטשלעכן גרונט־
זאַץ. פֿון מענטשלעכן מוטער־לײַב קומט אַרויס אַ מענטשן־קינד.
דאָס איז האַרט, דוכט זיך, אינגאַנצן זעלבסטפֿאַרשטענדלעך.

ביטערער קיין לעגענדאַרישן ריז מיט הונדערט קעפּ און הונדערט הענט. און דער נאָענטסטער געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד האָט נאָך קיינמאָל נישט געשאַפן קיין מענטשלעכן „שטשורע־קעניג", וווּ פופציק מענטשן זאָלן זיך צונויפוואַקסן, זאָל זיין, מיט די הינ־טערשטע טיילן פון די קערפּערס. און אַפילו די ברענענדיקסטע ליבע פון צוויי מענטשן, וועלכע ווילן זיך אויפפרעסן איינער דעם אַנדערן, לאָזט זיי זיך נישט צונויפגיסן אַלס געשלעכטלעכע דאָפּלט־חיה.

אָנגעלאָדן מיט די דאָזיקע פיר גרונטזאַצן, קלאַפּט איצט אָן אין אַ צויבער־שלאָס. ער איז קריסטאַל־בלוי, און עס וווינען אין אים שיינע, פילפאַרביקע דורכזיכטיקע עלפן. טייל זיצן אַזוי ווי ווונדער־שיינע בלומען־בעכערס אויפן דעק. אַנדערע שווימען אַרום אין דער בלויקייט ווי גרויסע ליכטיקע גלאָקן. דו ביסט ביי פּאָ־ליפּן און מעדוזעס. און איצט ליגט צו דיינע פיר גרונט־זאַצן ווי אַן אייל און מעסט.

דער קליינער גרינער הידראַ־פּאָליפּ אין זיסוואַסער וואַרפט באַלד אום דיין ערשטן זאַץ. דער זעלבער אינדיווידואום אַנט־וויקלט פון באַזנט, ביי דעם קראַנץ פון די מויל־פינגער, מענ־לעכע זוימען און ווייטער פון הינטן ווייבלעכע אייער. נאַטירלעך מוז אויך דאָ די באַפרוכטיקונג פאַרקומען צווישן צוויי אינדיווי־דואַליטעטן, דו געדענקסט דאָך דאָס געזעץ וועגן דער אינצוכט. אָבער דאָך האָסטו דאָ אַ גוואַלטיקן אונטערשייד קעגן דיר.

איבעריקנס, איז די זאַך, אויב דו ווילסט, נאָך פיל פאַר־וויקלטער. די קליינע הידרע קאָן זיך פּרופּעדן נישט נאָר אויפן געשלעכטלעכן אופן. זי קאָן פון זיך לאָזן אַרויסוואַקסן קליינע פּאָליפּעלעך, אַזוי ווי קנאָספּעלעך, וועלכע טיילן זיך דאַן אָפּ און הויבן גלייך אָן צו פירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן אַלס פּאָליפּ, נישט דאַרפנדיק דורכמאַכן פריער קיין צונויפמישונג און אַזוי ווייטער. פונקט אַזוי ווי פאַרשידענע געוויקסן קאָנען זיך פּרוב־פּערן נישט נאָר דורך זוימען, נאָר אויך דורך דער איינפאַכער געוויקס־קנאָספּונג; נישט מער וואָס ביי געוויקסן זענען מיר צו

לעבן, אָן וועלכע דיין גאַנץ ליבע־לעבן וואָלט גאָר אוממעגלעך געווען.

קודם כּל: דו ליבסט פּאָרווייז, מאַן און פרוי. די פרוי האָט די אייערשטאָקן, דו האָסט די זוימען־דריזלעך, יעדער נאָר איין טייל פאַר זיך.

דאַן ווייטער: אַז איר ביידע, מאַן און פרוי, ליבט זיך, אַנטשטייט אַלס פּראָדוקט פון אייער ליבע ווידער אַ נייער מענטש, אַ קינד, וועלכעס איז נאָך אַפילו אַ „קליין" מענטשעלע, אָבער דאָך שוין אָן אַ שום ספק פון זיין געבורט אָן אַ „מענטש" און נישט קיין אַנדער בריאה.

דריטנס: דאָס קינד, וואָס איר געבוירט, מוז ערשט פיל יאָרן לעבן אויף דער וועלט, עס מוז ערשט באַקומען די פולע רייפקייט פון קערפּער, איידער עס קאָן אָנהייבן אַליין צו געבוירן קינדער. קיינמאָל אָבער מאַכט זיך נישט, אַז אַ נאָך נישט געבוירן קינד אין מוטער־לייב, אָדער אַ נאָר־וואָס געבוירן קינד זאָל שוין פון זיך ווייטער געבוירן קינדער.

און ענדלעך: דו, מענטש, ביזט מאַקע, ווי דו ווייסט שוין אַ מין מלוכה, אַ סאָציאַלער פאַרבאַנד פון מיליאַרדן איינצעלנע קערפּערלעך, אָבער דו ביזט פאַר זיך, אַלס מענטש, איין פעסט־געשלאָסענער אינדיווידואום. פון אַזעלכע אינדיווידואַליטעטן בילדעט זיך די מענטשהייט. עס קאָן זיך מאַכן, אַז פיל אַזעלכע מענטשלעכע אינדיווידואומס נעמען זיך צונויף, כּדי צו טון צוזאַמען עפּעס אַ געמיינזאַמע זאַך. איר מענטשן האַלט זיך צוזאַמען אַלס קרייז פון פריינט, אַלס געזעלשאַפט, אַלס סאָציאַלער קערפּער, אַלס מלוכה. איר האָט אויך צווישן זיך איינגעפירט אַ געוויסע אַרבעטס־טיילונג, אַזוי אַז איטלעכער צב. נייט פאַר פיל די שיך, איינער שרייבט פאַר פיל די צייטונג, און איינער מאַכט פאַר פיל ווורשט. יעדער ליבע־בונד פון צוויי מענטשן איז אויך אַזאַ מין פאַראייניקונג. קיינמאָל מאַכט זיך אָבער נישט, אַז גאַנצע מענטשן־אינדיווידואומס זאָלן זיך ביי אַזעלכע פאַראייניקונגען באַמת צונויפוואַקסן, אַזוי ווי די קערפּערלעך פון איין אָרגאַניזם. אַפילו דער ערנסטער מלוכה־פאַרבאַנד מאַכט נישט פון זיינע

מאָל נאָכאַנאַנד דעם אַמאָל טיפזיניק אויסגעטראַכטן אָבער איצט אומענדלעך באַנאַליזירטן שפּרוך: „אָם מאַני פּאַד-מע הום" „דער אוצר אין לאָטאָס, אָמן". אַזוי זאָל אויך ביי אונז כּבֿוד קלאַפּן דאָס רעדל: מאַן און פרוי, אייעקעמערל, זוימען-קעמערל, מישונג, טיילונג, קנויל פון קעמערלעך, הום, בום, ביזן סוף. „אָם מאַני פּאַדמע הום" פון דער ליבע.

אָבער אַזוי לאַנגווייליק איז דאָך די נאַטור נישט. גיי צו צום טעלעסקאָפּ. דאָרט זעסטו פּלאַנעטן, גרויסע, קליינע, ווייסע, רויטע, גרינלעכע, געל־ווייסע, ווענוס, מאַרס, נעפּטון, יופּיטער, סאַטורן, אַלע האַלטן זיך אויף דעם זעלבן גראַוויטאַציע־געזעץ, וואָס טראָגט זיי אַרום דער זון. דאָס וואָלט דאָך אויך געקאָנט ווערן לאַנגווייליק. און דאָך איז יעדע פּלאַנעט אַ וועלט מיט איר באַזונדערער הערלעכקייט: די ווענוס מיט איר ווייסער וואָלקן-דעק, דער מאַרס מיט זיינע רויטע מדבריות און גרינלעכע לעבנס-פּאַסן, דער אומגעהויערער יופּיטער מיט זיינע לאַקס־פאַרביקע דאַמער־בענדער און בלומיקע פלעקן, דער סאַטורן מיט זיין ווונ-דערפולן רינג־סיסטעם, אַן אומפאַרשעפּלעכער קוואַל פאַר דער פאָרשונג, וועלכער וועט קלערן דער מענטשהייט נאָך אויף טויזנ-טער יאָרן.

און יעדע איינצעלנע גרופּע פון דער חיות־וועלט, אַפילו יע-דער איינציקער מין שטייט פאַר דיר אַלס אַזאַ איינצעלנע פּלאַ-נעט, וועלכע איז פאַר זיך די ווונדערפולסטע אינדיווידואַליטעט, הגם זי האַלט זיך צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אויף דעם זעלבן גרונט־געזעץ. און פּונקט אַזוי ווי דיין ערד ווערט פאַר דיר ערשט באַזונדער אינטערעסאַנט און קלאָר, ווען דו באַטראַכטסט זי אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאַרשידנאַרטיקייטן, וועלכע דו געפינסט ביי די אַנדערע פּלאַנעטן, אַזוי ווערט פאַר דיר ערשט די מענטש-לעכע ליבע באַלויכטן דורך די אַלע וואַריאַנטן און ליבע־מעגלעכקייטן פון דער איבעריקער חיות־וועלט. און דו ווייסט די דאָזיקע וואַ-ריאַנטן קאָנען ניין, דאָס וועלן מיר באַלד אַלס [illegible] אַ קוק טאָן טאַקע ביי די פּאָליפּן, וועלכע מיר האָבן אונטער דער האַנט.

דו ליבסט אַלס מענטש. נעם פיר גרונט־זאַצן פון דיין ליבע-

פֿאָרם פֿון דער גאַסטרעאַ ווערט נאָכגעמאַכט ביי דער אָנטאָגענעטישער אַנטוויקלונג פֿון די העכערע ברואים, באַמערקט מען פֿאַרשיידענע ענדערונגען. איך האָב דיר געזאָגט, ווי אַזוי מען קאָן זיך פֿאָרשטעלן די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פֿון דעם וואַלוואָקס ביז צו דער גאַסטרעאַ: די פֿרעס־קעמערלעך האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינקנייטשן אינעווייניק אין דער קויל אַריין, אַזוי אַז די גאַנצע בריאה האָט אָנגענומען די פֿאָרם פֿון אַ בעכער מיט אַ טאָפּלטער וואַנט. פֿיל העכערע חיות מאַכן נאָך ביז איצט אָנטאָגענעטיש נאָך די זאַך פּונקט אַזוי. ביי אַנדערע ראַקען, לאָזן שוין דורך די שפּראַצל־קעמערלעך געוויסע פּונקטן פֿון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג און שטעלן אויף אַ קורצערן וועג די גאַסטרעאַ־פֿאָרם. עס גייט דאָ צו פּונקט ווי אין אַ טעאַטער־שפּיל, וווּ יעדער סטאַטיסט מוז זיך אין אָנהייב גענוי האַלטן ביי זיין פֿאַרגעשריבענעם מאַרשרוט; ווען מען איז שוין אָבער דורכגעגאַנגען אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל פֿאָרשטעלונגען, און יעדער פֿאַרשטייט שוין גוט די וויכטיקסטע הויפּט־ציִלן, מאַכט ניט אויס, אַז איינער לאָזט זיך אויף דעם אָדער יענעם גלייכערן וועג, אָדער דערלויבט זיך בכלל וועלכע ס׳איז זעלבסטשטענדיקע האַנדלונג: דער עיקר איז, אַז דער ציל זאָל זיין דערגרייכט. און אַזוי גייט עס ווייטער. נאָר גראָד דערפֿאַר, וואָס די באַגריפֿסט שוין גוט דאָס געזעץ און ווייסט שוין ווי אַזוי די „ציִלן“ ווערן דערגרייכט, וועלן די דאָזיקע וואַריאַנטן דיך ניט לאַנג קאָנען פֿאַרווײַלן.

און דיר דוכט זיך: צי וועט ביי אַזאַ פּרינציפּיעלער ענלעכקייט פֿון איצט אָן די גאַנצע ליבע־נאַטור־געשיכטע ניט ווערן שרעקלעך־לאַנגווייליק? צי זאָלסטו מיר ניט מוחל זיין די גאַנצע ווייטערדיקע אומנוצלעכע איבערחזרונג — דאָס דאָזיקע כינעזישע דאַוון־רעדל?

אין כינעזישן דאַוון־רעדל משתדל (דאָס איז אַ גליקלעכע דערפֿינדונג פֿאַר פֿרומע, וועלכע פֿילן זיך צו דאַווענען, אַ מאַשין, וואָס איבערמעכאַניזירט, אַזוי צו זאָגן, דאָס דאַווענען) דרייט זיך סטאַם דאָס זעלבע צעטעלע און חזרט איבער מיליאָנען

„זאג אונז, פאסטער, ווו מיר וואנדערן!
זאג אונז, גוטער, ווער מיר זענען!
גליקלעך זענען מיר, אלע, אלע, —
ס'איז דאס לעבן אזוי זיס".

פאוסט, צווייטער טייל.

איך וועל דיך נאך א מאָמענט האַלטן בײַם פּאָליפּ. בײַם פּאָליפּ און זײַנע נאָנטסטע קרובים.

איך קאָן דיך דאָ באַלד באַפרייען פון א פעלער, וועלכער דראָט אונזער גאַנצע ווייטערדיקע ליבעגעשיכטע צו מאַכן לאַנג־ווײַליק.

דער קליינער גרינער זיסוואַסער־פּאָליפּ, וועלכער לעבט דאָ אין טײַך אויף זײַן לינזען־בלאַט, און דו, האָמאָ סאַפּיענס, דער העכסטער שטאַפּל פון דער לעבנס־לייטער: איר בײדע האָט ביז צו דער גאַסטרעא געהאַט די זעלבע אור־עלטערן. און אזוי ווי דאָס ביאָגענעטישע גרונד־געזעץ גילט פאַר אײַך בײדע, איז אויך אײַער ערשטע אַנטוויקלונג אלס אינדיווידואום ביז צו א געוויסער שטופּע זײַער ענלעך. מענטשלעכער אַרגאַן און ווײַבלעכער אָר־גאַן; זוימען־קעמערל גייט צו איי־קעמערל; דאָס באַפרוכטיקטע איי־שפּאַלט זיך; עס אַנטשטייט א פאַרבונדענער קנויל קעמער־לעך און אזוי ווייטער און ווייטער, ביז עס ווערט פון איינעם א פּאָליפּ, פון צווייטן דו. און אזוי גייט עס צו נישט נאָר בײַם פּאָליפּ און בײַם מענטש, נאָר אויך בײַם וואָרים און קרעבס, בײַם שפּין און זשוק, בײַם ים־שטערן און שנעק, בײַם טינטער־פיש און אמתן פיש, בײַ זשאַבע און פויגל.

איך האָב דיר אפילו דערציילט, אז דאָס ביאָגענעטישע גרונט־געזעץ ענדערט אין משך פון פיל דורות דאָס בילד פון דער אמאָליקער אור־אַנטוויקלונג. שוין אין דעם אופן, ווי אזוי די

פיל שיטנע נאַקעטע פרויען, זוי שוידערלעכע מיאוסקייטן, משונה־ווילדע ברואים, האַלב סקעלעט, האַלב עמבריאָ, האַלב נאָדל־חיה, האַלב אַלט־גערונצעלטע מכשפה. און דער פרומער זיצט הילפלאָז ביי זיין מוסר־ספר.... איצט גייט פאַר אונז אויך אויף די רויטע לבנה פון אַזאַ געשפּענסטער־נאַכט. און די שדים־הינט און נישט־גוטע־חברים וואָיען און גרעבצן איבער שיידוועג. מיר האָבן אָבער אַ צווייבער־וואָרט, וואָס האָט אין דעם מוסר־טראַקטאַט פון הייליקן אַנטאָניוס געפעלט: דער האַרמאָנישער באַטראַכטונגס־אופן, וועלכער זעט אין דעם דאָזיקן שוידערלעכן געשפּענסט די גרויסע אַלץ־באַהערשנדיקע אַנטוויקלונג. און צום סוף צופאַלט זיך דער גאַנצער שדים־טאַנץ, און ס'בלייבט ליגן אַ לויטערע פרויען־געשטאַלט אין דער צניעותדיקער נאַקעטקייט פון אַ געטין: אַפראָדיטע, די מענטשן־ליבע, די זיסע לאָטאָס־בלום, וועלכע בליט אַרויס פון דעם שוואַרצן ים־שטראָם פון די אַלע טויזנטער שוידערלעכע חיה־שדיקע ליבעס־פאָרמען.

זייטיק לויט דעם זעלבן פרינציפ, לויט וועלכן ישׂער בוי־מייסטער שטעלט היינט אויף א שיף אָדער א וואָגן. באַטראַכט דיך: דו אַליין ביסט אויך אַזוי צווייזייטיק געבויט, אַזוי ווי א לאַנגע אויסגעצויגענע פלוים, וועלכע האָט נאָר איין מאָגן מיט א מויל און מיט אַן אונטערשטן אַרויסגאַנג אין דערמים, און רעכטס און לינקס אין ביידע זייטן נאָר איין האַנט און צו איין פוס, צו איין ניר, צו איין זוימען־אַפּאַראַט אָדער צו איין אייער־שטאָק, צו איין אויער פון ביידע זייטן צום הערן, און וועמענס געהירן אַפילו סיזענען אויך איינגעטיילט אין צוויי גלייכע העלפטן פון ביידע זייטן. מיר וועלן נאָך שפּעטער גענויער וועגן דעם רעדן. ביי דיר איז אָבער אַלץ פונקט אַזוי, ווייל דו אַליין שטאַמסט ענדלעך דירעקט פון דעם צווייזייטיק־סימעטריש אויפגעבויטן וואָרים. דער וואָרים, וועלכער האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען פון דער גאַסטרעאַ, האָט אָבער געמוזט דעם דאָזיקן באַקוועמען קערפּער־געבוי אַליין דערפינדן, און דערמיט האָט ער זיך שאַרף אָפּגעטיילט סיי פון זיין אור־פאָטער, פון דער גאַסטרעאַ, סיי פון די איבעריגע גאַסטרעעס, די פּאָליפּן.

דו פאַרשטייסט איצט דעם ווייטערדיקן וועג, וועלכן די ליבע־אַנטוויקלונג האָט דורכגעמאַכט אין דער גאַנצער חיות־וועלט? פון דעם איינקעמערלדיקן אור־באַשעפעניש, וועלכעס האָט געשאַפן די פילקעמערלדיקע וואָלוואָקס־קויל — און דאַן ווייטער, דורך דער ווייטערדיקער אַרבעטס־טיילונג, צו דער גאַסטרעאַ, און פון איר ווייטער צו דער העכערער אַנטוויקלונג, וועלכע לאָזט זיך אַוועק אין צוויי צווייגן: די זיצנדיקע, אַזוי ווי א געוויקס צוועפּלעבמיגע בעכער־פאָרם, דער פּאָליפּ, און די רעדער־פאָרמיקע, צווייזייטיק סימעטריש אויפגעבויטע קריכנדיקע אָדער שווימענדיקע גאַסטרעאַ, וועלכע ווערט א וואָרים, און ווייטער אַלץ העכער און העכער, ביז עס קומט צו דיר, צום מענטש.

אויף ביידע זייטן ווימעלט עס פשוט פון געשטאַלטן פאַר אונזער ליבע־באַטראַכטונג. באַזונדער־געשטאַלטן פון דער ליבע. דו האָסט געזען אַמאָל די שיינע אַלטע בילדלעך פון מעניער: ווי דער הייליקער אַנטאָניוס ווערט געפּרוּווט? נישט אַזוי

געבויט. אין דעם ווייטערדיקן פאַרלויף האָבן זיך דאַן פון די פּאָליפּן אַנטוויקלט די אַקאַלעפן און די מעדוזעס. דעם טיפּ קאָן מען אָבער אין די דאָזיקע אַלע פאַלן גלייך דערקענען: דער קערפּער, וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט פון דער גאַסטרעאַ, האָט די פאָרם פון א בעכער, ער האָט נאָר איין עפענונג — דאָס מויל, די צווייטע זייט זיינע איז אָבער נאָך אינגאַנצן פאַרשלאָסן: קיין אונטערשטער אַרויסגאַנג איז נישטאָ.

אָבער דער פּאָליפּ ווייזט דיר נאָר איין מעגלעכקייט פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער גאַסטרעאַ. אין דעם זעלבן טייך, וווּ דו געפינסט די הידרע, שטויסט דו זיך אָן אויף חיות, וועלכע זענען נאָך חייער נידעריקע און גאַנץ ענלעכע צו דער גאַסטרעאַ; טייל קריכן, אַנדערע שווימען, א געשווימעל פון געשטאַלטן, וועלכעס סינעמט אַרום איין וואָרט: **וואָרים**. אין דעם וואָרים זעסטו די זעלבע ווייטער אַנטוויקלטע גאַסטרעאַ, ווי אין דעם פּאָליפּ, נאָר זיין קערפּער־געבוי, איז צוגעפּאַסט צו דעם באַוועגלעכן צושטאַנד, אין וועלכן ער דאַרף זיך געפינען.

זיין קערפּער איז אויסגעצויגן, דאָס מויל האָט ער פון פאָרנט, אָבער אונטן האָט זיך שוין ביי אים איינגעשטעלט אַן אונטערשטער אַרויסגאַנג, אַזוי אַז דער גאַנצער קערפּער שטעלט מיט זיך שוין פאָר נישט קיין בעכער, נאָר א רער. דער אונטערשטער אַרויסגאַנג וואַרפט אַרויס די נישט פאַרדייעטע אָפּפאַלעכצן. און וואָס מער עס ווערט איינגעשטעלט די אַרבעטס־טיילונג אין די דאָזיקע פיל־קעמערלדיקע פאַרבאַנדן, וואָס מער אָרגאַנען עס בילדן זיך אויס ביי די ווערים און די ווייטערדיקע העכערע ברואים, — צי זענען דאָס אָרגאַנען פאַר חושים (צב. אויגן), אָדער א באַזונדערער אָרגאַן איבער דעם מאָגן־חלל פאַר דער פרוכפערונג, אָדער באַזונדערע געפעסן פאַר צירקולירנדיקע שפּייזזאַפטן (בלוט), אָדער, ענדלעך, אויסערלעכע באַוועגונגס־אָרגאַנען (פלוס־פעדערן, פיס) — אַלץ דייטלעכער גרופּירן זיך די דאָזיקע אָרגאַנען פּאָרענווייז אין ביידע זייטן פון דעם קערפּער. די געדערים בלייבן אַזוי ווי א לאַנגע הויפּט־אַקס פון קערפּער, און רעכטס און לינקס גרופּירן זיך די איבעריקע אָרגאַנען **צווי**

די דאָזיקע אַרבעט ווערט אויסגעפֿירט דורך באַזונדערע „ברען־קעמערלעך"; אַזוי אַרום האָבן מיר דאָ פֿאַר זיך שוין אַ ווייטערדיקע אַרבעטס־טיילונג. ביי איינעם, אַ זייער איינפֿאַכן מין פֿון די דאָזיקע הידרעס, ביי דער פּראָטאָהידרע, געפֿינען מיר די דאָזיקע ברען־איינגעשאַפֿט; די פּראָטאָהידרע האָט נאָך אָבער אינגאַנצן נישט קיין „כאַפּ־פֿינגער". זי איז אַזוי אַרום נאָך אַ מער טיפּישע אורגאַסטרעאַ. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז נאָך ביז איצט נישט פֿעסטגעשטעלט, צי זענען נאָך היינט פֿאַראַן פֿריי־שווימענדיקע גאַסטרעעס. דאָס איז ביז איצט נאָך אַ שטרייט־פֿראַגע אין דער וויסנשאַפֿטלעכער וועלט צוליב אַ גאַנץ איינגאַרטיקער סיבה. די ענלעכקייט פֿון דעם אינהאַלט פֿון דער פֿילאָגעניע און דער אָנטאָגעניע איז ביי זייער פֿיל נידעריקע ים־חיות אַזוי גרויס, אַז מען קאָן די ביידע דערשיינונגען פּשוט צונויפֿמישן. דאָס, וואָס טייל זאַכקענער האָבן באַשריבן אַלס נאָך איצט לעבעדיקע שווימענדיקע גאַסטרעע, האַלטן אַנדערע נאָר פֿאַר אַ שליירל פֿון אַ העכער באַשעפֿעניש, וועלכער מאַכט נאָך היינט דורך אָנטאָגענעטיש די גאַסטרעאַ־פֿאָרם. דאָך איז יעדן־פֿאַלס זיכער, אַז אַמאָל אין דער ערשטער אַנטוויקלונגס־צייט האָבן עקזיסטירט אַזעלכע פֿריי־שווימענדיקע גאַסטרעעס.

פֿון די איינפֿאַכסטע פֿריערדיקע ביישפּילן קאָנסטו זען זייער קלאָר, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג נאָך דער גאַסטרעאַ. עס האָבן זיך געבילדעט פֿון איין זייט די פֿעסט־זיצנדיקע מאָגן־פֿלוימען מיט אַ קראַנץ כאַפּ־פֿינגער אַרום דעם מויל: די פּ אָ ל י פּ ן. די הידרע לעבט ביי אונדז אין זיס־וואַסער, דער גרעסטער טייל אַנדערע פּאָליפּן האַלט זיך אויף אין ים. די שיינע פֿילפֿאַרביקע ים־רויז, וועלכע דו האָסט געזען אין אַקוואַריום, געהערט אַהער. ריזיקע קאָלאָניעס פֿון די דאָזיקע פּאָליפּן שטעלן אויף די „קאָראַלן", וועלכע דינען פֿאַר אַ צירונג דיין פֿרוי, און וועלכע בילדן אין דעם הייסן טראָפּישן ים גרויסע אינזלען און האָבן אין די אור־טעג פֿון דער ערד־געשיכטע אויפֿגעבויט ריפֿן, וועלכע מיר באַוואונדערן היינט אַלס די העכסטע בערג, ווי צ. ב. די דאָלאָמיט־שפּיצן פֿון אונדזער אַלפּן

פאַרגרעסער־גלאַז. דאַן וועסטו אויף זיי באַמערקן קליינינקע גרויע אָדער ברוינלעכע קנאָספּעלעך אָדער געפּענטע בעבערלעך, וועלכע זעען אויס, ווי פּאַראַזיט־געוויקסן, אָדער ווי אַ מין גע־הייכטע בליעכץ פון דער טייך־לינזע אַליין. זייערע באַוועגונגען און אַנדערע האַנדלונגען ווייזן דיר אָבער באַלד, אַז דו האָסט דאָ צו טון נישט מיט קיין געוויקסן, נאָר מיט חיות; חיות, וועלכע זיצן, אמת, תמיד פעסט צוגעקלעפּט צו איין אָרט, אָבער וועלכע באַזיצן דאָך פיל חיהשדיקע אייגנשאַפטן.

דאָס איז די אַזוי גערופענע הידרע, אָדער דער זיס־וואַסער־פּאָליפּ. איינע פון די לעדרייכסטע חיות פון דעם גאַנצן האַלבן מיליאָן באַקאַנטע מינים פון חיות אויף דער ערד.

נעם זי איצט אונטער אַ שטאַרקער פאַרגרעסערונג, באַ־טראַכט זי, צעגלידער זי. וואָס זעסטו? די פּלוים. כמעט אַ טי־פּישע גאַסטרעא. אַ חיה, וועלכע באַשטייט איינגאַנצלעך נאָר פון אַ מויל, אַן אינעווייניקסטן מאָגן־חלל, אַ מאָגן־וואַנט, אַ הויט און אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פאַר איי־קעמערלעך אָדער זוימען־קעמערלעך. צווישן די קעמערלעך פון דער הויט הויבן זיך שוין אָן אַרויסצווייזן עטלעכע סימנים פון אַ ווייטערדיקער אַרבעטס־טיילונג, אָבער זיי זענען זייער שוואַך. נאָר איינס איז וויכטיק: די דאָזיקע גאַסטרעא שווימט נישט. זי קלעבט זיך צו צו עפּעס אין וואַסער, צב. צו אַ בלאַט פון אַ געוויקס, און לעבט אַזוי. און צוליב דעם האָט זי מער נישט קיין באַוועגונגס־אַפּאַראַט, וועלכער זאָל זי טראָגן פאַר־אויס און איר אַריינטרייבן די שפּייז אין מויל; אויפן אָרט פון דעם האָט זי אַזוי גערופענע „פּאָליפּ־פינגער“, ד. ה. קליינע פעדעמלעך, אַרום דעם מויל, וועלכע כאַפּן פאַר איר די שפּייז און שטופּן זי אַריין אין מויל.

די דאָזיקע פעדעמלעך האָבן אַן אייגנאַרטיקע אייגנשאַפט צו „בריען“: זיי שטעכן זיך אַריין אין פרעמדן קערפּער, מאַכן אין אים אַ וווּנד און גיסן איר אַריין אַ ברענענדיקע פליסיקייט (אויב דו האָסט זיך אַמאָל געבאָדן אין ים, האָסטו זיכער גע־פילט אויף זיך די דאָזיקע אייגנשאַפט פון די ים־קאַלעפּן): די אייגנשאַפט העלפט די „פּאָליפּ־פינגערלעך“ צו כאַפּן די שפּייז.

זיך אָפּ פון איר דאָפּלטער הויט. דו קאָנסט דיך פאַרשטעלן אויך ווייבלעכע פּלוימען, וועלכע לאָזן פון זיך אַרויס גרויסע אומבאַוועגלעכע איי־קעמערלעך. און דו קאָנסט דיר נאָך פאַרשטעלן אַזעלכע פּלוימען, וועלכע לאָזן פון זיך אַרויס אי מענלעכע, אי ווייבלעכע קעמערלעך.

ווייל דאָס, וואָס איך האָב דיר אין דעם דאָזיקן בילד באַשריבן אַלס אַ פּלוים, איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אונזער שוין דערמאָנטע אור־גאַסטרעאַ, די אור־מאָגן־חיה, די שטאַם־גרונד און אור־פאָרם פון אַלע העכערע אמתע חיות. אַ קנויל פון קעמערלעך, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט, כּדי צו בילדן אַ נייעם העכערן אינדיווידואום, און ביי וועלכן די אַרבעטס־טיילונג איז שוין אַוועק אַביסל ווייטער, ווי ביי דעם וואָלוואָקס. קודם כּל האָבן די קעמערלעך פון דעם דאָזיקן סאָציאַלן פאַרבאַנד זיך צעטיילט אויף „הויט“ (וועלכע באַשיצט און באַוועגט די גאַנצע בריאה) און „מאָגן“ (וועלכער עסט און פאַרדייעט). און דאַן איז ביי זיי פאַרבליבן אויך די אַרבעט־טיילונג, וועלכע איז שוין געווען ביים וואָלוואָקס: נישט יעדער קעמערל פון דער גאַנצער שווימענדיקער קויל שפּאַלט פון זיך אָפּ זוימען־אָדער איי־קעמערלעך, נאָר איינציקע קעמערלעך נעמען אויף זיך איבער די דאָזיקע אַרבעט פאַר דער גאַנצער קאָלאָניע; זיי פירן דורך די פרוכפּערונג פאַר דער גאַנצער קאָלאָניע, — די פרוכפּערונג, וועלכע בלייבט אָבער אין גרונט אַלץ די זעלבע: איין איי־קעמערל גיסט זיך צונויף מיט איין זוימען־קעמערל פון אַ פרעמדן אינדיווידואום, און פון דעם דאָזיקן צונויפגעגאָסענעם קעמערל אַנטשטייט שפּעטער אַ נייע בריאה, וועלכע אַנטוויקלט זיך זעלבשטענדיק, לויט דער ביאָגענעטישן גרונט־געזעץ, פון דעם איינציקן צונויפגעגאָסענעם קעמערל ביז צו דעם פילקעמערלדיקן פאַרבאַנד אין דער פאָרם פון אַ גאַסטרעאַ.

גיי צו אַ טייך און כאַפּ אַרויס פון וואַסער אַ קנויל פון די באַקאַנטע שווימענדיקע געוויקסן, וועלכע מען רופט טייך־לינזען. וואַרף זיי אַריין אין דער היים אין אַ וואַש־בעקן, און ווען זיי וועלן זיך דאָרט ווידער אויסגלייכן, באַטראַכט זיי מיט אַ שוואַך

אין א שטילער בין־השמשות־שעה. דאָס וועלט־קינד פון דער ערד צו די אַלטע טשאַרליקליעך, וואָס האָבן עס געשווינט! זיי זענען גע־רונצלט. אָבער דו טראַכסט, און דער געדאַנק ווערט אַ שטיל, גרויס געהיימניספול פעלד מיט דורן־שטרויכן, וואָלקנע בליען און דאָרטן איבער דער מאַגצער אַנטשוויגענער ליבע. און צווישן די־רויזן לויכטן די אייביקע שטערן. עס איז נישטאָ קיין ווינקעלע אויף דער ערד, וווּ זיי זאָלן נישט זיין. און פון זייערע מיליאָנען זינגט אַרויס דאָס וועלטליד פון גייסט: „און זע, איך בין ביי אייך אַלע מאָל, ביזן סוף פון דער וועלט"...

שטעל דיר פאָר אַ פלוים.

אַזאַ מין פלוים: אין איין עק האָט זי אַן עפענונג, אַ מויל, און אינעווייניק איז זי אינגאַנצן הויל. דאָס מויל פאַרבינדט טאַ־קע דעם דאָזיקן אינעווייניקסטן הוילן חלל מיט דער אויסערלע־כער וועלט. און די וואַנט אַרום דעם חלל באַשטייט פון צוויי הייטן. און די אויסערלעכע הויט איז באַדעקט מיט קליינע הערע־לעך. די פלוים פאַלט אַריין אין אָקעאַן. און סיי אַמאָל הייבן זיך אָן די הערעלעך צו באַוועגן אין א באַשטימטן טאַקט, אַזוי אַז די גאַנצע פלוים הייבט אָן צו שווימען. עס קומט איר אַנטקעגן עפּעס א קליין חיהלע: האַפּ, דאָס לאָך האָט עס שוין איינגע־שלונגען. אין דעם אינעווייניקסטן חלל קומט דאָס איינגעשלינ־גענע חיהלע אַריין אַזוי ווי אין אַן אמתן מאָגן; די אינערלעכע הויט נעמט עס אַרום און הייבט זיך אָן דערמיט אויפצופירן פונקט אַזוי, ווי אונזער מאָגן און די געדערים פירן זיך אויף מיט אַן איינגעשלונגענעם בעפשטיק אָדער א שטיקל געבראָטן גענ־זעגס: זי אַרבעט עס איבער, פאַרדייעט עס. אַזוי ווי קיין אונ־טערשטן אַרויסגאַנג האָט נישט די פלוים, מוזן די נישט פאַר־דייעטע רעשטלעך אַרויסגעשפּיגן ווערן דורך דעם זעלבן מויל. און אַזוי ווי די עפענונג דינט אַזוי אַרום אי פאַר א מויל, אי פאַר אַן אונטערשטן אַרויסגאַנג, איז דאָך אַלץ איינס, ווו דו ווילסט דיר די דאָזיקע עפענונג באַשטעלן: פון פאָרנט צי פון הינטן.

א חוץ דעם לאָזט אַרויס פון זיך די דאָזיקע פלוים פון צייט צו צייט באַזונדערע מענלעכע זוימען־קערנדלעך, וועלכע רייסן

גאַנצן נישט. און דאָך איז אויך פון דעם אַלעם אויסגעוואַקסן דער מענטש, אַלס אַ גרויסער וווּנדערלעכער איינצעלנער פאַל.

אונז שטייט איצטער מער נישט פאָר צו גיין נאָך אַ פּעס־מער, גלייכער ליניע; עס ליגן פאַר אונז קאַליידאָסקאָפּ־בילדער, איינצלנע. זיי מאָלן דיר אויס אין פלוג די גאַנצע לעבעדיקע חיות־וועלט: עס גייען פאַר דיר דורך שנעל, אַזוי ווי וויזיעס, איינצעלנע בילדער, אָפּגעריסענע בילדער. דאָ אַ ליכט־שטראַל, דאָרט אַ ליכט־שטראַל. מיר וועלן באַלד צוריקקומען צום מענטש. און דאַן וועט זיך פאַר אונז ווידער עפענען דער גלייכער וועג.

זיי גרייט! עס וועט זיך דיר פיל מאָל אויסדוכטן, אַז מיר מאַכן אַ שפּאַציר איבערן גיהנום. און דאָך איז ער נישט קיין גיהנום.

עס איז אַ שטילע רייזע דורך די אַלטע רוימען, דורך די אַלטע לאַלקעס־שענק פון דיין אייגענער זון־וועלט. אין טייל האָסטו אַליין אַמאָל געלעבט. אַנדערע זענען געלעגן נעבן דיר אין שכנות און שטייען נאָך היינט, אַזוי ווי אַמאָל, אין דער הויז־ווירטשאַפט. צי האָסטו נישט איבערגעלעבט אַמאָל אַזעלכעס: אין די ערשטע יאָרן פון דיין רייפקייט ביסטו צוריקגעקומען אין דער אַלטער שטאָט, וווּ ס'איז דורכגעגאַנגען דיין יוגנט, דיינע קינדער־יאָרן. אַלץ אַזוי וווּנדערלעך, קליין, פאַרשטויבט, דעם עלטער־זיידנס הויז. דו, נאָך אַזוי פיל הייסער וועלט־זון, נאָך אַזוי פיל שטערן־וואַנדערונג. די אַלטע באָבעשי אין איר ענגן שטיבעלע מיט די בלייכע, אָפּגעמעקטע שטיקערייען פון אַ צייט, ווען די וועלט איז נאָך אפשר געשטאַנען אויף אַן אָרט, וואַנט אין וואַנט מיט קאָפּערניק, דאַרווין און דער סאָציאַלער פראַגע... דו שמייכלסט, באַגרייפסט, און שמייכסט דאָך גערירט. דיין יוגנט וועבט זיך דאָ, די ערשטע ליבע, וועלכע איז צו דיר געקומען, און די ערשטע, וועלכע איז פון דיר אַוועק. דערמאָלט איז דאָס אַלץ געווען גאָרנישט לעכערלעך.

אַזוי קוק אָן די אַלטע חיות־וועלט. די מעדוזע, דער קרעבס, די מוראַשקע, דער ים־שטערן, דער פיש; דאָס זענען אַלץ אַלטע, אַלטע באָבעשיס, צו וועלכע דו, דאָס וועלט־קינד, קומסט צוריק

גוג דער טיפער ערד־גרונט מיט זייערע פינסטערע לעבנס־גייסטער, נאָר וועלכער דאַרף שוין האָבן פאַר זיין עקזיסטענץ דאָס איבערגעאַרבעטע העלע לעבן אַליין. פון דער חיה אין איר העכסטער מדרגה וואַקסט דאָן אַרויס דער מענטש, וועלכער נעמט אַרום אין זיך אַלס די אַבסאָלוט־העכסטע גייסט־בריאה די חיה, פּונקט ווי די חיה נעמט אַרום דאָס געוויקס און דאָס געוויקס דעם ערד־גרונט.

אויך אין דער ליבע זעען מיר באַשיינפּערלעך, ווי די חיה גייט כסדר נאָך דעם העכערן פּרינציפּ. זי גייט אַלץ העכער און העכער ביז צום מענטש, און וועמענס ליבע עס בויט זיך ערשט באמת אויף יענער העכסטער קופּאָל: די מענטשן־ליבע, די שעפערישע קונסט־ליבע.

מיר וועלן זיך איצט לאָזן אויף דעם דאָזיקן איינזייטיקן וועג גיין פאַרויס, אָבער גאַנץ, גאַנץ לאַנגזאַם.

מיט דעם ביאָגענעטישן גרונד־געזעץ האָב איך דיר געוויזן, ווי דער מענטש פון היינטיקן טאָג, ווי דו אַליין און דיין געליבטע צוזאַמען מיט דיר זענט אומצעטיילבאַר ענג פאַרבונדן מיט דער גאַנצער עלטסטער אַנטוויקלונגס־קייט פון דעם אָרגאַנישן לעבן אויף דער ערד. גראָד דער דאָזיקער „עלטסטער" טייל פון אייער ליבע זעט אייך אויס ווי דער וויכטיקסטער. ער נעמט אַרום דעם גאַנצן באַהעפטונגס־אַקט און זיינע אַלע נאָענטסטע פאָלגן. אָבער פאַרשטייט: מיט דער אויפקלערונג פון דעם דאָזיקן וויכטיקן צוזאַמענהאַנג איז אונזער טעמע נאָך בשום אופן נישט אויסגעשעפּט, מיר זענען נאָר דערמיט ערשט צוגעקומען צו איר אָנהייב. דו זעסט איצט די גאַנצע גרויסע ליניע. אָבער נישט מער. אַ נייע אַרבעט עפנט זיך איצט פאַר אונז. צווישן דער גאַסטרעאַ און דעם מענטש שטייט די גוואַלטיק־ריזיקע רייע פון די העכערע חיות מיט זייערע טויזנטער און טויזנטער ליבע־פאַרמען. אַלע האָבן צווישן זיך עפּעס געמיינזאַמעס, און דאָס ווייסטו שוין. אָבער די וואַריאַנטן, די טויזנטער און טויזנטער מעגלעכקייטן פון דער איינער, דער וועלכער טעמע קאָנסטו נאָך אײנ־

דאַן דער פילקעמערלדיקער פאַרבאַנד, אַזוי ווי עס שטעלט אים דיר פאָר דער וואָלוואָקס. און דאַן אַזעלכע פילקעמערלדיקע באַ־באַגדן. וועלכע קלעטערן אַרויף העכער און ווערן אַ געוויקס, אַ באָרן־בלאַט, אַ סאָסנע, אַ נוס־שטרויך פון דעם ראַזיקן וואַלד־זוים. אָדער וועלכע צעגלידערן זיך אויף מאָגן און האַרץ, פירן ביי זיך איין אַ באַשטימטע אַרבעטס־טיילונג און ווערן אַ גאַס־טריאַ, אַן אור־מאָגן־חיה מיט אַ מויל, מיט אַ מאָגן, מיט אַ האַרץ. און נאָך דער גאַסטריאַ די גאַנצע שפּעטערדיקע פילגעשטאַלטי־קע וועלט פון חיות, אַ לייטער נעבן אַ לייטער, ביז ענדלעך אויף דער העכסטער שטאַפּל אַרויס דער מענטש מיט דעם זוניק־העלן אויג פון ג ע ט ע.

גורט אָן דיינע לענדן, מיר שטייגן איצט אַרויף אויף דער דאָזיקער לייטער צוזאַמען מיט דער גאַסטרעאַ.

די עלטסטע אור־פאָרמען פאַרזינקען ווידער אין נעפּל אונ־טער אונז.

נעבן אונז באַהאַלט זיך אָבער אויך אין נעפּל די אומבע־הויערע פאַראַלעלע לייטער פון דער צמחים־וועלט.

אַ טיפער תהום שיידט אָפּ דאָס העכערע געוויקס פון דער העכערער חיה נאָך דעם וואָלוואָקס און דער גאַסטרעאַ. דאָס גע־וויקס נעמט צו (אַלנפאַלס ביים טאָג) פון דער לופט דעם קויל־זויער און לאָזט צוריק אַרויס דעם זויער־שטאָף, ד. ה. גראָד דעם עלעמענט, וועלכער קרעפטיקט די חיה ביים אָטעמען. דאָס גע־וויקס האָט זיינע וואָרצלען טיף אין דער ערד און שפּייזט זיך דירעקט מיט אירע מינעראַל־שטאָפן; די חיה קאָן דאָס בשום אופן ניט. דאָס קעמערל פון דער חיה דאַרף האָבן צום שטענ־דיקן ווידעראויפבוי און צום וואַקסן דעם שוין אָרגאַניש־איבער־געאַרבעטן שטאָף אין דער פאָרם פון א חיה אָדער פון אַ גע־וויקס; די פעיקייט דירעקט אויפצונעמען די מינעראַל־שטאָפן איז אים ניט געשאָנקען געוואָרן. די חיה איז אַזוי אַרום אויסגע־שטעלט אויפן געוויקס אין די באַדינגונגען פון איר עקזיסטענץ. אָבער דערמיט איז זי ניט קיין נידעריקערע, נאָר א העכערע שטאַפּל. דאָס איז דאָס לעבן, פאַר וועלכן ס'איז שוין ניט גע־

און דאָס וועווערקעלע, דער זילבערנער פיש און דאָס גרויסע פיל־פּאַרביקע ים־אויג, די מערזוע, — אַלץ ליבט, פּונקט אַזוי ווי דו אַליין, וואָס טרויסט ווען דיין געליבטער. אַלץ איין אייגהייטלעכע גרויסע לעבנס־קייט, ליבע־קיים.

שפּאַר אָן דיין קאָפּ אָן דעם גראַניט־שטיין, וועלכער איז אַמאָל ווייט פון שוועדן פאַרשלעפּט געוואָרן מיט די גלעטשערן פון דער אייז־צייט אַהער, אין דעם דאָזיקן זאַמד־מאָל אַריין, און מאַך צו אויף אַ מינוט דיינע אויגן.

די אַלטע לעגענדע: און יאַקוב איז געקומען אויף אַן אָרט, און איז געבליבן דאָרט איבערנעכטיקן, ווייל די זון איז אונטער־געגאַנגען. און ער האָט גענומען אַ שטיין פון דעם אָרט און האָט זיך אים געלייגט צוקאָפּנס און זיך געלייגט שלאָפן. און סיהאָט זיך אים געחלומט: אַ לייטער האָט זיך אויפגעשטעלט פון דער ערד און איר שפּיץ האָט באַרירט דעם הימל, און גאָטס מלאכים זענען געגאַנגען איבער דעם לייטער אַרויף און אַראָפּ...

דער מאָדערנער נאַטור־פאָרשער רירט אָן מיט דער האַנט דיין שטערן, און פאַר דיר שטעלט זיך אויך אויף אַזאַ הימל־לייטער.

דער מענטש איז דער הימל פון דער ערד, ער האָט דער ערשטער אָנגעקוקט דעם גאָלדענעם שטערן־הימל איבער איר מיט באַוווסטזיין. ער האָט זיך אַליין אויפגעבויט אַ ווינקל אין דעם איבערערדישן גייסטיקן הימל־געוועלב. ער האָט גאָט געשאַפן, אין דער קונסט, אין אידעאַל, אין דער גוטסקייט, אין דעם אמת, אין זיך אַליין. און צו דעם דאָזיקן מענטשן אַרויף ציט זיך די אומגעהויערע לייטער פון דעם ערדישן לעבן. אַ געשטאַלט נאָך אַ געשטאַלט, נאָך איצט לעבעדיקע און שוין לאַנג פאַרשוווּנדענע, גייען איבער דעם לייטער אַרויף און אַראָפּ: די אַלע לעבנס־פאָרמען, וועלכע זענען אויף דער ערד טיפער, ווי דער מענטש. אַ ריזיקער בוים, דו מאָדערנער טרוימער, איז דיין הימל־לייטער, אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל, אַ צווייג נאָך אַ צווייג.

אונטן דאָס אור־קעמערל, די ערשטע לעבעדיקע בריאה, וועלכע איז נאָך נישט קיין חיה און נאָך נישט קיין געוויקס.

נער ברוינער רייע. הינטער זיי שיט מיט זאמד א משוגעדיקער אינסעקט, דער מוראשקע־לייב. אין דער לופט, אין דעם ליכטיקן וואלד־געפל פליט אהין און אהער א געווימעל פון אנדערע אינ־סעקטן, — און צווישן זיי וויגט זיך שטיל אין דער לופט דאָס געוועב פון א שפּין.

אומענדלעכע וועלטן פון לעבן נעמט ארום דיין בליק. און דו אליין ליגסט אינדערמיט, ענג פארקניפּט מיט דעם גאנצן לעבן ארום. איין איינהייטלעכע לעבנס־כוואליע אויף דער ערד: די סאָסנע און דאָס פארן־גראָז, דער אינסעקט און דער פויגל און דו. איר אלע, באַוועגט דורך דעם זעלבן געזעץ. די זון טרינקט אייך אָן מיט קראפט, — די זון, ארום וועלכער איר וואנדערט צוזאמען מיט אייער אלטער ערד. קינדער פון ליכט. וויגעלעך פון גייסט. ברידער פון די ערשטע טעג אָן פון אייער פלאנעטע, פארקניפּט דורך די אורמיליאָנען יאָרן. נאָר דורך פארשידענע מזלות געקומען צו פארשידענע צילן: סאָסנע און פאָרן־גראָז, מו־ראשקע, שוואלב, וואווערקע און מענטש.

איר אלע זענט קינדער פון דער ערד, שוין דערמיט אליין זענט איר ענג פארבונדן. קינדער פון די גרויסע ערד־אינזלען, ארום וועלכע עס שווימט דער בלוייער ים, אזוי ווי די אייגנט־לעכע פארצייטישע אור־ערד. אָט דער הימל, וועלכן דו זעסט איבער דיר, דערמאָנט דיך אָן די דאָזיקע בלויע ריזיקע וואַ־סער־וויסטקייטן, וועלכע ספּארשטמעלט פון דיר דער וואלד. אויך דאָרט ווימלט דאָס אומענדלעכע לעבן. עס שטאַרן ארויס פון די טיפקייטן קאָראַלן־בוימער און פארשפּרייטן אין אלע זייטן נישט קיין גרינע בלעטער, נאָר אָראַנזש־געלע מיילער פון רויבערישע פּאָליפּ־חיות. עס שלענגלען זיך שטיפעריש זילבערנע פיש. און סישווימט אָן שטיל, אין א לאנגער קייט, א רעגנבויגן־פארביקער חיל פון גלאָקן. משונהדיקע, די וואונדערלעכסטע פון אלע קינדער פון ים. לעבן, לעבן אין דער כוואליע און אויף דער ערד. אין מוי־טראָפּן לעבט א וועלט. מיריאדן צימערנדיקע נשמות. און אזי־מעטום די בענקשאפט פון „דו" צו „דו". די סאָסנע און פארן־בלאט, דער פינקפויגל און חער מוראשקע־לייב, דער שוואלב־

„דער גאָט, דער אײביקער
װאָרט אין דעם לויף פון צײַט,
װאָס ער איז נישט געװען
אין גאָר דער אײביקײט“.

אַנגעלוס סילעזיוס.

אַ סאָסנעװאַלד אין זײַן זומער־אײַנזאַמקײט. דו ליגסט אויפן גראָז און קוקסט אין זײַדן־בלויען הימל אַרײַן. אַרום און אַרום, װי װײַט דאָס אויג כאַפּט נאָר איז אַלץ װאַלד. הויכע שטאַמען מיט זײער טונקל־געשפּאָלטענער רויטער קאָרע. איבער זײ דאָס װאָליקע, גרויליך גרינע נאָדל־געװעב, און װעלכן די זון װאַרפט אומעטום אַרײַן איר בריענדיקע בראָנז־פאַרביקע ליכט. אונטן פאַר דיר שפּרײט זיך אויס, װי אַ קלײנער צװײטער מעשה־װאַלד, דער שפּיציק־אויסגעצײכנטער ריזיקער טעפּיך פון פאַרן־גראָז. אין דער טיפקײט פון װאַלד ציטערט אַ גאָלד־גרויער דונסט — און ס׳זעט אויס, װי דאָס װאָלט געװען די היץ אַלײן, װעלכע ציטערט איבער אַלעם.

דו ליגסט און טראַכטסט אַרײַן, טראַכטסט אַרײַן אין די אַלע שטילע קולות, װעלכע דו הערסט אַרום זיך: דאָס לעבן פון װאַלד, װאָס הערט זיך קוים, װאָס קלאַפּט אָבער און פּולסירט אומאויפהערלעך. אַ װעלט פון חיות. אַ װעלט פון צמחים. פּינקפּיטל שװעבן פלינק אַהין און אַהער צװישן די שטאַמען. דער קוקוק רופט, װי אַ װײַט פאַרטראָגן גלעקעלע הינטער װאַלד און װאַלד, װײַט — װײַט. אונטער דעם בלויען הימל־פאַס בליצט פּלוצלונג דורך דער װײַסער בליק פון אַ שװאַלב. אַ שװאַרצקעלע פליט דורך װי אַן אָפּגעריסענער רויטער פלעק פון אײן רויטן שטאַם צום אַנדערן איבער דעם גרינעם פאַרן־טעפּיך. נעבן זיך הערסטו אַ שטיל געװיש. מוראַשקעס מאַרשירן אין אַ לאַצ־

# דאָס פערטע בוך.

## דער קאַלײַדאָסקאָפּ פון דער ליבע.

ווילהעלם בעלשע

# די ליבע אין דער נאטור

## ענטוויקלונגס-געשיכטע פון דער ליבע.

איבערזעצט פון דער לעצטער דייטשער אויסגאבע
פון יאר 1921 דורך י. מאיסקי.

ערשטער טייל.

ערשטער באנד. — בוך 4.

פארלאג „די וועלט" ווארשע, 1927.

און די פרוי וואס נעמט.—די אײ־ריחות און די איי=טעמים.—די זוימען=קעמער־
לעך זוכען עפעל=זויער.—דער געגענזאץ צווישען מאן און פרוי אלס אנ׳אויסע=
רער הילפסמיטעל.—ווי האלט׳ס=מיט דעם אינדיווידועלען אנטייל.—געגען דער
מינדערווערטיקייט פון דער פרוי.—דער טריאומף פון פערזענליכקייט.—די אנט=
שטייאונג פון די געשלעכטס=ארגאנען.—וואס טיילט אפ די אינפוזאריע פון מענ=
שען.—וועגען קעמערל=מויל און זיין אונטערשטען טייל.—ס׳בלייבט א געגענזאץ!

## ז. 74–104 דאס ווערטעל „סאציאל“ אין דער געשיכטע פון ליבע.

—וועגען לעבען פון ראונדערבארען וואלוואקס.—דער נייער בע=
גריף פון ארבייטס=טיילונג.—די ארבייטס=טיילונג ביים פרעסען.—אין דעם דאזי=
גען בעגריף שטעקט נישט קיין שום אנטראפאמארפיזם.—דאס אנטשטיין פון דער
גאסטרעא אלס ערשטער טריומף פון ארבייטסטיילונג.—ווי אזוי איז בעשאפען גע=
ווארען זיין נשמה.—דאס רעטעניש פון איך באוואוסטזיין ביי די פיל קאמערדי=
גע ברואים.—ווי אזוי די וואלוואקסען ליבען.—דאס פראבלעם פון יונגלעך- און
מיידלעך=געבורטען.—דער סאציאלער פערבאנד פון שוועסטער אין געגענזאץ צו
ליבע.—וועגען דעם הערמאפראדיט און זיין אור=געשיכטע.—נאך אמאל וועגען
געגענזאץ פון ליבע און טוידט.—דער ענטשטעהונגס=מאמענט פון נאטירליכען
טוידט.—א טראגעדיע אין גן=עדן.—איבער דער נאטור=געשיכטע פון דער מורא
פאר׳ן טוידט.—וועגען דעם פרייוויליגען טוידט אלס קרבן.—די בעדייטונגס=פולע
רעזולטאטען פון דער גאנצער מחלוקת.—אנ׳ארבייטס=פעלד פאר פעדאגאגען.—
וועגען איינקלאנג צווישען שטאם=ענטוויקלונג און איינצעלן=אנטוויקלונג.—דאס
ביאגענעטישע גרונד=געזעץ.—זיין אנווענדונג אויפ׳ן מענשען.—די גרענעצען פון
ביאגנעטישען גרונד=געזעץ.—די געשיכטספערספעקטיוו אין מענשליכען עמבריא.

## ז. 105–150 די ערווערבליכקייט, די ערווארבענע אייגענ־שאפטען ביים אינדיווידואום.

—די ארבייטס=טיילונג אין ליבעס=קעמער־
לעך און נישט ליבעס=קעמערלעך.—דער אינדיווידואום לעבט איבער און ער־
חערבט מאנכערליי.—וואס זיינע ליבעס=קעמערלעך לעבען=מיט און ערחערבען
דערפון.—דאס גיפט ווירקט ביז אויף די ליבעס=קעמערלעך.—געגען אלקאהאל
אין ליבעס=לעבען.—די געשיכטע פון שמעטערלינג אינ׳ם אייזקעלער.—די חירו=
קונג פון איבען זיך.—די ענדערונגען אין געהירן דורך לערנען.—צי ווערען
אויך די דאזיגע ערווערבונגען איבערגעגעבען בירושה.—דער קריגס=ראט פון
נוצליכקייט.—דער ווארשיינליכער בעשלוס.—וויסמאנס עקספערימענט מיט די
אנווײדעלדיקע מייז.—די ספיקות אין דער ערבליכקייט פון ערווארבענע אייגענ=
שאפטען.—דער אינסטינקט פון אונזערע יאגד־הינד.—דאס לערנען רעדען אונ=
זערע קינדער.—געווירשנ׳טע געהירן=דיספאזיציעס.—די טעאריע פון ריכארד סע=
מיאן.—די מעטאדען פון ערבליכקייט.—פאנגענעזיס.—וועגען דער יעגערפרייד
ביים זוכען דעם אמת.

---

# אינהאלט-איבערזיכט
# פון ערשטען טייל.

## דאס דריטע בוך. — דאס קארליק-מעשהלע.

### זייטעל 5—26 וועגען דער ליבע פון רומפעל-שטילצכען.—

דער אויסגעלאָשענער שטערן—דער כשוף-רינג.—וועגען דער פיע „ניצלעפקיט“.—ווי אזוי די רומפעלשטילצעלעך זענען געקומען צו קינדער.—די שפּאַלטונג פון רינג.—צוויי קאַרליקלעך, וועלכע עסען זיך אויף לעבעדיקערהייט.—דער ווייטערדיקער גורל פון רינג.—אַ געשיכטע פון צאָן-ווייטאָק.—די צעטיילטע קאַרליקעס אויף דער נסיעה.—זייער באַגעגעניש מיט די איינגעזעסענע גרויסע קאַרליקעס.—ווי אזוי די רומפעלשטילכעל האָט אַלץ אָמבעסטען איינגעאָרדענט און זי איז אָפּ-ענדע געוואָרען סאָציאַל.

### ז, 27—47 וועגען דער „דריטער מלוכה“ און אור-ליבע.—

האָט שפּילט זיך אָפּ די קאַרליקען-מעשה׳לע?—דער בעגריף פון אן איינקעמערלדיקער בריאה.—אַ מלוכה פון ריזען.—דער בראשית פון אינדיווידועלען.—די ירושה-סובסטאַנץ.—די אור-ליבע איז געשלעכטסלאָז.—דאָס וואַקסען און פרוכטפערן זיך.—די צענויפגיסונג פון צוויי קעמערלעך.—וועגען דער שאַכט-קונסט פון די דיאַטאָמעעס.—די געבורטס-שעה פון דער געשלעכטס-ליבע.—די געשלעכטסליבע אלס אַ פאַרפיינערטע פאָרם פון פרעסען.—כאַראַקטער-פרעסער.—וואָס באַדייטען די ריכטונגס-קערפערלעך.—די צונויפשמעלצונג פון די כראָמאָזאָמען ביי די איינצעלקעמערדיקע.

### ז, 48—72 דאס געזעץ קעגען דער בלוטמישונג.— פאַר

וואָס טאָר מען ניט חתונה האָבן מיט אַ שוועסטער.—אַ בלעטעל נאַטור-חימס.—וואָס די פליגען מיזען איבערלעבען אין אהרנס-שטעקען.—די ליבע אין דער מויז-לאָך. וועגען דער באַליסנעריע.—די שעדלעכקייט פון אינצעסטציכט.—די ברכה פון אַ נייער התחלה.—ווי אזוי די מעשה מיט׳ן צאָנשמעויק ווערט געלעזט ביי דעם רומפּעלשטילצעל.—די ליבע שטעלט זיך אין דינסט פון דער אַנטוויקלונג.—די געשלעכטס-פאַרשידענקייט ווערט אַ פעסטע אינסטיטוציע.—דער מאַן וואָס גיט

אַז ער זאָל דאָרט דאַרפען בייסען און עסען מיט׳ן מויל. און אַזוי ווי עס געפינען זיך נאָך היינט וואַלפיש=ענליכע ים=זויגחיות, וועלכע האָבען און בענוצען אין משך פון זייער גאַנץ לעבען אמת׳דיגע ציין; און אַזוי ווי די עלטסטע וואַלפישען, וועלכע ווערען געפונען אין די אויסגראָבונגען פון דער טערציער צייט און וועלכע מיר האַלטען צוליב פערשיידענע סיבות פאַר די געשיכטליכע אור=עלטערן פון דעם גרענלאנדישן וואַלפיש האָבען אויך זייער גאַנץ לעבען געהאַט שטאַרקע ציין,— קאָנסטו אין דעם דאָזיגען פאַל אַזוי גוט ווי אויף זיכער קומען צום אויספיר, אַז די דאָזיגע ציין פון דעם היינטיגען וואַלפיש=עמבריאָ שטעלען מיט זיך פאָר אַן׳איבער׳חזר׳ונג פון אַן אור=אייגענשאַפט לויט דעם ריכטיגסטען זין פון דעם ביאָגענעטישען גרונד=געזעץ.

ערשט איצט זעסטו דעם ג אַ נ צ ע ן ס ו ד.

בעגרייפסטו איצט, פאַרוואָס איך האָב דיך אַוועקגעפירט צום אַלגאָנקיש=קאַמברישען ברעג און נאָך ווייטער? זעסטו ווי ער שיינט אויף, דער דאָזיגער ברעג, און דער יוראָ=ברעג, וואו ס׳האָבען געלעבט די אור=זויג=חיות און די בייטעל=חיות, און לאַנג פאַר ביידע דער אור=ברעג מיט דער גאַסטרעאַ, מיט דעם אור=וואָלוואָקס, מיט די אור=איינקעמערלדיגע — זעסטו ווי דאָס שיינט אויף אין דעם מאגישען רויטען ליכט פון דעם מענשליכען מוטער=לייב און בעהערשט נאָך דאָרט היינט די ענטוויקלונג, בעהערשט די טיפע, סודות׳דיגע ערד=מלוכה, פון וועלכער עס הויבט זיך אויף און וואַקסט אַרויס די יונגע פרוכט פון מענשליכען לייב...?

מען מוז נור דערביי פערשטיין ווי געהעריג אָפּצושאַצען דאָס, וואָס מען זעט, מען מוז קאָנען אָפּטיילען די פּלעווע פון ווייץ. אַזוי דאַרפסטו ניט צורעכענען צו דעם ביאָגענעטישען גרונד-געזעץ דאָס, וואָס די נאַטור האָט שפּעטער געשאַפען אַלס שוץ-מיטעל פאַר דער יונגער חיה, פאַר דעם איי אָדער פאַר דעם עמבריאָ. דאָס, וואָס דאָס יונגע פויגעלע ווערט רייף אונטער דעם שוץ פון אַ האַרטער פערקאַלכטער איי-שאָל, בעווייזט גאָרניט, אַז די אור-עלטערן פון דעם דאָזיגען פויגעל האָבען אַמאָל געלעבט אין אַזעלכע האַרטע קאַלך-שאָלען. ביים זומער-פויגעלע דערמאָנט די רויפּע זיכער אין אַ געוויסען זין אָן אַזאַ אַמאָליגע ענטוויקלונגס-שטופע; דאַגעגען איז די בעשיצענדיגע שאָל פון דעם שלייערל, אין וועלכען עס קומט פאָר די ווייטערדיגע אומוואַנדלונג פון דער רויפּע ביז צום זומער-פויגעלע, בשום אופן ניט קיין אנטאָגענעטישע איבער'חזר'ונג, ווי עס האָט דאָס אַמאָל געמיינט דער נאַטור-פילאָזאָף אָקען, בשעת ס'זענען אַרויסגעשוואומען די ערשטע אַנונגען וועגען דעם ביאָגענעטישען גרונד-געזעץ; אָקען האָט געמיינט, אַז די דאָזיגע ענטוויקלונגס-פאָרם פון דעם זומער-פויגעלע דערמאָנט אָן דעם הארט-הויטיגען ראַק אַלס כלומר'שטען אור-פאָטער פון דעם אינזעקט; דאָס איז אָבער דורכאויס אונמעגליך. מיר וועלען די שפּורען פון דעם דאָזיגען געזעץ געפינען גראָד אין אַזעלכע פאָרמען, וועלכע זענען בשום אופן ניט נויטיג אַלס שוץ-מיטל פאַר דעם עמבריאָ, און וועלכע מיר געפינען אינגאַנצען ניט ביי דער דערוואַקסענער חיה. אַזוי בעווייזען זיך ביים עמבריאָ פון דעם ריזיגען גרענלאַנדישען וואַלפיש אין מויל ריכטיגע האַרטע ציין. דער רייפער וואַלפיש האָט אָבער ניט קיין שום שפּור פון קיין ציין, ווייל דער בעקאַנטער פישביין, וועלכער ווערט אַרויסגענומען פון זיין ריזיגען פרעסער, איז באמת ניט קיין ציין, נור האַרטע גומען-שטעקלעך. און דער עמבריאָ דאַרף די דאָזיגע ציין בשום אופן ניט האָבען, ווייל ער בעקומט זיי נאָך בשעת ער געפינט זיך אין מוטערלייב און פערלירט זיי דאָרט באַלד, און ס'קאָן דאָך קיין רייד ניט זיין דערפון,

פערבייט אַסאָציאַציעס, רוקט אַרויס פּאָראויס אַלטע געשעעענישען און פערדרוקט צוריק שפּעטערדיגע. מען פילט תּמיד, אַז אונזער זכּרון איז נישט קיין טויטער צילינדער מיט שריפט־צייכענס, נאָר אַז ער שטעקט אין לעבעדיגע געהירען, אויף וועלכע עס ווירקען כּסדר טויזענטער איינדרוקען, און אַז ער מוז אַליין ווייטער אָנטיילנעמען אין דעם לעבען פון די געהירן אויך נאָך דעם, ווי ס'האָבען זיך אין אים אריינגעקריצט די ערשטע אײַנדרוקען. פּונקט אַזוי האָט אויך די אינדיווידואַל־געשיכטע אלס אזעלכע אין משך פון דער צייט פיל „איבער־געלעבט", זי האָט זיך געמוזט צו פיל זאַכען צופּאַסען, פון פיל איבער'חזר'ונגען זיך אָפּזאָגען. אַזוי ווי מען האָט אין דער אנטאָגעניע צו טון מיט פיל אַזעלכע שפּעטערדיגע „שטערונגען", האָט מען גענומען צווייפלען, צי מעג מען דאָ בענוצען דאָס וואָרט „געזעץ", ווען עס זענען פערהאַן אַזוי פיל אויסנאַמען. אָבער מיר דוכט זיך, אַז אין פּרינציפּ האָט דאָך דאָ דאָס דאָזיגע וואָרט פּונקט דעם זעלבען זין, ווי ביי די ערשיינונגען פון אונזער געהירן־לעבען, וואו מען קאָן זאָגען, נישט קוקענדיג אויף אַלע נישט פּינקטליכקייטען, אַז דער גרונד־געזעץ פון זכּרון איז דאָס איבער'חזר'ן די אַמאָליגע איבערלעבונגען, וועלכע האָבען זיך אים אייגעקריצט.

און נאָך אַ זאַך: אונזער זכּרון איז נאָך מיט אַ מערקוויר־דיגער ערשיינונג ענליך צו דעם, וואָס מיר זען ביי דער אָנ־טאָגענעטישער ענטוויקלונג. ביי ביידע זענען גראָד די פריסטע איינדרוקען די דויערהאַפטיגסטע און פולשטענדיגסטע. שפּעטער ווערט פיל פערפלאָנטערט און פערגעסען. די ערשטע עטאַפּען אָבער ליגען קלאָר און שאַרף אַזוי ווי די ערשטע גרויסע שריפט אויף אַ וויסען בויגען. דעריבער זעהט מען אַזוי בולט ביי דער ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען שפּראָצעלע די ערשטע בילדער פון דעם ערשטען קעמערל ביז צו דער קויל פון קע־מערלעך, ד. ה. ביז צו דער וואָלוואָקס־שטופע. דערנאָך גייט שוין אַלץ צו נישט אַזוי קלאָר. אָבער דאָך איז עס אינגאַנצען נאָך אַ פּראַכטפול בילד פאַר דעם, וועלכער פערשטייט נאָך זיין זין.

זיך זשאַבערעס־שפּאַלטען: עס דוכט זיך. אַז פון עמבריאָ ווערט אַ פיש. אָבער שוין פיהרט די שנעלע אויטאָמאַטישע ענטוויק־לונג צו פאָרמען, וועלכע דערמאָנען אין פערשידענע פרטים דעם שרץ, די שנאָבעל־חיה, די בייטעל־חיה. אַ ווײַלע שטייט די וואָג אַזוי, אַז מען ווייסט נישט, וואָס ס׳וועט ענדגילטיג ווערען פון עמבריאָ: אַ מאַלפּע צי אַ מענש. דאַן פאַלט אַוועק דער לעצטער ספק: ער ווערט אַ מענש. אַזוי ביסטו געוואָרען. אַזוי איז געוואָרען דיין געליבטע. אַזוי וועט ווערען יעדעס פון דיינע קינדער. יעדער מענש. דער קעניג און דער בעט־לער. שפּינאָזע און היעראָנימוס יאָבס. דער הייליגער און דער מערדער...

דו ווערסט נאָכאַמאָל דאָס, וואָס דו ביסט געווען. דיי־נע אור־עלטערען זענען דאָס אַלץ געווען, בשעת דו „ווערסט״, דאָס הייסט: בשעת דו רייסט זיך אָפּ, אַלס אינדיווידואום פון דעם ריעזען־בוים פון דער מענשהייט, טוט דיין אינדיווידואום נאָכאַמאָל אַ לויף דורך די גאַנצע ריעזיגע ליניע פון דער באַ־צילע ביז צום מענש.

אמת, די זאַך גייט צו אין טייל פרטים צו שנעל, אַזוי, אַז גאַנצע ליניעס קומען אַרויס נור ווי אין אַ נעפּעל, ווי אין אַ שאָטען. דער וועג איז צו ריזיג, די צייט צו אומגעהויער. דעריבער ווערען טייל שטופען איבערגעהיפּערט, פאַרווישט. העקעל האָט שוין אין זיין ערשטער ערקלערונג פון דער ביאָגענעטישען גרונד־געזעץ, באַטאָנט אַז דער אינהאַלט פון דער אינדיווידואַל־געשיכטע איז בעזונדער ביי די העכערע ברואים נישט קיין פולשטענדיגע איבער׳חזר׳ונג פון דער שטאַם־געשיכ־טע, נאָר אַ מין קאָנספּעקט, אַ פערקירצטער אויסצוג פון דעם אינהאַלט פון דער שטאַם־געשיכטע.

און גראָד אין דעם פאַל ווייזט זיך ווידער דייטליך אַרויס די ענליכקייט פון דער דאָזיגער אנטאָגענעטישער ענט־וויקלונג מיט די ערשיינונגען, וועלכע קומען־פאָר ביי אונז אין זכרון. אונזער זכרון איז אויך גענייגט ביי ערינערונגען טייל זאַכען צו פערענדערן. ער פערקירצט, דריקט צוזאַמען,

נאָך אַ קלענער איינציג קאַמערל: אַ בצוועגליך זוימען־קאַמערל. ביידע קאַמערלעך (די האָסט זייער סודות׳דיגען שפּיל געגוי געזען) גיסען זיך צונויף און געבוירען פון זיך דורך צו־שפּאַלטונג אַ געוואַקסע נייע קאַמערלעך. דאָס דאָזיגע געוואַקסע בלייבט פעראייניגט אין אַ סאָציאַלען פערבאַנד, און אין דעם סאָציאַלען פערבאַנד ענטשטייט אַ געוויסע אַרבייטס־טיילונג: בעשטימטע גרופּען פון קאַמערעך בילדען אויס אָרגאַנען...

די בעמערקסט? דער מענש איז שוין נישט קיין וואָל־וואָקס. און דאָך מאַכט ער אויך נאָכאַמאָל דורך אין מוטער־לייב די גאַנצע ליניע, וועלכע דער וואָלוואָקס חזר׳ט היינט איבער אינדיווידועל לויט דעם ביאָגענעטישען גרונד־געזעץ. ער מוז דאָס טון... ווייל אין זיין געשיכטליכער ענטוויקלונג האָט ער אַמאָל דורכגעמאַכט די שטופע פון וואָלוואָקס: זיין עקזיסטענץ אויף דער ערד נעמט איינפאַך אַרום אין זיך די עקזיסטענץ פון דעם וואָלוואָקס אַלס אַמאָליגע, פריע ענטוויק־לונגס־שטופע.

אָבער ער בלייבט נישט שטיין ביים וואָלוואָקס. דער מענשליכער עמבריאָ אין מוטער־לייב מוז אַרומנעמען, מוז אי־בער׳חזר׳ן לויט דעם ביאָגענעטישען גרונד־געזעץ נאָך מער ענטוויקלונגס־פאָרמען, ווי דער וואָלוואָקס, ווייל זיין געשיכט־ליכע ענטוויקלונג ציט זיך דאָך דורך אַ לאַנגער קייט, וועלכע גייט אַוועק פיל ווייטער פון וואָלוואָקס, העכער, ביז צו דיר.

אָט זעסטו, ווי פון דעם איינפאַכען קנויל פון קאַמער־לעך ווערט אַ גרופּע פון איניגע שיכטען קאַמערלעך, פּונקט אַזוי ווי די גאַסטרעאַ איז געווען אַ גרופּע פון צוויי שיכטען קאַמערלעך: הויט און מאָגען. פון די שיכטען בויען זיך אויף אָרגאַנען, וועלכע דערמאָנען זייער די אָרגאַנען פון וואָרים. אָט ווייזט זיך דער ערשטער שפּור פון אַ חוט־השדרה, אַ רוק־קען־מאַרך נאָך אָן אַ שאַרבען אַזוי ווי ביי דעם אַמאָליגען אַמפיאָקסוס־פיש. דאַן בילדעט זיך דער שאַרבען אָבער נאָך אָן די קינבאַקען, ווי ביי דעם ניינאויג־פיש. ביידע פאַרגלידער דערמאָנען די פאָרם פון פלוס־פעדערען, ביים האַלז בילדען

יויקלונגס-שטאם האָבען געלעבט לאַנג פאַר יענער אַלגאָנקיש-קאמברישער צייט, וועלכע איז דאָך שוין אויך געווען מיט מיליאָנען יאָרען צוריק. פון דער גאַסטרעאַ (מיר וועלען נאָך שפּעטער גענויער רעדען וועגען דעם דאָזיגען געשיכטליכען ענטוויקלונגס-גאַנג) איז ערשט נאָך פערשידענע איבערגאַנגען געוואָרען אַ וואָרים, פון דעם וואָרים איז געוואָרען אַ פּאַרצייטישע איינפאַכע חוט-השדרה'דיקה חיה אומגעפער פון דעם סאָרט, ווי עס שטעלט מיט זיך פאָר דער אור-פיש אַמפּיאָקסוס, אַ פיש, וואָס דערמאָנט לויט דער פאָרם אָן דעם ניינאויג-פיש. פון דעם אַמפּיאָקסוס איז געוואָרען אַ מין פיש, וואָס איז ענליך צו אונזער היי-פיש, פון דעם היי-פיש — אַ מאָלך-פיש, פון דעם מאָלך אַ שרץ, פון אים ווייטער אַ אור-זויג-חיה. ענליך צו אונזער שנאָבעל-חיה, דאַן אַ בייטעל-חיה, דאַן צום סוף אַ האַלב-מאַלפה, אַ בריאה. וואָס איז זייער ענליך צו די היינטיגע מאַלפעס, דאַן אַ מאַלפע-מענש. און דאַן איז ענדליך געקומען דער מענש. דער מענש, וואָס האָט אויסגעשמידט פון דער נאַטור קול-טור אין דעם רויטען גלאַנץ פון זיין קינסטליך אָנגעצונדענעם פלאַם...

אַן אומגעהויערע ענטוויקלונגס-קייט, אַ ריזיגע אין פער-גלייך מיט יענער קליינער קייט, וועלכע ציט זיך פון דער איינקעמערלדיגער אור-בריאה ביז צום וואָלוואָקס אָדער ביז צו דער גאַסטרעאַ. און דאָך! דער וואָלקאָס מאַכט דורך דעם ביאָגענעטישען גרונד-געזעץ. און דער מענש טוט אויך דאָס זעלבע. דו האָסט עס געטון, ווען דו ביסט געווען אין מוטער-לייב. דיין קינד, וואָס דו געבוירסט מיט דיין געליבטער, טוט דאָס.

פון דיין פרוי שפּאַלט זיך אָפּ אין דעם פרוכפּערונגס-אָרגאַן פון איר קערפּער (ד. ה. אין דעם געביט פון איר פיל-קעמערלדיגען קערפּער, אין וועלכען די קעמערלעך דינען, לויט דער אַרבייטס-טיילונג, נור דער פרוכפּערונג) אַן איינצעלן-קליין, שוואַר-בעוועגליך איי-קעמערל. איין איינציג קעמערל! צו דעם דאָזיגען איינצעלנעם קעמערל קומט צו מיט דיין הילף

האָבען מיר אָבער איצט מיט דער נייער בעהויפטונג אַרונטערגעפירט אונטער דעם דאָזיגען געזעץ אַ פיל גרעסערען קרייז לעבעדיגע ברואים. מיר האָבען פערשפרייט דעם דאָזיגען געזעץ אויך אויף דעם מין פון דער חיות=וועלט, וועלכער רופט זיך „מענש“.

שוין דאָס וויפעלטע מאָל מוז איך דיך בעטען צוריקצוקערען צו אונזער איינפאַכער מענשליכער האַנדלונג, וועלכע קומט=פאָר צווישען דעם זוימען=קעמערל און דעם איי=קעמערל, צו דער דאָזיגער בעריהמטער האַנדלונג, פון וועלכער ס'האָט זיך אָנגעהויבען אונזער ליבע=שפּאַציר און וועגען וועלכער איך האָב דיר געזאָגט, אַז אויף איר רוט איין עק פון דעם גאַנצען גרויסען רעגענבויגען פון דער ליבע, וועלכער נעמט אונז אַרום אויף אונזער פּלאַנעטע ערד. און דאָס מאָל קומסטו צוריק צו דער דאָזיגער געשיכטע שוין מיט דיין נייעם גאָלדענעם צויבער=שליסעל אין דער האַנט.

דו ווייסט שוין גוט, אַז דו אַליין מיט אַלע דיינע מיריאַדען=קעמערלעך, מיט דיינע אָרגאַנען, אין וועלכע די דאָזיגע קעמערלעך פירען דורך זייער אַרבעטס=טיילונג, ביסטו נישט מער ווי אַ הערליכסטע און העכסטע פאָרטזעצונג פון יענער קויל=ענטוויקלונג, וועלכע איז אָנגעהויבען געוואָרען דורך דעם וואָלוואָקס. ווי דו זאָלסט נישט זיין אַנדערש פון דעם וואָלוואָקס, זענען דאָרט ביי דעם וואָלוואָקס און ווייטער ביי דער גאַסטרעאַ שוין פאַרהאַן אין אַ געוויסען זין אַלע גרונד=פאַקטאָרען פון דיין עקזיסטענץ: קעמערלעך, וועלכע זענען פעראייניגט אין אַנ'ענגען סאָציאַלען פערבאַנד; אַרבעטס-טיילונג, וועלכע פירט צו דער בילדונג פון אָרגאַנען; און צווישען די דאָזיגע אָרגאַנען קודם=כל די פרוכפערונגס=אָרגאַנען, ביי דיר מענשליכע און ביי דיין געליבטער ווייבליכע.

און נאָך: צווישען דיר און דעם וואָלוואָקס, אָדער צווישען דיר און דער גאַסטרעאַ ליגט נאָך אַ גאַנצע אומגעהויערע קייט פון *ווייטערדיגע* היסטאָרישע ענטוויקלונגען. דער ערשטער וואָלוואָקס און די ערשטע גאַסטרעאַ פון דיין עגמ=

ליבע=לעבעדיגע פון די העכערע לעבעדיגע ברואים אויף דער ערד.

דו האָסט זעלבסשטענדיג אין דעם דאָזיגען איינפאַכסטען פאַל געפונען דעם אַזוי גערופענעם „ביאָגענעטישען גרונד=געזעץ“.

דער דאָזיגער געזעץ איז צום ערשטען מאָל גענוי ענטוויקעלט געוואָרען דורך העקעל'ן. ער האָט איהם אָנגערופען „ביאָגענעטישער“ פון די גריכישע ווערטער „ביאָס“ (לעבען) און „גענעא“ (אומנעפער: אָפּשטאַמונג); העקעל בענוצט דאָס וואָרט „גענעא“ אין זין פון ענטוויקלונגס=געשיכטע; דאָס גאַנצע וואָרט באַטייט אַזוי אַרום: דאָס גרונד=געזעץ פון דער ענטוויקלונגס=געשיכטע פון לעבען. אויף דעם אייגענטליכען פאַקט האָט נאָך פאַר העקעל'ן ענערגיש אָנגעוויזען פריץ מילער, און שפורען געפינט מען שוין אין דער צייט פון אָקען'ען און נאָך פריער. די ענטשיידענדיגע פעסטשטעלונג פון דעם געזעץ געפינט זיך אויף דעם דרייהונדערטסטען זייטעל פון צווייטען באַנד פון העקעלס „גענערעלע מאָרפאָלאָגיע“ פון יאָר 1866.

העקעל רופט דערביי אָן די לערע וועגען יענער אַלטער ענטוויקלונגס=גייסט אין דער געשיכטע פון יעדען היינטיגען מין פון דער חיות=און צמחים=וועלט „פילאָגעניע“ אָדער „שטאַם=געשיכטע“ (פון גריכישען וואָרט „פילאָן“ — שטאַם און „גענעאַ“). די לערע וועגען דער ערינערונגס=קייט, וועלכע הזר'ט זיך היינט איבער ביי דער ענטשטייאונג פון יעדער איינצעלנער בריאה רופט ער אָן „אנטאָגעניע“, דאָס הייסט „אינדיווידואַל=געשיכטע“ פון גריכישען וואָרט „אנטאַ“ — אַן'איינצעלנע בריאה און „גענעא“). דאָס „געזעץ“ זאָגט דעריבער קורץ: דער אינהאַלט פון דער אנטאָגעניע איז אין זיין גרונד=פערלויף אין יעדען איינצעלנעם פאַל אַ קורצע און שנעלע איבער'חזר'ונג פון דעם אינהאַלט פון דער פילאָגעניע.

ביי יעדען פון די היינטיגע מינים אין דער חיות=און צמחים=וועלט! אויב מיר האָבען ביז איצט גענומען פאַר אַ ביישפיל נור דעם וואָלוואָקס, אַלס דעם איינפאַכסטען פאַל,

קורצער ווײַלע, און דערבײַ גייען די ערינערונגען איינע נאָך דער אַנדערער אין דער בעשטימטער אַמאָליקער אָרדענונג.

און ווי מיר זאָלען נישט בעטראַכטען די זאַך: צי אַלס אַ גייסטיגע ענליכקייט אָדער אַלס אַ רעזולטאַט פֿון דער ענליכקייט פון די מאַטעריעלע יסודות פון ביידע פּראָצעסען; יעדענפאַלס מעגען מיר רואיק זאָגען, אַז די אינדיווידועלע איצטיקע ענטוויקלונג און די אַמאָליגע היסטאָרישע ענטוויקלונג געפינען זיך צווישען זיך אין דעם זעלבען פערהעלטעניש, ווי אַנ'אויסערליכע ריי פון ערשיינונגען און אייַנדרוקען און אַנ'אינערליכע, שפּעטער אויפוואַכענדיגע קייט פון ערינערונגען. ווי נור דער וואָלוואָקס לאָזט אַרויס אויף דער פֿריי זיינע רייפֿע ליבעקאַמערלעך, געפינען זיי זיך שוין אויף דעם דאָזיגען צווייטען „ערינערונגס=וועג“, זיי הויבען אָן מיט אַ פעסטער זיכערקייט זייערע האַנדלונגען, אַזוי ווי אַ זייגער, וועלכען מען האָט אָנגעדרייט און געלאָזען גיין.

פּרוב איצט דעם דאָזיגען איינפאַכען פאַקט, וועלכען די וואָלוואָקס-קויל ווייזט דיר, אויסדריקען אין דער פאָרם פון אַ וויסענשאַפֿטליכען זאַץ, פון אַ „געזעץ“.

יעדע איינצעלנע וואָלוואָקס=קויל—וועסטו זאָגען – מאַכט דורך אין ,משך פון איר אינדיווידועלער ענטוויקלונג גאַנץ שנעל און אויטאָמאַטיש אין דער אַלטער אָרדענונג נאָכאַמאָל די זעלבע ענטוויקלונגס=שטופען, וועלכע אירע אור=עלטערן האָבען אַמאָל געשיכטליך דורכגעמאַכט, ווען זיי האָבען זיך ערשט צום ערשטען מאָל ענטוויקעלט ביז צום וואָלוואָקס.

דו דאַרפסט שוין איצט פערשטיין נאָך דעם גאַנצען פערלויף פון די געשעענישען, וועלכע איך האָב דיר דאָ פאָרגעשטעלט, אַז אין דעם דאָזיגען „געזעץ“ שטעקט אייגענטליך נישט קיין שום כּישוף.

אין דעם דאָזיגען „געזעץ“, וועלכען דו האָסט אַליין ענטדעקט, האָסטו געפינען אַ ווערטפֿולען אוצר: דו האָסט געפונען אַ שליסעל צו אַלע ענטוויקלונגס-פאַקטען אין דעם

אייערלעך פון חיות אַרויסרופן דעם דאָזיגן „דערמאָנענדיגן" סטויס: מען האָט דאָס איי-קעמערל געדרייצט מיט מאגנעזיום-כלאָריד, מיט שוועבעל-זויער אָדער מיט פשוט'ן מאַסאַזש. דאָס נאָך ניט באַפרוכטיגטע איי-קעמערל האָט דאַן אָנגעהויבן דורכצופירן די צוטיילונג. עס איז פעסטגעשטעלט, אַז די צונויפמישונג פון ביידע קערנדלעך פון די קעמערלעך (דעם איי-קערן און דעם זוימען-קערן) רופט באַלד אַרויס די נאָענטסטע האַנדלונג. נור פונקט אַזוי, ווי בײַ אונזערע ערינערונגען דאַרפן מיר ניט האָבן דעם דירעקטן אַלטן איינדרוק, און עס איז גענוג זיינס אַ סוראגאַט — אַ וואָרט, אַ ריח, אַזוי קומט פאָר, ווייזט אויס, אויך אין דעם פאַל מיט דעם איי. די קרוב'ישע כעמיקאַליען דערמאָנען אפשר אָן דעם ריח פון דעם נאָענטן זוימען-קעמערל. דער מאַסאַזש דערמאָנט אפשר זיך דעם גערודער, וואָס קומט פאָר אין דער איי-מאַסע בשעת דער צונויפגיסונג פון די קערנדלעך. דעם אייגנטליכן עצם און דעם צוועק פון דעם בעפרוכטיגונגס-אַקט: די צונויפמישונג פון צוויי אינדיווידואומס און פון זייערע כראָמאָזאָמען-מאַסען קענען נאַטירליך די סוראָגאַטן ניט פערטרעטן. אָבער דעם סיגנאַל פאַר דער נאָענטסטער האַנדלונג געבן זיי אין געגעבענעם מאָמענט.

און פונקט ווי עס קומט פאָר בײַ אַן ערינערונג, וואו איין איינדרוק רופט אַרויס דעם אַנדערן, אַזוי רופט אויך דאָ אַרויס דער צוטיילונגס-אַקט די נאָענטסטע שטופע: די קעמערלעך שטעלן זיך אויס אין אַ בעשטימטער אָרדנונג, אין דער פאָרם פון אַ הוילער קויל, און דאָ קומט ווייטער די לעצטע שטופע — די אַרבייטס-טיילונג. די געשיכטליכע ענטוויקלונג באַשטימט די אָרדנונג פון די האַנדלונגען: איין סטאַציע וועקט אויף באַלד נאָך זיך די אַנדערע. פונקט ווי עס קומט פאָר בײַ אונז אין זכרון, ווען עס ערוואַכט אַ ריי אַלטע געשעענישען אַלס ערינערונגען, וואָס זענען פערקניפט דורך אַסאָציאַציעס דאָס, וואָס ס'איז אַמאָל פאָרגעקומען אין משך פון זייער אַ לאַנגער צייט ווערט דורך אונזער זכרון אין משך פון אַ

און זי אויספּרובען פאַר דער נוצליכקייט. די היינטיקע וואָלוואַקס-קויל מאַכט שוין דורך דעם דאָזיגען וועג גאַנץ זיכער און קאָנסעקווענט.

דו קאָנסט דיר די פערהעלטניש צווישען די צוויי ערשיינונגען ערקלערען ווי דו ווילסט, לויט דעם, וועלכע אָנשויאונג די האָסט אין דער ערבליכקייט-פראַגע. דו קאָנסט בעטראַכטען די דאָזיגע ערשיינונגען אַזוי ווי אַ טויטען אָביעקט און גאַנץ רואיג זאָגען; דעמאָלט האָט זיך פון אַ פערפלאָנטערטען שפּיל פון צופעליג-ענטשטאַנענע כּוחות-פערהעלטנישען געדאַרפט ביסלעכווייז אויסבילדען אַ לעבענס-פעאיקע זאַך, איצט, דאַגעגען, איז שוין דער מעכאַניזם איינגעשטעלט אין דער געהעריגער אָרדנונג און דער גאַנצער זייגער גייט שוין דעריבער ריכטיג.

אָדער דו קאָנסט די איינצעלנע קעמערלעך אין ביידע פאַלען בעטראַכטען אַלס לעבעדיגע ברואים, דאַן וועסטו זאָגען: אַמאָל זענען די בעזונדערע אינסטינקטיווע האַנדלונגען (די צונויפגיסונג פון ביידע קעמערלעך, דער סאָציאַלער פערבאַנד, די אַרבייטס-טיילונג) ערשט ביסלעכווייז אויף וועלכען ס׳איז וועג אַריינגעשלאָגען געוואָרען די איינצעלנע ברואים אין קאָפּ, איצט זענען שוין די דאָזיגע אינסטינקטען איינגעשטעלט ביי די ברואים אין אַ פעסטער אָרדנונג. זיי שטויסען די ברואים צו אַ בעשטימטער האַנדלונג און איין פערענדיגטע האַנדלונג רופט באַלד נאָך זיך אַרויס די אַנדערע.

און ווי געזאָגט, איז דער דאָזיגער היינטיגער גלאַטער פערלויף פון די האַנדלונגען לויט זיין געזעצמעסיגקייט שטאַרק ענליך צו אַנ׳ערינערונגס-ערשיינונג. אַ בעשטימטער שוואַכער שטויס רופט אַרויס אַנ׳עקוויוואַלענט פון די אַלטע געשיכטליכע געשעענישען פונקט אַזוי, ווי עס וועקט זיך אויף אין אונזערע געהירען אַנ׳ערינערונג. די צונויפמישונג פון דעם איי-קעמערל מיט דעם זוימען-קעמערל גיט דעם שטויס, וועלכער „דערמאָנט" אָן דעם, אַז איצט דאַרף פאָרקומען די צושפּאַלטונג אויף פיל קעמערלעך, די בילדונג פון אַ סאָציאַלער קאָלאָניע. מען האָט געפּרובט דורך קינסטליכע מיטלען ביי נאָך נישט בעפרוכטיגטע

געווען אַן׳איינציג קעמערל, אַן׳אומבעוועגליך איי־קעמערל. צו דעם דאָזיגען איינציגען קעמערל איז צוגעקומען נאָך אַ קלענער צווייט קעמערל: אַ בעוועגליך זוימען־קעמערל.ביידע קעמערלעך האָבען זיך צונויפגעגאָסען און געבוירען פון זיך דורך שפּאַל־טונג אַ געווימעל נייע קעמערלעך. די דאָזיגע נייע קעמערלעך האָבען זיך באַלד פעראייניגט אין אַ סאָציאַלען פערבאַנד. און אין דעם דאָזיגען פערבאַנד איז ענטשטאַנען אַ געוויסע אַרבעטס־טיילונג, וועלכע וועט בעשאַפען אין דער וואָלוואָקס־קויל נייע איי־קעמערלעך פאַר דער ווייטערדיגער פרוכפערונג.

דוכט זיך דיר ניִשט, אַז די דאָזיגע ביידע ערשיינונגען: איינע פון דער אור־אַלטער צייט, פון פאַר דעם קאמבריִשען ברעג, פון פאַר דער עקזיסטענץ פון מענשען, און די צווייטע, וועלכע קומט פאָר היינט פאַר דיינע אויגען — זענען פונקט די זעלבע?

יאָ, זייערע ענטוויקלונגס־שטופען זענען טאַקע איינגאַנצען די זעלבע. יעדע וואָלוואָקס־קויל מאַכט דורך היינט אין איר אינדיווידועלער ענטוויקלונג גענוי די זעלבע קליינע קייט פון גע־שעעניִשען און פאָרמען, וועלכע זענען פארגעקומען אין דעם אַלטען פאַרצייטענס, ווען ס׳האָבען זיך צום ערשטען מאָל גע־נומען ענטוויקלען פון איינקעמערלדיגע ברואים פילקעמערלדיגע וואָלוואָקסיִשע פערבאַנדען.

און עס איז פערהאַן נור איין איינציגער אונטערשייד. דאָס, וואָס עס קומט היינט פאָר ביי דער וואָלוואָקס־קויל אין אַ גאַנץ שנעלען און גלאַטען טעמפּ, אַזוי ווי לויט אַן׳אָנגעדרייטען מעכאַניזם, דאָס איז אין יענע אַלטע טעג, אין די טעג, ווען די וואָלוואָקס־קוילען האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען צו ענטוויקלען, פאָרגעקומען זייער לאַנגזאַם, שטופע נאָך שטופע אין משך פון אַן׳אומגעהויערער צייט, אין משך פון אַ לאַנגער קייט דורות. גאַנץ, גאַנץ לאַנגזאַם האָט יענע אַלטע דורות־קייט געדאַרפט געפינען פאַר זיך יעדע נייע סטאַציע ביי טויזענטער פארוויק־לונגען, פרובען, אויטוואַלען, שטערונגען, גאַנץ לאַנגזאַם האָט אַדור נאָך אַ דור געמוזט ענטדעקען יעדע ווייטערדיגע איינצעלנע שטופע

איז געווען זיין געשיכטליכע ענטוויקלונג? פריער זענען נור געווען איינקעמערלדיגע ברואים. די דאָזיגע איינקעמערלדיגע האָבען נאָך אַ געוויסער ענטוויקלונגס־צייט זיך גענומען אויפֿפירען אַזוי, אַז זיי האָבען זיך געזוכט צו צוויי, אַ בעוועגליכע קלענערע איינקעמערלדיגע בריאה האט געזוכט אַ גרויסע, אַ שווער־בעוועגליכע. זיי האָבען זיך צונויפֿגעגאָסען און געבוירען פון זיך דורך אָפּשפּאַלטונג אַ געווימעל נייע איינקעמערלדיגע. עס האָט געקאָנט דורכגיין זייער אַ לאַנגע צייט, און דער פֿאָרטשריט האָט זיך מער אויף קיין האָר נישט גערירט פון דעם אָרט. דערנאָך איז געקומען אַ נייע ענטוויקלונגס־שטופֿע. פיל איינקעמערלדיגע האָבען זיך צונויפֿגענומען אין אַ סאָציאַלען פערבאַנד. אין דעם דאָזיגען פערבאַנד האָט זיך אָנגעהויבען די ערשטע אַרבייטס־טיילונג. עטליכע קעמערלעך האָבען איבערגענומען אויף זיך די פּרופּערונג פאַר׳ן גאַנצען פֿערבאַנד, נור זיי אַליין האָבען פון זיך אָפּגעשפּאָלטען פֿאַר דער גאַנצער קויל זוימען־קעמערלעך אָדער איי־קעמערלעך.

דו האָסט געזען, ווי אַזוי די דאָזיגע שטופען האָבען זיך ענטוויקעלט איינע פון די אַנדערע. די דאָזיגע איינפאַכע ענטוויקלונגס־ליניע האָט זיכער פֿאַרנומען אַ שטיק געשיכטע, וואָס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט און וואָס איז שוין זייער אַלט. פיל עלטער, ווי יענער אלגאָנקיש־קאמברישער ברעג...

איצט בעטראַכט נאָך אַ מאָל די איינצעלנע וואָלוואָקס־קויל. אָבער דאָס מאָל פערגעס איר גאַנצע געשיכטליכע בעדייטונג, פערגעס אַלץ, וואָס קאָן אין איר דערמאָנען דאָס אַמאָליגע לעבען אויף דער ערד, די אַמאָליגע ענטוויקלונג. נעם די קליינע קויל בלויז אַלס איינצעלנע בריאה פון היינטיגען טאָג, אַ בריאה, וואָס לעבט אינדיווידועל אונטער דער זעלבער זון, וועלכע שפינט אויף דיך אַרום מיט איר גאָלדענער נעץ,— נעם זי אַלס גרין פינטעלע, וואָס טראָגט זיך אין דער מינוט לוסטיג אין דעם קריסטאל־בלויען שטראָם. ווי אַזוי איז דאָס דאָזיגע בעשעפעניש אינדיווידועל, פֿאַר זיך „ענטשטאַנען“? מיט אַ פערהעלטנימעסיג גאַנץ קורצער צייט צוריק איז עס נאָך

לאָמיר ווידער אָנהויבען ביים וואָלוואָקס. איך מיין, אַז די גרויסע ליניע, די גאַנצע ליניע איז דיר שוין איצט אינגאַנצען קלאָר. פון דעם אור־בעשעפעניש, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט נישט מער ווי איין קעמערל, וואָס איז נאָך נישט געווען נישט מאַן און נישט פרוי, און וואָס האָט זיך געפּרוכפּערט צושפּאַלטענדיג זיך אויף צוויי העלפט. ביז צו דעם העכערען בעשעפעניש, וואָס בעשטייט פון אַ מין פערבאַנד פון פיל קעמערלעך און וואָס שטעלט מיט זיך דאָך פאָר איין איינהייטליכע אינדיווידואַליטעט. אַ בעשעפעניש, וואָס האָט ביי זיך איינגעפירט די אַרבייטס־טיילונג און האָט אַזוי אַרום פערטיילט זיינע קעמערלעך אין בעזונדערע אָרגאַנען. און וואָס בעזיצט אַ ספּעציעלען אָרגאַן פאַר דער פּרוכפּערונג, וועלכע געפינט זיך אָדער געפינט זיך נישט אין אַ געוויסער פערבינדונג מיט דעם לעבען פון די איבעריגע קעמערלעך פון אָרגאַניזם. און דער דאָזיגער אָרגאַן קאָן זיין אַ מענליכער אָדער אַ ווייבליכער. ער קאָן אויסטיילען פון זיך איינצעלנע זוימען־קעמערלעך אָדער איינצעלנע איי־קעמערלעך. זוימען־קעמערלעך און איי־קעמערלעך, וועלכע מישען זיך צונויף ביי דער בעהעפטונג, שטרענג אויסמיידענדיג דערביי די אינצוכט. און פון זייער צונויפמישונג וואַקסט ערשט שפּעטער אויס די נייע בריאה.

און וועגען דעם לעצטען, וועגען דעם אויפוואַקסען פון דער נייער בריאה ווילען מיר דאָ זאָגען נאָך אַ וואָרט, — אַ וואָרט, וואָס בערירט, אמת, ווידער דאָס שווערע פּראָבלעם פון דער ערבליכקייט, אָבער אין אַ מער קלאָרען פונקט.

בעטראַכט נור און פערגלייך זאָרגפעלטיג צוויי ערשיינונגען. אָט האָסטו דאָ אַ וואָלוואָקס־קנויל, אָדער וועלכען ס'איז מער ענטוויקעלטען, ענליכען פיל־קעמערלדיגען פערבאַנד. וואָס

בלייבען אָפּגעשטאַנען? אין לעצטן פֿאַל מוז די פראַגע וועגן
אויפהויבען די מענשהייט אויף אַ העכערע מדרגה, איבערגע=
לאָזען ווערען דעם זעלבען נאַטירליכען אויסוואַל, וועלכער
ראָט ביסלעכווייז אויס די ווייניגער צוגעפּאַסטע צום לעבענס=
קאַמף און לאָזט נור איבער די צופעליג=ענטשטאַנענע גוטע
וואַריאַנטען. די דאָזיגע פראַגע ווערט נאָך היינט דורך דער
וויסענשאַפט נישט געלעזט. און איר לעזונג איז טאַקע אָפּהענ=
גיג אין אַ גרויסער מאָס פון די ערפאַרונגען, פון די ערפאָל=
גען פון דער זעלבער פעדאַגאָגיק. קורץ: עס שטייט=פאָר אַ
גרויסע, כמעט נאָך נישט אָנגעהויבענע פּיאָנער=אַרבעט...

פּינקטלעכקייטען" ביי די רינג־אָפּשפּאַלטונגען, אָדער אַדאַנק פערשידענע צופעליגע קרייצונגען ביי דער געשלעכטליכער ליבע, אָדער אויך צוליב יענע דערמאָנטע דורכדרינגליכע גיפט אָדער טעמפּעראַטור־ענדערונגען, וועלכע האָבען זיך אַריינגעגעסען אין די צויבער־רינגען. פון דעם דאָזיגען צופעליגען פערשידענאַרטיגען מאַטעריאַל האָט דאַן דער דאַרוויניסטישער נאַטירליכער אויסוואַל געדאַרפט אויסוויילען נור די וואַריאַנטען, וועלכע זענען געווען מער צוגעפּאַסט צו די אויסערליכע בעדינגונגען פון לעבען; די נישט־צוגעפּאַסטע זענען אויסגעראָט געוואָרען. דער דאָזיגער מעטאָד איז, נאַטירליך, פיל אומזיכערער, ווי דער ערשטער. לויט דער ערשטער טעאָריע האָט דער נאַטירליכער אויסוואַל געדאַרפט נור אויסראָטען פערשידענע אָפּנייגונגען פון דער גלייכער ענטוויקלונגס־ליניע. לויט דער צווייטער האָט דער נאַטירליכער אויסוואַל געדאַרפט אַליין אויפבויען דאָס גאַנצע העכערע לעבען. היסטאָריש קאָן מען דאָס אַזוי בעצייכענען: די ערשטע טעאָריע נייגט זיך מער צו דער עלטערער לערע לאַמאַרק'ס, די צווייטע שטיצט זיך אויף דאַרווינס לערע, אָבער זי גייט ווייט אַרויס פון די גרעניצען פון דאַרווינס אנשויאונג; זי איז אַ מין היפּער־דאַרוויניזם. דער הויפּט־פערטרעטער פון דער לעצטער אָנשויאונג, ווייסמאַן, העלפט זיך אַרויס ביים בעווייזען די ריכטיגקייט פון זיין טעאָריע מיט אַ גאַנצען בינטעל הילף־היפּאָטעזען. מיר קאָנען אָבער נישט אין אונזער בעגרענעצטען שמועס וועגען דער ליבע זיך אַריינלאָזען אַזוי טיף אין דער דאָזיגער פראַגע.

די לעזונג פון דער דאָזיגער פראַגע האָט אויך אַ געוואַלדיגע בעדייטונג פאַר אונזער מענשליכער פּעדאַגאָגיק. עס שטייט אַ פראַגע: צי וועט אונזער ערציערישע אַרבייט ענדליך נאָך אַ געוויסער צאָל דורות בכלל העכער אויפהויבען דעם גייסטיגען מצב פון דער גאַנצער מענשהייט? אָדער צי וועט איר אויפגאַבע כסדר זיין, ווי ביז איצט, צו ענטוויקלען ביז צו דער העכסטער מדרגה נור די נאַטירליכע גוטע וואַריאַנטען, די טאַלאַנטען, בשעת די ערגערע וואַריאַנטען וועלען כסדר

„ג״, וועלכער ווערט דורך די אויסערליכע איינדרוקען אויף אַ געהעריגען אופן פערענדערט.

נאַטירליך, איז אויך אויף אַזאַ אופן נאָך נישט אַלץ קלאָר. אָבער עס שאַדט נישט אויך אין אונזער געשיכטע פון דער ליבע אָנצוווייזען פון צייט צו צייט אויף דעם שאַרפען קאַמף, וועל־כער ווערט געפירט אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט אַרום געוויסע פראַגען. איך גיב דיר בכלל נישט אין דעם דאָזיגען בוך קיין פעלזען־פעסטע מיינונגען פון דער וויסענשאַפטליכער וועלט. זאָל זיין אין אונזער שמועס אַ שטיק יעגער־פרייד. דער יעגער קוקט זיכער אויס די געלעגענהייט צו געבען אַ שאָס; אַזוי יאָגען מיר אויך און זוכען די ווילדע חיה, וואָס ענט־לויפט און בעהאַלט זיך פאַר אונז — דעם אמת. אָבער דאָס יאָגען לוינט זיך שוין צוליב דער ריינער לופט, צוליב דעם וואַנדערן און אַרומבלאָנדזשען אין דער וואַלד־פרישקייט, אין דער אונבערירטער נאַטור־הערליכקייט.

איך וויל אויך בעמערקען, אַז דערפון ווי אַזוי די פראַ־גע וועגען דעם איבערגעבען בירושה די ערוואָרבענע אייגענ־שאַפטען וועט געלעזט ווערען, איז אָבהענגיג אַ צווייטע זייער וויכטיגע פראַגע: די פראַגע וועגען דעם טעמפּ פון דער ענט־וויקלונג פון דעם העכערען אָרגאַנישען לעבען אויף דער ערד. ווען מען זאָל אָננעמען, אַז דירעקטע פערענדערונגען פון אָרגאַ־נען צוליב דעם שוואַכען אָדער שטאַרקען געברויך, אַז איבונג און אינדיווידועלע ערפאַרונגען האָבען זיך ביסלעכווייז — זאָל זיין גאַנץ לאַנגזאַם — סוף כל סוף איבערגעגעבען די ווייטער־דיגע דורות, — וועט מען מוזען אנערקענען, אַז די ענטוויקלונג אין דעם זין פון כסדר׳דיגער צופּאַסונג און בעהערשונג פון דער אויסערליכער וועלט איז צוגעגאַנגען פערהעלטניסמעסיג גאָר שנעל און קאָנסעקווענט. אויב אָבער די דאָזיגע ערוואָר־בענע אייגענשאַפטען זענען נישט איבערגעגאַנגען בירושה, האָבען די נייע, העכערע ברואים געקאָנט ענטשטיין נור אַ דאַנק פערשידענע צופעליגקייטען, אַדאַנק די דערמאָנטע „נישט

זיך שפעטער מיט דער הילף פון דעם גאַנצען נערווען־סיסטעם פערשפרייטען איבער דעם אָרגאַניזם און אַלס אָפגעשוואַכטער אָפקלאַנג אָנרירען אַלע איבעריגע קעמערלעך פון דעם אָרגאַניזם. און אויב מען נעמט־אָן, אַז די לעבעדיגע ליבע־קעמערלעך האָבען אויך די פעאיגקייט אַריינצוגראָבען אין זיך ערינערונגס־צייכענס — איז די הויפט־זאַך ערקלערט. און עס איז פערשטענדלעך, אַז עס איז נויטיג אַ לאַנגע, אונאויפהערליכע ווירקונג פון דעם זעלבען אויסערליכען איינפלוס, כדי דאָס, וואָס ס'האָט זיך אין די געהירן — אין דער ערשטער אינסטאַנץ — באַלד אַריינגעגראָבען אַלס אַ מאַטעריעלער שפור, אַלס „אַנ'ערינערונג", זאָל אַלס אַזעלכע זיך ווי עס איז אַריינגראָבען אויך אין די ליבע־קעמערלעך.

עס האַנדעלט זיך דאָך נישט דער עיקר אין דעם, ווי אַזוי דער דאָזיגער וועג גייט פון די געהירן צו דעם איי־קעמערל, נור אין דעם, אַז דאָס איי־קעמערל דאַרף זיין אַזוי סענסיטיוו און אין עצם געהירן־ענליך, אַז עס זאָל אויך ווי עס איז פילען די איינפלוסען, וועלכע טרעפען די געהירן. דערמיט האָבען מיר זיך אונבעמערקט דערנענטערט צו אונזער פריערדיקען ביישפיל מיט דעם בער־זומער־פויגעלע, ביי וועלכען די קעלט האָט פערענדערט די פאַרב פון די פליגעל און געווירקט ווייטער ביז'ן צווייטען דור. און דער דאָזיגער ביישפיל ענטפערט אונז אויך אויף דער ווייטערדיגער פראַגע: צי באַהאַלט שוין דאָס איי־קעמערל אָדער דאָס זוימען־קעמערל אין זיך די געהירן פון דעם שפעטערדיגען קינד, אין וועלכע עס קאָן פאַר דעם דאָזיגען קינד צונויפזאַמלען די „ערינערונגען". די געהירן זענען נאָך אין דעם איי נישטא, פונקט ווי אין דעם בער־שלייערל איז נאָך נישט געווען דאָס שפעטערדיגע פליגעלע פון דעם יונגען זומער־פויגעלע. אָבער מיר האָבען דאָרט בילדליך געזאָגט: עס איז געווען אַ ירושה־צייכען „פ" אויף דעם רינג, און דער דאָזיגער צייכען איז פערענדערט געוואָרען. דאָ איז ווייטער פאַראַן דער ענטשפרעכענדיגער צייכען

בע־קעמערלעך, ווי אין אַ זאַמצל־קאַטטעך. זיי בעמערקט דאָ מסתמא באַלד, אַז די דאָזיגע היפּאָטעזע (זי איז באַרימט גע־וואָרען אַלס „פּאַנגענעזיס") מאַכט אייגנטליך אין דער שטיל אַ תּל פון דער גאַנצער אַרבייטס־טיילונג צווישען די ליבע־קע־מערלעך און די נישט־ליבע־קעמערלעך: אַלע קעמערלעך פון דער קאָלאָניע, אויב זיי שפּאַלטען פון זיך אויך אָפּ לעבעדיגע טיילעכלעך, בלייבען, אַזוי צו זאָגען, „פאַרשעמטע" ליבע־קע־מערלעך, און די אמת'ע ליבע־קעמערלעך זענען אייגענטליך נור אַזאַ מין זאַמעל־פּונקט, וואו די אַלע בעזונדערע אָפּשפּאַלטונגען קומען זיך צונויף און ווערען, גלייך ווי אין דעם פּאסט-אַמט, געבראַכט אין אָרדענונג. די בעזונדערע שפּאַלט־טיילעכלעך מוזען תּמיד אַרומוואַנדלען מאַסענווייז אין דעם גאַנצען קערפּער; די אמת'דיגע ליבע־קעמערלעך האָבען נור די אייגענשאַפט צו פאַרהאַלטען די דאָזיגע אַרומוואַנדלענדיגע טיילעכלעך.

אַזוי ווי מען קאָן זיך די דאָזיגע טיילעכלעך פאָרשטעלען ווי צום קלענסטען, האָט גוסטאַוו יעגער, דער באַרימטער גייסט־רייכער זאָאָלאָג, זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי שטעלען מיט זיך פאָר נישט מער ווי אַ ריח: יעדער קעמערל גיט אַרויס זיין אינ־דיווידועלען ריח, און די דאָזיגע ריחות האָבען די אייגענשאַפט (ווי אַזוי דאָס קומט פאָר, האָב איך קיינמאָל רעכט נישט פער־שטאַנען) אויפצובויען אויך אַזעלכע קעמערלעך מיט אַלע זייערע ערפאַרונגען; דערביי זענען די איי־און זוימען־קעמערלעך אויך נור אַזעלכע זאַמלער פון די דאָזיגע ריחות.

מיר דוכט זיך, אַז די דאָזיגע און ענליכע מער אָדער וויניגער גייסטרייכע טעאָריעס זענען מער קאָמפּליצירט, ווי ס'איז נויטיג. אייגענטליך געפינען זיך דאָך די ליבע־קעמער־לעך ביז צו זייער רייפקייט אין אַ רעאַלער ענגער פערבינדונג מיט דער גאַנצער קאָלאָניע. אַלע אויסערליכע איינפלוסען, וועל־כע טרעפען וועלכען ס'איז פונקט פון דער קאָלאָניע, קאָנען זיך בּיסלעכווייז פערשפּרייטען איבער דער גאַנצער קאָלאָניע און אַזוי אַרום טרעפען אויך די ליבע־קעמערלעך. יעדער איינדרוק, צום ביישפּיל, וועלכער וואַקסט זיך אַריין אין די געהירען, קאָן

גאַנצען די ערשיינונג, וועלכע מיר לעבען איבער ביי אַנ׳ערי־
נערונג. סעמאָן איז געקומען צום אויספיר, אַז, אַלענפאַלס
בנוגע די מאַטעריעלע יסודות פוןביידע פּראָצעסען, האָבען מיר
דאָ צו טון נישט נור מיט אַנ׳אַנאַלאגיע, מיט אַנ׳ענליכקייט,
נור מיט אַנ׳אידענטיטעט: אַז ביידע פּראָצעסען קומען פאָר אויף
איין און דעם זעלבען אופן. די ליבע־קעמערלעך בויען אויף
די נייע בריאה, די נייע פיל־קעמערלדיגע קאָלאָניע לויט די
זעלבע געזעצען, וועלכע מיר קאָנען שטרענג וויסענשאַפטליך
בעצייכענען אַלס „ערינערונגס־געזעצען״.

דער דאָזיגער אויספיר, געגען וועלכען איך געפין איי־
גענטליך נישט קיין שטאַרקע ערווידערונג, וועט אונז לייכטער
מאכען זיך פאָרצושטעלען דעם וועג, וואָס קאָן פירען פון די
געהירען צו די ליבע־קעמערלעך. די ערינערונגען, וועלכע שאַ־
פען זיך אין די געהירען, געפינען אַ געוויסען אָפּקלאַנג אין די
ערינערונגען פון די ליבע־קעמערלעך.

וועגען דעם, ווי אַזוי מען קאָן זיך פאָרשטעלען דעם
דאָזיגען וועג — ווען מען זאָל אָננעמען, אַז ער איז פאַר־
האַן — איז אויך זייער פיל געקעמפט געוואָר׳ן אין דער וויסענ־
שאַפטליכער וועלט. וויסמאַן, וועלכער האָט אָפּגעלייקענט די
דאָזיגע גאַנצע טעאָריע, האָט געזאָגט, אַז די אוממעגליכקייט
זיך פאָרצושטעלען דעם דאָזיגען וועג איז אַליין זייער אַ גוטער
אַרגומענט געגען דער גאַנצער טעאָריע. די אָנהענגער פון דער
דאָזיגער טעאָריע האָבען, צוליב דער שוועריגקייט פעסטצושטע־
לען דעם וועג, זיך געלאָזען אויף זייער דרייסטע השערות.
דאַרווין, וועלכער האָט שטאַרק געגלויבט אין דעם, אַז די עלטערן
גיבען איבער בירושה די אייגענשאַפטען, וועלכע זיי האָבען ער־
וואָרבען, האָט אַרויסגערוקט אַ השערה פון אַ מין לעבעדיקער
פאָסט: יעדער קעמערל פון דער קאָלאָניע, האָט ער געזאָגט,
שפּאַלט אָפּ פון זיך אומבעמערקט קליינינקע לעבעדיקע טיילעכ־
לעך, וועלכע ענטהאַלטען די כראָניק פון זייערע איבערלעבונ־
גען, פון זייערע ערפאַרונגען און פערענדערונגען, און די דאָ־
זיגע קליינע „ידיעות״ זאַמלען זיך צונויף כסדר אין די לי־

אָבער ווי נור דער דאָזיגער אויסערלי͏כער שטויס חזר׳ט זיך איבער, ווערט זי אויף אַלס אמת׳ע „ערינערונג“. אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישע איז דאָס, אַז די דאַרף גאָרנישט, אַז דער דאָזיגער אויסערליכער שטויס זאָל זיך איבער׳חזר׳ן אין דער פולער קראַפט. עס איז גענוג אַ טייל, אַ פערבינדונג, וועלכע „דערמאָנט“ אָן עפּעס פון יענעם שטויס. מיר האָבען געזען אַ מענשען. ער איז אונז געבליבען אין זכרון. איצט בעגעגענט ער אונז נישט. מיר הערען נאָר זיין נאָמען. אָדער מיר בע־געגענען איינעם, וואָס איז צו אים ענליך מיט אַ קלייניגקייט. אָדער מיר הערען זיין בעליבטע מעלאָדיע, מיר זעען זיין בע־ליבט מאכל. באַלד וועקט זיך אויף די ערינערונג, מיר זעען אים ווידער איינגאַנצען, אינערליך, אין אונז.

דאָס זעלבע זעען מיר ביי יענע גע׳ירשנ׳טע נייגונגען. די מאַטעמאַטישע פעאיקייט ליגט פריער אומבעוועגליך, זי דריי־מעלט. וואָלט איר בעזיצער קיינמאָל נישט געקומען אין בע־רירונג מיט מאַטעמאַטיק, וואָלט זיי קיינמאָל באמת נישט אויפגע־וואַכט. אָבער ווי נור עס קומט דער שטויס, טוט באַלד א קלונג די אינערליכע סטרונע. וואו זי איז פערהאַן, קאָן דער שטויס זיין אומפערגלייכליך קלענער, ווי ביי עמיצען, וועלכער בעזיצט נישט די דאָזיגע גע׳ירש׳נטע אייגענשאַפט. דעם לעצטען מוז די גאַנצע זאַך ערשט אויפסניי אַריינגעגראָבען ווערען אין זכרון. אין ערשטען פאַל וועקט אָבער אויף דער שוואַכסטער שטויס די שוין פערהאַנענע קראַפט, פונקט ווי אַ פונק, וועלכער רייסט אויף אַ פאַס פולווער. די אַנאַלאָגיע איז אַ פולשטענדיגע; גיב דיר נור די מי זי גוט דורכצוטראַכטען. אַ געניאַלער פאָרשער, ריכאַרד סעמאָן, האָט נישט לאַנג געמאַכט אַ פרווו דורכצופירען אַזאַ אַנאַלאָגיע צווישען אַ לע ערבליכקייט־ערשיינונגען און גע־וועגליכע ערינערונגען. ער האָט זיך אראָפּגעלאָזען פון די גע־הירען־ערשיינונגען ביז דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין בעפרוכ־טיגטען איי, אין עמבריאָ. די אַלע וואַנדלונגען פון דעם עמ־בריאָ שטיצען דאָס זיכער אויף דער ערבליכקייט. און ער האָט אויפגעוויזען, אַז אַלץ, וואָס עס געשעט דאָרט, דערמאָנט אינ־

אַז עס וואָלט געלונגען צופעליג צו ענטדעקן אַזאַ ספּעציפישע
גע׳ירשנ׳טע נייגונג צו אַ געוויסן מוזיקאַלישן אינסטרומענט,
לאָ׳מיר זאָגן צו דער פּיאַנע. קיין שום קינד קאָן נישט שפּי=
לען פּיאַנע אָן אַ לערער. אַזוי ווייט גיבען זיך די פעאיקייטען
פון די עלטערן בירושה נישט איבער, אָבער עס קאָן זיך
אפשר ביי אים אַרויסווייזען אין אַ זייער כאַראַקטעריסטישער
מאָס דער אַקעגענקומענדיגער טאַלאַנט, פונקט אַזוי ווי ביי יענע
שילער — צום דייטשן סטיל, אָדער צו מאַטעמאַטיק. די פּיאַנע
איז אַנ׳ערפינדונג פון היסטאָרישער צייט, איר טעכניק איז זי=
כער ערשט אין דער דאָזיגער צייט ערלערנט געוואָרען. אפילו
דער דרייסטסטער סקעפּטיקער וועט דאָך נישט בעהויפּטען, אַז
עס איז שוין פון די עלטסטע צייטען אָן, נאָך פאַר דער ער=
פינדונג פון דער פּיאַנע, געווען אַ בעזונדערע מענשען=ראַסע,
וועלכע האָט געהאַט אַ ספּעציעלע נייגונג צום פּיאַנע=שפּילען,
אַנ׳איינציגער זיכערער געווינס אויף דעם דאָזיגען געביט וואָלט
אונז העל בעלויכטן דעם גאַנצען גרויסען ענטוויקלונגס=וועג פון
דעם וואַלוואָקס ביז צו אונז. די געשיכטע פון דעם ליבע=לע=
בען איז אויף דעם געביט אַ פּראַקטישע אויפגאַבע פאַר יעדען
איינעם. אָבער צו וואָס די דאָזיגע פאָרשונגען זאָלן נישט
ברענגען, קאָן מען שוין איצט אָנווייזען אויף דעם פאָלגענדען פאַקט.

דער גאַנצער אופן, אויף וועלכען אַזעלכע גע׳ירשנ׳טע
געהירן=נייגונגען וועקען זיך אויף, האָט אַ מערקווירדיגע ענ=
ליכקייט דערמיט, וואָס מיר לעבען איבער, ווען עס וועקט זיך
ביי אונז אויף אַ געוועהנליכע ערינערונג.

אַנ׳אויסערליכער איינדרוק שאַפט אַנ׳ערינערונג אין אונ=
זערע געהירן. (ווי געזאָגט לאָזט איבער די ערינערונג אין
די געהירן אויך אַ געוויסען מאַטעריעלען שפּור). די ערינע=
רונג בלייבט, נאָכדעם, ווי דער אויסערליכער איינדרוק, וועל=
כער האָט זי אַרויסגערופען איז אינגאַנצען אַוועק. אָבער זי
בלייבט נישט פּערמאַנענט טעטיג. זי טרעט אַריין אין אַ רו=
סטאַדיע. אויב דער אויסערליכער שטויס וועט זיך מער נישט
איבער׳חזר׳ן, [illegible] זי אויף אייביג בלייבען אין אַ מין שלאָף.

השגחה איבערן געמלטן און נעמט אים אַרונטער אונטער זיין שוץ.

ד י מ י ל ה ו ו ע ר ט פ אַ ר ו ו א נ ד ל ט א י ן אַ ן א י ב ע ר ג אַ ט י ר ל ע כ ן פ אַ ר ב י נ ד ו נ ג ס - אַ ק ט.*) וואָס באַקומט אַ פייערלעכן רעליגיעזן כאַראַקטער, און ווערט, וואָס ווייטער אַלץ מער אַרומגענומען מיט פאַרשיידענע צערעמאָניעס און לסוף אויך פאַרבונדן מיט אַלערליי בלוט קרבנות און בלוט מישונגען. דאָס בלוט, וואָס לויפט-אָפּ פון מענער-גליד ווערט מיט גרויס פאָרזיכט צוזאַמענגענומען און געבראַכט אַלס קרבן דעם טאָטעם-גאָט. ביי געוויסע אויסטראַלישע שבטים איז פאַראַן אַ מנהג, אַז ווען מ׳איז מל עטלעכע יונגעלייט מיט אַמאָל, מישט מען צוזאַמען אַ טייל פון זייער בלוט און מ׳באַשמירט דערמיט יעטוועדנס מענער-גליד; דורך דעם דאָזיקן אַקט ווערן זיי „בלוט-ברידער״, — אַ מין פאַרבינדונג, וואָס איז אָפטמאָל נאָך שטאַרקער ווי די לייבלעכע בלוט קרובה-שאַפט. אַזאַ מין „בלוט-ברודערשאַפט״ ווערט אויך איינגעשטעלט צווישן דעם סנדק, און לויט דעם מנהג פון אַנדערע שבטים — קוואַטער-פאָטער מיט דעם געמלטן: זיי זענען זיך נוהג, אַז דער קוואַטער-פאָטער עפנט-אויף אַ קליינעם אָדער אויף דער האַנט, אַ טייל פונם בלוט ווערט אַרויסגעשפריצט אַלס קרבן צו גאָט און פונם איבעריקן גיבן זיי אַ טרונק-טון די געמלטע.

אַזאַ מין איינגעשטעלטע „בלוט-ברודערשאַפט״, וואָס שטאַמט פון בלוט מישונג אָדער בלוט-טרינקען טרעפן מיר נישט בלויז ביי די אויסטראַליער, נאָר אויך ביי אַ סך שבטים, וואָס וווינען ביים דרום-ים, אין צפון-אַמעריקע און אַפריקע. די בלוט-ברידער דאַרפן נישט בלויז שיצן איינע די אַנדערע, נאָר זיי קאָנען אויך נעמען איינער ביים צווייטן פאַרשיידענע חפצים, וואָס זיי האָבן

---

*) „און איר זאָלט זיך מל זיין, און זאָל דאָס זיין א פאַרבינדונגס-צייכן — ל א ו ת ב ר י ת — צווישן אייך און מיר״ — אַזוי האָט גאָט געזאָגט צו אברהם׳ן. (בראשית, לך-לך, קאַפּ. י״ז, פסוק י״א).

דאָס וואָרט ב ר י ת, מיט וואָס ביי ייִדן ווערט אָנגערופן די צערעמאָניע פון מילה איז טייטש — פאַרבינדונג.

דער איבערזעצער.

טעלעך מיִט געוויִסע יאַגד־אייגענשאַפטען: דאָס איִז צו פער־
דאַנקען נור דער אויסגעהאַלטענער ריינקייט פון דער ראַסע
און דער אויסגעהאַלטענער ריינקייט פוֹן די ראַסע־איִנסטיִנקטען.
מען ווייסט אָבער ניִשט, ווען די דאָזיִגע ראַסע האָט באמת צום
ערשטען מאָל בעקומען די בעטרעפענדיִקע אייגענשאַפטען. דער
געגנער קאָן זאָגען, אַז די דאָזיִגע אייגענשאַפטען זענען ביי אַ
טייל פון די היִנט ענטשטאַנען אַ דאַנק אַ צופעליִגער ניִשט פּיִנקט־
ליִכער אָפּשפּאַלטונג פון די „ריִנגען“; דער מענש האָט ענט־
דעקט, אַז די דאָזיִגע אייגענשאַפט קאָן איִם ברענגען אַ נוצען,
און האָט דעריִבער אויפגעהאַלטען די ריינקייט פוֹן דער דאָזיִ־
גער צופעליִג־ענטשטאַנענער ראַסע; דאַן האָט ער נאָך אויסגע־
נוצט די אייגענשאַפט פון די היִנטיִשע געהיִרען און האָט יעדען
איִנדיִוויִדואום בעזונדער צוגעלערנט, אָבער בירושה האָט זיִך
ווייטער איִבערגעגעבען ניִשט דאָס דאָזיִגע צוגעלערנטע, נור די
אַלטע אור־אייגענשאַפט פון דער ראַסע; אויב די יונגע היִנטע־
לעך ווערען אזוי־אַרום געבוירען מיִט געוויִסע נייגונגען צו
דרעסור, איִז עס ניִשט אַ דאַנק דעם פאָטערס לערנען, נור אַ
דאַנק די אַלטע שטאַם־אייגענשאַפטען, מיִט וועלכע ס׳איִז גע־
בוירען געוואָרען אויך דער פאָטער.

עס איִז אַזוי אַרום אויך דאָ נויטיִג אַ געוויִסע פאָרזיִכ־
טיִגקייט. דאָך דאַרף זיִך אָבער קיינער פון אונז ניִשט לאָזען
אָבשרעקען און אָביעקטיִוו זוכען און נאָכפאָרשען דעם דאָזיִגען
אָפענעם פראָבלעם פון דעם ליִבע־לעבען.

איִך אַליין רעכען, אַז די פראַגע וועט זיִך לאָזען לעזען
נור נאָך אַ זאָרגפעליִגער בעאָבאַכטונג פוֹן אונזער מענשליִכען
געהיִרן־לעבען. ווער עס האָט אָביעקטיִוו נאָכגעפאָלגט די ענט־
וויִקלונג פון קיִנדער פון די ערשטע טעג ביִז די שול־יאָרען
קאָן זיִך ניִשט בעפרייען פון דעם איינדרוק, אַז די קיִנדער
אָפעריִרען מיִט פיִל ירושה־מאַטעריאַל. ביים לערנען מיִט די
קיִנדער בעמערקט מען אויף שריִט און טריִט, ווי עס קומט
זיי אַקעגען אַ מין איִנערליִכע היִלף, וועלכע פערלייכטערט זיי
דאָס בעגרייפען איִנגאַנצען נייע זאַכען; אויף מיִר האָט דאָס

איז מען לייכט געניגט אָנצווווייזען, אַז דער פלעק שטאַמט פון אַ וואונד, וועלכע דער פאָטער האָט אויך אומגעפּער אויף דעם זעלבען אָרט. עס קאָן אָבער זיין, אַז דער פאָטער האָט אויף דעם אָרט אויך געהאַט דעם מוטער־פלעק, און אַז דער דאָזי־גער פלעק האָט זיך איבערגעבען בירושה, ניט די וואונד. און דער מוטער־פלעק האָט געקאָנט איבערגיין פון פאָטער צום זון גאָר אויף אַנ'אַנדערען וועג, ווי דורך דעם איבערגיין בירושה אַ בעקומענע אייגענשאַפט. דערמאָן זיך אָן די צויבער־רינגען פון די קארליקעס. עס קאָן זיין, אַז ביים אָפּשפּאַלטען די רינגען איז אין די ליבע־קעמערלעך פאָרגעקומען עפּעס אַ ניט־פּינקטליכקייט, און דאָס האָט געקאָנט שאַפען דעם מו־טער־פלעק. דאָס האָט געקאָנט זיין אַזוי אָרום אַנ'אינערליכער פאָרפאַל פון דעם ליבע־קעמערל אַליין, וועלכער האָט זיך, אַלס אַזעלכער, נאַטירליך, געמוזט איבערגעבען אויך ווייטער. אַז דו וועסט וועלען דיר צונויפזאַמלען ביישפּילען פון דיין אייגענער ערפאַרונג, כדי זיך צו שאַפען אַנ'אייגענע מיינונג אין דער דאָזיגער פראַגע, וועסטו זיך מוזען שטאַרק היטען פאַר אַזעלכע טעותים.

נאָך שטאַרקער ווייזען אָן די אָנהענגער פון דער דאָזי־גער מיינונג דערויף, אַז לאַנגע כסדר איבערגע'חזר'טע איבער־לעבונגען פון די געהירען גיבען זיך בעשיינפּערליך איבער בירושה. מען מוז אָבער אויך ביי אַזעלכע אָפּשאַצונגען זיין שטאַרק פאָרזיכטיג. הינט־דרעסירער בעהויפּטען אָפּט, אַז די קינדער פון דרעסירטע יאַגד־הינט ווערען באַלד געבוירען מיט געוויסע דרעסור־אייגענשאַפטען. דערמיט האָט מען געוואָלט בע־ווייזען, אַז דאָס, וואָס די הינט לערנען זיך אויס, גיבען זיי איבער בירושה די קינדער. דאָס איז אָבער אַ טעות. זייט אַ לאַנגער צייט זענען כסדר אויסגעזוכט געוואָרען אַזעלכע הינט, וועלכע האָבען געהאַט געוויסע אייגענשאַפטען, וואָס האָבען גע־נוצט צו דער יאַגד. די דאָזיגע הינט זענען אין ריינער קול־טור כסדר געפּאָרט געוואָרען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס פון דעם גוטען יאַגד־הונט ווערען געבוירען הינ־

געןאויספֿיִר, אַז עס איִז אַזאַ וועג איִנגאַנצען ניִשט געשאַפֿען געוואָרען, אַפֿיִלוּ איִן זיִן פֿון יענעם קאָמפּראָמיִס־פֿאָרשלאַג. די דאָזיִגע געלערטע בעהויפטען, אַז ביי די העכערע פֿיל־קעמערליגע ברואיִם איִז אַבסאָלוט ניִשט געווען און ס׳איִז ניִשטאָ קיין מעגליִכקייט, קיין וועג (אַפֿיִלוּ ניִשט קיין טיילווייזער, צופֿעליִגער, בעגרעניִצטער), אויף וועלכען די אייגענשאַפֿט פֿון די ניִשט־ליִבע־קעמערלעך זאָלען זיִך קאָנען איִבערגעבען די ליִבע־קעמערלעך און דורך זיי די וויטערדיִגע דורות. אַן׳אַנדערער טייל אויך אַזעלכע קלוגע און אָביעקטיִווע געלערטע גלויבט דאַגעגען, אַז אַלס אויסוועג האָט די לעבענס־אַנטוויִקלונג אָנגענומען טאַקע יענעם פּשרה־פֿאָרשלאַג, יענעם מיִטעל־וועג, און אַז דער דאָזיִקער וועג גיִלט נאָך ביִז היינט. זיי האַלטען, אַז פֿון אַלע ערפֿאַרונגען פֿון איִנדיִוויִדואום גיִט זיִך איִבער בירושה די ווייטערדיִקע דורות נור אַ געוויִסער פּראָצענט; דערביי סומיִרען זיִך און בלייבען אויף ווייטער נור אַזעלכע ערפֿאַרונגען, וועלכע ווערען אונאויפֿהערליִך געמאַכט דורך אַ לאַנגער קייט דורות. אויסערליכע בעשעדיִגונגען, וועלכע זענען מערסטענטיילס נור אַ צופֿעליִגע זאַך, גיִבען זיִך צום שוואַכסטען איִבער בירושה; אָבער די קליינע עקשנות׳דיִגע ווירקונגען פֿון אַ שטאַרקערען אָדער שוואַכערען געברויך פֿון אַ געוויִסען אָרגאַן און די כּסדר איִבערגע׳חזר׳טע עריִנערונגען און צונויפֿביִנדונגען איִן לעבען פֿון די געהיִרען האָבען די בעסטע שאַנסען זיִך איִבערצוגעבען בירושה. אַזאַ אויסוועג ענטשפּרעכט דעם מאַקסיִמום פֿון דער מעגליִכער נוצליִכקייט; ער איִז דעריִבער איִן זיִן פֿון דעם דאַרוויִניִסטיִשען געדאַנק וועגען דער „דערהאַלטונג פֿון דעם נוצליִכסטען״ טעאָרעטיִש דער אויסגעהאַלטענסטער.

די אָנהענגער פֿון דער דאָזיִגער לעצטער, געמיִצסיִגט־פּאָזיִטיִווער מיינונג פֿאַררופֿען זיִך דערויף, אַז בעשעדיִגונגען מוזען, אמת, ניִשט תּמיִד איִבערגעגעבען ווערען בירושה, דאָך קען מען אָבער פֿאַלען, ווען אזעלכע בעשעדיִגונגען ווערען יאָ איִבערגעגעבען. איִן דעם בעאָבאַכטען מוז מען דאָ זיין זייער פֿאָרזיִכטיִג. אַז דער זון האָט ערגעץ אויפ׳ן לייב אַ מוטער־פֿלעק,

פּיאַנע, ווייל די מוטער האָט עס געקאָנט, איז כמעט צו באַנאַל איבערצו׳חזר׳ן. דו קענסט טענה׳ן, אַז דאָ ווירקט די מישונג פון די געשלעכטער: די העפטען פון פאָטער גלעט אויס אויף דעם פּנים׳על פון קינד דאָס גלאַטע פּנים פון דער מוטער; די מילה האָט אויך תמיד געטראָפען נור די פּאָטערליכע זייט; דאָס לאַטיין פון פאָטער איז אויסגעמעקט געוואָרען פון דעם נישט לאַטיין פון דער מוטער. דער לעצטער זאַץ איז שוין פשוט קאָמיש. און מען קאָן בעווייזען, אַז אין זייער פיל פאַלען האָבען די דאָזיגע טענות קיין שום גרונד נישט. ביי אונז, קולטורעלע מענשען, שטאַמט די גרעסטע מערהייט קינדער פון עלטערען, וועלכע האָבען זיך ביידע געלערנט רעדען; און דאָך ווערען די דאָזיגע קינדער געבוירען אָן דער שפּראַך פון די עלטערן. ביי היות האָט מען דורכגעפירט סיסטעמאַטישע עקספּערימענטען, כדי פעסטצושטעלען אויף ווי ווייט די בעשע־דיגונגען קאָנען זיך איבערגעבען. דערצו האָט מען כסדר גע־פאָרט אַזעלכע עלטערען, וועלכע האָבען ביידע געהאַט די זעלבע בעשעדיגונג. דער נור וואָס דערמאָנטער גרויסער פאָרשער וויסמאַן האָט אין משך פון צוויי און צוואַנציג דורות געפּאָרט מייז, ביי וועלכע ער האָט כסדר אָפּגעשניטען די עקען. ער האָט באַקומען 1502 יונגע מייזלעך—און אַלע מיט עקען. אמת, אַז צוויי און צוואַנציג דורות זענען, בעזונדער ביי מייז, וועלכע ווערען זייער שנעל געשלעכטליך רייף, נישט אַזאַ לאַנגע צייט. אָבער דער דאָזיגער עקספּערימענט בעווייזט אויף זיכער, אַז אַלענפאַלס קאָן מען נישט זאָגען, אַז די בעשעדיגונגען פון די עלטערען מוזען זיך אומבעדינגט איבערגעבען די קינדער. אַזויאַרום קאָנען מיר פעסטשטעלען אויף זיכער, אַז דער ער־שטער פאָרשלאַג, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען אויף יענעם געמיינדע־ראַט, — דער פאָרשלאַג, אַז עס זאָל איינגעשטעלט ווע־רען אַנ׳אומבעגרעניצטער וועג פאַר דער ערבליכקייט, איז אָפּ־געוואָרפען געוואָרען.

פון דעם דאָזיגען זיכערען פאַקט האָט אַ געוויסע ריי נאַ־טור־פאָרשער (מיט וויסמאַנ׳ען בראש געמאַכט דעם ווייטערדי־

מיט אַרבייטס־טיילונג, דאָס הייסט אויך ביי אונז מענשען.

איך האָב דיר בכיון פריהער צוגעפירט צו דער דאָזיגער פראַגע ריין טעאָרעטיש, דורך דער לאָגיק פון דער זאך. ווייל דער ענטפער פון די פאַקטען אויף דער דאָזיגער או־סערגעוויינליך וויכטיגער פראַגע איז ביז׳ן היינטיגען טאָג נאָך נישט אינגאַנצען קלאָר, מיר שטייען דאָ ביי אַ פונקט, וואו די געשיכטע פון דעם ליבע־לעבען שטעלט נאָר פאָר ביז דעם לעצטען טאָג אַ קאַמפס־פּלאַץ פון אַ שטאַרקער מיינונגס־פער־שידענהייט צווישען די ערליכסטע און גייסטרייכסטע גע־לערנטע.

אינגאַנצען זיכער איז דערווייל איינס. נישט אַלע העפטען און וואונדען פון פאָטער און פון דער מוטער ווערען איבערגעגעבען די קינדער בירושה. און אויך נישט אַלע ערפאַרונגען, נישט אַלע געוואונענער ערינערונגען און קרעפ־טיגונגען פון די אָרגאַנען ווערען איגערגעגעבען פון די דאָ־זיקע עלטערן די קינדער.

מיר קאָנען זעען אונאויפהערליכע פאלן ביי אונז מענשען און ביי די העכערע חיות. ווען דער פאָטער אָדער די מוטער בעקומען אַ שטענדיגען וואונד און דאַך ווערט דאָס קינד פון זיי געבוירען אָן דעם דאָזיגען וואונד. אַלטע סטודענטען, ווע־מענס געזיכט ס׳איז בעדעקט מיט העפטען פון אַמאָליגע דועלען, קאָנען האָבען קינדער, ביי וועלכע מען זעט נישט קיין שום שפור פון אַזעלכע העפטען. ווען מען זאָל אונז דערציילען וועגען אַ ליב טעכטערל, וואָס האָט בעקומען בירושה פון דעם פאָטער אַ רויטען העפט אויף דעם נעזעל און אויפ׳ן בעקעל, וואָלט דאָס אונז אויסגעוויזען שרעקליך (ווי וייסמאַן האָט שוין אַמאָל לאַכענדיג געזאָגט), קיין פּלל איז עס אַזוי אַרום אַלענ־פאַלס נישט. די מילה, הגם זי איז שוין זייער אַן׳אַלטער מנהג, האָט ביז איצט קיינמאָל נישט דערפירט צו די פעלקער ביי וועלכע, אַלע יונגלעך זאָלען געבוירען ווערען שוין אָן דער ערלה. אַז דער זון קאָן נישט קיין לאַטיין, ווייל דער פאָטער האָט עס געלערנט, אַז די טאָכטער קאָן נישט פון געבוירען אָן שפּילען

פאַר די ווייטערדיגע דורות, און אַן׳ערפאַרונג, וועלכע איז באמת נוצליך, ווייל זי שטיצט זיך אויף אַ דויערענדיגען, ענטשיידיגען איינפלוס. עס וועלען אַזוי אַרום באמת איבערגעגעבען ווערען בירושה נור די ערפאַרונגען, וועלכע אַ לאַנגע רייע דורות וועט כסדר מאַכען, נור אַזעלכע ערפאַרונגען וועלען איבערלעבען אַ ווירקליכען עפּור אין די ליבע קערפּערליך, וועלען זיך אויס־קריצען אַלס אַ נייער פעסטער צייכען אין דעם צויבערונג. און דאָס ענטשפּרעכט דאָך דער העכסטער נוצליכקייט: יעדער באַלאַסט פאַלט אַוועק און עס בלייבט נור דער אונצווייפעל־האַפט־זיכערער מאַטעריאַל, וועלכער איז זאָרגפעלטיג דורך אַלע דורות דורכגעזיפּט געוואָרען. און דאָס לעצטע קאָן אַנגעווענ־דעט ווערען אויך בנוגע יענע דערמאָנטע פאַטאַלע איבערלע־בונגען. ווען עס זאָל זיך מאַכען אַזוי, אַז אין משך פון דורות זאָל זיך אַ געוויסע פאַטאַלע איבערלעבונג כסדר איבער חזרן, לאָ׳מיר זאָגען, ווען עס זאָל זיך מאַכען, אַז אין משך פון הונ־דערט־טויזענט דורות זאָלען ביי אַלע איינצעלנע ברואים כסדר אָפּגעריסען ווערען די עקען, זע איך גאָרנישט קיין אוממעגליק דערין, אַז די דאָזיגע פאַטאַלע זאַך זאָל, ענדליך, אויך איבער־געגעבען ווערען בירושה, ד. ה. אַז יעדע נייע בריאה זאָל באַלד געבוירען ווערען אָן אַן עק; ווייל אויב די פאַר׳עקענטע אויסערליכע ערשיינונג וויל נישט אויפהערען, מוזען מיר זיך אונטערגעבען: מיר וואַרפען אַוועק דעם עק און העלפען זיך אַרויס אויף אַן׳אַנדערן אופן".

די דאָזיגע רעדע גיט זייער אַ קלאָרען אויסוועג. און ווען דו דערמאָנסט זיך, אַז די אמת׳ע ענטוויקלונג איז, אמת, נישט פאָרגעקומען אויפ׳ן סמך פון בעשלוסען פון פער אבלונ־גען פון די קעמערלעך, אָבער דאָך אויפ׳ן סמך פון אַ געוויסען לאָגישען שלוס פון דער דאַרוויניסטישער „דערהאַלטונג פון דעם נוצליכען", מוזטו זיין געשפּאַנט, וואָס איז דעמאָלט אויף דער פערזאַמלונג דורכגעגאַנגען, וועלכע לעזונג פון דער פראַגע איז דעמאָלט אָנגענומען געוואָרען, — אַ לעזונג, וואָס האָט פון דאַן אָן געזאָלט הערשען ביי אַלע פילקעמערלדיגע ברואים

מעגליך זיין. לאָזט פּרינציפּיעל יעדער ליבע־קעמערל נעמען אַ געוויסען אָנטייל אין די איבערלעבונגען פון יעדען אַנדערן קעמערל. אָבער זאָל דער דאָזיגער אָנטייל בעטרעפען, לאָ'מיר זאָגען. נישט מער ווי איין פּראָצענט פון הונדערט. דערמיט וועט איר שטאַרק פּערקלענערען די געפאַר פון איבערגעבען בירושה די נישט געוואונטשענע וואונדען און העפטען. אין זיי שטעקט תמיד עפּעס צופעליגעס, אונרעגעלמעסיגעס. ביי אַזאַ קליי־נעם פּראָצענט. אָנטייל וועלען זיי וואָס אַ מאָל ווערען קלענער, זיי וועלען זיך נישט סומירען, נאָר אינגאַנצען צוטפּליטערן, און דערביי וועט דאָך ווירקען די געגענאַרבייט פון דער געשלעכט־ליכער ליבע. ביי דער שטרענגסטער אויסמיידונג פון דער אינ־צוכט; דאָס אַלץ וועט פירען דערצו, אַז פון זייער זייט וועט כמעט מער נישט זיין קיין געפאַר. אמת, די גוטע זאַך וועט ביי דער רעדוצירונג אויף איין פּראָצענט אויך ליידען. אָבער דאָ וועלען כסדר פּאָרקומען סומירונגען. איבונג און ערפאַרונג זענען געוויינלעך אָבהענגיק פון רעגעלמעסיגקייטען, פון אויסער־ליכע איבערלעבונגען, וועלכע חזר'ן זיך אָפּט איבער. דער זון וועט מיט איין פּראָצענט פון פּאָטערס חכמה זיכער ווייניג וואָס קענען מאַכען. אָבער אויף אים וועלען ווידער ווירקען די זעלבע רעגעלמעסיגקייטען, און אַז ער וועט דעם אייניקעל ווידער אי־בערגעבען איין פּראָצענט פון זיינע נייע ערפאַרונגען, וועט דאָס זיין אין דער זעלבער ריכטונג, אַזוי, אַז דאָס אייניקעל וועט אייגענטליך בעקומען שוין צוויי פּראָצענט פון דער נוצ־ליכער ירושה. און אַזוי ווייטער. אויך אויף די „זי"ס און די „ער'ס" וועט, נישט קוקענדיג אויף דער זייער בערעכטיגטער אויסמיידונג פון דער אינצוכט, מוזען ווירקען די דאָזיגע אַל־געמיינע רעגעלמעסיגקייט, אַזוי אַז די געשלעכטליכע מישונג וועט דאָ מיטהעלפען אין פּאָזיטיווען זין. און, ענדליך, איז די דאָ־זיגע אויסרעכענונג אויף לאַנגזאַמע סומירונגען אין משך פון פיל דורות אַ גוט מיטעל, אויף אונטערצושיידען צווישען אַ צו־פעליגער ערפאַרונג, וועלכע איז צוגעפּאַסט נור צו אַ געוויסען מאָמענט, און וועלכע האָט דעריבער נישט קיין שום בעדייטונג

געקאָנט זיך פשוט בעטייליקען אין די דאָזיגע ערפאַרונגען. אויף זייערע רינגען האָבען זיך די דאָזיגע ערפאַרונגען אינ־גאַנצען נישט אָפּגעשפּיגעלט. זון די נייע ברואים, וועלכע זיי האָבען שפּעטער געשאַפען, הזבען אויך דאָ אַלץ געמוזט אָנ־הויבען פון דאָס ניי. אַזוי־אַרום האָט אין דעם פאַל ערשט געמוזט געשאַפען ווערען אַ בריק, וועלכע זאָל אויסבעסערען דעם דאָזיגען חסרון פון אַרבייטס־טיילונג.

אָבער פאַטאַל: ווערט געשאַפען די דאָזיגע בריק, וועט זי דאָך מוזען אַריבערטראָגען צו די ליבע־קעמערלעך אויך יענע שלעכטע העפטען, וואונדען. אָפּגעשניטענע פיס, אָפּגעריסענע אויערן, אָפּגעהאַקטע עקען און איבערגעבען די אַלע פעלערן פון די עלטערן די קינדער און אייניקלעך: דאָ שטייט אַ דילעמע. ווי זאָל געטון ווערען איינס און אויסגעמיטען ווערען דאָס אַנדערע.

לאָמר אויף אַ שפּאַס זיך פאָרשטעלען אָטוואָס. אין דער געגענד פון די אַמאָליגע וואָלוואָקסען איז פאָרגעקומען אַ געמיינדע־ראַט פון די חברים קעמערלעך, אויף וועלכען ס'איז בעטראַכט געוואָרען די דאָזיגע פראַגע. עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ הייסע דיסקוסיע וועגען דעם, וועלכען מאָדוס מ'דאַרף אָננעמען און ביי וועלכער שטעלונג מען דאַרף אין די אינטע־רעסען פון פאָרשריט זיך האַלטען בנוגע דער דילעמע. איינער האָט אין אַ זייער לאָגישער רעדע אויפגעוויזען, אַז עס דאַרף איינ־געשטעלט ווערען אַן'אונבעגרעניצטער וועג פון יעדען קעמערל פון דער קאָלאָניע צו יעדען ליבע־קעמערל. אַן'אַנדערער האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט געגען דעם און אויפגעוויזען, וועלכע אונגעהויערע שאָדענס אַזאַ וועג וואָלט געמוזט ברענגען, ווייל ער וואָלט דאָך צוזאַמען מיט די נוצליכע ערפאַרונגען געמוזט מאַכען "אונשטערבליך" אויך די נעגאַטיווע, די וואונדען און העגטען, דאַן האָט זיך אויפגעשטעלט אַ קלוגער זקן, אַן'אַלט ערפאַרען קעמערל און האָט אַזוי געזאָגט: „קינדער, זייט פאַר־זיכטיג, און לאָזט זיך נישט אויףביידע עקסטרעמען. שטעלט אין דעם וועג, אָדער בעשווערט אים ווי עס וועט נאָר

דיווידואומס מוזען באַמערקען, אַז געוויסע געפּאַרען אָדער געוויסע גינסטיגע ערשיינונגען הזר'ן זיך איבער רעגעלמעסיג אין בעשטימטע צייטען. און דער געווינס פון די ערפאַרונגען בעשטייט טאַקע אין דעם, וואָס זיי ווערען ביסלעכווייז בעהערשט, אזוי אַז די עלטערע „קליגערע" איינצעלנע בריאה האָט זיי שוין אין זיך, זי ווייסט זיי שוין פאָרויס. דאָס זעלבע קומט פאָר ביי די איינצעלנע ברואים מיט די פערשטאַרקונגען פון אַ געוויסען אָרגאַן דורך דעם געברויך. דער דאָזיגער פערשטאַרקטער געברויך קומט אויך פאָר צוליב געוויסע רעגעלמעסיגע ערשיינונגען פון דער אויסערליכער וועלט. און מ'קאָן דאָך זאָגען אויף זיכער, אַז דאָס, וואָס ס'האָט זיך געטראָפען די עלטערען, וועט זיך זיכער שפּעטער טרעפען אויך די קינדער און די איניקלעך, און דעריבער וואָלט דאָך זייער נוצליך געווען פאַר דער גאַנצער ענטוויקלונג, ווען דער יונגער דור זאָל באַלד מיט זיך ברענגען אויף דער וועלט בירושה פון די עלטערן די דאָזיגע אַלע נייע ערפאַרונגען און פערשטאַרקינגען פון די אָרגאַנען.

דערצו האָט אָבער ערשט געמוזט געשאַפען ווערען אַ ספּעציעלער וועג, ווייל אַז אַ געוויסער בעוועגונגס־אָרגאַן האָט זיך אין דער קאָלאָניע צוליב וועלכער סאיז סיבה פערשטאַרקט, האָט דאָס בשום אופן נישט געקענט דירעקט באַרירען די ליבע־קעמערלעך. אמת, דערפון האָט געקאָנט אַרויסקומען אַ געוויסער נוצען אויך פאַר די ליבע־קעמערלעך, כל זמן זיי זענען געווען אין דער קאָלאָניע מיט דעם פערשטאַרקטען אָרגאַן. אָבער ווען די דאָזיגע ליבע־קעמערלעך האָבען זיך שפּעטער גענומען אויף אייגענער האַנד אויפבויען די נייע ברואים, האָבען זיי אין זייערע כראָמאָזאָמען. אויף זיי־ע צויבער־רינגען נישט געהאט קיין שום נייעם צייכען, וועלכער זאָל ענטשפּרעכען דעם נייעם פערשטאַרקטען אָרגאַן: זיי האָבען געמוזט שאַפען נייע ברואים לויט דעם אַלטען מוסטער, אָן דעם פערשטאַרקטען אָרגאַן, און די געשיכטע האָט זיך געדאַרפט אָנהויבען פון דאָס ניי. און פונקט אַזוי האָט געמוזט זיין מיט די געהירן, אַז די געהירן האָבען בעקומען ערפאַרונגען, האָבען די ליבע־קעמערלעך נישט

אַ שטײן. ער פערקניפּט די דאָזיגע ערינערונג מיט אַ צווײטער: „ווײטאָג" און אַנטלױפט. די ערפאַרונג האָט אים געשליפען, זי וואָרנט אים פאַר דער געפאַר, די קאָנסט דאָס זעלבע זעען בײ פיל אַנדערע נידעריגערע ברואים, ביז צו די אינזעקטען, למשל, בײ די בינען. מען האָט פעסטגעשטעלט, ווי די בינען דערקענען אַן אָרט, וואו עס ווערט פאַר זײ רעגעלמעסיג צוגעגרײט אַ געשמאַקע זאַך; מען האָט בעמערקט ווי זײ נעמען גיך אין זינען אַרײן, ווען זײ פליען אָפּ צום ערשטען מאָל פון דעם בינשטאָק, וואו דער דאָזיגער בינשטאָק געפינט זיך. און פאַרוואָס זאָל עס נישט גײן אַזױ: די בײדע חיות, דער הונט און די בין, האָבען דאָך שױן יעדע אויף איר שטײגער, גוט ענטוויקעלטע געהירען. די געהירען זענען בײ אונז בעשײנפּערליך די ספּעציעלע אָפּטײלונג פאַר ערינערונגען און צונױפבינדונגען פון ערינערונגען. פאַרוואָס זשע זאָל בײ די חיות די אַרבעט אויך נישט צוגײן אויפ׳ן זעלבען שטײגער, ווען מיר זעען בײ זײ בעשײנפּערליך די זעלבע געבײדע, דאָס זעלבע מיניסטעריום, אַזױ צו זאָגען. און די געהירען זענען בײ אונז, פּונקט ווי בײ דעם הונט און בײ דער בין, אַנ׳אָפּטײלונג פון קעמערלעך: פון קעמערלעך באַשטײען זײ און פאַר קעמערלעך אַרבײטען זײ.

און זיכער איז, אַז די דאָזיגע ערפאַרונגען, וועלכע די חיה מאַכט מיט דער הילף פון איהרע געהירען. שפּילען זײער אַ גרויסע ראָל פאַר איר לעבענספעאיגקײט, פאַר פעאיקײט צו בעהערשען די ווידערשטאַנדען פון לעבען, פאַר איר „גליק". און דעריבער פרעגען מיר זיך: צי וואָלט נישט געווען זײער געוואונשען דעם דאָזיגען געווינס ווי עס איז צו פערבינדען מיט דער „אונשטערבליכקײט פון דער ליבע", ד. ה. מיט די פרוכפּערונגס-קעמערלעך פון דער קאָלאָניע.

די ערפאַרונגען ווערען געמאַכט דורך דער אײנצעלנער בריאה אויפ׳ן סמך פון ערשײנונגען, וועלכע חזר׳ן זיך אָפּט איבער אין דער אויסערליכער וועלט. די דאָזיגע ערשײנונגען קומען געוויינליך פאַר גאַנץ רעגעלמעסיג. די בעזונדערע אינ-

דייט אַ מין בעשעפטיגונג, אַ פּערוואונדונג. די דאָזיגע פיינע אַריינקנייטשונגען אין די געהירען, זענען, פערקערט, אומגעהויער נוצליך. אַז עס חזר'ט זיך איבער דער אויסערליכער איינפלוס, וועלכער האָט זיי אַרויסגערופען, ערוואַכען זיי אַליין, און ערוואַכענדיג וועקען זיי ווידער אויף אַנדערע אַריינקנייטשונגען, וועלכע זענען מיט זיי ווי עס איז פערבונדען. אַ קינד האָט עפּעס איבערגעלעבט, — אַ זאַך וואָס האָט שלעכטע פאָלגען. לאָמיר זאָגען אַ הונט איז עס בעפאַלען און האָט עס געוואָלט בייסען. אַז עס בעגעגענט עס ווידער אַ הונט, דערקענט עס אים אַדאַנק דער אַריינקנייטשונג אין די געהירען, וועלכע די ערשטע בעגעגעניש האָט אַרויסגערופען, און באַלד רופט זיך אָפּ אויך די צווייטע אַריינקנייטשונג, וואָס איז מיט דער ערשטער פערבונדען: „בייסען”, דער הונט איז בייז, מען מוז אַנטלויפען. ערינערונג אין די אינערליכע צונויפבינדונג פון די ערינערונגען זענען די גרויסע כשוף-מאַכער, וועלכע לאָזען די לאַלקעס טאַנצען. דאָס גאַנצע דערקענען דאָס לעבען איז מעגליך נור אַדאַנק דער דאָזיגער אייגענשאַפט; און דער מענש האָט דערצו נאָך אַזוי פיל מיטלען, וועלכע העלפען דער דאָזיגער אייגענשאַפט: די לערע, די שפּראַך, די שריפט און אַזוי ווייטער און ווייטער. דערמאָן זיך, וואָס אַ קולטורעלער מענש לערנט זיך אַלץ אויס ביז די יאָרען פון זיין רייפקייט! און דאָס מאָל אַלץ נישט אַלס בעשעדיגונג, אַלס פערוואונדונג, נור אַלס ריינע הילף אין זיין פילגעשטאַלטיגען לעבען.

מיר האָבען דאָ אָנגעהויבען באַלד ביים מענש, אָבער די דאָזיגע ערשיינונג זעען מיר אויך ביי חיות, וועלכע שטייען פיל נידעריגער ווי דער מענש, און וועלכע האָבען נישט אַזאַ וואונדערליכען אַפּאַראַט ווי די מענשליכע געהירען. דו ווייסט, וואָס עס קען זיך אויסלערנען אין משך פון זיין אינדיווידועל לעבען אַ הונט, אַ פערד, אָדער אַ פּאַפּוגיי. דער וועג פון דעם דאָזיגען לערנען איז ביי זיי אויך פּונקט דער זעלבער, וואָס ביים מענש. אַ הונט, וועלכער איז איינמאָל בעוואָרפען געוואָרען מיט שטיינער, דערמאָנט זיך, ווען אַ מענש הויבט פאַר אים אויף

זיגער אַרבייט די אָרגאַנען, טייל לעבהאַפּטער, אָפּטער, אַנדערע שוואַכער. באַלד ווייזט זיך אַרויס, אַז די אָרגאַנען, די איינצעלנע קעמערלעך־אָפּטיילונגען, ווערען דערפון בעאיינפלוסט. דער לעבהאַפּטער געבראָיך מאַכט טייל אָרגאַנען שטאַרקער, דער שוואַכערער געבראָיך האַלט אָפּ די ענטוויקלונג פון אַנדערע אָרגאַנען. דערמאָן זיך אָן די פּיס־און הענד־מוסקולען פון דעם טורנער, ווי זיי ווערען אָנגעשוואָלען, ווי זיי ווערען פון דער אַרבייט האַרט ווי שטאָל; און נעם דערנעבן דעם נעבעכדיגען אַפּאַראַט פון דעם שטוב־זיצער. אָבער ניט נור די גראָבע קראַפט וואַקסט אַזוי. אויך די נערוועזע פיינקייט, די סענסיביליטעט. דערמאָן זיך אָן דער האַנד פון דעם פּיאַניסט. די אונאויפהערליכע איבונג מאַכט פון דעם אָרגאַן עפּעס נייעס: זע ווי שנעל זי אָריענטירט זיך, ווי זי רעאַגירט אויף יעדען גרינגסטען אויסערליכען שטויס. מיר ווייסען אָבער, אַז די סיבה דערפון ליגט ניט אין דער אויסגעשולטער האַנד. הינטער איר שטייט דער גרויסער נערוועזער צענטראַל־אַפּאַראַט פון די געהירן־קעמערלעך, וועלכען די אַרבייטס־טיילונג האָט ביי אונז אַזוי וואונדערליך געשאַפען; דאָרט ווערט געטון דאָס העכסטע, דאָס גאַנצע, דאָרט ווערט אייגענטליך געהערט, געזען, געהאַנדעלט, בעוועגט. אויך די דאָזיגע געהירן ווערען געקרעפטיגט דורך דעם געבראָיך; אַלע זייערע אַפּאַראַטען ווערען אַ דאַנק דעם רעגעלמעסיגען געבראָיך גלאַטער און אַרבייטס־פעאיגער. און ביי דעם דאָזיגען רעגעלמעסיגען געבראָיך ווערט קלאָר אַן׳אונגעהויער וויכטיגע אייגענשאַפט פון די געהירן: די געהירן *לערנען זיך* פון לעבען.

די געהירן בעקומען איינדריקען פון דער אויסערליכער וועלט. און אַ דאַנק אַ העכסט־מערקווירדיגער אייגענשאַפט פון דעם לעבען פון די קעמערלעך קאָנען די געהירן די דאָזיגע איינדרוקען אין זיך בעהאַלטען. דו קענסט גראָב זאָגען, אַז עס קנייטשען זיך אין זיי אַריין געוויסע דויערהאַפטיגע העפטען. יעדענפאַלס קומט טאַקע דערביי פּאָר עפּעס מאַטעריעלס. ניט מער, וואָס דער בעגריף „העפטען" איז דאָ צו גראָב: ער בע־

אויפ׳ן לייב. דערמאָן דיך, וויפיל מענשען עס זענען פאַראַן מיט פערהיילטע מלחמה־וואונדען. וויפיל פון דיינע בעקאַנטע פעלט אַ פינגער־גליד. וואָס בעסער ס׳ווערט איינגעשטעלט אונזער געזעלשאַפטליך לעבען, אַלץ בעסער גיט זיך אַן עצה אין לעבען אַ מענש מיט אַ הילצערנעם פוס. אונזער כירורגישע טעכניק ענטוויקעלט זיך פון טאָג צו טאָג, און אַלץ אָפטער שניידט דער דאָקטאָר אַוועק ביים קראַנקען אַ גליד, ער שניידט אַוועק די בלינדע קישקע אָדער וועלכע ס׳איז אַנדערע קישקע, ער שניידט אַרויס דעם זאָב, זעגט אַרום אַלע ביינער. זאָל דאָס אַלץ איבערגיין בירושה, זאָל דאָס אַלץ פעראייביגט ווערען? דער דאָזיגער שרעקליכער צוג פון וואונדען, העפטען און הילצערנע פיס, — זאָל פאַר אים ספעציעל געשאַפען ווערען אַ בעזונדערער וועג, וועלכער זאָל די דאָזיגע גאַנצע אויסער־ליכע קאמף־צופיצלונג פון קערפער איבערגעבען אויך די ליבע־קעמערלעך און בעשעדיקען אונדירעקט די צויבער־שריפט פון זייערע כראָמאָזאָמען? זאָל זיין, אַז די ברכה פון דער געשלעכטליכער צונויפמישונג נעמט שפעטער צו ביי דער דאָזיגער געפערליכער ערבליכקייט איר שאַרפע ווירקונג. אָבער מען דאַרף דאָך נישט אויפבויען אַ ספעציעלען וועג פאַר שעדליכע ווירקונגען אין דער האָפענונג, אַז דאָס דאָזיגע שעדליכע וועט שפעטער ביסלעכווייז אויסגעראָט ווערען...

דו טאָרסט אָבער נישט פערגעסען, אַז עס זענען פערהאַן נאָך אַנדערע איבערלעבונגען, — איינגאַנצען אַנדערע, ווי די אויבערפלעכליכע, וועלכע מיר האָבען נור וואָס אַרומגערעדט. הויב איצט באַלד אָן פון דיר אַליין, אַלס מענשליכע פילקעמערדיגע קאָלאָניע. דערמאָן זיך, וואָס אַ קולטורעלער מענש לעבט אַלץ איבער, אַחוץ פערגיפטונגען און בעשעדיגונגען. ווען דו ווערסט געבוירען איז שוין די פילקעמערדיגע קאָלאָניע פון דיין קערפער איינגאַנצען צוגעגרייט צום לעבען, זי האָט שוין אַלע וויכטיגסטע אָרגאַנען. ווי נור דאָס קינד טרעט אָבער אריין אין דער וועלט, שטעלט אים די וועלט באַלד אירע אַרבייטס־פאָדערונגען. זי ציט אריין אין דער דאָ־

מוז זיך די דאָזיגע איבערלעבונג אויך איבערגעבען די ליבע־קעמערלעך, צי מוז זי אויך אַריינברענגען אין זייערע רינגען אַנ׳ענדערונג, וואָס זאָל זיך איבערגעבען די קינדער און איי־ניקלעך? עס דוכט זיך, אַז עס קאָן גאָרנישט זיין קיין מער „זעלבסטפערשטענדליכע" זאַך, ווי דאָס.

ווי אַזוי האָט זיך אָבער די דאָזיגע איבערלעבונג גע־קאָנט איבערגעבען די ליבע־קעמערלעך? אונמיטעלבאַר האָבען זיי דאָך די דאָזיגע איבערלעבונג נישט געקאָנט מיטמאַכען. מוז מען אַזוי אַרום רעכענען, אַז די „פייע נוצליכקייט" (ד. ה. די דאַרוויניסטישע „דערהאַלטונג פון דעם בעסטען") האָט געשאַפען אַ ספּעציעלען וועג, אַ מין פּאָסט, וואָס זאָל איבער־געבען די איבערלעבונגען פון די געוועהנליכע קעמערלעך צו די ליבע־קעמערלעך. צו וואָס האָט אָבער די „דערהאַלטונג פון דעם בעסטען" געדאַרפט אויפבויען דעם דאָזיגען וועג, וואָס זאָל איבערגעבען די פּאַטאַלע איבערלעבונגען פון דער קאָ־לאָניע די קינדער און אייניקלעך? פערקערט, זי וואָלט דאָך געדאַרפט מיט אַלע מיטלען אויסראָטען דעם דאָזיגען וועג, ווען ער זאָל זיך צופעליג האָבען איינגעשטעלט געגען איר ווילען. און ווייטער: וואָס גרעסער, וואָס קאָמפּליצירטער עס זענען געוואָרען די קעמערלעך־קאָלאָניעס, אַלץ אָפטער האָבען געקאָנט געשען אַזעלכע „בעשעדיגונגען". איז די בע־שעדיגונג געווען אַ שווערע, איז די גאַנצע קאָלאָניע אָפּגע־שטאָרבען און צוזאַמען מיט איר, נאַטירליך, אויך די ליבע־קעמערלעך. אָבער אין ווי פיל פאַלען בעקומט אַ העכערע חיה בעשעדיגונגען פון איר קערפּער, וועלכע פירען נישט באַלד צו איר טויט! דאָ בעקומט זי אַ ריס אין דער הויט, וועלכער לאָזט איבער אַ העפט אויפ׳ן לייב. אָדער דער עק ווערט ביי איר אָפּגעריסען. אָדער, ווען עס איז אַ זומער־פויגעלע, ווערט איס אַ שטיקעל פליגעלע אָפּגעריסען, אַ ביסעל פאַרב־שטויב אָפּגעווישט. דאָס לעבען איז קאַמף, און יעדער קומט דערפון אַרויס מיט אַ ביסעל אונטערגעהאַקטע אויגען. בעטראַכט אונז, מענשען. ווער האָט נישט פון די קינדער־יאָרען קיין העפט

שאַפען ביי די קינדער־זומער־פויגעלעך אויך אַזעלכע פערענ־דערטע פליגעל. אַלענפאַלס איז דער ביישפיל זייער אינטערע־סאַנט און גיט אַ סך צו טראַכטען.

און עס בלייבט קלאָר: נישט קוקענדיג אויף דער אַר־בייטס־טיילונג זענען די ליבע־קעמערלעך נישט געבליבען אָפּ־געשניטען פון די איבערלעבונגען פון אָרגאַניזם. כל זמן די ליבע־קעמערלעך זיצען צוזאַמען מיט דער גאַנצער קאָלאָניע ביי דער גרויסער שיסעל זופּ, מוזען זיי אויך אַריינגעמען אין זיך דעם סם, וואָס פאַלט צופעליג אַריין אין דער זופּ. ביים מענש קאָנסטו זען גאַנץ דייטליך, ווי דאָס איי (ד. ה. דאָס ווייבליכע ליבע־קעמערל) ווערט אַזוי לאַנג, ווי עס האַלט זיך אין אייערשטאָק, געשפּייזט דורך בעזונדערע קעמערלעך פון דער קאָלאָניע; דאָס זענען די אַזוי גערופענע פאָליקעל־קעמערלעך פון דער שוין פריער דערמאָנטער קנאָספּע, אין וועלכער דאָס איי האַלט זיך אויף: די דאָזיגע שפּייז־קעמערלעך שטעקען אַריין דורך יענע שמאָלע קאַנאַלערלעך, וועלכע גיבן שפּעטער די מעגליכקייט די זוימען־חיה'לעך אַריינצודרינגען אין איי, זייער דינע הערעלעך, שפּיציגע צינגעלעך, פון וועלכע עס טריפט כסדר דער שפּייז־זאַפט, וואָס קומט פון דער שפּייז־אָפּטיילונג פון דער קאָלאָניע. דערמיט ערקלערט זיך, פאַרוואָס ס'איז אוממעגליך אָפּצוגרעניצען דעם ליבע־אַפּאַראַט פון די פאַטאַלע איבערלעבונגען, וועלכע עס מאַכט דורך די גאַנצע קאָלאָניע. דאָס ליבע־קעמערל דאַרף זופּ, עס דאַרף וואַרעמקייט. קאָן מען עס דעריבער נישט אָפּשליסען הערמעטיש פון די איבערלעבונ־גען פון דער גאַנצער קאָלאָניע. עס זענען אָבער פאַראַן נאָך אַנדערע איבערלעבונגען פון דער קאָלאָניע, וועלכע מוזען זיך איבערגעבען די ליבע־קעמערלעך.

לאָמיר זיך קודם כל פאָרשטעלען אַזעלכעס. אַ וואָלוואָקס האָט בעקומען אין אַ געוויסען אָרט פון זיין קויל, גאַנץ ווייט פון די ליבע־קעמערלעך, אַ שטאָך, וואָס האָט בעשעדיגט עס־ליכע קעמערלעך. די גאַנצע קאָלאָניע האָט ווייטער געאַרבייט, ווי פריער, און בעזאָרגט מיט אַלעמען די ליבע־קעמערלעך. צי

פון די אייערלעך רויפען און ענדליך שלייערלעך, און האלט מער נישט די דאָזיגע שלייערלעך אין קיין קינסטליכע קעלט. וואָס זעסטו דאַן? די זומער-פויגעלעך, וועלכע קריכען אַרויס פון די שלייערלעך, האָבען אויך פערמעקטע פליגעל. די קעלט האָט דאָ בעשיינפערליך געווירקט ביז אין צווייטען דור.

די דאָזיגע ערשיינונג מוזסטו פערשטיין אַזוי. ווען די קעלט האָט געווירקט אויף די אַלטע זומער-פויגעלעך און האָט פערענדערט זייערע פליגעל-קעמערלעך, זענען אין דער פילקעמערלדיגער קאָלאָניע פון די דאָזיגע אַלטע שוין געלעגען די ליבע-קעמערלעך, פון וועלכע ס'האָט זיך שפּעטער געזאָלט בילדען דער צווייטער דור. אויך צו די דאָזיגע קעמערלעך איז אַריינגעדרונגען די קעלט און האָט דאָרט עפּעס געענדערט אַזוי, אַז ס'האָבען פון זיי געמוזט אַרויסקומען זומער-פויגעלעך מיט פערענדערטע פליגעל. דו פרעגסט: צי איז דען דאָרט שוין געלעגען דאָס קינדער-פליגעלע גרייט אַזוי, אַז ס'האָט שוין געקענט דורך דער קעלט איבערגעפאַרבט ווערען? אַזוי גראָב טאָרסטו דיר די זאַך אין קיין פאַל נישט פאָרשטעלען. דאָס ליבע-קעמערל איז נור איין איינציג קעמערל. אָבער אין דעם דאָזיגען קעמערל ליגט אַ געוויסע פעאיגקייט, וועלכע דאַרף דערנאָך בעשאפען אַלע איבעריגע קעמערלך פון דעם שפּעטערדיגען זומער-פויגעלע, ד. ה. אויך דעם שפּעטערדיגען פליגעל. אונזער מעשה'לע רופט אָן די דאָזיגע פעאיגקייט „די צויבער-שריפט פון דעם רינג". ביי די אמת'דיגע קעמערלעך ליגט די דאָזיגע סודות-פולע פעאיגקייט בעהאַלטען אין די כראָמאָזאָמען. אַ געוויסער צייכען פון רינג, אַ געוויסער פונקט פון די כראָמאָזאָמען מוז אין זיך לויט זיין קראַפט שוין ענטהאלטען דעם שפּעטערדיגען פליגעל. און די קעלט קאָן אויף דעם דאָזיגען פונקט ווירקען פונקט אַזוי, ווי זי ווירקט אויף דעם שוין ענטוויקעלטען פליגעל. שטעל דיר פאָר, אַז דעם אייגענטליכען פליגעל ענטשפּרעכט אויף דעם רינג אַ צויבער-צייכען „פ". די קעלט, וועלכע ענדערט דאָרט אַביסעל דעם פליגעל, מוז אויך אַביסעל פערענדערען דעם צויבער-צייכען „פ" אַזוי, אַז ער זאָל

הויפּטונג אויף אַ זייער איבערצייגעגנדיקן אופן. ער האָט
קינסטליך אָפּגעקילט די שלייערלעך פון דעם זומערדיקן דור
אין אַנ׳אייז-קעלער, און האָט, ענדליך, אין סוף זומער בעקו-
מען די ווינטער-פאָרם פון דעם זומער-פויגעלע, די „לעוואנא”.
מען קאָן אין דעם פאַל נישט זאָגן, אַז די קעלט האָט גע-
שאַפט דעם זומער-פויגעלע. דאָס ווינטערדיקע זומער-פויגעלע
איז געווען פּונקט אַזוי לעבענס-קרעפטיק, ווי די זומערדיקע.
דאָס בילד פון דעם מין איז אפילו אַזוי אַרום געוואָרען ריי-
כער, און דאָס איז תמיד עפּיס ווערט אין דער ענטוויקלונג.
אָבער די קעלט האָט דאָך אין געוויסע קעמערלעך עפּיס גע-
ענדערט, זי האָט געטריבען די פליגעל צו אַ גאַנץ בעשטימטער
אַנדערער בעפאַרבונג.

מען האָט שפּעטער די דאָזיקע ערשיינונג אויסגעפּרובט
אויף פיל זומער-פויגעלעך. מען האָט אויף אַזאַ אופן ביי
קינסטליכער קעלט און היץ „נאָכגעמאַכט” די וואַריאַנטען פון
אונזער „קליינעם פוקס”, וועלכע זענען בעקאַנט געווען אין צפון-
און אין דרום-אייראָפּע און וועלכע מען האָט אויך געהאַלטען פאַר
זעלבסטשטענדיקע נאַטור-פּראָדוקטען. דערביי האָט מען אָבער בע-
מערקט אַ וויכטיגע זאַך. דו קענסט דעם געוועגליכען „בער”, אונזער
זומער-פויגעלע, וואָס קומט אַרויס פון דער פאָריגער בערען-רויפּע;
זיינע איבער-פליגעל זענען גאָלד-ברוין געפאַרבט מיט ווייסע אָדע-
רען, אַזוי ווי אַ שיינער מאַרמאָר, די אונטער-פליגעל זענען רויט מיט
בלוי-שוואַרצע פלעקען. אַז דו האַלטסט אויס די שלייערלעך פון
דער דאָזיגער הערליכער בריאה אין אַ קעלט פון מינוס
אַכט גראַד, קומט אַרויס גאַנץ אָפּט אַ בערזומער-פויגעלע, ביי
וועלכען די פלעקען אויף די אונטער-פליגעל זענען אַזוי צו-
שוואומען און פערמעקט, גלייך עמיץ וואָלט זיי מיט גראָבע
פינגער אין דעם שלייערל אָפּגעווישט. דער דאָזיגער פינגער
איז געווען די קעלט. איצט נעם אַ פּאָר זומער-פוי-
געלעך מיט אַזעלכע פערמעקטע פליגעל, אַנ„ער” און אַ „זי”,
פערמאַך זיי ערגיץ צוזאַמען, אַזוי אַז זיי זאָלען זיך פּאָרען,
נעם די אייערלעך, וועלכע די „זי” לעגט דאַן אָפּ און בעקום

דער חיות וועלט, ביי וועלכע דאָס דאָזיגע פריִען רופט־אַרויס געוויסע פערענדערונגען אין לעבען פון אָרגאַניזם, — פערענ־דערונגען, וועלכע זענען, אמת, נישט געפערליך, אָבער וועלכע גיבען זיך איבער אויך די קינדער און איינינקלעך און בלייבען אויף זייער לייב אַלס מערקווירדיגע פראָסט־סימנים, נישט קוי־קענדיג דערויף, וואָס די דאָזיגע קינדער און איינינקלעך האָבען קיינמאָל קיין פראָסט נישט איבערגעטראָגען.

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט זיך די זאַמלער פון זומער־פויגעלעך געטראָפען אַ גאַנץ זעלטענער פאַל: זיי האָבען געמוזט פון דעם זומער־פויגעלע־סיסטעם אויסשטרייכען איין מין פון אונזערע בעקאַנטסטע דאַטשע זומער־פויגעלעך, די אזוי גערופענע „שוואַרצע לאַנד־מאַפע“, אָדער די „פראַרזא“. די זאמלער האבען געקאָנט צוויי מינים „לאַנד־מאַפעס“ (אַזוי ווערען די דאָזיקע זומער־פויגעלעך גערופען, צוליב א מין גע־אָגראַפישען נעץ, וואָס זיי האָבען אויף די אונטערסטע זייטען פון די פליגעל): די „שוואַרצע לאַנד־מאַפע“, אָדער די „פראַר־זא“, אַ שוואַרץ זומער־פויגעלע מיט ווייסע שטרייפען, וועלכעס ווייזט זיך געווענליך אין סוף זומער, אָדער אין הערבסט, נאָך די גרויסע זומער־היצען, און די „לעוואנא“, אַ רויט זומער־פוי־געלע מיט לייכטע שוואַרצע פלעקען, וואָס ווייזט זיך געווענ־ליך אין פרילינג, נאָך די ווינטערדיגע פרעסט. איינמאָל האָט אַ געוויסער נאַטור־פאָרשער בעוויזען, אַז די „לעוואנא“ און די „פראַרזא“ זענען אייגענטליך איין און דער זעלבער מין זומער־פויגעלעך, פאַר וועלכען עס איז געגוג אַזוי אַרום נור איין נאָמען, לאָמיר זאָגען, דער נאָמען „לעוואנא“. די פערשידענ־אַרטיגקייט פון די פאָרמען איז נור אַ פראָדוקט פון דער טעמ־פעראַטור. אַז אויף דעם שלייערעל פון דעם דאָזיקען זומער־פויגעלע ווירקט די זומערדיגע היץ, קריכט אַרויס דאָס זומער־פויגעלע מיט שוואַרץ־ווייסע פליגעל. ווען אָבער, פארקערט, דאָס שלייערעל פרירט אין דער ווינטערדיקער קעלט, קריכט אַרויס אין פרילינג דאָס בלאַס־רויטע זומער־פויגעלע מיט לייכ־טע שוואַרצע פלעקען. דער פאָרשער האָט בעוויזען זיין בע־

דוּ דאַרפֿסט דאָ גאָרנישט ווייט זוכען די בילדער: דוּ
האָסט די ממשות׳דיגע ביישפּילען פֿאַר די אויגען. אַז די פּיל־
קעמערלדיגע קאָלאָניע פֿון דיין קערפּער נעמט אויף דורך דעם
מאָגען אַ סם, וועלכע עסט זיך ביסלעכווייז אַריין אין דעם גאַנ־
צען קערפּער, פֿערדאַרבענדיג אַ קעמערל נאָך אַ קעמערל, מוז
ער ענדליך דערגרייכען אויך צו די ליבע־קעמערלעך. דער סם
קומט אויך צו די כראָמאָזאָמען־רינגען און עסט זיך אַריין אין
דעם מעטאַל פֿון די צויבער־רינגען, אַזוי ווי אַ שאַרפֿע זויער־
קייט; דערפֿון ווערט די צויבער שריפֿט צושטערט, צייכענס ווע־
רען אָפּגעמעקט און די איידעלע טראַדיציע פֿון די עלטערן
ווערט געפֿעלשט. ווי איז דעם אומגליקליכען שפּאַלט־פּראָדוקט
פֿון אַזאַ קראַנקען ליבע־קאַרליק. דו ווייסט, אַז אונזער מעדי־
ציניסע וועלט ערקלערט היינט איינשטימיג, אַז דער אַלקאָהאָל־
סם, צום ביישפּיל, איז אַזאַ פּראַקטישער פֿערדאַרבער, וועלכער
עסט זיך אַריין נישט נור אין די מאָגען, נירען־לעבער־און גע־
היר ען־קעמערלעך פֿון דער פּערזענליכער קאָלאָניע, נור ער
דרינג אויך אַריין אין דעם געהיימען שלאָס פֿון די אייער־און
זוימען־קעמערלעך און צועסט אַזוי די כראָמאָזאָמען־רינגען,
אַז די אומשולדיגע קינדער ווערען באַלד געבוירען מיט אַ גריי־
טען פֿעלער. צום גליק ברענגט אין דעם פֿאַל די אויפֿפֿרישונג
מיט געזונט בלוט זייער גוטע פֿאָלגען. די געשלעכטליכע ליבע
טרעט דאָ אַרויס אין קאַמף געגען דעם געזעץ, אַז פֿאַר דעם
פֿאָטערס זינד דאַרפֿען געשטראָפֿט ווערען די קינדער און אייניק־
לעך. די זעלבע ערשיינונג (אַלענפֿאַלס, ווי עס שיינט, נאָך אַ
מער פֿערוויקעלטע) זעט מען ביים סיפֿיליס. מיר וועלען נאָך
רעדען וועגען דעם.

דעם דאָזיגען פֿאַקט: אַז די ליבע־קעמערלעך מוזען מיט־
מאַכען אַלע ערפֿאַרונגען פֿון דער גאַנצער קאָלאָניע, קאָנסטו
זעען נישט נור ביי סמ׳ען, נור אויך ביי פֿיל אַנדערע, ווייניגער
געפֿערליכע ערשיינונגען. אַז אַן׳אָרעם מיידעל פֿרירט, פֿרירט
אויך איר אייערשטאָק. מיר קאָנען אָבער אַזעלכע פֿאַלען אין

גאָר אין אָנהויב, ווען דאָס ליבע־קעמערל איז נאָך אַליין געווען די גאַנצע בריאה, דער גאַנצער אינדיווידואום, איז עס זיכער אַזוי געווען: יעדע אינדיווידועלע ערפאַרונג איז אויך געווען איר ערפאַרונג. ווי אַזוי האָט זיך אָבער דאָס איינגע־שטעלט ביי דער אַרבייטס־טיילונג? אָדער ווידער מיט דער שפּראַך פון אונזער קאַרליק־מעשה׳לע: אַז די גאַנצע קאָלאָניע האָט פערזענליך עפּעס איבערגעלעבט, איז עפּעס געוואָר גע־וואָרען, האָט זיך ערוואָרבען עפּעס אַ נייע אייגענשאַפט, — צי האָט דאָס געקאָנט ווי עס איז אַלס נייע שריפט, אַלס נייער צויבער־צייכען אויסגעקריצט ווערען אויף די רינגען פון די ליבע־קעמערלעך, וועלכע האָבען שפּעטער געפּאָדערט אויפבויען דעם נייעם דור?

אויפן ערשטען בליק ווייזט אויס דער ענטפער צו זיין אייגענטליך זעלבסטפערשטענדליך: ווי לאַנג די ליבע־קעמערלעך האָבען נאָך געהערט צו דער גאַנצער קאָלאָניע, האָבען זיי גע־מוזט איבערלעבען אַלץ, וואָס די דאָזיגע קאָלאָניע האָט איבער־געלעבט. און אַז זיי האָבען שפּעטער אויפגעבויט נייע קאָלאָ־ניעס, האָבען זיי שוין די דאָזיגע קאָלאָניעס איבערגעגעבען אויך די דאָזיגע נייע ערפאַרונגען. ווען די גאַנצע קאָלאָניע הונגערט אין ווערט דורך דעם שוואַך, מוז עס טרעפען אויך די ליבע־קעמערלעך, ווי לאַנג זיי ווערען צוזאַמען מיט דער גאַנ־צער קאָלאָניע געשפּייזט. ווען די קאָלאָניע ווערט דורך און דורך נאַס, מוזען אויך ווערען נאַס די ליבע־דעלעגאַטען, און ווען פון דער דאָזיגער נאַסקייט ווערען פערזשאַווערט אַלע צוי־בער־רינגען, מוזען אויך די צויבער־רינגען פון די ליבע־דעלע־גאַטען פערזשאַווערט ווערען און דערפון מוז אַרויסקומען אַ פערדאָרבענער נייער דור. אויב די קאָלאָניע איז אַליין שול־דיג אין דעם, וואָס זי איז נאַס געוואָרען, ליידען צוליב דעם פאָטערס זינד די קינדער און אייניקלעך, ביז די שפּעטערדיגע דורות בעפרייען זיך דורך נייע איבערלעבונגען פון דעם אומ־גליק, אָדער ביז עס מישט זיך ניט אַריין די ברכה פון דער צוזויפגיסונג, וועלכע ברענגט תמיד אַריין אַ פרישען האַלבען רינג, און ראַט ענדליך אויס דאָס שלעכטס.

מיידעל טראָגט אַרום מיט זיך אין לייב דעם אייערשטאָק, זי בעהאַלט אים אין אַ פערבאָרגען ווינקעל אין איר לייב, און דער דאָזיגער אייערשטאָק האָט נישט קיין בעזונדער מויל צום אָטעמען און עסען, ער האָט נישט קיין מאָגען פֿאַר זיך און קיין לונג, נור דאָס גרויסע אַלגעמיינע מויל, דער אַלגעמיינער מאַגען, די אַלגעמיינע לונג ארבייטען פאַר אים. דאָס איז אַלץ קלאָר.

די דאָזיגע קאָלאָניע פירט אָבער אין משך פֿון יאָרען אַן׳אינדיווידועל לעבען, פונקט אַזוי ווי ס׳האָט פריער געטון יעדע איינקעמערלדיגע בריאה, יעדערס פֿון די פריערדיגע אורקאַרליקלעך. זי האָט פערזענליכע איבערלעבונגען, זי טראָגט איבער גוטס און שלעכטס. ביי אַזאַ קליינעם גרינעם וואָלוואָקס אין זיין בלאָטע זענען די דאָזיגע איבערלעבונגען נישט אַזעלכע געוואַלטיגע, אָבער טו ווידער אַ טראַכט וועגען דיר אַליין: וואָס לעבט אַלץ איבער אַ קינד פון מוטערלייב אָן ביז צו זיין ערשטער איי=אָדער זוימען=רייפקייט. און די דאָזיגע ערשטע רייפקייט איז נאָך ווייט נישט די לעצטע איי=אָדער זוימען=אָפשפאַלטונג פון מענשען. ווען אַן׳עלטערער מענש פון אַ יאָר זעכציג געבוירט נאָך אַ קינד, — וויפיל אינטענסיוו לעבען, ערפאַרונגען און איבערלעבונגען האָט דאַן מיטגעמאַכט דאָס לעצטע זוימען=קעמערל, וואָס ער האָט פון זיך אָפגעשפאָלטען! גיב נאָך אַ טראַכט וועגען אַ זומער=פויגעלע: ערשט אַלס אַזאַ פילפאַרביג, אַרומפליענדיג בעשעפעניש ווערט עס רייף צו דער ליבע, אָבער וואָס האָט עס שוין אַלץ איבערגעלעבט דורך דער לאַנגער צייט, ווען עס איז אַלס קליינע רייפעלע אַרויסגעקראָכען פון דעם איי, איז אַלס רויפע געוואַקסען און זיך געשפייזט, און ענדליך אַלס שלייערל ווידער איינגעשלאָפען, ווי אין אַן׳ענגען מתים-אָרון! די רויפעס פון טייל זומערפויגעלעך דאַרפען אָפט האָבען גאַנצע דריי יאָר פאַר איר ענטוויקלונג. וואָס פֿאַר אַ צייט פאַר כל המינים אינדיווידועלע איבערלעבענישען! צי בעקומט אויך דאָס ליבע=קעמערל וואָס עס איז פון די דאָזיגע פערזענליכע ערפאַרונגען פון דער גרויסער קאָלאָניע?

קאָלאָניע. ווי האָט, פאַרקערט, געווירקט די גאַנצע קאָלאָניע אויף די דאָזיגע ליבע=קעמערלעך?

אַ געוויסע צייט, ביז צו דער רייפקייט, ד. ה. ביז צו דער ריכטיגער ליבע=צייט, האָבען דאָך די ליבע=קעמערלעך אויך געהערט צום גרויסען פערבאַנד פון דער קאָלאָניע. ביים וואָלוואָקס איז עס געווען נישט אַזאַ לאַנגע צייט. אָבער מאַך נור דאָ אַ שפרונג ביז צו דיר אַליין (דער שפרונג איז דאָך דאָ אין דעם פונקט שוין זיכער בערעכטיגט): שוין אין מוטערלייב ווערט אין דער פילקעמערלדיגער קאָלאָניע פון דיין קערפער אויסגעבילדעט די פרוכפערונגס=אָפּטיילונג; פון צווייטען יאָר אָן זענען שוין ביי יעדען מיידעל אויסגעטיילט די אייער, ד. ה. די אייגענטליכע ווייבליכע ליבע=קעמערלעך, יעדערס באַזונדער אין זיין הילע, און עס דוכט זיך, אַז יעדע מינוט קאָנען זיי שוין אָנהויבען די וואַנדערשאַפט; דאָך דויערט עס אָבער, ווי דו ווייסט, נאָך פיל יאָרען, אין אונזערע צפון=לענדער אָפט נאָך פופצען און מער יאָר, ביז די ערשטע מענסטרואַציע=בלוטונג בעווייזט, אַז עס האָט זיך ענדליך, דאָס ערשטע איי ארויסגעלאָזען אויף דער וואַנדערשאַפט און האָט געוואַרט אויף אַ זוימען=קעמערל פון אַן אַנדערע קאָלאָניע וואָס האָט געטון און וואָס טוט אין משך פון אַזוי פיל יאָרען די גאַנצע קאָלאָניע פאַר איר איי?

זי בעוועגט עס. דאָס איז שוין ביים וואָלוואָקס אויך אַזוי; אין דער וואָלוואָקס=קויל דערקענט מען טאַקע דאָס ליבע=קעמערל דאַדורך, וואָס עס האָט נישט קיין בעוועגונגס=עקל, קיין „שווים=הערצלע", נור עס לאָזט זיך בעוועגען דורך די אַנדערע קעמערלעך פון דער קאָלאָניע. די קאָלאָניע טוט נאָך עפּעס פאַר דעם ליבע=קעמערל: זי גיט אים אַ בעשיצט אָרט אינעווייניג אין דער קאָלאָניע; דאָס טוט דער וואָלוואָקס אויך. ווייטער אויף דער גאַסטרעאַ=שטופע, וואו עס בילדעט זיך אויס אַ בעזונדערע פרעס=אָפּטיילונג פאַר דער גאַנצער קאָלאָניע, ווערען, נאַטירליך, די ליבע=קעמערלעך אויך געשפּייזט דורך דער דאָזיגער אָפּטיילונג. דאָס אַלץ איז ביי דיר אויך פונקט אַזוי: דאָס

פילקעמערלדיגקייט און אַרבייטס-טיילונג: דאָס איז יעדענפאַלס געווען אַ ריזיגער פאָרטשריט אויפ'ן וועג פון דער לעבענס־אַנטוויקלונג. דאָס גאַנצע העכערע לעבען האָט זיך אויפגעבויט אויף דעם דאָזיגן יסוד. ערשט אויף דעם דאָזיגן יסוד האָבן שפּעטער געקאָנט אַנטשטיין געשלאָסענע אינדיווידואומס פון אַזאַ קאָלאָסאַלער גרויס, ווי דער בראָנטאזאורוס, וועלכער האָט געהאַלטן הונדערט פוס די לענג, אָדער דער וואַלפיש. און ערשט אויף דעם דאָזיגן יסוד איז מעגליך געוואָרן אין אָרגאַניזם אַזאַ אָפּטיילונג פון קעמערלעך, אַזאַ וואונדערליכער אָרגאַן פאַר קאָנצענטרירטער עמפּפינדונג און בעוועגונג, פאַר אָריענטירונג און גייסטיגער העכסטער אָנפירונג, ווי עס שטעלן מיט זיך פאָר אונזערע מענשליכע געהירען. און אַזוי ווי דער דאָזיגער גאַנצער פאָרטשריט איז ענג פערקניפּט מיט דעם ליבע־לעבען, שטייען מיר דאָ אויך פאַר אַ געוויכטיגן ווענדע־פּונקט אין דער ענטוויקלונג פון דעם ליבע־לעבען אליין. פאַר דער דאָזיגער ענטוויקלונג האָט זיך אָבער פון אָנהויב אָן געמוזט אַרויסרוקן זייער אַ האַרבע פראַגע, וועלכע האָט באַלד געמוזט ווי עס איז געלעזט ווערן.

די קעמערלעך פון דעם סאָציאַלן פערבאַנד האָבן זיך באַלד אין אָנהויב איינגעטיילט אין ליבע־קעמערלעך און נישט־ליבע־קעמערלעך. נור די ליבע־קעמערלעך האָבן פון זיך אַרויסגעגעבען כראָמאָזאָמען, נור זיי אַליין האָבן, לויט דער פריערדיגער קארליק־מעשה'לע, אָפּגעשפּאָלטען פון זיך די צויבער־רינגען און האָבן מיט דער הילף פון די דאָזיגע רינגען אויפגעבויט אַ נייעם דור.

דאָ איז ענטשטאַנען אַ פראַגע.

די ליבע־קעמערלעך האָבן געליבט פאַר דער גאַנצער

איינצעלנער קעמפט אַלס מערטירער אויפ'ן שלאַכט־פעלד פאַר דער דערהאַלטונג פון אַ גרעסערער געזעלשאַפט. די ביישפּילען ביי אונז מענשען זענען יעדען בעקאַנט. אָבער אויך ביי די חיות, וועלכע פירען אַ געזעלשאַפטליך לעבען, קודם כל ביי די בינען און מילבען זעען מיר די זעלבע ערשיינונג; און דאָ איז די דאָזיגע אַבסאָלוטע זעלבסט־אָפּפערונג פון דעם איינצעלנעם פאַר דעם וואוילשטאַנד פון דער גאַנצער געזעלשאַפט נאָך בולט'ער, קלאָרער, ווייל דאָס אימפולסיווע, דאָס אינסטינקטיווע טרעט דאָך ביי די דאָזיגע ברואים אַרויס פיל דייטליכער: פון איין זייט די מורא פאַר'ן טויט, אַלץ אַ ריין שוץ־מיטעל, וועלכעס די נוצליכקייט האט אַריינגעשלאָגען אין קאָפּ דער איינצעלנער בריאה, און פון דער צווייטער זייט די פעראַכטונג פון טויט אַלס אויך אַזאַ שטאַרקער אויסדרוק פון דעם סאָציאַלען אינסטינקט. און עס איז ווידער אינטערעסאַנט גראָד דאָ צו בעמערקען, אַז אויך די גרויסע גרונד־פאָרם פון דעם אינדיווידועלען אינערליכען טויט איז אין אָנהויב געווען אַ רעזולטאַט פון דעם ערשטען סאָציאַלען אַקט, אַ געשעעניש, וועלכע האָט זיך אַריינגעריסען אין דער ברכה פון דער ערשטער אַרבייטס־טיילונג, וואו דער איינצעלנער איז צום ערשטען מאָל גערופען געוואָרען צו אַרבייטען פאַר אַנדערע. דאָס, וואָס איין טייל פון די קעמערלעך פון דעם וואָלוואָקס־פערבאַנד האָט זיך אויסגעשלאָסען פון דער פּרוכפּערונג און האָט זיך אַזוי אַרום אָפּגעזאָגט פון איר אונשטערבליכקייט פאַר דעם וואוילשטאַנד פון דעם גאַנצען מין, — דאָס איז שוין געווען אַ מין זעלבסט־אָפּפּערונג. און אַזוי אַרום קאָן מען זאָגען, אַז ביז היינט איז יעדער אינערליכער טויט אייגענטליך אַנ'איידעלער מערטירער־טויט, אַלענפאַלס לויט זיין טיפּסטען עצם. די מורא פאַר'ן טויט איז דאָ יעדענפאַלס נישט אויסגעשלאָסען געוואָרען: אויך די קעמערלעך, וועלכע נעמען נישט קיין דירעקטען אנטייל אין דער פּרוכפּערונג, זאָלען זיך אויפהאַלטען אַזוי לאַנג, ווי ס'איז נור מעגליך.

דער דיכטער, וועט וועלען צו דער דאָזיגער ערשיטערנ-
דיגער גן-עדן-טראַדיציע צוגעבען דעם שוואַכען מאָרגען-שיין
פֿון אַ פֿערגעלטונג, וועט דערצו נאָך אַריינפֿירען אַ שטים, וועלכע
וועט זאָגען עפּעס ענליכעס דערצו, וואָס גאָט זאָגט צו איוב'ן:
אַז אונזער גאַנצע שרעק שטאַמט אייגענטליך דערפֿון, וואָס מיר
מיינען, אַז מיר ווייסען, וואָס ס'איז אַזוינס דער טויט; בשעת
מיר ווייסען דאָך אין טיפֿסטען עצם צו ווייניג דערפֿון, וואָס
ס'איז אַזוינס לעבען, וואָס ס'איז אַזוינס אינדיווידואום, אַז מיר
זאָלען באמת קאָנען פֿערשטיין דעם טויט. דער נאַטור-פֿאָרשער
דאַרף דערצו נאָך צוגעבען, אַז עס איז פֿאַראַן אַ גרויסע וואַר-
שיינליכקייט, אַז די דאָזיגע מורא פֿאַר'ן טויט, די דאָזיגע אומ-
פֿאַרשטענדליכע שרעק פֿון דער אינדיווידואום פֿאַר דעם טויט
אַלס אַן'אומגליק, איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי איינס פֿון די
קליינע שטיקלעך פֿון דער נאַטור, איינס פֿון די צוועקמעסיג-
קייט-מיטלען פֿון דער ענטוויקלונג אַליין, וועלכע צווינגט דעם
אינדיווידואום צו דערהאַלטען און פֿאַרטיידיגען זיין אינדיווי-
דועל לעבען אַזוי לאַנג, ווי לאַנג דאָס איז נור מעגליך. דאָס
איז אייגענטליך נישט דער איינציגער פֿאַל, וואו די נאַטור
האָט געשטעלט אַ פֿאָדערונג צו קעמפֿען פֿאַר אַ זאַך אין אַ גע-
וויסען מאָמענט מיט דער גרעסטער ענערגיע ביז צו פֿערצווייפֿ-
לונג, הגם די דאָזיגע זאַך שטעלט מיט זיך נישט פֿאָר דעם
אַבסאָלוטען ווערט און איר געגענטייל — דאָס ערגסטע, וואָס עס
קאָן נור געמאָלט זיין. אַזוי זען מיר, ווי די בעזונדערע מינים
ביי די חיות און געוויקסען האַלטען זיך אויף אין משך פֿון
דער לעבענס-ענטוויקלונג מיט אַלע מעגליכע שוץ-מיטלען, און
דאָך פֿירט דער פֿאָרטשריט, ענדליך, צו דער פֿערניכטונג פֿון
פֿון די אַלטע מינים, וועלכע מוזען נאָכ'ן רומפֿולען ווידער-
שטאַנד סוף כל סוף אָפּטרעטען דאָס אָרט די נייע מינים. עס
איז אויך זייער אינטערעסאַנט צו בעמערקען, ווי די מורא פֿאַר'ן
טויט הערט אינגאַנצען אויף אין אַזעלכע פֿאַלען, ווען די אומ-
בעדינגטע זעלבסט-אָפּפֿערונג פֿון דעם אינדיווידועלען לעבען
דינט אַ העכערען ציל. מיר בעמערקען דאָס אומעטום, וואו דער

די קלעפּ פֿון לעבען און ענטפּערן אויף זיי מיט מענשען האָפֿנונגען, מענשען טרערען, מענשען=געמיט, אַזוי ווי די לעגענדע האָט זיך אויסגעמאָלט אדם און חוה׳ן; און ווען עס קומט זיי אונטער די דאָזיגע טראַגעדיע; וואָס פֿאַר אַן׳אומגעהויערער, ערשיטערנדיגער קאָנפֿליקט וואָלט דאָס געווען! און שטאָלצער האָפֿענונג זענען די דאָזיגע גן=עדן=לייט אַרויף אויף אַ נייעם וועג. זיי האָבען פֿון בוים פֿון דער ענטוויקלונג, פֿון בוים פֿון דעם פֿאָרטשריט אָפּגעריסען אַ געשמאַקע פֿרוכט: די ברכה פֿון דעם בשותּפֿות׳דיגען לעבען, פֿון דער געמיינזאַמער אַרבייט, פֿון דער געגענזייטיגער הילף, פֿון דער אַרבייטסטיילונג. עס דוכט זיך: אַ נייער וועלט=טאָג איז אויפֿגעגאַנגען. און דאָ רייסט זיך אַריין עפּעס אַ מורא׳דיגס. אין דעם גן=עדן ליגט דער ערשטער טויטער קערפּער. דער טויט האָט צוגענומען זיין ערשטען קרבן. דער טויט, וועלכער איז פּלוצלונג אַרויס פֿון אונטער דער בלומען=וואַנד פֿון יענער גרויסער ברכה, ווי דער מלאך מיט דער פֿייערדיגער שווערד. איר אַלע מוזט פֿון איצט אָן שטאַרבען, ווייל איר האָט פֿון דער נייער פֿרוכט געגעסען. דאָס, וואָס ס׳איז ביז איצט נור געהאַנגען, ווי אַ ווייטער צופֿאַל, איבער אייך, דאָס וואוינט פֿון איצט אָן צווישען אייך. דאָ ליגט דער ערשטער קרבן פֿון דעם איינערליכען טויט. דער ערשטער זקן. מיריאַדען וועלען קומען נאָך אים. אויך דער גרעסטער געניוס וועט ווערען אַלט און וועט זיך ענדליך געפֿינען אויף דער מטה. זאָלען אייערע מענשען דערגרייכען די העכסטע מדרגות. זאָלען זיי אין די שטערען [illegible], זאָלען זיי פֿון די טיפֿסטע טיפֿעניִשען פֿון דער מענש[illegible]ר ברוסט זינגען. דאָס געזעץ פֿון דעם וואָלהאָקס בלייבט איבער אייך. ער שניידט דעם שטערענזעער און דעם דיכטער אַזוי ווי גראָז, ווען עס קומט זייער שעה...

אונזער צייט האָט נישט ווייניגער שטאָף פֿאַר ערהאַבענע מיסטעריעס, ווי די פֿריערדיגע. זי איז נור צושפּליטערטער, און אונזערע דיכטער האָבען נאָך קיין אַנונג נישט, וואו די נייע קוואַלען שפּרודלען גאַנץ אין דייר שטי:

בײַ אונזערע וואָלוואָקסען. כּדי נור אײן קעמערל זאָל לִיבען און נײַן און נײַנציג זאָלען בעפרײַט ווערען פון דעם דאָזיגען „געשעפט“, מוזען די דאָזיגע נײַן און נײַנציג אויסגעשלאָסען ווערען אויך פון דער אונשטערבליכקייט. נאָך דעם ווי די ליבע-קעמערלעך לאָזען זיך אַרויס פון דער קויל, כּדי זיך צונויפצוגיסען מיט אַנדערע און צו גרינדען נײַע וואָלוואָקס-פערבאַנדען, פּלאַצט די גאַנצע קויל; זי דעגענערירט און שטאַרבט אָפּ. און אַזוי ווי מיר מענשען שטאַמען דאָך אָפּ געשיכטליך, אַלס פילקעמערלדיגע פערבאַנדען, פון די דאָזיגע וואָלוואָקסישע ברואים, איז דער דאָזיגער טויט דער אָנהויב פון אונזער אינדיווידועלן אינערליכען טויט. זעלטענער וואָלוואָקס, דאָס האָט דײַן שריט אויף דעם דאָזיגען אומגעהויערען ווענדע-פונקט פון די געשעפענישען געפירט דערצו, אַז געטע האָט געמוזט שטאַרבען!

נישט ווילענדיג פילט מען דאָ אַ באַדערפעניש צו מאַכען אַ שטילע פויזע פון געדאַנק. אונזער צײַט האָט נישט ליב צו פערשלייערען אירע אמת'ן און וואַרשיינליכקייטען אין דעם געוואַנד פון מיסטישע בילדער, וועלכע דער דיכטער זאָל ווידער שענקען אַ נײַ לעבען. דער ערשטער האָט דעם דאָזיגען אידעענגאַנג, וועלכען איך האָב דיר דאָ דורכגעפירט, אַרויסגעזאָגט אײנער פון אונזערע בעסטע און ניכטערסטע נאַטור-פאָרשער אויגוסט ווייסמאַן. וואָס וואָלט געוואָרען מיט דער דאָזיגער אידעע, ווען דו זאָלסט זי דיר פאָרשטעלען אין לבוש פון ערהאַבענע סימבאָלישע בילדער, וועלכע זענען געשאַפען דורך אַזאַ קינסטלער, ווי מילטאָן אָדער דאנטע! אייגענטליך האָט דאָך אין יענער וואָלוואָקס-שטופע שוין געשטעקט דער מענש אין די ערשטע טעג פון זײַן ענטוויקלונג. ווען די קלאָר-זעענדיגע מאַכט פון דיכטער וואָלט פאַר דיר אויפגעשטעלט די דאָזיגע אור-ברואים אַלס לעגענדאַרישע אור-מענשען פון די ערשטע טעג פון דער וועלט-געשיכטע און וואָלט זיי צוגעגעבען סימבאָליש אַנ'אמת'ע מענשליכע פאָרם, מיט נאַקעטע מענשליכע קערפּערס און פילענדיגע מענשליכע נשמות, וועלכע פערנעמען

געוואָרען דורך דער אור-געבוירונג. באַלד אומגעקומען צוליב דער דאָזיקער אינערליכער סיבה, ביז ס'איז ענדליך נישט ערפונדען געוואָרען די דאָזיגע קלוגע רעטונג: די צושפּאַלטונג. און דאַן איז שוין די אור-געבוירונג געוואָרען אומנוצליך, ווייל די פרוכפּערונג האָט דאָך אַ סוף געמאַכט צו דעם אינערליכען טויט. אין וועזן פון די אור-באַשעפענישען האָבען אָבער שוין געמוזט שטעקען ביידע פאַלען: דער טויט און די רעטונג דורך דער פרוכטפּערונג, און דעריבער בלייבט דער קערן פון דער זאַך אויף יעדען פאַל פאַרבאָרגען אין דעם לעצטען סוד פון דעם לעבען בכלל.

די דאָזיגע גן-עדן-לאַגע איז אָבער שוין ביי אונזערע אור-קעמערלעך געשטערט געוואָרען דערמיט, וואָס געוויסע איינקעמערלדיגע האָבען אָנגעהויבען אָפּשפּאַלטען נור אַ קליינעם טייל פון זייער קערפּער צום צוועק פון דער פרוכפּערונג, און דאָס גרעסערע שטיק האָט זיך מער אין די ווייטערדיגע ליבע-געשעענישען (אין די צונויפגיסונגען און ווייטערדיגע טיילונגען) נישט בעטייליגט. איך האָב דיר פריער געזאָגט, אַז שוין אין דעם פאַל איז עס ביי די איינקעמערלדיגע געוועזען אַ מין פּרימיטיווע אַרבייטס-טיילונג. די דאָזיגע אַרבייטס-טיילונג האָט דורכגעפירט דעם גרויסען אונטערשיד צווישען דער אונשטערבליכקייט פון די ליבע-טיילעכלעך און דער איינפאַכער צייטווייליגער אינדיווידועלער עקזיסטענץ פון דעם איבערגעבליבענעם גרויסען עלטערליכען שטיק. דער דאָזיגער פערבליבענער עלטערליכער טייל האָט אונבעדינגט שפּעטער געמוזט אומקומען פון דער האַנט פון דעם אינערליכען טויט. פאַר דער בעקוועמער אַרבייטס-טיילונג האָבען שוין די אור-קעמערלעך בעצאָלט דערמיט, וואָס נור איין שטיק פון דעם קעמערל איז געבליבען אונשטערבליך, דעם אַנדערן דאַגעגען האָט אונבעדינגט געמוזט טרעפען דער טויט. און איצט זעסטו, ווי די זעלבע לאַגע געווינט אַן׳אונגעהויערע בעדייטונג פאַר דעם גאַנצען ווייטערדיגען לעבען נאָך דעם, ווי זי שטעלט זיך איין ביי די ערשטע סאָציאַלע פערבאַנדען פון קעמערלעך, וועלכע פירען איין ביי זיך די אַרבייטסטיילונג אויך אין דעם זעלבען פונקט, דהיינו

פריִער איז ביי דעם שטאָף=ווערקסעל, דורך דער ערנערונג און
דער אָפּוואַרפונג, נישט נור צורייקגעשטעלט געוואָרען כסדר
דער שטענדיגער באַשטאַנד פון קערפּער. עס איז אויך פאָרגע=
קומען אַ געוויס פּאָזיטיווע פּערמערונג: דער אינדיווידוּאום איז
געוואַקסען. און עס זעט אויס, אַז עפּעס אַן'אַלטער געזעץ פון
לעבען ערלויבט דעם אינדיווידוּאום צו וואַקסען נור ביז צו
אַ געוויסער מאָס. אויף אַ געוויסער הויך מוז דער אויפגאַ=
וואַקסענער קערפּער אָדער זיך פונאַנדערפאַלען אויף צוויי אינ=
דיווידואַליטעטען, אָדער די מאַשין הויבט=אָן צו גיין שלעכט,
די אַרבעטענדיגע קרעפטען ווערען אָפּגעשוואַכט, דער לעבענס=
פּראָצעס דעגענערירט און שטעלט זיך, ענדליך, אָפּ. עס ווייזט
דעריבער אויס, אַז די פרוכפּערונג דורך צושפּאַלטונג איז אָנ=
געווענדעט געוואָרען דורך די אור=בעזעפּעניסען נור אַלס
אַן'איינפאַך שוץ=מיטעל געגען דעם דאָזיגען פאַטאַלען אויסגאַנג.
ביי די ערשטע איינקעמערלדיגע איז דאָס דאָזיגע שוץ=מיטעל
אָנגעווענדעט געוואָרען גאָר ראַדיקאַל. ווי נאָר די וואוקס פון
דעם קערפּער האָט דערגרייכט דעם קריטישען פּונקט, איז זיך
דער גאַנצער קערפּער צופאַלען (דערמאָן זיך אונזער קאַרליק=
מעשה'לע) אויף צוויי אָדער פיל שטיק, און יעדערס פון די
דאָזיגע שטיקער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ נייע אינדיווי=
דואַליטעט. דערמיט איז דער שפּיל אינגאַנצען ווידער געוואָ=
נען געוואָרען. די ליבע האָט אין דעם מאָמענט, ווען ס'האָט
געקאָנט אונטערקומען דער אינערליכער טויט, געשאַפען פון
דעם אַלטען לעבען, נייע לעבענס.

איך האָב דיר פריער אונזער קאַרליק=מעשה'לע אָנגעהויבען דערפון, אַז די דאָזיגע מעטאָדע איז שוין ביי די קאַר=
ליקלעך געווען אין פולען גאַנג. אפשר האָט טאַקע דאָס איינ=
קעמערלדיגע לעבען באַלד ביי זיין ענטשטייאונג שוין מיטגע=
בראַכט מיט זיך די דאָזיגע צוועקמעסיגע זעלבסט=רעגולירונג.
אָדער אפשר האָט די „פייע נוצליכקייט” ערשט ביסלעכווייז
דורכגעפירט די דאָזיגע מעטאָדע ביי די איינקעמערלדיגע.
אפשר זענען די קעמערלעך, וועלכע זענען כסדר געשאַפען

אונזער ערד פּערטרעטען געווען נור דורך די איינקעמערלדיגע
ברואימלעך, אויף יענעם עלטסטען אור־ברעג, איז אָן א ספק
אַ געוויסער טייל פון דעם דאָזיגען לעבען כסדר פערניכטעט
געוואָרען דורך געוואַלטזאַמע אויסערליכע שטערונגען. יעדער
שטורעם יעדע קלענסטע נאַטור־געשעעניש, יעדער גרעבערע
ענדערונג פון די ליכט; טעמפּעראַטור־פאַכקייט־פאַרהעלטעניסען
האָט זיכער צוקוועטשט, פערברענט, פערטרוקענט אונצעליגע
איינקעמערלדיגע. דאָס איז היינט אַזוי, דאָס איז זיכער תמיד
געווען אַזוי. אָבער אונצעליגע האָבען דאָך כסדר אויס־
געהאַלטען. די ליבע־קייט פון זייערע טייל־פּראָדוקטען האָט
זיך קיינמאָל נישט איבערגעריסען. אַנדערש וואָלטען מיר אינ־
גאַנצען נישט געהאַט דאָס העכערע לעבען אויף דער ערד,
וועלכעס האָט דאָך געמוזט אין די ערשטע טעג פון דער לע־
בענס־געשיכטע שטעקען אין אזעלכע איינקעמערלדיגע ברואים.
און די דאָזיגע ברואים׳לעך האָבען מיט אַלע זייערע רוחות
געקעמפט געגען דעם דאָזיגען צופאַל־טויט. אומערשעפליך זע־
נען די אופנים פון ווידערשטאַנד, וועלכע די דאָזיגע איינקע־
מערלדיגע קאָנען אַרויסווייזען. אונזער מעדיצין, וועלכע
שטרעבט צו פערניכטען געוויסע בייזע באַצילן, קאָן דערפון
מעשות דערציילן. מיר האָבען דאָ פריער גערעדט, למשל,
וועגען געוויסע באַקטעריעס, וועלכע קענען פערטראָגען אַנ׳־
אומגעהויערע קעלט.

און אויב זיי איז געלונגען זיך צו בעשיצען געגען אַזאַ
אויסערליכען געוואַלט־טויט, האָבען זיי, אַזוי לאַנג, ווי זייער
גאַנצער קערפּער האָט זיך צום צוועק פון דער ליבע געשפּאָל־
טען, נישט געהאַט קיין אינערליכע נויטווענדיגקייט פון
טויט. מיר זעען היינט, אַז דער דאָזיגער אינערליכער טויט
איז ביי אונז מענשען פאַרקניפּט מיט אַ געוויסער עלטער, וועל־
כע אַנ׳אינדיווידואום קאָן דערגרייכען. אַ צייט האַלט אונטער
דער מענטש זיין קערפּערליכען בעשטאַנד דורך דעם שטאָף־
וועקסעל, פּונקט אַזוי, ווי עס טוט דאָס אַ ברענענדיגער פלאַם.
ביסלעכוויז הויבט זיך אָבער אָן אַ מין זעלבסט־פאַרברענונג.

אַזוי לאַנג ווי אַלטע קעמערלעך פֿון אַזאַ קיל האָבן זיך נאָך אַליין געפֿרוכפּערט, האָבן אַלע געקאָנט בלייבן אומשטערבלעך. די וואָלוואָקסען לעבן נאָך היינט; זיי לעבן שוין, וואַרשיינלעך, מיליאָנען יאָרן. געוויסע גליקלעכע קייטן פֿון אַזעלכע טייל-פּראָדוקטן האָבן געקאָנט דורכלעבן די אַלע מיליאָנען יאָרן. אָבער זייט די אַרבייטס-טיילונג האָט אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל הונדערט קעמערלעך בעפֿרייט פֿון דער ליבע און איבערגעבן די דאָזיגע אַרבייט נור עטלעכע, איז פֿאַר די דאָזיגע בעפֿרייטע די אומשטערבלעכקייט מער נישט מעגלעך געווען. יענע אומשטערבלעכע ליבע-קעמערלעך האָבן אויך געקאָנט צוליב עפּעס אַן׳אומגליקלעכן צופֿאַל אומקומען; פֿאַר די קעמערלעך אָבער, וועלכע זענען בעפֿרייט געוואָרען פֿון דער ליבע, איז דער טויט מער נישט געווען קיין צופֿאַל: פֿאַר זיי איז ער אויפֿגעטרעטן אַלס דער לאָגישער גורל זייערער אַלס דער שניטער, וועלכער מוז זיי אַלעמען אומבריינגען, אַלס דער אומפֿערמיידלעכער פּועל-יוצא פֿון זייער גאַנצען סאָציאַלען לעבענס-קאָנטראַקט.

דאָס איז אַזוי אַרום אַן׳אויסערגעוויינלעך-וויכטיגער מאָמענט נישט נור פֿון דער געשיכטע פֿון ליבע-לעבען, נור פֿון דעם גאַנצען לעבען בכלל. טיפֿע פֿילאָזאָפֿישע פּראָבלעמען אַנטשטייען דאָ פֿאַר דיר, ווען דו באַטראַכטסט דאָס קליינע גריניע וואָלוואָקס-קיילעכל. די אַרבעטס-טיילונג ערשיינט נישט נור אַלס אַ גרויסע ענטוויקלונגס-סטאַדיע פֿון דער ליבע. נאָר עס ווייזט זיך אַרויס אַ בעזונדערע באַציאונג צווישען איר און דעם טויט.

דו דערמאָנסט זיך, וואָס מיר האָבן גערעדט וועגען דעם גרויסען געגענזאַץ צווישען דעם פּערזענלעכן טויט און דער אייביגער אומשטערבלעכקייט דורך דער ליבע. גאַנץ געוויס האָט דער טויט אין אַ געוויסען זין עקזיסטירט אויף אונזער פּלאַנעטע, זינט ס׳איז אויף איר געווען לעבען. און שוין אפֿילו דעמאָלט, ווען דאָס דאָזיגע גאַנצע לעבען איז אויף

ווי די סאָציאַלע קויל זאָל נישט זיין, ריין־מענליך אָדער ריין־ווייבליך, אָדער זי זאָל אין זיך פֿעראייניגען ביידע געשלעכטער, זעען מיר אַלענפֿאַלס ביי איר דאָס, וואָס מיר האָבען פֿריער בעטראַכט אַלס דעם אויסגאַנגס־פּונקט פֿאַר דער גאַנצער העכערער ענטוויקלונג פֿון די לעבעדיגע ברואים: מיר זעען ביי איר די ערשטע אַרבייטס־טיילונג. נישט אַלע קעמערלעך פּרוכפּערען זיך אַליין פֿאַר זיך, נור עטליכע אויסדערווייטע קעמערלעך טוען די דאָזיגע אַרבייט פֿאַר אַלע. די דאָזיגע אויסדערווייטע קעמערלעך בילדען די ספּעציעלע פּרוכפּערונגס־אָבטיילונג אין דער קויל, יאָ, מען קאָן שוין איצט אַפֿילו אין אַ שטאַרק בעגרעניצטען זין זאָגען: זיי בילדען דעם פּרוכפּערונגס־אָרגאַן פֿון דעם פֿיל־קעמערלדיגען אָרגאַניזם. זיי נעמען מער נישט קיין אנטייל אין די בעוועגונגען פֿון דער קויל, אין איר פֿרעסען, זיי בעהאַלטען זיך אין דעם אינעווייניגסטען הוילען חלל פֿון דער קויל און פֿערנעמען זיך דאָרט מיט זייער פּרוכפּערונגס־אַרבייט, ביז זיי רייסען ענדליך דורך די קויל, לאָזען זיך אַרויס דורך דעם ריס און פֿירען דורך די אייגענטליכע בעפֿרוכטיגונגס־אַרבייט.

נאָכדעם, ווי די דאָזיגע ליבעס־קעמערלעך האָבען אָבגעטון זייער אַרבייט, נאָכדעם, ווי זיי זענען אַרויס פֿון דער קויל דורך דעם דערמאָנטען שפּאַלט, זעסטו ווי די גאַנצע קויל ווערט מיט אַמאָל אַזוי ווי פֿערוועלקט, זי זינקט אַראָב צום דעק און שטאַרבט אָב. איר אייביגקייטס־ראָל אין זין פֿון דער אונשטערבליכקייט דורך דער ליבע ענדיגט זיך, נאַטירלעך אין דעם מאָמענט, ווען זי לאָזט אַרויס פֿון זיך די דאָזיגע ליבע־קעמערלעך. מיט דעם מאָמענט ענדיגט זיך דאָס אינדיווידועלע לעבען פֿון אַלע קעמערלעך: די ליבע־קעמערלעך פֿערענדיגען מיט דער שאַפֿונג פֿון נייע אינדיווידואומס, די אַנדערע קעמערלעך, וועלכע האָבען זייער ליבע־ראָל איבערגעגעבען די ערשטע קעמערלעך, פֿערענדיגען זייער אינדיווידועל לעבען בכלל. בעפֿרייט פֿון דער ליבע, הייסט אויך בעפֿרייט פֿון דער עקזיסטענץ!

ציאונגען; זיי האָבען נאָך געלעבט אין סאָציאַלען פערבאַנד און האָבען פּראָדוצירט דעם פּרוכפּערונגס-מאַטעריאַל, וועלכען זיי האָבען איבערגעגעבען פון קויל צו קויל.

עס זענען אָבער פערהאַן אויך געוויסע העכערע וואָלוואָצינעען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך ביידע געשלעכטער, ד. ה. אין איין קויל האַלטען זיך אויף קעמערלעך, וועלכע פּרוכפּערען זיך ווייבליך, און קעמערלעך, וועלכע פּרוכפּערען זיך מענליך. גראָד איין מין פון די אמת'ע וואָלוואָקסען ווייזט תמיד אַרויס די דאָזיגע אייגענשאַפט. דעריבער מוזען מיר אָננעמען, אַז אין די פריסטע צייטען פון דער ענטוויקלונג האָבען געקאָנט ענטשטיין אויך אַזעלכע סאָציאַלע פערבאַנדען, וועלכע האָבען אין זיך ענטהאַלטען מענליכע און ווייבליכע קעמערלעך. דו קענסט דיר פאָרשטעלען, אַז אַזעלכע קוילען זענען ענטשטאַנען אויף אַזאַ אופן: געוויסע איינצעלנע קעמערלעך האָבען געהאַט אַן'אייגענשאַפט זיך צו פּרוכפּערען אַמאָל מענליך און אַמאָל ווייבליך, און פון אַזעלכע קעמערלעך האָט לויט דער פריערדיגער מעטאָדע געקאָנט ענטשטיין אַזאַ קאָלאָניע. דו טאָרסט אָבער דערביי קיינמאָל נישט פערגעסען, אַז די מענליכע און די ווייבליכע פּרוכפּערונגס-פּראָדוקטען, וועלכע זענען ענטשטאַנען אין איין קויל, האָבען זיך בשום אופן נישט צוזאַמענגעגאָסען צווישען זיך, נור זיי האָבען צום צוועק פון דער פּרוכפּערונג אויפגעזוכט די פּראָדוקטען פון אַנדערע קוילען. דערצו האָט זיי געצוואונגען דאָס געזעץ געגען דער אינצוכט. דער פאַל איז זייער וויכטיג און דו מוזט אים געדענקען צוליב דעם, וואָס עס זענען פערהאַן פיל העכערע חיות און געוויקסען, וועלכע זענען אַזעלכע „הערמאפראָדיטען" (דאָס איז אַ גריכיש וואָרט, וואָס בעצייכענט אנדרוגינוס'ען, ד. ה. בריאים, וועלכע טראָגען ביידע געשלעכטער פעראייניגט אין איין קערפּער), און וועלכע מוזען זיך דאָך צום צוועק פון דער ליבע אויסזוכען אַ צווייטען הערמאפראדיט, כדי צוזאַמען מיט אים דורכצופירען די בעפרוכטיגונג, אויסמיידענדיג די אינצוכט. איך וועל זיך נאָך שפּעטער דערצו צוריקקערען. דערווייל נור דער פאַקט אַליין:

ביִז'ן פּראָפעסאָר שענק און נאָך פיִל אַנדערע). עס בלייבט דעריִבער נור דער פעסטגעשטעלטער פאַקט.

ווען איִך זאָג אָבער, אַז איִן דער קאָלאָניע האָבען די קעמערלעך צוויִשען זיִך בשום אופן ניִשט געהאַט קיין ליִבעסבעציִאונגען, דאַרף מען דערצו פערשטיין נאָך פאָלגענדעס. נאָך דעם, ווי די קעמערלעך האָבען זיִך אָנגעהויבען פּרוכטפּערען אויפ'ן געשלעכטליִכען אופן, האָבען זיי אָבער ניִשט איִנגאַנצען פערוואָרפען דעם סיִסטעם פון צושפּאַלטען זיך. קודם כל האָבען זיי זיִך דאָך געמוזט שפּאַלטען, כדי אַרויסצולאָזען פון זיִך די זוימען־קעמערלעך און די איי־קעמערלעך. און אַחוץ דעם זעען מיִר פיִל פאַלען, ווען דאָס אויסגעוואַקסענע קעמערל לאָזט ניִשט פון זיִך גלייך אַרויס קיין געשלעכטליכע מענליִכע זוימען־קעמערלעך אָדער ווייבליִכע איי־קעמערלעך, נור עס צושפּאַלט זיִך פריִער אויף צוויי נייע איינקעמערלדיִגע, און יעדערס פון די דאָזיִגע איינקעמערלדיִגע, פּרובּפּערט זיִך דאַן ווייטער אויפ'ן געשלעכטליִכען אופן. און עס טרעפט אויך אַז יעדערס פון די דאָזיִגע צוויי נייע איינקעמערלדיִגע, צושפּאַלט זיִך אויך נאָך פריִער, און ערשט דער נייער, דריִטער דער פּרובּפּערט זיִך אויפ'ן געשלעכטליִכען אופן. אויב דו וועסט דיִר דעמדאָזיִגען פערלויף פאָרשטעלען אַביִסעל ווייטער, וועסטו פערשטיין, אַז עס האָט געקאָנט אַמאָל אויף איין אָרט ענטשטיין אַ גרויסע קאָלאָניע ברודער־קעמערלעך, וועלכע האָבען געקאָנט דאַן ביִלדען די ערשטע סאָציאַלע קויל. און אויב דאָס ערשטע קעמערל, וועלכעס האָט געגעבען דעם אָנהויב דער דאָזיִגער קאָלאָניע איִז געווען לויט איִר נייגונג אַ ווייבליִכע, האָבען אַלע שוועסטער־קעמערלען פון דער גאַנצער קויל אויך געמוזט בלייבען ווייבליִכע. און אויך פערקערט. אזוי־אַרום זענען ענטשטאַנען שטרענג־איינהייטליִכע בריִדער־קוילען און שוועסטער־קוילען. און אויף אַזאַ אופן ווערט אונז דער פאַל „עאודאָריִנאַ“ נאָך זעלבסטפערשטענדליִכער. קיין איִנצוכט האָט דאָ ניִשט געקאָנט פאָרקומען. די שוועסטער אָדער די בריִדער פון איין קויל האָבען דאַך ניִשט געקאָנט צוויִשען זיִך קומען איִן געשלעכטליִכע בע

ליכען אופן. איך האָב דיר דאָרט דערציילט: די זאַך האָט זיך „איינגעאָרדענט גאַנץ געמיטליך". לויט געוויסע אומשטענדן, וועלכע זענען לויט דער צוועקמעסיגקייט געוועזן אַ מאָל אַזעלכע און אַ מאָל אַנדערע האָט זיך דערביי=ענטשטאַנענער קאַרליק געפּרוכפּערט אַמאָל אויף דעם, אַ מאָל אויף דעם אַנדערן אופן, און אויף אזאַ אופן איז תמיד געוועזן פּונקט אַזוי פיל מענליכער, ווי ווייבליכער נייער מאַטעריאַל. איך האָב זיך דאָרט נישט אַריינגעלאָזן ווייטער אין דעם, ווי אַזוי די דאָזיגע רעגולירונג איז דורכגעפירט געוואָרען. גענוג, אַז די „פּייע נוצליכקייט" האָט עס אַזוי איינגעאָרדענט, ווייל אַנדערש וואָלט די זאַך ווייטער נישט געקאָנט גיין. קיין בעזונדער יואונדער איז, נאַטירליך, דערצו נישט נויטיג געוועזן. עס האָט נור געמוזט ביי דער צוזאַמענשמעלצונג פון די כראָמאזאָמען=דינגען איבערוועגען אַ געוויסער גרונד, וועלכער האָט דאַן געצוואונגען די נייע בריאה זיך צו פּרוכפּערען אַזוי אָדער אַנדערש. ווען איך האָב ערקלערט דאָס קאַרליק=מעשה'לע אויפ'ן סמך פון דעם אמת'ן לעבען פון די איינקעמערלדיגע, האָב איך זיכער געדאַרפט אויך די דאָזיגע זאַך ערקלערען. נאָר איך האָב עס נישט געטון פּשוט דערפאַר, וואָס ביז'ן היינטיגען טאָג און ביז צו אונז מענשען איז אונז די דאָזיגע זאַך אַביסעל נישט קלאָר.

אונזער פאָרשונג ווייסט ביז היינט נישט, פאַרוואָס פון אַ בעפרוכטיגטען מענשליכען איי ענטשטייט אַ מאָל אַ מענליך און אַ מאָל אַ ווייבליך קינד. מיר ווייסען נור, אַז די זאַך איז אַזוי רעגולירט, אַז אין יעדען דור זענען דאָ כמעט פּונקט אַזוי פיל מענער ווי פרויען. וואָס פאַר אַ געזעץ עס רעגולירט די דאָזיגע פערהעלטעניש און ווי אַזוי דאָס דאָזיגע געזעץ ווירקט אויף דעם בעפרוכטיגטען איי, דאָס ווייסען מיר דערווייל נישט. מיר האָבען אייגענטליך אַפילו נישט וועגען דעם קיין היפּאָטעזע, איבער וועלכער ס'זאָל זיך לוינען צו דיסקוטירען (נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ס'איז געשריבען געוואָרען אַזוי פיל

אָדער נאָך ניִשט איִנגאַנצען דורכגעפיִרט, דעריִבער קאָנסטו בעטראַכטען ניִשט נור דעם פֿערענדיִגטען שריִט, נור אויך די בעזונדערע שטופען, וועלכע האָבען צו איִם געפיִרט.

אַזוי איִז פערהאַן אַ גרופּע וואָלוואָקסיִשע בעשעפעניִשען, וועלכע מען בעצייכענט מיִט דעם נאָמען פּאַנדאָריִנאַ: דאָס איִז אַ סאָציאַלע קויל פון זעכצען קעמערלעך, ביי וועלכער ס׳איִז נאָך אָבער ניִשטאָ קיין שפור פון וועלכער ס׳איִז אַר־בייטס־טיילונג בנוגע דער פּרופּפּערונג. כדי זיִך צופּרופּפּערען צושפּאַלט זיִך יעדער איינע פון די זעכצען קעמערלעך פאַר זיִך, און די טיילעכלעך גיִסען זיִך צונויף מיִט טיילעכלעך פון אַנדערע קוילען.

ביי אַ צווייטען קרוב׳ישען וואָלוואָציִנעע־מיִן, ביי דער עאודאָריִנאַ, וועלכע שטעלט מיִט זיִך פאָר אַ קויל פון עטליִכע דרייסיִג קעמערלעך, איִז די אַרבייטס־טיי־לונג אויך נאָך איִנגאַנצען ניִשט איינגעשטעלט. אָבער ביי איִר איִז שוין רעגוליִרט אַנ׳אַנדערע זאַך, וועלכע האָט אַ גרויסע בעדייטונג פאַר דער ווייטערדיִגער ענטוויִקלונג. יעדער קעמערל פון דער סאָציאַלער קויל פּראָדוציִרט נאָך דאָ זעלבסטשטענדיִג פּרופּפּערונגס־קעמערלעך, אָבער טייל גאַנצע קוילען פּראָדוציִרען שוין נור קליינע בעוועגליִכע מענליִכע קעמערלעך. די אַנדערע ווייטער גיִבען אַרויס פון זיִך נור וואַרטענדיִגע גרעסערע ווייבליִכע קעמערלעך. דאָס הייסט: טייל גאַנצע קוילען זענען שוין, אַזוי צו זאָגען, „מענליִכע״ און טייל „ווייבליִכע״.

כדי דיִר קלאָר צו מאַכען, ווי אַזוי די דאָזיִגע לעצטע רעגוליִרונג האָט געקאָנט צושטאַנד קומען, מוז איִך מיִט דיִר אַביִסעל צוריִקגיין. איִך האָב דיִר שוין פריִער איִן דער קאַרליִק־מעשה׳לע געזאָגט, אַז דער צונויפגעשמאָלצע־נער קאַרליִק (אָדער צונויפגעשמאָלצענע איינקעמערלדיִגע בריִאה), וועלכע איִז ענטשטאַנען פון דער צונויפגיִסונג פון אַ מענליִכען און אַ ווייבליִכען פאַרטנער, האָט זיִך שפּעטער אַליין געפּרופּפּערט אָדער אויפ׳ן מענליִכען אָדער אויפ׳ן ווייב־

פאַל געגעבען אַזעלכע גוטע רעזולטאַטען, פאַרוואָס זאָל מען זי ניט אָנווענדען אויך צו דעם צווייטען פאַל? עס וועט דאָך זיין אַ געוואַלטיגער געווינס פאַר דעם גאַנצען פערבאַנד, ווען ניין און ניינציג קעמערלעך וועלען אינגאַנצען אויפהערען פון זיך אָפצושפאַלטען שטיקלעך און וועלען די דאָזיגע גאַנצע אַר-בייט איבערגעבען איין קעמערל. אַ געווינס אין דעם זין, וואָס די דאָזיגע צושפאַלטונג אויף זוימען-אדער איי-קעמערלעך און דאָס צונויפגיסען זיך מיט אַנדערע איז דאָך אויך אַנ׳ארבייט. אַ געווינס אין דעם זין, ווי ס׳איז נאָך איצט ביי אונז דאָס, וואָס דאָס האַרץ, די לונגען, דער מאָגען קאָנען זיך מער אָדער וויינציגער רואיג טון זייער אַרבייט אין דער זעלבער צייט, ווען דער געשלעכטליכער אָרגאַן ענטוויקעלט די אינטענסיווסטע טע-טיגקייט.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז אָבער דאָס, וואָס דו קאָנסט נאָך היינט זען אין לעבען די ערשטע אָנהויבען פון דער דאָ-זיגער אַרבייטס-טיילונג אויפ׳ן געביט פון דער פרוכפערונג. דו זעסט עס גראָד ביי דער וואָלוואָקס-קויל, וועגען וועלכער מיר רעדען דאָ.

איך האָב דיר פריער דעם דאָזיגען וואָלוואָקס אָנגערופען נור אַלס אַ ביישפיל פון דעם ערשטען סאָציאַלען פערבאַנד בכלל. די אַרבייטס-טיילונג בנוגע דעם פרעסען זעסטו נאָך אינגאַנצען ניט ביי דעם דאָזיגען מין ברואים: קיין שום וואָלוואָקס איז נאָך ניט קיין גאסטרעא. אָבער ביי די וואָל-וואָקסען איז שוין איינגעשטעלט איינע, אַ זייער וויכטיגע אַר-בייטס-טיילונג. און דאָס איז טאַקע די אַרבייטס-טיילונג בנוגע דער ליבע: די אויסבילדונג פון אַ בעזונדערער גרופע קעמער-לעך, וועלכע דאַרפען דינען פאַר דער פרוכפערונג פון דער גאַנ-צער געזעלשאַפט. מען זעט דאָ, אַז די אַרבייטס-טיילונג בנוגע דער ליבע איז געשיכטליך פריער דורכגעפירט געוואָרען, ווי די אַרבייטס-טיילונג בנוגע דעם פרעסען. און אַזוי ווי דו געפינסט נאָך פערשידענע וואָלוואָקסישע ברואים, ביי וועלכע אפילו די ערשטע אַרבייטס-טיילונג איז נאָך אינגאַנצען ניט דורכגעפירט

אַנ׳אָפּטיילונג פון קעמערלעך, וועלכע דאַרף לויט דער איינגעשטעלטער אַרבייטס־טיילונג פּראָדוציִרען פאַר אַלע אַנדערע די זוימען־קעמערלעך, פונקט אַזוי ווי די געדערים־אָפּטיילונג פּערדייעט פאַר אַלעמען, די געהיִרען־אָפּטיילונג אָריענטיִרט זיִך פאַר אַלעמען, די רוקענמאַרך־און פיִס־אָפּטיילונג פון קערפּער גייען פאַר אַלע און אַזוי ווייטער. און אַזוי איִז אויך ביי דער פּרוי מיִט איִרע אייער־אָרגאַנען.

דער דאָזיִגער נייער „סאָציאַלער“ פאַקטאָר מאַכט די גאַנצע געשיִכטע אַביִסעל קאָמפּליִציִרטער. אָבער בעזונדער האָט די לאָגיִק פאַר דעם „ליִבע־עק“ געמוזט זיין די זעלבע, ווי זי איִז געווען איִן דעם פריִערדיִגען ביישפּיִל פאַר דעם „פרעס־עק“.

מיִר האָבען פריִער געזאָגט: דער וועג צום מענשליִכען מאָגען איִז ניִשט געגאַנגען דיִרעקט פון דער איינקעמערלדיִגער בריאה, וועלכע האָט זיִך איִן איִר קערפּער געשאַפען אַ מאָגען; זיין ענטוויִקלונג האָט זיִך אָנגעהויבען דערפון, וואָס אַ וואָלוואָקס־ענליִכער פערבאַנד פון קעמערלעך האָט בעשטיִמט אַ געוויִסען טייל חברים פון דעם פערבאַנד פאַר „פרעסער“ און האָט אַזוי אַרום געשאַפען איִן פערבאַנד אַ פיִלקעמערלדיִגען בשותּפות׳דיִגען מאָגען. אַזאַ בשותּפות׳דיִגער מאָגען איִן דעם פיִלקעמערלדיִגען קערפּער איִז נאָך ביִז איִצט אונזער מאָגען.

און איִצט מיִט דער ליִבע איִז געשען פונקט דאָס זעלבע: אַזאַ וואָלוואָקסיִשער פערבאַנד האָט געמוזט ביי דער אַרבייטס־טיילונג אויסוויילען אַ ריי חברים אַלס „פּרוכפּערער“, וועלכע האָבען געדאַרפט די דאָזיִגע אַרבייט טון פאַר אַלע,— און אַזוי איִז עס געקומען צו אונזער פּרוכפּערונגס־אָרגאַן איִן דעם מענשליִכען פיִלקעמערלדיִגען פערבאַנד.

און באמת: פאַרוואָס זאָל דאָס, וואָס ס׳איִז געשען ביים פרעסען, ניִשט קאָנען געשען אויך ביי דער ליִבע. יעדער קעמערל פון פערבאַנד האָט פריִער געפיִלט די בעדערפעניִש צו פרעסען און אָפּצוואַרפען פונקט אַזוי שטאַרק, ווי די פליִכט אָפּצושפּאָלטען פון זיִך אַ טיילעכעל צום צוועק פון דער פּרוכפּערונג. און אַז די אַרבייטס־טייליִנג האָט איִן דעם ערשטען

עס איז אייגענטליך אַ זייער איינפֿאַכע זאַך. פֿיל איינפֿאַכער, ווי די נשמה=פֿראַגען. און אין תּוך ווידער נור אַ קאָנסעקווענץ.

איך האָב דיר די אור=געשיכטע פֿון דער ליבע שוין אַזוי ווייט דערציילט, אַז דו האָסט געזען: די איינקעמערלדיקע האָבען אויפֿגעהערט ביי דער פֿרוכפּערונג צו שפּאַלטען דעם גאַנצען קערפּער אויף צוויי גלייכע טייל, זיי האָבען דערצו בענוצט נור איין עק פֿון זייער קערפּער, וועלכען זיי האָבען בעשטימט אַלס פֿרוכפּערונגס=עק. דערמיט האָבען זיי איינגעשטעלט גראָד בנוגע דער ליבע די ע ר ש ט ע אַרבעטס=טיילונג: נישט דער גאַנצער מענליכער קערפּער צופֿאַלט זיך אויף זוימען=קעמערלעך, נאָר עס טוט דאָס פֿאַר דעם גאַנצען קערפּער איין עק פֿון דעם דאָזיגען קערפּער. מיר האָבען דאָס פֿערגליכען מיט דער העכערער חיה, מיט דיר אַליין, און האָבען געזען, אַז ביי דיר האָט זיך פֿון דעם דאָזיגען רעזערווירטען פֿרוכפּערונגס=עק ענטוויקעלט ביים מאַן און דער פֿרוי דער „פֿרוכפּערונגס=אָרגאַן“.

דערווייל זענען מיר איצט געקומען צום שכל, אַז דיין אָרגאַניזם האָט זיך נישט דירעקט ענטוויקעלט פֿון דעם איינקעמערלדיגען אור=בעשעפעניש, נור אַז דו שטעלסט מיט דיר פֿאָר אַ ריזיגען סאָציאַלען פֿערבאַנד פֿון אַזעלכע איינקעמערלדיגע. אין דעם דאָזיגען פֿערבאַנד איז יעדער אָרגאַן אויך נור אַ געוויסער קנויל פֿון קעמערלעך, וועלכע זענען פֿערבונדען מיט די אַנדערע אויפ'ן סמך פֿון דער אַרבייטס=טיילונג. דאָס הייסט, אויך דיין געשלעכטליכער אָרגאַן. דיין מענליכער אָרגאַן, וועלכער פּראָדוצירט דעם זוימען, איז שוין נישט קיין רעזערווירטער עק אין אַנ'איינקעמערלדיגען קערפּער, נור ער איז אַ בעזונדערע אָפּטיילונג אין אַ גרויסען פֿערבאַנד פֿון קעמערלעך,

דורכצוטראַכטען. מיר טאָרען נישט צו טיף אַריין אין דער דאָזיגער זאַך, ווייל אַנדערש פערלירען מיר גאָר אין דעם גע־ווימעל פון פראַגען אונזער גאָלדענעם פאָדעם, די ליבע. דע־ריבער: אָנשטאָט אַוועקצולאָזען זיך אויף דעם נשמה׳דיגען גע־בען־וועג, וואו דער אָנגעוואָקסענער טויזענט־יאָריגער געדאַנקען־מאָך פערדעמפט דיינע טריט און פערשלינגט דיין שפור, ביז דו פערלירסט זיך גאָר אין דעם סודות׳פולען גרינעם צויבער־וואַלד פון מערלין... שטעל דיר די פראַגע: וואָס איז געוואָ־רען מיט דער ליבעס־ענטוויקלונג נאָכדעם, ווי ס׳זענען ענט־שטאַנען די סאָציאַלע פערבאַנדען פון די קעמערלעך מיט דער אַרבייטס־טיילונג?

גלייך זיי וואָלטען „געמיינזאַם געטראַכט", „געמיינזאַם געוואָלט". אָבער דו קענסט זאָגען: איז עס דען אַנדערש, ווי ביי אַ קאמפּאַניע סאָלדאַטען, וועלכע מאַרשירען אין געמיינזאַמען טאַקט? יאָ, עס מוז זיכער זיין עפּעס אַנדערש, עס מוז זיין עפּעס העכערס. די קערפּערליכע בעריִרונג און צונויפקייטלונג פון די קעמערלעך, וועלכע האָט געבראַכט דערצו, אַז דער לעבענסזאַפט האָט געקאָנט פריי אַריבערפליסען פון איין קעמערל אין דעם אַנדערען, האָט ביסלעכווייז געמוזט דערפירען צו אַזאַ מין צונויפגיטונג פון די נשמות (איצט, נאַטירליך, בילדליך גערעדט), וועגען וועלכער די סאָציאַלע פערבאַנדען פון מענשען צווישען זיך גיבען דיר גאָר קיין בילד נישט. און דער רעזולטאַט איז געווען (שוין נישט רעדענדיג וועגען דער אַרבייטס=טיילונג, וועלכע האָט ענדליך ביי די העכערע חיות געשאַפען אַ בעזונדערען „נשמה=אָרגאַן" אין די געהירן, פונקט ווי זי האָט פריער געשאַפען אַ בעזונדערען פרעס=אָרגאַן אין מאָגען), אַז דער גאַנצער פערבאַנד פון די קעמערלעך האָט ענדליך בעקומען אַנ'איינהייטליכען „איך"=בעוואוסטזיין: דעם זעלבען „איך"=בעוואוסטזיין, וועלכען דו פילסט, אַלס אינדיווידואום, אין זיך. ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען... ווי אַזוי מיליאָנען נשמה'דיגע „איכ'ס" האָבען זיך פעראייניגט אין אַ מין געהיימניספולער נשמה=בעהעפטונג, ביז ס'איז, ענדליך, געבוירען געוואָרען אַ נייער „איבער=איך", וועלכער האָט אין זיך ווידער אַרומגענומען אַלס איינהייט דעם אינהאַלט פון די אַלע מיליאָנען... דאָס איז דאָס אייגענאַרטיגסטע, דאָס, וואָס ס'איז נאָך ביז איצט אַ רעטעניש. יעדע פילאָזאָפיע, וועלכע אינטערעסירט זיך בעזונדער מיט דער דאָזיגער נשמה'דיגער זייט פון דער וועלט=ענטוויקלונג, מוז אויף דעם אָרט זיך טיף פערטראַכטען. אונז וואָלט דאָ דאָס דאָזיגע פערטראַכטען זיך אַוועקגעפירט אין דער אונענדליכקייט פון די שווערסטע פראַגען. עס וואָלט אונז אַוועקגעטראָגען אויף גייסטיגע מייל=וועגען, פונקט ווי מיר זענען פריער אויף קערפּערליכע אַוועק. אפשר וואָלסטו דיר דאָ דאָ דאָזיגע אָרט אָנגעמערקט מיט אַ רויטען שטריך, כדי עס שפּעטער ביי אַ געלעגענהייט

קאָנען מיר זיך פאָרשטעלען, אַז זיי זענען קערפּערליך געוואָרען אַ העכערע איינהייט. אָבער ווען מיר ווילען זיך עס פאָרשטעלען גייסטיג, נעמה׳דיג?

יעדעס איינצעלן קעמערל האָט אין אָנהויב זיכער געהאַט איר קליינע אינדיווידועלע „נשמה“, איר „קעמערל־נשמה“. נאָך היינט האָט יעדע באַצילע, יעדע אַמעבע, יעדע אינפוזאָריע איר אייגען נשמה׳לע. דו מעגסט דיר ווידער פאָרשטעלען דעם בעגריף „נשמה“ ווי דו ווילסט: אַלענפאַלס אַ נשמה האָבען אַלע. און דאָס איז דאָך גאָרנישט קיין וואונדער, פערקערט, עס איז גאַנץ זעלבסטפערשטענדליך. יעדע איינקעמערלדיגע בריאה פילט, זי אָריענטירט זיך אויף אַן׳איינפאַכען אופן אין אַלעם, וואָס רינגעלט זי אַרום; זי שטעלט־פאָר מיט זיך אין איר געפילעבען פונקט אַזאַ איינהייט, ווי זי איז אין קערפּערליכען זין. דאָס און נישט מער האָט דאָ צו זאָגען דער בעגריף „נשמה“, אָבער אויך נישט ווייניגער. אַז אַ „נשמה“ זאָל זיך קאָנען האַלטען אין אַ קעמערל, דאַרף דיך בעזונדער גאָרנישט וואונדערען, ווייל אין דיר אַליין האַלט זי זיך אויך נור אין קעמערלעך, אין געוועהנליכע קעמערלעך. דיינע קלוגע מענשליכע געהירען בעשטייען אויך נישט פון עפּעס אַנדערש, ווי פון געוועהנליכע לעבעדיגע קעמערלעך.

דאָס מערקווירדיגע בעשטייט אָבער אָט אין וואָס. אַזעלכע איינקעמערלדיגע שטעלען צונויף אַ וואַלוואָקס־קויל. אין אָנהויב האַלט זיך יעדער בעזונדער קעמערל אין דער קויל זיין בעזונדערע עקזיסטענץ, ד. ה. אויך זיין בעזונדערע „נשמה“. אָבער באַלד זעסטו שוין אַן׳אָנהויב פון אַ נשמה׳דיגער צונויפמישונג, אַזוי צו זאָגען, פונקט אַזוי ווי דער קערפּערליכער פערבאַנד טרייבט צו אַ געוויסער ענגערער קערפּערליכער פעראייניגונג, צו דער בילדונג פון אַ העכערער קערפּערליכער איינהייט. דו זעסט, אַז דער גאַנצער קנויל קעמערלעך ווערט אַזוי צו זאָגען, „בעגייסטערט“ דורך איין ציל, אַלע טויזענטער קעמערלעך בעוועגען די קויל אין איין ריכטונג, גלייך ווי אין אַלע טויזענטער נשמה׳לעך וואָלט געהערשט אַ געמיינזאַמע אָריענטירונג.

בעווייזען, אַז דער מענש האָט זיך ענטוויקעלט דירעקט פון אַן׳אינפוזאָריע, וועלכע האָט זיך אין איר איינקעמערלדיגען קערפּער געשאַפען אַ מויל. אָבער אומזיסט. קיינמאָל וואָלט דיר נישט געלונגען צו בעווייזען דעם צוזאַמענהאַנג צווישען אַזאַ אינפוזאָריע און דעם מענש, ווען זי זאָל אין זיך האָבען ענט־וויקעלט אַפילו הונדערט אָרגאַנען. עס ווייזט אַפילו אויס, אַז דער סאָציאַלער פערבאַנד פון פיל קעמערלעך האָט געלעמט און אָוועקגערוקט אין אַ זייט די ווייטערדיקע אינדיווידועלע ענטוויקלונג פון די איינקעמערלדיגע. נישט פון דער אינפוזאָ־ריע אַלס אַזעלכער איז ענטשטאַנען דאָס גאַנצע העכערע לע־בען אויף דער ערד מיט דעם מענש אין דער שפּיץ. דאָס העכערע לעבען האָט זיך אויפגעבויט אויף דער אינפוזאָ־ריעס־מלוכה, אויף דעם סאָציאַלען פערבאַנד פון פיל אינ־פוזאָריעס, פון וועלכען ס׳זענען ביסלעכווייז ענטשטאַנען די העכערע אינדיווידואומס.

פון די סאָציאַלע פערבאַנדען פון פיל אינדיווי־דואומס זענען ענטשטאַנען נייע איינהייטליכע אינדיווי־דואומס. דאָס איז אַ טיפער וואונדערליכער פּראָצעס, וועל־כער איז ווערט טיף דורכגעטראַכט צו ווערען.

דו ביסט אַן׳אינדיווידואום, אַ „איך“, נישט אַזוי? דו ביסט פאַר דיר אַפילו דער ביישפּיל, די אור־פאָרם פון דעם אינדי־ווידואום איבערהויפּט. און דאָך ביסטו ענטשטאַנען דערפון, וואָס פיל מיליאָנען קליינינקע איינקעמערלדיגע אינדיווידואומס האָבען זיך פעראייניגט אין איין סאָציאַלען פערבאַנד אַזוי ענג, אַז דער דאָזיגער פערבאַנד ערשיינט פאַר דיר ווידער ווי איין „איך“, ווי איין אינדיווידואום.

די זאַך איז בעזונדער מערקווירדיג פון נשמה־שטאַנד־פונקט. שטעל דיר פאָר! פופציג קעמערלעך, לאָמיר זאָגען, שליסען צווישען זיך אַזאַ סאָציאַלען פערבאַנד. זיי דאַרפען זיך דערצו נישט צונויפגיסען; זיי לאָזען נור אַ פרייען דורכגאַנג פון איין קעמערל אין דעם אַנדערען, וועלכער זאָל לאָזען פליסען דעם דערנערענדיגען זאַפט דורך אַלע קעמערלעך. אַזוי

וועלכעס בעשטייט פון אַ מויל, הויט און געדערים. אין ערשט דאַן הויבט זיך עס אָן ווייטער צו קאָמפּליצירען, ביז עס שאַפט זיך דאָס גרויסע הויז: דער וואָרים אָדער דער ים־שטערען. די ווייטערדיגע ענטוויקלונג זעט מען נישט אַזוי דייטליך. אָבער דער אויסגאַנגס־פּונקט פון יעדער ווייטערדיגער ענטוויקלונג איז תמיד דער דאָזיגער אור־צושטאַנד מיט די צוויי שיכטען קעמערלעך. און אַזוי גייט עס ביז צו דיר אַליין. דער גאַנצער העכערער ענטוויקלונגס־שטאַם האָט געמוזט געשיכטליך דורכמאַכען, דורכלעבען די דאָזיגע הויט־מאָגען־פאָרם.

העקעל, ווען דער דאָזיגער געדאַנק איז צום ערשטען איינגעפאַלען, האָט די דאָזיגע ענטוויקלונגס־פאָרם אַ נאָמען געגעבען „גאַסטרעא". פון דעם גריכישען וואָרט גאַסטער, דער מאָגען. די אור־מאָגען־חיה. פּונקט ווי עס לעבען נאָך היינט וואָלוואָקסען און ענליכע היה'שדיגע פערבאַנדען פון קעמערלעך, אַלס לעבעדיגע איבערבלייבעכצען פון דער דאָזיגער היסטאָרישער ענטוויקלונגס־שטופע, אַזוי בעהויפּטען טייל נאַטור־פאָרשער, אַז געוויסע לעבעדיגע בעשעפעניששען שטעלען מיט זיך נאָך היינט פאָר פערבליבענע גאַסטרעאַפאָרמען; אַנדערע נאַטור־פאָרשער זענען מיט זיי נישט מסכים. אָבער עס איז איבגאַנצען קיין ספק נישט, אַז אין אָנהויב פון דעם היסטאָרישען ענטוויקלונגס־וועג האָבען די שפּעטערדיגע העכערע לעבענס־פאָרמען דורכגעמאַכט די דאָזיגע גאַסטרעאשטופע. פּונקט אַזוי, ווידער וואָרים און דער ראַק און דער אינזעקט, די מושעל־בריאה און דער טינטענפיש, דער פיש און די זשאַבע און דער פויגעל, דאָס נאָדעל־חיה'לע, און דאָס פערד און די מאַלפּע, אַזוי שטאַמסט דו אויך פון אַן אור־גאַסטרעאַ, פון אַן ערשטען פערבאַנד פון קעמערלעך, וועלכער האָט אָנגעהויבען דורכצופירען די אַרבייטס־טיילונג צווישען די בעוועג־קעמערלעך און פרעס־קעמערלעך, צווישען דער הויט און די געדערים...

בעמערקסטו איצט דעם אונטערשיד? דעם ריזיגען אונטערשיד? דיר האָט זיך געדוכט, אַז דו ביסט אויף אַ וועג צו

פון דער קויל בעשטייט פון צוויי שיכטען קעמערלעך: די פרי־פרדיגע און די, וועלכע זענען ביסלעכווייז פון דעם פאל אריינגעקנייטשט געוואָרען. די קעמערלעך פון דער אויסערליכער וואַנט שווימען, די קעמערלעך פון דער אינערליכער פרעסען. אָנשטאָט דער איינפאַכער פריערדיגער סאָציאַלער קויל בעקומט זיך אַ פערבאַנד פון קעמערלעך מיט דער ערשטער אַרבייטס־טיילונג בנוגע דעם פרעסען און בעוועגען. דאָס לאָך איז שוין פאַקטיש אַ מויל; גלייכצייטיג איז עס נאָך אָבער אויך דער אונטערשטער אַרויסגאַנג, וועלכער וואַרפט אַרויס די אונפער־דייעטע אָפּפאַלעכצען. די אויסערליכע וואַנט איז אַ הויט מיט בעוועגונגס־אָרגאַנען. די אינערליכע וואַנט איז אַ מאָגען און געדערים. פון דער דאָזיגער בריאה ביז צו דיר איז שוין אַ פיל קלענערער שריט. דאָ איז שוין די אַרבייטס־טיילונג אין פולען גאַנג. אַ מויל, הויט, געדערים—פונקט ווי ביי דיר. דאָס איז שוין נישט קיין פשוט׳ער קנויל פון קעמערלעך: דאָס זענען שוין, אַזוי צו זאָגען, צוויי פעראייניגטע צימערען, פון וועלכע איינס איז אַנ׳אויסגעשפראָכען עס־צימער און עס האָט אַ טיר עס איז שוין אַ הויז, וואָס בויט זיך, אַ קליין, פרימיטיוו הייזעל, אָבער צווישען דיר און אים בעשטייט שוין דער אונטערשיד נאָר אין דעם, וואָס דו ביסט מער קאָמפּליצירט, ווי דאָס.

אַלע העכערע „חיה׳שדיגע הייזער“; דער הונט־און די דער רעגען־וואָרים, דער ים־שטערן: אַלע האָבען זייער גאַנצע קאָמפּליקאַציע פון זאַלען, קאַבינעטען, באַלקאָנען און לוקסוס־שטובען ענטוויקעלט פון יענעם ערשטען הייזעל, אין וועלכען די אַרבייטס־טיילונג האָט זיך אָנגעהויבען. נאָך היינט זעט מען ביי פיל חיות, ווען זיי ענטוויקלען זיך אינדיווידועל פון אַ בעפרוכטיגטען איי, ווי זיי מאַכען דורך דעם צושטאַנד פון דעם ערשטען איינפאַכסטען הייזעל. פון דעם בעפרוכטיגטען איי־קע־מערל שטעלט זיך פריער אויף אַ הוילער קנויל פון קעמערלעך, וועלכער דערמאָנט אינגאַנצען דעם וואָלוואָקס. אין דעם דאָזיגען קנויל הויבט זיך אָן אַריינצוקנייטשען אַ גרוב, ביז עס ווערט דערגרייכט די פאָרם פון דעם דערמאָנטען „איינפאַכען הייזעל“.

שטעלען, אַז, פערקערט, דער הינטערשטער עק האָט געקאָנט פאָרשטעלען מיט זיך אַ גוט אָרט צום פרעסען, ווייל די שווימ־הערלעך יאָגען דאָך כסדר אַוועק מיט זייערע בעוועגונגען די אַקייגענקומענדיגע שפייז צום הינטערשטען עק פון דער קויל, און אַ חוץ דעם איז דאָך דער דאָזיגער עק מער בעשיצט, ווי דער פאָדערשטער. דאָס קאָנסטו דיר פאָרשטעלען, ווי דו ווילסט. אַלענפאַלס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז נור איין עק פון דער קויל האָט געטויגט צום פרעסען. דער רוים אין דעם דאָזיגען עק פון דער קויל איז אָבער געווען שטאַרק בעגרע־נעצט. אַז די קויל איז געוואַקסען, האָט דער דאָזיגער פרעסענ־דיגער פונקט געמוזט פערגרעסערט ווערען. ווי אַזוי אָבער? שטעל דיר פאָר אַנ׳ערד־קוגעל. אויף דעם נאָרד־פאָל זאָל גיין אַ רעגען פון געבראָטענע טויבען, און נור די עטליכע מענשען, וועלכע געפינען זיך דירעקט אויפ׳ן פאָל, קאָנען זיי כאַפּען. פערפעלט זיי דערצו הענט, גייען די טויבען פערלוירען. וואָס וואָלטען קלוגע קעפּ אויפגעטון, כדי צו פערגרעסערען די צאָל הענט אויף דעם דאָזיגען בעגרענעצטען שטיקעל ערד? זיי וואָלטען אויסגעגראָבען אַ גרוב, אין דעם גרוב אַוועקגעשטעלט אַ לייטער, און מענשען וואָלטען זיך אויפגעשטעלט אויף דער לייטער איינער איבער דעם אַנדערען און וואָלטען געכאַפּט די טויבען. מען וואָלט זיך געקאָנט בעגיין אויך אָן אַ גרוב, אָבער די לייטער, וועלכע מען וואָלט אויפגעשטעלט אַרויף, וואָלט נישט געקאָנט אויסהאַלטען די לאסט פון די מענשען. אַ גרוב איז בכלל זיכערער. און אַזוי האָבען אויך געטון די פרעס־קעמערלעך אויפ׳ן פּאָל פון זייער קויל. זיי האָבען זיך אַריינגעקנייטשט, געבילדעט אַ גריבעל, דאַן אַ לאָך; די ווענט און די דעק פון דעם לאָך האָבען זיי אָבער געדיכט בעזעצט. צוזאַמען מיט דעם וואַסער דרינגען אַריין די שפייז־טיילעכלעך אין דעם לאָך. דאָרט ווערען זיי אונגעשטערט איבערגעאַרבעט. וואָס קומט אַרויס דערפון?

פון דער קויל ווערט אַ בעכער. די קויל בעקומט אינע־ווייניג אַ לאָך, וועלכעס עפענט זיך ווי אַ מויל, און די וואַנט

בעשיצט דערפאַר די הילפלאָזע בלאַט־לויז. ראַקעס לעבען אַזוי צוזאַמען מיט חיות, וועלכע שטייען געוואַלטיג נידעריגער פון זיי: מיט פאָליפען (ים־רויזען). און עס זענען פערהאַן חיות, וועלכע לעבען אַזוי מיט צמחים. און נאָך מער: אויך ביי צמחים זעט מען שוין אַזעלכע פערבאַנדען. געוויסע שוואָמען לעבען אַזוי ענג פערקניפּט מיט געוויסע וואַסער־געוויקסען, אַז די באָטאַניקער האָבען אַ לאַנגע צייט דעמדאָזיגען פערבאַנד געהאַלטען פאַר אַנ'איינהייטליך געוויקס, וועלכעס איז האַלב שוואָם און האַלב וואַסער־געוויקס. און האָבען אים אַ נאָמען געגעבען „פלעכטען־געוויקס". אַזעלכע פערבאַנדען רופט מען וויסענשאַפטליך „סימביאָזען". דאָס וואָרט בעדייט: צוזאַמענלעבען, אָדער גענויער: בשותּפות'דיג לעבען, וואָס האַלט זיך אויף געגענזייטיגער הילף. דעם דאָזיגען בעגריף געפינסטו שוין אין יעדען בעסערען שול־ביכעל פון נאַטור־געשיכטע. שוואָמען און וואַסער־געוויקסען זענען אָבער גאָר די נידעריגסטע צמחים, און דאָס, וואָס מיר זעען ביי זיי, דאַרף אונז גאָרנישט פערוואונדערען אויך ביי די אמת'ע איינקעמערלדיגע. און דעריבער: ווער עס וועט דיר זאָגען, אַז דער בעגריף „אַרבייטס־טיילונג" איז דאָ אַנ'„אַנטראָפּאָמאָרפיסטישער", אַ פערמענשליכטער, דעם זאָלסטו אָבשיקען זיך לערנען דעם אַלף־בית פון דער מאָדערנער נאַטור־געשיכטע, און אַליין פאָלג ווייטער נאָך דעם טעקסט.

באַלד איז צו דער ערשטער אַרבייטס־טיילונג צוגעקומען נאָך די פאָלגענדע זעלבסטפערשטענדליכע זאַך.

אַז די קויל האָט זיך אַלץ בעוועגט מיט איין עק פאָרויס, האָט דער דאָזיגער פאָדערשטער עק, ד. ה. די קעמערלעך, וועלכע האָבען זיך אין דעם דאָזיגען עק געפונען, בעקומען דעם גרעסטען טייל פון דער אַקייגענקומענדיגער שפּייז. אין דעם דאָזיגען עק האָט זיך דעריבער איינגעאָרדענט אַ פעסטער שטאַם פון אויסגעשפּראָכענע פרעס־קעמערלעך אין דעם פריערדיגען זין. זיי האָבען פערזאָרגט די גאַנצע קויל מיט דערנערענדיגען זאַפט, און די אַנדערע האָבען זיי צוליב דעם אַלגעמיינעם נוצען כסדר בעוועגט פאָרויס. מען קאָן זיך אויך פאָר־

גונג אַלץ נייע און נייע שפּײַז, וועלכע וואָלט דאָך אָן זייער בעוועגונג פאַר אים פערלוירען געגאַנגען. און דערפון קאָן זיך דאָך אָנהייבען די אייגענטליכע אַרבייטס-טיילונג.

לאָמיר זאָגען איינפאַך אַזוי: פון פינף קעמערלעך נעמט אויף זיך איינס, זאָל זיין דאָס מיטעלסטע, צו דערנערען זיך און די פיר אַרומיגע, און דערפאַר ווערט עס אינטענסיוו בע-וועגט דורך די אַנדערע קעמערלעך. דאָס ערשטע קעמערל דאַרף נור פרעסען און דערויף קאָנצענטרירען זיין גאַנצע קראַפט. די אַנדערע ווייטער דאַרפען נור בעוועגען און דערויף אָנווענ-דען זייערע אַלע פעאיגקייטען. דער נוצען פאַר אַלע איז גע-וואַלטיג גרויס. אין דעם דאָזיגען איינפאַכסטען פון אַלע ביי-שפּילען זעסטו זיכער דעם קערן פון דער גאַנצער ווייטערדי-גער ענטוויקלונג, וועלכע האָט זיך געצויגען פון דער וואָלוואָקס-קויל ביז צום מענש.

אָפט דוכט זיך דיר, אַז אין דעם דאָזיגען געדאַנקענגאַנג קלינגען די ווערטער: אַרבייטס-טיילונג, געגענזייטיגע הילף, סאָ-ציאַלער פערבאַנד צו מענשליך? אָבער גראָד דאָ זענען די דאָ-זיגע ווערטער געבראַוכט נישט ווי אַ בילד, נישט ווי אַ פער-גלייך פאַר דער קלאָרקייט וועגען. זי דאָזיגע בעגריפען זענען נישט קיין ספּעציעל מענשליכע אויפטועכצען, זיי גילטען שוין ביי ברואים, וועלכע שטייען פיל נידעריגער, ווי דער מענש: ביי חיות און ביי געוויקסען. דו קאָנסט חיות, וועלכע לעבען אין סאָציאַלע פערבאַנדען: דערמאָן זיך אָן די קאָלאָסאַלע מלו-כות פון די מילבען, פון די בינען. דו זעסט דאָרט די ווייט-גייענדיגסטע געגענזייטיגע הילף, דו האָסט דאָרט די ראַפינירַ-סטע אַרבייטס-טיילונג. די בינען-קעניגין פרוכפערט זיך פאַר אַלע און זי ווערט דערנעבער דורך אַלע אַנדערע בירגער פון דער בינען-מלוכה געשפּייזט. מיר וועלען וועגען דעם נאָך רעדען. עס ענדיגט זיך אָבער נישט דערמיט. געוויסע מילבען לעבען אין אַ מין פערבאַנד מיט פיל נידעריגערע אינזעקטען, מיט די בלאַט-לייז: די בלאַט-לויז גיט דער מילב איר צוקער-זיסע אורין, וועלכע איז ביי די מילבען אַ נאַשעריי, און די מילב

וועלכער דרייט און בעוועגט די גאַנצע קויל. דאָס איז, פאַר־שטייט זיך, נאָך נישט קיין אַרבייטס־טיילונג, עס איז נור די ערשטע סאָציאַלע האַנדלונג. אָבער קוים איז די דאָזיגע בשותפות'דיגע אַרבייט איינגעשטעלט, מוז זי שוין פון זיך אַליין פירען ווייטער צו דער ערשטער אַרבייטס־טיילונג.

אַלע קעמערלעך פון דער קויל פרעסען אין אָנהויב יעדע פאַר זיך. אָבער אַזוי ווי די קעמעלעך ליגען פעסט צו־נויפגעפרעסט איינס מיט דעם אַנדערען, אָדער אפילו צונויפ־געקייטעלט מיט דער הילף פון בעזונדערע הערעלעך, וועלכע קאָנען פריי דורכלאָזען פליסיגקייטען, קאָן זיך דאָך זייער לייכט מאַכען, אַז דער איבערגעאַרבייטער זאַפט זאָל אַריבער־פליסען פון אַ קעמערל, וועלכעס האָט גראָד עפּעס אויפגע־פרעסען און פערדייעט, אין די אַרומיגע קעמערלעך, וועלכע פרעסען נישט. דאָס איז נאָך אַלץ נישט מער ווי אַנ'איינפאַכע קאָנסעקווענץ פון דעם סאָציאַלען לעבען. דאָס קאָן אָבער ביי געוויסע אומשטענדען ברענגען פיל נוצען די קעמערלעך, וואָס פרעסען גראָד נישט. איצט אָבער ווייטער אַ נאַטירליכע זאַך: די קעמערלעך, וועלכע פרעסען און פערדייען יאָ, מוזען זיין אין זייערע בעוועגונגען פוילער, ווי די אַנדערע, זיי בע־וועגען צייטווייליג שוואַך און טיילמאָל אפילו אינגאַנצען נישט זייערע שווים־הערעלעך. און זיי דאַרפען עס גאָרנישט. ווייל ווידער אַנ'איינפאַכע קאָנסעקווענץ פון דעם סאָציאַלען פער־באַנד: די אַנדערע קעמערלעך אַרום זיי, וועלכע צאַפּלען און רודערען לעבהאַפט מיט זייערע שווים־הערעלעך, טראָגען דאָך זיי אויך מיט זיך.

דו בעמערקסט! דאָ מערקט זיך שוין אָן אַ געגענזייטיגער נוצען: איין קעמערל פרעסט פאַר די אַרומיגע, דערפאַר אָבער בעוועגען עס די אַרומיגע אַזוי לאַנג, ווי עס פרעסט פאַר זיי. דאָס שווימען פאַראויס ברענגט אָבער כסדר נייע שפּייז; דעריבער ווערט דאָס פרעסענדיגע קעמערל ווייניג וואָס אָן: עס פערלירט אַביסעל דערנערענדיגען זאַפט לטובת די שכנים, דערפאַר ליפערען זיי איבער צו דורך זייער בעווע־

אין אַלע אַנדערע קעמערלעך, וועלכע פֿערנעמען זיך נישט דירעקט מיט דעם פּרעסען: אין די זע־קעמערלעך, הער־קעמערלעך, בעוועגונגס־קעמערלעך א. אַז. וו. די דאָזיגע אַלע פֿערשידענע גרופּען קעמערלעך פֿון דעם מענשליכען לייב ווערען אונדירעקט געשפּייזט און געשטאַרקט דורך די קעמערלעך פֿון די געדערים. די קעמערלעך פֿון די געדערים פּרעסען פֿאַר אַלע.

די דאָזיגע וואונדערליכע אַרבייטס־טיילונג קאָנסטו, נאַטירליך, ביי דער אַמעבע אָדער ביי דער באַצילע נאָך נישט זען, ווייל דו האָסט דאָך דאָ פֿאַר זיך נור איין איינציג קעמערל, וועלכעס בילדעט דעם גאַנצען קערפּער און מוז דעריבער אויך אַלץ פֿאַר דעם דאָזיגען קערפּער אַליין טון: פּרעסען, אָטעמען, פֿילען א. אַז. וו. אָבער אויך ביי דער וואָל־וואקס־קויל זוכסטו אומזיסט סימנים פֿון דער דאָזיגער הערליכער אַרבייטס־טיילונג (מיט איין איינציגען אויסנאַם, וועגען וועלכען מיר וועלען באַלד רעדען). דאָ האָסטו שוין אַ סאָציאַלען פֿערבאַנד. אָבער יעדער קעמערל פֿון דעם דאָזיגען פֿערבאַנד פּרעסט נאָך פֿאַר זיך; עס איז נאָך נישט געשאַפֿען קיין „געדערים” אין זין פֿון אַ גרופּע קעמערלעך, וועלכע זאָלען אַלס אויסגעטיילטער אָרגאַן פּרעסען פֿאַר דער גאַנצער קויל. די דאָזיגע פֿערוויקעלטע אַרבייטס־טיילונג האָט זיך באַשיינפּערליך ערשט שפּעטער ענטוויקעלט אויפֿ׳ן וועג צווישען די וואָלוואקס־ענליכע קוילען און דיר.

און אַז דו טראַכסט זיך אַריין ווערט דיר דער דאָזיגער ענטוויקלונגס־גאַנג אויסערגעוויינליך קלאָר, כמעט זעלבסטפֿערשטענדליך. טראַכט נור דורך איין ביישפּיל. דעם ביישפּיל פֿון פּרעסען.

עטליכע טויזענט קעמערלעך נעמען זיך צוזאַמען, בילדען אַ סאָציאַלען פֿערבאַנד און שטעלען אויף אַ שווימענדיגע קויל. יעדערס פֿון די דאָזיגע קעמערלעך האָט אַ דין צאַפּעלדיג הערעלע, מיט דער הילף פֿון וועלכען עס פֿלעגט פֿריער אַלס איינצעלנע בריאה שווימען אין וואַסער. איצט שווימען אַלע צוזאַמען, און זיי געוואוינען זיך צו צו אַ געוויסען טאַקט,

ליד. דיין קערפּער איז אַ ראַפינירט-איינגעאָרדענט „הויז“. אין
דעם דאָזיגען הויז בילדען די קעמערלעך, פּונקט אַזוי ווי די
ציגעל פון אַ מאָדערנער גרויסשטעטישער געביידע, באַזונדער
„צימערען“ פאַר פערשידענע בעדערפעניששען: זיי בילדען
אַ גאַנצע מאַסע אָרגאַנען, געדערים, אין וועלכע די שפּייז
ווערט פערדייעט, לונגען, אין וועלכע דאָס בלוט ווערט גערייני-
ניגט און בערייכערט, געהירן, וועלכע פירען מיט אַלעמען אָן.
און עס איז פערהאַן אַ זייער איינפאַך וואָרט, וואָס לעזט דאָס
גאַנצע רעטעניש פון דער דאָזיגער ראַפינירטער איינאָרדנונג
פון די העכערע קערפּער-געביידעס.

צו דעם וואָרט „סאָציאַל“ קומט צו דאָס צווייטע גוטע
וואָרט: די אַרבייטס-טיילונג.

די מיריאַדען-קעמערלעך, וועלכע שטעלען צונויף דיין מענש-
ליכען קערפּער, בילדען נישט נור אַ סאָציאַלען פערבאַנד,
נור עס איז אויך צווישען זיי איינגעשטעלט אַן אויסערגעווענ-
ליך קלוגע און גליקליכע אַרבייט-טיילונג. פון די מיריאַדען
קעמערלעך, וועלכע בילדען דיין קערפּער, זענען נור אַזוי פיל
און אַזוי פיל באַשעפטיגט מיט דעם פרעסען: זיי שטעלען
צונויף דיינע ערנערונגס-אָרגאַנען, צ. ב. די געדערים. אַזוי
פיל און אַזוי פיל ווייטער הערען נור: זיי בילדען דיינע
שמיעה-אָרגאַנען ביז צו די געהירען. אַזוי פיל און אַזוי פיל
באַשעפטיגען זיך נור מיט זעען: זיי בילדען דיין זע-אַפּאַ-
ראַט, וועלכער ציט זיך אויך פון דעם אויסערליכען אויג ביז
די געהירען. און אַזוי ווי אָבער אַלע איינצעלנע
קעמערלעך און אַלע איינצעלנע אָרגאַנען, וועלכע בעשטייען
פון די דאָזיגע קעמערלעך, געפינען זיך אין אַן ענגען סאָציאַ-
לען פערבאַנד צווישען זיך, דערפאַר דינט די אַרבייט פון
יעדער באַזונדערער גרופּע-קעמערלעך אַלע אַנדערע: אַז די קע-
מערלעך פון די געדערים זויגען אַריין אין זיך דעם ערנערענ-
דיגען זאַפט, שטראָמט דער דאָזיגער זאַפט באַלד אַריבער אויך

אויפצושטעלן געביידעס פון אַ העכערן מין: פריער קליינע מויערלעך, שפעטער הייזעלעך, נאָך שפעטער פּאַלאַצן און ענדליך הויכע טורעמס, פון וועלכע דער גייסט פון דעם **מענש** קוקט צום שטערן־הימעל...

די דאָזיגע וואָלוואקס־קויל שטייט אפילו נענטער (לויט דעם ווי זי שפּייזט זיך) צו געוויקסען, ווי צו חיות. פון איר האָט זיך דירעקט געקאָנט ענטוויקלען נישט דער מענש, נור גאָר די שפּעטערדיגע צמחים־וועלט. אָבער אויך דער שוואַר־צער קיפּאַריס, וועלכען דו זעסט דאָ קייגען דיר, איז אויך אַזאַ געוואַלטיגער טורים פון פיל מיליאָנען קעמערלעך. און אַ חוץ דעם האָבען מיר גענומען דעם וואָלוואקס נור אַלס אַ צופעליגען ביישפּיל. עס זענען פאַרהאַן אַזעלכע פערבאַנדען פון קעמערלעך אויך ביי די אינפוזאָריעס, ד. ה. ביי די איינקעמערלדיגע, פון וועלכע ס'האָט זיך דירעקט ענטוויקעלט די חיות־וועלט, צ. ב. די מאַגאָספּעכאַ אָדער די נאָרווע־גישע פלימער־קויל, וועלכע העקעל האָט בעשריבען: דאָס איז אַ פערבאַנד פון עטליכע דרייסיק ביז זעכציק באַרגע־פאָר־מיגע קעמערלעך, וועלכע בילדען צוזאַמען איין קויל און גיי־סען זיך דערביי נישט אינגאַנצען צונויף.

איצט אָבער קוק דיך נור ווידער גוט צו צו דעם, וואָס איך ווייז דיר. דו זעסט די אַמעבע אָדער וועלכע ס'איז אַנ־דערע איינקעמערלדיגע בריאה, זעסט די וואָלוואקס־קויל און דו בעטראַכסט דיך אַליין. אין וואָס בעשטייט דער אונטערשיד צווישען אייך אַלעמען? צי בלויז אין דעם, וואָס די אמעבע איז נור איין איזאָלירטער לעבעדיגער ציגעל, די וואָלוואקס־קויל—אַ פערבאַנד פון עטליכע טויזענט אַזעלכע ציגעל, וועלכע בילדען צוזאַמען אַ שווימענדיגע קויל, און דו אַליין — אַ ריזיגע געביידע פון מיריאַדען־ציגעל? ווידער ניין.

דערמאָן זיך, וואָס איך האָב דיר שוין פריער דערציילט. איך האָב דיר געזאָגט, אַז דיין מענשליכער קערפּער איז, פּונקט אַזוי ווי דער קערפּער פון אַ הונט אָדער פון אַ רעגענוואָרים, נישט בלויז אַ קאָלאָסאַלער פערפלאָנטערטער קנויל פון קעמער־

זיעם דאָזיגען מיטעל פון דער ליבע נישט צוליב ליבע-צוועקען. זיי האָבען זיך נישט געוואָלט צונויפגיסען. זיי האָבען זיך בלויז צוגעדריקט איינס צום אַנדערען, זיי האָבען אויסגעצויגען איינס צום אַנדערען דינע פעדעמלעך, וועלכע האָבען פערקניפּט זייערע קערפּערס, אָבער נישט מער.

פאַר דער דאָזיגער בעגרענעצונג אין איין הינזיכט האָבען זיי אָבער בעצאָלט דערמיט, וואָס זיי האָבען זיך פעראייניגט נישט נור צו צוויי, נור צו צען, הונדערט, טויזענט, יאָ אפילו ביז צו צוועלף טויזענט, ווי מען זעט עס אין דעם געוועגליכען וואָלוואָקס-קיילעכעל. דער געוועגליכער ליבעס-פעראַנד איז אַן'אומבעגרענעצט אינערליכער, ער נעמט אָבער אַרום נישט מער, ווי צוויי ברואים; די וואָלוואָקס-בעשעפעניש האָבען בעשאַפען אַ מער אויסערליכען פערבאַנד, דערפאַר האָבען זיי אָבער געגעבען די מעגליכקייט טויזענטער ברואים צוצושטיין צו דעם דאָזיגען פערבאַנד.

בעטראַכט אָבער ווידער דיך אַליין. דו אַלס מענש, צו וועמען ביסטו מער ענליך לויט דיין קערפּער-געבוי: צו אַן'איינקעטיגע דינקער אור-בריאָה, אָדער צו אַ וואָלוואָקס-קויל? דערמאָן זיך, וואָס מיר האָבען געלערנט וועגען דעם פיל-קעמערל'דיגען געבוי פון דיין קערפּער; וואָס איז אַן'איינקעמערל'דיגע איינצעלנע בריאה, אַן'איינצעלנע אַמעבע אָדער אַן'איינצעלנע באַצילע? איין קעמערל, דאָ הייסט: איין לעבעדיגער ציגעל. וואס ביסטו? אַ פערבאַנד פון מיליאַרדען קעמערלעך, דאָס הייסט: אַ ריזיג הויז פון אונציילבע אַזעלכע ציגעל. און וואָס איז די וואָלוואָקס-קויל? אַ פערבאַנד פון עטליכע טויזענט קעמערלעך, דאָס הייסט: אַ קליין הייזעלע פון עטליכע טויזענט ציגעל, וועלכע זענען גאַנץ שוואַך צוגעקלעבט איינער צום אַנדערן. וואָס קאָן זיין קלאָרער? די וואָלוואָקס-קויל ווייזט מיר דעם וועג, וועלכער האָט געפירט פון דעם איינקעמערלדיגען אור-בעשעפעניש צו דיר. דער דאָזיגער וועג האָט געפירט דורך דעם סאָציאַלען פערבאַנד פון פיל קעמערלעך, פון פיל לעבעדיגע ציגעל, וועלכע האָבען זיך צוזאַמענגענומען, כדי

איך האָב אין סוף פון דער קאַרליק־מעשה׳לע דיר שוין אָנגעוויזען אויפ׳ן סאָציאַלען מאָמענט. דאָס, וואָס דער קאַרליק (אָדער דאָס אור־בעשעפעניש) האָט נישט באַלד אָפּגעלאָזען זיינע זוימען־קעמערלעך אָדער די איי־קעמערלעך פון זיך, נור ער האָט צוזאַמען מיט זיי אַביסעל געוואַנדערט, איז שוין פּאַקטיש געווען אַ גאַנץ איינפאַכער סאָציאַלער אַקט. אַזעלכע און העכערע סאָציאַלע אַקטען זענען שוין אָבער אין יענער צייט, ווען די אור־קעמערלעך זענען געקומען צו דער דאָזיגער העכסטער שטופע פון זייער ליבע־לעבען, געווען אין אַלגעמיין אין גאַנג אין דער דאָזיגער אור־וועלט; און זיי האָבען באַלד געוואונען אַ געוואַלטיגע בעדייטונג אין דעם לעבען פון די אור־קעמערלעך. מיר האָבען זיך שוין פריער אָנגעשטויסען צופעליג אויף אַזאַ סאָציאַלען פערבאַנד פון די אור־ברואימלעך, בעטראַכטענדיג דאָס לעבען פון די היינטיגע איינקעמערלדיגע אויף דער ערד. דאָס איז געווען די וואָלוואָקס־קויל. וואָס זעען מיר ביי דער דאָזיגער קויל?

עטליכע טויזענט קליינינקע איינקעמערלדיגע, וועלכע לאָזען זיך נאָך גוט דערקענען אַלס בעזונדערע אינדיווידואומס, בילדען צוזאַמען דורך אַ געוויסען שוואַכען פערבאַנד איין פערהעלטנישמעסיג גרויסע גרינע קויל, וועלכע שווימט אין וואַסער, לעבהאַפטיג בעוועגט, ווי איין גאַנצער אָרגאַניזם. פערשטייט גוט: דאָס איז נישט קיין ליבע־אַקט פון עטליכע טויזענט איינקעמערלדיגע, וועלכע ווילען זיך „צונויפגיסען“ אין שאַפען איין גרויסע איינהייטליכע קויל. עס זעט אפילו אויס, אַז דאָס האָט די ליבע געלערנט די וואָלוואָקס־ברואימ׳לעך זיך האַלטען צוזאַמען. זיי האָבען פערשטאַנען דעם פּרינציפּ, וועלכען די ליבע האָט מיט זיי גוט איינגעחזר׳ט: אַז אין צווייען מאַכט מען תמיד בעסער ווי אַליין. אָבער דאָסמאָל האָבען זיי זיך גענומען צו

ווילעגדיג, זוכט מען ביי העכערע אינפוזאָריעס צווישען דער קעל און דעם אונטערשטען אַרויסגעצויגענעם רערעל אָדער אַ בלעזעל, וואָס זאָל שוין פערטרעטען דעם מאָגען און די געדערים. און אַז מען ווערט דאָס געפינען, פאַרוואָס זאָל מען זיך נישט קאָנען פאָרשטעלען, אַז אין דעם איינקעמערלדיגען קערפער קאָנען אויסגעבילדעט ווערען נייע אָרגאַנען, אַז ס'קאָן דורכגעפירט ווערען אַ ווייטערדיגע „אַרבייטס-טיילונג" צווישען די בעזונדערע טיילעכלעך פון קערפער פונקט אַזוי ווי ס'איז שוין געמאַכט געוואָרען מיט דעם טיילעכעל, וואָס איז אָבגעגעבען געוואָרען פאַר דער פּרוֹכּפּערונג ... און דאַן אַ גלייכער וועג פון דער אינפוזאָריע ביז אַרויף צום מענש?

ניין. די אמת'ע ענטוויקלונג פון דער אור-בריאה ביז צום מענש און בכלל ביז צו דעם העכערען אָרגאַניזם איז געגאַנגען נישט אויף דעם דאָזיגען איינפאַכען, נאָר אויף אַ פיל קאָמפּליצירטערען וועג. און דאָס טאָרען מיר דאָ נישט לאָזען אונבעמערקט, ווייל אַנדערש וועט זיך אין אונזער לאָגישען פאָדעם פון דער לעבענס-געשיכטע מאַכען אַ שווערער קנופּ אָדער גאָר אַ ריס.

די אָרגאַן-התחלות ביי די סיפאָנעען און אינפוזאָריעס זענען געבליבען פרובען, וועלכע זענען ווייטער נישט ענטוויקעלט געוואָרען נאָך לאַנג איידער זיי האָבען זיך בעוויזען און זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען, האָט זיך אָנגעמערקט אַ נייער, זיכערער וועג פאַר דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג, — אַ וועג, וועלכען נור איין וואָרט קאָן ריכטיג בעצייכענען: דאָס וואָרט „סאָציאַל".

אַנ׳אַמעבע? האָט אַ מאָגען און געדערים, אַזוי ווי מיר? גאָר בעהיט! ער פרעסט אין בוכשטעבליכען זין מיט דעם גאַנצען קערפּער און וואַרפט אָב דאָס אונטויגליכע צום געברויך אויך מיט דעם גאַנצען קערפּער. אַז דו שפּייזט אַנ׳אַמעבע מיט אַ קערענדל שפּייז, וואָס האָט אַ געוויסע פאַרב, זעסטו, ווי דאָס דאָזיגע קערענדל קאָן אַריין אין דעם ווייכען לייב פון דער אַמעבע אין יעדען אָרט, און ווי די אַמעבע קאָן אין יעדען אָרט פון איר קערפּערל אַרויסוואַרפען אַנ׳אונטויגליך פערבליבען שטיקעלע אַלס עקסקרעמענט. פּונקט אַזוי איז מיט דעם לופט-פּרעסען, מיט דעם אָטמען, פּונקט אַזוי איז מיט דעם פילען, און דו האָסט דאָס זעלבע געזען אויך ביי דער צונויפשפּאַלטונג און ביי דער צונויפגיסונג, ביי דער ליבע הייסט עס, ווי די דאָזיגע אַמעבעלעך ליבען זיך אין בוכשטעבליכסטען זין פון וואָרט „מיט דעם גאַנצען קערפּער“ (ווייל אין דער ליבעס-טעטיגקייט בעטייליגט זיך אויך דער קערן, וועלכער נעמט דאָך נישט קיין אנטייל אין אַלע איבעריגע האַנדלונגען פון דער אַמעבע).

נישט אַזוי איז אָבער ביי יענער העכערער אינפוזאָריע. איינקעמערלדיג איז זי פּונקט אַזוי, ווי די אַמעבע. אָבער קוק זיך נאָר איין, ווי זי פרעסט און פערדייעט. דו בעמערקסט ביי איר אויפ׳ן ערשטען בליק אַ שטענדיגע אמת׳ע מויל-עפענונג, אין וועלכער זי נעמט אַריין די האַרטע און די פליסיגע שפּייז. דאָס דאָזיגע „קעמערל-מויל“ פירט מערסטענטיילס אַריין אין אַ קורצען קאַנאַל, אַ קעל, וואו ס׳געפינען זיך אָפט אַזעלכע שטעקעלעך, וועלכע קאָנען אפשר שפּילען די ראָל פון ציין. אָפטמאָל האָט דאָס מויל שוין ליפּען און אפילו אַ לאַנג צינגעל צום זויגען. און מען זעט אָפט אויך אַ געגענזעצליכע עפענונג, אַנ׳אונטערשטען אַרויסגאַנג פון דעם קעמערל. נישט מער דער מאָגען פעלט נאָך. צווישען דער קעל און דעם אונטערשטען אַרויסגאַנג געפינט זיך די שפּייז דירעקט אין דער אָפענער קערפּער-מאַסע. אָבער דו זעסט, ווי די שפּייז ווערט דאָרט אַרומגענומען דורך אַ טראָפּען וואַסער, ווי זי ווערט בעוועגט, ווי זי ווערט בעהאַנדעלט פּונקט ווי אין אַ מאָגען, און נישט

היה „מענש״. און עס דוכט זיִך, אַז דא הויבט זיִך אָן פאַר דעם בליִק פונאַנדערוויִקלען אַ פּערספּעקטיִוו.

דיִ איינקעמערלדיִגע בריאה הויבט=אָן ענליִך צו ווערען צום מענש: זיִ האט שוין ניִשט נאר דאס זעלבע לעבען, וואס ער, נאָר אויך דעם זעלבען אונענדליִך=וויִכטיִגען אָרגאַן. וואָס פעלט איִהר נאָך, כדי איִנגאנצען צו ווערען מענש? דיִ גרויס. קאָן זיִ אויפוואקסען און דערגרייכען דיִ נויטיִגע גרויס. עס זענען פערהאַן נאָך היינט אַזעלכע איינקעמערלדיִגע ברואים, וועלכע זענען גאָרניִשט מיִקראָסקאָפּיִש קליין; עס זענען פערהאַן געוויִסע איינקעמערלדיִגע אַזוי=גערופענע ס י פ אָ נ ע ן, וועלכע דערגרייכען א מעטער די לענג. וואָס נאָך? אַ גאַנצע ריי אנדערע אָרגאַנען. דער מאָגען און דיִ געדעריִם, דיִ געהיִרן און דער חוט השדרה, דיִ לונגען, דאָס האַרץ, דיִ אָדערן און נאָך און נאָך. אבער פאַרוואָס זאָל זיִ ניִשט קאָנען בעקומען אויך דיִ דאָזיִגע אָרגאַנען, נאָכדעם, וויִ זיִ האָט שוין איינמאל אַזאַ וויִכטיִגען בעקומען? עס זענען פערהאַן איינקעמערלדיִגע אור=געוויִקסען און איינקעמערלדיִגע אור=חיה'לעך (איִנפוזאָריעס), ד. ה. אמת'ע, הגם פערהעלטניִסמעסיִג הויך=ענטוויִקעלטע איינקעמערלדיִגע, וועלכע האָבען שוין איִן זייער איינקעמערלדיִגען קערפּער התחלות פון פערשיִדענע אַנדערע אָרגאַנען. ביי געוויִסע מינים פון דיִ נור וואָס דערמאָנטע וואַסער=אור=געוויִקסען, ביי דיִ סיִפאָנעען, ענטוויִקעלט איִן זיִך דאָס ריִזיִגע קעמערל אַ גאַנצע ריי בעזונדערע טיילען, וועלכע דערמאָנען איִנגאַנצען אָן דיִ אָרגאַנען פון הויך=ענטוויִקעלטע וואַסער=געוויִקסען: אונטערערדיִשע וואָרצלען און איִבער=ערדיִשע גריִנע צווייגען מיִט צונג=פאָרמיִגע אויסגעשניִצטע בלעטער. און איינִיגע אַזעלכע סיִפאָנעען ווייזען אויך אַרויס אַ העכסט=ענטוויִקעלטע געשלעכטליִכע פרוכפערונג. נאך איִנטערעסאַנטער איִז אָבער דאָס, וואָס ס'ווייזען דיִר דיִ איִנפוזאָריעס, דיִ איינקעמערלדיִגע אור=חיה'לעך.

מיִר האָבען פריִער פיִל גערעדט וועגען דעם פּרעסען און אָבוואַרפען ביי דיִ איינקעמערלדיִגע. אָבער וויִ אַזוי טוט דאָס אַזאַ איינקעמערלדיִגער חברה=מאַן, וויִ אַ באַציִלע אָדער

דאָזיגער אָרגאַן פֿערגעניט זיך ביים מענטשן פֿונקט מיט דער זעלבער אַרבייט, ווי דאָס דערמאָנטע קליינע טייל׳עכל פֿון קעמערל־קערפּער: ער גיט אַרויס מענטשלעכע קעמערלעך און ווייבלעכע קעמערלעך. אָבער דערביי האָט ער נאָך אַנדערע נוצלעכע אויפגאַבן. צום ביישפּיל, ער גיט די מעגלעכקייט דעם מענטשלעכן קעמערל צוצוקומען צום ווייבלעכן: ער איז ניט נור אַן אינערלעכער רעזערוואַר פֿון די פֿרוכפּערונגס־קעמערלעך, וועלכע דאַרפֿן זיך באַלד אָבשפּאַלטן, נור ער פֿונקציאָנירט אויך אויסערלעך אַלס מענטשלעכער אָדער ווייבלעכער בעהעפֿטונגס(פֿרוכפּערונגס)־אָרגאַן פֿון יעדן אינדיווידואום. און אַזוי ווייטער. אייגנטלעך איז דאָס אויך ניט קיין בייעס, און אַלס איינפֿאַכע קאָנסעקווענץ קאָנסטו עס דאָ ווייטער צוגעבן צו אונזער מעשה׳לע. מיר האָבן זיך דאָך, אַלץ איינס, פֿאָרגעשטעלט אונזערע רומפּעלשטילצלעך אין מענטשלעכן געשטאַלט; וואָס קאָן אונז דאַן אַרן, אַז מיר וועלן פֿאַרענדיגן דאָס מעשה׳לע אַזוי: ביידע רומפּעלשטילצלעך, דאָס מענטשלעכע און דאָס ווייבלעכע, האָבן ענדלעך בעקומען אמת׳דיגע אינערלעכע און אויסערלעכע געשלעכטלעכע אָרגאַנען פֿונקט אַזעלכע, ווי מיר זען ביים מענטש. אָבער אַז מיר וועלן דאָס איבערטראָגן אויף די איינקעמערלדיגע, אויף די אמת׳ע אור־בּרואים׳לעך... יאָ, דאָ קומען מיר צו אַ קריטישן פֿונקט.

וואָס קאָן זיין איינפֿאַכער? נאָכדעם ווי די איינקעמערלדיגע בּרואים האָבן זיך איינמאָל איינגעטיילט אויף מענער און פֿרויען, האָבן זיי בעקומען בעשטימטע געשלעכטלעכע אָרגאַנען מיט אינערלעכע זוימען־און אייער־רעזערוואַרען און אויסערלעכע געשלעכטלעכע אַפּאַראַטן, וועלכע האָבן געדאַרפֿט איבערטראָגן די זוימען צו די אייערלעך. און אַז די דאָזיגע אָרגאַנען זענען „ענטוויקעלט" געוואָרן, איז די איינקעמערלדיגע אור־בּריאה אין דעם פֿונקט פֿון דער געשלעכטלעכער פֿרוכפּערונג גייען שוין אינגאַנצן גלייך צו דער שפּעטסטער גייסט־בּריאה פֿון דער ערד, צו דער הויך־ענטוויקעלטער איבער־

דאָס דאָזיגע שטיקעלע בעשטייט ביים מאַן פון אַ גאַנצען געזימעל קליינע בעוועגליכע קעמערלעך: די זוימען־חיה׳לעך. און ביי דער פרוי בעשטייט עס פון איין גרויסען רואיגען קעמערל, וועלכעס בעוועגט זיך פּאַמעליך צו דער הויבמוטער: דאָס איז דאָס איי־קעמערל. דער מאַן און די פרוי ווייסען, אַז זיי טאָרען נישט אַרויסלאָזען זייערע אָבגעשפּאָלטענע פּראָדוקטען, כדי זיי זאָלען זיך אַליין אויפזוכען איינע די אַנדערע. ביידע גרויסע עלטערן־מענשען מוזען זיך דערצו ספּעציעל דערנענטערען איינער צום אַנדערען: זיי קומען זיך צוזאַמען, פירען זיך אויף אַזוי, ווי זיי וואָלטען גאָר געוואָלט צונויפגיסען זייערע גרויסע קערפּערס, אַזוי ווי ס׳האָבען אַמאָל, אַמאָל געטון זייער אור־אור־עלטערען; זיי טוען דאָס אָבער נישט, נור גיבען בלויז די געלעגענהייט איינעם פון די מענליכע זוימען־קעמערלעך צו דערגרייכען דאָס ווייבליכע איי־קעמערל און דאָרט אינעווייניג באמת דורכצופירען די צונויפגיסונג; ביידע קעמערלעך גיבען ביי דער צונויפגיסונג איינס דעם אַנדערען, אַזוי צו זאָגען, די „לעבעדיגע שפּייז”, וועלכע איז זיי נויטיג כדי צו קאָנען אויפבליען אַ נייע לעבעדיגע בריאה.

איז דאָך שוין דאָ גאָרנישט דאָ קיין אונטערשיד? הייסט עס, די לעצטע שטופּע פון אונזער קאַרליק־מעשה׳לע איז אין דעם פּונקט פון דעם ליבע־לעבען שוין געווען דער מענש?

יאָ, אין אַ געוויסען זין זעט עס טאַקע אויס אַזוי. טראַכט אָבער דורך נאָך איין אונטערשיד. דאָס איינצעלנע קעמערל (אָדער זאָל זיין, דאָס קאַרליקל) בעדינט נור איין קליין טיילעכעל פון זיין קערפּער צו דער פּרוכפּערונג. פון דעם דאָזיגען טיילעכעל ווערען אין איין פאַל פיל מענליכע קעמערלעך, אין אַנדערען עטליכע אָדער איין פרויען־קעמערל. ביים מענשען זעסטו שוין דאָס ספּעציאַליזירטער. ביי אים בילדעט דאָס דאָזיגע טיילעכעל אַ בעזונדער אָרט פון קערפּער, איבער וועלכען עס הענגט, אַזוי צו זאָגען, אַ ספּעציעלע שילד מיט דער אויפשריפט: „דאָ פּרוכפּערט מען זיך”, דאָס דאָזיגע אָרט איז דער מענשליכער פּרוכפּערונגס־אָרגאַן. דער

נעצטען טייל פון איר לייב; ביי איין קעמערל צופֿאַלט זיך דער דאָזיגער טייל אויף פֿיל מענליכע וואַנדער־קעמערלעך, ביים אַנדערען בלייבט עס זיצען אַלס עטליכע אָדער נור איין רו־קעמערל.

דאָס קאַרליק־מעשה׳לע דערציילט דערנאָך נאָך אַלס צוגאָב, ווי אַזוי די מענליכע און ווייבליכע קאַרליקעס האָבען זיך דאַן גענומען אויפפֿירען ביי דער פּרוכפּערונג: פֿריער האָבען זיי פּשוט פֿין זיך אַרויסגעלאָזען זייערע אָבגעשפּאָלטענע טיילעכלעך, דערנאָך האָבען זיי אָבער אָנגעהויבען איינהאַלטען זיי ביי זיך און צוזאַמען מיט זיי צו וואַנדערען; דער גרויסער מענליכער קאַרליק האָט אָבגעזוכט דעם גרויסען ווייבליכען, זיי האָבען זיך דערנענטערט איינער צום אַנדערען, זיי האָבען זיך אַזוי צוגעדריקט איינער צום אַנדערען, גלייך זיי האָבען געוואָלט זיך צונויפגיסען, אָבער זיי האָבען דאָס נישט געטון, זיי האָבען בלויז צוזאַמענגעפֿירט זייערע אָבגעשפּאָלטענע טיילעכלעך און געזען, אַז זיי זאָלען זיך אַ פּאָר נאָך אַ פּאָר צונויפגיסען. דו בעמערקסט, אַז דאָס איז נור אַ ציגאָב־ערשיינונג, וועלכע ענדערט אייגענטליך נישט דעם תוך פֿון דער גרונד־ערשיינונג.

מאַך אָבער ווידער מיט אַמאָל אַ שפּרונג פֿון דער דאָזיגער אור־בריאה ביז צו דיר, דעם מענשען. וואו איז דער אונטערשיד? אָט האָסטו צוויי מענשליכע אינדיווידואומס. אַ מאַן און אַ פֿרוי. ביידע גייען זיך פּרוכפּערען. ווי אַזוי טוען זיי דאָס? קודם כּל שפּאַלטען זיך ביידע. דו פֿרעגסט: ווי אַזוי? דער מענשליכער מאַן און די מענשליכע פֿרוי צורייסען זיך דאָך נישט ביי דעם ליבע־אַקט איינפֿאַך אויף צוויי העלפֿט, אַזוי ווי רומפּעלשטילצעל אָדער ווי אַ באַצילע? ניין, אויף צוויי העלפֿטען נישט. אָבער די קאַרליקלעך פֿון אונזער לעצטער שטופּע טוען דאָס שוין אויך נישט. דער מאַן און די פֿרוי שפּאַלטען זיך אויך ביים מענשען, אָבער זיי שפּאַלטען זיך ביידע אויף נישט גלייכע טיילען. דער מאַן שפּאַלט אָב פֿון זיין ריזיגען לייב אַ קליין שטיקעלע, און די פֿרוי טוט אויך אַזוי.

פונקט אין דער געשיכטע פון דעם ליבע־לעבען אויף דער ערד.

אונזערע דיקע וואָרט־קאַרליקעס גרייטען זיך אויפצונעמען די אָנקומענדיגע וואַנדער־קאַרליקעס: זיי וואַרפען אָב אַנ׳איבעריג שטיקעל פון זייער לייב און צוזאַמען דערמיט אויך זייער האַלבען רינג. דאָס קאָן אפשר ערקלערען, פאַרוואָס דאָס איי־קעמערל שפּאַלט נאָך היינט פון זיך אָב די ביידע „ריכטונג־קערפּערלעך". איך האָב שוין דערציילט וועגען די אמת׳ע לעבעדיגע איינקעמערלדיגע, וועלכע שפּאַלטען פון זיך אָב פּאַר דער צונויפגיסונג אַזעלכע „ריכטונג־קערפּערלעך". דאָ איז אַלץ אין אָרדענונג.

איצט אָבער ווייטער. ביידע מינים קאַרליקעס הויבען זיך אָן צו טיילען אויפ׳ן זעלבען אופן: יעדער עלטערן־קאַרליק שפּאַלט פון זיך אָב איין גרויס שטיק אָדער פיל קלענערע שטיקלעך און לאָזט איבער אַלס רעשט אַ הויפּט־שטיק. דאָס גרויסע שטיק שטעלט מיט זיך פאַר דעם ווייבליכען זיך־קאַרליק, די קליינע — די מענליכע וואַנדער־קאַרליקעס. נאַטירליך, בעקומט דערביי יעדער אָבגעשפּאָלטען שטיקעל דעם גאַנצען רינג (די פּולע צאָל כראָמאָזאָמען). אָבער לויט דער גרויס פון קערפּער איז דאָס איבערגעלאָזענע הויפּט־שטיק אינגאַנצען נישט ענליך צו די אָבגעשפּאָלטענע קליינע שטיקעלעך. וואָס הייסט דאָס מיט אַנדערע ווערטער?

עס הייסט: פון איצט אָן צופאַלען זיך מער נישט די קאַרליקעס (נישט די מענליכע, נישט די ווייבליכע) אויף אַ גאַנצען געווימעל פון קינדער, נור זיי שפּאַלטען אָב אַ געוויסען טייל פון זייער קערפּער און בילדען פון אים זייערע קינדער. ביים מאַן צופאַלט זיך דער דאָזיגער טייל אויף קליינע לוסטיגע וואַנדער־יונגצען, ביי דער פרוי בילדעט ער איינע אָדער עטליכע גרויסע רו־טעכטער. אויף „קעמערליש" איבערגעזעצט וועט עס הייסען: צוויי איינקעמערלדיגע אור־ברואים, אַ מענליכע און אַ ווייבליכע, פּרובפּערען זיך פון איצט אָן אַזוי, אַז יעדערע גיט אַוועק פאַר׳ן גייען דיר נור אַ געוויסען בעגרע־

דער בעהעפטונג איינער אַ מאַן און איינע אַ פרוי, דאָס איז נור, אַזוי צו זאָגען, אַן׳ערשטער אויסערליכער סימן פון דעם אונטערשיד. דער גאַנצער שניט צווישען מאַן און פרוי איז און בלייבט, שטרענג גענומען, נור אַזאַ מיטל פון דער נאַטור־שארפער אונטערצושיידען איין אינדיווידואום פון דעם אנדערען. אָבער אַז די דאָזיגע אינדיווידואומס מישען זיך צונויף, ברענגט יעדער פון זיי צו דער דאָזיגער צונויפמישונג זיין גלייכען טייל, און עס קאָן בשום אופן נישט זיין קיין איבערגעוויכט אין איינעם פון דיביידע טיילען בלויז דערפאַר, וואָס איין טייל שטאַמט פון אַ מאַן און דער צווייטער פון אַ פרוי. אין דעם דאָזיגען זין איז נישטאָ קיין שום „אור־שפרינגליכער אונטערשיד פון די געשלעכטער" וועלכער נעמט אַרום אַלס אַ העכערע מאַכט דעם אונטערשיד צווישען די אינדיווידואַליטעטען און מאַכט דעם לעצטען אונטערשיד פון זיך אָבהענגיג. די פערזענליכקייט שטייט קודם כל איבער מאַן און פרוי. און דער העכסטער געשלעכטליכער אַקט געברויכט ערשט פונקט צוויי האַלבע פערזענליכקייטען צו דער בעהעפטונג.

עס איז נישט איבעריג דאָס צו דערמאָנען אין אַ צייט, ווען מען וויל צוליב די נעבענערשיינונגען פון דעם געשלעכטליכען געגענזאַץ ביי אונז מענשען דרינגען, אַז די פרוי האָט בכלל אַ קלענערען ווערט אַלס פערזאָן, אַז זי קאָן נישט בעזיצען די פולע רייכקייט פון דער פערזענליכקייט שוין דערפאַר, וואָס זי איז אַ פרוי. די נאַטור האָט געשאַפען די פרוי אַלס פערזענליכקייט, פונקט ווי דעם מאַן. און דו ווייסט, וואָס עס שטעקט אין דעם בעגריף „פערזענליכקייט". אין איר שטעקען די גרעסטע סודות, די העכסטע ברכה, וועלכע איז דעם מענשען געשאָנקען געוואָרען; אין איר שטעקט די מעגליכקייט פון געניוס.

דער סוף פון דער קאַרליק־מעשה׳לע איז גאַנץ פערשטענדליך אַלס איינפאַכע קאָנסעקווענץ. אָבער אייגענטליך איז די דאָזיגע קאָנסעקווענץ ווידער געווען אַ געוואַלטיגער ווענדע־

פירן צו דער צונויפשמעלצונג צוויי פרעמדע אינדיווידואַליטעטן, צוויי אינדיווידואַליטעטן מיט וואָס מער אינדיווידועל-פערשידענע כראָמאָזאָמען. דער עיקר, הייסט עס, איז נור געווען די אינדיווידועלע פערשידענהייט פון די כראָמאָזאָמען. ביי דער צונויפשמעלצונג איז פון די כראָמאָזאָמען-מאַסן פון ביידע אינדיווידואַליטעטן גענומען געוואָרען פונקט די העלפט. דעם דאָזיגען עיקר האָט דער געשלעכטליכער געגענזאַץ, וועלכער איז שפּעטער ענטשטאַנען, אַבסאָלוט נישט געשטערט. דער דאָזיגער געגענזאַץ האָט גאָרנישט אַריינגעבראַכט קיין נייעס אין דער צונויפמישונג פון די כראָמאָזאָמען: ער האָט נישט איינגעפירט, אַז ביי דעם איי-קעמערל זאָל צוליב זיין גרויס גענומען ווערען מער כראָמאָזאָמען (ד. ה. אַ גרעסערע שטיק „ריזיג"!) ווי ביי דעם קלענערען זוימען-קעמערל (און דאָס וואָלט געגעבען אין די ווייטערדיגע דורות בסדר אַנ'איבערגעוויכט דעם ווייבליכען געשלעכט); אָדער, פערקערט, אַז ביי דעם זוימען-קעמערל זאָל צוליב זיין שטאַרקערער אַקטיוויטעט און בעוועגליכקייט גענומען ווערען דער גרעסטער טייל כראָמאָזאָמען, און דערמיט וואָלט ווייטער געשאַפען געוואָרען אין דער זייט אַ „שטאַרקער געשלעכט". דער געשלעכטליכער געגענזאַץ האָט גאָרנישט אָנגעהויבען צו גיין אַזוי ווייט. אין עצם פון דער געשלעכטליכער ליבע איז געבליבען, פונקט ווי פריער, די צונויפמישונג פון צוויי אינדיווידואומען, וועלכע ברענגען דערצו פונקט די העלפט פון זייער ערבליכקייט-סובסטאַנץ. און איך וויל באַלד ווייטער בעמערקען: די דאָזיגע גרונד-ערשיינונג איז קיינמאָל אפילו ביי דער ווייטסטער ענטוויקלונג פון דעם ליבע-לעבען אויף קיין האָר נישט געענדערט געוואָרען. נאָך היינט גיט ביי אונז מענשען דער מאַן פאַר דעם קינד זיינע צוועלף כראָמאָזאָמען און די פרוי אירע צוועלף כראָמאָזאָמען. דער עיקר איז, אַז די דאָזיגע צוועלף און צוועלף שטאַמען פון צוויי פערשידענע, געגענזעצליכע מענשליכע אינדיווידואַליטעטן. דאָס, האָט די דאָזיגע צוויי אינדיווידואַליטעטן זענען תמיד ביי

שטאַרק בעוועגליך און אַמאָל איַנגאַנצען אומבעוועגליך. ווען אַנ׳איינקעמערלדיַגע בריאה פּערדייעט די שפּייז, אָדער ווען זי וויל זיך בעשיַצען פון וועלכער ס׳איז אויסערליַכער געפאַר, הערט זי פלוצלונג אויף זיך צו בעוועגען און בלייבט זיַצען, ווי צוגעקלעבט צום אָרט. ווי די געפאַר גייט אָבער פערביי, שפּריַנגט דאָס קעמערל מיַט אַמאָל אויף און הויבט וויַדער אָן אַרומצורודערן. עס איז דעריַבער קיין וואונדער ניַשט, וואָס די איינקעמערלדיַגע האָבען די דאָזיַגע געוואוינהייט זייערע אויסגענוצט אויף פאַר דעם ליַבע־לעבען; ערשט אין דעם ליַבע־לעבען האָט זי אָבער געוואונען איר גרויסע בעדייטונג. די איינקעמערלדיַגע האָבען זיך גענומען אויפפיַרען אַזוי, אַז צו דער צונויפגיסונג האָבען זיי געפּאָרט אַנ׳אומבעוועגליך מיַט אַ בעוועגליך קעמערל. און אַז דאָס איז צוזאַמענגעפאַלען מיַט דעם אונטערשיַד אין דער גרויס, האָט די בעוועגליכקייט געקאָנט ווערען אַלס רעזולטאַט אַ בעשטיַמטער סימן פון איין געשלעכט (פון דעם מענליַכען!) און די אומבעוועגליַכקייט וויַדער אַ סימן פון דער „ווייבליַכקייט“.

איז עדענפאַלס האָט זיך אָנגעהויבען אָנצומערקען אַנ׳אונטערשיַד, און דאָס איז געווען דער עיקר. צום ערשטען מאָל האָט זיך בעוויַזען אַ בלאַסער שיין פון אַ געשלעכטליכען אונטערשיַד, פון אַ געשלעכטליַכען געגענזאַץ. דער געגענזאַץ צוויַשען מאַן און פרוי, פריַער אין דער איינפאַכער פאָרם, ווי דאָס איינציַגע קעמערל, דאָס זוימען־חיה׳לע ביי דיר אַליין שטעלט היינט מיַט זיך פאָר אַ „מאַן“ און דאָס איי־קעמערל פון דיין פרוי — אַ „פרוי“. נור איין זאַך מוזסטו דיר גראָד אויף דעם אָרט נאָכאַמאָל נעמען איַן זיַן אַריין.

דער דאָזיַגער אונטערשיַד, דער דאָזיַגער געגענזאַץ צוויַשען פרוי און מאַן איז איַן זיין אויסגאַנגס־פונקט געווען ניַשט מער, ווי אַנ׳אויסערליַך היַלף־מיַטעל פאַר אַ בעשטיַמטען אַנדערען צוועק. דער דאָזיַגער צוועק איז געווען: צוזאַמענצו־

נישט ווייט פון דער הויבמוטער און ערשט דאָרט זיך צונויפ־ גיסען. האָט מען אַוועקגעלייגט אַ פּריש שטיקעל שליים־הויט פון אַ ווייבליכער הויבמוטער אונטערן מיקראָסקאָפּ און אַריינ־ געלאָזען דאָרט לעבעדיגע הינטישע זוימען־חיה׳לעך; די זוימען־ חיה׳לעך האָבען זיך באלד גענומען באַוועגען צו דעם שטי־ קעל־הויט; דערנאָך האָט מען געפּרובט אַראָפּלאָזען די זוימען־ חיה׳לעך אויף אַ שטיקעל לעבער אָדער אויף שטיקלעך פון אַנדערע אָרגאַנען: די זוימען־חיה׳לעך האָבען זיי נישט בע־ מערקט. עס איז דעריבער געבליבען העכסט וואַרשיינליך, אַז די הויבמוטער ווירקט אויף עפּעס אַ הוש פון די זוימען־חיה׳־ לעך מיט אַ באַשטימטען רייץ־מיטעל. דו קענסט דיר אַזוי אַרום מיט דער שפּראַך פון אונזער מעשה׳לע ערקלערען, אַז דאָס זוכענדיגע קאַרליקעל האָט געפּילט פון דער ווייטענס דעם ריח פון דעם וואַרטענדיגען קאַרליק, אָדער ער האָט פערנומען דעם טעם, וועלכען דער וואַרטענדיגער קאַרליק האָט אַרום זיך פערשפּרייט אין וואַסער.

איך וואלט דיר געקאָנט דערציילען נאָך אַ מאַסע פאַלען, וועלכע אילוסטרירען די דאָזיגע זייט פון דער קאַרליק־מעשה׳־ לע. אָבער אַלע ענדיגען זיך מיט דעם זעלבען. אומעטום זעסטו קודם כל די פערשידענהייט פון די געשלעכטער אַלס אַ פערשידענהייט פון דער *גרויס*. דאַן קומט צו דערצו די *בעוועגליכקייט*: ביי איין געשלעכט אַ גרעסערע, ביים צווייטען אַ קלענערע. אונזער מעשה׳לע דערציילט דיר, ווי אַזוי ביידע פאַלען האָבען זיך געקאָנט ענטוויקלען פון דעם איינפאַכסטען גרונד. וויכטיג איז אָבער דערצו נאָך צו וויסען פאָלגענדען פאַקט.

ביי דעם גרעסטען טייל פון די היינטיגע איינקעמערל־ דיגע זעען מיר די דאָזיגע פערשידענאַרטיגקייט פון בעוועג־ ליכען און אומבעוועגליכען צושטאַנד אויף אונאָבהענגיג פון זייער ליבע־לעבען. עס ווייזט אויס, אַז די דאָזיגע פערשידענ־ אַרטיגקייט איז שוין פון פריער געוועזען ביי די איינקעמערל־ דיגע. דו זעסט איינקעמערלדיגע, וועלכע לעבען אַמאָל

פון פארטנער, האָבען זיך אַרויסגעהאָלפען מיט כעמישע רייץ־מיטלען, וועלכע האָבען געווירקט אויפ׳ן גערוך און אויפ׳ן גע־שמאַק (דערמאָן זיך דערביי, אַז די דאָזיגע רייץ־מיטלען שפּילען נאָך אַ גרויסע ראָל אויך אין דעם ליבע־לעבען פון די העכסטע אָרגאַניזמען, וועלכע האָבען שוין גוט־זעעוודיגע אויגען). דעם פאָרשער איז אַפילו געלונגען נאָכצומאַכען די צוציענדיגע „איי־ריחות" און „איי־טעמים" פון איינציגע נידעריגע געוויקסען. מען האָט ענטדעקט, אז די פאַרן־קרייטעכצער ציען צו די זוימען־קעמערלעך מיט עפּעל־זויער. מען האָט געפּרובט זיי דער־מיט אויך קינסטליך צוציען. אין אַ טראָפּען וואַסער, אין וועל־כען עס האָבען פריי אַרומגעווימעלט זוימען־קעמערלעך פון אַ פאַרן־גרעזעל, האָט מען אַריינגעלייגט אַ קליין אָפען רערעלע, וואָס האָט ענטהאַלטען אין זיך אַפליסיגקייט מיט 0,05 פּראָצענט עפּעל־זויער; אין איין רגע האָבען די זוימען־קעמערלעך בעמערקט דאָס רערעל, זיי זענען דערצו צוגעשוואומען און אָנגעהויבען אַריינצוקריכען אין דער עפענונג פון רערעל, פּונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען געהאַט פאַר זיך אַנ׳אמת׳דיג איי־קעמערל. אין משך פון צוועלף מינוט זענען פון די 24 זוימען־קעמערלעך, וועלכע זענען געווען אין טראָפּען, אַלע ביז איינעם אַריין דורך דער שמאָלער עפענונג אין דעם צוציענדיגען עפּעל־רערעל. ווי פיין האָט געמוזט זיין דער חוש ביי די דאָזיגע קליינינקע קע־מערלעך, וועלכע האַלטען אין דער לענג קוים 0,015 מילימע־טער, אַז זיי האָבען נישט נור דערפילט אין דעם גרויסען טראָ־פען דעם עפּעל־געשמאַק, נור זיי האָבען אויך בעמערקט פון וואַנען ער קומט און זיך מאָמענטאַל געלאָזען צום רערעל!

דורך א צופעליגער ענטדעקונג ביים הונט איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז אין דעם שפּיל צווישען דעם זוימען־חיה׳לע און דעם איי־קעמערל ביי די העכערע חוט השדרה׳דיגע חיות (ד. ה. בלי ספק אויך ביי אונז מענשען) פערמיטלען אויך אַזעלכע רייץ־מיטלען. מען ווייסט, אַז דער זוימען און דאָס איי מוזען זיך ביי די דאָזיגע הויך־ענטוויק־קעלטע חיות פריער אַריינבעקומען אין דער הויבמוטער אָדער

אַ גאַנצען געווימעל נייע ברואים׳לעך, זעסט צונויפגיסונג (קאָניוגאַציע) פון אַזעלכע אינגאַנצען גלייכאַרטיגע קעמערלעך. און דאַן בעמערקסטו צווישען די קעמערלעך, וואָס גיסען זיך צונויף, דעם ערשטען אינטערשיד אין דעם זין, וואָס איינס איז גרעסער פאַר דעם אַנדערען. און ענדליך געפינסטו אויף דעם שאַרפען געגענזאַץ. ביי איין מין פון די אייגענטליכע גע־וועגליכע וואָלוואקס־קוילען ווערען אויסגעבילדעט אין דער קויל נור גרויסע, אומבעוועגליכע, זיץ־קעמערלעך, ביי אַנ׳אַנדערען מין ווייטער נור קליינע, לעבהאַפטיג־בעוועגליכע, און די קליינע בעוועגליכע זוכען דאַן אויף די גרויסע אומבעוועגליכע און גיסען זיך מיט זיי צונויף.

דו קאָנסט דאָס זעלבע זער קלאָר זען אויך ביי אַבי־סעל מער ענטוויקעלטע אמת׳ע געוויקסען. גיי ווידער אַוועק צום ברעג פון צפון־ים און זוך דיר אויס איינס פון די זער פערשפרייטע געוועגליכע וואַסער־בלאָז־געוויקסען (פוקוס), אַ גאַנץ נידעריג געוויקס. מיר האָבען שוין אַמאָל גערעדט וועגען זיין ליבע־לעבען. אויך דאָ שפּאַלטען זיך אָפּ פון איין זייט נור גרויסע, רואיג וואַרטענדיגע קעמערלעך, און פון דער צווייטער זייט נור אַרומווימלענדיגע קליינע, ווילד־בעוועגליכע. אויך דאָ זוכען אויף די בעוועגליכע די דאָזיגע אַנדערע אומבעוועגליכע און גיסען זיך מיט זיי צונויף. מען רעכענט, אַז די גרויסע רו־קעמערלעך פערשפרייטען אַרום זיך אין וואַסער געוויסע שטאָפען (אָרגאַנישע זויערען), וועלכע ציען צו די אַרומווימ־לענדיגע קליינע קעמערלעך (די ליבע־צוציאונג בענוצט זיך שוין דאָ אַזוי אַרום מיט אַ ווירקונג אויף די חושים). אין אונזער קאַרליק־מעשה׳לע האָב איך כסדר סימבאָליש דערציילט, אַז די קאַרליקלעך האָבען זיך „געזען“. אָבער דו מוזסט דיר דאָס, נאַטירליך, בנוגע די איינקעמערלדיגע אור־בעשעפענישען אָדער בנוגע די נידריגסטע געוויקסען פאָרשטעלען אינגאַנצען אַנדערש. די ברואים, וועלכע האָבען נאָך נישט געהאַט קיין אויגען און ביי וועלכע דער זע־חוש איז אַלענפאַלס נאָך נישט געווען אַזוי ענטוויקעלט, אַז ער זאָל זיי קאָנען איבערגעבען דאָס ביִלד

אונזער מעשה׳לע. אפילו דער אונטערשיד פון קליין און גרויס איז איןביידע פאלען דער זעלבער. איין זוימען־חיה׳לע איז אריין אין איי. און דאָ האָסטו ווידער דאָס זעלבע בילד: בע־טראַכט דאָס איי־קערענדל און דאָס זוימען־קעפעל. ביידע בע־וועגען זיך. אָבער דאָס קערענדל גאַנץ פּאַמעליך, דאָס קעפּעל — שנעל ווי אַ פייל. און דאַן ענדליך די צונויפשמעלצונג אַלס שלוס־אַקט, וועלכער פערענדיגט אין ביידע פאַלען אַלע געגענ־זאַצען: פון גרויס און קליין, בעוועגליך און אומבעוועגליך, מענליך קאַרליקל, מענליך קעמערל און ווייבליך קאַרליקל, ווייב־ליך קעמערל.

און דאָס וואָס דו זעסט ביים מענשען נאָר אין דעם אינטימסטען אינערליכען אַקט, זעסטו נאָך היינט ביי אַ גאַנ־צער מאַסע לעבעדיגע איינקעמערלדיגע, אַלס אויסערליכער אויסדרוק פון זייער ליבע. אָט זעסטו אַ קליין גרין קיילעכעל, ווי ס׳דרייט זיך פלינק און טראָגט זיך אין וואַסער: ס׳איז ניט קיין גאַנצער מילימעטער דיק, ד. ה. אַזוי גרויס ווי אַ שפּילקע־קעפּעל. דו בעטראַכסט עס אונטערען מיקראָסקאָפּ און דער־זעסט: עס איז ניט קיין איינצעלן קעמערל, קיין איינצעלן בעשעפעניש, נאָר אַ גאַנצער קנויל בעשעפענישען. טויזענטער קעמערלעך, וועלכע האָבען צווישן זיך אַ מין זער איינפאַכען סאָציאַלען פעראַבאַנד. וואָלוואָקס, דאָס קויל־חיה׳לע אָדער דאָס וואַסער־קויל־געוויקס — אַזוי רופט דער פאָרשער די דאָ־זיקע זעלטענע בריאה: אין אמת׳ן איז עס ניט קיין חיה און ניט קיין געוויקס, נור אַ קנויל אור־ברואים׳לעך, וועלכע לע־בען צווישען זיך געזעלשאַפטליך, און וועלכע שטייען נענטער צו געוויקסען ווי צו חיות. לאָז אַ ווײַלע אָן דער זייט דעם סאָציאַלען מאָמענט, וועלכען דו זעסט דאָ צום ערשטען מאָל. בעטראַכט נור די איינצעלנע ברואים׳לעך פון אַזאַ וואָלוואָקס־קויל. און בעטראַכט זייער פּרופּעראונג. ביי פאַרשידענע מינים פון די דאָזיגע וואָלוואַצינען זעסטו (ווי ביי די איינקעמערל־דיגע) פערשידענע פרופּערונגס־מעטאָדען. דו זעסט די גע־וועהנליכע שפּאַלטונג פון די קעמערלעך, זעסט אַ צופאַלונג אויף

מעשה׳לע, פון דער מעשה׳לע וועגן דעם בעוועגליכען קעמערל־וואָס זוכט, און וועגן דעם אומבעוועגליכען, וואָס זיצט און וואַרט. אין דעם אומגעהויערן לעבענס=ווירוואַר פון דער היינטיגער קולטורעלער מענשהייט, געפינט זיך די פרוי אויך אומעטום אין בעוועגונג, זי נעמט אנטייל אין טויזענטער און טויזענטער קערפערליכע און גייסטיגע בעוועגונגען, און גראָד אין דער לעצטער צייט וואַקסט די דאָזיגע בעוועגליכקייט אירע פון טאָג צו טאָג. האַלט אָבער דיין בליק אַביסעל ענגער, נור ביים געשלעכטליכען לעבען, ביים געשלעכטליכען אַקט. דאָ איז דער מאַן נאָך אַלץ דער געבענדיגער טייל, די פרוי — דער נעמענדיגער. לאָז צוריק דיין פאַנטאַזיע צו יענעם געהיימניספולען אור=פענאָמען פון דיין מענשליכער בעהעפטונג. אין פינסטערען גרונד פון דעם ווייבליכען געשלעכטליכען אַפּאַראַט זעסטו פונקט דעם זעלבען געגענזאַץ. דאָס איי=קעמערל פירט זיין אייגען לעבען. עס רייסט זיך אָפּ פון דעם אייערשטאָק פון דעם ריזיגען ווייבליכען אָרגאַניזם דורך אַ שפּאַלטונגס=אַקט, פונקט אַזוי ווי יענער זיין=קאַרליק האָט זיך אָפּגעריסען פון זיין עלטערן=קאַרליק דורך אַנ׳ענערגישען בעוועגונגס=אַקט. עס וואַנדערט זעלבסטשטענדיג דורך אַ שטיקעל וועג ביז צו דער הויבמוטער; עס וואַנדערט אַקייגען דעם מענליכען זוימען. אינעווייניג, אין דעם דאָזיגען איי=קעמערל, קומען פאָר בעוועגונגען פון דעם קערן. דער פינקטליכסטער בעטראַכטער פון דעם מענשליכען איי, נאָגעל, האָט, אַגב, זייער דייטליך געזען, אַז אין דעם איי=קערן קומט פאָר עפּיס אַ געהיימניספולע בעוועגונג, ווי עס וואָלט דאָרט אַרומגעקראָכען עפּיס אַ בעשעפעניש. אָבער אויך די זיין=קאַרליקעס פון אונזער מעשה׳לע האָבען זיך דאָך געמוזט אַביסעל בעוועגען. נאַטירליך, ווייניגער, ווי די וואַנדער=קאַרליקלעך. אָבער זע נור איצט, ווי די זוימען=חיה׳לעך בעפאַלען ביי דעם איינגאַנג אין דער הויבמוטער, דאָס איי, זע זייער געווימעל, זע, ווי זיי ווילען אַריין: פונקט דאָס בילד, וועלכעס ענטשפּרעכט ערשט דער אַקטיווער, בעוועגליכער מאַכט, — דער מאַכט פון די לוסטיגע וואַנדער=ברואים׳לעך פון

לאָמיר אָבער ווידער גיין ווייטער. די קליינע קאַרליקלעך
האָבען געדאַרפט געפינען פרעמדע חברים, כדי זיך מיט
זיי צונויפצוגיסען, און זיי האָבען דעריבער אנגעהויבען צו
וואַנדערען. און דאָ האָבען זיי געפונען געוויסע פרעמדע אומ=
בעוועגליכע קאַרליקעס, וועלכע זענען ענטשטאַנען פון אונגליי=
כער צווייטיילונג, און זיי האָבען זיך מיט זיי צונויפגעגאָסען.
זיי האָבען געזען, אַז דאָס איז זייער גוט, און זיי האָבען זיך
צוגעוואוינט צונויפצוגיסען זיך נור מיט אַזעלכע פרעמדע גרויסע
קאַרליקעס. אַזוי איז ענטשטאַנען די פערשידענהייט
פון די ברואים, וואָס גיסען זיך צונויף: עס האָט
זיך דערמיט אָנגעהויבען די צוטיילונג אויף צוויי געשלעכ=
טער אין דעם זין, וואָס די געשלעכטער האָט מען שוין גע=
קאָנט אויך אויסערליך אונטערשיידען איינעם פון דעם אַנדערן:
אַ קליין בעוועגליך, זוכענדיג געשלעכט, און אַ גרעסערס, אַ
רוהיגערס, אַנ'ערוואַרטענדיגס.

בעטראַכט ווידער דיך אַליין: די העכסט=ענטוויקעלטע חיה
פון דער ערד. צי זעסטו נישט אין דיר אַליין דעם פערבלי=
בענעם שטיקעלע פון דער דאָזיגער ערשיינונג פון דער אור=קע=
מערל=וועלט.

קודם כל די פערשידענע געשטאַלט פון די אינדיווידו=
אומס, וועלכע בעהעפטען זיך געשלעכטליך. נישט נור אַ ברו=
דער מיידט אויס דעם ברודער און זוכט זיך צו דער בעהעפ=
טונג אַ פרעמדען מענשען. נאָר יעדער זוכט זיך אַ צווייטען אינ=
דיווידואום, וועלכער זאָל זיין קערפערליך געבויט איבגאַנצען
אַנדערש פון אים: אַלס מאַן זוכט ער זיך אַ פרוי, און אַלס
פרוי – אַ מאַן. קוק זיך אָבער נור בעסער איין אין דעם גע=
גענזאַץ.

צי זעסטו ביי דיר אַ שפור פון דעם אוראַלטען קאַרליק=

קייט פון דעם פריִערדיִגען לעבען, וואו די קינדער און אייניקלעך און אור=אייניקלעך האָבען כסדר גע׳ירש׳ענט דעם זעלבען פערשטאַרטען כאַראַקטער פון זייערע אור=עלטערען, האָט די צונויפמישונג אַריינגעבראַכט אַ ווענדע פונקט: זי האָט געבראַכט מיט זיך די ברכה פון אַ נייעם אָנהויב, די מאָרגען=שעה פון אַ ווייטערדיגער ענטוויקלונג. בעטראַכט די דאָזיגע זאַך ווידער אַמאָל פון דעם מענשליכען שטאַנדפונקט. שטעל דיר פאָר, ווי גרויליך ס׳וואָלט געווען, ווען דיינע קינדער וואָלטען אין אַלץ געווען פונקט דו אָדער פונקט זייער מוטער. דאָס לעבען ווערט אַזוי רייך ערשט דורך דעם, וואָס די נאַטור שמידט אויס פון אייךביידען אייער קינד, אַלס אַ געהיימניספול נייעס.

טראַכט דיך דאָ אַריין אין דער ראָל פון דער ליבע אויף דעם דאָזיגען ווענדעפונקט. (יאָ, מיר האָבען דאָס רעכט דאָ צו בענוצען דאָס דאָזיגע וואָרט, ווייל אין דעם גאַנצען ליבע=לעבען אין דער נאַטור ביז צו דיר איינשליסליך שפילען נאָך אַלץ אַ ראָל די דאָזיגע איינפאַכסטע געשעהענישען: די צושפּאַלטונג פון קעמערל און די צונויפגיסונג פון צוויי קעמערלעך). אין דער איינפאַכער צושפּאַלטונג פון די קעמערלעך און אין דער איינפאַכסטער צונויפגיסונג פון צוויי קעמערלעך איז די ליבע אייגענטליך נור געווען אַ מיטעל צו דערהאַלטען אין לעבען דעם סטאַטוס קווא, די פריִערדיגע גלייכגעוויכט, זי איז געווען אַ מין העכערער שטאָף=ווערקסעל. אָבער נאָך דעם ווענדע=פונקט, ווען צוויי אינדיווידועלע כאַראַקטערען האָבען זיך צונויפגעמישט און געשאַפען איין נייעם כאַראַקטער, האָט זיך די ליבע צום ערשטען מאָל געשטעלט צום דינסט פון דער ענטוויקלונג. זי האָט געהאָלפען שאַפען נייעס, זי האָט געהאָלפען ענדערן דעם סטאַטוס קוואָ...

האָט זיך אָנגעהויבען: זי האָט זיך אָנגעהויבען מיט דער ער־שטער צונויפגיסונג פון צוויי איינקעמערלדיגע, וועלכע האָבען גלייכצייטיג צונויפגעשמאָלצען אויך זייערע קערענדלעך און דערביי אָבגעוואָרפען אַ העלפט פון זייערע כראָמאָזאָמען. מיט דער דאָזיגער צונויפשמעלצונג פון די כראָמאָזאָמען־מאַסען איז איבערהויפט צום ערשטען מאָל „בלוט“ געקומען צו „בלוט“. און אַז פאַמיליען־בלוט איז געקומען צו פאַמיליען־בלוט און האָט שלעכט געווירקט, און פרעמד בלוט איז געקומען צו פרעמד בלוט און האָט גוט געווירקט, איז דאַן געמאַכט געוואָרען די ערשטע ערפאַרונג. איינקעמערלדיגע פון דעם מין פון יענע זון־חיה'לעך, וועלכע מישען שוין צוזאַמען זייערע כראָמאָזאָמען העלפט אויף העלפט, האָבען די ערשטע געמוזט מאַכען די דאָזיגע ערפאַרונג; זיי האָבען געמוזט געבען אין דער ריכטונג דעם ערשטען שטויס דער „פייע נוצליכקייט“ (לאָמיר זאָגען: דעם דאַרוויניסטישען אויסוואַל פון פאַסענדיגסטען, פון נוצליכסטען) אַרויסצוגעבען איר געזעץ. אויפ'ן סמך פון וואָס זיי האָבען געקאָנט זען, וואָס ס'איז „גוט“ און וואָס „שלעכט“, האָב איך דיר שוין אָנגעמערקט אין דעם מעשה'לע. נעגאַטיוו מיט דעם משל פון צאָן־ווייטאָג. פאָזיטיוו מיט דעם משל וועגען דעם כאַראַקטער. די אור־קעמערלעך, וועלכע האָבען נאָך בכלל ניט געהאַט קיין שום העכערע אָרגאַנען אין אונזער זין, האָבען, נאַטירליך, אויך ניט געהאַט ניט קיין ציין און ניט קיין ציין־ווייטאָג. אָבער זיי האָבען פונדעסטוועגען שוין געקאָנט האָבען געוויסע שוואַכקייטען און שלאַפקייטען און זיי איבערגעבען בירושה די קינדער. און עס איז קלאָר, אַז אַזעלכע פאַמיליען־שלאַפקייט זענען דורך דער „אינצוכט“ אַלץ מער קאָנסערווירט געוואָרען, אַלץ פעסטער איינגעהאַלטען געוואָרען, און אַז נור דורך דער צונויפגיסונג פון „פרעמדע“ קעמערלעך האָבען זיי געקאָנט ביסלעכווייז בעזייטיגט ווערען. און פון דער צווייטער זייט האָט די צונויפמישונג פון צוויי אינדיווידועלע כאַראַקטערען געשאַפען אַ נייעם דריטען כאַראַקטער מיט אַ דאָפּעלטער רייכקייט, אין דער גרויסער איינטאָניג־

שיינליך״, ווען די דערמאָנט זיך, אַז דער מענש איז דאָך נור איינער פון די מינים, וועלכע מיר זעהען אין דער לעבעדיגער וועלט, און אַז די פעראורטיילונג פון דער אינצוכט גייט דורך ווי אַ ברויזענדיגער שטורעם דורך אַלע חיות, דורך אַלע געוויקסען אויף דער ערד.

און איצט פרעג דיך: וואָס באַדייט דאָס אַלץ? וואָס באַדייט דער דאָזיגער מורא׳דיגער ווידערשטאַנד פון דער נאַטור? אַז מען קוקט זיך צו צום לעבען פון די העכערע חיות, בעמערקט מען, אַז פאַר זיי האָט די נאַטור דורכגעפירט דעם דאָזיגען פערבאָט מיט דער גאַנצער שטרענגקייט. אין פיל פאַלען ווירקט נישט מער די אינצעסט־בעפרוכטיגונג. אין אַנדערע פאַלען ווירקט זי באַלד אַזוי שלעכט אויף די קינדער, וואָס ווערען פון איר געבוירען, אַז מען זעט בעשיינפערליך: דאָ איז שוין אַלץ איינגעאָרדענט אַזוי, אַז די נאַטור לייגט שוין נישט אָב די שטראָף אויף די אייניקלעך און אור־אייניקלעך, נור טרעט באַלד אַרויס מיט דער אונמיטעלבאַרער יוסטיץ געגען דעם פאַרברעכער אַליין. אָבער אַזעלכע פערקירצטע האַנדלונגען קומען אין דער נאַטור קיינמאָל נישט מיט אַמאָל, זיי אַרבייטען זיך אויס ביסלעכווייז אין משך פון דורות, נאָך דעם, ווי די זאַך ווערט מיט אַלע אירע קאָנסעקווענצען גוט דורכגעפרובט. אַזוי ווערט היינט דאָס קליינע הינדעלע שוין אין פינסטערן איי געבוירען מיט אויגען; זיינע אורעלטערן האָבען זיך אָבער לאַנג געמוזט אַרומשלאָגען מיט דעם געגענזאַץ פון ליכט און פינסטערניש, ביז זיי האָבען, ענדליך, בעקומען אויגען. די נאַטור האָט געמוזט אין משך פון אַן אומגעהויער־לאַנגער צייט אַ דור נאָך אַ דור אַריינשלאָגען אין קאָפּ, אַז אינצוכט איז סוף כל סוף שעדליך, און אַז דורכמישונג מיט פרעמד בלוט איז, דאַגעגען, זער נוצליך. דערביי האָט זי געלערנט, אַז דאָס בלוט טאָר אָבער נישט זיין צו פרעמד. עס מוזען זיין געוויסע שטאַם-ענליכקייטען. אָבער אין דעם שטאַם מוז עס זיין פרעמד פאַמיליען־בלוט. מיר קאָנען אָבער פעסטשטעלען דעם פונקט, וואו די דאָזיגע ערפאַרונג

קראַנקער, זיי ווערען קורץ־לייביג, זיי ווערען, ענדליך, אין מענליכען און ווייבליכען געשלעכט אימפּאָטענט (זיי קאָנען זיך מער נישט פּרופּערען). יעדער בהמות־האָדעוועך ווייסט, אַז די אינצוכט אין איר עקסטרעמער פאָרם איז אומבאַדינגט שעדליך, ער ווייסט, אַז ער מוז דעריבער ביי דער פּאָרונג זיין זער פאָרזיכטיג, און ער זאָגט דיר פּשוט: די אינצוכט גייט געגען די געזעצען פון דער נאַטור, די נאַטור האָט אויף איר געוואָרפען אַ קללה, וועלכע פירט ענדליך צו דעם אויס־שטאַרבען פון דער בעטרעפענדער גאַנצער פאַמיליע.

און איצט דערמאָן זיך אָן דיר אַליין. וועסטו חתונה האָבען מיט דיין שוועסטער, מיט דיין ברודער? דאָס יורידישע „געזעץ" אין דער מאָדערנער קולטורעלער מלוכה לייגט דע־רויף אַרויף אַ שטרענגען פאַרבאָט. אויף וואָס שטיצט זיך דאָס דאָזיגע געזעץ? אויף מאָראַל־אנשויאונגען, וועלכע זענען אומ־ענדליך עלטער ווי אונזערע אַלע מאָדערנע מלוכות, יאָ עלטער אַפילו פון אונזער גאַנצער קולטור. ווילדע פעלקער, וועלכע האָבען נישט קיין מלוכות און קיין געזעץ־פאַראַגראַפען, וועלכע שטייען נאָך כמעט אויסער דער גאַנצער מענשליכער קולטור, דערלאָזען פונקט אַזוי נישט קיין חתונות צווישען שוועסטער און ברידער אָדער צווישען עלטערען און קינדער, ווי מיר. צי זענען די דאָזיגע אָנשויאונגען, וועלכע שטייען צווישען אונז לענגער און פעסטער ווי פּיראַמידען, רעליגיעס און טראָ־נען, נישט מער ווי אַ פערבליבענער פאַנאַטישער מנהג ביי דער מענשהייט? די מעדיצין, וואָס איר מאָראַל־קאָדעקס איז די סטאַטיסטיק, ענטפערט דיר דערויף: ניין. זי ווייזט דיר אין ציפערען, אַז ס'איז העכסט וואַרשיינליך, אַז אינצוכט און אינצעסט זענען ביי מענשען כּונקט אַזוי געפערליך, ווי ביי חזרים. די דורות, וועלכע קומען אַרויס פון חתונות צווישען ברידער און שוועסטער אָדער פאָטערס און טעכטער א. אַז. וו. דעגענערירען ביי מענשען פונקט אַזוי, ווי ביי חזרים. אַזוי זאָגט דיר אַלענפאַלס אַ דערדריקענדע מערהייט פון דער מע־דיצינישער וועלט. די זאַך ווערט אָבער גאָר „מורא'דיג וואַר־

אַ ־לכע פאַנג־הערעלעך אין קעפעל: איין ריי פֿאַר דעם אַריינ־גאַנג צו די מענליכע בלומען און אַ צווייטע צווישען די מענ־ליכע און די ווייבליכע בלומען. די אונטערשטע רייע האַלט פריער איין די פרעמדע בעפּודערטע פליגעלעך ביי זיך ביי די ווייבליכע בלומעלעך, די צווייטע האַלט איין די פליגעלעך אַביסעל ביי די מענליכע זוימען, ביז זיי ווערען בעפּודערט פאַר אַ נייער בלום.

און אַזעלכע קונץ־שטיק זעסטו, ווי געזאָגט, אָן אַ שיעור. וואו עס פערמיטלען נישט די אינסעקטען, דאָרט טוט עס דער ווינט.—דער ווינט, וועלכער בעשטויבט אָפט דיך אַליין מיט זוימען, ווען דו גייסט דורך אין פרילינג פֿערביי די ניס־קוסטעס. אין זעלטענע פאַלען איז אַפילו העכערע געוויקסען געלונגען אינגאַנצען צו בעקעמפֿען אין דעם פּרט זייער שטיי־פע אונבעוועגליכקייט. אין די בלויע וואַסערען פון דער גאַרדאַ־אָזיערע זעסטו די שיינע באַליסנעריע, אַ וואַסער־געוויקס, וואָס טראָגט קיינמאָל נישט ביידע געשלעכט־טיילען אין איין בלום, און דאָס דאַרף זי נישט האָבען קיין אינסעקט, וואָס זאָל איר העלפען צו דער בעפרוכטיגונג. איין בלום אירע, וועלכע טראָגט נור דאָס ווייבליכע פרוכט־בייטעלע, וואַקסט אויף אַ לאַנגען שטענגעל פון דעק אַרויף ביז צו דער אויבערפלעך פון וואַסער. איר אַנדערע בלום אָבער, וועלכע איז נור מענ־ליך, ד. ה. זי גיט אַרויס פון זיך נור דעם קלעביגען מענ־ליכען זוימען, רייסט זיך שוין אַלס קנאָספע אינגאַנצען אָב פון דעם שטענגעל, שווימט אַרויף אויפ׳ן וואַסער און טראָגט זיך אַזוי לאַנג אַרום, ביז זי געפינט די ווייבליכע בלום און בעפרוכטיגט זי.

גיי אָבער נאָך ווייטער. צו העכערע חיות. פרעג אַ גע־ניטען בהמות־האָדעווער, וואָס ער קלערט וועגען אינצוכט, (בלוט־מישונג), אָדער נאָך ענגער וועגען אינצעסטצוכט. אַז מען פּאָרט חיות, צ. ב. חזרים, פון דער זעלבער פאַמיליע, קודם כל ברודער און שוועסטער צווישען זיך, זעט מען אין משך פון דורות, ווי די ברואים ווערען אַלץ שוואַכער און

ווערען די זעלבסטבעפרוכטיגונג? דאָס געוויקס גיט זיך אָבער אַנ׳עצה: דיביידע בלומען־קרענץ ווערען נישט רייף גלייכצייטיג, נור איינס נאָכ׳ן אַנדערן. פריער דער ווייבליכער און נאָך דעם ערשט דער מענליכער. בשעת די געפּאַנגענע ווימלען נאָך אַזוי אַרום אומרוהיג, קומט גראָד אָן די צייט, ווען די מענליכע בלומען ווערען אויך רייף. זיי טיילען פון זיך אָב דיקע מאַסען „בלומען־שטויב״, דאָס הייסט: אמת׳ען מענליכען זוימען פון דער בלום. די פליגען ווערען דיק בעפּודערט מיט דעם שטויב, נישט בעמערקענדיג גאָר דאָס, ווייל עס ציט זיי באַלד צו עפּעס אַ וויכטיגערע זאַך. מיט די הערעלעך, וועלכע האָבען זיי פערמאַכט דעם וועג געשעט עפּעס אַזעלכעס, גלייך ווי דאָס רייף־ווערען פון דעם זוימען וואָלט ביי זיי צוגענומען די גאַנצע קראַפט. זיי וויקלען זיך פּלוצלינג איין און וועלקען אָב. דער וועג צו דער ליכטיגער שיין איז ווידער פריי, די אינסעקטען פליען פרייליך אַרויס. הייסט עס, איז עס גאָרנישט אַזוי שלעכט מיט דעם „אַהרונס שטעקען״! ווי זיי זענען נור אַרויס, זעסטו זיי שוין ווידער פליען צו אַ צווייטער בלום,—וועלכע ציט זיי צו מיט איר ריח. און אין איר אַריינקריכען. ווידער אַריין אין דעם רערל, און זיי זענען ווידער איגעוויינינג. ווידער עטליכע טאָג תפיסה!

אָבער איצט זע נור, וואָס דאָ קומט־פאָר. אין דעם מאָמענט, ווען די געסט זענען אַריין אין דעם דאָזיגען נייעם קעסעל זענען נאָך די מענליכע בלומען נישט רייף, דערפאַר איז אָבער דער ווייבליכער בלומען־קראַנץ אין דער פולער רייפקייט און איז גרייט צו דער בעפרוכטיגונג. און פאַר דעם דאָזיגען רייפען ווייבליכען קראַנץ ברענגען איצט די פליגעלעך מיט דעם רייפען מענליכען זוימען פון אַנ׳אַנדערען פרעמדען „אַהרונס שטעקען״; פשוט אַרומווימלענדיג קלעבען זיי צו דעם דאָזיגען זוימען, אָן זייער ווילען, צום געהעריגען אָרט. צי איז דאָס נישט אַנ׳אונפערגלייכליכע ראַפינירונג? ביי טייל מינים „אַהרונס שטעקענס״ זענען פאַרהאַן אַפילו צוויי רייהען

האָבען זיי זיך דאָרט געגומען? דו האָסט פּאַר דיר איינעם פון די וואונדערליכסטע מעכאַניזמען פון דער גאַנצער צמחים-וועלט; אַ מעכאַניזם, וועלכער האָט פּאַר אַ ציל איינצושטעלען די קרייצונג און אונמעגליך צו מאַכען די בלוט-מישונג.

דער „אהרונס שטעקען" לאָזט אַרויס פון זיך אַ פוילען ריח, וועלכער ציט צו קליינע שוואַרצע מיסט-פליגעלעך. זיי געפינען דאָרט אַ אַנ'אָפען גרין רערעל און קריכען דאָרט אַריין; דאַן שטויסען זיי זיך אָן אויף אַ דיקען קעפּעל, וואָס שטעקט אַרויס פון דעם אָפענעם בלומען-קעסעלע: דאָס איז דער שפּיץ פון דער אייגענטליכער בלום (אָדער בעססער געזאָגט פון דער בלומען-קאָלאָניע, ווייל דו האָסט דאָ צו טון נישט מיט איין בלום), וועלכע שטייט אַלס נאַקעטע אַקס, אָן אַ בעזונדערער אינערליכער הילע, אינדערמיט פון דעם קעסעל. דאָרט מוז גוט זיין: אין דרויסען פאַלט אַ קילער טוי, און דאָ איז אַזוי וואַרעם, און די אינערליכע ווענט פון דעם קעסעל האָבען אַזוי פיל זאַפט צום עסען. אָבער וואָס איז דאָס? אַ פליגעלע וואָס האָט זיך שוין אָנגעוואַרעמט און אָנגעגעסען צו דער זעט, וויל אַרויס פון דעם פריינדליכען גאַסט-הויז, — און עס בעמערקט, אַז די נאַש-חברה איז געפאַנגען אין קעסעל. זיי האָבען גאָרנישט בעמערקט, אַז זיי זענען אַראָבגעקראָכען דורך אַ קראַנץ בויגעוודיגע הערעלעך, וועלכע האָבען זיך איצט צוריק אויפגעהויבען און פערשטעלט דעם וועג אַרויס. ס'איז שלעכט! די קליינע געפאַנגענע ווימלען אַרום עטלעכע טעג אומרוהיג אין זייער תפיסה, זיי ווערען אָבער כסדר געשפּייזט און געוואַרעמט. דערווייל קומט-פּאָר אין געוויקס עפּעס אַ נייעס, וואָס די פליגען בעמערקען גאָרנישט, ווייל עס גייט זיי, דוכט זיך, נישט אָן.

אויף דער אַקס פון דעם קעסעל זיצען ענג איינער נעבען דעם אַנדערן פריער אַ קראַנץ מענליכע און דאַן אַ קראַנץ ווייבליכע בלימעלעך. זיי זיצען אַזוי ענג איינער נעבען אַנדערען און אין אַזאַ געפערליכער פאָרם איינער איבערן אַנדערען, און דערצו נאָך דאָס אַרומווימלען פון די פליגען! וואָס קאָן נאָך זיין געפערליכער? ווי אַזוי זאָל דאָ אויסגעמיטען

בעפרוכטיגט מיט דעם שטויב פון אַנדערע בלומען, וועלכער ווערט אַריבערגעטראָגען פון איין בלום אויף דער אַנדערער דורך די אַרומפליענדיגע אינסעקטען. די דאָזיגע אינסעקטען (בינען, פליגען, זומער־פויגעלעך) ווערען ציגעצויגען צו דעם געוויקס דורך אַלערליי פאַרבען, ריחות און זיסע האָניג־קוועלען. כדי צו דערגרייכען צום האָניג מוזען זיי אַריינקריכען אין דער בלום; דערביי בעפודערט זיי די בלום מיט איר בלומען־שטויב, ד. ה. מיט אירע זוימען־קעמערלעך, און אַז אַזאַ בעפודערטער אינסעקט פליט אַזוי ווייטער אַרויף אויף אַ צווייטער בלום פון דעם זעלבען מין, קלעבט ער צו נישט ווי־לענדיג די דאָזיגע זוימען־קעמערלעך צו דעם ווייבליכען גע־שלעכט־טייל און פערמיטעלט אַזוי אַרום די בעפרוכטיגונג פון צוויי פרעמדע (נישט ברידערליכע) בלומען פון דעם זעלבען מין; דער אינסעקט העלפט אַזוי אַרום די בלומען דורכצופירן די קרייצונג, וועלכע איז בעשיינפערליך אַ וויכטיגער, אונפער־מיידליכער בעדינג פאַר דער גאַנצער עקזיסטענץ פון די דאָ־זיגע געוויקסען. דער זעלבער פאַל דאָ און דאָרט (זאָל זיין, אַ פיל מער קאָמפליצירטער): דער ברודער־זוימען פון דעם איי־גענעם בלומען־שטאָק ווערט דורכאויס אויסגעמיטען, דאַגע־גען דער פרעמדער זוימען, וועלכען דער אינסעקט ברענגט מיט, איז אַ ליבער גאַסט און ווערט גערן אויפגענומען צו דער צו־נויפשמעלצונג. איך וויל דיר נאָך איין ביישפיל געגויער פאָר־שטעלען, ווייל די זאַך איז אין יעדער ריכטונג זער אינטערעסאַנט.

נעם דאָרט אין דעם גראָז, אונטער די אייל־בוימער, איינס פון יענע זעלטענע בלייך־גרינע שטענגעלעך, ביי וועל־כען אַ גרויסער בלאַט הילט אַרום ווי אַ פונאַנדערגעוויקעלטער פאָן די בלום. דאָס איז אַנ'אַזוי גערופענער „אהרונס שטעקען", פון דער גרופע אַ ר אָ א י ד ע ן. צורייס דעם גרינעם אַרום־הילענדיגען בלאַט. די בלום אונטער אים איז געהאַלטען ווי אין אַ קעסעל. און אַז דו צורייסט אים, טוט אַ פלי אַרויס אַ גאַנץ געווימעל שוואַרצע פליגעלעך. עס זעט דיר אויס, אַז דו האָסט זיי פלוצלונג בעפרייט פון אַ תפיסה. אָבער פון וואַנען

זיך אַ פּאַרטנער צו דער צונויפגיסונג. זיי זענען אמת'ע ברי=דער פון איין צושפּאָלטענעם קעמערל. זיי בעגעגענען זיך, אָבער זיי מיידען זיך אויס. עס זעט אויס, ווי עפּעס אַנ'אַנ=טיפּאַטיע וואָלט זיי מיט אַמאָל אַוועקגעטריבען איינס פון דעם אַנדערן, אַנ'אַנטיפּאַטיע, וועלכע בעהערשט זיי אונ'רחמנות'דיג. אַזוי ווי אַנ'עלעקטרישע אָבשטויסונג. באַלד האָט אָבער יעדערס פון זיי בעגעגענט אַ פרעמד, נישט ברידערליך, אַרומשווימענדענ=דיג קעמערל, און באַלד קומט פאָר די איניגסטע צונויפגיסונג, פאַרוואָס אַנטלויפט עס ברודער פון ברודער?

זע נאָך עפּעס. העכערע געוויקסען. דאָ האָט שוין אַ צוטיילונג אויף געשלעכטער, אַ ווייבליכער טייל אין דער בלום: דאָס פרוכט=בייטעלע, און מענליכע טיילען: די שטויב=פעדעמ=לעך. אָבער דאָס איז נישט וויכטיג. יעדענפאַלס האָסטו זער פיל פאַלען, וואו ביידע געשלעכט=טיילען, וועלכע דאַרפען ביי דער בעפרוכטיגונג צווישען זיך עפּעס צונויפמישען, זיצען דאַרט איינער נעבען דעם אַנדערן אין דערזעלבער בלום. די דאָזיגע העכערע געוויקסען שיקען נישט אַרויס פון זיך קיין בעוועגליכע קעמערלעך אַזוי ווי יענע וואַסער=געוויקסען. די בלום זיצט פעסט איינגעוואָרצעלט, פונקט אַזוי ווי דאָס גאַנצע געוויקס. וואָס וואָלט ביי אַזאַ לאַגע געקאָנט זיין לייכטער, ווי אַ פעראייניגונג פון ביידע געשלעכט=טיילען אין איין און דער זעלבער בלום? די שטויב=פעדעמלעך דאַרפען נור צו דער רעכטער צייט אַראָבשיטען זייערע שטויבעלעך, וועלען זיי אַראָבפאַלען אין דעם ווייבליכען פרוכט=בייטעלע און דורך דער צונויפשמעלצונג עס בעפרוכטיגען.

אָבער וואו זעהסטו אַזעלכעס? אין ניין און ניינציג פאַלען זעהסטו ביי דער בלום די ראַפינירטסטע אויפטועכצען, כדי צו שטערען די בעהעפטונג פון ביידע געשלעכטליכע טיילען אין דערזעלבער בלום. אין אונצעליגע פאַלען איז די גאַנצע בלום איינגעאָרדענט אַזוי, אַז, נישט קוקענדיג אויף דער גרעסטער נאָנטקייט, איז די זעלבסטבעפרוכטיגונג בשום אופן נישט מעג=ליך. דאַגעגען ווערען די אונבעוועגליכע בלומען אונפערמיידלעך

דורך דעם גאַנצען ליבע־לעבען אין דער נאַטור גייט דורך אַן׳אונגעהויערער געזעץ. ווען דער מענש האָט ערוואַכט, ווען ער האָט זיינע אומפערשטענדליכע אינסטינקטען איבער־געמאַכט אויף פעסט־בעשטימטע געזעצען, איז דאָס דאָזיגע גע־זעץ געווען איינס פון די ערשטע, וועלכעס ער האָט פער־שריבען. אָבער פערדאַן איז עס געווען אַלט אייזערנער גע־באָט פון דער נאַטור לאַנג פאַר אים. ער אַליין וואָלט קיינ־מאָל אויף דער וועלט נישט געווען, ווען דאָס דאָזיגע געזעץ וואָלט נישט דורכגעפירט געוואָרען אויך אָן טאָוועל און שריפט.

דאָס דאָזיגע אייזערנע געזעץ פעראורטיילט די בלוט־מישונג (אינצוכט). דו זאָלסט נישט געבוירען קיין קינדער מיט דיין פאָטער, מיט דיין מוטער. דו זאָלסט נישט געבוירען קיין קינדער מיט דיין זון, מיט דיין טאָכטער. דו זאָלסט נישט געבוירען קיין קינדער מיט דייך ברודער, מיט דיין שוועסטער. דאָס קינד, וואָס וועט געבוירען ווערען פון אַזאַ בעהעפטונג, וועט זיין אַ פערשאָלטען קינד. ווייל עס איז אַ קינד פון דער בלוט־מישונג, פון דער בעהעפטונג פון בלוט מיט צו נאָענטען קרובה׳שען בלוט.

טיף אונטען אין דער וועלט פון דעם לעבעדיגען קלינגט שוין דער דאָזיגער רוף, הערשט שוין די דאָזיגע קללה.

ער קלינגט פון דער ביבעל פון דער נאַטור, וועלכע איז מיט מיליאָנען יאָרען עלטער, ווי די מענשליכע ביבעל.

קוק זיך נאָכאַמאָל צו צו די פייערדיגע קליינע גרינע פעדים פון דעם וואַסער־געוויקס, וועלכע שטייען, אמת, אַביסעל העכער פון די איינפּאַכע איינקעמערדיגע אור־ברואים, אָבער ביי וועלכע דו האָסט נאָך געזען די איינפאַכסטע צונויפגיסונג פון גלייכע אינדיווידואומס. אָט זעסטו צוויי אַזעלכע קליינע טייל־קערפערלעך, ווי זיי בעוועגען זיך אין וואַסער און זוכען

וואָס דיִ צונויפגיִסונג האָט זיי ביִז דאַן געקאָנט געבען; עס האָט זיִך ביי זיי אָנגעהויבען גאָר אַ נייע עראַ.

דער דאָזיִגער זאַץ בעדייט איִן דער וויִרקליִכער געשיִכטע פון דיִ איינקעמערלדיִגע אָט וואָס: צו דעם איינפאַכען פאַקט פון דער צונויפגיִסונג פון צוויי קעמערלעך איִז צוגעקומען איינס פון דיִ גרעסטע פראָבלעמען פון דעם גאַנצען איינקעמערלדיִגען לעבען און פון דעם ליִבע-לעבען בכלל: דאָס פראָבלעם פון דער קרייצונג און פון דער ניִשט דערלאָזונג דער בלוט-מיִשונג.

נאָך הײנט זעהר שװער; דעריבער איז אויך שװער צו זאָגען אויף זיכער, אויף װיפיל דער דאָזיגער העכסטער שטאַפּעל איז פערשפּרײט בײ די אײנקעמערלדיגע ברואים, װעלכע װײזען שוין אַרויס קאָניוגאַציע, דאָס הײסט צונויפגיסונג; עס איז אָבער װאַרשײנליך, אַז די דאָזיגע הויכע שטופע איז זעהר װײט פערשפּרײט.

אין פלוג קאָן זיך דוכטען, אַז די דאָזיגע קלוגע רעגוּ־לירונג איז נור אַ נעבענזאַך, אַ פאָרם־זאַך. זי בעװאָרענט פּשוט פאַר אַנ׳אומנוצליכען איבערפלוס פון כראָמאָזאָמען. אָבער דער־מאָן דיך, אַז זי טוט־אויף נאָך עפּעס. װען בײדע „רינגען", ד. ה. בײדע כראָמאָזאָמען־מאַסען פון די צונויפגעגאָסענע קעי־מערלעך װאָלטען געבליבען בעזונדער בײ דעם נײעם אינדי־װידואום און זײ װאָלטען װײטער איבער־געגעבען געװאָרען בײ דער פרוכפערונג, װאָלט קײנמאָל, בײ קײן שום קעמערל נישט צושטאַנד געקומען קײן אמת׳ע צונויפשמעלצונג פון די כראָ־מאָזאָמען. קײנמאָל װאָלטען דאַן נישט „געקרײצט" געװאָ־רען צװײ ערבליכקײט־מאַסען צו אײן נײער אײנהײט פון פערשידענאַרטיגע ירושה־טײלען. מיט דער צונויפשמעלצונג פון די צװײ „האַלבע רינגען" איז אָבער די דאָזיגע אינערליכע מישונג דורכגעפירט געװאָרען אין אַנ׳אָננעמבאַרער און ענד־גילטיגער פאָרם. אַלע אײניקלעך און אור־אײניקלעך ירש׳ענען פון איצט אָן אַלץ פון דעם דאָזיגען נײעם „רינג", פון דער דאָזיגער געמישטער ערבליכקײט־מאַסע. עס פעראײניגען זיך אין זײ די כאַראַקטערען און די שיקזאַל־ביכער פון צװײ אינדיװידואומס, האַרמאָניש דורכגעפלאָכטען האַלב אויף האַלב. און װאָס דאָס בעדײט, דערצײלט דיר דאָס קאַרליק־מעשה׳לע באַלד װײטער.

די קאַרליקלעך האָבען זיך צוגעװאוינט צוליב נוצליכקײט זיך נישט צונויפצוגיסען מיט זײער אונמיטעלבאַרע בלוט־קרובה׳שע ברידער, נור זיך צו זוכען דערצו פרעמדע ברואים פון דעם זעלבען שטאַם. און דאָס האָט זײ אומגעריכט געגע־בען גאָר אַ נײעם געװינס, װעלכעס האָט איבערגעשטיגען אַלץ,

„האַלבען רינג“). דאָס זוימען־חיה'לע, דאָס זוימען־קעמערל, האָט דאָס זעלבע שוין פריער געהאַט געטון. אַזוי אַרום איז ענטשטאַנען אַ נייע צונויפגעשמאָלצען קעמערל, וועלכעס האָט, נישט קוקענדיג אויף דער צונויפשמעלצונג, געהאַט נישט מער ווי די נאָרמאַלע צאָל כראָמאָזאָמען, וועלכע עס דאַרף האָבען איין איינציגער אינדיווידואום; די דאָזיגע צאָל איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון צוויי העלפטען, וואָס די קעמערלעך האָבען מיט זיך צו דער צונויפגיסונג מיטגעבראַכט. דאָס איז פונקט דער אויסוועג, וועלכען אונזער געשיכטע האָט דערציילט וועגען די ביידע האַלבע רינגען ביי אונזערע קאַרליקלעך.

און אויך די דאָזיגע אַלע ענטוויקלונגס־שטופען קאָנען מיר נאָכפאָלגען נאָך היינט ביי אונזערע אמת'ע איינקעמערלדיגען. מיר קאָנען אַזעלכע איינקעמערלדיגע, ביי וועלכע די קערענדלעך שמעלצען זיך נישט צונויף אין דעם צונויפגעגאָסענעם אינדיווידואום. דאָ פערבלייבען אַזוי אַרום נאָך ביידע „צויבער־רינגען“. דאַגעגען זעהען מיר אָבער, צום ביישפיל, ביי דעם אַזוי גערופענעם ז ו ן ־ ח י ה ' ל ע, אַ וואָרצעלפיסעל, וואָס האַלט זיך אויף אין אונזערע וואַסערען, אַ צונויפגיסונג, וועלכע איז שוין ענטוויקעלט ביז'ן לעצטען שטאַפעל: מיר זעהען ווי ביידע אינדיווידואומס וואַרפען אָב פאַר דער צונויפגיסונג צו איין „ריכטונג־קערפערל“, דערנאָך ווערען ביי דער צונויפגיסונג ביידע קערענדלעך אינגאַנצען צוזאַמענגעשמאָלצען. מיט די דאָזיגע ריכטונג־קערפערלעך ווערען איינפאַך דורך ביידע ברואימ'לעך אַוועקגעוואָרפען זייערע „האַלבע רינגען“ (דאָס הייסט אַ העלפט פון דעם כראָמאָזאָמען־מאַטעריאַל), און אין דעם ניי ענטשטייענדיגען צוזאַמענגעשמאָלצענעם קערענדל האָט דער נייער צונויפגעגאָסענער אינדיווידואום זיין איינציגען נייעם „רינג“, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט פון ביידע פערבליבענע העלפטען; דאָס הייסט: די ביידע פערבליבענע טיילען פון כראָמאָזאָמען־מאַטעריאַל בילדען אין אים איין נייע איינפאַכע כראָמאָזאָמען־מאַסע פון זיין נייעם קערענדל. גענוי נאָכצופאָרשען די דאָזיגע האַנדלונג ביי אונזערע איינקעמערלדיגע איז

ווּכט זיך, הויבט דאָ אָן פאַר אונז קלאָר צו ווערען: אַז די לעצטע בעגריפען זענען ערשט די שפּעטערדיגע, די העכערע, די קאָמפּליצירטערע אויף דער זעלבער ענטוויקלונגס-לייטער פון די לעבענס-ערשיינונגען.

באַלד די ווייטערדיגע שטופּע פון אונזער מעשה'לע ווייזט דיר, ווי אַזוי די ליבע האָט דאָס „לעבעדיגע פּרעסען" שוין ביי די איינקעמערלדיגע אַזוי פערטיפט, אַז עס איז דער-פון געוואָרען אַ גאַנץ נייע ערשיינונג. ווילדע פעלקער גלויבען נאָך היינט, אַז ווען אַ מענש טרינקט דאָס בלוט פון אַ לייב, בעקומט ער עפּעס פון זיין כאַראַקטער, פון זיין מוט און פון זיין קראַפט. דערמאָנסט דיך דאָ דאָס זעלבע אין אונזער קאַר-ליק-מעשה'לע? פון דער איינפאַכער צונויפגיסונג, וועלכע האָט געדאַרפט ניט מער ווי פערגרעסערן דעם וואוקס, איז ביי די קאַרליקעס באַלד געוואָרען אַן'אמת'דיג „כאַראַקטער-פרעסען". און דערמיט איז ערשט די גאַנצע צונויפגיסונג-געשיכטע אַרויף אויף אַ העכערער מדרגה.

ביי אונזערע קאַרליקלעך איז ענטשטאַנען די פראַגע, וואָס זאָלען זיי טון מיט ביידע רינגען, ווען צוויי אינדיווידו-אומס גיסען זיך צונויף. אויף דער שפּראַך פון אונזערע קעמערלעך אין דער אמת'דיגער נאַטור, ווערט עס הייסען: וואָס זאָל ווערען ביי אַזאַ צונויפגיסונג פון צוויי קעמערלעך מיט דעם כראָמאָזאָמען-אינהאַלט פון ביידע קערענדלעך? די כראָ-מאָזאָמען האָבען אין זיך ענטהאַלטען ערבליכקייט-מאַטעריאַל פאַר צוויי גאַנצע אינדיווידואומס. וואָס זאָל אַלזוי ווערען איצט, ווען פון די ביידע דאַרף איצט ווערען נור איין אינדיווידואום?

מיר דערמאָנען זיך אָבער ווידער אָן אונזער איי-קעמערל אין דער פינסטערער שאַכט. איידער עס האָט זיך צונויפגעגאָ-סען מיט דעם צווייטען קעמערל, מיט דעם זוימען-קעמערל, האָט עס אָבגעוואָרפען אין דעם אַזוי גערופענעם „ריכטונגס-קערפּערל" אַ העלפט פון זיינע כראָמאָזאָמען (דאָס הייסט, זיין

[מ]ין פרעסען), וואָס האָט דעם צוועק צו בעזייטיגען די דאָזיגע אונטויגליכע טיילען און צוזאַמען דערמיט אויך די נישט פערדייעטע טיילען פון דער שפייז. דאַן קומט־צו אַלס פּאָזיטיווע פאָרטזעצונג פון דעם איינפאַכען צוריקשטעלען די אונטויגליך־געוואָרענע טיילען פון קעמערל—דאָס וואַקסען, און דאָס דאָזיגע וואַקסען ווייטער בעשאַפט ווידער אַ מין פּאָזיטיווע פאָרם פון אַ העכערער, לעבעדיגער אָבוואַרפונג: די פרוכפּערונג ד. ה. דאָס צושפּאַלטען זיך אויף צוויי טייל אָדער ווייניגסטענס דאָס אָבשפּאַלטען פון זיך אַ קנאָספּע. און איצט קאָנסטו דאָס אָן בעזונדער מי אַוועקפירען נאָך ווייטער און זאָגען: פונקט אַזוי ווי דאָס איינפאַכע פרעסען מוז אַלעמאָל צוריקשטעלען דאָס, וואָס עס איז דורך דער איינפאַכער אָבוואַרפונג פאַרלאָרען געגאַנגען. אַזוי מוז אויך ביי געהעריגע אומשטענדען אַ בעזונדערער נייער מין פרעסען צוריקשטעלען דאָס, וואָס ס׳איז דורך דער צופיל אינטענסיווער פרוכפּערונג אָבגעוואָרפען געוואָרען. אַזוי ווי די פּרוכפּערונג איז אָבער אַ „לעבעדיגע אָבוואַרפונג", מוז דאָ פאָרקומען אויך אַ „לעבעדיג פרעסען", דאָס הייסט: לעבעדיגער שטאָף אַלס אַזעלכער מוז אַריין אין דעם קעמערל. אויב דו ווילסט עס גאַנץ גראָב אויסדריקען, קאָנסטו זאָגען: די ערשיינונג פון „קינדער האָבען" איז נור אַ העכערער פאָרם פון דער אָבוואַרפונג פון אַן עקסקרעמענט; און די ליבע אין זין פון דער צונויפגיסונג פון צוויי אינדיווידואומס, כדי צו שאַפען אַ דריטען אינדיווידואום, איז נור אַ פערפיינערטע פאָרם פון פרעסען. דו בעגרייפסט אָבער, וואָס דאָ ווערט אייגענטליך געמיינט, אָן שום פאַראַדאָקסישען שפּאַס. דאָס איז אַן אויספיר פון אַ העכסטניכטערן געדאַנקענגאַנג. און ענדליך ווייסען מיר אייגענטליך וועגען אָנהויב פון דעם פערגלייך פונקט אַזוי פיל ווי וועגען סוף, מיר ווייסען פונקט אַזוי נישט, וואָס עס איז אַזעלכעס דאָס „איינפאַכע", ווי מיר ווייסען נישט, וואָס עס איז דאָס „פערפיינערטע". פרעסען און עקסקרעמענט זענען סוף כל סוף פונקט אַזעלכע טיפע און ערהאַבענע רעטענישען פון דעם לעבען, ווי די פּרוכפּערונג און די ליבע. און נור איין זאַך,

עס פאָר נאָך זײנט בײ אמת׳ע װאַסער־געװיקסען! פאַר װאָס זאָלען מיר ניִשט זאָגען (די זאַך איז דאָך אַזױ לאָגיש!), אַז אַזױ איז אױך געגאַנגען דער װעג גאָר אין די אור־צײטען, װען עס האָט זיך נור װאָס אָנגעהױבען די צונױפגיסונג, ד. ה. די געשיכטליכע ליניע, װעלכע האָט שפּעטער דערפירט צו דער געשלעכטליכער פּרוכפּערונג?

נאַטירליך, בלײבען דאָ פאַר אונז אױך געװיסע סודות. אָבער אַזעלכע סודות בלײבען דאָך פאַר אונז אױך אין תּוך פון אַלע לעבענס ־ ערשײנונגען. װי איז מעגליך, אַז צװײ זעלבסטשטענדיגע אינדיװידואומס, אַלץ אײנס, צי זענען זײ גרױס אָדער קלײן, גלײך אָדער ניִשט גלײך, זאָלען איבער־הױפּט זיך קאָנען לעבעדיגערהײט צונױפגיסען? װאָס פאַר אַ „סימפּאַטיע" קומט דאָ פּלוצלונג אָן, װעלכע צװינגט די צװײ לעבעדיגע קעמערלעך זיך צונױפצושמעלצען, אַזױ װי צװײ גרונד־שטאָפען בײ דער בילדונג פון אַ כעמישער פערבינדונג? דאָס װײסען מיר, נאַטירליך, ניִשט. אָבער דו מוזסט דאָך דיר קלאָר מאַכען: מיר װײסען אױך אײגענטליך ניִשט, פאַרװאָס עס איז נױטיג פאַר׳ן לעבען פון דעם קעמערל דער שטאָף־װעק־סעל, פאַרװאָס דאַרף דאָס קעמערל אָבװאַרפען אונטױגליכע טײלען און פערדײען נײע, פאַרװאָס איז נױטיג דאָס פרעסען און זײן געגענטײל, פאַרװאָס קומט פאָר דאָס װאַקסען און דאָס צושפּאַלטען זיך. מען האָט דעם אײנדרוק, אַז אױך בײ דער צונױפגיסונג פון צװײ לעבעדיגע קע־ערלעך אין דער פּרימיטיװער פאָרם, װי מען זעט זי בײ יענע דיאַטאָמעעס, קומט־פאָר נור אַ מין פּאָזיטיװע פאָרטזעצונג אָדער פערענדע־רונג פון אײנער פון יענע אונפערשטענדליכע גרונד־ערשײנונ־גען פון לעבען. איך האָב דיר שױן געזאָגט: די אײנפאַכסטע געשעהעניִשען אין לעבען פון די קעמערלעך שטיצען זיך בע־שײנפערליך אױף דעם אײנפאַכען שטאָף־װעקסעל; דאָס זענען: דאָס אױפנעמען שפּײז (פרעסען), װאָס האָט דעם צװעק צו־ריקצושטעלען די טײלען פון דעם קעמערל, װעלכע טױגען מער ניִשט צום געברױך, און דאָס אָבװאַרפען, (דער געגענטײל

האָבען דאָ געזען פריער אַלס אַנ׳אויסערליכע ערשיינונג, האָט זיך מיט דער צייט אונגעהויער פערטיפט.

ווייל עס קאָן קיין צווייפעל ניט זיין, אַז מיט אַזאַ ערשטער צונויפגיסונג פון צוויי אינדיווידואומס איז די ענטוויקלונג פון דעם ליבע-לעבען אין דער נאַטור אַרויף אויף אַ גאַר נייעם וועג. די דאָזיגע איינפאַכע קאָניוגאַציע (אַזוי האָט מען די צונויפגיסונג אָנגערופען) פון צוויי יונגע איינקעמערלדיגע ברואים פון דעם זעלבען מין האָט געמוזט געבען דעם ערשטען שטויס צו דער געשלעכטליכער ליבע און דערמיט אויך צו דער ליבע אין ענגערן זין איבערהויפט.

נאַטירליך, זענען נאָך דערביי אינגאַנצען ניט פערהאַן געווען קיין „געשלעכטער", וועלכע זאָלען זיך אונטערשיידען איינער פון דעם אַנדערן לויט דער פאָרם. ביידע בעשעפעניסען, וואָס גיסען זיך צונויף, האָבען איין און די זעלבע געשטאַלט. דאָס קאָנסטו נאָך היינט אין טייל פאַלען זען אפילו ביי ברואים, וואָס שטייען העכער פון די איינקעמערלדיגע. די חייסט דאָך, אַז די חיות און די געוויקסען האָבען זיך ערשט שפעטער געשיכטליך ענטוויקעלט פון דער אור-וועלט פון די איינקעמערלדיגע. קוק זיך צו צו די צאַרטע שמאַראַגד-גרינע וואַסער-געוויקסען אויף די שטיינער פון טייך און אויף נאַסע ערטער ביים ברונעם. יעדער פאָדעם בעשטייט פון אַ לויזער קייט פון קעמערלעך. צו דער רעכטער צייט צופאַלט זיך יעדערס פון די דאָזיגע קעמערלעך פאַר זיך אין אַ גאַנצער קאָלאָניע, אין אַ גאַנצען געווימעל פון נייע קליינינקע קעמערלעך. באַלד לאָזען זיך די דאָזיגע נייע קעמערלעך לעבהאַפט אַרויס אין וואַסער. און אַז עס בעגעגענען זיך דאָרט צוויי, וועלכע שטאַמען, אמת, פון פערשידענע קאָלאָניעס, אָבער וועלכע האָבען פונקט דעם זעלבען אויסערליכען אויסזען, מיידען זיי זיך ניט אויס, נור דריקען זיך צוזאַמען, גלייך עס וואָלט זיי מיט אַמאָל בעהערשט אַ געגענזייטיגע סימפּאַטיע, און זיי גיסען זיך ענדליך צונויף און ווערען איין קערפער. אַזוי קומט

צווייטער, דער קלענערער איז אויך אַזאַ קיילעכיגער אונטער־שיסעלע. אַז אַזאַ דיאַטאָמעע צעטיילט זיך, בעקומט איין טייל־קינד דאָס גרעסערע שאַכטעל־דעקעל און דאָס אַנדערע—דאָס קלענערע שאַכטעל־שיסעלע. ביידע נעמען זיך באַלד אַרבייטען און שטעלען זיך אויף גאַנצע שאַכטלען. אָבער ביידע בויען צו נור דאָס אונטערשטע שיסעלע. אויך דער קלענערער טייל, וועלכער האָט בעקומען דאָס אונטערשטע שיסעלע, בענוצט עס ווייטער אַלס אַ דעקעל, אין וועלכען ער בויט אַריין נאָך אַ קלענער אונטער־שיסעלע. אַלס רעזולטאַט האָט די דאָזיגע צווייטע דיאַטאָמעע אַ קלענער שאַכטעל, אין וועלכען עס קאָן זיך ענטוויקלען נור אַ קליין קערפּערל. און אַז די צושפּאַלטונג גייט אַזוי ווייטער, ווערען די קינדער אַלץ קלענער און קלענער. שטעל דיר עס פאָר אַזוי אָן אַ סוף, ווע סטו זען, אַז די שאַכטלען ווערען אין איין ליניע אַלץ קלענער און קלע־נער, זיי ווערען טעשעלעך און קאַרליק־שקעטעלעך און ענדליך אַזעלכע ליליפּוט־פּילעכלעך, אַז קיין שום נאָרמאַל־קעמערל קאָן אין זיי מער נישט לעבען. אין אַזאַ פאַל געשעט פאָלגענדעס: צוויי איינזאוינער פון אַזעלכע אונמעגליך־פערענגטע הייזלעך וואַרפען פשוט אַוועק זייער גאַנצע שאַכטלען און נאַקעט, אַזוי ווי זיי קריכען אַרויס, גיסען זיי זיך צונויף. דערמיט דערגרייכען זיי ווידער אַנ'ערטרעגליכע גרויס און זיי בויען זיך טאַקע באַלד דערנאָך אויף אַ שאַכטעל אונגעפער פון דער פריהערדיגער מאָס.

איך מיין, אַז מיר קאָנען זיך דעם אָנהויב פון אַזעלכע צונויפשמעלצונגען ערקלערען מיט אַזעלכע צָדער ענליכע פשוטע ביישפילען. אין אָנהויב איז עס אַזוי אַרום געווען נור אַנ'אויסוועג בשעת אַ נויט, און די דאָזיגע נויט האָט זיך אַ לאַנגע צייט אַלעמאָל ווידער געקאָנט איבער'חזר'ען.

און דערנאָך האָט זיך געקאָנט, אַזוי ווי עס געשעט אָפט אין ד'ער נאַטור, פון דער דאָזיגער איינפאַכער זאַך ענט־וויקלען עפּעס נייעס, אונגעהויערס און אונערוואַרטעטס. עס האָט זיך געקאָנט ענטוויקלען דערפאַר, ווייל דאָס, וואָס מיר

די גרונד־ערשיינונג פון אַזאַ צונויפגיסונג פון צוויי
איינקעמערלדיגע ברואים קאָנכט נאָך היינט אויפן בעסטן
אופן נאָכפאָרשען ביי אונצייליגע פערטרעטער פון דער אור־
וועלט, ביי די אַזוי גערופענע: קאָניוגאַטען, דיאַטאָמע־
ען, ריזאָפאָדען, ספּאָראָזאָען, בייטש־אינפוזאָר־
יעס, וויהע־אינפוזאָריעס און פיל אַנדערע. וואָס מער
מען איז אין דער לעצטער צייט אַריינגעדרונגען אין דער
וועלט פון די דאָזיגע משונה׳דיגע בעשעפענישען. האָט מען
אַלץ דייטליכער געזען, אַז די דאָזיגע צונויפגיסונג איז פּאַראַ־
לעל צו דער איינפאַכער צושפּאַלטונג אַזוי פערשפּרייט אין
דער דאָזיגער גאַנצער אור-וועלט, ווי מען האָט זיך גאָר
נישט דערוועגט פריער פאָרצושטעלען. און עס לאָזט זיך נישט
אָבלייקענען, אַז אין אַ גאַנצער ריי אַזעלכע פאַלען האָט דער
דאָזיגער וואונדערליכער צונויפגיסונגס־אַקט קודם כל דעם
פשוט׳ען צוועק צו פערגרעסערען דעם געפערליכען וואוקס.
ביי פיל פון די דאָזיגע משונה׳דיגע ברואים זעט דער גאַנצער
שפּיל אויס אַזוי, ווי זיי וואָלטען אַלעמאָל געלאָזען ביי זיך
גיין די פּראָגרעסיווע פערקלענערונג ביז צום קריטישסטען
פונקט, און דאַן מיט אַמאָל אַרויסגעלאָזען דאָס רעטונגס־מיטעל,
אַזוי ווי אַן אָנגערעדטע זאַך. זיי שפּאַלטען זיך אַזוי לאַנג,
ביז די גרויס פון יעדען בעזונדער קומט צו ביז דעם מינימום,
דאַן הויבען זיי אָן דורכצופירען די צונויפגיסונג פון צוויי
אינדיווידואומס און ברענגען דערמיט אַריין אַ נייע וואוקס־
כוואַליע און דערמיט אויך אַ נייע כוואַליע ענערגיע אין זייער
גאַנצען פאָלק.

אַזאַ ערשיינונג זעסטו, למשל, זער קלאָר ביי אַ טייל
פון די איינקעמערלדיגע, וועלכע ערנערען זיך אַזוי ווי גע־
וויקסען, און וועלכע מען רופט דיאַטאָמעעס. יעדע דיאַטאָמעע
געפינט זיך אין אַ בעוועגליכער דאָפּעלטער שאָל פון האַרטען
קיזעל־שטאָף. די דאָזיגע שאָל שטעלט מיט זיך פאָר אַזאַ מין
פילען־שאַכטעלע: זי בעשטייט פון צוויי נישט גלייכע טיילען,
איין טייל, דער גרעסערער, איז אַ מין קיילעכיג דעקעל, דער

האָט איינער פֿון זיך אָבגעשפּאָלטען נישט קיין העלפֿט, נור אַ קלענער שטיקעל, דאָ איז זיך איינער גאָר צופֿאַלען אויף אַ גאַנצער מאַסע קליינינקע טיילעכלעך.ביידע פֿאַלען געפֿינסטו נאָך ביי לעבעדיגע איינקעמערלדיגע.

ביי אַ גאַנצער מאַסע אַזוי גערופֿענע אינפֿוזאָריעס, ד. ה. ביי אַ גרופּע בעשעפֿענישען, וועלכע געהערען נאָך אויך אינגאַנצען צו דער איינקעמערלדיגער אור־וועלט, זעסטו אָנשטאָט דער צושפּאַלטונג אויף צוויי העלפֿט די איינפֿאַכסטע פֿאָרם פֿון דער אַזוי גערופֿענער „קאָנסכונג“. די גאַנצע אינפֿוזאָריע שפּאַלט זיך נישט ביים „קינדער־האָבען“ אויף צוויי גלייכע טיילען, נור זי טיילט אָב פֿון דעם גרעסערען הויפּט־טייל אַ קליינעם נעבענטייל, אַזוי ווי אַ מין קנאָספּע: די טיילונג איז דאָ, אמת, נאָך „צוויי־טיילונג“, אָבער אַלס רעזולטאַט גיט זי צוויי שטאַרק נישט גלייכע פּראָדוקטען.

און ווייטער: ביי אַ נאָך גרעסערער מאַסע אור־ברואימלעך זעסטו מער אינגאַנצען נישט קיין צוויי־טיילונג, נור די גאַנצע אויפגעוואַקסענע בריאה צופֿאַלט זיך מיט אַמאָל אויף אַ גאַנצען באַרג זעלבסטשטענדיגע טייל־שטיקעלעך. אין דער מער ענטוויקעלטער אַביסעל פֿערענדערטער פֿאָרם רופט מען שוין אָן די דאָזיגע צופֿאַלונגס־מעטאָדע „ס פּ אָ ר ע ן־ב י ל ד ו נ ג“: דער איינקעמערלדיגער קערפּער פֿון אַזאַ אור־בעשעפֿעניש פֿלאַצט און פֿערוואַנדעלט זיך אין אַ גאַנצען שטויב־וואָלקען פֿון ליליפּוט־קעמערלעך („ספּאָרען“), און יעדער איינס פֿון די דאָזיגע קליינינקע קעמערלעך איז פֿאַר זיך אַ זעלבסטשטענדיגער אינדיווידואום. געוויסע אינפֿוזאָריעס צופֿאַלען זיך אַזוי אויף 250 און נאָך מער ספּאָרען־קינדער. אין עצם איז דאָס דער צווייטער פֿאַל פֿון אונזער קאַרליק־מעשה׳לע.

און דאַן ווייטער: אונזערע קליינינקע שוואַכע צוועלפֿלינגלעך האָט גאָר געדראָט אויסצושטאַרבען, ווען נישט די רעטונג, וועלכע איז געפֿונען געוואָרען אין לעצטען מאָמענט: די צונויפֿגיסונג.

בערפֿולען אַלע אָקעאַנען און בעדעקען די ערד מיט הויכֿע
בערג: אַזוי ערשיינט פֿאַר אונז די דאָזיגע שוידערליכֿע ליבעס=
טעטיגקייט, פונקט אַזוי ווי מיר זעען אין אַזאַ גראָב=ריזיגען,
דעמאָנישען שיין אַלע נאַטור=ערשיינונגען אין דער וועלט פֿון
די דאָזיגע כֿלומרשטע בעשיידען=קליינע קאַרליקלעך.

איין זאַך איז אָבער וויכֿטיג אויך ביי די דאָזיגע אַלע
שפּאַלטונגען. דער „רינג" מיט די אויסגעקריצטע הייליגע פֿאַ=
מיליען=צייכֿענס מוז יעדערס מאָל איבערגעגעבען ווערען ביי=
דע אָדער אַלע אָבגעשפּאָלטענע טיילען. ווער עס וואָלט דעם
דאָזיגען „רינג" נישט בעקומען, וואָלט געווען אַן אומגליקלי=
כֿער פֿערלאָזענער, אָן שום הילף און אָן שום צוזאַמענהאַנג
מיט דער וועלט, פֿון וועלכֿער ער שטאַמט. אַלס ראַדיאָלאַר
וואָלט ער נישט געוואוסט, ווי אַזוי אויפֿצובויען זיין מושעל=
שיסעלע, אַלס אַמעבע וואָלט ער נישט געוואוסט ווי אַזוי צו
קריכען, ווי אַזוי אויפצונעמען שפּייז און ווי אַזוי צו אָטעמען.
ער וואָלט גאָרנישט געוואוסט וועגען די אַלע שוץ=מיטלען,
וועלכע זיינע אור=עלטערען האָבען אין משך פֿון אַזוי פֿיל
דורות געשאַפֿען אַלס די ענטשפּרעכֿענדיגסטע פֿאַר זייער אומ=
געבונג. אין אמת'ען איז דער רינג מיט זיינע ירושה=צייכענס—
דער קערן מיט זיין כֿראָמאָזאָמען=סובסטאַנץ. דעריבער
מוז ביי דער שפּאַלטונג דער דאָזיגער קערן זיך אויך צו=
שפּאַלטען, אָדער בעסער געזאָגט: ער מוז זיך פֿערדאָפּלען אין
זיין גאַנצער קראַפֿט. מיר האָבען געזען ביי דעם איי=קע=
מערל, ווי עס פֿערדאָפּעלט פֿאַר אַזאַ שפּאַלטונגס=מאָמענט זיינע
כֿראָמאָזאָמען: זי נעמט אַראָב פֿון יעדען ערבליכֿקייטס=קערפּערל
אַן אָבצוג, אַזוי צו זאָגען, אַ קאָפּיע, וועלכע טראָגט אין זיך
די גאַנצע קראַפֿט. און דאָס זעלבע ווערט אויך דאָ געמיינט
מיט דעם אָבשפּאַלטען אַ צווייטען „רינג".

איצט ווייטער לויט אונזער מעשה'לע. די קאַרליקלעך האָ=
בען זיך אָנגעהויבען נישט ווי געהעריג צו שפּאַלטען: דאָ

צוצושפּאַלטען אויף „צוויי קינדער“ איז אויך אַן׳אינערלינ׳ע נויטווענדיגקייט און גרונד־אייגענשאַפט פון דעם איינקעמערלדיגען לעבען, פּונקט אַזוי ווי דאָס פרעסען און וואַקסען; די דאָזיגע אייגענשאַפט מוז זיך אויך האַלטען אויף די גרונדקרעפטען פון דעם דאָזיגען לעבען, וועלכע מיר קאָנען נאָך נישט, אָבער וועלכע מיר מוזען אָנערקענען אַלס אַ פעסט־ווירקענדיגען געזעץ. אין אַ געוויסען זין זעט אויס, אַז די דאָזיגע „צושפּאַלטונג“, די דאָזיגע איינפאַכטע פאָרם פון דער פרוכפערונג, איז פּונקט אַזאַ פּאָזיטיווע פאָרם פון דעם אָבוואַרפען אין דעם שטאָף־וועקסעל, ווי דאָס וואַקסען איז אַ פּאָזיטיווע פאָרם פון דעם פערדייען. אָבער ווי ס׳זאָל נישט זיין: דער פאַקט בלייבט שטיין מיט אַן׳אייזערנער פעסטקייט. אַן׳איינצעלנע אַמעבע מאַכט דיר היינט דורך דעם גאַנצען שפּיל: אַז איר ווייכער שליים־קערפּער דערגרייכט אַ געוויסע גרויס, וואַקסט זי מער נישט ווייטער, נור זי ציט זיך איין אינדערמיט, די קארבען פון ביידע זייטען ווערען אַלץ טיפער און טיפער, אָט האַלט נאָך אַ דין פעדעמעל לעבעדיגער ע ט ף ביידע טיילען צוזאַמען אָט צורייסט זיך אויך דאָס דאָזיגע פעדימעל: און אָנשטאָט דער אַלטער גרויסער אַמעבע, ליגען פאַר דיר צוויי נייע בעשעפעניש׳ען, יעדער פּונקט אַ העלפט פון דער אַלטער אַמעבע, אָבער יעדערס פאַר זיך בעזונדער אַן׳אינדיווידואום, וואָס איז גרייט דורך דעם פרעסען ווידער אויפצוואַקסען און דאַן זיך ווידער צו טיילען. ביי די באַצילען גייט אָפּט צו דער גאַנצער פּראָצעס פון וואַקסען, שפּאַלטען זיך, ווידער אַמאָל וואַקסען און ווידער זיך שפּאַלטען מיט אַזאַ געוואַלטיגער שנעלקייט, אַז דו זעסט די דורות זיך אָבטיילען איינע פון די אַנדערע אין משך פון שעה׳ען, אפילו אין משך פון טיילען פון אַ שעה, אַזוי ווי אונטער׳ן מעסער פון אַ בליץ־שנעל בעוועגטער מאַשין. ווען דער דאָזיגער בעקוועמער און אונגעהויער־שנעלער פרוכפערונג זאָלען זיך נישט אַ קייגענשטעלען געוויסע נאַטירליכע שטערונגען, וואָלט אַזאַ איינציגע באַצילען־קולטור אין משך פון עטליכע טעג געקאָנט אי־

זיין: זיי האָבען גאָר נישט קיין צוויי געשלעכטער. אַלע זע־נען גלייך צווישען זיך, און הגם זיי „האָבען קינדער", האָבען זיי אָבער אַזאַ אייגענשאַפט, אַז זיי בעקומען די דאָזיגע קינ־דער אָן אַ שום שפור פון געשלעכטליכער בעהעפטונג. זיי מאַכען עס פונקט אַזוי, ווי יענע קאַרליקלעך.

זיי האָבען אַ פעהיקייט אויפצונעמען פרעמדע שטאָפען אין זיך אַריין און זיי באַלד איינגאַנצען אין זיך איבערצואַר־בייטען און פערוואַנדלען אין זייער אייגענעם לעבענס־שטאָף. די דאָזיגע אויפנאַמע און פערוואַנדלונג איז נויטיג פאַר דעם אַזוי־גערופענעם „שטאָף־וועקסעל", וועלכער איז בעשיינפערליך אַ גרונד־ערשיינונג פון דעם גאַנצען לעבען. תמיד ווערען אין לעבענס־פּראָצעס די אַלטע בעשטאַנד־טיילען פון קערפּער אונ־טויגליך פאַר'ן געברויך און זיי מוזען אַרויסגעוואָרפען ווערען. עס מוז דעריבער אויפ'ן אָרט פון די דאָזיגע אַרויסגעוואָרפע־נע טיילען געשאַפען ווערען נייע, און דאָס געשעט דורכ'ן פרעסען און פערדייען. און אַזוי ווי מיר מענשען, די העכסט־ענטוויקעלטע חיות, טוען עס נאָך היינט, אַזוי האָבען עס גע־טון און טוען עס נאָך איצט אויך די איינקעמערלדיגע: זיי פרעסען, פערדייען און האַלטען זיך אַזוי אויף אין דעם שטאָף־וועקסעל.

אָבער עס ענדיגט זיך נישט בלויז מיט דעם דאָזיגען איינפאַכען שטאָף־וועקסעל. אַ קינד, אַז עס עסט, טוט עס דערצו נאָך עפּעס פּאָזיטיוועס: עס וואַקסט. און פונקט אַזוי האָבען געטון אונזערע אור־איינקעמערלדיגע, די „קאַרליקלעך". זיי האָבען געגעסען צופיל, און זיי זענען דערפון געוואָרען פּאָזיטיוו גרעסער: זיי זענען געוואַקסען.

איצט אָבער ווייטער: אַז דאָס דאָזיגע וואַקסען האָט דערגרייכט אַ געוויסע גרויס, האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעמישט אַ נייע וואונדערליכע קראַפט: דער קאַרליק האָט זיך געשפּאָל־טען, ער האָט זיך צוריסען אויף צוויי טייל... ער האָט „בע־קומען קינדער", דאָס הייסט: ער איז זיך צופאַלען פשוט אויף צוויי קינדער. עס איז קלאָר, אַז די דאָזיגע פעהיגקייט זיך

דאָס געוואָרען ווארשיינליך פון דעם מאָמענט אָן, ווען מען האָט פערשטאַנען דעם זין פון דעם דאָזיגען קערן אַלס אַ זאַמעלפונקט פון די כראָמאָזאָמען, און אויב דער קערן איז אין אונזער מעשה׳לע דער „רינג", זענען די כראָמאָזאָמען, וואָס אין אים, די צויבער׳דיגע „צייכענס" פון דעם דאָזיגען רינג. דאָס וואָרט „צויבער" דאַרף דאָ, נאַטירליך, פערדעקען אונזער אונוויסען וועגען דעם, וואָס עס שטעלען מיט זיך פאָר די דאָזיגע כראָמאָזאָמען און ווי אַזוי זיי פירען דורך זייער טעטיגקייט אין דעם קעמערל. מיט אַ געדיכטען סודות׳דיגען שלייער איז נאָך ביז היינט אויך פאַר דער שטרענג־סטער פאָרשונג פערצויגען די ערבליכקייט אַליין און דער איי־גענטליכער מעכאַניזם פון איר אַרבייט. און דאָס סימבאָלישע מעשה׳לע קאָן אים אויך נור בעצייכענען מיט אַזאַ וואָרט, וואָס בעהאַלט אונטער זיך אַזאַ אונפערשטענדליכע, אונבע־שרייבליכע ווירקונג.

לאָמיר אָבער צוריקקערען צו דער ליבע פון אונזערע קאַרליקלעך.

מיר האָבען זיי באַלד אין אָנהויב פון דער געשיכטע גע‏זען אינדיווידואַליזירט, אָבער דערביי זענען זיי נאָך גע־ווען אינגאַנצען געשלעכטלאָז; מיר האָבען נישט גע־זען ביי זיי נישט קיין מאן און נישט קיין פרוי. און דעם דעם דאָזיגען צושטאַנד זעסטו אויך נאָך היינט ביי אונצעליגע איינקעמערלדיגע; יאָ, דער דאָזיגער געשלעכטלאָזער צושטאַנד איז אין דער וועלט פון די איינקעמערלדיגע אַזוי פערשפרייט, אַז ער בילדעט איינעם פון אירע הויפט־סימנים. אומזיסט זוכסטו ביי איינעם פון יענע אונפאָרמיגע שליים־קנוילעכלעך אין זאַמד פון אונזערע טייכלעך, ביי די אַזוי גערופענע אַמעבעס, אָדער ביי וועלכער ס׳איז פון די אמת׳ע בערימ־טע באַצילען סימנים פון „מענליכקייט" אָדער ווייבליכקייט". זיי זענען נישט דאָס און נישט יענץ. זיי זענען אויך נישט קיין אַזוי גערופענע הערמאַפראָדיטען אָדער אַנדרוגנוס׳ען, וועלכע פעראייניגעןביידע געשלעכטער אין איין קערפער.

האָט אין זיך אַזאַ ערבליכקייט־סובסטאַנץ, וועלכע האָט אַלט פעסטער קאָדעקס רעגולירט דאָס לעבען פון די דאָזיגע קעמערלעך. עס איז לייכט זיך איבערצייגען דערין ביי די איינקעמערלדיגע, וואָס לעבען נאָך היינט. עס זענען פערהאַן, למשל, אַזעלכע איינקעמערלדיגע, וועלכע, מען טרעפט מערסטענטיילס אַרומשווימען אין אָקעאַן און וועלכע מען רופט *ראַדיאָלאַריעס*. די אינדיווידואומס פון דעם גרעסטען טייל פון די דאָזיגע ראַדיאָלאַריעס קאָנען פון דער האַלב־פליסיגער פערגליווערטער מאַסע, וואָס בילדעט זייער גאַנצען קערפער, אויסשיילען העכסט קונסטפולע מושל־שיסעלעך פון האַרטען פערשטיינערטען שטאָף. מען ציילט דערביי פיר ביז פינף טויזענט פערשידענע הערליכע קונסט־פאָרמען, וועלכע די דאָזיגע מושלעס נעמען אָן: שטערן, קרייצען, קוילען, געשטריקטע ווי אַ נעץ און אַזוי ווייטער. און מען בעמערקט, ווי די בעזונדערע ראַדיאָלאַריעס חזר'ן כסדר איבער עקשנות'דיג יעדע איר מוסטער פון די דאָזיגע עטליכע טויזענט פערהאַנענע פאָרמען: טייל כסדר דעם קרייץ, אַנדערע כסדר די קויל א. אַז. וו. דא זעהען מיר בעשיינפערליך אַ טראַדיציע, אַ מאָדעל, אַזוי צו זאָגען, וואָס ווערט דורך דער ערבליכקייט־סובסטאַנץ כסדר ווייטער איבערגעגעבען די קינדער און אייניקלעך.

און מיר זענען איצט אימשטאַנד אפילו צו בעשטימען דאָס אָרט, וואו דאָס קאַרליקעל האַלט דעם דאָזיגען וויכטיגען די ג ביי אונזער איי־קעמערל איז עס געוועזן דער קערן, וואו ס'האָט זיך אויסגעשפרייט די געהיימניספולע נעץ, וועלכע האָט שפעטער פון זיך, אַרויסגעגעבען די כראָמאָזאָמען, די אייגענטליכע ערבליכקייט־קערפערלעך. אויך ביי די איינקעמערלדיגע קאַרליקלעך זעהען מיר אַזאַ *קערן*. מען האָט זיך לאַנג געשפאַרט דעריבער, צי איז אַזאַ קערן פערהאַן ביי אַלע איינקעמערלדיגע; היינט וועגט איבער די מיינונג, אַז פאַקטיש עקזיסטירט דער קערן אומעטום (הגם אין טייל פאַלען איז אים שווער צו בעמערקען); און אויב טעאָרעטיש איז

דער וויסענשאַפט און וועלכע שטייען היינט צו עפענטליכער דיסקוסיע.

נור צו דער זאַך. מיר האָבען געזען אונזערע קאַרליק־לעך פון אָנהויב אָן אינדיווידואַליזירט: אַלס אַ געוויִמעל פון איינצעלנע ברואים. אַזוי מוזען מיר זיך אויך פאָרשטעלען די איינקעמערלדיגע פון דער צייט, ווען דאָס לעבען אין אונזער זין האָט זיך אָנגעהויבען אויף דער ערד, אין אַזוי זעהען מיר נאָך היינט אויף דער ערד די איינקע־מערלדיגע אַלס אַ געוויִמעל פון מיריאַדען און אָבער מיריאַ־דען פון איינצעלנע בעשעפעניִשען. וועגען קיין איינהייט־ליכען „אור־שליים" פון וועלכען די דאָזיגע אור־אינדיווידו־אומס זאָלען זיך האָבען אָבגעטיילט, ווייסען מיר ניִשט: ניִשט פון דער טעאָריע, ניִשט פון דער פראַקטיק, נישט פון דער פערגאַנגענהייט, ניִשט פון דער געגענוואַרט. אויב עס איז אַמאָל באמת געווען אַזאַ שליים, איז דאָס זיכער געווען נאָך פאַר אונזער „ליבע־צייט".

יעדער קאַרליק האָט אָבער, אַלס אַזאַ אינדיווידואום, זיין „רינג", וועלכער איז זיין שיקזאַל־בוך און די כראָניק פון זיין אָבשטאַמונג. וועגען דעם דאָזיגען רינג האָסטו מסתמא באַלד פערשטאַנען, אַז דאָ האַנדעלט זיך אין אַ געוויסען בע־שטאַנד פון יענער ווערטפולער ערבליכקייט־סובסטאַנץ, וועלכע מיר האָבען פריער אַרומגערעדט ביי דעם איי־קעמערל און דעם זוימען־קעמערל. אין דער דאָזיגער סובסטאַנץ איז באמת אויסגעקריצט אַלץ, וואָס די עלטערען האָבען איבערגעלעבט און נאָך זיך איבערגעלאָזען, זייער ערפאַרונג און די לערע פאַר די קינדער, אַלס רעזולטאַט פון דער דאָזיגער ערפאַרונג. די דאָזיגע לערע בעוואָרענט דעם נייעם אינדיווידואום דער־פאַר, אַז ער זאָל ניִשט דאַרפען אַלץ ווידער אָנהויבען פון דאָס ניי. עס איז קיין ספק ניִשט, אַז אויך די דאָזיגע איינ־צעל־קעמעולעך פון די איינקעמערלדיגע ברואים האָבען גע־

פאַר דיר אין בילדער דעם דערמאָנטען וועג. דו קאָנסט דעם אָדער יענעם פרט אָבוואַרפען, אָבער אין אַלגעמיין קאָנסטו דיר פאָרשטעלען, אַז די זאַך איז צוגעגאַנגען אַזוי. ווייל די בעזונדערע טיילען פון דעם פאָרגעשטעלטען וועג געפינסטו היינט נאָך אַלע ביי די פערהאַנענע איינקעמערלדיגע בעשעפענישען אויף דער ערד.

נישט אומנוצליך איז אַפשר נאָך דערביי אויסדריקליך צו בעמערקען (הגם דאָס דאַרף אייגענטליך זיין שיער זעלבסט־פערשטענדליך), אַז די אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע, פערמענשליכענדיגע פאָרם, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט ווי די „קאַרליקלעך" האָבען יעדער מאָל איבערגעטראַכט די לאַגע און אָנגענומען דעם קלוגסטען בעשלוס, איז אויך נור געווען אַזאַ מין מעשה־פאָרם. די וועגען פון דער „פייע נוצליכקייט" קאָנסטו דיר אָביעקטיוו פאָרשטעלען לויט דער דאַרוויניסטישער טעאָריע מיט איר „נאַטירליכען אויסוואַל" און מיט דעם „צוואַנג־קיום פון דעם אַממערסטען פאַסענדסטען" ווי דו ווילסט; אין דעם געביט לאָז איך דיר אינגאַנצען פרייע הענט. איך וויל דאָ מאַכען אַ בעמערקונג, וועלכע וועט דינען אויך אויף ווייטער פאַר פיל אַנדערע שילדערונגען אין פערלויף פון אונזער שמועס וועגען דעם ליבע־לעבען. אַז איך פערזאָניפיציר ווען עס איז געוויסע האַנדלונגען, ווען איך זאָג, למשל: די חיות האָבען געוואָלט זיך ענטוויקלען אַזוי אָדער אַנדערש, זיי האָבען בעשלאָסען דאָס, ענטדעקט דאָס—איז עס נור אַזאַ שפּראַך־פאָרם, כדי צוצוגעבען דער היסטאָרישער געשעהעניש וועלכען ס'איז פנים, וועלכע ס'איז ממשות'דיגע געשטאַלט. דערביי רעד איך אָבער גאָרנישט וועגען דער אמת'ער אינסטאַנץ, וועלכע פירט אייגענטליך אָן מיט דער ענטוויקלונג (סיידען איך פערטיף זיך אין טייל פאַלען ספעציעל אין דער דאָזיגער פראַגע); אונטער דער סימבאָלישער פאָרם, וועלכע איך גיב, קאָן מען זיך אויפ־שטעלען וועלכע מען וויל ערקלערונגען וועגען די אייגענטליכע וועגען פון דער ענטוויקלונג,-ערקלערונגען, וועלכע ווערען פערטיידיגט דורך פערשידענע שארפזיניגע פערטרעטער פון

דען, אַלערליי נייגונגען, אַלערליי וואַריאַנטען, וועלכע פּלאָנ־טערען זיך דורך צווישען זיך, ווי דיר דוכט זיך, אָן אַ שום סדר. אַז דו קוקסט זיך אָבער בעסער איין, קומט דיר אויפ'ן געדאַנק אַ השערה. עס הויבט זיך דיר אָן צו דוכטען, אַז די דאָזיגע פערשידענע, לפנים אונבעדייטענדיקע וואַריאַנטען, שטע־לען מיט זיך פאָר אַלע מעגליכע „ערינערונגען" פון אַ געווי־סער דורכגעמאַכטער ענטוויקלונגס־ליניע,—אַנ'ענטוויקלונגס־ליניע, וועלכע איז גאָר אין דער פריסטער צייט דורכגעגאַנגען דורך דער ליבע.

נישט ווילענדיג, הויבסטו אָן פאַר זיך ווידער אויפצו־שטעלען די דאָזיגע גאַנצע ליניע. עס זעט אויס, ווי יעדע בעזונדערע איינקעמערלדיגע בריאה וואָלט נאָך ביז היינט מיט עקשנות איינגעהאַלטען אין וועלט־זכרון דאָ די, דאָ יענע, דאָ אַ דריטע שטופע אין דער ענטוויקלונג פון דער ליבע. צי איז נישט אַמאָל מעגליך דאָ צוריק אויפצושטעלען אַ גאַנצע לאָגישע קייט?

דו בעמערקסט באַלד פאָלגענדע הויפט־זאַך. אין די פערשידענאַרטיגע ליבע־מעטאָדען פון די היינטיגע איינקעמערלדיגע זעסטו, אַזוי צו זאָגען, אַלע פערבליבענע צובראָכענע שטיקער פון איין גרויסער אור־אַלטער בריק: פון דער בריק, וואָס האָט געפירט פון דער איינפאַכסטען אופן פון דער פרוכפּערונג בכלל צו דער געשלעכטליכער ליבע. ביי די העכערע געוויקסען און חיות (נעם דיר פאַר אַ ביישפּיל דיך אַליין) גייט די דאָזיגע געשלעכטליכע ליבע ווי געשמירט. ביי די נידעריגערע חיות און געוויקסען גייט זי נישט צו אַזוי גלאַ־טיג. די איינקעמערלדיגע אָבער האָבען, ווייזט אויס, אַמאָל גאָר די ערשטע ענטדעקט דעם וועג, וועלכער האָט געפירט צו דער געשלעכטליכער ליבע.

לעז אָנשטאָט „קאַרליקעס" „קעמערלעך", איינקעמערלדיגע בריאים — און דו פאַרשטייסט מיין מעשה'לע.

דאָס איז געווען אַ סימבאָלישער פרוב פאָרצושטעלען

קינדער פון דער היַיטער וועלט. פון דיין ענטשטעהונג אָן, ווען אין דעם העכסטען אָרגאַניזם בעווייזען זיך דאָס איי און דער זוימען, צוויי „איינקעמערלדיגע ברואים", כדי דיך צו געבוירען, און ביז צו דיין טויט, ווען איינקעמערלדיגע באַקטעריעס הויבען אָן די פוילונג, כדי צו פערוואַנדלען דיינע קערפער־שטאָפען אין די אורשפרינגליכע עלעמענטען.

אָבער נישט בלויז צוליב דעם, וואָס זיי זענען נאָך אַזוי „אַקטועל" פאַר אונז, דערוועקען ביי אונז די דאָזיגע אור־קעמערלעך די גרעסטע פעראינטערעסירונג. זיי זענען פאַר אונז נאָך מער. זיי זענען אין דעם זין פון דעם פריער געזאָגטען נאָך היינט זייער געטרייע, ווייניג אָדער אינגאַנצען נישט פערענדערטע קאָפּיעס פון אונזערע עלטסטע אור־עלטערען אויף דער ערד.

צי זענען זיי דירעקטע אונפערענדערטע אור־אור־אייניקלעך פון יענעם ערשטען לעבעדיגען דור אויף דער ערד, פונקט אַזוי ווי די געוויקסען און מיר חיות זענען זיינע אונדירעקטע און פערענדערטע אור־אייניקלעך; אָדער זיי זענען ווידער און ווידער מיליאָנען מאָל לויט דעם אַלטען מוסטער ענטשטאַנען דורך אונאויפהערליכער איר־געבוירונג; אָדער זיי זענען גאָר, ווי אייניגע פאָרשער מיינען (דאָס דאָזיגע געביט איז נאָך זייער ווייניג אויסגעפאָרשט געוואָרען) טיילעכלעך פון געוויסע העכערע פאָרמען, וועלכע זענען זיך פון אַ פילקעמערלדיגען צוזאַמענשטעל צוריק פונאַנדערגעפאַלען אויף איינצעלנע קעמערלעך: ווי עס זאָל נישט זיין זענען זיי פאָרטרעטען פון אונזערע עלטסטע אור־עלטערען. און זייערע לעבענס־געוואוינהייטען קאָנען אונז אפשר מער אָדער ווייניגער דערמאָנען די געוואוינהייטען פון יענעם ערשטען לעבעדיגען דור אויף דער ערד.

און אויך זייער ליבע איז אַזוי אַרום אַן אָפּשפּיגלונג, אַ לעבעדיגער פערבליבענער זכר פון דער „אור־ליבע" אויף דער ערד.

און די דאָזיגע „ליבע", אַז דו קוקסט זיך צו איר צו, ווייזט דיר אַ גאַנצע ריי פערשידענע פאָרמען. אַלערליי מעטאָ־

צום עטען אַנדערע חיות אָדער געוויקסען. אָבער עס זענען אויך פערהאַן פערשידענע אַנדערע אונטערשידען אין דעם פּרימיטיוועך קערפּער־געבוי פון די ברואים און אין זייער־אויפפירונגען. דו זעסט, ווי געזאָגט, פאַר זיך אַ ריזיגע וועלט פון ברואים, וועלכע נעמט אַרום די גאַנצע ערד, פונקט אַזוי ווי די צמחים־און חיות־וועלט; און די דאָזיגע צמחים־וועלט און די חיות־וועלט שטעלען מיט זיך פאָר נישט עפּעס אַנדערש, ווי צוויי פּאַראַלעלע צווייגען פון יענער גרויסער דריטער וועלט,— צווייגען, וועלכע האָבען זיך זייער הויך אויפגעהויבען, בשעת די מאַסע פון יענע איינקעמערלדיגע ברואים ווי־מעלט נאָך היינט אַרום אויף דעם ערד־קוגעל גאָר אין דעם אַלטען אור־צושטאַנד.

אונאויפהערליך שטויסטו זיך אָן, דו אַליין, וועלכער רופסט זיך אָן דער העָר פון דער ערד, אויף דער דאָזיגער אומעטום פערהאַנענער וועלט פון די קאַרליקלעך. קיין איין מויל לופט, קיין איין שלונג וואַסער איז פון זיי נישט פריי. ווי איז דיר, אויב עס ענטשטייט וועלכע ס'איז געגענזעצ־ליכקייט צווישען די קעמערלעך פון דיין קערפּער און דער מחנה פון אַזעלכע איינקעמערלדיגע ברואים, וואָס איז אין דיר אַריין! אַלס כאָלעראַ־באַצילען שניידען די קאַרליקעס אייך, מענשען, ווי געלען קאָרן, און מיט קיין שום אַנדערע בריאה אויף דער ערד, נישט מיט דעם טיגער אָדער מיט דער גיפטיגער שלאַנג און נישט מיט דער בעלאדאָנע איז דער קאַמף נאָך היינט פאַר דעם קולטור־מענש נישט אַזוי הייס און אַזוי שווער, ווי מיט די דאָזיגע איינקעמערלדיגע אור־קאַרליקלעך. פון דער אַנדערער זייט אָבער וואָלט די דאָזיגע גאַנצע מענשען־קולטור מיט איר לאַנדווירטשאַפט און פּראָדוקציע געווען כמעט אונמעגליך אָן דער הילף פון געוויסע נוצליכע קאַרליקלעך פון דעם דאָזיגען מין; אים פערדאַנקען מיר די וויכטיגסטע פערמענטירונגס־און גערונגס־ערשיינונגען. וואוהין דו קוקסט זיך אום, ביסטו פערפלאָנטערט און פער־וועבט אין דעם נעץ און אין דער אַרבייט פון די דאָזיגע

נעם נור אַראָב די מעשה־ביכלען. וואָס האָסטו געזען? ס׳איז געווען אַמאָל...? יאָ, אָבער וואו?

אין אמת׳ען זענען די דאָזיגע קאַרליקעס אַ מין ברואים, וואָס פילען אָן אומעטום די גאַנצע ערד. זיי זענען יענע איינקעמערלדיגע אור־בעשעפענישען. ניט קיין חיות און ניט קיין געוויקסען. נאָך ניט קיין חיות, און נאָך ניט קיין געוויקסען! קאַרליקלעך, קליינינקע קאַרליקלעך זענען זיי, אויב דו פערגלייכסט זיי מיט דיר אליין (ד. ה. מיט אַ הויך־ענטוויקעלטער היה) אָדער מיט אַ פיש, אָדער מיט אַ קאַרטאָ־פעל־געוויקס. ערד, לופט און וואַסער זענען אומעטום איבער־געפולט פון די דאָזיגע ברואימ׳לעך, הגם זיי זענען מערסטענ־טיילס אַזוי קליין, אז דו קאָנסט זיי גאָר מיט׳ן בלויזען אויג ניט בעמערקען.

לאָמיר צוליב איינפאַכקייט ווידער בענוצען דאָס וואָרט באַצילען. איך האָב אָבער שוין געזאָגט, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַ גאַנצער וועלט פון די פערשידענסטע ברואים. ניט קוקענדיג אויף דעם אויסערגעוועהנליך־איינפאַכען געבוי פון זייער קערפער (איין איינציג קעמערל, איין איינציגער אָרגאַ־נישער ציגעל־שטיין בילדעט ביי זיי דעם גאַנצען קערפער), ניט קוקענדיג אויף דעם, ווייזען אַרויס צווישען זיך די ברואים פערשידענע אונטערשידען. קודם כל אונטערשידען, וואָס זענען נוגע זייער לעבענס־סדר. טייל שפייזען זיך אַזוי ווי געוויקסען (און מעגליך, אַז די געוויקסען האָבען זיך פון זיי טאַקע ענטוויקעלט) אונמיטעלבאַר מיט אונאָרגאַנישע שטאָ־פען. אַנדערע ווייטער שפייזען זיך נור מיט דעם דאָזיגען ערשטען מין ברואים, ד. ה. זיי פירען זיך אויף פונקט אַזוי, ווי די חיות, וועלכע קאָנען קיינמאָל ניט דירעקט פעראַרביי־טען און פערדייען געוויסע עלעמענטאַר־שטאָפען, נור בענוצען

געווען די פערמיטלערין ביי אַזאַ דערנענטערונג; די קליינע
צונויפגעפּאָרטע ברואים'לעך אַליין האָבען זיך געדאַרפט בע-
מערקען און דערקענען גאָר אין אויסערסטען מאָמענט. וואונ-
דערליכע נייע איינפירונגען, וועלכע האָבען געדאַרפט אין דער
דאָזיגער קאַרליק-מדינה אויפבויען גאָר אַ נייע וועלט...

דאָך בלייבען מיר דאָ איצט אַ ביסעל שטיין. האַלט נור
גוט איין אין זכרון נאָכאַמאָל דאָס שלוס-בילד. צוויי קאַרלי-
קעס. איינער שפּאַלט פון זיך אָב ניינצען זייער קליינע קאַר-
ליקלעך; דער אַנדערער נור איינעם אָבער אַ גאַנץ גרויסען.
דער ערשטער קאַרליק לאָזט זיך אַוועק צו דעם צווייטען און,
צוקומענדיג גאָר נאָענט, לאָזט ער אַרויס מינדעסטענס איינס
פון זיינע ניינצען קאַרליקעס אויף דעם אָבגעשפּאַלטענעם טייל
פון צווייטען קאַרליק. פון דער דאָזיגער צונויפגיסונג וואַקסט-אויס
אַ נייער קאַרליק, וועלכער געהערט צום ערשטען אָדער צום
צווייטען מין...

ירויסגעלאָזען פון זיך די דאָזיגע מונטערע באַנדע אויף אַזאַ זוטען אומבעקאַנטען וועג. ער אַליין האָט אָנגעהויבען צוזאַמען מיט דער גאַנצער קאָלאָניע צו וואַנדערן. ער האָט זיך געזוכט אַ קאַרליק פון זיין מין, וועלכער האָט גראָד פון זיך אָבגעשפּאָלטען אַ העלפט. און אַז ער איז צוגעקומען גאָר האַרט צו יענעם אַנדערען קאַרליק, פלעגט ער גיך אַרויכלאָזען פון זיך איינעם אָדער עטליכע פון זיינע ניינצען קינדער=קאַרליקלעך און זען, ווי דער איינער, אָדער פון עטליכע דער פלינקסטער, גיסען זיך צונויף מיט דעם צווייטען אָבגעשפּאָלטענעם קאַרליק.

די דאָזיקע מעטאָדע איז געווען אַ פערבעסערונג אין דעם זין, וואָס זי האָט געמאַכט די גאַנצע זאַך זיכערער. אין דער זעלבער צייט האָט דאָס געבראַכט צו אַן ענדערונג אין דעם גאַנצען לעבענס=סדר פון די קאַרליקעס. די צונויפגיסונג בכלל האָט באַלד פון אָנהויב אָן איינגעבראָכען די געוואוינהייט פון דעם אָבגעזונדערטען לעבען אַלס פרוש, וואָס האָט זיך בעמערקט ביי די קאַרליקעס. איצט האָט עס אָנגעהויבען צו פירען גאָר צו אַ נייעם לעבען. אין יענער געזעלשאַפט פון ניינצען וואַנדער=קאַרליקעס און איין גרעסערען פּאָטער=קאַרליק האָט זיך געמוזט אויסבילדען עפּעס אַ מין ענגערער סאָציאַלער פערבאַנד, אַ מין העכערע ברודערשאַפט, אין וועלכען איין גליד איז געווען אַזוי ווי אַן אָנפירער. און ענטשפרעכענד האָט זיך געמוזט איינשטעלען אויך אַזאַ ענגערע פערהעלטעניש צווישען די צוויי גרעסערע זיך=קאַרליקעס. און נאָך אַ פיל אייגענאַרטיגע נייע פערבינדונג האָט זיך געמוזט איינשטעלען צווישען יענעם אָנפירענדיגען פּאָטער=קאַרליק און יענעם גרעסערען זיך=קאַרליק, וועלכע האָבען זיך געגענזייטיג צונויפגעפּאָרט זייערע קינדער=קאַרליקלעך. זיי אַליין פלעגען זיך, אמת, נישט צוזאַמענגיסען; אָבער כדי זייערע קליינע זאָלען זיך קאָנען צונויפשמעלצען, האָט זיך דאָך געפּאָדערט צווישען זיי אַ געוויסע דערנענטערונג. עס האָט זיך געמוזט ביסלעכווייז פערקניפּען אַ סימפּאַטיע, וועלכע איז

די נײ־ענטשטאַנענע קאַרליקעס זיך געטײלט אַמאָל לױט אײן מעטאָדע און אַמאָל לױט דער אַנדערער. און סוף כּל סוף איז תּמיד געװען אַזױ פיל קאַרליקעס מיט פיל־טײלונג און אַזױ פיל מיט צװײ־טײלונג, װי ס'איז נױטיג געװען, כּדי אױף װײטער צו גאַראַנטירען די דערהאַלטונג פון שטאַם פון בײ־דע גרופּען.

און בלױז נאָך אײנס איז צוגעקומען. דו דערמאָנסט זיך: יענע קאַרליקלעך, װעלכע האָבען זיך געפּרובפּערט דורך אונגלײכער צװײטײלונג, האָבען פון אָנהױב־אָן אַלס רעזולטאַט פון דער טײלונג תּמיד אַרױסגעגעבען אַ גרױס מוטער־שטיק, אַזױ צו זאָגען, און אַ קלײן טאָכטער־שטיק. די דאָזיגע מעטאָ־דע פון דער „אונגלײכהײט“ בײ דער טײלונג איז זײט דע־מאָלט דורכגעפירט געװאָרען בײ אַלע שפּעטערדיגע ברואים, אַפילו בײ די, װאָס האָבען זיך געפּרובפּערט דורך אַ צושפּאַל־טונג אױף צװעלף און צװאַנציג שטיק. אױך זײ האָבען אָנגע־הױבען דורכצופירען די צושפּאַלטונג אַזױ, אַז דער אַלטער רומפּעלשטילצעל האָט פון זיך אָבגעריסען אַ גאַנצע מאַסע קלײ־נע טײלעכלעך און האָט דערבײ איבערגעלאָזען אײנעם אַ פיל גרעסערען טײל אַלס רעשט. אַזױ אַרום איז געבליבען אַזאַ לאַגע: פון אײן זײט כּסדר צװײ־טײלונג: אײן גרױסער טײל און אײן קלענערער, פון דער צװײטער זײט, זאָל זײן, צװאַנ־ציג־טײלונג: אײן גרױסער טײל און נײנצען קלײנע. בײדע הױפּט־טײלען זענען זיך געבליבען געװנוג גרױס, און האָבען געקאָנט אױך אָן אַ צונױפגיסונג זיך אָנפּרעסען ביז דער פולער גרױס. אין בײדע פאַלען זענען זײ זיך פּשוט געבליבען זיצען אױפ'ן אָרט, און נור די נײנצען קלײנע אָבגעשפּאָלטענע קאַר־ליקלעך פלעגען זיך אַװעקלאָזען אין װעג, און אײנס פון זײ פלעגט ענדליך דערגרײכען דעם קלענערען אָבגעשפּאָלטענעם טײל פון דעם אַנדערען קאַרליק און זיך מיט אים צונױפגיסען.

און שפּעטער איז דערצו צוגעקומען נאָך אײן פערשטענד־ליכע אױסבעסערונג. דער גרױסער קאַרליק, װאָס האָט גע־דאַרפט פון זיך אָבשפּאַלטען די נײנצען, האָט מער נישט

פאָרבערייטונגען. אויב זייער קערפּער־מאַסע האָט זיי אויסגע־
זען צו זיין אַביסעל צו דיק, אויף זיך צונויפצוגיסען מיט אַנ־
אָנקומענדיגען קאַרליקעל, האָבען זיי פון זיך אין דער לעצ־
טער מינוט נאָך אָבגעשפּאָלטען אַ קליין קאַרליקעל, וועלכעס
איז אָבער געווען אַזוי שוואַך, אַז ס׳איז גאָרנישט פעהיג גע־
ווען אַליין צו לעבען: דאָס איז ביי זיי געווען אַזאַ מין „קאַרל־
סבאַדער קוראַציע", וועלכע האָט נור געדאַרפט מאַכען אָרט
אין דעם אַלטען קערפּער פאַר דעם קליינעם אָנקומענדיגען
קאַרליקעל. בשעת אַזאַ אָבשפּאַלטונג פלעגען די גרויסע קאַר־
ליקעס שוין לכתחילה אָבוואַרפען פון זיך דעם איבעריגען
האַלבען רינג. זיי האָבען שוין דאַן געוואוסט, אַז די אָנקומענ־
דיגע וואַנדער־קאַרליקלעך ברענגען מיט זיך צו דער צונויפגי־
סונג אויך נור אַ האַלבען רינג. די אייגענטליכע צונויפגיסונג
פלעגט דעריבער צוגיין זייער גלאַטיג.

דער דאָזיגער צושטאַנד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, ווייזט אויס, אַ העכסטען שטאַפּעל. אין פּרינציפּ האָט דאָס מער נישט געקאָנט נישט פערשווינדען, נישט נאָך מער פערפול־שטענדיגט ווערען. און עס זענען טאַקע מיט דער צייט דער־צו נאָך צוגעקומען נישט מער ווי געוויסע אויסערליכקייטען. דהיינו פאָלגענדע.

קודם כל האָט ביי דיר שוין געמוזט ענטשטיין די פראַ־גע: יאָ, ווי האָבען זיך דאַן געשפּאָלטען די קאַרליקעס, וועל־כע זענען ענטשטאַנען פון דער צונויפגיסונג פון אַזאַ קליינעם וואַנדער־צוועלפלינגעל מיט אַזאַ גרויסען זיין־קאַרליק. דו ווייסט דאָך, דאָס וואַנדער־קאַרליקעל איז ענטשטאַנען דערפון, וואָס אַ גרויסער קאַרליק האָט זיך צושפּאָלטען אויף צוועלף אָדער צוואַנציק אָדער נאָך מער גלייכע טייל־שטיקעלעך; דער זיין־קאַרליק ווייטער איז אַרויסגעקומען פון אַ צוטיילונג פון אַ גרוי־סען קאַרליק אויף צוויי שטיק. יאָ, די דאָזיגע פראַגע האָט זיך אויך אין קורצען גאַנץ געמיטליך פערענטפערט.

לויט געוויסע אומשטענדען, וועלכע זענען לויט דער צוועקמעסיגקייט געווען אַמאָל אַזעלכע, אַמאָל אַנדערע, האָבען

מיט יעדען אונטערקומענדיגען פרעמדען, נור אָבזונדערן יענע גאַנץ אַנדערע רוהיג־זיצענדיגע פרעמדע קאַר־ליקעס, וועלכע זענען זיכער די נויטיגע „געגענזעצליכע" פּאַרטנערען.

מיט דער צייט האָבען זיך ביידע פּאַרטייען אַזוי צוגע־וואוינט צום צונויפגיסען זיך איינע מיט די אַנדערע, אַזוי ווי עס וואלט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט זיין. די גרויסע קאַר־ליקעס האָבען געוואַרט אויף די קליינע, און די קליינע האָ־בען געוואַנדערט, זוכענדיג די גרויסע. איצט ערשט איז דער גורל פון די קליינע קאַרליקלעך געווען געזיכערט, יאָ, זיי האָבען דרייסט געקאָנט ווערען אַפילו נאָך קלענער: די גרויסע האָבען דאָך תמיד אַרויסגעהאָלפען מיט זייער דויערהאַפטיגען ריזיגען וואוקס. היי, ווי שיין אַלץ האָט איצט געקלאַפּט! דאָס פריערדיגע איינפאַכע קינדער־קריגען איז איצט גאָר געוואָרען אַ קאָמפּליצירטער ענין. עס איז מער נישט געווען כשוט: עס, וואַקסט און צושפּאַלט זיך. בשעת דעם וואַקסען האָט זיך איצט אָנגעהויבען די נייע סדרה: זוך דיר אַ חבר, וואָס זאָל זיין אַביסעל אַנדערש פון דיר, אָדער וואַרט און האָף, אַז ס'וועט צו דיר אָנקומען אַזאַ וואַנדערנדיגער חבר, און דאַן גיב זיך אים איינגאַנצען אָב, ביז דו וועסט זיך נישט אינגאַנצען אריינ־גיסען אין אים; ערשט פון אייך ביידע וועט דאַן אַרויסקומען די נייע, רייפע בריאה, וועלכע וועט זיך דורך צוטיילונג ווייטער פּרוכפּערן. אָבער וויפיל שענער, וויפיל זיכערער איז דער־מיט אין גרונד אויך געוואָרען דער גאַנצער לעבענס־שפּיל! פריער איז דאָך דאָס געוועגליכע פרעסען געווען דער איי־גענטליכער לעבענס־אינהאַלט פון אַ קאַרליקעל פון זיין געבוי־רען אָן ביז צו דעם טיילונגס־מאָמענט: איצט אָבער איז אים צוגעקומען דער גאַנצער ראָמאַן מיט זיין זוכען, האָפען, וואַר־טען און ערפילען, מיט זיין תענוג'פולער צונויפגיסונג. אַז ס'איז אָנגעקומען די שעה, ווען די קליינע וואַנדער־צוועלפ־לינגלעך פלעגען געוועגליך אָנקומען צו די גרויסע זיץ־קאַר־ליקעס, האָבען די לעצטע שוין פריער געמאַכט אַלע מעגליכע

צאָל. איך וויס דיר שוין פֿריִער געזאָגט, אַז דעם קלענערען פֿון ביידע קאַרליקעס איז אויך אָנגעקומען גאָר שווער זיך אָנצופֿרעסען ביז דער נאָרמאַלער גרויס. אָבער די צונויפֿגיסונג איז נאָך דאָרט ניִשט געווען אַזוי אין דער מאָדע. אַזאַ קלענערער טייל פֿון דער צושפּאַלטונג איז דאָך נאָך אַלץ געווען אַ ריז געגען יענע דערמאָנטע צוועלפֿלינגלעך אָדער גאָר צוואַנציגלינגלעך. ער האָט ניִשט געדאַרפֿט אומבאַדינגט האָבען די דאָזיגע צונויפֿגיסונגס־מעטאָדע, כּדי זיך אויפֿצוהאַלטען. אַזאַ צונויפֿגיסונג האָט ביי די דאָזיגע קאַרליקעס גאָר געקאָנט אָפּטברענגען צו אומגעוואונשענע רעזולטאַטען, ווייל ביידע בּרואים, האָבען נאָך דער צונויפֿגיסונג געקאָנט דערזען, אַז זיי זענען שוין אַריבער די נאָרמאַלע גרויס. קורץ: זיי זענען פּרינציפּיעל ניִשט געווען געגען דער צונויפֿגיסונג, אָבער זיי האָבען זי ניִשט געזוכט. און אַזוי ווי קיין ברודער־פֿערמישונג האָט דאָ אויך ניִשט געקאָנט זיין (ווייל ס׳זענען דאָך דאָ ניִשט געווען קיין ברידער פֿון דער זעלבער גרויס), האָבען זיך די דאָזיגע קאַרליקעס אָבגעהאַלטען פֿון וואנדערען, זיי זענען געבליבען געדולדיג זיצען און האָבען געשפּילט אַ רוהיגערע ראָל, ווי יענע אַקטיווע רומפּעלשטילצעלעך.

און דאַן איז עס געשען! אויף אַזעלכע גרויסע, רוהיגע קאַרליקעס האָט אָנגעטראָפֿען אַ וואַנדערנדיג צוועלפֿלינגעל. היי, זע נור אַ ביסען! ער איז דאָך זיכער אַ פֿרעמדער, דער דאָזיגער גרויסער אָנגעפֿרעסענער הברה־מאַן. עס פֿרעגט זיך נור, צי וועט ער וועלען זיך צונויפֿגיסען. אָבער זע נור: ער וויל! אים פֿעלט דאָך צו זיין גרויס גראָד אַזאַ קליינער צוגאָב. און דאָ איז דאָס פֿרעמדע בּריאה׳לע ווי פֿון הימעל אַראָבגעפֿאַלען. עס וועט אַקוראַט פּאַסען, ניִשט צו גרויס און ניִשט צו קליין. אָפּענע אָרעמס, דריק, צוזאַמענגוס: אַ שיינער קאַרליק איז דאָ.

דאָס איז באמת געווען אַ מציאה פֿאַר ביידע. און דאָס האָט געמוזט אויסגענוצט ווערען. עס איז אַרויס אַ נייער פּאַראַל: מען דאַרף זוכען נור אַזעלכע גרויסע שווער־בּעוועגליכע קאַרליקעס! ניִשט צוזאַמענגיסען זיך מיט ברידער, און ניִשט

בילדונגס=פעהיִגער! אַזאַ אונגעהויערער געווינס: אַז דאָס צו= נויפגיִסן זיך מיִט אַ פרעמדען קאַרליִקל מאַכט ניִשט נור בלויז שטאַרקער דעם קערפּער, נור מאַכט אויך די גאַנצע בריאה געזונטער, פרייער, שענקט איִר אַ נייעם ירושה=און כאַראַקטער= אייגענטום, מאַכט זי בעוועגליִכער, מיִט איין וואָרט, אַז אַזאַ צונויפגיִסונג מאַכט די בריאה איִן עצם אייגענטליִך „ניי״, — אַזאַ געוויִנס האָט ניִשט געקאָנט לאַנג בלייבען אומבעמערקט. צו דעם איינפאַכען מנהג פון צונויפגיִסען זיִך איִז צוגעקומען אַ נייער, אַז מען דאַרף אַנ׳אייגענעם ברודער ווי ווייט מעגליִך אויסמיידען און גלייכער זיִך צונויפגיִסען מיִט גאָר אַ פרעמדען.

און דאָס האָט וויִדער נאָך זיִך געבראַכט אַ נייעס. די פּיִציִנקע קאַרליִקלעך, וועלכע זענען אַרויס פון איין נעסט האָבען זיִך גאָר געגומען צום וואַנדערען. אַזוי ווי זייער אויס= זען איז געווען גאָר אַנ׳ענליִכער, איִז איִן ערשטען מאָמענט שווער געווען צו ענטשיידען, צי איִז דער אונטערגעקומענער אַ ברודער אָדער אַ פרעמדער. אַז מען איִז אָבער אַוועק ווייט, גאָר ווייט פון אַלע בריִדער איִבערהויפט, איִז די דאָזיִגע גע= פאַר כמעט מער ניִשט געווען. און אויב אַזוי, קום וואַנדערען! דאָס וואַנדערען איִז אויך אַזאַ אופן געוואָרען אַ לעבענס=צוועק. און די פּיִציִנקע רומפעלשטיִלצעלעך זענען געוואָרען אַזוי לע= בעדיִג איִן זייערע בעוועגונגען, אַז מען האָט זיי קוים, איִן פערגלייך מיִט זייער פריִערדיִגער קנאַפּער בעוועגליִכקייט, גע= קאָנט דערקענען, ניִשט לאַנג האָט אָבער געדויערט, און דאָס דאָזיִגע וואַנדערען האָט דערפיִרט צו אַ נייעם פאָרטשריִט.

מיִר האָבען דאָ די גאַנצע צייט גערעדט נור וועגען די פּיִציִנקע קאַרליִקלעך, וועלכע זענען ענטשטאַנען פון אַ כאַסען= טיילונג פון דעם אַלטען קאַרליִק אויף צוועלף אָדער מער טיי= לען. אָבער דו דערמאָנסט זיִך: עס זענען דאָך פריִער געווען דערמאָנט נאָך אַנדערע קאַרליִקעס, וועלכע האָבען זיִך צו ריִסען אויף צוויי שטיִק: איינס אַ גרעסערס און איינס אַ קלענערס. אַזעלכע קאַרליִקעס האָבען ערגעץ דאָרט איִן אַנ׳עק פון דעם קאַרליִק=לאַנד געלעבט איִן אַ גאַנץ גרויסער

קען פון דער פאַמיליע". קיינמאָל איז אַזאַ משפחה׳לע, וועלכע איז תמיד געבליבען צווישען זיך, נישט אַרויסגעקראָכען פון דעם צאָן־וויטאָג.

און פערקערט: אַזאַ צאָן־ווייטאָג־יורש איז צונויפגעוואַק־סען מיט אַ פרעמדען אונטערגעקומענעם חברה־מאַן, וועלכער האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט צו צאָן־ווייטאָג. אַלץ, וואָס ס׳איז אין אים געווען קראַנקס, איז ווי פערגלעט געוואָ־רען דורך דעם צופלוס פון דער נייער געזונטקייט. זיין שיק־זאַל־רינג, וועלכער איז אין דעם פונקט געווען זיין אומגליק־רינג, האָט אָנגעוואוירען אַ העלפט פון זיין קראַפט. אַלס אַזעל־כע האַלבע קראַפט האָבען אים בעקומען אויך זיינע אייגענע טייל־קינדער. און אַז זיי האָבען זיך ווידער צונויפגעגאָסען מיט אַ פרעמדען קאַרליק, וועלכער איז אינגאַנצען „רינג־ריין" געווען פון דער דאָזיגער שמערצליכער נייגונג, האָט זיך די אומגליק־ירושה שוין פערקלענערט גאָר אויף אַ פערטעל. און אַזוי ווייטער. אין די נייע דורות איז דאָס טראָפען־קראַנקהייט דורך דער „אויפפרישונג מיט געזונטען בלוט" אַלעמאָל געוואָ־רען אַלץ האָמעאָדאַטישער, גלייך ווי אַ טראָפען קאָניאַק, צו וועלכען דו מישסט אַזוי לאַנג צו אַ וועלט־ים ריין וואַסער, ביז עס פערשווינדט ענדליך זיין גאַנצע ווירקונג. נאַטירליך האָבען זיך געקאָנט טרעפען שלימ׳מזל׳ען. אַ יורש פון אַ צאָן־ווייטאָג־פאַמיליע האָט צופעליג געקאָנט אָנטרעפען אויף אַ פרעמדען צאָן־ווייטאָג־קאַנדידאַט פון אַנ׳אַנדער פאַמיליע. אָבער דאָס איז דאָך געווען אַזוי אומוואַרשיינליך, אומפערגלייכליך אומוואַרשיינליכער, ווי ביי ברידער פון איין פאַמיליע!

דער משל מיט צאָן־ווייטאָג איז נור אַ נעגאַטיווער. ווי־פיל פאָזיטיווען פאָרטשריט האָט אבער געגעבען אַזאַ צונויפ־גיסונג פון די ערפאַרונגען פון פערשידענע פאַמיליעס, אַזאַ צונויפמישונג פון זייער רייכטום פון זייער גאַנצער פילזיי־טיגקייט! און דאס, וואָס דער פעסט־בעשטימטער כאַראַקטער פון יעדען יחיד האָט געקאָנט אויפ׳ן גרונד פון דער נייער רינג־העלפט זיך אויסגיי אויפפרישען, ווערען בעוועגליכער,

רומפעלשטילצלעך בכלל, אַז אַלע אַנדערע ציִלען פון דער צו־
זאַמענגיסונג האָבען זיך פאַר איִם געמוזט גאָר אָבטראָגען.

אונזערע קאַרליקלעך האָבען פון אָנהויב אָן, ווי כ׳האָב
דיר געזאָגט, געלעבט ווי פּרושים. זיי האָט נישט געאַרט, צי
זענען די אַרומיגע פּרעמדע אָדער ברידער. איצט אָבער זינט
די צוזאַמענגיסונג איז געוואָרען—וויניגסטענס פאַר די צו קליי־
נע—אַ לעבענס־פראַגע, האָט זיי דאָס לעבען באַלד געגעבען צו
פערשטיין, אַז ס׳איז פערהאַן אַנ׳אונטערשייד צווישען ענגע
קרובים און פרעמדע.

אין אַלגעמיין פלעגען די יונגע קאַרליקלעך זיך גלייך
פונאַנדערפליען פון דעם זעלבען נעסט און מער נישט אָנזען
איינער דעם אַנדערן פאַר די אויגען. אָבער זייט דאָס צוזאַ־
מענגיסען זיך איז אַריין אין דער מאָדע, האָט זיך דאָך, נאַ־
טירליך, גאַנץ אָפט געקאָנט טרעפען, אַז צווייַ ברידער האָבען
זיך נאָכאַמאָל בעגעגענט אין קריטישען מאָמענט און זענען זיך
ווידער צונויפגעוואַקסען. און דאַן האָט אָנגעהויבען כסדר קלאָר
צו ווערען, אַז אַזאַ צוזאַמענגיסען זיך און צונויפשמעלצונג
פון די רינגען מיט אַנ׳אייגענעם ברודער גיט אין אַ גאַנץ
בעשטימטען זין וויניגער גינסטיגע שאַנסען, ווי דאָס צונויפ־
וואַקסען מיט אַ גאַנץ פרעמדען קאַרליקעל, וואָס איז גראָד
אונטערגעקומען אויפ׳ן וועג.

שטעל דיר דאָס פאָר אויף אַזאַ פשוט׳ען ביישפּיל. לאָ־
מיר זאָגען אַזוי: אַנ׳אַלטער קאַרליק, וועלכער איז צוגעטרע־
טען צו דער זעלבסט־שפּאַלטונג, האָט אין זיין שיקזאַל־רינג
געהאַט אַלס ירושה פון זיינע אור־עלטערן אַ שמערצליכע פּאָר־
בייגונג צו צאָן־ווייטאג. אַלע זיינע „קינדערלעך", אַלס טיילען
פון איִם, האָבען, נאַטירליך, אויך פון איִם בעקומען די דאָזי־
גע שלעכטע נייגונג צו צאָן־ווייטאָג. און איצט קומט פּאָר ביי
די דאָזיגע יונגע ברואימלעך די צונויפגיסונג. וואַקסט זיך צו־
נויף אַ ברודער מיט אַ ברודער, קומט צאָן־ווייטאָג ווידער צו
צאָן־ווייטאָג. דער פּרינציפּ, „אין דער פאַמיליע צו בלייבען",
האָט אין דעם פאַל אויך געהייסען „בלייבען אין אַלע אומגלי־

דער רינג אין זיך געמוזט אָבשפּיגלען, ווייל ער האָט דאָך אויף זיך געטראָגען ווי אַ כשוף־שפּרוך די גאַנצע געשיכטע פֿון דער פֿאַמיליע. וועלכער פֿון די צוויי רינגען זאָל אַוועקגעוואָרפֿען ווערען, ווען עס גיסען זיך צוזאַמען צוויי קאַרליקלעך, וואָס טראָגען אויף זיך אינגאַנצען פֿערשידענע רינגען?

די פּיניע „נוצליכקייט" האָט ענטשידען אַזוי: קיין איינער זאָל אינגאַנצען נישט געאָפּפּערט ווערען. אָבער אַזוי ווי עס קאָן דאָך נור בלייבען איינער, זאָל פֿון יעדען איינעם אַוועק־געוואָרפֿען ווערען אַ העלפֿט. און פֿון די צוויי פֿערבליבענע העלפֿטען זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען איין נייער גאַנצער רינג פֿאַר דעם צוזאַמענגעגאָסענעם בעשעפֿעניש. און פֿון די צוויי העלפֿטען וועט זיך זיכער צוריק אויפֿשטעלען דער גאַנ־צער פֿריערדיגער צויבער־כתב, ווייל עס האַנדעלט זיך דאָך דאָ וועגען צוויי רומפּעלשטילצעל־רינגען. אויף אַזאַ אופֿן וועט נישט זיין די אומנוצליכע איבער'הזרונג. און דאָס, וואָס ס'איז פֿאַראַן „פֿערשידענס", אין די דאָזיגע צוויי רינג־העלפֿטען, מוז זיך אין דעם נייעם איינהייטליכען רינג אויך צוזאַמענגיסען אַלס אַנ'אמת'ע נייע איינהייט. צויבער מוז זיך מיט צויבער צוזאַמענגיסען, פּונקט אַזוי ווי איר, רומפּעלשטילצלעך, האָט קערפּער מיט קערפּער צוזאַמענגעגאָסען.

און די גוטע פּיניע האָט שוין דאַן באַלד געמוזט וויסען דאָס, וואָס עס איז ערשט קלאָר געוואָרען נאָך דעם, ווי די רומפּעלשטילצלעך האָבען זיך באמת גענומען אויפֿפֿירען לויט דער מעטאָדע.

עס וואָלט באמת געווען אַ קללה פֿון גאָט, ווען די רומ־פּעלשטילצלעך וואָלטען איינעם פֿון די ביידע רינגען אינגאַנ־צען אַרויסגעוואָרפֿען! ווייל גראַד די פֿעראייניגונג פֿון די **אונגלייכהייטען** פֿון צוויי אַזעלכע רינגען (וואָס ס'איז מעגליך געוואָרען ביי דער נור וואָס פֿאָרגעשטעלטער צוזאַ־מענשמעלצונג פֿון ביידע העלפֿטען) האָט געגעבען אַזאַ נישט־פֿאָראויסגעזעענעם גליק־אוצר פֿאַר דעם לעבען פֿון אונזער'ע

קאָן זיך אָבער בשום אופן נישט בעוואָרענען פאַר ׳ געוויסע
גאָר, גאָר פיינע אונטערשיידען. דאָ איז אַביסעל דער גלאַנץ
העלער, דאָרט איז די שאַרפקייט גרעסער, דאָ האָט די מאַשין
שלעכט אַ שניט געטון און ס׳איז אויסגעשפּרונגען אַ בערגעלע.
פאַר אַזעלכע פיינע אונטערשיידען איז מען דאָך ביי דער
שפּאַלטונג פון די רינגען אויך זיכער נישט בעוואָרענט. איצט
נעם נאָך אַזעלכע צוויי ברואים׳לעך, וועלכע זענען געקומען
מיט זייערע רינגען פון צוויי פערשידענע שפּאַלטונגען. דאָ
קאָן מען זיכער זאָגען, אַז די רינגען זענען בכלל צווישען
זיך אַביסעל פערשידען. זייער אַלגעמיינע געשטאַלט איז זי=
כער די זעלבע. דערפאַר געהערען דאָך ענדליך די דאָזיגע
אַלע ברואימלעך צו דעם אמת׳ן פאָלק „רומפּעלשטילצלעך״. אין
כאַראַקטער, אָדער לאָמיר זאָגען אין דער פאָראויס=בעשטימטער
בילדונגס=פאָרם פון דער נאָז אָדער פון דער האַנט (כדי אַזוי
מענשליך צו פערגלייכען) זענען צווישען זיך אַלע רומפּעל=
שטילצלעך זיכער אינגאַנצען גלייך. דאָס איז דאָך ביי אונז
מענשען אויך פונקט אַזוי. אָבער אין דערזעלבער צייט קאָנסטו
דיר פאָרשטעלען ביי פיל פון זיי, וועלכע האָבען געשטאַמט
פון גאַנץ ווייטע טייל=דורות, גאַנץ פערשידענע פאַמיליען=
געגענזאַצען, פונקט ווי ביי אונז. דו קאָנסט דיר די ענט=
שטעהונג פון די דאָזיגע געגענזאַצען ערקלערען אויף פערשי=
דענע וועגען. די ערשטע קאַרליקלעך גאָר אין אָנהויב האָבען
געקאָנט זיין צווישען זיך אַביסעל פערשידען, און דאָך האָט
שוין געקאָנט אַזוי אַוועק ווייטער אין אַלע פּאַראַלעלע פאַ=
מיליען=שטאַמען. און עס האָבען געקאָנט זיין סיבות צום פער=
שידען ווערען אין דעם פערשידענעם לעבענס=גורל, וואָס איז
אויסגעפאַלען די איינצעלנע פּאַראַלעלע פאַמיליען=שטאַמען פון
די ברואימלעך. געוויסע געשעהענישען אין לעבען פון דער
אָדער יענער פאַמיליע, גליקליכע אָדער אומגליקליכע, האָבען
געקאָנט נאָך זיך ברענגען געוויסע פעסטע פאָלגען, גליקליכע
אָדער אומגליקליכע.

און דאָס אַלץ, ווי ס׳זאָל נישט האָבען געקומען, האָט

און האָט שפּעטער בײַ דער טײלונג געדאַרפט אַוועקגעבען יעדען אָפּגעשפּאָלטענעם קאַרליקעל אַ טײל פון זײן אינווענטאַר, האָבען לויט דער אַלטער שפּאַלטונגס־מעטאָדע. די דאָזיגע צוויי פערשידענע רינגען זיך אויך געדאַרפט צו שפּאַלטען, און יע־דער טײל־קאַרליקעל האָט אַזוי אַרום געדאַרפט בעקומען שוין צו צוויי רינגען. און אַז צוויי אַזעלכע טײל־קאַרליקלעך האָבען זיך ווידער צוזאַמענגעגאָסען, האָט דער נײער צוזאַמענגעגאָסע־נער קאַרליק געדאַרפט בעקומען שוין גאַנצע פיר רינגען. און אַזוי וואָלט עס געגאַנגען אַלץ ווײטער און ווײטער. אין אַ פּאָר דורות אַרום וואָלטען זיך די קאַרליקלעך שוין געמוזט אַרומשלעפּען מיט גאַנצע בערג רינגען. דערבײ איז דאָך דער גרעסטער טײל פון די צײכענס געווען אויף אַלע רינגען דער זעלבער; אַזוי אַרום וואָלט זיך בעקומען אין צווײפאַכיגען זין אַנ׳גענומענ׳צליכער באַלאַסט.

דעריבער האָט די פּײע „נוצליכקײט״ ענטשידען פּשוט, אַז בײ דער צוזאַמענגיסונג מוז יעדער מאָל אַ טײל פון דעם פאַמיליען־אוצר אַוועקגעוואָרפען ווערען, און דאַן אָאָלט דאָך צום פּשוט׳סטען געווען צו דעקרעטירען! אין מאָמענט פון דער צוזאַמענגיסונג מוז אײנער פון די בײדע רינגען אַלס איבע־ריגער אַרויסגעוואָרפען ווערען. ענטשטײט אָבער די פראַגע: וועלכער פון די צוויי? און די דאָזיגע פראַגע ענטשטײט ווי־דער דערפאַר, וואָס די צוויי רינגען, וועלכע שטאַמען דאָך פון צוויי פערשידענע אינדיווידואומס, זענען, נישט קוקענדיג אויף זײער גרויסער ענליכקײט, פאַקטיש נישט תמיד אינגאַנ־צען די זעלבע.

אמת, ווען צוויי קאַרליקלעך, וועלכע זענען ערשט דורך דער שפּאַלטונג „געבוירען״ געוואָרען, זאָלען זיך באַלד דערויף ווידער צוזאַמענגיסען, וואָלט מען געקענט רעכענען, אַז זײערע רינגען זענען געווען אַזוי גוט ווי די זעלבע. אָבער אפילו שוין אין דעם פאַל זאָגען מיר גאַנץ פאָרזיכטיג: „אַזוי גוט ווי״. דו האָסט געזען פרישע גאָלד־שטיקלעך פון דער דרוק־מאַשין. זײ דאַ פען זײן צווישען זיך אַבסאָלוט ענליך. מען

פעלטע קראַפט. איצט, אַז דער נייער קערפּער וועט דערגריי־
כען די פולע גרויס, וועט זיך ווידער אָנהויבן דער שפּיל.
באַלד קומט טאַקע די דאָזיגע גרויס, און דאַן הויבט זיך ווי־
דער אָן: דאָס צורייסען זיך, דאָס קינדער האָבען, די פּרוכפּע־
רונג פון דעם קאַרליק־פאָלק אָן אַנ׳אויפהער, הוראַ!

דאָ האָט געמוזט זיין עפּעס אַ ספּעציעלע אייגענשאַפט
פון די קאַרליקלעך, וואָס האָט מעגליך געמאַכט אַזאַ סאַלטאָ
מאָרטאַלע פון לעבען צו לעבען. אָבער צי טראָגסטו נישט אַרי־
בער, דו אַלס מענש, שפּראָצענדיגע צווייגלעך פון איין געוויקס
אויף דעם אַנדערען און לאָזט זיי דאָרט נישט לעבעדיג צו־
זאַמענוואַקסען? צי גיסט דיר נישט אַריבער דער דאָקטאָר ביי
דער אַזוי גערופענער טראַנספוזיע לעבעדיג בלוט פון אַ
פרעמדען מענשען אין דיינע אָדערען? אָדער צי ווערט דיר
נישט אין דער מעדיצינישער פּראַקטיק פון דער דערמאַ־
פּלאַסטיק פּשוט אַריינגעזעצט אַ לעבעדיג שטיק הויט, כדי
צו פערדעקען אַ אַנ׳ענטבלויזטע וואונד? פאַרוואָס זאָלסטו עס
נישט קאָנען פאָרשטעלען אויך אין קאַרליק־לאַנד?

אַז די זאַך האָט זיך אַזוי ביי ענליכע געלעגענהייטען
נאָכאַמאַל און נאָכאַמאָל איבערגע׳חזר׳ט, האָט זי זיך ביסלעכ־
ווייז פערשפּרייט אַלס טראַדיציע ביי אַלע קאַרליקעס, וועלכע
האָבען געהאַט אַ נייגונג צו פיל־טיילונג, און די צוזאַמענגיסונג
אין פאַל פון אייגענער שוואַכקייט איז ביי זיי געוואָרען פּונקט
אַזאַ פעסטע געוואוינהייט, ווי דאָס קינדער האָבען. נור איינס
האָט מען זיך דערצו נאָך אויסגעלערענט, און דאָס איז אַלענ־
פאַלס געווען זייער וויכטיג.

דו האָסט דיר שוין זיכער אַליין געשטעלט די פראַגע,
וואָס איז ביי דער דאָזיגער צוזאַמענגיסונג געוואָרען מיטביידע
צוויבער־רינגען? צי זענען זיי, אַזוי ווי זיי זענען געווען,
געבליבען אַלס אייגענטום פון דעם נייעם צוזאַמענגעגאָסענעם
קאַרליקעל? אין אָנהויב איז טאַקי אַזוי געווען. אָבער דאָס
האָט געקאָנט ברענגען צו גרויסע אומבעקוועמליכקייטען. אַז
יעדער ניי קאַרליקעל האָט שוין געהאַט אויף זיך צוויי רינגען

ניִשט געקאָנט ברייִנגען די נויטיִגע גיִכע היִלף. און מיִט אַמאָל איִז דעם דאָזיִגען בריִלענדיִגען לייבעלע ענטקעגענגעקומען אַ צווייט בעשעפעניִש פון זיין גלייכען, אויך אַזאַ נעבעכדיִגע שוואַכע בריאה. דער צווייטער חברה־מאַן איִז אויך איִן דער זעלבער לאַגע, ווי אונזער פריינד, ער טרוימט אויך וועגען אַ הויפט־ביִסען, וואָס זאָל מיִט איינמאָל אריינברענגען אַ ברכה איִן זיינע קורץ־געוואַקסענע פיִס, אָבער ער געפיִנט ניִשט אַזעלכעס.ביידע קוקען אַזוי אָן איינער דעם אַנדערען און טראַכטען זיִך: אָט דאָס וואָלט דאָך געווען פאַר מיִר אַ גוטער ביִסען. און אָט — די זעסט ווי זיי רוקען זיִך צו איינער צום אַנדערען, כאַפּען זיִך אַרום. די טראַכטסט זיִך, איינער וועט דאָך זיין שטאַרקער, וועט דעם אַנדערען דער׳הרג׳ענען און אויפפרעסען, — אָט אַ קאַניִבאַל, פלייש פון אַ קרוב — אַ קאַרליִק זאל פאַר איִם זיין דער לעצטער שטאַרקסטער עליִקסיִר, וואָס קאָן איִם מיִט אַמאָל העלפען.

אָבער וואָס געשעט? ביי די דאָזיִגע קאַרליִקעס זענען, ווייזט אויס, פאַרהאַן עפּעס משוגע׳נע מידות. ביידע האָבען זיִך פעסט אַרומגענומען; אָבער ווי זיי דריִקען זיִך אַזוי איינער דעם אַנדערען איִן די אָרעמס, לויפט זיי, ווייזט אויס, דורך גאָר אַ נייער געדאַנק. צו וואָס הרג׳ענען? ציִ זענען זיי דען ניִשט פלייש פון גלייכען פלייש און בלוט פון זעלבען בלוט? פאַרוואָס זאָלען זיי ניִשט אַריין איינער איִן דעם אַנדערען און צוזאַמען בלייבען לעבען? שטאַרקער און שטאַרקער דריִקען זיי זיִך צוזאַמען. און מיִט אַמאָל — ביידע קערפּערלעך פּלאַצען, דער לעבענסזאַפט פון ביידע מיִשט זיִך צונויף, נאָך איין פּרעס... און ביידע זענען א י י נ ס געוואָרען. אַ גרויסער תענוג נעמט זיי דורך: דער תענוג פון דער בעגערטער אָנזעטיִגונג. זיי האָבען זיִך באמת אויפגעפרעסען, ווי די צוויי לייבען, און אפילו די עקען ניִשט איִבערגעלאָזען. אָבער קיינער פון זיי האָט דערביי ניִשט געפיִלט קיין טויט־שמאַרץ, איין לעבען האָט זיִך איִנגאַנצען צוזאַמענגעגאָסען מיִט דעם אַנדערן. און איִן דעם נייעם דאָפּעלט־קערפּער פּולסיִרט איִצט אַ נייִ דאָ־

די מאָס געבראַכט נאָך מער שאָדען ווי די פוילקייט. די אַנ־דערע קאַרליקעס, וועלכע זענען זיך אַ לאַנגע צייט רוהיג גע־זעסען איבער זייערע טעפּ מיט פלייש פון מצרים, האָבען ע.ד־ליך, ווען זיי זענען צוגעטרעטען צו דעם „קינדער־האָבען״, זיך גענומען דערצו מיט אַזאַ ענערגיע, אַז זיי האָבען זיך מיט איינמאָל צוהאַקט נישט אויף צוויי, נור אויף פיר, אויף אַכט, אפילו אויף צוועלף און נאָך מער יונגע רומפּעלשטילצעלעך. אין דעם פאַל איז אַפילו אַריינגעקומען אַ ברכה אין דער צאָל קינדער, אָבער אין דער זעלבער צייט זענען דאָס געווען אַזעלכע שוואַכע ווערעמלעך און פיצינקע קאַרליקלעך, אַז אפילו דער פעטסטער פלייש־טאָפּ האָט זיי שוין נישט געקענט אויפהויבען ביז וועלכער ס'איז אָנשטענדיגער גרויס. און דערצו נאָך האָט די דאָזיגע פיצינקע חברה אויך נישט געוואָלט זיך אָבזאָגען פון קינדער האָבען; שוין צופיל דורות פאַר זיי האָבען זיך אַזוי געפירט, און אַזוי ווי דער פייע „נוצליכקייט״ איז עס געפעלען, האָט זי עס געלאָזען אויסקריצען אַלס געבאָט אין אַלע געזעץ־צייכענס פון די מאַגישע רינגען. די ליליפּוטען האָבען זיך דעריבער גענומען שפּאַלטען, נישט דערגרייכענדיג די נאָרמאַלע גרויס; און דאָס איז שוין געוואָרען גאָר שלעכט. דערפון איז שוין אויסגעוואַקסען די געפאַר, אַז דאָס גאַנצע פאָלק פון די רומפּעלשטילצעלעך זאָל אין איין שיינעם טאָג, אין מיטען פון דעם בעסטען וואוילטאָג, אויפ'ן שויס פון אַ לאַנד, וואָס פליסט מילך און האָניג, אַלץ מער און מער אָראָבוואַקסען און דאַן באמת שטאַרבען פאַר אויסצערונג ביי'ם געדעקטען טיש. חייל דער פיצינקער וואוקס און די שוואַכקייט האָט דאָך סוף כל סוף געדאַרפט מאַכען אונמעגליך אויסצופּי־רען דעם געבאָט פונ'ם רינג. וואָס זאָל דאַ זיין?

און מיט אַמאָל — אַ לוסטיגער אויסוועג.

עס איז זיך געווען אַזאַ אָרעם שוואַך קאַרליקעל, וואָס האָט שוין זייט אַ געוויסער צייט געמאַכט פערצווייפעלטע אָנ־שטרענגונגען אַביסעל אויסצוואַקסען. עס האָט געזוכט און געזוכט און געגעסען און געגעסען, אָבער קיין שום ביסען האָט

ווי ס'זאָל נישט זיין, אזוי איז געווען, און דאָס פאָלק פון די קאַרליקעס איז געוואַקסען ווי דאָס זאמד פון ים. ערשט אין אַ צייט אַרום האָבען זיך אַרויסגעוויזען געוויסע אונבאַקוועמליכקייטען, וועלכע האָבען געקאָנט שפּעטער ווערען געפערליך. געווען איז עס אזוי.

אז אַ קאַרליק האָט זיך צוריסען אויף דער העלפט, איז אין אָנהויב געווען אַ הויפּט-בעדינג אַז ביידע שטיקער זאָלען האָבען פּונקט די זעלבע גרויס. ווייל נור דאַן האָבען די ביידע צושפּאָלטענע העלפטען געהאַט גענוג כח, אין אַ קורצער ווײלע אַרום צוריק אויפצוואַקסען ביז צו דער פריערדיגער גרויס. שפּעטער האָט זיך אָבער אָנגעהויבען צו טרעפען, אַז טייל קאַרליקלעך האָבען זיך גענומען צו דער זאַך גאַנץ לייכטזיניג און אָן דער נויטיגער פּינקטליכקייט. עס האָט געקאָנט זיין, אַז טייל האָבען געפּרובט זיך צורייסען, נאָך נישט האָבענדיג זיך גענוג אָנגעגעסען, אַנדערע ווידער האָבען זיך גענומען דערצו ערשט דאַן, ווען זיי האָבען שוין געהאַט צופיל איבערגעגעסען: ווי ס'זאָל נישט זיין. עס האָט זיך אָנגעהויבען מאַכען אזוי, אַז טייל האָבען ביים צורייסען זיך אָנגעווענדעט צו ווייניג קראַפט און אַנדערע צופיל. טייל קאַרליקעס האָבען זיך צוריסען אזוי פויל, אַז איין שטיק האָט בעקומען אַן ערך פון דריי פערטעל פון אַלטען קערפּער און דאָס צווייטע נור איין פערטעל. שוין אין דעם פאַל האָט דאָס צווייטע שטיק געמוזט אונטערהינקען אין דער ענטוויקלונג, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ס'האָט מיטבעקומען אַ גאַנצען רינג. נאַטירליך, דעם רינג האָבען די צוריסענע קאַרליקלעך תּמיד בעקומען, אָבער די כאַראַקטער-ענערגיע און די קלוגע אָנווייזונגען פון די עלטערען האָבען דאָך נישט געקאָנט אַרויסהעלפען פון דער דאָזיגער פּלוצלינגער אָבצערונג. דאָס שוואַכע קאַרליקעל האָט געמוזט דורכמאַכען אַן'אונגעהויער שטאַרקע „שפּייז-קוראַציע", כדי זיך ווידער אָנצועסען ביז צו דער פריערדיגער גרויס.

אָבער דער דאָזיגער פאַל איז נאָך נישט געווען דער ערגסטער. ווי גאַנץ אָפט אין לעבען, האָט דאָס איבעררכּ.פען

קאַרליק־וועלט גערעכנט פאַר נישט אָנשטענדיג: ריס, האָט ער זיך אין מיטען אליין איבערגעהאַקט און געבליבן ליגען אין צוויי העלפט.

אָבער מאָדנע: דאָס איז גאָרנישט געווען אזוי, ווי ווען מען וואָלט איינעם פון אונז איבערגעהאַקט אויף דער העלפט מיט אַ האַקמעסער. יעדער העלפט איז געבליבן פאַר זיך לעבעדיג, און אין אַ קורצע ווײַלע אַרום, נאָכדעם, ווי זי האָט אַרײַנגעפּהאַקט אַ פּאָר גוטע מאָלצײַטען און גענומען שנעל צו־וואַקסען, איז שוין פאַר אונז אויסגעוואַקסען אַ נייער קאַרליק, וועלכער איז פּונקט אזוי גרויס געווען, ווי דער פריערדיגער נישט צוריסענער רומפעלשטילץ. און דאָס (שטעלט זיך פאָר!) האָט די חברה גערופען קינדער האָבען.

נור איינס האָבען זיי ביי דעם דאָזיגן בעקוועמען אַקט שטרענג אָבגעהיט, און דאָס האָט די גוטע פייע „נוצליכקייט" ביי זיי אַבסאָלוט דורכגעפירט. יעדע פון די ביידע העלפטען האָט מיטבעקומען אַ גאַנצען פאָטעררינג. ווי אזוי איז דאָס מעגליך געווען? דערצו: האָבען די דאָזיגע צויבע־רינגען גע־האַט אַ גליקליכע אייגענשאַפט. יעדער רינג איז אייגענטליך תמיד בעשטאַנען פון פיל רייפען, וועלכע זענען געזעסען איי־נע אין דער אַנדערער, און יעדע פון די דאָזיגע רייפען האָט אויף זיך געהאַט אַנ'אָבדרוק פון די צויבער־צייכענס, וועלכע זענען געווען אויפן רינג. פאַר דער שפּאַלטונג האָט זיך דער גאַנצער רינג פונאַנדערגעטיילט אויף צוויי אָדער מער רייפען און יעדע פון זיי האָט מיטבעקומען דעם גאַנצען צויבער, וועלכער איז געווען בעהאַלטען אין די אויסגעקריצטע צייכענס. די מאַסע פון דער רייף האָט דאָך דאָ זיכער קיין ראָ° נישט נישט געשפּילט; אפשר האָבען די צושפּאָלטענע קאַרליקלעך— שפּעטער געדאַרפט אליין דיקער מאַכען די דינע רינגען, וועלכע זיי האָבען בעקומען, אָדער אפשר איז טאַקע געווען געוואונשען. די רינגען אלעמאָל לייכטער צו מאַכען. דאָס הייסט די פאַמיליען־כראָניק. אזוי צו זאָגען, צו פירען אויף אלץ אַ דינערען פּאַפּיר.

אויך דאָס, וואָס די קינדער האָבען צוזאַמען מיט דעם רינג בעקומען אַ פעסטען פאָרויס-בעשטימטען כאַראַקטער, האָט זיך אָפּט אַרויסגעוויזען אַלס שטערונג פאַר זייער בעוועגליכקייט, פאַר זייער צופּאַסונגס-פעהיגקייט צו גאַנץ נייע פאָדערונגען פון זייער אייגענעם לעבען. אָבער דאָך האָט דער נוצען פון די רינגען זיכער איבערגעוואויגען די דאָזיגע אונבעקוועמליכ-קייטען, ווייל אַנדערש, וואָלט דאָך די פערבאָרגענע שיקזאַל-פייע, וועלכע האָט אונבעמערקט פון די פריסטע צייטען אָן כסדר געפירט אירע קאַרליקלעך אין דער ריכטונג פון דעם „נוצליכ-סטען", אינגאַנצען זיי נישט געגעבען די מאַגישע רינגען.

דאָס מערקווירדיגסטע ביי אונזערע קליינע ברואים-לעך איז אָבער גאָר געווען דאָס פּאָלגענדע עס איז ביי זיי נישט געווען קיין „ער" און קיין „זי". הגם זייער קערפּערליכער און גייסטיגער כאַראַקטער האָט שוין אַרויסגעוויזען קליינע פּער-זענליכע פערשידענהייטען, זענען זיי דאָך אין געשלעכטליכען פּונקט אַלע געווען אין עצם אינגאַנצען גלייך; מען האָט ביי זיי נישט געזען קיין שום פון די אונטערשיידען, וועלכע לאָזען אונז פעסטשטעלען דעם גרויסען געגענזאַץ צווישען אַן „ער" און אַ „זי". און קינדער האָבען זיי געבוירען אויף אַ משונה-חילדען אופן.

דו האָסט געלעזען דאָס מעשה'לע וועגען דעם בייזען קאַרליק רומפּעלשטילצכען, וועלכער האָט אין פערצווייפלונג זיך אָנגעכאַפּט מיט איין האַנט ביי דעם שפּיץ באָרד און מיט דער אַנדערער ביי דעם גראָבען פינגער פון פוס און מיט איין ריס זיך אַליין צוריסען אויף צוויי שטיקער. נו, זענען אונזערע קאַרליקעס אַלע אייגענטליך געווען אַזעלכע רומפּעלשטילצ-לעך. נישט מער, וואָס זיי האָבען דאָס נישט געטון פון עגמת-נפש און פונ'ם ווילען זיך אַליין אומצוברענגען. נור זיי האָבען זיך פון דעם אַליין-צוררייסען זיך געמאַכט אַ פריילּיכען ספּאָרט, וועלכער האָט גאָרנישט געהאַט קיין שום טראַגישע פּאָלגען. האָט זיך איינער פון זיי אַזוי קיילעכיג אָנגעפּרעסען און דערגרייכט אַ וואוקס, וועלכע האָט זיך שוין אין דער

זיי האָבען זיך געלעבט יעדער פאַר זיך אַלס אָבגעזונ־
דערטער פרוש; זיי האָבען געפרעסען און געפרעסען, וויפיל
זייער האַרץ האָט געגלוסט, און האָבען זיך געלאָזען אויפ־
װאַקסען גאַנץ קיילעכיגע בייכלעך.

עס זענען נאָך דעמאָלט קיין שולן נישט געװען, וואו
זיי זאָלען בעקומען אַ געזעלשאַפטליכע ערציאונג. אָבער יעדער
קאַרליקל האָט פון געבוירען אָן געהאַט אויף זיך אַ וואונדער־
ליכען רינג, אויף װעלכע עס זענען געװען אויסגעקריצט
צויבער־צייכענס. די דאָזיגע צייכענס האָבען אין אַ געוויסען
זין פאָרגעשט.לט זייער פאַמיליען־כראָניק און זייער גאַנצען
ווייטערדיגען גורל אין דער פאָרם פון אַ פעסטען לעבענס־סדר.
עס זענען דאָרט געװען אַלע ערפאַרונגען פון זייער מין, אַלץ
װאָס ס׳האָט זיך אין דעם שווערען לעבענס־קאַמף פון אַ לאַנ־
גער קייט פון דורות אַרויסגעװיזען אַלס דאָס נוצליכסטע. װען
דאָס לעבען האָט אַרום זיי געברויזט, איז דער דאָזיגער קלו־
גער ספר־זכרונות פאַר זיי געװען דער קורצער סך־הכל פון
די לעבענס־ערפאַרונגען פון זייערע אורעלטערען, זייער פאָ־
טערליכע ברכה איז עס געװען, װעלכע האָט זיי געלערנט אין
די וויכטיגסטע פאַלען גיין אויף דעם בעסטען װעג, נישט
דאַרפענדיג פריהער אַליין אַלע גוטע און שלעכטע װעגען דורכ־
צופרובען. אָבער אויך זייער גאַנצע קראַפט, זייער געזונטקייט
איז אין די דאָזיגע צייבער־צייכענס געלעגען בעהאַלטען, זיי־
ער גאַנצע אויפפירונג, װי זי האָט געדאַרפט אין פערשידענע
פאַלען זיין. מיט איין װאָרט, אין די דאָזיגע צייכענס איז
אויך געגעבען געװאָרען זייער גאַנצער כאַראַקטער, דער פער־
זענליכער כאַראַקטער פון יעדען בעזונדער.

נאַטירליך, האָט אין אַזאַ פעסטען לעבענס־רינג געקאָנט
גיין בעהאַלטען נישט נור אַלע מעגליכע פערלייכטערונגען אין
לעבן, נור אויך אַ געוויסע געפאַר. זענען די עלטערען אַמאָל
זעשטרויכעלט געװאָרען אין לעבען, זענען זיי אַריינגעפאַלען
אין אַ קרענק אָדער אין אַנ׳אַנדער אומגליק, האָבען זיי דאָס
באַלד איבערגעגעבען צוזאַמען מיט דעם רינג די קינדער. און

„...אזוי, אַז נאַטור אין האַס אין ליבען
האָט גאָטפּון זיך אַלס בלום געבוירען״.
(פון לענאַוּ׳ס. פאַוּסט).

אַ מעשה׳לע. עס איז געווען אַ מאָל אַ ליבער גרויסער שטערן אין דער וועלט. די אַסטראָנאָמען פון אַ שכנות׳דיגען וועלט-שטערן האָבען אים בעטראַכט שוין זייט לאַנגע, לאַנגע צייטען. זיי האָבען אים נישט גערעכנט פאַר קיין זעלבשטענדיגען שטערן, נור פאַר אַ פלאַנעטע פון אַ גרעסערן סיסטעם. עס איז ביי זיי געווען אַנ׳אַלטע, אַלטע מסורה, אַז דער שטערן איז אַמאָל בלוט-רויט געווען. און אַז מען האָט געקאָנט מיט דער הילף פון דעם ספּעקטראַל-אַנאַליז בעווייזען, אַז ער שטראַלט אַרויס פון זיך אייג״ן ליכט. אָבער דאָס האָט געמוזט זיין שוין זייער לאַנג. דאָס שוואַכע ליכט, וועלכעס מען האָט איצט ביי אים געזען, איז זיכער געווען נור אַנ׳אָבש״ין פון אַ נאָנטן און פיל גרעסערען ליכטיגען שטערן, אַרום וועלכען אונזער קלענערער שטערן האָט זיך געדרייט און געמאַכט אַ גאַנצען קרייז פונקט אין משך פון אַ יאָר צייט.

און אויף דעם דאָזיגען שטערן האָט זיך מיט אַ מאָל בעוויזען אַ געווימעל פון לעבעדיגע קליינע קאַ־ל קעס.

קיינער האָט נישט געוואוסט פון וואַנען זיי האָבען זיך גענומען. צי זענען זיי אַמאָל פון בלויען הימעל אַראָבגעפאַלען, ווי פערשטאַרטע מומיעס, אין וועלכע דאָס לעבען איז ווי אין אַ היפּנאָטישען שלאָף געווען בעהאַלטען? אָדער צי זענען אייניגע פון די שפּיציגע, האַרט-קאַנטיגע באַרג-קוייסטאַלען פון זייער געגענד מיט אַמאָל ווייך און בעוועגליך געוואָרען און האָבען זיך פערוואַנדעלט אין אַזעלכע קאַרליקלעך מיט שפּיציגע היטעלעך? דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט; מען האָט מיט אַמאָל דערזען, אַז זיי זענען דאָ.

„אַט מיִר האָבען זיִך בעװיזען,
װײסען ניִשט, װיִ ס'איִז געשעען.
פֿרעגט ניִשט, װיִ אַזױ געקומען,
װײל מיִר זענען דאָך שױן דאָ!
פֿאַר דעם לעבענס פֿרײען װיִמלען
טױג דאָך, װײסטו, יעדער אָרט;
װײזט זיִך װאו אַ פֿעלזען-שפּעלטעל,
איִז שױן דאָרט אַ קאַרליִק דאָ.
קאַרליִק „ער" און קאַרליִק „זיִ" —
האָסטו שױן אַ ליִבע-פּאָר.
ב'װײס ניִשט, ציִ אַזױ איִז טאַקע
איִן גן-עדן אױך געװען.
אָבער זעה, װיִ גוט אַזױ איִז,
און לױב דאַנקבאַר אונזער שטערן;
װײל איִן מזרח און איִן מערב
בעצױרט דיִ מוטער ערד דאָך גערן".
פֿ אַ א ו ס ט, צװײטער טײל.

ווילהעלם בעלשע

# די ליבע אין דער נאטור

## ענטוויקלונגס=געשיכטע פון דער ליבע

איבערזעצט פון דער לעצטער דייטשער אויסגאַבע
פון יאָר 1921 דורך י. מאַיסקי.

## ערשטער טייל.

ערשטער באַנד. — בוך 3.

פארלאַג „די וועלט" וואָרשע 1922

# בעמערקטע טעותים.

זייטעל 22 שורה 16 פֿון אויבען שטייט רעש דארף זיין ראש
„ 24 „ 4 פֿון אונטען „ איליאָן „ „ איליסאָס
„ 61 „ 8 „ „ „ פֿון געהירען „ „ פון די געהירען
„ 130 „ 12 פון אויבען „ איפטיאָזאורוס „ „ איכטיאָזאורוס
„ 138 „ 14 „ „ „ אטלאַנטאָזאורויער „ אטלאַנטאָזאוריער
„ 139 „ 15 „ „ „ אילטיאָזאוריעחן „ איכטיאָזאוריער
„ 156 „ 3 „ „ „ דעם מענשענס גייסטער שפירט איר נאָך
דארף זיין דעם מענשענס גייסט ער שפירט איר נאָך.

---

**קלעטערדיג געוויקס** — א געוויקס, וואס וויקעלט זיך ארום אנדערע געוויקסן.

**קענגורו** — זע ביטל-חיות.

**קעפעלעקעל** — אן׳ענטוויקלונגס-פארם פון א פראש; א בריאה׳לע, וואס בעשטייט פון א קאפ און אן׳עק.

**קראנאס** — זע אוראנגאס.

**קרייד-צייט** — זע ערדגעשיכטליכע עפאכן.

**שטיינקוילען-צייט** — זע ערדגעשיכטליכע עפאכן.

**שלייערלעך** — א רוהיגע ענטוויקלונגס-פארם הויפטזעכליך ביי אינזעקטן; פופע.

**שנאבעל-חיה** — א זעלטענער מין חיות; האט א ווייכע פעל, א שנאבעל און לייגט אייער. האלט זיך אויף אין אויסטראליען און אין דרום-אמעריקע.

**שנעק** — א פערשפרייטער מין ווייך-לייביגע בעשעפעניש; שלימאק.

**פּאַטאַמאָרגאַנאַ** — מיראַזש; אַן אַטמאָספֿערישע ערשײַנונג, אַ דאַנק װעלכער עס קאָנען בײַ געװיסע אומשטענדן געזען װערן זאַכן, װעלכע געפֿינען זיך זייער װײַט פֿון דעם אָרט, װאו מען זעט זײ.

**פּאַטראָקלוס** — אַ העלד פֿון דער טראָיאַנישער מלחמה; איז גע־הרג'עט געװאָרן דורך דעם גאָט אַפּאָלאָ.

**פּאַנצער־חיה** — װיג־חיות, באַשיצטע מיט אַ רוקן־פּאַנצער; האַלטן זיך אויף אין דרום־אַמעריקע.

**פּאָליפּ** — אַ נידעריק־אַנטװיקלטע ים־חיה.

**פּאַרנען־בוים** — פּאַרנען זענען אין אונזערע לענדער גראָז־געװיקסן, אין די טראָפּישע לענדער טרעפֿן זיך אויך פּאַרנען־בוימער, אין די אויסגראָבונגען טרעפֿן זיך פֿיל שפּורן פֿון אַמאָליקע מעכטיקע פּאַרנען־בוימער (פּאַפּאָראָטניק, paproć).

**פּויליאַקעס** — מאַלפּען־ענלעכע חיות, װאוינען אין דרום־אַמעריקע.

**פֿיאָרד** — ים־אַרבל, װעלכע שנײַדן זיך טיף אַרײַן אין לאַנד און פֿאַרצװײַגן זיך דערבײַ. די ברעגן פֿון סקאַנדינאַװישן האַלב־אינזל, פֿון שאָטלאַנד, אירלאַנד, איסלאַנד זענען שטאַרק צעשניטן דורך אַזעלכע פֿיאָרדן.

**פּלאַטאָן** — אַן אַלטער גריכישער פֿילאָזאָף (געבוירן אַן ערך אין 430־טן יאָר פֿאַר קריסטוס'ן).

**פֿערד־באַנד־װאָרים** — זע באַנד־װאָרים.

**פּערו** — אַ לאַנד אין דרום־אַמעריקע; אַ לאַנד מיט אַן אַלטער געשיכטע און מיט אַן אײַגנאַרטיקער קולטור.

**פֿעכנער** — אַ באַרימטער דײַטשער פֿילאָזאָף (געב. 1801 געשט. 1887).

**פּרת** — דער הויפּט־טײַך פֿון דעם נאָענטן אָזיען; גרענעצט־אָב די אײם פֿון דער אַלטער קולטור—מעסאָפּאָטאַמיען.

**ציקלאָפּ** — זע אָדיסײ.

**קאַמברישע עפּאָכע** — זע ערדגעשיכטלעכע עפּאָכן.

**קאָסמאָס** — די װעלט, די אַלװעלט.

**קוילן־שטאָף** — אַ כעמישער עלעמענט.

**קימל־גראָז** — אַ זייער פֿאַרשפּרייטער מין גראָז.

**קירקע** — זע אָדיסײ.

## עאָצען=צייט — זע ערד=געשיכטליכע עפּאָכען.

**ערד=געשיכטליכע עפּאָכען** — די געשיכטע פון דער ערד ווערט איינגעטיילט אויף א רייע עפּאָכען, וועלכע ווערען דערקענט און אבגעטיילט איינע פון דער אנדערער לויט די אויסגראָבונגען, וואָס ווערען געמאַכט אין ערד=שיכטען פון א פערשידענער עלטער. די איינטיילונג איז פאָלגענדע. אין דער געשיכטליכער ענטוויקלונג פון דער ערד שיידט מען קודם=כל אונטער פיר ערען: די ארכיישע עראַ, די פּאַלעאָזאָאישע, די מעזאָזאָאישע און די קאַינאָזאָאישע עראַ. די ארכעאישע ערא ווערט ווייטער איינגעטיילט אין צוויי פעריאָדען: דער לאַורענטישער סיסטעם און דער גוראָנישער. אין די ערשטע שיכטען פון די דאָזיגע ביידע פעריאָדען זעט מען נישט קיין שום סימנים פון אָרגאַנישען לעבען אויף דער ערד, דערפאַר געפינט מען אָבער שוין אין די נאָנטסטע שפּעטערדיגע שיכטען (אין דעם אלגאָנקישען, קאַמברישען) שפּורען פון גאַנץ הויך ענטוויקעלטע לעבעדיגע ברואים.—די פּאַלעאָזאָאישע עראַ ווערט איינגעטיילט אין פיר פעריאָדען: דער סילורישער, דעוואָנישער, דער שטיין=קוילען=פעריאָד און דער פּערמער=פעריאָד. פין דעם דאָזיגען פעריאָד געפינט מען שוין פיל איבערבלייבעלצען פון געוויקסען פון וואַסער=חיות און צום סוף פין דער עראַ—שפּורען פון אַמפיביעס און פין די ערשטע שרצים. — די מעזאָזאָאישע עראַ ווערט איינגעטיילט אין דריי פעריאָדען: דער טריאַס=פעריאָד, דער יוראַ=פעריאָד און דער קראַדע=פעריאָד. אין דער דאָזיגער עראַ געפינט מען שוין די סאַגאַ = פּאַלמען און די גאָדעל=בוימער; עס בעווייזען זיך די ערשטע זויג=חיות אין געשטאַלט פון ביי=טעל=חיות; צום סוף פון דער עראַ בעווייזען זיך די ערשטע פויגעל, וועלכע האַבען נאָך געוויסע סימנים פין שרצים. — די קאַינאָזאָאישע עראַ, וועלכע ווערט אנדערש גערופען, די טערציערע עראַ, אָדער די טערציער עפּאָכע, קומט נאָך דעם קראַד=פעריאָד; דאָס איז די עפּאָכע, וועלכע איז געווען דירעקט פאַר דער היינטיגער. די אויסגראָבונגען פין דער דאָזיגער עפּאָכע זע=נען זייער רייכע און זיי זענען נאָך ביז איצט נישט אינגאַנצען סיסטעמאַטיזירט. די עפּאָכע ווערט איינגעטיילט אין פאָלגענדע פעריאָדען: עאָצען, אָליגאָ=צען, מיאָצען און פּליאָצען, דערנאָך קומט די אייז-עפּאָכע (אָדער די דילוויאַלע עפּאָכע) און דאַן שוין די נייעסטע צייט. אין דער טערציער עפּאָכע האָבען זיך בּיסלעכווייז בעוויזען אַלע העכערע צמחים און חיות און ענדליך אויך דער מענש. די ערשטע אונצווייפעלהאַפטע שפּורען פין מענש געפינט מען ערשט אין דעם אייז=פעריאָד, אָבער מען רעכענט לויט גע=וויסע סימנים, אז דער מענש האָט זיך בעוויזען פין פריער, דהיינו נאָך אין דעם עאָצען=פעריאָד אָדער אָלענפּאָלס אין סוף פון דער טערציער עפּאָכע.

**מעגאַטעריע** — אַ ריזיגע פֿאָרזינטפֿלוטיקע אויסגעשטאָרבענע חיה, װעלכע דערמאָנט לויט זײַן קערפּער־געבוי אַביסעל די הײַנטיקע פּויליאַקעס (זע).

**מעװען** — אַ מין רויב־פֿויגעל, װעלכע װױנען אויף די ברעגן פֿון די צפֿון־ימים (מעװאַ, mewa).

**מעמנאָם־זאַל** — דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע סטאַטוע פֿון אַ עגיפּטישן קעניג, װעלכע זאָל זײַן אויפֿגעשטעלט דורך מעמנאָס'ען (מעמנאָנ'ען), אַ לעגענדאַרישן העלד (אַ זון פֿון דעם פֿרימאָרגן־שײַן) נאָך אָנ'ערד־ציטערניש איז דער דאָזיקער זאַל געפּלאַצט, און דאַן האָט מען אַלע טאָג בײַם זון־אויפֿגאַנג געהערט פֿון אים געװיסע קלאַנגען. עס האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז מעמנאָס ענטפֿערט מיט די דאָזיקע קלאַנגען אויף דער באַגריסונג פֿון זײַן מוטער, דעם מאָרגנשײַן.

**נאָז־האָרן** — אַ גרויסע זעלטענע זויג־חיה, װעלכע האַלט זיך אויף אין אַפֿריקע און אין דרום־אַזיען; איר נאָמען האָט זי צו פֿאַרדאַנקען אַנ'אײַנציקן אָדער אַ דאָפּעלטן האָרן, װעלכן זי האָט אויף דער נאָז.

**נאַטריום** — אַ כעמישער גרונד - שטאָף, אַ כעמישער טײל פֿון קאָך־זאַלץ.

**ניל, נילוס** — דער הויפּט־טײַך פֿון אַפֿריקע; דער הײליקער טײַך פֿון מצרים (עגיפּטן).

**סאַגאָ־פּאַלמע** — אַ פֿאַרשפּרייטער און זייער אַנ'אַלטער מין פּאַלמעס, װעלכער װאַקסט אין אַלע טראָפּישע לענדער אויף דער װעלט.

**סאָליטער** — זע באַנד־װאָרים.

**סיריוס־װײַטקײַטן** — סיריוס איז דער ליכטיקסטער שטערן אויף דעם הימל־געװעלב; ס.־װײַטקײַטן—הײסט אומגעהויער װײַטע שטרעקעס.

**סירענעס** — זע אָדיסעע.

**סכאָלאַסטיקער** — מיט דעם דאָזיקן נאָמען װערן אָנגערופֿן די מיטלאַלטערלעכע פֿילאָזאָפֿן, װעלכע האָבן זיך מערסטנטײלס געגרינדעט אין רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿישע פֿראַגן.

**ספּעקטראַל־אַנאַליז** — דאָס איז אַ מעטאָדע, לויט װעלכער דער כעמישער צוזאַמענשטעל פֿון קערפּערס װערט פֿעסטגעשטעלט אויפֿ'ן סמך פֿון דעם ליכט, װעלכע די דאָזיקע קערפּערס גיבן פֿון זיך אַרויס. די דאָזיקע פֿעסטשטעלונג װערט דורכגעפֿירט מיט דער הילף פֿון אַ ספּעציעלן אָפּטישן אַפּאַראַט, יעם אַ. ג. ספּעקטראָסקאָפּ.

**ספּעקטראָסקאָפּ** — זע ספּעקטראַל־אַנאַליז.

**טעלעסקאָפּ** — אַ גרויסע זע־רער (שפּאַקטיוו) אויף צו בעטראַכטען זייער ווייטע קערפּערען, למשל די שטערען אין הימעל.

**טערציער־עפּאָכע** — זע „ערדגעשיכטליכע עפּאָכעס".

**טרילאָביטען** — פּאַרציייטישע ראַקעס, שפּורען פון וועלכע מען געפינט היינט ביי אויסגראָבונגען.

**יאָבּסיאַדע** — אַ קאָמיש העלדען־געדיכט פון דר. קאַרל אַרנאָלד קאָרטום, אָנגעשריבען אין דער צווייטער העלפט פון 18־טען יאָרהונדערט.

**יורא־עפּאָכע** — זע „ערדגעשיכטליכע עפּאָכעס".

**ים־הונט** — אַ גרויסע ים'ישע זויג־חיה; האַלט זיך אויף אין די צפון־ימים.

**כעמישע קרובה'שאַפט** — די אייגענשאַפט פון איין כעמישען עלעמענט זיך צונויפצוגיסען מיט אַ בעשטימטען אַנדערען און צו בילדען דערביי אַ נייעם, אינגאַנצען פערשידענעם כעמישען שטאָף.

**לאָטאָפאַגען** — זע אָדיסעע.

**מאַגנאָליע** — מאַגניאָליע; אַ מין גרויסע, שיינע ביימער, וואָס וואַקסען איצט אין צפון־אַמעריקע, אין כינע און אין יאַפּאַן.

**מאָלעקולען** — אַ טיילעכל, אַ גרופּע אָדער אַ סיסטעם פון אַטאָמען (זע)

**מאַמאָנט** — אַנ'אויסגעשטאָרבענע ריזיגע פּאַרצייטישע חיה, וועלכע איז געווען זייער ענליך צום היינטיגען העלפאַנט.

**מוסקוס־ריח** — אַ שאַרפער ספּעציפישער ריח, וועלכען ס'גיט־אַרויס דער זוימען פון אַ געוויסער חיה, קאַבאַרגע, וועלכע האַלט זיך אויף אין אַזיען.

**מיילעכל** — דער וויבליכער אָרגאַן פון אַ בלום.

**מינוציוס פעליקס** — אַ רוימישער אַדוואָקאַט (געשטאָרבען אַנ'ערך אין יאָר 210 נ. כר.). ער האָט אָנגעשריבען אַ בערימטע אַפּאָלאָגיע פון קריסטענטום אין דער פאָרם פון אַ דיאַלאָג „אָקטאַוויוס".

**מיקראָסקאָפּ** — אַ שטאַרק פערגרעסערענדיגער שפּאַקטיוו, מיט דער הילף פון וועלכען ס'ווערען בעטראַכט אַזעלכע קערפּערלעך, וואָס ווערען מיט דעם פּשוט'ען אויג נישט געזען.

**מיקראָקאָסמאָס** — דאָ אין דעם זין „אַ גאַנצע קליינע וועלט".

**הויב-מוטער** — געבער-מוטער; א טייל פון ווייבלעכן געשלעכטלי-
כען אפאראט, וואו עס ענטוויקלט זיך פון בעפרוכטיגטען איי דאס קינד און
עס האלט זיך אויף ביז צום געבורט.

**הומער** — א ים-ראק.

**הייפיש** — ריזיגע ים-רויב-פיש (אקולעס).

**העליום** — א כעמישער עלעמענט; לויט די נייעסטע פארשונגען קאן
זיך דער עלעמענט ראדיום פערוואנדלען אין העליום.

**העקאטאמבע** — א גרויסער פייערליכער אקט ביי די אלטע גרי-
כען, בשעת וועלכען ס'זענען געבראכט געוואָרען מאסען קרבנות; מיט דעם גע-
מען „העקאטאמבע" בעצייכענט מען אויך א מאסען-מארד.

**וואלד-וויינשטאָק** — א זייער פארשפרייט שטרויך-געוויקס מיט
שטארק-שמעקעדיגע בלומען און זאפטיגע פרוכטען, וועלכע וואקסען זיך אפט
צוזאמען.

**וואלפיש** — א ריזיגע ים-זויג-חיה (קיט, kit)

**וואסערשטאָף** — א כעמישער עלעמענט, א פארבלאָזער גאז; אז
מען פעראייניגט אים מיט זויערשטאָף בילדעט ער וואסער.

**וויִנעטא-גלאָקען** — וויִנעטא איז געווען פון 10-טען ביז'ן 12-טען
יאָרהונדערט א בעלעבטע שטאָט ביים באלטישען ים. שפעטער איז די שטאָט חרוב
געוואָרען. ס'איז געבליבען א לעגענדע, אז די שטאָט איז איינגעזונקען געוואָרען
אין ים, און אז יעדען יום-טוב הערט מען פון ים דעם געקלאנג פון איהרע
קלויסטער-גלאָקען.

**זאורוס, זאוריער** — זע איכטיאָזאורוס.

**זויערשטאָף** — א פארבלאָזער גאז; צוזאמען מיט וואסערשטאָף
בילדעט ער וואסער.

**חוט-השדרה'דיגע חיות** — חיות, וואס האבען א חוט-השדרה (א
רוקען-מארך-ביין).

**טאשען-ראק** — קראב; א מין פון די אזוי-גערופענע צענפיסיגע
ראקעס.

**טורבינע** — א ראד, וואס ווערט בעוועגט דורך דעם וואסער-לויף.

**טיטאנען** — זע קראָנאָס.

יאַנג שפּילט אַ װיכטיגע ראָל אין דער אינדישער מיטאָלאָגיע, אין דער אינדישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע.

גאָרילאַ — די גרעסטע מענשען-ענליכע מאַלפּע; האַלט זיך אויף אויפ׳ן אינזעל גיני-גוינעע.

גאַרנעל-ראַק — אַ מין קליינע חיין-הויטיגע ראַקעס, װעלכע האַלטען זיך אויף ביי די ברעגעס פון ים.

גייזער — הייסע װאַסער-קװאַלען, פון װעלכע דאָס װאַסער הויבט-אָן אַלעמאָל צו שפּריצען, װי אַ פאָנטאַן, צוזאַמען מיט װאָלקענס פּאַרע.

גייער — אַ רויב-פויגעל (קאָרשון).

געאַ — זע אוראַנאָס.

דאַנטע — דער גרעסטער און בערימטסטער אַלט-איטאַליענישער פּאָעט (געשטאָרבען אין יאָר 1321). דאַנטעס טרוים—דאָס איז זיין אומשטערבליך װערק „די געטליכע קאָמעדיע“, װעלכע טיילט זיך איין אין דריי טייל: „גיהנום“, „ריינינגונגס-מדור“ און „גן-עדן“. מיט דער קראַפט פון געניאַלען קינסטלער פירט דאַנטע אַרויס אַ ריזיגע ריי געשטאַלטען, נעמט-אַרום אַלע פראַגען פון דעמאָלטיגען לעבען און גיט אויף זיי אַן ענטפער.

דאַקס-הינט. — אַ מין יאַגד-הינט, קליינע, שטאַרקע, װעלכע זוכען אין די נאָרעס די חיות, װאָס בעהאַלטען זיך דאָרט, און טרייבען זיי אַרויס.

דאָרשען — אַ מין פיש, װאָס האַלטען זיך אויף אין די צפון-ימים.

דזשונגלען — סטעפּעס.

דילוװיאַלע צייט — זע „ערדגעשיכטליכע עפּאָכעס“.

דעװאָנישע צייט -- זע „ערדגעשיכטליכע עפּאָכעס“.

דעלפינען — אַ מין רויב-ים-חיות פון דער משפחה װאַלפישען, װעלכע געפינען זיך אין די אָקעאַנען און אין אַלע ימים.

דראַקאָנען — אַזוי װערען גערופען געװיסע מינים עגדישען, װעלכע לעבען נאָך איצט און האָבען אַמאָל געלעבט אויף דער ערד: פערשידענע פעלקער גלויבען אין לעגענדאַרישע דראַקאָנען, װעלכע שטעלען מיט זיך פאָר ריזיגע װאַסער-שלאַנגען אָדער פליענדיגע שלאַנגען; אין דער מיטאָלאָגיע זיינען עס קרוב׳ישע בריאות צו די טיטאַנען (װעלכע האָבען אויף זייערע פלייצעס געהאַלטען די ערד).

האָמונקולוס — זע „אַלכימיע“.

**אַקאַלעפּען** — מעדוזען; גאַנץ איינפאַך-געבויסטע ים-בריאים, דורכזיכטיקע, אין דער פאָרם פון אַ גלאָק אָדער פון אַ טעלעכל מיט איין עפענונג, וועלכע פאַראייניקט דעם אינערלעכן מאָגן מיט דער אויסערלעכער וועלט.

**אַרץ** — שטיין-אָדער ערד-שיכטען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך מע-טאַל (ruda).

**אַרכעאָפּטעריקס** — אַ פאַרצייטישע חוש-הסדרה'דיקע בריאה, וועלכע האָט סימנים פון אַ שרץ (אַנ'עק, ציין) און פון אַ פויגעל (פעדערן, פליגעל).

**אָראַנג-איטאַנג, אָראַנג-אוטאַן** — אַ מענטשען-ענליכע מאַלפּע, וועלכע האַלט זיך אויף אין די וועלדער פון די אינזלען סומאַטראַ און באָרנעאָ.

**אַראַוקאַריען** — אַ מין גרויסע, אייביק-גרינע נאָדעל-ביימער, וועלכע וואַקסען אין דרום-אַמעריקע און אין אויסטראַליען.

**באַנד-ווערים** — סאָליטער; ווערים, וועלכע לעבען, ווי פּאַראַזי-טען, אין די געדערים פון פערשידענע חיות; דער פערד-באַנד-וואָרים האַלט זיך אויף אין די געדערים פון פערד.

**בוכבוים-וואַלד** — אַ וואַלד פון בוכבוימער; אייביק-גרינע ביימער, וועלכע וואַקסען אין די וואַרעמע געגענדען פון דעם מיטעלמעערישען קלימאַטישען ערד-גאַרטעל.

**ביטעל-חיות** — אַ מין זויג-חיות, וועלכע מען געפינט כמעט אויסשליסליך אין אויסטראַליען; זייער נאָמען האָבען זיי בעקומען דערפאַר, וואָס זיי טראָגען די געבוירענע נאָך ניסט ענטוויקעלטע קינדער אין אַ בעזונדערען ביטעל, וועלכען זיי האָבען אויפ'ן לייב. איינע פון די גרעסטע ביטעל-חיות איז די קענגורו אין אויסטראַליען.

**בלאָז-וואַסער-געוויקס** — פוקוס; אַ וואַסער-געוויקס, וואָס מען בעגעגענט זייער אָפט ביי די ברעגעס פון די צפון-ימים. עס כאַראַקטעריזירען אים בלאָזען, מיט דער הילף פון וועלכע עס קאָן זיך לאַנג האַלטען אויפ'ן וואַסער.

**בראַמאַ** — איינער פון די ענטפלעקונגען פון דער אינדישער געט-ליכקייט. די אינדישע געטליכקייט בעשטעהט פון דריי געטער: בראַמאַ, שיווא און ווישנו. בראַמאַ איז די שאַפענדיגע ענטפלעקונג פון דער געטליכקייט, דער בעשעפער פון דער וועלט, די וועלט-נשמה, דער אינערליכער עצם פון אלעם וואָס עקזיסטירט.

**גאַנג** — דער גרעסטער טייך אין אינדיען. אַ הייליגער טייך. דער

**אַטאָמען** — אונטײלבאַרע טײלעכלעך, פון װעלכע ס׳באַשטײט יעדער שטאָף.

**אידענטיפיצירען** — גלײכשטעלען, באַטראַכטען צװײ זאַכען אַלס אײנס און דאָס זעלבע.

**אײערשטאָק** — אַ טײל פון װײבליכען געשלעכטליכען אַפּאַראַט, אין װעלכען ס׳ענטװיקלען זיך און װערען רײף די אײערלעך, פון װעלכע עס קומט=ארויס נאָך דער באַפרוכטיגונג דער מענש.

**אײקאַליפּטען=װאַלד** — אַ װאַלד פון אײקאַליפּטען בוימער; שײנע, הויכע מירטען=בוימער, װאָס װאַקסען אין אויסטראַליען און אויף די שכנותדיגע אינזלען.

**אײבען=װאַלד** — אַ װאַלד פון אײבען=בוימער; דאָס זענען נאָדעל-בוימער, װעלכע װאַקסען אין מיטעל= און דרום=אײראָפּע (טיס cis).

**איכטיאָזאַורוס, איכטיאָזאַװר** — באַדײט אין דער װערטליכער איבערזעצונג: פ י ש (איכטיאָ)-ע ג ז י ש (זאַורוס), דער פיש=עגדיש; אַ ריזיגער פאַרצײטישער װאַסער=שרץ, װעלכער האָט זיך געפונען אין די ימים פון דעם יורע=פעריאָד און פון דעם קרײד=פעריאָד (זע); האָט דערגרײכט 9 מעטער די לענג.

**אינדיװידואום** — אַ יחיד, אַ פּערזאָן, אײן בריאה.

**אינפוזאָריעס** — קלײנע באַװעגליכע אײנקעמערלדיגע באַשעפענישן; זײ באַװעגען זיך זעלבסטשטענדיג מיט דער הילף פון הער-עלעך אָדער עקעלעך.

**אילימאָס** — אַ קלײן טײכעל אין גריכענלאַנד בײ אַטען; בײ די ברעגען פון דעם דאָזיגען טײך האָט זיך אָנגעהויבען שאַפען די גריכישע קונסט, דער יסוד פון דער שפּעטערדיגער גרויסער אײראָפּעאישער קונסט.

**אַלקען** — ים=פויגעל.

**אַלגאָנקישע עפּאָכע** — זע „ערדגעשיכטליכע עפּאָכען".

**אַלכימיע** — אַ פאַלשע װיסענשאַפט (ביזן 17-טען יאָרהונדערט), װעלכע האָט זיך צװישען אַנד. באַשעפטיגט מיט אָבזוכען אַזאַ מין שטאָף, װאָס זאָל קאָנען פאַרװאַנדלען אַלע מעטאַלען אין גאָלד און זילבער; די אַלכימיקער האָבען אויך געפּרובט צו שאַפען אַ האָמונקולוס ד. ה. אַ קינסטליכען מענטש. צו דעם צ...ק האָבען זײ אַרײנגעלאָזען מענליכען זוימען אין אַ ספּעציעלען קעסעל, װעלכער האָט געדאַרפט פאַרטרעטען דעם געשלעכטליכען אַפּאַראַט פון דער פרוי.

**אַמפיביע** — װאַסער=לאַנד-שרץ; אַ שרץ, װאָס לעבען אין װאַסער און אויף דער ערד; למשל, זשאַבעס, פרעש.

**אַפראָדיטע** — זע אורא נ ד

# ווערטער-בוך.

ערקלערונגען פון טערמינען און איינציגע שטעלען, וועלכע טרעפען זיך אין די ביכער 1 און 2 (צונויפגעשטעלט לויט׳ן א״ב).

---

**אבסערוואטאריע** — א טורעם אדער א הויכע געביידע, פון וועלכער עס ווערען בעטראכט די שטערען אין הימעל.

**אדיסעע** — א בעריהמטע עפאפעע פון אלטען גרויסען גריכישען פאעט האמער. אין איר ווערען איבערגעגעבען די פאסירונגען, וועלכע דער העלד פון דער עפאפעע, אדיסיי, האט דורכגעמאכט צוריקפארענדיג אהיים פון דער זיגרייך-פארענדיגטער טראיאנישער מלחמה. צח. אנד. איז ער אריין אין א הייל פון א ציקלאפ (דאס זענען לעגענדארישע אייגאויגיגע ריזען), וועלכער האט אים געוואלט אויפפרעסען; אדיסיי האט אבער דעם ציקלאפ אבגענארט, אים אויסגעשטאכען זיין איינציג אויג, און אליין האט ער זיך אנגעהאנגען אן דעם בויך פון דעם ציקלאפ׳ס א באק און איז אזוי ארום אומבעמערקט ארויס פון דער הייל.—אדיסיי איז נאך צוזאמען מיט זיינע בעגלייטער פערנארט געווארען דורך די לאטאפאגען, א פאלק, וואס האט געוואוינט אין ליביע (אפריקע) און וואס האט זיך געשפייזט מיט די פרוכטען פון לאטאס (זע ווייטער); אדיסייס בעגלייטער זענען אזוי ענטציקט געווארען פון די זיסע לאטאס-פרוכטען, אז זיי האבען גאר פערגעסען זייער פאטערלאנד.—אדיסיי און זיינע בעגלייטער זענען אויך בשעת זי׳ וואנדערונגען אריינגעפאלען אויפ׳ן אינזעל עא אין די הענט פון דער כשוף-מאכערין קירקע, וועלכע האט זיינע בעגלייטער פערוואנדעלט אין חזירים.

**אוראנאס** — אין דער גריכישער מיטאלאגיע דער גאט פון הימעל. ער האט חתונה-געהאט מיט זיין אייגענער מוטער געא (די געטין פון דער ערד), וועלכע האט פון אים געבוירען די טיטאנען, ציקלאפען א. אנד. אוראנאס האט זיינע קינדער געהאלטען פערשלאסען אין טארטאר (א תהום אונטער דער ערד, טיפער דאס גיהנום). די זין האבען געמאכט אנ׳אויפשטאנד געגען זייער געטליכען פאטער. דער טיטאן קראנאס האט אבגעשניטען ביים פאטער זיין מענליכען גליד און אריינגעווארפען דעם אבגעשניטענעם גליד אין ים. פון דעם שוים, וואס האט זיך אויפגעהויבען ארום דעם גליד, איז געבוירען געווארען די געטין פון ליבע אפראדיטע.

טעקסט,—דאָרט, וואו זיי אַלע האָבען געמוזט פערפאַלען ווערען אין גריבלען זיך און כאַפּען חדושים און רמזים, דאָ הויבט אָן פאַר דיר היינט די נאַטור=פאָרשונג פונאַנדערצוויקלען א וואונדערבאַרען וויסענשאַפטליכען פּראָבלעם, — דעם צווייטען גרויסען פּראָבלעם פון דער גאַנצער ליבע=דילטונג נאָך דער אויפקלערונג פון דעם געשלעכטליכען געבוירונגס=אַקט אליין.



שטייגערונג איז: אור־געבוירונג, דיין איינמאַכע געבוירונג אָן דער צווייפלדיקייט פון די עלטערן, דורך אַ מין אַרויסשפּראָצונג דירעקט פון דעם לייב פון אַן׳איינציגען אינדיווידואום, און ענדליך די געשלעכטליכע געבוירונג, וועלכע ווערט דורכגעפירט דורך אַ מאַן און אַ פרוי. די לעגענדע שטעלט, אמת, פאָר די שטופען איינס און צוויי אויף איר מיסטישען שטייגער. אָבער דאָס קאָנען מיר איר מוחל זיין. דו האָסט געזען, ווי דער בעגריף פון דער אור־געבוירונג, לאָזט זיך אויף אָן דעם איבערנאַטירליכען ריין ווי־סענשאַפטליך אַרומנעמען. דער אמת׳דיגער געשלעכטליכער אַקט איז אין דער ביבעל אויך פריי פון אַלעם איבערנאַטירליכען. פאַרוואָס זאָלען מיר נישט אַ טראַכט־טון, אפשר העט זיך אויך די שטופע צוויי לאָזען אויפקלערען גאַנץ איינפאַך אַלס אַ סימבאָל פון אַווירקליכער אור־ערשיינונג? אויב נישט קיין מאָדערנע וויסענשאַפט, שטעקט דאָך תמיד אין אַזעלכע אַלטע פעלקער־לעגענדעס אויף אַלע פאַלען אַ געוויסע לאָגיק פון גריבלען זיך. אונזער אדם איז די אור־באַציל, אַן׳איינקעמערלדיגע פאַרצייטישע בריאה, אין וועלכער ס׳איז שוין לויט דער פאָר־נייגונג געלעגען דער מענש, פונקט אַזוי ווי אַלע שפּעטערדיגע לעבעדיגע ברואים, וועלכע האָבען זיך פון איר ענטוויקעלט. צי האָט זיך נישט די דאָזיגע אור־באַצילע באמת אַזוי ווי אָדם פון דער לעגענדע אין אָנהויב געפרוכפּערט אָן דער צוויי־געשלעכטליכקייט? צי האָט זי זיך נישט פריער אין אַ געוויסער מאָס ערשט אַליין צוטיילט אויף אָדם און חוה׳ן, דאָס הייסט, זיך צושפּאָלטען אויף אַ מענליכער און אַ ווייבליכער באַצילע?

דו זעסט דערין עפּעס אַ סכאָלאַסטישע גריבלונג, וואָס? און דאָך: דאָרט, וואו דער סכאָלאַסטיקער, דער גריבלענדיגער פילאָזאָף, דער גלויביגער איבער דעם אַלט־פאַרשימלטען בוך־

צי האָט אַ גאַנצע איינקעמערלדיגע בריאה פון יענער צייט זין אַ געזוכט, אַזוי ווי אונזער זוימען־חיה'לע, אַ צווייטע איינ־קעמערלדיגע בריאה און האָט אויסגעדריקט זיין ליבע דערין, וואָס זי האָט זיך מיט איר איינגאַנצען צוזאַמענגעגאָסען, אַזוי ווי עס גיסט זיך צוזאַמען דאָס זוימען־חיה'לע מיט דעם איי?

דו מוזט דאָ קודם כל נאָך איינס נעמען אין אַכט.

דער אַקט, אַזוי ווי דו זעסט אים ביי דיר אַליין, איז נישט בלויז אַ ליבע־אַקט, אַ געבוירונגס־אַקט איבערהויפּט. ער איז שוין מער: ער איז אַ געשלעכטליכער אַקט. צוויי געשלעכטער זענען דערצו נויטיג. מאַן און ווייב. יעדער מיט באַזונדערע געשלעכטס־טיילען און געשלעכטס־שטאָפען. די דאָזיגע געשלעכטער פירען־דורך אַלס אַזעלכע דעם אַקט פון *אַ געשלעכטליכער געבוירונג.*

אַ נייע גרויסע פראַגע וואַקסט פאַר דיר דאָ אויף. צי האָט די ליבע אין דעם זין פון דער געבוירונג, פון דער פרוכטפערונג, פון דעם אונשטערבליכקייטס־פּרינציפּ, וואָס הערשט איבער דעם אינדיווידואום, שוין פון די ערשטע טעג פון דעם לעבען אויף דער ערד זיך אָנגעהויבען מיט *אַ צווייענדיגקייט פון די געשלעכטער* און מיט אַן אמת'דיגען געשלעכטליכען אַקט? אָדער צי איז די דאָזיגע צווייענדיגקייט פון די געשלעכטער שוין אויך געווען אַן אַנטוויקלונגס־פאָרם, נישט נור אין אַלגעמיין פון דער ליבע איבערהויפּט, נור שוין אין דער פאַר אונז קלאָרער נאַטור־ליבע פון די איינפאַכסטע לעבענס־פאָרמען אויף דער ערד?

איך וויל, דו זאָלסט מיך גוט פערשטיין. דערמאָן זיך די ביבלישע באַשאַפונגס־לעגענדע. גאָט האָט באַשאַפען דורך אַ מין מיסטישער אור־געבוירונג אָדמ'ען פון אַן אונאָרגאַנישען שטיק ערד. אדם ווידער האָט אונגעשלעכטליך פון זיין אייגענער ריפּ מיט גאָט'ס הילף געבוירען חוה'ן. מיט חוה'ן האָט ער זיך דאַן ערשט באַהעפט צו דער געשלעכטליכער געבוירונג לויט דעם איצטיגען מענשען־סדר.

אין דער דאָזיגער לעגענדע איז באַשיינפערליך די געשלעכטליכע געבוירונג ערשט אַ לעצטע, דריטע שטופע. די

צו װעלכען מיר האָבען אין דער העכסטער ענטװיקלונג געזאָלט אַמאָל געהערען, האָבען זיך בעװיזען. און די ליבע אין דער ענגערער בעדייטונג פון װאָרט האָט זיך מיט זיי אָנגעהויבען...

פון דאַנען לאָז מיך דיר איצט װייטער דערציילען.

דו װייסט: דאָס אָרט, פון װעלכען מיר זענען אַרויס, װאו איין עק פון דעם רעגענבויגען האָט אויפגעהויבען זיין צויבער־שיין איבער דעם ערשטען גרענעץ־פונקט, איז געװען דיין אייגענער מענשליכער געבוירונגס־אַקט. פון דיר, פון דעם מאַן, האָט זיך אָבגעריסען אַנ׳איינציג קעמערל, אַ זוימען־חיה׳לע, און זיך פעראייניגט מיט אויך אַזאַ בעפרייט קעמערל פון דער פרוי, מיט דעם איי. פון דעם דאָזיגען בונד איז אַרויס־געוואַקסען דער נייער מענש. אין אָנהויב פון ערד־לעבען, אין די אור־טעג, לאַנג נאָך פאַר יענעם אַלגאָנקיש־קאַמבריש׳ען גרענעץ־ברעג, איז אָבער נאָך ניט געװען קיין מענ־שען־מאַן און ניט קיין מענשען־פרוי. עס איז נאָך ניט גע־װען קיין מענשען־זוימען און קיין מענשען־איי. אָבער עס זע־נען געװען ברואים, פון װעלכע עס האָט אין דעם אונענדלי־כען גאַנג פון דער ענטװיקלונג אַמאָל געזאָלט װערען מענ־שען.

די דאָזיגע ברואים זענען געװען, װי געזאָגט, די מעג־ליך־איינפאַכסטע. זיי זענען יעדערע פאַר זיך געװען נור איין איינציג לעבעדיג קעמערל, פונקט אַזוי װי יעדערס פון דיינע זוימען־חיה׳לעך איז נאָך היינט איין איינציג קעמערל, און אַזוי װי יעדער איי פון דיין פרוי איז נור איין איינציג קע־מערל פאַר זיך. דער ליבע־אַקט פון דעם מענשען בעשטייט אין דעם, װאָס ער פעראייניגט די דאָזיגע ביידע איינצעלנע קעמערלעך. אויף ליבע־אַקטען האַלט זיך אין דער אונבעגרייפ־ליכער קייט די ענטװיקלונג,—די ענטװיקלונג פון דער איינקע־מערלדיגער באַציליע ביז צום מענשען אַרויף. װאָס איז דאַן געװען דער ליבע־אַקט פון יענע ערשט־געבוירענע איינקעמערל־דיגע ברואים אין אָנהויב פון דער גאַנצער ענטװיקלונגס־ליבע?

„מענש, וואָס דו ליבסט, אין דעם
וועסטו פערוואַנדעלט ווערען:
גאָט וועסטו, ווען דו ליבסט גאָט,
אין ערד, ווען ליבסט די ערד".

אנגעלוס סילעזיוס.

מיר האָבען זיך אויף די מילך־וועגען אַוועקגעטראָגען. צו די גרענעצען פון דעם טיף־פערבאָרגענעם נאַטור־גרונד. „דאָ ליגט די וועלט, אַ וואַסער—טיף און קלאָר, ליכט־אינזלען ציען זיך, אַ מענגע צו אַ מענגע..."‚ ווי עס ווערט אין היינריך האַרט'ס שיינער מענשהייטס־דיכטונג געזונגען. אין דער ווייטסטער בלויקייט פון דער דאָזיגער וואַסער־טיפקייט שיינט־אָב און פערשווינדט דער אַנדערער עק פון דעם גרויסען רעגענבויגען פון דער ליבע. קיין שום דרייסטער שווימער פון געדאַנק האָט זיך נאָך אונטען נאָך אים נישט אַראָבגעלאָזען.

ד'יין בליק אָבער בעמערקט איצט אויבען, אונטער דעם פילפאַרביגען רייף פון דעם דאָזיגען רעגענבויגען, אַ געשטאַלט נאָך אַ געשטאַלט, אַנ'אונענדליכען חיל, וואָס ציט זיך דורך אים: די ליבע־פאָרמען צווישען דעם אור־לעבעדיגען אויף דער ערד און דיר. מיריאַדען וואונדערליכע געשטאַלטען, וועלכע ווימלען־אַרויף, ווי די איינטאָג־פליגען, שווימען־אָן אין געדראַנג, ווי די פיש אין אָקעאַן, אַרויף און אַרויף דורך די מיליאָנען יאָרען, אויף וועמענס דונערענדיגער קייט די ערד־געשיכטע לויפט. פון דער באַצילע ביז צום מענשען. אַ פאַנטאַסמאַגאָריע, גיגאַנטישער ווי דאַנטע'ס טרוים. גיהנום און ריינigונגס־מדור און גן־עדן.

די ערד איז שוין געווען, זי איז גיווען בעוואוינט אין דעם היינטיגען זין. די ערשטע לעבענס־פאָרמען פון דעם אָרט,

אַלע צו ביסעל אין אַכט גענומען, באמת געוויזען. עס זעט אויס גלייך ווי די איינצעל-שטיקער פון דער ליבע, פון דער פרוכפערונג וואָלטען שוין אומעטום אַרומגעשוואוּמען אין דעם אונאָרגאַנישען. די באַצילע און אירע ווייטערדיגע ענטוויקלונגען ביז צום מענשן ארויף האָבען זיי בלויז, איבער׳חזר׳ענדיג ווידער דאָס פריער געבראַכטע בילד, ווי אין אַ ברענגלאָז צונויפגענומען.

מיר קענען די אור-געבוירונג דרייסט אויף דעם דאָזיגען אָרט איבערלאָזען. אויך אַפּראָריטע שוועבט אַלס אַ מעגליכקייט אין דער אונענדליכער בלויקייט פון דער קאָסמישער וועלט-ענטוויקלונג, זי ווערט עלעמענט, אַטאָם, שטערן, אור-שטאָף, לעצטער פערבאָרגענער סוד...

אַזוי צו זאָגען, אַ נשמה. אויב אַלזאָ די ערשיינונגען פון די אָרגאַנישע און כעמישע קרובה'שאַפטען זעען דיר אויס צו זיין צווישען זיך זער ענליך, און אויב דו וואַקעלסט זיך נישט אויך אַ חוץ דעם אַרויסצוטראָגען די „נשמה“ אויסער די גרענעצען פון דעם אָרגאַנישען, מעגסט דו אויך רוהיג ביי דעם אַטאָם מאַכען דיין אויספיר און, אָנשטאָט „צוציהונג“ און „אָבשטויסונג“ זאָגען „ליבע“ און „האַס“.

אָבער דו דאַרפסט דערביי גאָרנישט אונמיטעלבאַר אינ־גאַנצען אידענטיפיצירען דעם אייגענטליכען אינהאַלט פון די ערשיינונגען. צי זעסטו דען נישט, אַז דיך, דעם מענשען מיט דיין וועלט־בעהערשענדיגען גייסט־אינהאַלט, טיילט־אָב אַן'אונ־געהויערער תהום פון דער באַצילע, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס איר ביידע ווייזט דאָך שוין זיכער אַרויס אמת'ע נשמה־האַנדלונגען? וואָס פאַר אַ תהום קאָן נאָך ליגען צווישען דעם ליבע־אַקט פון צוויי אָרגאַנישע קעמערלעך, פון וועלכע יעדע איינע ענטשפרעכט, זאָל זיין, אַ באַצילע, און דעם „ליבען“ פון אַ פאָר זויערשטאָף־און וואַסערשטאָף־אַטאָמען ביי דעם כע־מישען פעראייניגונגס־אַקט!

אַלזאָ צום לעצטען מאָל: מיר ערוואַרטען נישט און גע־פינען גאָרנישט קיין אידענטיטעט. מיר פאַרלאַנגען נישט, אַז די באַצילע, די דאָזיגע שאַרף־אויסגעבילדעטע ענטוויקלונגס־שטופע פון דער נאַטור, אָדער אַז דאָס איי־קעמערל אַלס אַזעלכעס זאָל שוין ליגען איינגעפּאַקט אין דעם אַטאָם. זיי ליגען פונקט אַזוי נישט דערין, ווי אין זיי אַליין ליגט נאָך נישט דער מענש אַלס אַ שוין פאַרטיגער האָמונקולוס, וועל־כען מען וואָלט שוין געקאָנט דורך אַ בעסערער פערגרעסערונג זען. מיר זוכען אין דעם אונאָרגאַנישען נור אַ באַזיס, וואָס זאָל אונז ווייזען, אַז אין איהם איז שוין געלעגען אַלס מעג־ליכקייט דאָס, וואָס האָט שפעטער אין דער באַצילע און ווייטער אָנגענומען די נייע־וואַרשיינליך נור איינמאָל אַזוי ענטשטאַנענע־צופאַסונגס־פאָרם.

און דאָס, רעכען איך, האָבען דיר טאַקע די אַנאַלאָגיעס,

שטאַנדפּונקט זאָגען געגען דעם דאָזיגען אויסדרוק וואָס פּס איז וויכטיגעס. איך האָב דיר געזאָגט: מיר זעען ווי די פּאַר־אויסזעצונגען פון לעבען פֿאַלען אומעטום אַריין אין דעם אונאָרגאַנישען שטאָף. דערמיט געפינט זיך אויך דאָס גייסטיגע, דאָס נשמה׳דיגע אין דעם אונאָרגאַנישען, וואָס האָט זיך נאָך נישט ענטוויקעלט ביז צו דער באַציִלע.

ווען דו רעדסט וועגען די „אַטאָמען האַסען און ליבען" בעגייסטוּ נור פּונקט דאָס פּערקערטע, ווי ווען דו רעדסט וועגען אַ צוציהונג (ד. ה. וועגען אַ מעכאַנישען פּראָצעס) ביי דעם זוימען און דעם איי־קעמערל. ביי דעם זוימען און דעם איי־קעמערל האָט: קודם כל אין זינען די נשמה־אויפפאַסונג מיט א רע חושים און געפילען, ווייל דו ווייסט דאָך, אַז פון אַזאַ בעפרוכטיגטען איי־קעמערל קומט־אַרויס אַ מענש,—יאָ, אַז דו אַליין ביסט דערפון צרויסגעקומען. ביי די כעמישע קרובה׳־שאַפטען ליגט דיר דאַגעגען פריער פאַר אַלעם אין זינען די מעכאַנישע אָנשויאונג, וועלכע דאָס וואָרט צוציהונג דריקט־אויס פונקט אַזוי, ווי די ווערטער „שווערקראַפט" אָדער „מאַגנעט־קראַפט".

אָבער פאַקטיש קאָן זיך קיין שום לאָגיק נישט אָבהאַלטען פון איבערקערען אַמאָל די דאָזיגע בעדייטונגען, אָדער פון אָננעמען דעם נשמה׳דיגען בעגריף וויניגסטענס אויך פאַר די אַטאָמען. די בעהויפּטונג, אַז ביי דער אָרגאַנישער בעהעפטונג קומען־פאַר נשמה׳דיגע ערשיינונגען, שטאַמט דאָך אויך נישט פון דיינס אַ דירעקטער בעאָבאַכטונג, נור פון אַ לאָגישען אויספיר. דו מאַכסט אַן אויספיר לויט דעם, וואָס דו אַליין לעבסט איבער; פּונקט אַזוי ווי דער בעגריף פון פרעמדע נשמות אויסער דיין אייגענער איז אויך אַזאַ אויספיר און נישט קיין בעאָבאַכטונג: דו זעסט און בעמערקסט מיט דיינע חושים אפילו ביי דיינע אינטימסטע אַרומיגע מענשען בשום אופן קיינמאָל נישט די נשמה אַליין, נור מעכאַנישע ווירקונגען, וועלכע דו פאַסט ערשט דאַן אויף דורך אַן אַנאַלאָגישען אויספיר לויט דיינע אייגענע איבערלעבונגען און שענקסט זיי,

און דער געביט פון אַנאַלאָגיעס פירט אַוועק נאָך פיל ווייטער. וואונדערבאַרע געזעצען בעהערשען די פּראייניגונג פון זוימען און איי. דו קאָנסט ניט געבוירען קיין מענשען מיט זוימען אַליין. עס איז דערצו נויטיג — ביי אַלע לעבעדיגע ברואים, וועלכע פּרוכּפּערן זיך דורך געשלעכטליכער בעהעפטונג — דאָס אינדיווידועל אַנדערע ווייבליכע איי. אָבער די דאָזיגע נויטיגע אינדיווידועלע פערשידענהייט האָט ווידער איר שאַרפע גרענעץ.

אומזיסט לאָזכטו אַרויס דיינע לעבעדיגע זוימען־חיה׳לעך אויף דעם ליבעס־גרייטען איי פון אַ ים־נאָדעל־חיה׳לע! אין דער צייט, ווען די זוימען פון ים־נאָדעל־היה׳לע וואַרפען זיך ווילד אויף דער פּאַרטנערין, בלייבט דער פרעמדער זוימען אומטעטיג, ער פּרובט גאָרנישט אנצופאַלן, און עס קומט מיט אים נישט צושטאַנד קיין שום בעהעפטונג. עס הערשט דא אַנ׳אמת׳דיגע „קרובה׳שאַפט“, וועלכע האַלט דעם ליבעס־שפּיל אין גאַנץ בעשטימטע געזעצען. און פונקט אַזוי קומט־פאַר מיט די עלעמענטאַרע אַטאָמען. אויך ביי זיי קומט נישט פאַר קיין בלינד פערבינדען זיך פון יעדען מיט יעדען. יעדער זוכט זיך דורכ׳אויס נור זיין געהעריגען בעשטימטען פּאַרטנער, דעם איינציגען צווישען פיל אנדערע, — אַ גרויסאַרטיגער שפּיל פון די געהיימע קרובה׳שאַפטען.

און ווידער אַמאָל: אויך דאָ אין געביט פון דער קרובה׳־שאַפט איז די אַנאַלאָגיע אויך זיכער נישט קיין אידענטיפיצי־רונג. דער אָרגאַנישער ליבע־פּראָצעס, אַפילו ווען מען נעמט נור זיין פּשוט׳ע פאָרם ביי דעם זוימען־קעמערל און איי־קעמערל, מאַכט (אַזוי ווי אַלדאָס אָרגאַנישע) דעם איינדרוק פון אַ ג׳אונענדליכער פערוויקלונג און פערפּיינערונג פון דעם פּראָצעס, מיט וועלכען דער שפּיל פון די אַטאָמען קאָן בשום אופן נישט פערגליכען ווערען. און די דאזיגע פערגלייכונג ווערט גארנישט פיל גרעסער, ווען דו רעדסט אפילו פון די „אַטאמען האַסען און ליבען“.

עס לאָזט זיך אַפילו נישט פון אַ געוויסען לאָגישען

די צוציהונג אַליין פירט דיך נאָך אַריין אין דעם גע־ביט, וועלכער איז זינט געטע'ס גיגאַנטישער דיכטונג געוואָרען דער קלאַסישער באָדען פאַר אַנאַלאָגיעס צווישען עראָטישע און אונאָרגאַנישע ערשיינונגען: אין דעם געביט פון די כעמי־שע קרובה'שאַפטען. די זאַך ווערט, נאַטירליך, אויך דאָ ערשט דאַן קלאָר אין דער אַנאַלאָגיע, ווען דו לאָזט אַ ווייל־ע אָן אַ זייט די שווערסטע פראָבלעמען פון דעם מענשליכען נשמה־לעבען און בלייבסט ווידער נור ביי דעם איי־קעמערל און דעם זוימען־חיה'לע.

דער זוימען, דער פערטרעטער פון אַ מענליכען אינדי־ווידואום, וואָס טראָגט אין זיך בעשיינפערליך אַ שטאַרקע ירושה־לאַסט פון דעם דאָזיגען אינדיווידואום. אַזוי אין אַ געוויסען בערעכטיגטען זין אַליין אַ גאַנץ אויסגעשפראָכענע אינדיווידו־אַליטעט, קומט זיך צוזאַמען מיט דעם איי, וועלכעס איז פונקט אין דער זעלבער לאַגע, נישט מער, וואָס ס'שטעלט מיט זיך פאָר [illegible]נדערע, אַ ווייבליכע אינדיווידואַליטעט. עס קומט־פאָר דער בעהעפטונגס־אַקט אוןביידע גיסען זיך צונויף: עס ענט־שטייט אַ נייער דריטער אינדיווידואום, וועלכער — זאָל ער אַליין זיין מאַן אָדער פרוי, זאָל ער וואָס עס איז אין זיך האָבען פון פאטער און מוטער, איז ער דאָך נישט דער פאָטער און נישט די מוטער, נור אַזאַ זעלבסטשטענדיגער דריטער און נייער, ווי מען קען זיך גאָר אים אייגענאַרטיגער נישט פאָר־שטעלען.

איצט מיש צונויף געוויסע כעמישע עלעמענטען ביי ענט־שפרעכענדיגע בעדינגונגען: לויט אַ זער גענויעם געזעץ וואַרפט זיך אַטאָם אויף אַטאָם און אַלס פראָ[illegible] פון ביידע ענט־שטייט אויך אַזוי אַן'אַבסאָלוט נייער ד[illegible] קערפער, וועל־כער איז נישט דער ערשטער און נישט דער צווייטער. וואַ־סערשטאָף (אין אונזער דורכשניטליכער טעמפּעראַטור אַ גאַז) פערבינדט זיך מיט זויערשטאָף—אויך אַ גאַז—און פון די ביידע גאַזען קומט־אַרויס אַלס [illegible] [illegible]גונגס־פּראָדוקט דאָס פליסיגע, אין יעדען בעטראַכט א.[illegible]גאַנצען אייגענאַרטיגע וואַסער.

וועלכע מען זעט איינפאַך ווירקען פון איין קערפּער אויפן צווייטען, זענען אומעטום טעטיג אין דער אַזוי גערופענער אונאָרגאַנישער „טויטער״ נאַטור. שווערקראַפט, צוציהונגס־קראַפט, מאַגנעטישע און עלעקטרישע צוציהונג, כעמישע קרובה׳־שאַפט. די גאַנצע מעכאַנישע וועלט, אַזוי ווי זי שטייט אונז פאַר די אויגען, האַלט זיך אייגענטליך אויף די דאָזיגע צו־ציהונגען.

נאַטירליך: איך וויל דיר דאָ ווידער בשום אופן נישט זאָגען, אַז די אָדער יענע אַלגעמיינע שטאָף־צוציהונג דאַרף־סטו פשוט אידענטיפיצירען מיט דער עראָטישער צוציהונג. זינט אַ לאַנגער צייט שוין מאַכט־אָן דאָס אונבעגרינדעטע צו־זאַמענמישען מאַגנעטיזם און ליבע גענוג טומעל אין דער וועלט, וואו מען דענקט נור האַלב און פּערטעל, און דאָך האָט עס ביז איצט אפילו אַ צאָל ווייטער נישט אַוועקגעפירט. און שווערקראַכט און ליבע זענען זיכער צווישען זיך אַזוי פּערשי־דען, ווי ס׳קאָנען נור זיין צוויי בעזונדערע ערשיינונגען פון דעם וועלט־לעבען. ווען דו קייקעלסט זיך אַראָב פון פענסטער, כאַפּט דיך די שווערקראַפט מיט אירע מורא׳דיגע גייער־נעגעל, נישט קוקענדיג דערויף. צו דו ביסט טיף פער׳חלש׳ט, ביסט טויב־בלינד און געפיל־לאָז. אָדער דו ביסט קלאָר. ביי אַלע דיינע חושים, זי כאַפּט דיך אין פערהעלטניש צו דיין רעאַלער קערפּער־וואָג און פרעגט אויסער דעם אַבסאָלוט נאָך גאָרנישט. די עראָטישע צוציהונג דאַרף אָבער, פונקט פאַרקערט, גראָד דיינע געפילען און זאָרגט זיך צום מינדעסטען נישט וועגען די וואָג־פערהעלטנישען. אַלזאָ צוזאַמענמישען קאָנסטו דאָס זיכער נישט

דאָך בלייבט אָבער אויך דאָ די אַנאַלאָגיע: די פּרובירונג, די ליבע בענוצט אַ מיטעל, אַ קראַפט־מעטאָדע, אַזוי צו זאָגען, וועלכע איז אין דער נאַטור איבערהויפּט שוין אומעטום פערהאַן, און וועלכע רעגולירט אין פּרינציפּ דיין קאָמפּאַס אויף דיין אייגענע האַלטונג אין זון־סיסטעם, פונקט אַזוי ווי דעם גורל פון דיינע זוימען־חיה׳לעך.

וואַרשיינליך, אויך פון די גערוך־איינדריקען: אין גרונד אױך אלס קערן בלייבט זי „צוציהונג".

דערמאָן זיך דא ווידער אן יענעם „אור־פענאָמען". פון וועלכען מיר האבען אנגעהויבען: דאס זוימען־קעמערל, ווי עס פאלט אן ביי דיין מענשליכען געשלעכטליכען אַקט אויף דעם איי־קעמערל. דאָ, אין דעם דאזיגען אינטימסטען ענדגילטיגען און קאַרדינאַלען אַקט פון דיין גאנצער ליבע זענען נאך, ווייזט אויס, פערהאן געוויסע פיל־ווירקונגען, קודם כל מסתמא אַ גערוך־ווירקונג, וועלכע דאס רייפע איי־קעמערל לאזט־ארויס אויף דעם זוימען־חיה'לע.

מען קאן שוין אבער דא נישט אבלייקענען, אז דער גאנצער אינטימער אַקט ווייזט־אַרויס אַ פערצווייפעלטע ענליכ־קייט מיט געוויסע פאָרמען פון דער דירעקטער אַלגעמיין־בע־קאַנטער צוציהונג, וועלכע מען זעט אין דער אונאָרגאַנישער וועלט. זאָרגפעלטיגע און אפילו צופיל קריטישע בעאָבאַכטער פון דעם אַקט ביי אייערלעך פון חיות האָבען גאָר אָן שום וואַקלונג דערמאָנט אָן „עלעקטרישער צוציהונג". ביי די איי־ערלעך פון די אַזוי גערופענע ים־אוגערקעס (דאָס זענען חיות פון דער משפחה ים־שטערען און ים־נאָדעל־חיה'לעך) זעט מען אונטער דעם מיקראָסקאָפּ, ווי די זוימען־חיה'לעך וואַרפען זיך אויף דעם איי, שפרינגען צוריק, פאַלען ווידער אָן און בלייבען קלעבען,—אַ שפּיל, וועלכער דערמאָנט דעם בעאָבאַכטער אינ־גאַנצען דעם טאַנץ פון די צוגעצויגענע און אָנגעשטויסענע קערפּערלעך ביי דעם קאָנדוקטאָר פון אַן'עלעקטריזיר־מאַשין. און אַן'ענליך ווילדער שטורעם איז אויך בעמערקט געוואָרען ביי אייער פון געוויקסען, צ. ב. ביי די אייער פון דעם בע־קאַנטען בלאָז־וואַסער־געוויקס, וועלכען דו געפינסט אומעטום ביים צפון'דיגען ים־ברעג. דאָ שטורעמען די זוימען־חיה'לעך (דערמאָן זיך: ביי אַ געוויקס!) אַזוי ווילד, אַז די פערהעלט־ניסמעסיג ריזיג־גרויסע און זער שווער בעוועגליכע איי־קויל הויבט זיך אָן צו דרייען אַרום איר אַקס.

איצט דערמאָן זיך, וויפיל דירעקטע צוציהונגס־קרעפטען,

איבערשטער טראָפּען וואַקסט באַלד צוריק אויף, צונעמענדיק דאָס נייע וואַסער פון דעם ריף, און דער אַראָבגעפאַלענער בילדעט אונטער אַ נייעם טראָפּען, — האָסטו אָנשטאָט איינעם צוויי אינדיווידואומען. איז דאָס ניט קיין אַנאַלאָגיע? דו וועסט זאָגען, אַז דאָ האַנדעלט זיך דאָך אין דער איינפאַכער שווער־קראַפט, ביי דער פּרוכפּערונג אָבער ווירקען דאָך גאַנץ אַנדערע אינערליכע קרעפטען. עס פאַלט מיר גאָר אָסור ניט איין צו בעהויפּטען, אַז די באַציִלע, וועלכע שפּאַלט זיך, אָדער דו, וואָס דו טיילסט פון זיך אָב די זוימען־חיה׳לעך — אַז איר ווערט דערצו געצוואונגען דורך דער איינפאַכער שווערקראַפט. אָבער ניט אין דעם מין פון די קרעפטען האַנדעלט זיך דאָך. עס האַנדעלט זיך אין דער אַנאַלאָגיע פון דער גאַנצער ער־שיינונג. דו זאָלסט בעגרייפען, אַז טיילונג אַלס רעזולטאַט פון וואַקסען איז אויך מעגליך אין דער אונאָרגאַנישער וועלט.

א דריט בילד, דו זעהסט, אַז דער גאַנצער געביט פון דער פּרוכפּערונג איז דורכגעפלאָכטען מיט ערשיינונגען, וועלכע דו בעצייכענסט פון דעם נשמה־שטאַנדפּונקט מיט דעם נאמען „סימפּאַטיע". די גאַנצע „ליבע" אין ענגערען זין געהער אַהער. מאַן און פרוי זוכען זיך. פילען אַנ׳ענטשיידענע נייגונג איינער צום אַנדערען. זיי צינדען זיך אָן מיט דער בענקענדיגער, פערלאַנגענדיגער, צו פעראייניגונג טרייבענדיגער ליבע. זיי פילען, אַז עס ציט זיי איינעם צום אנדערען...

אין דעם דאָזיגען לעצטען אויסדרוק ליגט שוין דאָס מעכאַנישע ערזאץ־וואָרט פאר דעם בעגריף פון דער סימפּאַטיע, וועלכעס ווערט געברויכט אויך אין דער בעציהונג צו דעם אונאָרגאַנישען שטאף: צוציהונג.

מעג די דאָזיגע צוציהונג ביי די ארגאניזמען דורכמאַכען די קאמפּליצירטסטע וועגען, מעג זי גיין ניט דירעקט, נור דורך די חושים, דורך דעם נערווען־אַפּאַראַט און זיך בענוצען מיט דער פערמיטלונג פון די זעה־איינדריקען און, זער

אינדיווידואום „דו". דו שפייזסט דיך אָבער כּסדר, וואַקסט, דו ווערסט אַ יונגער מאַן,—און מיט אַמאָל הערט אויף דער אי־בערפלוס פון דיין פערצערטער שפייז צו גיין נור אויף דעם ווייטערדיגען וואַקסען, אויף דער ענטוויקלונג פון אַ באָרד א. ד. גל., נור עס שפּאַלטען זיך פון דיר אָב אין רעזערוואַר פון דיין געשלעכטליכען אַפּאַראַט אונצעליגע זוימען־חיה'לעך, וועלכע רייסען זיך מיט אַלע מיטלען אַרויס פון דיר, פון דיין אינדיוויזדואַליטעט, כּדי יעדערס פאַר זיך צו געפינען אַ ווייבליך איי־קעמערל און צוזאַמען מיט אים אומאָבהענגיג פון דיר צו בילדען אַ נייעם אינדיווידואום, אַ נייעם מענשען.

איצט בעטראַכט דאָ אַן׳אָרגאַנישע ערשיינונג, אַ זער איינפאַכע. אָט הענגט אַ טראָפּען אויף דער דעק פון אַ הייל. ער האָט זיך דורכגעזאַפּט דורך אַ זער דינעם ריץ אין דעם דעק־שט״ין און ער האַלט זיך נאָך או״בען נור דורך דער ווירקונג פון אַ געוויסער נאַטור־קראַפט. אַזוי ווי דו זעסט אים דאָ, איינעם אַליין, הענגענדיג אויף דער דעק פון דער הייל, קאָן ער אויף אַ קורצער ווײַלע זיכער מיט זיך פאָרשטעלען אַן׳אינדיווידואום. דורך דעם ריץ רינט אָבער נאָך וואַסער. אַ צייט נעמט עס אונזער טראָפּען רוהיג אין זיך אַריין: אַזוי זוי ער וואָלט עס אין זיך, אין זיין אינדיווידואַליטעט אַריינגע־פרעסען. נאַטירליך, וואַקסט ער דערביי. די נאַטור־קראַפט, וועלכע האַלט אים, וואַקסט אָבער, ווייזט־אויס, צוזאַמען מיט זיין גרויס; זי האַלט אים אַלץ פעסט אויף דער דעק, דאָך זיין וואוקס פערגרעסערט זיך גאַנץ איילינ—און מיט אַמאָל קומט זיין סוף. דער טראָפּען, וועלכער עסט אַלץ מער און מער, ווערט צו „שווער". די אונגעהויערע צי־קראַפט פון דער ערד, וועלכע ווירקט אַרויף פון דעם באָדען פון דער הייל, וועגט־איבער די פערהעלטניסמעסיג שוואַכערע אַנדערע נאַטור־קראַפט, וועלכע האָט ביז איצט געלאָזט דעם טראָפּען הענגען אויבען אויפ׳ן שטיין. מיט אַמאָל צורייסט זיך דער טראָפּען, אַ קליי־נער רעשט בלייבט הענגען אויבען, אויפ׳ן אַלטען אָרט, און דער אָבגעריסענער טייל פאַלט מיט אַ פליעסק אַראָב. אַז דער

די טיפסטע אינסטאנץ די אייגענטליכע אינדיווידואומען: די מאָלעקולען און די אַטאָמען. און פון זיי שטעלט מיט זיך פאר גראד דער כעמישער אַטאָם (אויב מיר זאלען נאך לאזען אין דער זייט די נייע נאָך ווייטער גייענדיגע היפּאָטעזען פון דער מאָדערנער כעמיע, און זיך האַלטען ־דערווייל נאָך ביי דעם דאזיגען עלטערען בעגריף) די שאַרפסטע און די ערהאַפטיגסטע אינדיווידואַליזירונגס־פארם פון דער גאנצער שטאָפליכער וועלט, וועלכע מיר קאָנען.

בעס אַנ׳אַנדער זאַך. אַ גרונד־ערשיינונג פון דער פּרוכפּערונג איז די טיילונג פון אינדיווידואום, כדי צו בילדען אַ נייע בריאה. פון דיר טיילען זיך אָב די זוימען־חיה׳לעך, פון דער פרוי—די איי־קעמערלעך. פון ביידע פעראייניגט וואַקסט אַרויס דער נייער מענש. ביי די נידעריגערע חיות איז די טיילונג אָפטמאָל פיל ראַדיקאַלער: אָנשטאָט אָבצוטיילען פון זיך אַזעלכע קליינע טיילעכלעך, צופאַלט זיך דער גאַנצער אינדיווידואום אויף צוויי אָדער מער שטיק. און דאָס זעט־אויס צו זיין אַ רעזולטאַט פון אַ געוויסען וואוקס, וועלכען ער דערגרייכט. אַ באַצילע שפּייזט זיך. זי וואַקסט און וואַקסט, ביז זי דערגרייכט אַ געוויסע גרויס. דאַן געשעט אָבער אַזעלכעס, ווי עס וואָלט זי בעהערשט אַ בעזונדערע נייע נאַטור־קראַפט. ביז דאַן האָט זי עפּעס אַ נאטור־קראַפט אויפגעהאַלטען אַלס אינדיווידואום. אויך דאָס וואַקסען האָט אין איר פריער גאָרנישט געענדערט: איר קראַפט איז געוואַקסען צוזאַמען מיט דער גרויס. אָבער דער וואוקס איז אַריבער אַ געוויסע גרענעץ—און מיט אַמאָל קומט־אָן די נייע נאַטור־קראַפט. זי צורייסט פשוט דעם אינדיווידואום. ער צופאַלט זיך אויף צוויי שטיק,—צוויי נייע אינדיווידואומס: און מיר זאָגען, נישט קענענדיג גענויער דעם וועזען פון די קרעפטען, וועלכע זענען דאָ טעטיג: ער האָט זיך געפרוכפּערט.

ביי דיר אַליין קומט אייגענטליך דער פּראָצעס פאָר נישט אַנדע־ש, ווי ביי דער באַצילע. דו וואַקסט פון קינדווייז אָן; פריער וואַקסטו נור אַלס איינצעלנער מענש, אַלס דער

פראצעס פון דער אינדיווידואליטעטן־בילדונג זעט מען שוין אויך ביי דעם אונאָרגאַנישען שטאף. אַ זער אויפפאַליגען ביישפיל גיט אונז די קריסטאַל־בילדונג. בעטראכט אַ שיינע גרופע באַרג־קריסטאַל. אדער זע נור אויף דיין שווארצען מאַנטעל די פאַלענדיגע וואונדער־שיינע שניי־קריסטאַלען פון אַ ווינטער־טאג. אבער עס זענען פערהאן נאך אנדערע ענליכע ערשיינונגען. דורך דעם טעלעסקאָפּ זעסטו אויפ׳ן הימעל אַ קייט פון דויערענדיגע פאַזען פון דער אינדיווידואַליזירונג אין דער שטערען־וועלט. דער אונפארמיגער נעפעל־פלעק צופאַלט זיך אויף שטערן־הויפענס, וואו אַ זון שטייט נעבען אַ זון. אין יעדען זון־געביט זעט מען, דוכט זיך, ווי דער שטאף צופאלט זיך אויף פלאַנעטען, די גרויסע פלאַנעטען טיילען פון זיך אב לבנות. צום סוף ערשיינט אַנ׳אונענדליכע רייע פון זער שארף אבגעטיילטע אינדיווידואומס, וועלכע זענען, אמת, פעראייניגט אין סיסטעמען, אבער וועלכע האלטען זיך דאך יעדער איינער בעזונדער פאר זיך און מאכען יעדער בעזונדער דורך די וויי־טערדיגע ענטוויקלונגען. בעטראכט אונזער ערד: וואס פאר אַ שאַרף אָבגעטיילטער אינדיווידואום! און ווייטער. אין געביט פון דער כעמיע, וועלכע דרינגט טיף אַריין אין דער בעטראַכ־טונג פון דעם אינערליכסטען וועזען פון דעם אונאָרגאַנישען שטאף, זעסטו אומעטום, אומעטום די עקזיסטענץ פון געוויסע קליינע און גאָר קליינע אינדיווידואַליטעטען אין די פערבינ־דונגען, איבערהויפּט אין די גרונד־שטאפען. אויף די געגענזייטי־גע בעציהונגען און ספעציעלע ווירקונגען פון די דאָזיגע אינ־דיווידואליטעטען בויט זיך אויף אין תוך די גאַנצע כעמיע; און דער כעמיקער רעכענט־אויס די עקזיסטענץ פון אינדיווי־דואומס אלס אַ לאגישע נויטווענדיגקייט אויך דאָרט, וואו עס הערט־אויף יעדע מעגליכקייט פון זען. אפילו די איינצעלנע ריינע מינעראַל־שטאָפען, און קודם כל די עלעמענטען, האבען אין זיך עפּעס אינדיווידועלעס. אָבער אַ חוץ די דאזיגע גרויסע פערשידענהייטען צווישען די מינים, זענען ערשט פערהאַן אומעטום אין די כעמישע פערבינדונגען און עלעמענטען אלס

נאָך ווייטער ווייזען. און איצט וויל איך זאָגען, אַז פֿאַר פיל פון די דאָזיגע ערשיינונגען לאָזען זיך אָן אַ ספק געפינען ענליכקייטען, אַנאלאָגיעס ביי דעם אַזוי גערופענעם אונאָרגאַ-נישען שטאָף.

לאָ'מיר נעמען אַ ביישפיל: אַנ'אומבעדינגטע פּאָראויסזעצונג פאַר דער גאַנצער מעגליכקייט פון דער פרוכפּערונג, ביי העכערע אָדער נידעריגערע ברואים, ביי די באַצילען אָדער ביים מענש, איז די ערשטע עקזיסטענץ פון אַנ'אינדיווידואום. דו ביסט אַנ'אינדיווידואום, דיין פרוי איז אַ בעזונדערער, דיין זון אַ בעזונדערער. דער וואָראָביי דאָ איז אַנ'אינדיווידואום און דאָרט די יאַשטשערקע איז אַנ'אינדיווידואום. דו וועסט נאָך שפּעטער זען, אַז ניט תמיד איז אזוי לייכט צו דער-קענען דעם בעגריף אינדיווידואום אין דער וועלט פון חיות און געוויקסען. אָבער דאָך קאָן מען אינגאַנצען מיט רעכט זאָגען: די גאַנצע געשיכטע פון דער ליבע ביי אַלעם לעבע-דיגען איז אייגענטליך נור אַנ'אויסשניט, אַ קאַפּיטעל פון אַ פיל גרעסערען בוך: פון דער געשיכטע פון אינדיווידואום. דער אינדיווידואום מעג זיין אויף דעם אייגנפּאַכסטען אופן געבויט. ער מעג זיין אַ באַצילע, ד. ה. אַ בעשעפעניש, וואס בעשטייט נור פון איין קעמערל, להיפוך צו דיר, וואָס דו בעשטייסט פון מיריאַדען אזעלכע קעמערלעך. אבער עס מוז זיין אַנ'אינ-דיווידואום, כדי דער פּראָצעס פון דער פרוכפּערונג זאָל בכלל קענען זיין לאָגיש: כדי פון איינס זאָל קאָנען ווערען צוויי, מוז דאָך פריער זיין איינס אלס אזעלכעס. אויף דער עקזיס-טענץ פון אָבגעטיילטע אינדיווידואומס האָט זיך שוין געשיצט די פרוכפּערונג פון די באצילען. ביי דיר, ביים מענשען, זע-נען אפילו נויטיג צוויי אינדיווידואומס צום געבוירונגס-אַקט. אבער ווען מען זאל אפילו אננעמען, אז די מוטער אליין איז נויטיג, כדי צו געבוירען אַ קינד: איז דאך די עקזיסטענץ פון איין אינדיווידואום, פון דער מוטער, אַנ'אומבעדינגטע פּאָר-אויסזעצונג.

און איצט איז אינטערעסאנט צו בעמערקען, אז דעם

מעגסט אין איר פערשטיין נאָר אַ פּראָדוקט פון שטאָפּליכען;
אָדער דו קענסט אין דעם פּאַראַלעליסטישען זין זען אין איר
אַנ׳אייביגע בעגלייטענדיגע ערשיינונג צו פיזישע פּראָצעסען;
אָדער דו קענסט דעם גאַנצען כּלומר׳שטען אונטערשיד צווי-
שען נשמה׳דיגען און מעכאַנישען אָננעמען נור אַלס אונזער
אַנ׳אייגענעם בעאָבאַכטונגס-אופן, אַלס אונזערס אַנ׳איינגעוואוינ-
טען דאָפּעל-קוק אויף איין און דער זעלבער ערשיינונג,—אין
אַלע פאַלען זעסטו, ווי די וויכטיגסטע פּסיכישע ערשיינונגען
פון לעבען פאַלען אַריין צוזאמען מיט די מעכאַנישע אין דעם
אונאָרגאַנישען שטאָף.

מיר ווילען, כדי נישט אַוועק צו ווייט, זיך האַלטען נור
ביי אונזער ענגסטער זאַך. אויך די געבוירונג, די פּרוכפּערונג,
די ליבע געהערט צו די גרונד-ערשיינונגען פון דער באַציליע;
און עס פרעגט זיך: צי קאָנען מיר אויך די דאָזיגע ערשיינונ-
גען אַריבערטראָגען אויף דעם אונאָרגאַנישען שטאָף? אָדער
בענוצענדיג זיך מיט דעם פריערדיגען סימבאָלישען בילד:
אויב אדם פערזינקט גאָר אין דעם טיפסטען סוד פון דער
וועלט-ענטשטעהונג, אונענדליך ווייט פון דער ערשטער באַצי-
לע און פון דער גאַנצער ערדישער אונטערשיידונג צווישען
אָרגאַנישען און אונאָרגאַנישען: צי איז מעגליך, אַז ס׳פערזינקט
אויך דאָרט אַפּראדיזטע?

איך רעכען, אַז איך האָב די גאַנצע לאַנגע בעטראַכ-
טונג געווג צוזאַמענגענומען אויף דעם פונקט, אַז ס׳זאָל קלאָר
ווערען, אַז עס איז מעגליך. און איבעריגענס זענען מיר
דאָ אין אַזאַ נעפּעל, אַז דירעקטע ענטפערען זעגען גאָר אונ-
מעגליך. עס פרעגט זיך נור, וועלכע בעדייטונג דו ווילסט צו-
געבען נאָך וויטערדיגע אַנאַלאָגיעס און דערפון איז אַלץ אָב-
העננגיג.

דו בעמערקסט אין דעם פּראָצעס פון דער פּרוכפּערונג
ביי די לעבעדיגע ברואים אַ גאַנצע רייע ערשיינונגען. די
גרונד-לייגענדיגע ערשיינונגען פון דער מענשליכער געבוירונג
האָב איך דיר פריער געוויזען. אַנדערע וועל איך דיר

געוויסען אומוועג אייגענטליך צוריק צו אונזער ליבעס־פראָבלעם.

עס מוז זיך ביי דיר אויפהויבען די פראַגע, וועלכע פון די לעבענס־ערשיינונגען, וואָס זעהען זיך שוין ביי דער באַצילע, ווילסטו צורעכענען צו יענע אַלגעמיינע לעבענס־נייגונגען פון דער מאַטעריע בכלל (אָדער פאַר מיינעטוועגען זאָל זיין נור פון קוילענשטאָף), און וועלכע נישט. די דאָזיגע פראַגע איז פראַקטיש אייגענטליך די קיצעלדיגסטע פון דער גאַנצער זאַך.

נאָך דעם, ווי דו ועסט דאָ געוויסע אויספירונגען אָנערקענען פאַר ריכטיגע, וועט דיך דער דאָזיגער געדאַנקענגאַנג אַוועקפירען זער ווייט. צי איז „פילען“ אַזאַ באַזיס, וועלכער מוז שוין לכתחילה ענטהאַלטען זיין אין דער מעגליכקייט פון אַ לעבענס־ענטוויקלונג, ד. ה. צי דאַרף מען רעכענען, אַז דאָס „פילען“ קאָן זיך געפינען אין וועלכער ס'איז פאָרם שוין אין דעם אונאָרגאַנישען שטאָף? די דאָזיגע פראַגע איז דערפאַר אַזוי שווער, וואָס מען קאָן זיך דאָך נישט פאָרשטעלען דאָס פילען אָן בעוואוסטזיין. ווי ס'זאָלען דאָס נישט פרובען אָבלייקענען פערשידענע צוטומעלטע קעפ, בלייבט דאָך זיכער: צו יעדען איינפאַכסטען געפיל איז נויטיג אַ פילענדיגער „איך“־פונקט, ד. ה. אַ בעוואוסטזיין. נאַטירליך, נישט דורכאויס קיין קלאָר־דענקענדיגער, רעפלעקטירענדיגער זעלבסטבעוואוסטזיין אין מענשליכען זין; אָבער אומבעדינגט וויינינגסטענס, אַ אינטואיטיווער, אומיטעלבאַרער, נאַאיווער בעוואוסטזיין. צי האָט אַ קוילענשטאָף־אַטאָם, אָדער גאָר בכלל יעדער אַטאָם פון וועלכען ס'איז עלעמענט שוין אַזאַ פילענדיגען בעוואוסטזיין? און ווייטער. צי איז, לאָ'מיר זאָגען, „זכרון“ אַ גרונד־אייגענשאַפט פון דער מאַטעריע בכלל?

דו פילסט: די זאַך ווערט אויפ'ן העכסטען אופן פערוויקעלט. מיר זענען אַריין אין דעם געביט פון דער „נשמה“. און מעגסטו די דאָזיגע „נשמה“ פערשטיין ווי דו ווילסט:

האָט אויף איר די גאַ[illegible]ילע מעגליך געמאַכט, וועט איצט אויך די זון אַרומכאַפּען און וועט דערמיט אויף דער ערד אָנשיקען דעם אונענדליכען פּאָלאַר-ווינטער? צי וועט אַמאָל דער מענש, אויף אַן׳אונגעהויערען אופן פערפולקאָמט מיט זיינע מאַשינען, שפּילענדיג בעהערשען דאָס פּראָבלעם פון דער קעלט אין דעם וועלט-רוים? צי וועט אין דעם קומענדיגען וועלט-ווינטער דער מענש, אנשטאט געפּרווירען צו ווערען צוזאַמען מיט זיין קולטור און זיך פערוואַנדלען אין אַן׳אייז-מומיע (אַזוי ווי עס קלאָגען שוין איצט אַזוי גערן אונזערע קליינמוטיגע נביאים),—פערקערט גאָר טאַקע אַלס מענש און דורך זיין קולטור ווערען, אַזוי צו זאָגען, די באַציִלע פון אַ נייער לעבע[illegible]ערא, וועלכע וועט לאַכען פון דער קעלט פון איינציגע הונדערט גראַד פונקט אַזוי ווי די ערשטע באַציִלע האָט אַמאָל געלאַכט פון דעם פאַלען פון דער טעמפּעראַטור פון רויט-גלוט אפשר אויף עטליכע פערציג גראַד?

אָבער דאָס איז נור אַגב.

דאָס וועזענטליכסטע איז, אַז אויך דער דאָזיגער צווייטער געדאַנקענגאַנג פירט אַריין דיך מיט דעם לעבען אין די אונבעגרייפליכע שטערען-ענטוויקלונגען און שטעלט אַוועק דאָס פּראָבלעם פון לעבען גאָר צווישען די לעצטע וועלט-ערשיינונגען און וועלט-אורזאַכען. און עס פערשטייט זיך, אַז די גרונד-ערשיינונג פון דער מאַטעריע—איר שטרעבונג צו אַן׳אונאויפהערליכער לעבענס-ענטוויקלונג, פערזינקט אין דעם זעלבען פונדאַמענטאַלען סוד, וועלכער פערהילט ביז איצט דעם עצם פון דער מאַטעריע איבערהויפּט, אין דעם דאָזיגען זין פירט דער דאָזיגער וועג פונקט צום זעלבען ציל, ווי יענער אַנדערער.

נור איינס בלייבט דיר נאָך צו בעטראַכטען פאַר ביידע מעגליכקייטען, און דאָס איז גראַד דאָס, וואָס ברענגט אונז נאָך אַ

אָרגאַניש אַרויסגעקומען פון אַנדערע צופּאַסונגס=פאָרמען צו
אַנדערע טעמפּעראַטורען, פּונקט אַזוי ווי די לאַנד=חיות אויף
אונזער ערד האָבען זיך ענטוויקעלט אַלס אַ נייע צופּאַסונגס=
פאָרם פון די וואַסער=חיות. אין אַ געוויסען זין וואָלט מען
געקאָנט אונזער לעבען בעצייכענען אַלס אַ מין פלאַם, וועל=
כער איז איינמאָל דורך אַ גרויסער היץ צום ערשטען מאָל
אָנגעצונדען געוואָרען, און וועלכער ברענט איצט שטיל אַליין
ווייטער, רעגולירט זיך כס.. אַליין און צינדט זיך אַלעמאָל
אָן אויפסניי. ווילהעלם רו, דער גרויסער פיזיאָלאָג פון
האַלע, האָט גלענצענד דורכגעפירט אַזאַ אַנאַלאָגיע צווישען אַ
פלאַם און דעם לעבעדיגען קעמערל, וואָס רעגולירט זיך
אַליין אַלעמאָל ווייטער, בייטענדיג זיין שטאָף.

דער געדאַנק איז אַליין פאַר זיך אינטערעסאַנט אויך
לויט די אויספירונגען, וועלכע ער גיט פאַר דער צוקונפט.

ווען די אור=באַצילען זענען ענטשטאַנען, איז לויט יע=
דער וואַרשיינליכקייט אויף דער ערד בכלל געווען נאָך וואַ=
רעמער, ווי היינט. אין משך פון די מיליאָנען יאָרען איז די
טעמפּעראַטור דאַן פעריאָדיש שוין פיל מאָל אַראָבגעפאַלען.
אונזער לעבענס=ליניע אויף דער ערד האָט זיך אָבער אין
משך פון די דאָזיגע מיליאָנען יאָרען, ווי עס ווייזט=אויס,
פשוט צוגעפּאַסט אַלעמאָל צו דעם דאָזיגען פאַלען פון דער
טעמפּעראַטור. עס זענען ענטשטאַנען די וואַרעם=בלוטיגע חיות
מיט זייער וואַרעמער בעשיצונג געגען די גרעסערע קעלטען.
ענדליך איז ענטשטאַנען דער מענש, וועלכער האָט ערפונדען
דאָס ראַדיקאַלסטע מיטעל: קינסטליכע פייער=אָנצינדונג. דער
מענש, וועלכער פערטראָגט היינט לייכט דעם אָנזוניגען פאָלאַר=
ווינטער! צי האָט די נאַטור מיט דעם דאָזיגען מענשען זאָן
מיט זיין ערפינדערישען קראַפט=פערוואַנדלענדיגען געניוס שוין
געפונען יענע ענדגילטיגע נייע צופּאַסונגס=פאָרם, וועלכע וועט
לאָזען דאָס לעבען זיך ווייטער ענטוויקלען אויך אין אַ קומענ=
דיגער זער שווערער קעלט=עפּאָכע,—אין אַנ׳עפּאָכע, ווען די
אָבקילונג, וועלכע האָט פריער נור די ערד געטראָפען און

גען. די קאַנסט גאָר, נישט האָבענדיג אין זין בעזונדער לעב־
קוילענשטאָף, באַלד אָנהויבען דערפון, וואָס די ווייסט זאָגען:
יעדע אונאָרגאַנישע מאַטעריע איז פון אָנהויב־אָן אין אַ געוויס־
סער מאָס „בעלעבט". און דאָס דאָזיגע לעבען נעמט אין איר
אָן בעשטימטע פאָרמען, וועלכע זענען צוגעפּאַסט צו די אָדער
יענע בעשטימטע אויסערליכע מעגליכקייטען. איינע אַזאַ לע־
בענס־כאַרג שטייט אונ. פאַר די אויגען אויף אונזער אָבגע־
קילטער פּלאַנעט אין דער קייט פון דער באַצילע ביז צום
מענשען: דאָס איז די פאָרם, וועלכע איז פאַר אונזערע צופּאַ־
סונג־בעדינגונגען די ענטשפּרעכענדיגסטע. אָבער די דאָזיגע
לעבעדיגע קוילענשטאָפּיגע קעמערלעך־וועלט, וועלכע מיר זעען
זייט דעם אנהויב פון דער ערד־אָבקילונג אויף אונזער פּלאַ־
נעט, שטעלט מיט זיך פאַקטיש פאָר נור איינע פון די אונ־
צעליגע בכלל „מעגליכע" העכער־ענטוויקלונגען.

אויב דו ווילסט אַביסעל אַוועקלאָזען וואַנדערן דיין פאַנ־
טאַזיע, קאָנסטו דיר אויסמאָלען, אַז גאָר אין אָנהויב איז די
ליניע, וועלכע האט זיך אָנגעהויבען מיט דער באַצילע, אַליין
שוין אַרויסגעקומען אַלס ענטוויקלונגס־פאָרם פון אַנדערע לי־
ניעס, וועלכע זענען ענטשפּרעכענד געווען צוגעפּאַסט נישט צו
פערהעלטניסמעסיג קאַלטע, נור צו גליענדיגע פערהעלטנישען.
עס האָט געקאָנט שוין זיין אַ לעבענס־ליניע אין דער רויט־
גלוט, וועלכע האָט זיך, נאַטירליך, געהאַלטען אויף אַזעלכע
שטאָפען און שטאָף־פעראייניגונגען, וואָס האָבען געקאָנט אויס־
האַלטען אין אַזאַ היץ. און אַזוי ווייטער צוריק. עס איז
פאַרהאַן אַ געוויסע בעציהונג פון אונזער קעמערל־לעבען צו
געוויסע ציאַן־פערבינדונגען: אַ כעמישע בעציהונג,
וועלכע וואָלט געקאָנט גראָד אָנווייזען אויף זער הויכע טעמ־
פעראַטורען ביי דער ערשטער ענטשטעהונג פון לעבען,–טעמפּעראַ־
טורען, וועלכע זענען פאַר דער דאָזיגער ציאַן־וועלט כעמיש נויטיג.
דאָס גאַנצע אַזוי גערופענע „לעבען" אונזערס מיט זיין בע־
שטימטען קעמערל שטאָף זאָל אויף אַזאַ אופן זיין נור אַזאַ
צופּאַסונג־פאָרם צו אַ בעשטימטער טעמפּעראַטור, וועלכע איז

פערוואַנדלען איינער איִן אַנדערען, און אפשר אויך, ענדליך נאָר איִן איין איינציִגען אור־שטאָף; דערביי האָט דער בעריִמטער ראַדיום מיִט זיין אויפגעוויזענער פערוואַנדלונג איִן העליום געגעבען דעם ערשטען פעסטען אָנהאַלט דעם דאָזיִגען געדאַנק. און דער אַסטראָנאָם, וועלכער געפיִנט ביי דעם ספעקטראַל־אַנאַליִז איִן געוויִסע ריִזיִגע זונען פון דעם פיִקס־שטערען־היִמעל וואָס אַמאָל ווייניִגער עלעמענטען, ביִז ענדליִך, איִנגאַנצען צושוואומענע נעפעל־פלעקען ווייזען־אַרויס ניִשט מער ווי צוויי אָדער דריי אַזעלכע אור־שטאָפען: ער קלערט, צי שטייען איִם דאָ ניִשט פאַר די אויגען אַזעלכע אור־צושטאַנדען, — אור־צושטאַנדען, איִן וועלכע ס'האָבען זיך ערשט ענטוויִקעלט עטליִכע גרונד־שטאָפען, אָנשטאָט די פיִל עלעמענטען, וועלכע ס'ווייזט־אַרויס די שוואַכער־גליִענדיִגע זון און די אָבגעקיִלטע ערד.

און אויב אַזוי, קאָנסטו ניִשט זאָגען, אַז דיין קוילענשטאָף צוזאַמען מיִט זיין לעבענס־איִנהאַלט איִז געווען אַלס אַזעלכער שוין איִן דער אור־צייט פאַר דער וועלט־גלוט פון דער ערד. מען מוז רעכענען, אַז אויך ער איִז ענטשטאַנען ערגעץ־וואו אויף דעם אונענדליִכען קאָסמיִשען ענטוויִקלונגס־וועג פון די גרונד־שטאָפען איבערהויפט. און דאַן מוזען זיך, ענדליִך, די בעזונדערע אייִגענשאַפטען פון זיין איִנדיִוויִדואַליִטעט, וועלכע איִז דאָך נור געווען אַן'ענטוויִקלונגס־פונקט איִיף דעם גרויסען וועלטען־וועג, פערליִרען גאָר איִן די ווייטסטע אָנהויבען פון דעם דאָזיִגען וועג.

און אַזוי ציִט זיך די קייט, וועלכע האָט דאָרט אויבען געטראָגען די באַציִלע און וועלכע מיִר האָבען פריִער געוואָלט דערפיִרען ביִז'ן קוילענשטאָף, אַלץ ווייטער און ווייטער אַחעק און פערזיִנקט איִן דער אונבעגרייפליִכער וועלט־טיִפקייט. און דערמיִט אויך סוף כל סוף איִן דעם גרויסען לעצטען סוד...

דו קאָנסט אָבער, האַלטענדיִג דעם דאָזיִגען ציִל אויפ'ן אויג, באַלד איִן אָנהויב זיך לאָזען אויף אַנדערע השערה־ווע־

קאָן דאָך אויך ניִשט גלאַט אַזוי בעגריִנדען, פיִרט דיִך אָבער אַליין פון זיִך נאָך אַ גאַנץ ריִזיִג שטיִק ווייטער.

געוויִס: דער קוילענשטאָף אונטערשיידעט זיִך פון די אַנדערע גרונד־שטאָפען פון דער נאַטור גאַנץ איִנדיִוויִדועל דורך זיינע בעשטיִמטע אייגענשאַפטען. און פונדעסטוועגען רעכענסט דו איִם צו צו די דאָזיִגע גרונד־שטאָפען, פונקט אַזוי, ווי דו שטעלסט אַ מיִלב און אַ מאַלפע אונטער איין און דער זעלבער רובריִק „חיה“. אַ מיִלב און אַ מאַלפע זענען איִן כּיִל היִנזיִכטען זער ווייט איינע פון דער אַנדערער, אָבער זיי געפיִנען זיִך, אַ דאַנק זייערע אייגענשאַפטען דאָך איִן אַ געוויִסער קרובה׳שאַפט צוויִשען זיִך. דאַרוויִן זאָגט דיִר אפילו דיִרעקט: זיי געפיִנען זיִך איִן אַ שטאַם־פערהעלטעניִש צוויִשען זיִך, וועלכע פערביִנדט זיי געשיִכטליִך, הגם זיי געפיִנען זיִך איִצט, ווי צוויי זער ווייטע קרובים, אויףביידע געגענגעזעטצטע עקען פון דעם שטאַם. און פונקט אַזוי איִז אויך מיִט די גרונד־שטאָפען, מיִט גאָלד און אייזען און שוועבעל און קוילענשטאָף. וועגען טייל זאָגט מען, אַז זיי זענען צוויִשען זיִך נענטער, וועגען אַנדערע—אַז זיי זענען ווייטער. עס זענען צוויִשען זיי זיִכער פאַרהאַן קרובה׳שאַפטען, נענטערע און ווייטערע, און ענדליִך עפּעס געמיינזאַמעס, וואָס שטעקט איִן אַלעמען. און אַז דו טראָגסט אַריִבער מיִט אַ גוט דורכגעטראַכטער קריִטיִק די דאַרוויִניִסטיִשע ענטוויִקלונגס־איִדעען איִן דער מאָדערנער כעמיע אַריין, ווערט דיִר פערשטענדליִך, אַז אויך דאָ איִז די אַלגעמיינע סיִסטעמאַטיִשע קרובה׳שאַפט העכסט וואַרשייִנליִך אַ שטאַם־קרובה׳שאַפט. מען שטעלט זיך פאָר, אַז די עלעמענטען, אַזוי ווי זיי שטייען היינט פאַר אונז, האָבען זיִך געשיִכטליִך ערשט איינע פון די אַנדערע גרופענווייז ענטוויִקעלט. דער גריִבלענדיִגער היינטיִגער כעמיִקער טרוימט וויִדער, אַזוי ווי דער אַלטער אַלכעמיִקער (ניִשט מער, וואָס ער טרוימט שוין אויפ׳ן גרונד פון מער מעטאָדיִשען דענקען), צי וועלען ניִשט די שאַרף־פונאַנדערגעטיילטע גרונד־שטאָפען אָדער עלעמענטען זיִך לאָזען דורך בעשטיִמטע מיִטלען וויִדער צוריִק

דער זויער=שטאָף פֿון דער לופט און דער וואַסער=שטאָף אין וואַסער זענען אַזעלכע גרונד=שטאָפען, דער נאַטריום אין קאָכ=זאַלץ און דאָס קוועקזילבער אין דיין טערמאָמעטער זענען גרונד שטאָפען, און אַזוי ווייטער. דו וואָלסט דיר געקאָנט דעריבער פֿאָרשטעלען, אַז איין=איינציגער פון די דאָזיגע גרונד=שטאָפען איז גאָר פון אָנהויב אָן געווען דער ספעציעלער טרעגער פֿון דער לעבענס=מעגליכקייט.

דו בעמערקסט, אַז אין אַלעם אָרגאַנישען, אין דעם גאַנצען לעבען פון אַלע קעמערלעך פֿון דער באַצילע ביז צום מענשען אַרויף שפּילט איין אַזאַ שטאָף ווירקליך אַ גאַנץ אויפפאַליגע, אפילו אַנ׳ענטשיידענדיגע ראָלע. דאס איז דער קוילען=שטאָף. דו קענסט דיר דעריבער, ענדליך, טראַכטען, אַז ער איז דאָס יענער אור=טרעגער פֿון לעבען.

ווען די ערד איז נאָך געווען ווייס=גליענדיג אַזוי ווי היינט דער סיריוס, און האָט אין איר מורא׳דיגען שמעלץ=אויוועז נישט דערלאָזען קיין שום כעמישע פערבינדונגען פון די גרונד=שטאָפען,—ד. ה. אין דער צייט, ווען עס האָט נאָך זיכער נישט געקאָנט עקזיסטירען די פֿערגליווערטע מאַסע פון דעם לעבעדיגען באַצילע=קעמערל: דאַן האָט אין יענעם זין דער קוילען=שטאָף, וועלכער האָט פריי געשוועבט אין דער דאָזיגער גלוט=אַטמאָספערע, געקאָנט זיין דאָס שוין פערהאַנענע ענטוויקלונגס=גליד פון דעם „לעבען“, אין וועלכען ס׳איז שוין לויט דער מעגליכקייט געלעגען די באַצילע, פונקט אַזוי ווי ס׳איז שפעטער אין דער באַצילע געלעגען דער מענש. קוים איז די טעמפּעראַטור אויף אַזוי פיל אַראָבגעפאַלען, אַז עס זענען מעגליך געוואָרען דויערהאַפטיגע כעמישע פערבינדונגען אויף דער ערד, איז באַלד פון אַ טייל פון דעם ערדישען קוילען=שטאָף געוואָרען קעמערלעך, דאָס הייסט באַצילען, דאָס הייסט „לעבען“ אין ענגערן זין.

שוין דער דאָזיגער איינפאַכסטער געדאַנק, וועלכען מיר קאָנען אייגענטליך נישט שטאַרק ווידערשפּרעכען פֿון די ווינציגע אָנהאַלטס=פונקטען, וואָס מיר האָבען, און וועלכען מען

אָנהויב=אָן נישט האָבען אין זיך עפּעס קרוב׳ישעס, עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט זי פון אָנהויב=אָן צו דעם מענשען גע=פירט. אויב אונזער בעהויפּטונג לאָזט פון איין זייט די באַ=צילע זיך ענטוויקלען אויף דעם נאַטירליכען וועג פון דעם אונאָרגאַנישען שטאָף, מוז זי אומבעדינגט פון דער צווייטער זייט זאגען, אַז אין דעם אונאָרגאַנישען זענען שוין דאָ געווי=סע פּאָראויסזעצונגען פאַר אַזאַ באַצילע=עקזיסטענץ, ד. ה. גע=וויסע פּאָראויסזעצונגען פון לעבען. כדי פון דעם אונאָרגאַני=שען זאָל קאָנען אַרויסקומען אַזאַ לעבען, ווי די באַצילע ווייזט אַרויס, האָבען אין אים שוין געמוזט זיין געוויסע נייגונגען צו אַזאַ לעבען. נאַטירליך נישט אין דעם זין, אַז אין דער „טויטער" נאַטור האָבען געדאַרפט פון אייביג אָן שוין ליגען, אַזוי צו זאָגען, איינגעפּאַקט פאַרטיגע באַצילען. נור אין דעם זין טאַקע פון אַנ׳ענטוויקלונג אַלס מעגליכקייט, אַלס פּאָראויס=זעצונג, וועלכע האָט זיך ביי געוויסע אומשטענדען געדאַרפט פערשטאַרקען און האָט זיך פערשטאַרקט.

כדי זיך צו קאָנען פאָרשטעלען, אַז אויף אַ געוויסען פונקט (אין פאַל פון דער אור=באַצילע—אויף דער פריש=אָבגע=קילטער ערד) קאָן פון דעם אונאָרגאַנישען אַרויסקומען לע=בען, מוזסטו דיר דאָס דאָזיגע „אונאָרגאַנישע" פאָרשטעלען אַלס דעם גרויסען אַלך=אַרומנעמענדיגען בעגריף, וועלכער האָט פון אָנהויב אָן אין זיך ענטהאַלטען און ענטהאַלט אין זיך נאָך איצט אויך די וואָרצ=לען פון דעם אַזוי גערופענעם אָרגאַנישען אָדער לעבעדיגען.

ווי אַזוי זיך דאָס גענויער פאָרצושטעלען, דערפאַר איז פאַרהאַן אַ גאַנצער בלומען=בוקעט פון מעגליכקייטען.

די אונאָרגאַנישע נאַטור, וועלכע מיר קענען, צוטיילט זיך, ווי דו ווייסט, אין אַ רייע פעסטע גרונד=שטאָפען אָדער עלעמענטען. גאָלד איז אַזאַ גרונד=שטאָף, בליי איז אַזעלכער,

צוליב די ענטוויקלונגס־געזעצן, וועלכע זענען אין דעם א.נ־
אָרגאַניזשען „טויטען שטאָף" בעהאַלטען.

דו מוזסט דעם דאָזיגען געגענזאַץ צווישעןביידע אָנ־
שויאונגען גוט בעגרייפען, כדי צו פערשטיין אין תוך, וואָס די
היכּאָטעזע וויל אייגענטליך אין וויסענשאַפטליכען זין און וואָס
זי מוז וועלען. כּדי צו צושטערען דעם מיסטישען געוואַלט־אַקט
מיט זיין מאָטיוו־לאָזער פלוצלינגקייט, מוז זי דאָ אויך דורכפירען
די ענטוויקלונגס־אידעע. די אור־געבוירונג טאָר בשום אופן
נישט זיין קיין שפרונג: זי מוז זיין אַ ברוק.

און אויב דאָס וועט טאַקע קלאָר ווערען, מיין איך,
וועט די פראַגע וועגען דער אור־געבוירונג פערלירען פיל פון
איר סודות'דיגקייט. זי וועט ווערען אונפערגלייכליך בעוועגלי־
כער, זי וועט ווערען אַן'אָפענער טויער פאַר דעם ווייטערדי־
גען דענקען, אָנשטאָט צו זיין אַ ריגעל. און דאָס קומט זעהר
צונוץ אויך אונזער ליבעס־פּראָבלעם.

טראַכט נור נאָכאַמאָל גוט דורך דאָס פאָלגענדע.

ווען איך זאָג: פון אונאָרגאַנישען, אונבעלעבטען און
לעבענס־פרעמדען שטאָף איז איינמאָל פּלוצלונג געוואָרען אַ
באַצילע, אַ לעבעדיג קעמערל—איז דאָס אַ שפרונג. ביי אַזאַ
בעשטימונג זענען ביידע זאַכען: דער אונאָרגאַנישער שטאָף
און דאָס לעבעדיגע קעמערל פולשטענדיג פערשידען. איך
אָבער פיר־אַריין אַן'אַקט, דורך וועלכען פון איינעם ווערט
פלוצלונג „געמאַכט" דאָס אַנדערע. דאָס איז און בלייבט אַ
געוואַלט־אַקט.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער, ווען איך זאָג אַזוי: די באַ־
צילע האָט זיך פון דעם אונאָרגאַנישען, וועלכעס איז נאָך
נישט געוועזען די באַצילע, „ענטוויקעלט". דערמיט זאָג
איך דאָך גלייך, אַז אין ביידע איז געוועזען עפּעס קרוב'ישעס.
דאָס אונאָרגאַנישע האָט געקאָנט ווערען אַ באַצילע. עס
האָט אַלזאָ שוין אין זיך געמוזט ענטהאַלטען די בעדינגונגען
דערצו, פונקט אַזוי, ווי די באַצילע וואָלט זיך קיינמאָל נישט
געקאָנט ענטוויקלען ביז צום מענשען, ווען זי זאָל שוין פון

פּערוואַרפט פּשוט שפּילענדיג אַלע אַריסטאָטעלישע אײנהײטען, האָט שוין ניט געקאָנט גלאַט אַזוי אָבגעלײקענט װערען. אַ שטיק דאַרװיניסטישע ענטװיקלונג איז אויך געװען צו קלאָר פאַר זײ אויגען. די „בעשאַפונג", די דאָזיגע שײנע דיכטונג, װעלכע האָט צוזאַמען מיט דער ענגער דאָגמאַטיק זיך פערבלאָנדזשעט אין דער װעלט פון „װיסען", איז אַרומגעפלויגען האָפּנונגסלאָז איבער די רוישענדיגע װאַסערען פון דער גענעאָלאָגישער אונטערװעלט. און דאָ מיט אַמאָל נאָך אַ טרוקענער פונקט! דער סודות־פולער מאָמענט פון דער ערשטער ענטשטעהונג פון „לעבען". דאָ האָט שוין געמוזט זײן אַן׳אָנהויב אָן ענטװיקלונג. און דער מידער אַרומפליענדיגער מעטאַפיזישער געדאַנק האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף דעם װײסען פונקט פון דער װעלט־מאַפּע, אַזוי װי אײנער פון יענע אָרעמע זומער־פויגעלעך, װעלכע דער ים־פאָרער זעט אין אָקעאַן זיך קלאַפּען אָן די מאַסט־בוימער און פאַלען אָן כח, און טראַכט דערבײ טרויעריג, װי לײכט אויך ער קאָן דורך אַ שפּיל פון עלעמענט װערען אַזאַ װײט־פערװאָרפען שטויבעלע... זאָל גאָט װײטער גאָרניש דאָזען געטאָן אין די װײען פון דער ערד־געשיכטע: דאָ איז אָבער נור זײן האַנט געװען אין דער שאַפונג פון דער אור־באַצילע...

דאָ איז אָבער געקומען די לערע װעגען דער אור־געבוירונג און האָט ענערגיש גענומען אַרויסרײסען די לעצטע פּאָזיציע בײ דעם אונװיסענשאַפטליכען בעשאַפונגס־בעגריף. אויך דאָ—האָט זי בעהויפּטעט—האָט געמוזט פאָרקומען אַ נאַטירליכע געשעהעניש, און בשום אופן נישט קײן צויבער. די קאָנטען די שײנע לעגענדע װעגען די שטײנער, װעלכע האָבען אָנגעהויבען צו רעדען, װען די מענשליכע נאַרישקײט האָט געשװיגען. אַזוי װי די שטים פון דעם לעבען האָט זיך מער נישט געלאָזט הערען, האָט דער אונערמידליכער פאָרשער־זין די „טויטע מאַטעריע" אויפגעװעקט: אור־געבוירונג, ענטשטעהונג פון דעם ערשטען לעבען—אײנפאַך פון דעם אונבעלעבטען, אָבער נישט דורך אַן׳איבערנאַטירליכער אַרײנמישונג, נור

דאָגמאַטיק, האָט אַ צייט לאַנג זיך אַרומגעבלאָנקעט אָן אַ היים אין דער מאָדערנער וויסענשאַפטליכער וועלט, ביז זי האָט גאָר פלוצלונג גראָד אין דער וויסענשאַפטליכער געאָלאָגיע געפונען אַ מין רעטענדיגען אָנהאַלט. זי איז בעשטאַנען אָט אין וואָס: פריער אַנ׳אור־פייערדיגע ערד און דערמיט אויך קיין שום מעגליכקייט פון לעבעדיגען שטאָף אויף דער ערד,— און דאַן מיט אַמאָל לעבען אין אַ ממשות׳דיגער געשטאַלט. פון וואַנען? דאָ—האָבען געדרונגען געוויסע פילאָזאָפען, וועלכע זענען געשטאַנען אויפ׳ן באָדען פון געוויסע רעליגיעזע גלויבענס־געדאַנקען — אויף דעם אָרט האָט זיך געמוזט אַריינמישען דאָס „וואונדער פון דער שאַפונג״. די ערשטע באַצילע איז דורך אַ „מיסטישען אַקט״ פון גאָט׳ס האַנט געפאַלען. און כדי פאַר אונזער צוועק דאָ צו רעדען: אויך די ליבע איז אויף דער גרענעץ פון דער גליענדיגער אונבעוואוינקייט און אָבגעקילטער בעוואוינקייט פון דער ערד „געשאַפען״ געוואָרען.

עס ליגט עפּעס טראַגישעס אין דעם, וואָס אַזעלכע איידעען, פאַר וועלכע דאָס וואָרט מיסטיק אין דעם מער איידעלען זין (וועלכען דאָס דאָזיגע וואָרט בעזיצט דאָך) איז אייגענטליך צו בכבוד׳יג, זענען גראָד אין אונזער יאָרהונדערט ווידער געקומען זוכען אַנ׳אָרט אין דעם לאָגישען מענשען־פערשטאַנד. פריער איז די אַלטע טראַדיציע געוועזן פעלזען־שטאַרק: זעקס טעג מעשי בראשית, גאַנץ בוכשטעבליך טעג,—און אין משך פון די דאָזיגע זעקס טעג אַלץ: ערד, וועלט־ליכט, ווערעם, בלומען, פויגעל אונטער דעם הימעל, אָדם און, פון זיין ריפּ, חוה: אַלץ געטליכער בעשאַפונגס־אַקט, אַלץ דורך איין שוואונג פון דעם מיסטיש־אונבעגרייפליכען אין דער רעאַליטעט זיידיינגעשליידערט, ווי אויף דעם בילד פון מיקעל אַנדזשעלאָ. דאַן איז לאַנגזאַם געקומען די וויסענשאַפט. זויגענדיג, צוריבענדיג וואָס אַמאָל מער קראַפט, ווי אַ בייזער ים־פאָליפּ. אַ גוטער טייל פון דער געאָלאָגיע מיט די אונגעהויערע צייט־רוימען, מיט די אונענדליכע ערד־עפּאָכע, וועלכע זענען געגאַנגען איינע נאָך דער אַנדערע אַזוי ווי אַקטען פון אַנ׳עסטעטיק, וועלכע

אפּראָדיטע אַלס אַזעלכע פון דעם שוים. דער נאַטור־פאָרשער דאַרף דערצו האָבען נאָך עטליכע מיליאָן יאָר אין אַ לוסטיגע רייע פון פאָרמען, וועלכע די ליבעס־קייט פון אַלעם לעבעדיגען האָט בסדר ביז דעם מענש אָנגענומען: אור־געדערעם־חיות, ווערעם, פיש, אַמפיביעס, אור־שרצים, שנאָבעל־חיות, בייטעל־חיות, לעצ־טענס מאַלפּעס און מענשען־מאַלפּעס. אָבער אין פּרינציפּ מאַכט דאָס נישט אַ סך אויס. די ליבע איז אַלענפאַלס אַמאָל אַרויס פון דעם שליים, — אַמאָל, אין אַ געבענשטען טאָג פון דער ווייסער אור־צייט, פון אַ צייט, וועלכע שטייט נאָך אוי־סער די גרענעצען פון אַלע פאַרבען, וועלכע מיר קאָנען.

טראַכט־נאָך דעם געדאַנק נאָך אַ טריט ווייטער, און איך האָב דיך דאָרט, וואו איך וויל. אַפּראָדיטע פון דער אַלט־גריכישער לעגענדע־וועלט איז אַרויס פון דעם ים־שוים דורך אַ מיטישען אַקט. געאַ, די ערד־געטין, האָט געבוירען די אורא נאָס'ען, געבוירענדיגע הימלישע קראַפט. אוראנאָס האָט מיט דער אייגענער מוטער געבוירען די טיטאַנען. דער מיטאַן קראָנאָס שניידט אָב ביים פאָטער זיין מענער־גליד און וואַרפט עס אין אָקעאַן. עס פערזינקט אין אַ שוים־כוואַליע, און פון דעם דאָזיגען שוים שטייגט־אויף די אַפּראָדיטע. גע־טער און מיסטיק...

איצט שטעל דיר אַ פראַגע, פון וואָס פאַר אַ גרונד האָט דער מאָדערנער נאַטור־פאָרשער אויף יענעם לעצטען לעבענס־ברעג, פאַר דער רויט־גלוט פון דער ערד, ערפונדען די הי־פּאָטעזע פון דער „אור־געבוירונג“.

די דאָזיגע היפּאָטעזע איז אין אַ שטרענג וויסענשאַפט־ליכער פאָרם אויפגעקומען ביסלעכווייז ערשט אין אונזער יאָרהונדערט. זי איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען דורך דער ווי־סענשאַפטליכער וועלט אַלס געגענהיפּאָטעזע צו אַ בע־הויפּטונג, וועלכע האָט בשום אופן נישט געשטאַמט פון אַ וויסענשאַפטליכער פאָרשונג און דענקונג, נור פון אַ געוויסער פאַלשער מיסטיק און איר אייביגער טראַדיציע. די דאָזיגע בעהויפּטונג, וועלכע איז אויסגעוואַקסען פון דער רעליגיעזער

און אַזוי זאָלען מיר דאָ באמת האַלטען ביי אַנ׳„ענט־שטעהונג פון דער ליבע״. באַטראַכט דיך: ווען דו שטעלסט דיר פאָר, אַז די ערשטע באַציהלע איז אויף גרענעץ פון וואַ־סער, לופט און ערד, ביי אַ ים־ברעג, לאָ׳מיר זאָגען, פּלוצלונג אַרויסגעוואַקסען פון „טויטען״ שטאָף, פון וועלכער ס׳איז אונ־אָרגאַנישער מישונג: דאַן איז דער מאָמענט פון איהר געבורט, ווען זי איז ענטשטאַנען מיט אַלע איהרע פעהיגקייטען, געווען גלייכצייטיג אויך דער גרויסער געבורט־אַקט פון דער ליבע, אַלס איינער פון די דאָזיגע פעהיגקייטען. פאַרוואָס עס האָט גע־דאַרפט זיין אייגענטליך נור איין איינציגע באַציהלע, און ווי אַזוי זי האָט געקאָנט דורך דעם מערקווירדיגען פּראָצעס פון דער אַזוי גערופענער זעלבסט־טיילונג זיך איהר חוה שאַפען, — דערפון וועל איך דיר באַלד נאָך פיל דערציילען. אַלענפאַלס איז די דאָזיגע ערשטע באַציהלע געווען אדם און אַפראָדיטע אין דער זעלבער צייט.

עס איז מער ווי אַ שפּאַס, וואָס איך דערמאָן דיך דאָ די אַלטע לעגענדעס. אַפראָדיטע איז אונטער דעם חסד פון אַ הייליגער שעה אין איהר נאַקעטער מענשען־שיינקייט פון דעם ים־שוים אַרויס...

יאָ, עס איז אַ גוט שטיק וועג: פון דעם ווילדען קנויל לעבל לעבענס־שטאָף פון דעם איינציגען אור־באַציהלען־קעמערל ביז אַרויף צו דעם פערענדיגט־הערליכען נאַקעטען פרויען־קערפּער, וועלכען די ליבע שענקט איהר העכסטע שיינקייט. אָבער דאָס האָט דאָך די פעהיגקייט פון דער ליבע אַליין פון זיך דעם דאָזיגען וועג געשאַפען. די באַציהלע געבוירט אונ־צעליגע נייע ברואים, אויף וועלכע עס ווירקען אונאויפהערליך אויסערליכע אומשטענדען, אינערליכע בעדינגונגען; עס שאַפט זיך די גרויסע קייט פון מיריאַדען אינדיווידואומס, וועלכע ווערען איינער פונ׳ם אַנדערען דורך ליבע געבוירען; און דורך דער דאָזיגער קייט ווערט פון דער אונפאָרמיגער אור־בריאה אַנ׳־אַפראָדיטע — אידעאַל־שיינע נאַקעטע מענשען־פרוי. די לעגענדע ציט דאָס נור אַביסעל צונויף און הויבט גלייך אַרויס די

און מען מוז אָנערקענען: די אור-געבוירונג — דאָס איז דאָס קאָמפּליצירסטע קאַפּיטעל אין דער גאַנצער געבוירונגס-פֿילאָזאָפֿיע.

דאָס לערבוך איז גערעכט: זי איז היינט נאָך אינערגיך ניִשט געזען געוואָרען. אין די צייטען פֿונ'ם אַלטען אַריסטאָטעל האָט מען זיך איינגערעדט, אַז מייז און פֿליי ענטוויקלען זיך פֿון מיסט. וועגען די פֿליגען-שלייערלעך אין קעז האָט מען אַ צייט גערעכענט, אַז זיי קומען אַרויס פֿון קעז אַליין, און האַרט ביז אין אונזער יאָרהונדערט אַריין, אייגענטליך ביז דעם געערטען לעקאַרט, האָט מען בעהויפּטעט, אַז דער באַנד-וואָרעם (סאָליטער) איז אַ עלטערנלאָזער פּראָדוקט פֿון דיינע אייגענע געדערעם. דאָס אַלץ איז שוין היינט אויסגעקלערט אַלס אומזין: די מויז פֿון דיין פּאָדלאָגע, פּונקט אַזוי ווי די פֿליי פֿון דיין בעט, דער וואָרעם פֿון דיין רייפֿען לימבורגער קעז און דער סאָליטער פֿון דיינע געדערעם — זיי אַלע ווערען געבוירען פּונקט אַזוי ווי די העכערע חיות, וועמענס עקזיסטענץ עס האַלט זיך אויף דעם גרויסען לעבענס-בוים פֿון דער פֿרוכפּערונג פֿון אינדיווידואום צו אינדיווידואום. אָבער אויך דאָרט, וואו מען האָט וויסענשאַפֿטליך גענוי נאָכגעפֿאָרשט, ביי די נידעריגסטע ברואים אפֿילו, ביי דער היינטיגער באַצילע, זענען אַלע עקספּערימענטען געבליבען אָן ערפֿאָלג. איינס פֿון די צוויי: אָדער די אור-געבוירונג קומט טאַקע היינט אינערגיך ניִשט פֿאָר, אָדער אונזערע מיטלען זענען צו שוואַך זי נאָכצופֿאָרשען.

בלייבט אָבער דאָך דער אויסנאַם פֿאַר דעם „ערשטען מאָל" ביי די ערשטע באַצילען פֿון דער ערד. פֿאַר די דאָזיגע באַצילען מוז מען אַלזאָ אָננעמען עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועט זיי פֿונדאַמענטאַל אונטערשיידען פֿון אַלע שפּעטערדיגע ברואים, וועלכע זענען פֿון זיי אַרויסגעקומען. זיי האָבען, אמת, געהאַט ליבעס-אַקטען, דורך וועלכע זיי האָבען זיך איינפֿאַך ווייטער געפֿרוכפּערט. דורך זיי אַליין איז אָבער קיין ליבעס-אַקט ניִשט דורכגעגאַנגען.

„פֿון גאָט דעם פֿאָטער שטאַמט נאַטור,
דאָס ליבסטע, שענסטע פֿרויען-בילד;
דעם מענשענס גייסטער שפּירט איר נאָך
און חערט דאַן איר געליבסטער באַלד.
זיי ליבען זיך נישט אונפֿרוכטבאַר,
אַ געטליך קינד געבוירען זיי.
און ס'איז פֿאַר אַלעמען דאַן קלאָר:
נאַטור-פילאָזאָפיע איז גאָטעס איינִיקעל"

ג ע ט ע .

לויט דאַנטע'ס „גיהנום"

געזאַנג XI. 98.

אור-געבוירונג! אַז די עפּענסט אַ געוועהנליך לערבוך אויף דער רובריק „פֿרוכפּערונג", געפֿינסטו מערסטענטיילס אַ דאָפּעלטע ערקלערונג. פֿריער ווערט גערעדט וועגען דער געוועהנליכער געבוירונג, ד. ה. וועגען דער, וועלכער די אַליין פּערדאַנקסט דיין לעבען. און דאַן—וועגען דער אור-געבוירונג. דער פּאַראַגראַף פֿלעגט דערצו צוגעבען, אַז די לעצטע איז נאָך דורך קיין מענשענס אויג נישט געזען געוואָרען, ד. ה., אַז זי קומט אין אַקטועלען זין גאָרנישט פֿאָר, אָבער לויט דער מאָס פֿון זיין דאַרוויניסטישער בעאַרבונג בעגרענעצט דאָס בוך דאַן די דאָזיגע לעצטע בעהויפּטונג, ערקלערענדיג, אַז עס האָט דאָך ווייניגסטענס איינמאָל, געשיכטליך, געמוזט פֿאָרקומען אַנ'אור-געבוירונג: פֿאַר דעם אָנהויב פֿון דעם לעבען איבערהויפּט.

תמיד, ווען איך לעז אַזעלכע פּאַראַגראַפֿען, קלינגט מיר אין אויער דער בעקאַנטער ענטפֿער פֿון דעם קאַנדידאַט י אָ ב ס:

„אַ גוטע פּרעדיגונג האָט צוויי טייל,
דעם ערסטען טייל קאָן קיינער נישט פֿערשטיין,
דעם צווייטען טייל פֿערשטייט מען דאָך".

און דאָס איז אַ בעגריף פון גאָר אַ בעזונדערען מין. אונזער בעטראַכטונג, וועלכע איז אַרויס פון דעם גרויסען בילד פון דער געשלעכט־געבוירונג ביים היינטיגען מענשען און האָט זיך דאַן אַראָבגעלאָזען אין דער שאַכט פון די מיליאָנען יאָרען צו זוכען זיין טיפסטען פילאָזאָפישען זין, איז איצט געבליבען שטיין מיט איס אויג אויף אויג..

אייזערנע קויל וואָלט געמוזט אין משך פון צייטען דורך אַנ־איבערגרופּירונג פון אירע טיילעכלעך אויף אַזאַ אופן זיך איינ־פלאַטשען. אַזוי אַרום איז נאָך דאָ אַ סך פּאַר און געגען, אָבער דאָך קומט מען אויף צופיל וועגען צו דעם זעלבען רע־זולטאַט, און מען מוז גלויבען, אַז עס איז אַמאָל געווען אַ לאַגע, ווען די ערד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ צושמאָל־צענע אָנגעגליטע מאַסע.

יערענפאַלס גייט אויף דעם וועג אונזער פאַנטאַזיע נאָך ווייט אַוועק איבער דעם ערדישען באַצילען־ברעג, זוכענדיג דעם אָנהויב פון דער ענטוויקלונג פון לעבען אויף דער ערד. ערשט נאָך דעם, ווי זי מאַכט־דורך די אונגעהויערדיגע סיס־טעם־בילדונגען, רינג־אָבשליידערונגען. קאָסמישע צוזאַמענדריי־קינגען און אָבקילונגען — פאַלט זי אַריין אין דער שוואַרצער נאַכט פון דעם אונבעגרייפליכען, פון דעם סוד. אָבער אין דעם לויף פון דעם דאָזיגען גאַנג פון דער פאַנטאַזיע הויבט זיך אָן באַלד נאָך דעם באַצילען־ברעג דער רויטער אָנגעגליטער צושטאַנד פון דעם ערד־קוגעל, וועלכער דאַרף צו די באַצילען, צו דעם לעבען, צו דער ליבע אַ סוף מאַכען.

דערמאָן דיך נור נאָך אַמאָל: אין דער אור־באַצילע איז שוין געווען דער מענש. אין דעם זין פון דער אינערליך אַלץ ווייטער געפירטער, הגם דורך דער ענטוויקלונג אַלץ מער און כער פערענדערטער פּרופּעראונגקייט האָט שוין אין איר גע־שטעקט דער היינטיגער מענש. ביז אַהער ציט זיך דער פעס־טער, קיינמאָל נישט איבערגעריסענער פאָדעם פון דער אונ־שטערבליכקייט דורך דער ליבע. אָבער וואָס איצט? פון וואַנען זענען געקומען די ערשטע באַצילען אויף דעם גרענעץ־שטריך צווישען דער רויט־גליענדיגער און אָבגעקילטער ערד?

דער נאַטורפאָרשער מאַכט דיר דאָ אַ שאַרפען שניט. אַלץ, פון דער ערשטער באַצילע פון דער אור־וועלט ביז צו דעם מענש פון היינט, ציט זיך פּאַר אים נאָך דעם גאָלדענעם שיקזאַל־פאָדעם פון דער געבוירונג. די ערשטע באַצילע אָבער איז ענטשטאַנען דורך דער אור־נעבוירונג.

כע ווערט אנגערופען רויט־גלוט. מען קען געוויסע אַנדערע פיקס־שטערן אין וועלט־רוים, וועלכע ברענען טאַקע שוין איצט מיט אַזאַ שוואַכען רויטען שיין. דער אייז־קאַלטער וועלט־רוים, וועלכער נעמט אַרום אַלע גליענדיגע וועלט־קערפּערס, גיט אַליין די ערקלערונג, פאַרוואָס זיי מוזען אין משך פון אונצעליגען יאָרען־גאַנג אַזוי אָבגעקילט ווערען. אָבער, ווי מען זעט, האָט אַלץ אויף דער וועלט אַמאָל געמוזט דורכמאַכען דעם מאַקסימום פון היץ. פאַרוואָס זאָל עס ביי דער ערד אויך נישט האָבען אַזוי געוועזען? זי איז קליין, דעריבער איז זי שוין היינט פון לאַנג אַזוי אָבגעקילט, אַז זי גיט מער פון זיך נישט אַרויס קיין אייגענע ליכט און קיין אָנגעזעענע אייגענע וואַרימקייט. דערביי קומט נאָך צו די אַנאַלאָגיע, אַז דער נאָך קלענערער נעבענשטערן פון דער ערד, די לבנה, ווייזט־אַרויס געוויסע שפורען, וועלכע לאָזען רעכענען, אַז ער איז נאָך ווייטער אַוועק, איז נאָך מער אָבגעקילט, ווי די ערד.

און דערצו קומען נאָך נעבען־בעווייזען. מיט דער הילף פון דער קאַנט־לאַפּלאַסישער טעאָריע מאָלט מען זיך גערן אויס היפּאָטעזען, לויט וועלכע די ערד איז אַמאָל, ווי אַ גליענדיגער רינג, פון דער זון אָבגעשליידערט געוואָרען. זי זאָל זיין אַזוי אַרום אַ מין אַרויסשפּראָצונג פון דער זון. און די לבנה פון איר. און נאַטירליך די זון ווידער פון אַנ׳אַנדערן פיקס־שטערן. לויט דעם דאָזיגען געדאַנקענגאַנג בלייבען פיל פּרטים נישט פערענטפערט און עס איז אַ פראַגע, צי ער וועט זיך לאַנג קאָנען דערהאַלטען. איך וויל דיר אויף אים גאָרנישט לייגען קיין בעזונדער געוויכט. איך וויל נור זאָגען, אַז אויך די, וועלכע גלויבען אין אים, מוזען צוקומען צו אַ פּונקט, ווען די ערד איז געווען אַ גליענדיגע מאַסע. מען האָט אויך געוואָלט אין דעם פאַקט, וואָס אונזער ערד האָט היינט אַ צוגעפּלאַטשטע פאָרם, זען אַ בעוויז, אַז זי האָט זיך אַמאָל געפונען אין אַ מער פלאַסטישען, אין אַ מער פליסיגען צושטאַנד, און דאָס פירט ווידער צו אָנערקענונג פון דעם אָנגעגליטען צושטאַנד אַנדערע געלערטע ווילען אָבער רעכענען, אַז אויך אַ קאָמפּאַקטע קאַלטע

היצט זי אַזוי, אַז איר כעמישער צוזאַמענשטעל פאַלט זיך פונאַנדער.

אין יענער עפּאָכע, ווען די ערד איז געווען אַ צושמאָלצענע מאסע, האָבען אויף אַזאַ אופן די באַצילען אין אונזער זין נישט געקאָנט עקזיסטירען. און אויב די היפּאָטעזע איז ריכטיג, מוז ערשט ערגעץ-וואו אין דעם לויף פון דער ערד-ענטוויקלונג ליגען אַ פונקט, וואו די באַצילען האָבען זיך בעוויזען נאָך דעם, ווי זיי זענען פריער נאָך נישט געווען. און דער דאָזיגער פונקט דאַרף זיך בעשיינפערליך געפינען דאָרט, וואו די היץ אויף דער ערד האָט אַזוי ווייט נאָכגעלאָזען, אַז ס'איז איינגעטרעטען אַ טעמפּעראַטור, וועלכע דאָס באַצילען-לעבען האָט געקאָנט פאַרטראָגען.

מיר האָבען נישט אַזעלכע מיטלען נאָכצופאָרשען די ריכטיגקייט פון אַזעלכע היפּאָטעזען, אַז דו זאָלסט קאָנען וועגען זיי זאָגען, אַז זיי זענען אָן אַ ספק ריכטיגע. די בעסטע שטיצע פון אַזעלכע היפּאָטעזען איז אַן אַנאַלאָגישע בעטראַכטונג. וואוהין מיר ווענדען אונזער בליק פון אונזערע ערדישע אָבסערוואַטאָריעס אין דעם וועלט-רוים אַריין, — אומעטום זעען מיר פאַזען פון דעם דויערענדיגען אָבקילונגס-פּראָצעס, וועלכער בעהערשט די וועלט-קערפּערס. אין די אמת'דיגע נעפּעלפלעקען (אפילו אויך אין אונזער זון-סיסטעם) גלויבען מיר צו זען קאָסמישע מאַסען, וועלכע זענען נאָך אינגאַנצען גאַז-פאָרמיג; אַזוי וואָלט אויך אונזער ערד אויסגעזען, ווען מען זאָל איר מאַסע דערפירען צו אַ דאַמף-צושטאַנד. אַז אַזעלכע גאַז-מאַסען הויבען זיך אָן צוזאַמענצודריקען און געדיכטער צו ווערען, מוז דאָס פירען פון זיך אַליין צו זער הויכע טעמפּעראַטורען. זער פיל פיקס-שטערן ווייזען טאַקע אַרויס אַזעלכע טעמפּעראַטורען, וועלכע האַלטען זייערע מאַסען אין אַ העכסטען ווייס-גליענדיגען צושטאַנד. אונזער זון, וועלכע איז בעשיינפערליך אויך אַזאַ פיקס-שטערן, איז דאַגעגען שוין אַביסעל וויניגער אָנגעגליט; מען רעכענט זי צו צום טיפּ געלע שטערן, און פיל אַסטראָנאָמען זעען אין די זון-פלעקען דעם אנהויב פון אַ נייער מעסיגערער גלי-סטאַדיע, וועל-

אין דעם אייביגען סוד, וויניגסטענס אין דעם זין, אַז דאָ מוז זיין וויסען צוקומען צו דער פעך־שוואַרצער נאַכט. פון וואַנען איז סוף כּל סוף געקומען די גאַנצע וועלט, ווי האָבען זיך אין דער אונגעהויערער וועלט אָנגעהויבען די גרויסע גרונד־ליגענדע בעוועגונגען, וואָס שטעלען מיט זיך אייגענטליך פאָר די נאַטור־געזעצען, די „ענטוויקלונגען", וועלכע מיר זעען פאַר אונזערע אויגען: דאָס פערזינקט פאָר אים אין דעם גרויסען תהום פון די אַלגעמיינע ערקענטניס־טעאָרעטישע פראַגען. און דאָס בעדייט פראַקטיש ניסט עפּעס אַנדערש, ווי עס פערזינקט אין דעם סוד.

אָבער דאָס איז נאָך ניסט אַלץ. עס ווייזט זיך נאָך אַרויס, אַז דער דאָזיגער וויסטסטער בעגריף פון דעם „לעצ־טען" אין דער נאַטור, וועלכען מיר זוכען, ליגט גאָר ניסט אויף אונזער באַציִלען־ברעג.

דער דאָזיגער ברעג איז געווען אויף דער ערד. די ערד־אויבערפלעך האָט דעמאָלט געקאָנט זיין אַנדערש ווי היינט לויט דער פערטיילונג פון וואַסער און לאַנד און אפשר אויך לויט דער אַלגעמיינער טעמפעראַטור. אָבער ענליך צו די היינטיגע פערהעלטעניסען איז זי זיכער געווען. עס איז אָבער פאַראַן אַ גאַנגבאַרע געאָלאָגישע היפּאָטעזע, לויט וועלכער דער גאַנצער ערד־קוגעל איז אַמאָל, אין אַ זער אַלטער צייט, גע־ווען אַ צושמאָלצענע גליענדיגע מאַסע, אַ מין קליינע זון, אַרום וועלכער עס האָבען געברויזט גליענדיגע מעטאַל־דאַמפען און פון וועלכער עס האָבען געשפּריצט הויכע ברענענדיגע וואַסער־שטאָף־פאָנטאַנען. אין אַנ׳אַטמאָספערע פון מעטאַל־דאַמפען, וואו דאָס אייזען שוועבט ווי אַ וואָלקען, און עס איז ניסט מעגליך צוליב דער אונגעהויערער היץ קיין שום כעמישע פערבינדונג צווישען די גרונד־עלעמענטען, קאָן אפילו די פער׳עקש׳ענטסטע באַציִלע מער ניסט אויסהאַלטען. זי באַשטייט כאָטש נור פון איין קעמערל, אָבער דאָס איינע קעמערל—דאָס איז דאָך יענע בעמישע סובסטאַנץ, אויף וועלכער, ווי מיר [illegible], עס האַלט זיך דאָס „לעבען", און וועלכער „שטאַרבט", ווען מען דער־

געלט, אָדער דער אור־שליים־ברעג, אויף וועלכען זיי זענען געקראָכען: זיי זענען שוין געווען דער שויפּלאַץ פון געוויסע, זער פעראיינפאַכטע געשעפעניִשען, ביי וועלכע אינדיוויִדואומס האָבען פון זיך אויסגעבילדעט נייע אינדיוויִדואומס; זיי האָבען שוין געזען פרוכפּערונג, זיי האָבען שוין געזען ליבע. דאָס איז ניִשט קיין דרייסטע היִפּאָטעזע, נור אַנ׳איינפאַכער לאָגיִשער שלוס. פונקט אַזוי ווי די אַסטראָנאָמען האָבען אַמאָל לויט געוויִסע שווערקראַפט־שטערונגען, וועלכע זיי האָבען בעמערקט ביי דער פּלאַנעטע אוראַן, „אויסגערעכענט״ די פּלאַנעטע נעפּטון, וועלכע זיי האָבען נאָך ניִשט געהאַט געזען,—אַזוי רעכענט אויך אויס אונזער ביאָלאָגיִשע פאַנטאַזיע יענעם פאַר־קאמבריִשען ברעג מיט זיין ריינער באַציִלען־ליִבע אין פולען בעוואוסטזיין, אַז די וויסענשאַפט וועט, וואַרשיינליך, קיינמאָל ניִשט געפיִנען קיין ממשות׳דיִגע שפורען דערפון.

איִצט אָבער ענטשטייט אַ פּערוויִקעלטע לאַגע. מיר האָבען זיך אויף דאַרוויִנס פיִר־שנור אַראָבגעלאָזען אין דער שאַכט פון די מיליאָנען יאָרען אַזוי טיף, וויִ עס איז נור מעגליך געווען. פון דעם קאָמפּליִציִרטסטען ביִז צו דעם איינפאַכסטען. פון דעם מענש ביִז צו דער באַציִלע. מיר זענען שוין אפילו מיט דער טעאָריע אַריִבער איבער דעם וויסען. און איִצט זענען מיר געבליבען שטיין אויף אַ קריִטיִשען פונקט. דאַרוויִן דריקט אונז די האַנט און גייט אַוועק. „אין אָנהויב איז געווען די באַציִלע״. פון וואַנען איז זי געקומען?

דו ווייסט די שיינע איִנדיִשע לעגענדע. די וועלט רוט אויף אַ העלפאַנט. דער העלפאַנט שטייט אויף אַ שיִלדקרעט. אָבער ווער טראָגט אויף זיך דעם שיִלדקרעט? דער פּריסטער זאָגט: דאָס איז דער געטליִכער סוד.

אַזוי זענען מיר אויך שטיין געבליבען מיט דער אור־באַציִלע אויף אונזער שיִלדקרעט. דאָס וואָרט „געטליִכער סוד״ וועט דיך אָבער קוים בעפריִדיגען.

און סוף כל סוף בלייבט איינס אמת. אויף דער נאַטור־פאָרשער גיִסט זיך אריין מיט די לעצטע וועלט־פראַגען

נאָך דעם אַלגאנקיש-קאמבריש ען ברעג, האָב איך דיר געזאָגט, געפינט מען מער נישט קיין שפורען פון חיות און געוויקסען. די סיבה איז בעשיינפערליך אַ ריין אויסערליכע: די עלטערע שליים- און זאַמד-שיכטען זענען דורך אַ זעלטענעם שפעטער-פאָרגעקומענעם קריסטאַליזירונגס-פּראָצעס אַזוי צוהאַקט ווי מיט אַ האַק-מעסער, אַזוי אַז ס'איז איבעריג גאָר אין זיי צו זוכען ווע לכע ס'איז אַמאָליגע איבערבלייבכצען. אונזער פאַנטאַזיע וויל זיך אָבער נישט לאָזען פירען דורך אַזאַ אויסערליכער, ריין-צופעליגער זאַך. אויב אויפ'ן אלגאָנקישען ברעג זענען שוין געקראָכען ווערעם און דער ים-צופלוס האָט אָנגעטראָגען אַקאַלעפען, האָט געמוזט זיין אַ צייט נאָך פאַר דער, אין וועלכער די דאָזיגע ווערעם און אַקאַלעפען האָבען זיך אין אַ אינגאַנצען-פערשוואונדענעם אור-ים ענטוויקעלט פון נאָך איינפאַכערע חיות. און ענדליך, האָט געמוזט ערגעץ זיין גאָר אַלעצטער, עקסטער אור-ברעג, אויף וועלכען ס'האָבען געלעבט נור די איינפאַכסטע אָרגאַנישע ברואים,- ברואים פון יענעם מין, וועלכע האָבען נאָך גאָרנישט געקאָנט פערטיילט ווערען אויף חיות און צמחים, און פון וועלכע אי די חיות, אי די צמחים האָבען זיך געדאַרפט ערשט שפעטער, אַלס צוויי פאַראַלעלע שטאַמען, ענטוויקלען. ברואים, וועלכע האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט, אַזוי ווי די היינטיגע באַצילען, נור איין איינציג קנוילעכל לעבעדיגען שטאָף, נור איין איינציג קעמערל.

אויך די באַצילען „ליבט". דאָס הייסט: זי געבוירט, זי פרוכפערט זיך, זי שאַפט פון די לעבעדיגע אינדיווידואומס נייע אינדיווידואומס. נאַטירליך, אויף אַ זער פרימיטיוועו אופן. ביי דעם דאָזיגען איינציגען לעבעדיגען ציגעל ערשיינט אַלץ אַזוי איינפאַך, אַז אויך די ליבע דריקט זיך ביי אים אויס אין דער מעגליך-איינפאַכסטער פאָרם. וועגען דעם אופן פון זייער פרוכפערונג וועלען מיר נאָך באַלד רעדען, דערווייל ווילען מיר דערמאָנען נור דעם פשוט'ען פאַקט. די פייכטע אור-לופט, אין וועלכער די באַצילען האָבען זיך געטראָגען, אָדער דאָס אור-וואַסער, אין וועלכען זיי האָבען זיך געשלענ-

באַציִלעז זי איִז אַ לעבעדיִגע בריאה, און טאַקע איִר זער איִנ־טענסיִוו לעבען מאַכט זי איִן טייל פאַלען אַזוי געפערליִך. אָבער צי איִז זי אַ חיה, אָדער אפשר אַ גרעזעל, אָדער גאָר אַ שוואָם? דאָס לעצטע הערט מען טאַקע אָפט זאָגען, און, ווי ס'ווייזט אויס, פערפיִרט דאָ דער דיִרעקט־אויסגעטייטשטער ווי־סענשאַפטליִכער נאָמען „שפּאַלט־שוועמל“. אָבער די באַציִלע איִז גאָרניִשט ענליִך צו אַ שוואָם. איִר געבוי איִז אַ פיִל־ניִדע־ריִגער. און דער דאָזיִגער געבוי איִרער איִז אויך אונפערגלייכ־ליִך ניִדעריִגער, ווי ביי דעם וואָרעם. עס נעמט זי ניִשט אַרום ניִשט דאָס וואָרט „חיה“, ניִשט דאָס וואָרט „געוויִקס“. זי געהער צו אַ מין אור־בעשעפעניִשען, פון וועלכע ס'זענען אַרויסגעקו־מען אי די חיות, אי די געוויִקסען, וועלכע האָבען זיִך ערשט שפּעטער פערטיילט לויט זייער ספּעציאַליִזיִרונג. די באַציִלע שטעלט מיִט זיִך פאָר ניִשט מער, ווי אַיין איינציִג קע־מערל. איין איינציִג קנוילעכל לעבעדיִגען שטאָף, איין איינ־ציִגער ציִגעל פון אונזער פריִערדיִגען ביִלד, וועלכער קאָן אָבער צוליִב זיין אייגענער לעבענס־קראַפט ביִלדען אַליין פאַר זיִך אַ קליין „הויז“.

מיִט דער דאָזיִגער באַציִלע האָסטו איִצט באמת ערשט דערגרייכט דאָס ניִדעריִגסטע, דאָס איינפאַכסטע, וואָס מיִר קאָ־נען פון די זעלבשטענדיִגע לעבענס־פאָרמען אויף דער היינטי־גער ערד. פאַר אונז איִז דאָ ניִשט נויטיִג זיִך אַריינצולאָזען אין געוויִסע שטרייט־פראַגען, וועלכע הערשען איִן דער ווי־סענשאַפטליִכער וועלט גראָד בנוגע די באַציִלען, וועלכע רו־פען ביי אונז אַרויס די געפערליִכע קראַנקהייטען. דו מעגסט דיִר דאָ נעמען דעם פאָפּולערען אויסדרוק אַלס אַנ'אַלגעמיינעם נאָמען און אַ סיִמבאָל פון זער אַ גרויסער צאָל פאָרמען פון אַזעלכע איינקעמערלדיִגע בעשעפעניִש, פאַר וועלכע דער פאַך־פאָרשער האָט אַ גאַנצע רייע נעמען און פערטיילונגען, וועל־כע זענען אָבער אַלע ענליִך צו דער עכטער באַציִלע אין דעם פונקט, וואָס זיי בעשטייען נור פון איין איינציִגען קעמערל.

דער לעצטער ברעג! אָבער אויך יענער אַלגאנקיש־קאַמברי־
שער ברעג קאָן קיין אמת׳ער לעצטער ברעג ניִשט
זיין. גראד דאַרוויִנ׳ס לערע דערלאָזט דאָס ניִשט. אַקאַלעפען,
ווערם און ראַקעס, וועלכע דו געפינסט דאָרט, זענען נידעריִ־
גערע אָרגאַניִשע פאָרמען, וויִ אַ מיִלב אָדער וויִ אַ מענש. אָבער
זיי בילדען דאָך אויך נור אַ שטאַפעל, אונטער וועלכען עס קו־
מען נאָך נידעריגערע שטאַפלען. היינט נאָך איז פאַראַן אויף
דער ערד אַפולע לעבעדיגע ברואים, וועלכע זענען פיל איינ־
פאַכער געבויט, ד. ה. זיי שטייען לויט דער ענטוויקלונגס־
סכעמע פיל נידעריגער, וויִ אַ וואָרעם אָדער גאָר וויִ אַ ראַק.

דער וואָרעם בעשטייט, פונקט אַזוי וויִ דו, פון אָרגאַ־
ניִשע קעמערלעך. די דאָזיגע קעמערלעך זענען איִן זיין לייב
פערטיילט אויף אָרגאַנען, צוויִשען זיי איז איינגעשטעלט אַנ׳־
אַרבייטס־פערטיילונג: איינִיגע בילדען אַזאַ אָרגאַן, די אַנדערע
אַנ׳אַנדערן אָרגאַן. דער וואָרעם שטייט נידעריגער פון דיר,
אָבער איִן דער הינזיכט האָט ער אַ גרויסע ענליִכקייט צו דיר.
און איצט געפינסטו אָבער נאָך היינט ביי אונז לעבעדיגע בע־
שעפענישען, וועלכע בעזיצען איִן דעם דאָזיגען זין גאָרניִשט
קיין אָרגאַנען, וועלכע בעשטייען נור פון איין בינטעל גלייכע
קעמערלעך. און נאָך מער, עס זענען פאַראַן ברואים, וועלכע
שטייען נאָך נידעריגער פון די דאָזיגע „אָרגאַנען־לאָזע“ בע־
שעפענישען.

דו האָסט געהערט פון דער באַציִלע, לאָמיר זאָגען,
פון דער כאָלעראַ־באַציִלע, וועלכע בעווייזט זיך תמיד
בשעת דער דאָזיגער שרעקליִכער קראַנקהייט. מיליאָנען ענליִכע
באַציִלען, אַלע מיקראָסקאָפּיש קליינע, הגם ניִשט אַלע אַזעלכע
געפערליִכע, פילען־אָן אומעטום די לופט, ווימלען איִן אַלע
וואַסערן. אַזוי לעזסטו איִן דער צייטונג. וואָס איז אָבער אַזאַ

און, ענדליך, ביי יענעם אַלגאָנקיש־קאמברישען ברעג, וואו אונזערע קענטגישען רייסען זיך איבער, זענען זיי מסתמא נאָך געווען אין דעם וואָרעם, — אַ חיה, וועלכע שטייט לויט זיין קערפּער־געבוי טיף אונטער דעם פיש: זי שטעלט מיט זיך פאָר אַזוי צו זאָגען, אַ פיל איינפאַכערע גרונד־סכעמאַ, וועלכע ערשיינט ביים פיש שוין פיל מער קאָמפּליצירט.

אויף א גלייכען וועג פירט דער דאָזיגער געדאַנקען־גאנג דיין פאַנטאַזיע. אַנ׳אונגעהויערע קייט פון דער ליבע, וואָס ציט זיך אָן אַנ׳איבעררייס פון דעם קאמברישען וואָרעם ביז דעם היינטיגען מענשען. אַנ׳אונבעגרענעצטער גאַנג פון דורות. אָבער אין משך פון דעם דאָזיגען גאַנג פון די דורות ענדערט זיך אונאויפהערליך דער אויסזען פון די אינדיווידואומס, ענדערט זיך אזוי, אַז דו, דער מענש פון היינט, האָסט שוין אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען, ווי דער אַלטער קרייץ־פאָרער, אָדער דער רוימישער צעזאַר אין דער טאָגע, אָדער דער פאַסטוך פון דער לעגענדאַרישער יודישער פאַטריאַרכען־צייט, פון וועלכע דו שטאַמסט דאָך אָב דורך אַ פעסטער קייט אונצייליגע ליבעס־געשיכטען, אומאָרמונגען און געבורטען. עס איז נישט געווען קיין קאמבריש אור־מיידעל, וואָס זאָל אויף יענעם עקסטען נעפּעל־ברעג האָבען דער ליבע אַקייגענגעאַנגען. אָבער אין דעם וואָרעם, וועלכער האָט זיך דאָרט אויף דער צייט פון דעם ים־צופלוס אין שרעק בעהאַלטען אין זאַמד, אין זיין ענטוויקלונגס־קראַפט, זענען שוין געווען אַלע מענשען־מיידלעך פון דער קומענדיגער צייט...

ערשט דורך דעם דאָזיגען קערן פון דאַרווינס לערע איז דער זאַץ וועגען דער „אונשטערבליכקייט דורך ליבע" דערפירט געוואָרען אויף דער ליניע פון די רעאַלע געאָלאָגישע פאַקטען ביז דעם לעצטען ברעג.

אין דער דורות־קייט, וואָס ווערט היינט „מענשהייט" גערופען?

ווידער אַנ׳אונענדליכע צייט: און אין וואַלד פון פּאַלמען־פאַרנען און אַראַוקאַריען שפּרינגען בייטעל־חיות מיט לאַנגע עקען: בעשעפעניִשען, גלייך צו אונזערע שנאָבעל־חיות בע־האַלטען זיך אין די זומפען. אין סיסטעם פון די חיות, אַזוי ווי אונזער וויסענשאַפט האָט איִם איצט נאָך הייסער, אונער־מידליכער אַרבייט אויפגעשטעלט, געפינען זיך די דאָזיגע בייטעל־חיות און שנאָבעל־חיות אין אַזאַ פערהעלטעניש צו די מאַלפּעס און מאַלפּעס־ענליכע זויג־חיות, אַזוי ווי די לעצטע צו דער הויך־ענטוויקעלטער מענשען־חיה. זיי שטייען מיט אַ ווייטען שטאפּעל נידעריגער לויט זייער ביינער־געבוי, לויט זייער מוח, לויט זייער מעטאָדע פון אויסטראָגען די יונגע פאַר דער אייגענטליכער געבורט.

אין דער דאָזיגער צייט פון די בייטעל־חיות און שנאָ־בעל־חיות, וועלכע ענטשפּרעכט פיל־וויינציג דער צייט פון איכ־טיאָזאַורוס, זענען פונקט אַזוי קיין מענשען ניִשט געווען, ווי אין יענעם אַלטען טראָפּישען וואַלד צווישען די מאַלפּעס. אָבער עס זענען דאַן נאָך אויך קיין מאַלפּעס ניִשט געווען. פאַרוואָס זאָל ניִשט דאס, וואָס איז שפּעטער געווען מאַלפּע און איז צום סוף געוואָרען מענש,—פאַרוואָס זאָל עס דעמאָלט ניִשט האָבען געהאַט די געשטאַלט פון אַ בייטעל־חיה און אַ שנאָ־בעל־חיה?

און אַזוי אַלץ ווייטער צוריק.

עס קומען עפּאָכען, פון וועלכע ס׳איז ניִשט געבליבען קיין שום שפּור פון אַ שנאָבעל־חיה אפילו. אין אָקעאַן זענען אָבער אַרומגעשוואומען אונצעליגע פיש. דאָס, וואָס ס׳האָט שפּעטער געוואוינט אויף דער ערד, געאָטעמט מיט די לונגען און געזויגט די יונגע,—דאָס, וואָס מיר האָבען אָנגערופען שנאָ־בעל־חיה: אין יענע טעג האָט עס נאָך געמוזט האבען זשאַבּ־רעס ביים האַלז און פלוס־פעדערן אויפ׳ן לייב. שנאָבעל־חיה, בייטעל-חיה, מאַלפּע און מענש—זיי האָבען אַלע דעמאָלט גע־שטעקט אין דעם פיש.

דיוויִדואומס און אינדיוויִדואומס=קייטען שיידען זיך אַזוי אונטער איינער פון דעם אַנדערן, אַז עס דערגייט ענדליך דערצו, דאָס נאָך אַ רייע פון יאָרהונדערטער פערענדערן זיך די איינציקלעך און אור=איינציקלעך אַזוי, אַז עס פערשווינדט אין זיי די ענליכקייט צו זייערע אור=עלטערן.

דער מאָדערנער נאַטור=פאָרשער פעראַלגעמיינערט דאָס איצט פשוט אונבעגרענעצט. ער פרעגט, צי די אינדיוויִדואומס=קייט, וועלכע שליסט=איין אין זיך דעם דאָזיגען נעגער און יענעם ענגלענדער, קאָן נישט אין זיך אַמאָל האָבען ערהאַלטען אַ פאָרם, וועלכע קאָן דורך אונז היינט פערגליכען ווערען מיט די מענשען=מאַלפעס פון די טראָפישע וועלדער, דער גאָרילאַ און דעם אָראַנג=אוטאַנג?

און אַלץ וואָס מיר וויסען פון די אוראַלטע צייטען בעווייזט טאַקע די ריכטיגקייט פון אַזאַ געדאַנק.

אַין אַ געוויסען פונקט פון דער טערציער=צייט הערען אויף, ווי געזאָגט, אַלע שפורען פון מענשען. נישט נור מען געפינט נישט מער קיין מענשען=ביינער, נור אויך קיין שום שפורען פון וועלכער ס'איז מענשליכער קולטור. היינט שאַפט דאָך די דאָזיגע קולטור דאָס לאַנדשאַפט=בילד פון גאַנצע ערד=טיילען. שטעל דיר פאָר דעם היינטיגען באָדען פון אייראָפּע, ווי ער וואָלט האָבען אַראָבגעזונקען אין טיפע שטיין=שיכטען מיט די אונגעהויערע, אונענדליכע חורבות פון דער מענשליכער אינדוסטריע! דאָרט אָבער, נאָך דעם קריטישען פונקט פון דער טערציער=צייט, זעסטו נישט קיין שום שפורען פון קולטור. נור דער יונג=פרוילליכער אור=וואַלד—אַזוי, ווי ער נעמט היינט אַרום מיט זיין פער'חלומ'טער גרינקייט דעם איינזאַמען וואַנדערער אין אַ ניי ענטדעקטער געגענד און אין דעם אור=וואַלד נור חיות,—חיות, וואָס שטייען נידעריגער פון דעם מענשען=געבוי. צווישען די בלענדענדיג=פילפאַרביגע בליטען פון די אור=וואַלד=בוימער, וואו די זון וועבט=אַריין אירע שטראַלען אין דעם גרינעם סוד, שפרינגען אַרום מאַלפעס.

פאַר־וואָס זאָלען זיי נישט זיין דאָס ווייטעריגע רינגעלע

ווייטער, און זיין אינדיווידואַליטעט איז אַ גליד אין דער קייט פון יענער, דורך דער ליבע גאַראַנטירטער אומשטערבליכקייט.

דאָס דאָזיגע קינד וועט איצט ווידער קינדער געבוירען, און די וועלען ווידער זיין אַנדערע. וועלען אָבער די דאָזיגע קינדער נאָך בלייבען אין דער זעלבער אומגעבונג, וועט מען, ניִשט קוקענדיג אויף דעם גאַנצען אונטערשייד צווישען זיי און די זיידעס, דערקענען אין זיי אַ געוויסע גרעסערע ענליכ־קייט צו זייערע עלטערן און עלטערנס עלטערן, וועלכע קיין שום אַנדערער מענש האָט ניִשט, אָבער זאָלען זיי אויסוואַנ־דערן, זאָלען זיי אַריין אין אַ גאַנץ נייער אומגעבונג.

מיר האָבען געשיכטליך געזען, ווי נייע פעלקער זענען ענטשטאַנען פון דעם געמיש פון די אַלטע.

די ראָמאַנישע פעלקער זענען פערהעלטניסמעסיג אין שוין גאַנץ שפעטע צייטען פון דער וועלט־געשיכטע אַזוי אַרויס־געוואַקסען. די מאָדערן־אַמעריקאַנישע פעלקער בילדען זיך היינט, אַזוי אַז עס זעט־אויס, ווי זיי וואָלטען אויף אונזערע אויגען געוואַקסען. און דאָך: ווי ווייט ליגט שוין איצט אין דער מענשהייט פאָלק פון פאָלק! בעטראַכט נור, און דאָס וועט דאָך דיר אויך דער נאַאיווסטער ביבעל־גלויביגער גלייך מו־זען צוגעבען: דער אויסטראַליער נעגער פון די ניי־האָלענדי־שע שטרויך־וועלדער און דער ענגלענדער, וועלכער ראָט אים אויס, און שטעלט אויף נעבען זיין אייקאַליפטען־וואַלד, וואו עס שפרינגען־אַרום די קענגורוס און שנאָבעל־חיות, זיין פּאַפּ־ריק־רויכיגע גרויסע שטאָט, אַרומגעשפּינטע מיט אייזענבאַנען, מיט איר מאָדערנער פּאָליטישער קאָנסטיטוציע,—זיי ביידע שטאַמען פון דער זעלבער דורות־קייט, וועלכע איז דורך דער פּרוכפּערונג אונשטערבליך געבליבען: דאָס איז די פערוואַנדלונג.

יאָ פּערוואַנדלונג, נויטווענדיגע פּערוואַנדלונג. דער גע־דאַנק מוז טאַקע דערגיין דערצו, אַז די ליבע גאַראַנטירט, אמת, די אונשטערבליכקייט פון דער דורות־קייט, זי האָט אָבער גאָרניִשט צו טון דערמיט, וואָס די דאָזיגע דורות אַלס אינ־

די איבֿטיאָזאַווריער זענען אַרומגעשוואומען, זענען נאָך נישט געווען קיין מענשען. עס זענען נור געווען בעשעפעניש ען, וועלכע האָבען געדאַרפט אַמאָל ווערען מענשען. זיי האבען זיך געפּרובֿפּערט, האבען זיך אויפגעהאַלטען נאָך דעם אייביגען שטאַרבען פון אינדיווידואום, פּונקט אַזוי ווי דער מענש היינט, דורך דעם גרויסען אונשטערבליכקייט-פּרינציפּ פון דער ליבע. אין משך פון מיליאנען יאָרען האבען זיי דערפירט ביז צו דער מענשען-געשטאַלט. און די דאזיגע געשטאַלט איז דאַן ווידער כּסדר דורך דער פּרוכפּערונג ווייטער דערהאַלטען געוואָרען.

מיר קערען זיך אויף אַ מאָמענט צוריק צו יענער איינפאַכער סצענע, וועלכע איז אויבען בעצייכענט געוואָרען אַלס דער טיפּישער אויסגאַנגס-פּונקט פון דער גאַנצער ליבעס-פילאָזאָפיע. אַ שטאַרבענדיגער פאָטער, וואָס בענשט זיין קינד,—די מענשהייט, וועלכע ווערט געראַטעוועט דורך דער ליבע איבער דעם טויט פון דעם יחיד. טראַכט זיך גוט אַריין אין דער דאָזיגער לאַגע. גיב אַ קוק דעם קינד אין פּנים און דעם פאָטער. צי זענען זיי צו זיך אינגאַנצען ענליך?ביידע זענען מענשען. אָבער עס זעט זיך אַן׳אונטערשייד. און נישט בלויז דער, וואָס איינער איז יונג און דער צווייטער אַלט. דאָס קינד וועט ווערען אַ מאַן און וועט דאָך אין געוויסע שטריכען זיין אַנדערש, ווי דער פאָטער. אויך ווי די מוטער, ווי די עלטערן, ווי זיינע אור-עלטערן בכלל. עס איז נישט נור אַ נייער אינדיווידואום בלויז דערפאַר, וואָס עס לויפט אַרום אויף אייגענע פיס, אָנשטאָט צו בלייבען אויף אייביג צוגעוואַקסען צו די עלטערן, ווי אַ גליד, און נישט נור דערפאַר, וואָס עס האָט אייגענע קראַפט זיך צו פּרובֿפּערן אויך נאָך דעם, ווי דער פאָטער שטאַרבט אַלס צובראָכענער זקן.

עס איז אינדיווידואום איבערהויפּט, אַן׳איינציגער אין דער גאַנצער מענשהייט, וואָס פאַר אים, נאָך אים, נעבען אים.

און דאָך זאָגען מיר: די מענשייט לעבט אויך אין אים

דער בעשײנפערליכער ליבע, װעלכע מיר קאָנען גע־
שיכטליך נאָכפאָלגען דורך די מיליאָנען יאָרען פון דער ערד־
ענטװיקלונג. אויך דאָ רײסט זיך דער פאָדעם װײטער איבער.

לאָמיר אויף אַ װײלע גאָר אַװעקלײגען דעם געאָלאָגישען שפּאַקטיװ. לאָמיר זיך צוריקקערן צו אונזער פריערדיגען געדאַנק.

אונזער אויסגאַנגס־פּונקט איז געװען: די אונשטערבליכ־קייט פון דעם מענשען־געשלעכט, װאָס װערט גאַראַנטירט דורך דער ליבע. די מאָדערנע פאָרשונג האָט אונז געדאַרפט פאַר דעם דאָזיגען אַלטען געדאַנק עפענען נײע פּערספּעקטיװען. און מיט אַמאָל—מיר זענען בײם קאַמבריישען ברעג. מיר זעען, װי אין אַ נעפּעל, אַז די ליבע האָט שוין דאָרט געװעל־טיגט. װאו אָבער איז דער מענש.

יענער שװעדישער זאַמד־שטײן, װעלכער איז אַמאָל גע־װען אַזאַ צאַרטער שלײם, אַז דער שפּור פון ציענדיגען װאָ־רעם, פון דעם פילפיסיג קריכענדיגען ראַק האָט זיך אויף אים געקאָנט אָבדרוקען, צי װײזט ער נישט װאו עס איז אַ טיפען אָבדרוק פון אַ מענשליכער פוס? אפשר פון אַ נאַקעטען פּרויען־פוס? פון אַ קאַמברישען אור־מײדעל, װעלכע איז אפשר אַמאָל, אין אַנ׳אונענדליך־פערשװאונדענעם זין־מאָרגען אויף דעם דאָ־זיגען אַלטען ים־ברעג דער ליבע אקײגענגעגאַנגען...?

אַ דורך און דורך מאָדערנער געדאַנק שנײדט זיך דאָ אַרײן און האַקט־אָב מיט אַמאָל יעדע פאַנטאַזיע פון דעם דאָ־זיגען מין. אַ געדאַנק פון קאָלאָסאַלער געװיכט, װעלכער האָט גאַנצע װעלט־אַנשויאונגען אונטער זיך צוקװעטשט, װי אַנ׳אָב־געריסענער מאַרמאָר־בלאָק. און װעלכער איז דאָך אין תּוך אַזוי אײנפאַך, אַז מען װאונדערט זיך, װי מען האָט גאָר אין אים געקאָנט װען עס איז צװײפלען.

אויף יענעם קאַמברישען אוראַלטען ברעג און אפילו שפּע־טער, בײ יענעם שװאַבישען טראָפּישען אָקעאַן, אין װעלכען

אָדער יוגענד־צושטאַנדען, און נעבען זיי דעם פּאַרטיגען ראַק. דאָ זענען אויך, אָן אַ שום ספק, געווען ליבעס־אַקטען און צו דעם צוועק פון די דאָזיגע ליבעס־אַקטען–עראָטישע געפילען. עס זענען היינט פאַראַן געוויסע מינים ראַקעס, ביי וועלכע נישט יעדער ווייבליך איי דאַרף האָבען די מענליכע בעפרוכ־טיגונג, כדי צו קאָנען פון זיך ענטוויקלען אַ נייע חיה; דאָס איז די מערקווירדיגע ערשיינונג פון דער אַזוי גערופענער פּאַרטענאָגענעזיס אָדער יונגפרוי־פרוכפערונג, וועגען וועלכער מיר וועלען נאָך רעדען. אָבער אין דערזעל־בער צייט זעט מען ביי די זעלבע מינים אויך פון צייט צו צייט די ריכטיגע בעפרוכטיגונג. אונזערע בעקאַנטע ראַקעס: דער טייך־ראַק, דער הומער, דער גאַרנעל־ראַק און דער טאַשען־ראַק–זיי אַלע פרוכפערן זיך דורך בעהעפטונג. אויף אויסצופיקען די בעפרוכטיגטע אייער זענען ביי זיי אָפט דאָ פערשידענע צוגעפאַסטע קערפּער־טיילעכלעך: בעזונדערע טאַשען אָדער הוילע רוימען אין מוטער־לייב, וואו די אייער ווערען בעשיצט, אָדער ערטער אין הינטערלייב, אַזוי ווי ביי אונזערע טייך־ראַקעס, וואו די אייער ווערען גוט בעהאַלטען. אפשר האָבען יענע אַלטע טרילאָביטען בעגראָבען די אייער אין ספּעציעל־געמאַכטע גריבעלעך אין זאַמד ביים ברעג, אַזוי ווי עס טוט דאָס היינט דער מאָלוקען־ראַק, וועלכער ווייזט־אַרויס אין זיין גאַנצען קערפּער־געבוי אַ נאָנטע קרובה'־שאַפט מיט די טרילאביטען. אפשר האָבען די יונגע שוין זעלבסשטענדיג־שווימענדיגע, אָבער נאָך שוואַכע שפּראָצעלעך זיך געהאַלטען תמיד צוזאַמען מיט דער מוטער, כדי ביי אַ געפאַר זיך צו בעהאַלטען ביי איר קערפּער, אַזוי ווי עס טוען דאָס אונזערע יונגע טייך־ראַקעס, וועלכע בעהאַלטען זיך ביי דער מוטער, אַזוי ווי יונגע הינדעלעך ביי דער הון.

דער אַלגאָנקיש־קאַמברישער ברעג איז פאַר אונזער ווי־סענשאַפט דער לעצטער ברעג, וואָס איז בעלעבט מיט אָרגאַ־נישע בעשעפענישען, חיות און געוויקסען. אַזוי איז אויך דאָס ליבע־לעבען פון דעם דאָזיגען ברעג דער לעצטער פונקט פון

אין דעם ווייכּסטען זאַמד־שליים דורך די גריִנע וואסער־געוויקס־
סען, וועלכע זענען לייכּט בעוועגט געוואָרען דורך דעם שטי־
לען וועלען־לויף.

ער האָט אין זיך אייגענטליך גאָרניִשט קיין וואונדער־
ליכּס, דער דאָזיגער אַלטער ים־ברעג אין שוועדען. און דאָך
האָט ער אויף דעם פאָרשער אַ זעלטענע מאַגיִשע וויִרקונג. דאָס
איז דער לעצטער ברעג מיִט אָרגאַניִשען לעבען, וועלכען ער
קען. אין די שטיין־שיִכטען, וועלכע זענען נאָך עלטער פון די
קאַמבריִשע און אַלגאָנקיִשע שיִכטען, האָבען מיר מער ניִשט
קיין שום שפור פון געוויִקסען אָדער חיות. די דאָזיגע עלטע־
רע שטיין־שיִכטען געפינען זיך אין אַנ'אייגענאַרטיִגען צושטאַנד,
וועלכער איז אויף זיי פריִער אָדער שפּעטער געקומען. זייער
איִנערליִכע סטרוקטור איז איִנגאַנצען איִבערגעמיִשט: ווען זיי
זאָלען אין זיך אַפילו האָבען דערהאַלטען אָרגאַניִשע איִבער־
בלייבעכצען, זענען זיי דאָך ביי דער געשעענער ענדערונג
איִנגאַנצען צוזאַמענגעמיִשט געוואָרען מיִט דער שטיין־מאַסע.
קיין שום מושלען, קיין שום ראַקען־שאָל, קיין שום צייכען פון
אַ געוויִקס. יענער ברעג איז אונזער לעצטער ברעג פון אַלע
דיִרעקטע, ממשות'דיִגע איִבערבלייבעכצען פון אַמאָליִגען לע־
בען אויף דער ערד. דאָ רייסט זיך איִבער דער פאָדעם.

אויף די חיות, וועלכע האָבען אויף דעם דאָזיִגען ברעג
געלעבט, האָבען געהאַט זייער ליִבע־לעבען—ווער קאָן אין דעם
צווייפלען? די ראַקעס, וועלכע זענען דאָרט געקראָכען, האָבען
געהערט צו דעם מין פון די אַזוי גערופענע טריִלאָביִטען,
וואונדערליִכע בעשעפעניִשען, וועלכע זענען היינט מער ניִשט
פאַראַן אין יענער פאָרם, אין וועלכע האָבען דאָך געמוזט די
ים'ען פון יענער און דער שפּעטערדיִגער עפּאָכע דורכוויִמלען
אין אַנ'אונגעהויערער צאָל. אין די קאַמבריִשע שטיין־שיִכטען
אין בעהמען האָט מען גראָד נאָכגעפאָרשט די גאַנצע ענ־
טוויִקלונג פון די יונגע ביי אַזעלכע טריִלאָביִטען. מען געפיִנט
אונגעהויערע מאַסען זער קליינע קיילעכלעך, וועלכע זענען זי־
כער אייערלעך. און נעבען זיי אַ גאַנצע קייט פון שלייערלעך

זילבער־גרוי ווייט פערשווינדענדיגער ים פון דעם אונבעקאַנטען מיט דעם ווייסען האָריזאָנט פון דער אונבעגרייפליכער אייביגקייט.

דער נאַטור־פאָרשער, וועלכער גייט כסדר טריט ביי טריט אַלץ ווייטער און ווייטער צוריק נאָך דעם אָרגאַנישען לעבען אויף דער ערד, קאָן אַזאַ ברעג. ער ליגט גראָד אונטער דער האַנט אויף אַ געוויסען עק פון די אַמאָליגע ערדישע איבערבלייבעכצען. און עס איז באמת אַ ים־ברעג.

דאָס אָרט איז אין אונזער נאָנטען שוועדען. דאָ געפינסטו אור־אַלטע פערשטיינערטע זאַמד־שיכטען, אָבגעלייגטע אין דער אונטערשטער אָבטיילונג פון דער אַזוי־גערופענער קאַמברישער עפּאָכע און, טיילוויז, אויך פון דער אַביסעל עלטערע אַלגאָנקישער עפּאָכע פון דער ערד־ענטוויקלונג. די קאַמברישע שטיינער זענען אונפערגלייכליך עלטער, ווי יענער יוראַ־שיפער, אין וועלכען עס ליגען די אַטלאַנטאָזאַווריער, אַרכעאָפּטעריקסען און איכטיאָזאַווריערן. פאַר דעם נאָכדיינקענדיגען פאָרשער־בליק עפענען זיך אָבער אויף די דאָזיגע שטיינער ווי אַ בוך. פון די קליינע שפורען, וועלכע זענען פאַר זיי דאָ אין שוועדען פערבליבען, ערשיינט פאַר די אויגען דאָס שטאַרק־בעוועגליכע לעבען פון אַ זער אור־אורוועלטליכען ים־ברעג. הגם די מיליאָנען יאָרען האָבען זיך איבער אים אָנגעזאַמעלט און אויפגעשטעלט ווי אַ טורעם. האָט דער אַלטער זאַמד, וועלכער איז ווי אַ שטיין צוזאַמענגעפרעסט געוואָרען, איבערגעלאָזען אין זיך די שוואַכסטע צייכענס, וועלכע זענען אַמאָל אויף זיין ווייכער מאַסע, אָבגעדריקט געוואָרען. אָט איז דער שפור פון אַ דורכגעקראָכענעם וואָרעם, פון אַ ראַק, פון אַ שנעק. אָט איז דער פיר־טייליגער ווי אַ גראָבער קרייץ אויסזעענדיגער זאַמד־אָבדרוק פון אַ גלאָז־העלער אַקאַלעפע, וועלכע דער שטורעם האָט צום ברעג אַוועקגעוואָרפען און וועלכע איז דאָ אויף דעם פלאַכען דעק אומגעקומען, ווי עס געשעט נאָך היינט אָפט מיט אירע בלוי־שימערירענדיגע ליידענס־שוועסטער ביים ברעג פון דעם באַלטישען ים. אָט איז אַ קוים־בעמערקליכע ליניע, אָבגעדריקט

פּאַרהאַנענע עקזעמפּלאַרען, אַזוי איז אויך אַלץ דאָס עראָטישע, וואָס איז אין זיין לעבען געווען, אָבגעמעקט. אָבער די פּאַנ-טאַזיע זעט אויך אים, ווי אַ פויגעל, נעסטער בויען און אייער לייגען, זעט די געשלעכטער זיך יאָגען אין די לופטען, זעט דעם „ער", ווי ער דרייט קונציג מיט דעם שטאַרקען דאָפּעלט-בעפעדערטען עק און זאָגט-אָן בערימעריש די קראַפט פון זיין ליבע... אַ לאַנג פערשוואונדענער חלום איבער אַ פערשוואונדע-נעם וואַלד ביים ברעג פון אַ פערשוואונדענעם אָקעאַן.

די דאָזיגע גאַנצע ליבע פון דער לאַנג-פערשוואונדענער צייט איז איצט פערשטאַרט און טויט. די ליבענדיגע זענען ביינער-הויפענס אין די מוזעאומס פון דער מענשהייט. ביינער-הויפענס און שטיין-שטיקער, אויף וועלכע דער פּאָר-שער קלעבט-אָן צעטלען מיט וואונדערליכע נעמען. דער שטו-רעם פון יענער ליידענשאַפט פון די שרצים האָט געמעגט זיין אַזוי גרויס, ווי ער איז געווען: די אונגעהויערע צייט פער-לעשט היינט זיינע לעצטע קלאַנגען, ווי אַ ווייט-פערטראָגענעם אַקאָרד פון אַ האַלב-פערלוירענער מעלאָדיע. און אין אַזעלכע פערשוואונדענדיגע, קוים נאָך צום אויער דערגרייכענדיגע קלאַנגען טראָגט זיך די מעלאָדיע נאָך פיל ווייטער צוריק. דער איכטיאָזאַורוס, ווי אַלט ער איז ניט,—ער שטייט דאָך אויף אַ הויכען שטאַפּעל פון די אָרגאַנישע ענטוויקלונגען אויף דער ערד. אויף דער זעלבער לייטער, אויף וועלכער עס שטייט, זאָל זיין אויף דעם העכסטען שטאַפּעל, דער מענש. מען בלייבט דאָ נאָך אַלץ אין אַ געוויסען זין אין דער „פאַמיליע". די לייטער ציט זיך אָבער נאָך ווייטער צוריק, אָן אַנ'איבער-רייס אונטער דעם איכטיאָזאַורוס, אַ גוט שטיק, וועלכעס רע-כענט זיכער נאָך זער פיל מיליאָנען.

מען געברויכט גערן סימבאָליש דאָס בילד פון אַ לעצ-טען ברעג פון אַלעם בעקאַנטען, אַ פערלאָזענער ים-ברעג. זאַמד און שוים-קאַמען פון די כוואַליעס. און דאַן דער אונענדליכער,

ַעם דאָזיגען אַטלאַנטאָזאַורוס די קרוין צווישען אַלע בעשעפע־
נישען לויט דער קראַפט פון די געפילען, וועלכע האָבען אים
ביי דעם געשלעכטליכען אַקט געדאַרפט בעהערשען. דער דאָ־
זיגער דראַקאָן, וועלכער האָט געקאָנט אויף זיין רוקען אַרומ־
שלעפען, ווען נישט די ערד, איז וויינציגסטענס אַ קליין הויז,
האָט געהאַט אַ צו קליינעם רוים אין שאַרבען פאַר זיינע גע־
הירן; זיינע געהירן זענען פראָפּאָרציאָנעל צו זיין געוואַלטיגען
קערפער געוועזען אפילו קלענער ווי ביי אַנדערע שרצים. דער־
פאַר אָבער איז זיין רוקען־מאַרך־ביין גראָד אין דעם אָרט,
וואָס געפינט זיך איבער די געשלעכט־טיילען, געוועזען אַזוי
ברייט, אַז דער רוקען־מאַרך איז דאָ ביי אים געוועזען כמעט
דריי מאָל אַזוי דיק ווי די אייגענטליכע געהירן. מען האָט
צוליב דעם אפילו גערעדט וועגען „עק־געהירן" ביי דער דאָ־
זיגער חיה, ד. ה. בעזונדערע געהירן איבער דעם בעקען,
וועלכע האָבען געהאָלפען רעגירען מיט דעם הינטערשטען טייל
פון קערפער, קודם כל מיט דעם אונגעהויער שווערען עק.
אָבער נישט ווילענדיג מוז מען די דאָזיגע „עק־געהירן"
פערבינדען אויך מיט דעם געשלעכטליכען אַקט: מען שטעלט
זיך פאָר, וואָס פאַר אַ מורא׳דיגע נערווען־אויפרעגונגען ס׳האָט
געקאָנט אַרויסרופען אַזאַ אָנזאַמלונג פון רוקענמאַרך־סובסטאַנץ
גראָד אין דעם קריטישען אָרט.

הויך אין דער בלויקייט איבער די דאָזיגע שווער־בע־
וועגליכע משונה־ווילדע חיות האָט זיך געטראָגען דאָס קונסט־
פולסטע, סודות־פולסטע פון אַלע אורוועלט־בעשעפענישען: דער
הערליכער קליינער אַרכעאָפּטעריקס, האַלב פויגעל—מיט
פליגעל און אַ פעדער־קלייד, האַלב עגדיש—מיט אַ לאַנגען עק
און אַ מויל פול מיט שפּיציגע ציין. קיין שום סימן נישט אי־
בערגעלאָזען, ווי ער האָט זיין ליבעס־אַקט דורכגעפירט. פונקט
אַזוי ווי זיינע פעדער־קאָלירען, וועלכע זענען אפשר אַמאָל
וואונדערליך פילפאַרביג געוועזען, זענען איצט אָבגעווישט און
פערשלונגען אין דער איינטאָניגער ברוינקייט פון דעם סאָלענ־
האָפענעם שיפער, פון וועלכען עס שטאַמען די איינציגע צוויי

צע גריכישע שילדקרעטען, וועלכע פערברענגען אָפט שעה'ן לאַנג אין אומזיסטע בעמיהונגען אַזוי איינצואָרדנען זייערע שטיין־האַרט פערפאַנצערטע קערפערס, איינעם פלאַך און דעם צווייטען הינטער דעם אויפגעשטעלט, כדי צו קאָנען ברענגען אין בעריהרונג זייערע געשלעכט־טיילען.

און איצט די צייט־גענאָסען פון דעם איכטיאָזאַורוס אַליין, די לעגענדאַרישע לאַנד־דראַקאָנען און לופט־דראַ־קאָנען פון דעם זאַוריער־געשלעכט. דער איגואַנאָדאָן, וועמענט סקעלעט ס'איז געפונען געוואָרען אין די קוילענשאַכ־טען אין בעלגיען און פערנעמט אין בריסעלער מוזעאום צוויי שטאָק אין דער הויך,—אַ שרץ, וועלכער איז געלאָפען אויפגע־שטעלט אויף די הינטערשטע פיס, ווי אַ קאנגורו, ביי אַ לענג פון צען מעטער. צי האָבען זיך נישט די דאָזיגע גייענ־דיגע טורעמס אַרומגענומען שטייענדיג און איינער דעם אַנ־דערן געוויגט אין די אָרעמס, ווי עס טוען דאָס אַזוי דרייסט אונזערע קאַנגורוס? גראָד ביי אַזאַ וויגען זיך, פערגעסענדיג אָן דער גאַנצער וועלט, האָבען זיי געקאָנט אונפאָרזיכטיג אַרויף אויף אַ וויינען זומפיגען באָדען און דאָרט אָן אַ רעטונג פער־זינקען, ווי געלעכערטע פאַנצער־שיפען, צו דער פרייד פון די היינטיגע געלערטע, וועלכע האָבען ענטדעקט גאַנצע רייען אַזעלכע ריזען, ווי אויפגעשטעלטע זאַלען, אין די אַלטע, שוין לאַנג פערשטיינערטע זומפען פון דער קרייד־צייט.

און דאַן דער גרעסטער פון אַלע, די גרעסטע פון אַלע לאַנד־חיות, וועלכע האָבען ווען עס איז געטרעטען די ערד: דער אַטלאַנטאָזאַורוס, וועלכען אָטניעל מאַרש האָט אויסגעגראָבען פון די יוראַ־פעלזען אין צפון־אַמעריקא. אַ גי־גאַנט איבער אַכציק פוס אין דער לענג, מיט אויבערשענקלען פון צוויי מעטער די הויך. מען קאָן זיך פאָרשטעלען דעם רוים, וועלכען אַזאַ פערליבט פאָרל האָט געדאַרפט פערנעמען, ווען מען זאָל אַפילו רעכענען, אַז דער „ער" האָט דערביי אַוועקגעלייגט די „זי" אויפ'ן רוקען, אַזוי ווי עס טוט דאָס היינט אונזער ניל־קראָקאָדיל. און אויסער דעם געהער אפשר

וואָלטען צווייַ בערג איינער אויף דעם אַנדערן געוואָלט אַרויס־קלעטערן. אַזוי טוט דאָס דער היינטיגער העלפאַנט, פאַרוואָס זאָל עס דער מאַמאָנט שוין ניִשט האָבען אַזוי געטון! ניִשט מער וואָס ביי זיי האָבען נאָך די לאַנגע ווייסע ווילד־אויסגע־בויגענע שטויס־ציין, וועלכע האָבען זיך געדרייט אַהין און אַהער ביי דעם ליבעס־קאַמף, געמוזט אויסזען ביי דעם לבנה־שיין ווי פיר גיגאַנטישע שלאַנגען, וועלכע וויקלען זיך אַרויס פון דעם ווילדען רויט־וואָליגען דאָפעל־קנויל.

אָט זענען צוויי מעגאַטעריען, די ריזען־פויליאַקעס פון דרום־אַמעריקא,–ריזען, וועמענס הינטער־שענקלען ס׳זענען געווען כמעט דריי מאָל אַזוי דיק ווי דעם מאַמאָנט׳ס, און וועמענס אָרעמס ס׳האָבען געקאָנט, ווען די חיה האָט זיך זיצענ־דיג אָנגעשפאַרט, אַרויסרייסען שטאַרקע וואַלד־בוימער. זיי זע־נען זיכער געווען לאַנגזאַם אין זייערע בעוועגונגען, און דע־ריבער האָט זיך אויך זייער ליבע אויסערליך געקאָנט אויסדריִ־קען אָן יעדער ליידענשאַפט. אָבער איבער דעם ווייטען סטעפ, וואָס אין זיינע לעכער האָט זיך שוין פאָרזיכטיג בעהאַלטען דער מענש, האָט זיך געקאָנט טראָגען ווי אַ דראָענדיגער אוי־ראַגאַן־ווינט זייער „איי״ (דער ליבע־רוף פון די היינטיגע פויליאַקעס), ווען די געשלעכטער האָבען זיך פון וואַלד צו וואַלד דורך דער נאַכט־שטילקייט געגרופען.

אין דעם זומפיגען ראָר פון מאַדאַגאַסקאַר האָט דער ריִ־זענפויגעל עפיאָרניס, וועלכער איז געווען נאָך מיט אַ האַל־בען מעטער העכער פאַר דעם שטרויס און האָט געהאַט פיס, וועלכע זענען דיקער געווען ווי ביי אַ שטאַרקען אָקס, געלייגט זיין „איי, אין וועמענס שאָל ס׳האָבען געקאָנט אַריין פינף שטרויסען־אייער.

מען קאָן זיך פאָרשטעלען, ווי שווער ס׳איז אָנגעקומען די קאָלאָסאַלע אַכעליִ״ס, די ערד־שילדקרעטען פון דער טערציער־צייט אין אינדיען, וועלכע האָבען געהאַט צוואנציק פוס אין דער לענג און אַכט פוס אין דער הויך, דורכצופירען זייער ליבעס־אַקט. מען קאָן דאָס פערשטיין לויט אונזערע קליי־

איינס: „פילסטו ניסט אין מיינע לידער, צו איך בין איינס און דאָפּעלט בין איך״...

און אויב דער איכטיאָזאַורוס שטייט פֿאַר אונז אויף אַזוי ממשות׳דיג מיט זיין ליבע, מעגען זיי דאָך אַלע זיך אויפהויבען, די משונה־ווילדע ברואים פון די שטיינפּלאַטען, פון די גלעזערנע ארונות פון די מוזעאומס,—די אַלע אונאויס־דריקליך־שרעקליכע ברואים, וועלכע האָבען אין דער גאַנצער אונגעהויערער פריערדיגער צייט, פון היינט־אָן און צוריק ביז דער צייט פון איכטיאָזאַורוס, דעם ים, די לופט און די ערד דורכגעשוואומען, דורכגעפלויגען און דורכגעקראָכען: אַלע קאָן מען זיך אויסמאָלען אין זייערע ליבע־געפילען, ליבע־אַקטען, ליבע־פּאָזעס,—אַ פאַנטאַסמאַגאָריע, פֿון וועלכער די ערד טריי־סעלט זיך, דער ים בלאָזט זיך אָן, דער טויזענט־יעריגער וואַלד צושפּליטערט זיך אונטער דער אויסגעלאָדעוועטער ליידענשאַפט.

אָט לויפט אַ רויט־וואָליגע סאַמאָנטען־פּאָר דורך דעם שוואַרצען אייביג־גרינעם אייבען־וואַלד, גאַנץ נאָנט פון דעם היינטיגען בערלין, ביי דעם היינטיגען ריקסדאָרף, אויף וועלכען דער עלעקטריש־העלער אָוונט פון דער וועלט־שטאָדט וואַרפט היינט אַריבער זיין מאַגיש־בלויען ליכט־שיין. קאָלאָסען, אין דער גרויס פֿון די שטאַרקסטע העלפאַנטען, מיט לאַנגע נעזער, וועלכע לאָזען הילכען איבער דעם גאַנצען וואַלד זייער שרעקליכען טראָמפּייט־טאָן, ווען זיי קומען אָנצולויפען דונע־רענדיג, מיט דעם שווערען אייגענאַרטיגען גאַנג פון אַלע העלפאַנטען. און אין דעם „ער״ ברענט איצט די תאוה. די אויערן־דריזען הויבען־אָן צו שוויצען, דעם גאַנצען ריז בעהערשט אַ מורא׳־דיגע אויפרעגונג, וועלכע צווינגט אים פריער ברוטאַל אָנצו־פֿאַלען אויף דער „זי״, וואָס פּרובט אים שטעלען אַ ווידער־שטאַנד. ענדליך הויבען זיי זיךביידע אָן ליבליך צו רייבען מיט די נעזער, ביז דער ליבעס־שטורעם גיסט זיך צום סוף אויס אין דעם אונגעהויערדיגען אַקט, וואָס זעט־אויס, ווי עס

אַנדערע פון די לעבעדיגע אָדער אויסגעשטאָרבענע חיות אויף דער ערד. דער וואַלפיש־מאַן און דאס וואַלפיש־ווייב, ריזען פון איבער צוואנציק מעטער אין דער לענג, שטעלען זיך אויף צו דער בעהעפטונג גלייך אין וואסער און כאַפּען זיך אַרום מיט די פאָדערשטע פלוס־פעדערן. דערביי פּאַטשט דער „ער״ מיט דעם עק־פלוס אַזוי, אז דער ים קאָכט און שטורעמט. די איכטיאָזאַוריער האָבען דערביי נאך געקאנט ברילען, אַזוי ווי זייערע נענטערע קרובים, די קראָקאָדילען. און אפשר האָט זיך אויך איבער דעם אָרט פון זייער ליבעס־וואַקכאַנאַליע אויפגעהויבען יענער עיפוש׳דיגער וואָלקען פון מוסקוס־ריח, וועלכען ער לאָזט אַרויס דער תאוה׳דיגער קראָקאָדיל.

אַזוי זעט די פאַנטאַזיע אַ ליבעס־אידיליע, וועלכע איז שוין, אָן אַ שפּאַס, אָבגעטיילט פון אונז דורך מיליאָנען יאָרען. עס וועט דיר צום בעסטען קלאר ווערען, ווי לאַנג צוריק דאָס איז געווען, ווען דו וועסט דיר פאָרשטעלען, אַז די שוים־כוואַליע, וועלכע ס׳האט אויפגעהויבען דער בעהעפּטונגס־אַקט פון די איכטיאָזאַוריער אין דער געגענט פון דעם היינטיגען שוואַביען, האָט זיך פאַר זייערע אויגען געקאָנט צושלאָגען אָן אַ וואַסער־פעלז פון אַנ׳אָקעאַנישען קרעלען־אינזעל, גלייך צו די, וועלכע מיר טרעפען היינט אין דעם דרום־אָקעאַן. איבער דעם ברעג פון דעם קרעלען־אינזעל האבען זיך געבויגען די גרויסע האַרטע פאָכערס פון פאַלמע־פאַרנען אָדער סאַגאָ־פאַלמעס, אַזוי ווי זיי וואַקסען היינט אין די טראפּישע לענדער און ליפערן אונז די פאַלמען־צווייגען פאַר אונזערע לויות. אָדער עס האָבען געגרוישט די גאָלד־גרינע בלעטער פון די שיינע גינקגאָ־בוימער, וועלכע שטייען איצט אין טעמפעל־וועלדלעך אין כינאַ,—אַ נאָדעל־בוים, אויף וועלכען עס וואַקסען דאָך העלע בלעטער, אויף אַ זעלטענעם אופן צוזאַמענבעהעפטע פון צוויי העלפטען; דאָס זענען זיי פאַר געטע׳ן איינמאָל געווען אַ פּאָעטישער סימבאָל פון דער ליבע, וועלכע שאַפט פון צוויי

שיינע מיניאטור־קאָפּיעס פון דער גרויסער מוטער־חיה: נאָך ניִשט געבוירענע יונגע, וועלכע זענען, אפשר דורך אַ שטורעם, צוזאַמען מיט דער שוואַנגערער מוטער דערשטיקט געוואָרען און אין שליים בעגראָבען געבליבען. דער אוכטיאָזאַורוס האָט ניִשט געלייגט קיין אייער; ער האָט זיינע קינדער לעבעדיג אויסגעטראָגען, פּונקט אַזוי ווי אונזערע געל־בייכיגע באַרג־עגדישען.

עס איז קיין ספק ניִשט, אַז די דאָזיגע יונגע זענען אויך אין אַלע אַנדערע פּרטים געבוירען געוואָרען דורך דעם זעלבען ליבעס־אַקט, וואָס געבוירט אויך היינט אַלע שרצים און אַלע חוט־השדרה׳דיגע חיות. דורך דער קערפּערליכער פּערמישונג פון אַ זוימען־קעמערל מיט אַן אײ־קעמערל. דורך אַ געמיינזאַמען אַקט פון מאַן און ווייב, וועלכער איז יעדענפאַלס אויך בעגלייט געוועזען דורך אַ שטורמישער ליבעס־תאוה. די איכטיאָזאַוריער זענען, ווענינסטענס טיילווייז, געוועזען קאָלאָסאַלע חיות: זייער לענג האָט דערגרייכט ביז צען מעטער. ווען זייערע גלייך־אויפגעשטעלטע עק־פלוסען האָבען געפּאַטשט די כוואַליעס אין דעם עראָטישען שטורעם, האָט עס געמוזט זיין ניִשט קיין שוואכער שוישפּיל. אפשר האָבען דערביי די „ער׳ס" נאָך פריִער צווישען זיך געפירט פערביטערטע קאַמפען פאַר דער „זי", ווי מיר קאָנען דאָס נאָך היינט אָפּט זען אויף די גרינע פרילינג־בערגלעך ביי אונזערע קליינע יאַשטשערקעס, וועלכע אָרדענען־איין צווישען זיך אמת׳ע דועלען און רוען ניִשט איין אַזוי לאַנג, ביז ביי איינעם פון דיביידע איז ניִשט אָבגעביסען זיין שיין עגדיש־עקעל. דאָרט האָבען דאָס אָבער געמוזט זיין קאַמפען, ביי וועלכע דער ים האָט ווי פון דעם ביבלישען לויתן „געזאָטען ווי אַ טאָפּ". אפשר האָט נאָכדעם דער גליקליכער זיגער מיט דער שוואַר־אויסגעקעמפטער „זי" דורכגעפירט דעם ווילדען ליבעס־אַקט אויף אַזאַ אופן, ווי עס טוען דאָס היינט אונזערע וואַלפיש, וועלכע זענען, אמת, ניִשט קיין שרצים, נור זויג־חיות, אָבער וועלכע זענען דאָך אין פיל הינזיכטען ענליך צו די איכטיאָזאַוריער, מער ווי וועלכע ס׳איז

אין דער שטאָט שטוטגאַרט איז פֿאַראַן אַ קליין געבענשט ווינקעל, געבענשט פֿאַר דעם נאַטור־פֿאָרשער. געוועגליכע ווייסע ווענט אָן שום בעפוצונג. אין לאַנגע שענק זעגען דאָרט אויסגעשטעלט באַרג־שטיין־שטיקער, אויף וועלכע דיין זוכענ־דיגער בליק געפינט געוויסע צייכענס, וואָס דערמאָנען מער אָדער ווייניגער צובראָכענע סקעלעטען פֿון חיות. דאָס זענען פּלאַטען פון שוואַרצען יוראַ־שיפֿער, וועלכער ווערט געבראָכען אונטער די שוועבישע אַלפּען. און אויף די דאָזיגע פּלאַטען זעסטו די פֿערשטיינערטע רעשטלעך פון אַ גרויסען ים־שרץ מיט שטאַרקע פֿלוס־פעדערן, קאָלאָסאַלע אויגען און אַ קראקאָ־דיל־פרעסער, פֿול מיט מורא'דיגע ציין. דאָס דאָזיגע משונה־ווילדע בעשעפעניש איז טאַקע יענער פֿיל־בערימטער איכ־טיאָזאַורוס, אויף יודיש: דער „פיש־עגדיש“. די שטיינ־פּלאַטען, וועלכע האָבען אין זיך אויפגעהאַלטען די לעצטע רעשטלעך פון זיין עקזיסטענץ (וועלכע איז בעשיינפערליך אַמאָל געווען אַ גאַנץ קרעפטיגע און אימפּאָנירענדיגע), זענען ענטשטאַנען אין די טיפענישען פון אַן אָקעאַן אַלס ווייכע שליים־מאַסען אין אַ צייט, ווען ס'זענען נאָך קיין אַלפּען נישט גע־ווען, און דער אָפענער ים האָט זיך פון איצטיגען מיטעללענ־דישען ים געצויגען ווייט, ביז דעם היינטיגען שוואַביען. די דאָזיגע צייט איז פון אונז איצט אָבגעשיידט דורך אַ רייע יאָרען, פֿאַר וועלכער דאָס איינפאַכע וואָרט „מיליאָן“ גענוגט בשום אופן נישט אוי עס מוז נאָך פיל מאָל פערדאָפעלט ווע־רען,—וויפיל מאָל, וועגען דעם וועלען מיר איצט נישט רעדען.

און דאָך דערציילט אונז די דאָזיגע שאָטען־מענגע פון אוראַלטע איכטיאָזאַוריער, וועלכע האָבען אַמאָל אין פֿלייש און בלוט אויף דער ערד געלעבט, וועגען דער ליבע.

צווישען די ריפּען פון איינעם אַזאַ איכטיאָזאַורוס ליגען

גען,–ליכט, וואָס האָט אַמאָל, אין די אור־טעג, פון איר אַרויס־געשטראַלט, ווען זי איז נאָך געווען...

און ווי ווייט נאָך מער מוזען דעריבער די גרעסטע, די טיפסטע ערשיינונגען פון דער מענשהייט אויף אַ נייעם אופן בעטראַכט ווערען. אויך די ליבע. דאָס אויג זוכט זי אין די מיליאָנען פון דער צייט, אין די מיליאָנען פון רוים.

האָט זי זיך אפשר נאָך פריער געמוזט ערשט צוזאַמענדריקען פון לויזען וועלט־שטאָף, איז אפשר געווען נאָך אַ גאָר פריער־דיגער אור־שטאַנד פון דער ענטוויקלונג, ווען אַלע פּלאַנעטען זענען נאָך צוזאַמען מיט דער זון איינס געווען, און אפשר נאָך אַ ווייטערדיגע צייט, ווען די זון איז ערשט אַרויס פון דעם קאָסמישען טמעלץ־אויוון פון אַנ'אַלגעמיינעם סיסטעם?... דער פּרייסטער געדאַנק קאָן זיך דאָ פּערלירען. אָבער אויך די פּרייסטע יאָרען־ציפער זינדיגט דאָ זיכער מיט ווינציגקייט. איז דער גרויער רייע פון טריליאָנען קוילערט זיך עס צוריק, צו־ריק אין אַנ'אונבעגרייפליכער צייט, אַזוי ווי דאָרט אין דער איצטיגער אַלוועלט—אין דעם אונבעגרייפליכען רוים.

„ווייל זע: איך וויל אַ נייעם הימעל און אַ נייע ערד בעשאַפען". די נייע ערד און דער נייער הימעל, וועגען וועל־כע ס'האָט אַמאָל גערעדט די זעאונג פון נביא, איז אונזערע טעג באמת געשאָנקען געוואָרען. אַ נייער רוים, אַ נייע צייט. אין אַזאַ אומגעבונג בעקומען אלע אַלטע בעגריפען פון זיך אַליין גאָר אַ נייעם אויסזען. אויף דער קלענסטער זאַך פאַלט אַנ'אָבגלאַנץ פון דעם דאָזיגען באמת נ י י ע ם קאָסמאָס: מען זוכט נישט ווילענדיג זיין ערשט געוואָרענעם קאָסמישען זין. דער דאָזיגער גראַניט־שטיין איז אפשר געווען ביי די פייער־דיג־קאָכעדיגע אור־טעג פון דער ערד־ענטוויקלונג. דאָס דאָזי־גע שטיקעלע שיפער איז ענטשטאַנען, ווען דער איכטיאָזאַורוס האָט אויפ'ן קרעלען־גרונד געריבט. דאָס דאָזיגע פשוט'ע שטי־קעל מעטעאָר־אייזען שטאַמט פון די טיפענישען פון דעם רוים, האָט אפשר סיריוס־ווייטקייטען דורכגעמאַכט, איז אפשר אַ רוי־אינען־טייל פון אַ וועלט, וועלכע האָט לאַנג, נאָך פאַר דער גאַנצער ערד־קולטור, געבלים, האָט אירע מענשען און אירע שטרעבונגען געטראָגען און איז אין איין שעה פון אַ לאַנג־ענטשוויגענער גרויזאַמקייט צופּיצעלט געוואָרען אויף קליינינקע שטויבעלעך. אָבער די גאַנצע שטערן־וועלט קאָן זיין אַזוי גרויס, אַז דאָס ליכט־בילד פון דער דאָזיגער צושטויבטער וועלט וואַנדערט נאָך אין איר און בעריר־ט וואו עס איז אוי־

נען, ניִשט קוקענדיִג אויף דעם וואָלוועלען שפּאָט, תּמיד נאָך צופּיִל בּעשיידען), ווען מען זאָגט, אַז די גרויסע דאַטע פון דער ענטשטעהונג פון מענשען איז געווען מיט מיליאָנען יאָרען צוּריק פאַר אונזער צייט־רעכנונג.

איִן דער גאַנצער ערשטער העלפט פון יענער טערציער־צייט זענען איִן דייטשלאַנד נאָך געוואקסען הויכע פאַלמען־בּוימער. וועלדער פון מאַגנאָליעס און אייבּיג־גריִנע דעמבּעס האָבען זיך געצויגען בּיז איִן די האַנט איִנגאַנצען אונבּע־וואוינטע געגענדען פון דעם פּאָלאַרען אייז־מדבר. די איִצט איִנגאַנצען פערפרוירענע דרום־פּאָל־לענדער האָט בּעקראַנצט דער גריִנער בּוכבּוים־וואַלד. און דאָך זאָגט דיִר שוין דער נאָמען „טערציער־צייט״ (ד. ה. די דריִטע גרויסע צייט־עפּאָכע פון דער ערד־געשיִכטע), אַז עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען אַ שפּעטערדיִגער, אַ פערהעלטניִסמעסיג יונגער עפּאָכע. אונגעהויערע צייטען שיידען־אָב די דאָזיִגע עפּאָכע פון דעם פריִערדיִגען יוראַ־פעריאָד, ווען די היינטיִגע יוראַ־בּערג זענען נאָך געלעגען ווי האָריזאָנטאַלע שליים־שיִכטען איִן דער ים־טיִפקייט,—שליים, וועלכער איז שפּעטער פערהאַרטעוועט געוואָרען און איז דורך די בּויענדיִגע קרעפטען פון דער ערד־קאָרע אַרויסגעזעצט געוואָרען אַלס הויכע בּערג איִבּער דעם וואַסער אַריִבּער. איִן יוראַ־ים איז אַרומגעשוואומען דער איִכ־טיאָזאַורוס, וועלכען די טערציער־צייט האָט שוין ניִשט געזען. און אַזוי גייט עס אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק בּיז איִן דער אור־גרויקייט פון דער ערד־געשיִכטע. בּיז איִן די וועלדער פון דער שטיינקוילען־צייט,—יענע געהיימניִס־פולע פאַרן־בּוימער־וועלדער, וועמענס פערשטיינערטע רעשט־לעך מיר, אַלס פּראַקטיִשע געלאָגען, פערברענען היינט איִן אויווען. בּיז צום ערשטען בּעווייזען זיך פון אָרגאַניִשע בּע־שעפעניִשען איבּערהויפּט. דאָס גייט זיִכער אַוועק בּיז איִן די הונדערטער מיליאָנען. און דאָך איז אַפילו דאָס שוין געווען אַ שטופע, זיִכער שוין אַ הויכער שטאַפּעל אויף דער אונענד־ליִכער לייטער. איז אפשר די ערד פריִער נאָך געווען צוגליִט,

העכסט מאַלפּען-ענליכען שאַרבען מיט אמת'ע מענשליכע פּיס.
אָבער אויך דאָרט געפינט מען אין ערד-שיכטען פון דער זעל-
בער עלטער אמת'דיגע שפּורען פון אַ פּרימיטיווער מענשליכער
קולטור, — שפּורען, וואָס זענען גאָרנישט וויניגער וואונדערליך
פון די, וועלכע זענען פערבליבען פון יענער צייט אין איי-
ראָפּאַ. און אויב דאָרט האָט זיך באמת נאָך אין יענער צייט
אויך אַרומגעבלאָנקעט אין די אור-וועלדער אַ „מאַלפּע-מענש",
האָט ער געמוזט זיין נור אַזאַ מין פּערשלעפּטע איבערבליי-
בעכץ, ווי עס איז היינט דער בריקען-עגדיש אין ניי-
זעלאַנד, א פערבליבענער אוראַלטער זאַוריער פון דער
טריאַס-צייט, אָדער ווי די שנאָבעל-חיה און דער מאָלכ-
פיש אין אויסטראַליען, אויך אַזעלכע פּערשלעפּטע אוראַלטע
איבערגאַנגס-פאָרמען. די אייגענטליכע געשעעניש פון דער
„מענשען-ענטשטעהונג" מוז מען אָבער זוכען טיף אין דער
טערציער-צייט. דאָס איז די לאַנגע געאָלאָגישע עפּאָכע
פאַר דער דילוּוויאַלער אייז-צייט, וועלכע האָט אויך זיכער
געדויערט פיל מיליאָנען יאָרען. מיר האָבען היינט בעגרינדע-
טע בעווייזען דערפאַר, אַז אַ זער איינפאַכע אָנהויב-קולטור,
וועלכע מוז דאָך אָבער שוין שטאַמען פון מענשליכע אָדער
מענשען-נאָנטע בעשעפענישען, ציט זיך ביז דעם מיטען פון
דער דאָזיגער טערציער-צייט, ביז דער אַזוי גערופענער מיאָ-
צען-צייט. עס איז אַ זער הויכע וואַרשיינליכקייט, וועלכע
שטיצט זיך אויף געוויסע בעאַרבייטע שטיין-שטיקער, די אַזוי
גערופענע עאָליטען, וועלכע מען געפינט היינט הויפּטזעכ-
ליך אין פראַנקרייך. אַלזאָ מוז די ענטשטעהונג פון מענשען
אויף דער ערד שטאַמען פון דער פריסטער טערציער-צייט,
פון דער עאָצען-עפּאָכע, — פון יענער עפּאָכע, וועלכע מען
האָט שוין אַמאָל (נאָך נישט וויסענדיג דעמאָלט, אַז אין איר
איז פאָרגעקומען די דאָזיגע געוואַלטיגע געשעעניש) אָנגערופען די
עפּאָכע פון „מאָרגענשיין (עאָס) פון דער נייער צייט". עס איז
נישט איבערגעטריבען, נור, פערקערט, גאָר וועניג בערעכענט
(ווי בכלל אונזערע געאָלאָגישע צייט-בעשטימונגען, וועלכע זע-

אַ נייע, איינפּאַכערע, פיל עלטערע אור=קולטור, וואָס שטאַמט
נאָך פון פאַר דער צייט פון מעטאַלען. וואָס האָט זיך בעדינגט
מיט שטיין=געצייג און האָט מיט שטיין=געוועהר גע׳הרג׳עט אַזעל=
כע חיות, וועלכע זענען צו דער צייט, וואָס האָט שוין נאָך
זיך איבערגעלאָזען שריפטליכע סימנים, שוין אינגאַנצען אויס=
געשטאָרבען. די דאָזיגע אור=קולטור, וועלכע מען קאָן נאָכ=
פאָרשען אין מיטעל-אייראָפּאַ לויט קלאָר=פערבליבענע שפּורען,
פּערלירט זיך אין אַנ׳עפּאָכע, וועלכע דער מאָדערנער געאָלאָג
בעצייכענט אַלס אייז=צייט. לויט אַנ׳אַסטראָנאָמישער רעכנונג,
וואָס פאַר איר ריכטיגקייט האָבען מיר אַ סך בעווייזען, ווערט
דער העכסטער פונקט פון דער דאָזיגער אייז=צייט (אָדער בע=
סער געזאָגט, אייז=צייטען, ווייל עס האַנדעלט זיך וועגען
אַ געשעעניש מיט הפסקות—און איבער׳חזר׳ונגען) בערעכענט ביז
מינדעסטענס איבער דעם יאָר הונדערט=טויזענט פאַר
קריסטוס. און פונדעסטוועגען זענען די שאַרבענס פון די איי=
ראָפּעאישע מענשען פון דעם סוף אָדער אפשר נאָך גאָר פון
אָנהויב פון דער דאָזיגער לאַנגער אייז=עפּאָכע נישט קיין איי=
גענטליכע מאַלפּע=מענשען=שאַרבענס, אויבוואויל זיי זענען עט=
וואָס אַנדערש געבויט ווי די שאַרבענס פון היינטיגען מענש.
מיר האָבען היינט בילדער פון חיות, געמאָלט פון דער האַנט
פון די דאָזיגע מענשען אויף די ווענט פון היילען אין דרום=
פראַנקרייך, וועלכע מען קאָן זער גוט דערקענען, און וועלכע
שטעלען פאָר אין אַ העכסט=כאַראַקטעריסטישער טעכניק די=
לוויאַלע חיות פון דעם דעמאָלטיגען אייראָפּאַ: מאַמאָנ=
טען, אַנטילאָפּעס, ווילדע פערד א. אַנד. פון אַנ׳אַנ=
דער זייט איז אָבער דורך אַ גוטער טעאָרעטישער בעגרינדונג
אויפגעוויזען, אַז דער מענש האָט זיך געמוזט ענטוויקלען פון
וועלכע ס׳איז פריערדיגע מאַלפּען=ענליכע חיות. אויף דעם
אינזעל יאַוואַ האָט זיך אויך וואַרשיינליך נאָך ביז דער די=
לוויאַל=צייט (ד. ה. ביז דער עפּאָכע פון דער צפון׳דיגער
אייז=צייט), געפונען אַ משונה=ווילדע בריאה, דער בערימטער
פּיטע קאַנטראָפּוס, וועלכער האָט אין זיך פעראייניגט אַ

אונענדליכקייט אריין. דאָס מאָל אין אַ צייט־אונענדליכקייט, צייט־מיליאָנען פון שטרענגער געשיכטליכער ענטוויקלונג.

לאָ'מיר אַלס מאָס נעמען אָט וואָס: דער אַלטער כעאָפּס פון מצרים, וועמענס נאָמען עס טראָגט די גרויסע פּיראַמידע (אַ ווערק, וואָס ווייזט שוין זיכער אָן אויף אַ הויך ענטוויקעלטער קולטור), האָט געלעבט אין יאָר צווייטויזענט פינפהונדערט פאַר קריסטוס'עס געבורט, ד. ה. אַנ'ערך מיט פירטויזענט פינפהונדערט יאָר צוריק. דאָס איז אַלענפאַלס געווען מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פאַר האַמוראַבי, דעם גרויסען קעניג פון פעראייניגטען בבל. עס זענען אָבער פערבליבען פון דער צייט פון כעאָפּס אויפשריפטען, וועלכע דערציילען, אַז אין יענער צייט זענען ענטדעקט געוואָרען אין דעם מדבר־זאַמד פערשאָטענע טעמפּלען פון אַ לעגענדאַרישער אַלטער צייט. דער גרויסער ספינקס איז אין כעאָפּס'עס טעג געווען שוין אַזוי אַלט, אַז ער האָט געמוזט אויפגעפרישט ווערען. באמת קאָן מען נאָכפאָרשען אַ הויך ענטוויקעלטע עגיפּטישע קולטור אויף נאָך טויזענט מיט עטליכע הונדערט יאָר צוריק פאַר כעאָפּס'ען. דאָרט אונגעפער געפינט מען ערשט די אַלט־בבלישע קולטור־וועלט, וועלכע מיר פערבינדען מיט דעם נאָמען פון קעניג סאַרגאָן דעם ערשטען. די דאַטע פון זיין טויט פאַלט צוזאַמען אונגעפער מיט דער יודישער דאַטע פון דער „בעשאַפונג פון דער וועלט", וועלכע אונזערע קאַלענדאַרען בענוצען נאָך היינט! אָבער הינטער דעם ציט זיך ערשט די אור־סומערישע קולטור פון דעם טאָל פון פרס. זי דערגרייכט אפשר ביז דעם יאָר 8000 פאַר קריסטוס'ען. און אין וועלכער צייט פערלירט זיך שוין דאָ קולטור אין אַ פאָרם, וואָס האָט געשאַפען ווערק, פאַר וועלכע דו שטייסט נאָך היינט מיט בעוואונדערונג, מיט אַ געוויסען יראת הכבוד פון נישט קאָנען נאָכמאַכען...

איצט קאָנען מיר אָבער, אַ דאַנק די לעצטע פאָרשונגען,

און נישט ווייניגער אונגעהויער די צייט. ווען די מענשען זענען נאָך געוואַקסען ווי אידעלע ספּעקט-פּרוכטען לויט דעם וואונדערליך-סודות׳פולען ווילען פון דעם הימלישען גערטנער אונטער דעם זיכערן בלויען קריסטאַל-געוועלב, איז דאָס ציילען די יאָרען פון דער פאַרגאַנגענהייט געווען אַ גאַנץ לייכט פאַרגעניגען. אַ פּאָר טויזענט יאָר צוריק: און דאַן האָבען זיך אָבגעריסען אפילו די שטרענגסטע אַריסטאָקראַטישע שטאַמען. דער געווימעל פון די פעלקער איז פערשוואנדען, און פון דער אָנבּרעגיגער בלויקייט איז אַרויסגעשוואומען אַ בלומיג-פילפאַרביגער גאָרטען. אדם און חוה האָבען זיך געקושט; הייליגע שטילקייט פון אַ וועלטען-מאָרגען; און נור שטיל שלייכט זיך די שלאַנג, צוזאַמען מיט וועלכער עס רוקען זיך אָן אויף דער גן-עדן-לאָנקע די אַלע מורא׳דיגע אומגליקען פון דער שפּעטערדיגער צייט. נאָך אַ קורצע ווײַלע פייער: און גאָט האָט אַריינגעוואָרפען די ערד אין רוים, די זון אויף דעם אויפגעטרייסעלטען הימעל-געוועלב, מיט יענעם געוואַלטיגען בעשעפער-שוואונג, וועלכען נור מיקעל אַנדזשעלאָ, אפשר דער איינציגער פון אַלע גלויביגע און אונגלויביגע פון דער קריסטליך-דאָגמאַטישער ערא, האָט אין זיך מיט דער פולער קראַפט דערפילט און קינסטלעריש נאָכגעמאַכט, בשעת ער האָט געשאַפען זיין בילד אויף דעם געוועלב פון דער סיקסטינישער קירך-געביידע.

נישט די קונסט און נישט די אינדיווידועלע פאָרשטעלונגס-קראַפט פון יענעם אונשטערבליכען בילד האָט די פאָרשונג היינט בעזיגט. אָבער זי האָט מיט איר אייזערנער האַנט איינגעבראָכען יענעם אויסגעטרוימטען הימעל-געוועלב, מיט וועלכען דער גלויבען האָט באמת אַרומגענומען די מענשען-וועלט. הינטער די עטליכע טויזענט יאָר מענשהייט און נאָך ווייטער—הינטער די עטליכע טעג פון יענעם לעגענדאַרישען בעשאַפונגס-אַקט האָט זי אויפגעריסען אַ טויער אין אַ נייער

דיִשען ים־דורכגאַנג פֿאַר דעם שרעקליִכען וואולקאַן־אויסברוך, וועלכער האָט עס איִן יאָר 1883 איִן דער לופֿט אויפֿגעריִסען. אָבער עס זענען זיִכער פֿאַראַן אויך אַזעלכע שטערן, וועלכע געפֿיִנען זיִך פֿון אונז אויף אַ שטרעקע פֿון פֿיִל טויזענטער אַזעלכע ליִכט־יאָרען,—יאָרען, פֿון וועלכע יעדערס האָט דרייהונדערט פֿיִנפֿאונזעכציִק טעג צו פֿיִראונצוואנציִק שעה, יעדע שעה צו זעכציִק מיִנוט, יעדע מיִנוט צו זעכציִק סעקונדעס, און יעדע פֿון די דאָזיִגע סעקונדעס ווערט גערעכענט אַלס פֿערציִק טויזענט מייל... ביִז מיִט אַ קורצער צייט צוריִק האָט מען גערעכענט, אַז די אמת׳דיִגע נעפּעל־פֿלעקען, די ווילדע גאַז־מאַסען, וועלכע זעען אָפּט אויס פּונקט אַזוי ווי עמבריאָנען פֿון געבוירענווערענדיִגע שטערן, זענען פֿון אונז אַזוי דערווייטערט. היינט צווייפֿעלט מען אַביִסעל: מעגליִך, אַז גראָד די דאָזיִגע אונפֿאָרמיִגע היִמעל־פֿלעקען זענען טיילווייז נענטער צו אונז, ווי מיִר האָבען גערעכענט. געוויִסע שטערן־הויפֿענס, וועלכע דער ספּעקטראָסקאָפּ צוויִנגט אונז צו האַלטען פֿאַר פֿיִקסשטערן־סיִסטעמען, און וועלכע זעען דאָך אויס אפֿילו דורך די שטאַרקסטע טעלעסקאָפּען ווי נעפּעל־פֿלעקען, מוזען יעדענפֿאַלס שוועבען איִן אַזעלכע אונבעגרייפֿליִך־אונגעהויערע ווייטקייטען פֿון אונז. אָבער אפֿיִלו די אָנגעזעענע פֿיִקס־שטערן זענען פֿון אונז אַזוי געוואַלטיִג ווייט, אַז דער דרייסטסטער קאָסמיִשער פֿאַנטאַסט קאָן זיִך דערמיִט בעפֿריִדיִגען.

דאָס איִז דער רוים, איִן וועלכען דער נאַטורפֿאָרשער וואַרפֿט דיִך אַריין,—וואַרפֿט דיִך אַריין, ווייל דו און מיִר אַלע זענען נור אַ ווערים־געוויִמעל פֿון דער דאָזיִגער דיִקער ערד־קויל, וואָס איִז איינמאָל, מיִט מיִליאָנען יאָרען צוריִק, אַריינגעוואָרפֿען געוואָרען איִן דעם רוים און, בעלויכטען דורך טויזענטער און טויזענטער ליִכט־וועלטען פֿון די אַלע נאָנטע און ווייטע זיִלבער־וועלטען, וואָס זענען אַרום איִר, מאַכט זי דורך איִר לאַנגען עליִפּטיִשע שליידער־וועג אַרום דער זון לויט דעם זעלבען געזעץ, וואָס לאָזט אויך איִר גופֿא פֿליִען אַ קאַנאָנען־קויל.

איז צושפּאָלטען. צושפּאָלטען, צופּיצעלט אויף אַנ'אונגעהויערן געווימעל פון איינצעלנע פינקלענדיגע וועלט־שטויבעלעך. צווישען די שטויבעלעך ציט זיך דער פרייער רוים, אייז־קאַלט, אָן לופט. און די שטויבעלעך זעען מיר טאַקע נור אַלע שטויבעלעך, ווייל צווישען זיי און אונז הערשט שוין דער דאָזיגער געוואַלטיגער מיליאָנענמייליגער רוים.

פון יענער זייט פון די מיילען שטייען גיגאַנטישע זונען, פון וועלכע דאָס ליכט פליסט אין ריזיגע שטראָמען, פליסט און פליסט און פליסט ביז אין די ווייטסטע ווייטען פון דער וועלט אַוועק. עס פליסט אונגלויבליך־שנעל, דאָס דאָזיגע ליכט: מיט אַ געשווינדקייט פון פערציק טויזענט מייל אין אַ סעקונדע טראָגט זיך זיין וועלען־לויף אין פרייען רוים. און דאָך דאַרף דויערן גאַנצע פיר יאָר, ביז דאָס ליכט פון דעם נ אָ נ ט ס ט ע ן פון די דאָזיגע פיקס־שטערן קאָן דערגרייכען אונזער מענשען־אויג אויף דער פּלאַנעטע ערד. אויפ'ן דרום־הימעל, דאָרט וואו דאָס שטערן־בילד פון דעם קענטאַוור לויכט, שטראַלט דער דאָזיגער שטערן, דער הערליכסטער און העלסטער פון אַלע זון־שטערן. די פיר ל י כ ט ־ י אָ ר לאָזען בערעכענען, לויט דער צאָל מייל אין אַ סעקונדע, די געוואַלטיגע שטרעקע, וועלכע טיילט־אָב פון אונז דעם דאָזיגען שטערן: זי מאַכט־אויס פיל ביליאָנען מייל. און פון אַלע מיריאַדען פיקס־שטערן פון דעם הימעל־געוועלב איז דאָס דער נאָנטסטער: פון אַנדערע קומט צו אונז אָן דאָס ליכט ערשט נאָך הונדערטער יאָרען. עס קאָן זיין, אַז היינט, ווען מיר קוקען אויף זיי, זעען זיי שוין פון לאַנג איינגאַנצען אַנדערש אויס, ווי דעמאָלט, ווען דער ליכטשטראַל, וועלכער איז צו אונז ערשט איצט ענדליך אָנגעקומען, איז פון זיי אַרויס. און ווען, פערקערט, דער שוואַכער גלאַנץ פון אונזער ערד ווערט איצט דאָרט בעמערקט, זעט אויס די ערד אין יענעם שיין אַזוי, ווי זי איז געווען מיט צענדליגער, מיט הונדערטער יאָרען צוריק: אָן איי ענבאַנען, אָן דעם אייפעלטורם, אָן דעם סועץ־קאַנאַל, מיט דעם אינזעל קראַקאַטאַו, וואָס איז געלעגען אין דעם זונ־

„איך בין דאָס זונען-שטויבעל, איך בין דער זונען-באַל;
צום שטויבעל זאָג איך: בלייב דאָ! און צו דער זון: אַוועק!
איך בין דער מאָרגען-שימער, איך בין דער אָוועגט-הויך,
איך בין דעם וועלדעל׳ס פליסטער, דעם ים׳ס —
דער וועלען-רויש.
איך בין די מאַסט, דער רודער, דער רודערער, די שיף,
איך בין, אָן וואָס זי ברעכט זיך, דער ים-פעלז
פון קאָראַל.
איך בין דער הויך פון פלייטע, איך בין דעם
מענשענס גייסט,
איך בין דער פונק אין שטיינער, דער גאָלד-גלאַנץ
אין מעטאַל.
איך בין די שיכרות, ווייַנשטאָק, דאָס פרעס-ברעט
און דער זאַפט,
דער שכור און די שענק ל׳בין, דער בעכער פון קריסטאַל,
דאָס ליכט און דער, וואָס פליט אַרום אים, דער
שמעטערלינג,
די רויז, און פון דער רויז פער׳שיכורט די נאַכטיגאַל“.
(ריקערט נאָך רומי)

בעטראַכטען אַ זאַך מיט די אויגען פון דעם הייניטיגען נאַ־
טורפאָרשער, הייסט: אַוועקשטעלען זי אין אַ רוים, אין
וועלכען עס הערשט דער רוימליכער מיליאָן, דער מיילען-מיל־
יאָן. און עס הייסט: בעטראַכטען די זאַך אין שיין פון אַ פער־
גאַנגענהייט, וועלכע ווערט געמאָסטען מיט דעם צייטליכען מיל־
יאָן, מיט דעם יאָרען-מיליאָן.

דער בלויער קריסטאַלענער געוועלב מיט די גאָלדענע
שטערן-נעגעל, וועלכער האָט אַרומגענומען דעם אַלטערטימלי־
כען מענשען, אַזוי ווי דער גלעזערנער דאַך פון אַ ספּעקט־
גאָרטען, אונטער וועלכען דער טרייער הימלישער גערטנער
האָט געלאָזען וואַקסען איידעלע און גראָבע מענשען-פרוכטען—

אויבוואויל אויך ער מיידט נישט אינגאַנצען אויס דעם וואונ־דערפולען עלעמענט.

ער פירט דורך דעם אונגעהויערן וואונדער־אוצר פון דעם היינטיגען נאַטור־פאָרשער.

אַ רעגענבויגען שיינט איבער דער בלויקייט. דער רעגענ־בויגען פון דער ליבע. איין עק זיינעם האָסטו מיט דיין בליק געכאַפּט. ער גלאַנצט איבער דעם איינפאַכען אַקט פון דער מענשליכער בעהעפטונג, דאָרט ביים זוימען־חיה'לע און דעם איי, וועלכען דו האָסט געזען. לאָ'מיר איצט אין אונזער גאַנג ווייטער פּרובען זיך אַוועקצולאָזען צו דעם צווייטען שטיק־פּונקט. דאָרט, וואו די ליבע קומט ערשט איצט אַריין אין דעם ליכט־פעלד פון דעם נאַטור־פאָרשער.

פּאַנאָראַמע, וועלכע עפענט זיך פאַר אונזערע אויגען אונטער דעם ליכטיגען שטראַל אין דעם גרויסען אייביגקייט-נעפּעל.

און מיר שטעלען זיך פאָר אַנ׳ענטוויקלונג אויך אין דער ליבע. אָנשטאָט צו זאָגען דאָס איינפאַכע וואָרט „אייביג", טרייבט עס אונז, צו זוכען די ענטשטעהונג פון דער ליבע אין דעם ענטוויקלונגס-גאַנג פון קאָסמאָס, וועלכער וואַקסט ביסלעכווייז אַרויס ווי אַ פילפאַרביג אינזעל פון דעם בלויען ים פון די צייטען. דאָס איז אייגענטליך דאָס נייע, וואָס אונזער צייט גיט-צו צו דעם אַלטען פשוט׳ען אייביגקייט-ביילד. דער דאָזיגער ענטוויקלונגס-גאַנג איז דאָס אייגענטליכע „אייביגע". אין אים ליגט דער פעסטער צוזאַמענבונד פון דער גאַנצער פריערדיגער ענטוויקלונג און די זיכערהייט אין דער אונענדליכער צוקונפט. הינטער דער מענשהייט שטייט איר ענטוויקלונגס-גאַנג, שטאַפּעל ביי שטאַפּעל. אויך דער גאַנצער ווייטסטער גורל פון אונזער פּלאַנעט, פון אונזערע פיקסשטערן-זונען איז נאָך צלץ דער ווייטערדיגער גאַנג פון דער דאָזיגער ענטוויקלונג.

ו

אַ גאָלדענער חאָדעם דערנענטערט זיך צו אונז. לאָ׳מיר פּרובען אַביסעל אונזער שיפעל צו אים צוצובינדען, כדי צו זען, ווי וויט מיר וועלען קומען. עס איז זיכער מיט מאָדערנע מיטלען אַ בעסערע ים-רייזע, ווי ווען מיר זאָלען זיך לאָזען נאָך דער אונשטערבליכקייט פון אינדיווידואום. דער דאָזיגער וועג איז היינט אַ פערפירערישער אָדיסעע. שיינע נאַקעטע סירענען, וועלכע נאַרען אַריין דעם רייזענדען און פרעסען אים אויף, ווען ער לאָזט זיך פערנאַרען. ציקלאפּען, וועלכע פערשפּאַרען דעם דענקער אין זייערע היילען אַזוי, אַז ער דאַרף זיך פרייען, ווען עס געלינגט אים, אָנהענגענדיג זיך אָן בויך פון אַ באָק, צו אַנטלויפען. קירקע די צויבערין, וועלכע פערוואַנדעלט פילאָזאָפען אין אייזלען, און לאָטאָפאַגען, וואו מען פערגעסט זיך אין אייביגען געדאַנקען-שלאָף, נאָגענדיג דאָס זיסע צוקער-ברויט... אונזער וועג איז פשוט׳ער,

יזען אַ בעגריף, וועלכען מיר האָבען היינט אין פלייש און בלוט: דער בעגריף פון דער ע נ ט וו י ק ל ו נ ג.

אין איינערלײכסטען עצם פאַלט ער נישט אַרויס פון דעם וואָס דאָס וואָרט „אייביג“ נעמט אַרום. אָבער איבער דעם קאָנקרעטען בילד, וואָס ליגט אונטער דעם דאָזיגען קלינגענ־דיגען וואָרט, גיסט ער אויס דעם צויבער פון דער אונענדלי־כער פערענדערונג און דערמיט אויך—פון דער אונענדליכער רייכקייט. אין אַנ'איינטאָניגען ווייסען נעפעל וואַרפט ער אַריין אַ ליכטיגען שטראַל, אונטער וועלכען עס הויבט זיך מיט אַמאָל אויף אַ בליענדיגער, אָטעמענדיגער לאַנדשאַפט, וואו אַלץ גע־פינט זיך אין אַ לעבעדיגער בעוועגונג: די בוימער לאָזען אַרויס קנאָספען, די בערג צושפרייטען זיך, ציען זיך אויס, שפאַלטען זיך, דער ים בלאָזט זיך אָן און רוישט. און אין דער טיפער בלויקייט איבער די פערענדערטע האָריזאָנטען בליען־אויף נייע שטערן, גלייך ווי אין דעם קאַלטען וועלט־רוים וואָלט אויך אַ וואונדערליכער פרילינג ערוואַכט.

אין יענער איינער „ליל שמורים“ פון דער קולטור־גע־שיכטע האָט די מענשהייט באמת געוואַכט. אין דער דאָזיגער נאַכט האָבען די דענקער געטראַכט און געבויט, אינסטרומענ־טען זענען ערפונדען געוואָרען, ביבליאָטעקען און מוזעאומס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט, שטערן־אָבסערוואַטאָריעס האָבען זייע־רע טורעמס געגען הימעל אויפגעשטעלט. און אַז מיר זאָגען היינט, אין סוף פון דער דאָזיגער נאַכט, אַז דער מענש האַלט זיך בעשיינפערליך אין דעם „אייביגען“ לעבען פון קאָסמאָס דורך דער פרוכפערונג, דורך דער ליבע־קלינגט אונז מיט אין די בעגריפען „מענש“ און „קאָסמאָס“ די גאַנצע הייסע אַרבייט פון דער דאָזיגער גרויסער „ליל שמורים“.

מיר זעען דעם קאָסמאָס זיך ציען נישט נור אין דער טונקעלער אייביגקייט אַריין, וועלכער איז אַ מעלאָדיע, אָבער נישט קיין בילד; מיר זעען אים, מיר נעמען אים אַרום אין אמת'דיגע רוים־ווייטקייטען. מיר זעען די מענשהייט אַלס גאַנ־צעס אַרויסשיינען פון דער אונגעהויערער, ממשות'דיג ליכטיגער

אייביגע ערד, אייביגע זון!

ציִ איז בכלל פעראַן איִן אונזער מאָדערנער אויפפאַ־סונג וואָס עס איז, וואָס מיר זאָלען קאָנען זיך פאָרשטעלען אַלס „אייביג"?

די אַלטע צייט האָט געזען היִנטער זיך אַ פּאָר הונדערט יאָר מענשהייט. איר בליק האָט נאָך נישט געקאָנט בעטראַכ־טען דאָס גרוימע מענשהייטס־לעבען אויסער די גרענעצען פון דער קולטור. דער נאַטורפאָרשער פון אונזער צייט לייגט אָבער אַוועק זיין האַנט אויף דעם דאָזיגען ברוינעם, פון ים צוּשפּאָל־טענעם פעלז. דער דאָזיגער פעלז שטאַמט פון אַ צייט, ווען ס'זענען נאָך גאָר קיין מענשען נישט געווען... און די גאַנצע ערד? איז דען די ערד פאַר אונז אויך נישט בלויז אַ רעלאַ־טיִווער בעגריף? אַ ליכט־שטויבעלע, וואָס פליִט אַרויס פון דער טיִפקייט פון די צייטען, ברענט, ווערט טונקעלער, „לעבט" און פערגייט? איז דען נישט די „אייביגע זון" נישט מער ווי אַ טרוים, זייט מיר ווייסען, אַז אַלע פיקס־שטערן זענען זונען, און אַז איבער אַזעלכע פיקס־שטערן ברעכט אויס דער רויטער הערבסט פונקט ווי איבער אַנ'ערדישען דעמבענעם וועלדעל; אַז עס קאָנען אויף זיי קומען קאַטאַסטראָפעס, וועלכע צינדען זיי אָן און פערברענען, פונקט ווי אַ בליץ־פונק פערברענט אויף דער ערד אַ יונגען דעמב? זייט מיר ווייסען, אַז דער אייז־קאַלטער רוים זויגט אויס זייער היץ, פערפריִרט זיי און ברענגט זיי צום וויִנ־טער־טויט?

אין דער אמת'ן רוקט זיך דאָ פאַר אונז היינט אַרויס אַ גאַנץ ניי ביִלד, אַ גאַנץ נייע אויפפאַסונג פון די וועלט־ערשיי־נונגען, וועלכע פאָדערן אויך פאַר דער אידעע פון דער אונשטערבליכקייט, פאַר דער אידעע פון דער אייביגקייט אַ לאָגישע בעניי־אונג, איידער מיר נעמען זיי אין אַלטען זין ווייטער בענוצען.

איין זאַך האָט געפעלט דעם פשוט'ען אַזוי גוט ווי דעם ראַפיִניִרטען דענקען פון די אַמאָליגע צייטען: דאָס איז גע־

וועלכער ראַטעוועט דערפֿאַר די מענשהייט. דער דאָזיגער גע־דאַנק פֿירט דורך דעם וועג פֿון דער פּרוֹכפֿערונג, דורך דעם וועג פֿון דער ליבע.

אין פּרינציפּ איז אויך דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט אַנ׳־אוראַלטע חכמה. ער איז אונז אַזוי פֿערשטענדליך, אַזוי נאָענט טאַקע דערפֿאַר, וואָס ער האָט אין זיך די דאָזיגע וועלט־אַלטקייט.

די עטליכע טויזענט יאָר פֿון מענשליכען דענקען זענען פֿאַר אַזעלכע פּשוט׳ע לאָגישע אויספֿירונגען אין זין פֿון דעם ביבלישען אויסדרוק באמת נור איין „ליל שמורים“. אַ פּאָטער, וועלכער שטאַרבט און בענשט זיין יונג קינד: און דער גאַנ־צער געדאַנקענגאַנג איז אין זיין געוואַלטיגער גרויסקייט קלאָר. דער פּאָטער שטאַרבט אַוועק, ווי די אַנדערע דערמאָנטע אויפֿ־פֿאַסונג זאָל דאָרט זיין טויט נישט ערקלערען. אָבער דאָס קינד לעבט, און מיט איס ציט זיך דער פֿאָדעם ווייטער. מיל־יאָנען אַזעלכע פֿעדעם, וועלכע קרייצען זיך, פֿערשפּינען זיך, ציען נייע פֿעדעם: די מענשהייט. דאָס קינד וועט ברענגען אייניקלעך, די אייניקלעך אור־אייניקלעך. אַלץ אויף דער זעל־בער ערד, אונטער דער זעלבער זון, וועלכע האָבען שוין גע־געבען באָדען, וואַרעמקייט, ליכט די עלטסטע אור־עלטערן, וועגען וועלכע מיר קאָנען נור וויסען. אויף דער אייביגער ערד, אונטער דער אייביגער זון דער אייביגער מענש, וואָס האַלט זיך אויף דעם סוד פֿון דער ליבע, וועלכער מאַכט איס אונשטערבליך.

אָבער אויב די דאָזיגע אָנשויאונג איז אַליין פֿאַר זיך אויך אַלט, איז דאָך איינס ביי איר זיכער: וואָס נענטער זי קומט צו אונזער צייט, ווערט זי אַלץ יונגער, אַלץ לעבענס־קרעפֿטיגער. אמת, מיט אַ געוויסער אויסבעסערונג. נאָך דער אויסבעסערונג זעט אויס, ווי דאָ וואָלט זיך דער וואָלקען־שליי־ער אַלץ מער און מער פֿונאַנדערגעשוואומען.

איין פֿראַגע מוז אויך דאָ אַרויסקומען.

אייביגע מענשהייט...

פלאַטאָ, פאַר וועלכען דאָס ערדישע לעבען פון אינדיווידו־
אום איז געווען נור אַ בלייכער טרוים, וואָס טראָגט זיך גיך
אַוועק אין אַ פיל־העכערער אידעאַלער עקזיסטענץ פון יענער
זייט פון צייט און רוים—ביז צו דעם גרויסען פעכנער,
וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז צוזאַמען מיט די מעכאַ־
נישע וועלען, וואָס שטראַלען איינמאָל אַרויס פון יעדען אינ־
דיווידואום און וואָס ווירקען אויך נאָך זיין טויט אונענדליך
אין דער מעכאַניק פון דער וועלט,—אַז צוזאַמען דערמיט לעבט
אויך ווייטער די מענשליכע נשמה. אָבער אויך ביז צום נע־
בעכדיגען בילד פון אַ שול, וואו דער לערער צוטיילט נאָך
דער פערענדיגונג פון סעמעסטער צענזורען, און וואו די שי־
לער ווערען בעשטראָפט דערפאַר, וואָס מען האָט זיי שלעכט
געלערנט.

פילאָזאָפישע סיסטעמען קומען און פערגייען, יעדער ניי־
ער פילאָזאָף איז שמשון, וועלכער צובריכט די זיילען פון זיין
הויז. קירכען־דאָגמען, וועלכע ווערען איבער אַזעלכע סיסטע־
מען פערשטיינערט, ווערען דורך דעם שטורעם פון די גע־
דאַנקען ווידער צופיצעלט און אַזוי ווי דינער מעטעאָר־שטויב
אַוועקגעטראָגען אין ליידיגען רוים. דו מעגסט דאָס אָבשאַצען,
ווי דו ווילסט: זיכער איז, אַז וואָס נענטער צו אונזער צייט
פערציט זיך איבער דער דאָזיגער אויפפאַסונג אַלץ אַ געדיכ־
טערער וואָלקען. מיר קאָנען פאַר אונזער צוועק לאָזען דעם
דאָזיגען וואָלקען. מיר ביידע, מיר ווייסען יאָ, וואָס פאַר אַנ׳־
אונגעהויערע פראַגע עס בעהאַלט זיך אונטער אים. ס׳איז גע־
נוג צו דערמאָנען. לאָ׳מיר לאָזען דעם גרויסען ספינקס רוען
אויף דעם דאָזיגען אָרט און לאָ׳מיר איצט נישט פרעגען, צי
דער זאַמד, אין וועלכען ער איז בעגראָבען, שטייגט אָדער
זינקט...

אָבער מיט אַנ׳אונפערגלייכליך־זיכערערן טריט שטעלט
זיך אויף נעבען דעם גלויבען אין דער אונשטערבליכקייט פון
אינדיווידואום דער צווייטער אונשטערבליכקייט־געדאַנק, וועל־
כער קאָן, אמת, נישט ראַטעווען דעם אינדיווידואום, אָבער

גרוב אײַנגאַנצען צו פערענדערן אײנעם פון די גרונד־פאַקטען פון דעם מענשליכען לעבען: דעם טױט אָנערקענט ער נישט אַלס אַ פערענדיגונג פון דער מענשליכער עקזיסטענץ. דער טױט דאַרף, לױט אים, זײן נור אַזאַ מין אײגענאַרטיגע שטופע אין דעם ענטוױקלונגס־גאַנג פון דעם אינדיװידואום. אַן ענטװיקלונגס־שטופע, בײ װעלכער דער אינדיװידואום פערשװינדט נור בלױז פון דעם קרײז פון די נאָך נישט אַזױ הױך ענטװיקעלטע, ד. ה. פון די לעבעדיגע, אָבער ער גײט דאָך דערבײ נישט אונטער. די לעבענס־צײט, װעלכע מיר זעען מיט אירע פופציג ביז הונדערט יאָר אָדער נאָך װײניגער, איז אױף אַזאַ אופן נור אײן שטאַפעל פון דער מענשליכער עקזיס־טענץ; דער אמת׳דיגער שטערן פון אינדיװידואום לױכט דורך אײביגקײטען. ער האָט זײן פערבאָרגענע זון, אַרום װעלכער ער קרײזט, אַרום װעלכער ער האַלט זיך פעסטער, װי עס האַלט זיך אַ פלאַנעט פון אונזער סיסטעם אַרום איר זון. די פלאַנעט קאָן אַראָבפאַלען, פערברענט װערען: דער אונשטערבלי־כער אינדיװידואום קאָן אָבער קײנמאָל נישט אומקומען. מיט אַן׳אונגעהױערער ענערגיע האָט זיך דער דאָזיגער אונשטערב־ליכקײט־געדאַנק דורכגעשלאָגען אַ װעג דורך דעם גאַנצען מענשליכען דענקען. עס האָט אים געטראָגען די אײנגעשפאַרט־קײט פון די אינדיװידואומס, װעלכע האָבען זיך נישט געװאָלט אונטערגעבען דעם געדאַנק, אַז די װעלט, דער דאָזיגער פיל־פאַרביגער קאַלײדאָסקאָפּ אַרום זײ, זאָל זײן אײביג, און דער „איך“, װעלכער איז, דוכט זיך, אַ קעניג איבער די דאָזיגע גיך פערשװינדענדיגע ערשײנונגען פון דער װעלט, זאָל אין אײן שײנעם טאָג אַראָבפאַלען װי אַ פױלער בלאַט פון דעם בױם פון דער דאָזיגער װעלט. עס האָט אים געטראָגען אַ טיף־אינערליכער געפיל פון אַן׳אונלאָגיק, װעלכע ליגט בעהאַלטען אין דעם דאָזיגען טױט־פאַקט, און װעלכע מען האָט זיך בשום אופן נישט געװאָלט לאָזען אַנװאַרפען. און דער דאָזיגער גע־דאַנק האָט זיך אױסגעדריקט אין די װאונדערליכסטע אי־דעאַלע דענק־פאָרמען, אָבער אױך אין די באַנאַלסטע. פון

„דער מענש פערזוכט ערשט דאַן
דעם העכסטען לעבענס־תענוג,
ווען ס'שלינגט די וועלט־איינהייט
זיין „איך“ אינגאַנצען איין“.

א נ ג ע ל ו ס  ס י ל ע ז י ו ס.

אונשטערבליכקייט! די טויזענטער יאָרען פון מענשליכען געדאַנק שטעלען זיך אויף אין פלאַקער־גלאַנץ פון דעם דאָזיגען וואָרט ווי געוואַלטיג קלינגענדיגע זיילען, — קלינגענדיגע, וועלכע דערמאָנען אין פילפאַכיגען זין אָן יענער אַלטער שטים פון דעם בערימטען מעמנאָס־זייל אין עגיפטען, אָבער וועלכער ס'האָבען זיך, ווי בעקאַנט, אַרומגעריסען הונדערט בעזונדערע מיינונגען פון די רייזענדע, און וועגען וועלכער מען ווייסט נאָך ביז היינט נישט, צי שטאַמט זי פון אַ פריסטער־שווינדעל, פון אַ פערבלענדונג, אָדער גאָר פון אַ רעאַלער מעכאַנישער ווירקונג (נאַטירליך פון אַ זון־ווירקונג).

אַזוי ווייט ווי מען קאָן נאָכפאָרשען אין דער דענק־געשיכטע די ענטוויקלונג פון פילאָזאָפישען בליק אויף די פאַקטען פון טויט און פערוועזונג, אַזוי לאַנג טרעפט מען אויך אָן צוויי אויפפאַסונגען פון דעם אונשטערבליכקייט־געדאַנק. צוויי אויפפאַסונגען, וועלכע בעקעמפען נישט אידעאיש איינע די אַנדערע, אָבער וועלכע גייען צו צו דעם פראָבלעם פון צוויי פערשידענע עקען.

איין אויפפאַסונג קלאַמערט זיך אָן דעם בעגריף פון דעם אינדיווידואום. דער אינדיווידואום איז פאַר איר אַ וועלט פאַר זיך, וועלכע ענטוויקעלט זיך און רייסט זיך פאָראויס. ער קומט פון אומבעקאַנטען און גייט צום אומבעקאַנטען. אָבער כסדר פאָראויס. אַזאַ געדאַנקענגאַנג מוז דורכאויס מאַכען אַ

דעם געדאַנק, אַזוי ווי צו די מאַגנעט־בערג, האט זיך אַוועק־געלאָזען אויך יעדער טיפערער, גרעסערער גייסט, וועלכער האט, דינענדיג דעם ריינעם אמת, אַ שטיק העכער אויפגעהוי־בען דאס מענשליכע דענקען. און דער פשוט'סטער מענש האט דעם דאזיגען גרויסען גייסט פערשטאַנען גראָד צוליב דער איינפאַכקייט פון די דאָזיגע גרונד־פאַקטען; מען האט איט פערשטאַנען אונטער דעם טונקעל־גרינעם באַלדאַכין אויף די שוואַרצע וואָרצלען פון דעם היילינען פייגענבוים ביים גאַנג, וועלכער האָט די וועלט ווי אַ לעבעדיגער טעמפעל אָבגעצוימט, און אונטער דעם לויטערן אויסגעשטערנטען הימעל אויף די לופטיג־פרייע באַרג־הויכקייטען פון פערו, ביי די אונענדליכע בלאַס־געלע וואַסערן פון כינא — און דאָרט, וואו עס שיינט אויף אין דעם גליענדיגען מדבר די פינקלענ־דיגע פאַטאַ מאָרגאַנאַ.

די פרוכפערונג האָט מען געזען אַלס די איינציגע אונ־צווייזדייטיג זיכערע פאָרם פון דער אונשטערבליכקייט. אַ דאַנק איר איז בכלל פערהאַן אַ „מענשהייט“, אַ דאַנק איר איז בכלל מעגליך דער גאַנג פון מענשליכען געדאַנק איבער דורות און דורות; דורך איר לעבט די טראַדיציע, דורך איר ציט זיך דער אייביגער פאָדעם פון מענשליכען דענקען.

נעמט אים דורך אויף איין מאָמענט. באַלד פערשווינדט ער, פונקט אַזוי ווי עס פערשווינדט די גאַנצע לוסט און קראַפט פון די בעשעפעניִשען, און פערבלייבט נור אַלס שוואַכער שאָ־טען אין זכרון,—אין דעם זכרון, וועלכער ווערט דאָך ענדליך צוזאַמען מיט דעם גאַנצען מענשען פערזינקען אין דעם תּהום פון טויט. אָבער פון דעם אַקט צווישען מאַן און פרוי קומט אַרויס אונאבהענגיג דערפון עפּעס אינגאַנצען אַ נייעס. אַ נייער מענש. דער פאָטער איז אפשר דרייסיק יאָר אַלט. זאָל ער אַלט ווערען ניינציק, טרעפט אים דער טויט. אויך דער נייער מענש, וועלכען ער האָט געבוירען, מעג דערוואַקסען ביז די פולע ניינציק יאָר. דאַן וועט ער אויף דרייסיק יאָר איבערלע־בען דעם ערשטען. און אַז ער וועט אין משך פון זיינע ניינ־ציק יאָר אויך ברענגען אויף דער וועלט אַ נייעם מענשען, וועט זיין טויט ווידער אַ געוויסע צייט דורך עמיצען איבערגעלעבט ווערען.

דורך דער דאָזיגער איינפאַכער רעכען־קונסט ברענגט־אום די פּרופּעצרונג דעם טויט, וויינינגסטענס זיין אַלץ־פערניכ־טענדיגער ווירקונג.

אָנשטאָט אַריינצופאַלען באַלד נאָך דער ערשטער טויט־העקאַטאָמבע פון דעם ערשטען יאָרהונדערט אין דעם אייביגען אָבגרונד, וויקעלט זיך די מענשהייט ווי אַ פּאַר׳עקש׳ענט קלע־טערדיג געוויקס דורך טויזענטער יאָרען אַרום דעם קליינעם שטיקעלע צייט, וועלכעס דער געבוירענער דור האָט תמיד פאַר זיך אויף איבערצולעבען דעם געבוירענדיגען דור.

און פאַר די דאָזיגע צוויי געוואַלטיגע לעבענס־פאַקטען, טויט און פּרופּעצרונג, שטייט דער מענש אַזוי לאַנג, ווי ער קאָן איבערהויפּט דענקען. דער מאַלפּע־מענש מיט דעם ערשטען שטראַל פון דעם שפּראָצענדיגען גייסט אונטער די חיה׳שדיג אָנגעשוואָלענע ברעמען, האָט אפשר דערפון שוין געכאַפּט דעם ערשטען בעגריף. דער ווילדער הייל־מענש, וועלכער האָט זיך געיאָגט נאָך דעם מאַמאָנט און דעם נאָז־האָרן, האט זיך שוין דערין אַריינגעגריבעלט. און פון דאַן אָן האט זיך דער גע־דאַנק געוועבט און געוועבט אין דער אונענדליכקייט. און צו

אַז ער איז אויך געשטאָרבען. אויך צעזאַר. אויך אַלעקסאַנ־
דער. אויך אַריסטאָטעלעס. און דער קאַנדידאַט יאָבס. דאָס
ווירקט קאָמיש. אָבער הינטער דער קאָמיק ליגט אַ בעהאַלטע־
נע טראַגיק, וועלכע פערוואַנדעלט זיך אין אַ מורא׳דיגער און׳־
ברחמנות׳דיגקייט, ווען מען שטעלט זיך באמת פאָר די אינגע־
הויערע צאָל קרבנות, וועלכע דער טויט האָט שוין צוגענומען,
נישט אַכטענדיג אויף קיין שום גרויסען אָדער קליינעם ווערט,
אויף קיין שום אידעאַלער גרויסקייט אָדער פולקומענער
לעבערליכקייט. יעדער איינצעלנער בעקענט זיך אין די
יאָרען פון זיין עקזיסטענץ מיט גליקליכע און זיגרייכע
נאַטורען, וועלכע דרינגען אַריין אין די סודות פון
דער ערד, וועלכע לאָזען זיך אַראָב אין דער טיפער
שאַכט פון דער פערגאַנגענהייט פון דער וועלט,
וועלכע לאָזען זיך אַוועק מיט אויג און גייסט דורך די מילי־
ווענען און סיריוס־ווייטקייטען. צו וואָס נוצט דאָס אַלץ? זאָל
זיין נישט מער ווי דער איינער דור פון די דאָזיגע פאָרשער
אויף דער ערד, און זיי דורכגיין הונדערט יאָר–שלעפען זיך
נאָך אַ פאָר אור־אַלטע, איינגעבויגענע, אינגאַנצען אָדער האַלב
בלינדע זקנים אַלס דער לעצטער פערבליבענער מענשען־רעשט
אויף דער פערוויסטער פלאַנעטע ערד. נאָך אַ פערטעל יאָרהונ־
דערט: און אויף דעם אויסגעשטאָרבענעם שטערן הערשט יענע
מדבר־שטילקייט, וועלכע מיר קאָנען זיך אפשר קוים פאָרשטע־
לען אַלס דאָס גרויליכסטע בילד אויף אונזער לבנה, אָדער אין
די טיפענישען פון דעם וועלט־רוים אויף אייז־קאַלטע בעגליי־
טער פון נאַכט־שוואַרץ פערלאָשענע אור־זונען.

דאָס איז איין זיכערע בעאָבאַכטונג: דער טויט.

און איצט די צווייטע. דער מענש בעקענט זיך מיט אַ
וואונדערליכען אַקט, וואָס שטראַלט אים אַרויס ווי אַנ׳אייביגע
זון פון דער זעלבער ווירקליכקייט, וועלכע וואַרפט אָן דעם
אייביגען שאָטען־פלעק פון טויט אויף אַלע זיינע האָפענונגען.
דעם אַקט פון דער פרוכפערונג.

אַ פרוי צינדט אָן זיינע געפילען, אַנ׳אונענדליכער תענוג

ניִשט פערשטומט ווערען נאָך דעם, ווי אַ געוויסער געדאַנקען־גאַנג איז איינמאָל אָנגעמערקט געוואָרען. דאָס, וואָס מיר חזר'ען היינט דערפון איבער, דאָס, וואָס עס איז נאָך אַלץ ביז איצט דער אויסגאַנגס־פונקט פון אונזער גאַנצער חכמה, וואָס שטייט אויסער די מיקראָסקאָפּען און פּיזיאָלאָגיש טעאָריעס, דאָס איז אין תּוך אַזוי גרוי, ווי מומיען־שטויב. דער פּרס, דער ניל, דער גאַנג און דער איליסאָס גראָבען עס דורך מיט זייערע זינגענדיגע כוואַליעס. אַקייגען די דאָזיגע אור־אַלטע אידעען — איז קריסטוס אַנ'עפּיגאָן.

די דאָזיגע פילאָזאָפיע ווענדט איר בליק אויף די איינפאַכסטע גרונד־פאַקטען פון דעם מענשליכען לעבען.

דער מענש, אַלס אינדיווידואום, שטייט פּלוצלונג אין דער מיט פון דעם דאָזיגען לעבען, ער פילט זיך אַלס „איך“, ער לעבט, ער שפּרייזט בעוואוסטזיניג פאָראויס אין דער צייט. זיין זכרון דערמאָנט אים ניִשט קיין שום אנפאנגס־פונקט פון זיין עקזיסטענץ. ער איז אונמיטעלבאַר ניִשט אימשטאַנד צו בעגרייפען, אַז ער איז אַמאָל דאָ ניִשט געווען און אַז שפּעטער אַמאָל וועט ער ווידער דאָ ניִשט זיין. אָבער דאָס לעבען לערנט אים, און קודם כל רוקט עס פאַר אים אַרויס צוויי געוואַלטיגע פאַקטען.

מיט אַ געוואַלטיגער אונ'רחמנות'דיגקייט טראָגט אים אונטער דאָס לעבען דעם פאַקט פון טויט.

אַ בעשטימט שטיקעל צייט בעגרענעצט דעם אינדיווידואום. קיין שום גרויסקייט, קיין שום קליינקייט פון דעם גייסטיגען ווערט פון דעם אינדיווידואום בעשיצט אים ניִשט געגען דער קאָסע, וואָס בלאַנקט אומעטום. פּאַטראָקלוס ליגט בעגראָבען, אָבער אויך טערזיטעס האָט סוף כל סוף געמוזט אָנהויבען גלויבען אין זיין טויט. אין דער יאָבסיאַדע לעזען מיר אַלס אַ געלונגענעם שפּאַס דאָס גרויסע מתים־צעטעל, אין וועלכען אַלע העלדען פון דער וועלט־געשיכטע ווערען געבראַכט אין אונמעגליכע גריימען און יעדער מיט דעם צוגאָב,

ענטדעקט אין דעם ווייבלעכן אייערשטאָק די בלעזעלעך, אין וועלכע די מענשלעכע אייער ענטשטייען ווי אין אַ קנאָספּע־הילע: ער האָט על פּי טעות אָנגענומען די דאָזיגע בלעזעלעך פאַר די אייער אַליין. דאָס אמת׳דיגע מענשלעכע איי האָט ענטדעקט דער גרויסער קאַרל ערנסט פאָן בער זער פיל שפּעטער, ערשט אין יאָר 1827.

ערשט נאָך די דאָזיגע ענטדעקונגען האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען דער נייער בליק אויף דער מענשלעכער פּראָפּערונג. דעם געוואַלטיגסטען פאַקט, דעם „פאַקט פון אַלע פאַקטען" פון ליבע־לעבען, די צוזאַמענגיסונג פון זוימען־קעפּעל מיט דעם איי־קערענדל אינעווייניג אין דעם איי־קעמערל, האָט צום ערשטען מאָל געזען ביי אַן׳איי פון אַ ים־נאָדעל־חיה׳לע אָסקאַר הערטוויג אין יאָר 1875.

דער פּראָצעס, וועלכער האָט זיך פריער געזאָלט ענדיגען אין דעם מאָמענט, ווען דער מאַן שיידט זיך אָב פון דער פרוי, הויבט זיך פאַר אונז ערשט נאָך דעם אָן: ערשט דאַן הויבט זיך אָן דער געהיימער אַקט צווישען דעם זוימען־חיה׳לע און דעם איי, וועלכער קומט פאָר אַזוי, ווי מיר האָבען איִם פריער געזען, און וועלכער פירט ערשט דאַן צו דער אמת׳דיגער ענטשיידענדיגער בעפרוכטיגונג. די שפּעטערדיגע געבורט פון דעם רייפען קינד זעען מיר אַלס אַן׳איינפאַכע קאָנסעקווענץ פון דעם דאָזיגען איינציגסטען אַקט.

אויך דאָך: אויך די דאָזיגע אונענדליך־פערבעסערטע קענטניש פון דעם אַקט פון דער מענשליכער פּראָפּערונג ענדערט גאָרנישט אין דעם טיפסטען תּוך פון דער פּראָפּערונג־פילאָזאָפיע, וועלכע איז פאַקטיש שוין אַזוי אַלט, ווי די מענשליכע פילאָזאָפיע בכלל.

דורך דעם כסדר׳דיגען גאַנג פון וועלט־אנשויאונגען זייט מינדעסטענס פיר טויזענט יאָר קלינגט די דאָזיגע פילאָזאָפיע ווי אַן׳אויפהערליכע גרויסע מעלאָדיע, וועלכע קאָן שוין מער

שראַכטען, אויף איבערצוגעבען אַלץ, וואָס אַ קינד קאָן איבער־
נעמען בירושה פון זיין פאָטער און זיינע אַלע אור־עלטערן
פון פאָטערס צד; דו ווייסט אין וועלכע צאַרטסטע קערפּערליכע
און גייסטיגע ליניעס עס קאָן זיך אויסדריקען די דאָזיגע ירושה:
פון דער איידעלסטער אויסבויגונג פון דער נאָז ביז צו אַנ׳־
ענטשיידענדיגען כאַראַקטער־שטריך, פון די פאָלגען פון אַנ׳אָנ־
שטעקענדיגער קראַנקהייט ביז איבערגעבען דעם געניוס, וואָס
מאַכט פאַר אַ מוזיקער אָדער פאַר אַ דיכטער. וועגען דער „פער־
שווענדונג״ וועלען מיר נאָך שפּעטער פיל רעדען. אַלענפאַלס
איז שווער צו געפינען נאָך אַ פאַל, ווען די נאַטור זאָל זיך
אַזוי ענטפּלעקען אין איר גאַנצער שוידערליכער ערהאַבענקייט,
ווי אין אַזאַ טראָפּענדעל זוימען־פליסיגקייט. די מילך־וועגען
און נעפּעל־פלעקען מיט זייערע מיליאַרדען זונען קאָנען אפשר
קוים דערמיט פערגליכען ווערען.

האַמ׳ס ענטדעקונג איז דעמאָלט בעשטעטיגט געוואָרען
און ווייטער ערקלערט געוואָרען דורך דעם ערשטען בעדייטענ־
דען מיקראָסקאָפּיקער פון זיבעצענטען יאָרהונדערט, לעווענהוק.
מען האָט אָבער דערביי נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט, וואָס
מען זעט אין דער זוימען־פליסיגקייט. פריער האָט מען גערע־
כענט, אַז די זוימען־חיה׳לעך זענען שוין גאַנצע קליינינקע
מענשעלעך. נאָכדעם איז אין אַכצענטען יאָרהונדערט דער אינ־
טערעס צו די דאָזיגע קעמערלעך שטאַרק געפאַלען. מען איז
דעמאָלט געקומען צו אַ השערה, אַז די „חיה׳לעך״ זענען פּשוט׳ע
אינפוזאָריעס, וועלכע געפינען זיך צופעליג אין דער זוימען־
פליסיגקייט. דער גרויסער געלערטער פון 19־טען יאָרהונדערט
יאָהאַן מילער האָט ערשט געמוזט די פראַגע ערקלערען
אַלס אַנ׳אָפענע: צי דאַרף מען אין די זוימען־חיה׳לעך זען
„פּאַראזיטישע בעשעפעניש״ אָדער „בעלעבטע אור־טיילעכלעך״
פון דעם מאַן. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון דעם דאָ־
זיגען יאָרהונדערט איז די זאַך ענדגילטיג ערקלערט געוואָרען.

דער אינטימסטער פריינד לעווענהוקס, רעניע דע
גראַף, האָט אין יענער צייט (אין זיבעצענטען יאָרהונדערט)

טיגען גערוף. און דאַן דערוועסטו אַלס דאָס איבערראַשענדיגסטע די „זוימען־חיה׳לעך": איינצעלנע קעמערלעך מיט עקעלעך, וועלכע שפּרינגען פון איין אָרט אויפ׳ן צווייטען דורך זעלבסט־שטענדיגע בעוועגונגען (אינפוזאָריעס). דער געווימעל פון די דאָזיגע זוימען־חיה׳לעך אין יעדען קלענסטען טראָפּענדעל איז כמעט אונגלויבליך. אין איין קוביק־מילימעטער זוימען־פליסיגקייט ציילט מען אָן לויט אַ זער פּינקטליכער בערעכענונג 60876 זוימען־חיה׳לעך. איין איינציגער גאַנצער זוימען־אויסגוס פון מיטעלער שטאַרקייט ענטהאַלט אַזוי אַרום הערכער צווייהונדערט מיליאָן. אינגאַנצען קאָן אַ מאַן אין משך פון זיין געשלעכטליכען לעבען אַרויסגעבען אָרום 340 ביליאָן זוימען־קעמערלעך.

מען ווייסט נישט, איבער וואָס מען זאָל דאָ מער שטוינען: צי איבער דער אונגעהויערגקייט פון דער פאָרשטעלונג, אַז יעדערס פון די דאָזיגע זוימען־קעמערלעך וואָלט געקאָנט בילדען אַ נייעם מענשען; צי איבער דער קליינקייט פון אַזאַ זוימען־חיה׳לע, וואָס טראָגט דאָך אין זיך איבער די גאַנצע ערבליכקייט פון פאָטער אויפ׳ן קינד, אָדער איבער דער אונגעהויערער פערשווענדונג פון דער נאַטור אין דעם דאָזיגען אַקט. די צאָל מענשען, וועלכע לעבען גלייכצייטיג אויף דער ערד, ווערט בערעכענט נישט מער ווי אויף פופצענהונדערט מיליאָן. לויט דער דאָזיגער רעכענונג האָט יעדער נאָרמאַלער מאַן אין זיך די קראַפט צו בעפעלקערען מער ווי צוויימאָל הונדערט טויזענט ערדען; יעדער מאַן ענטהאַלט אַלזאָ אין זיך צוויימאָל הונדערט טויזענט מענשהייטען. יעדער זוימען־קעמערל פון דער דאָזיגער אונגעהויערער צאָל איז קוים אַזוי לאַנג ווי אַ צוואַנציגסטעל פון אַ מילימעטער. אויף אַ ברוך־טייל פון דער דאָזיגער לענג, אויף דעם קעפעל פון דעם זוימען־חיה׳לע, פערטיילען זיך ווידער אַלס נישטיג־קליינינקע ברוך־טיילעכלעך די ציועלף כראָמאָזאָמען, אין וועלכע די ערבליכקייט ליגט בעהאַלטען. און דאָך געניגען די דאָזיגע צוועלף פינטעלעך, וועלכע דער שאַרפסטער מיקראָסקאָפּ אַפילו קאָן גענויער נישט בע־

גאַנצע קולטורעלע), וועלכער האָט געשטויסען די געשלעכטער איינס צום אַנדערן. מען האָט געזען אַלץ—ביז צו דעם העכסטען פונקט פון דער קערפערליכער געשלעכטליכער פעראייניגונג... דאַן האָט זיך אַראָבגעלאָזען דער שלייער. און ווי איינגאַנצען אַ נייעס האָט זיך אין חדשים אַרום בעוויזען דער „נייער מענש"; פריער האָט ער געגעבען וועגען זיך צו וויסען דורך אַ שטילען קלאַפּען, אַזוי ווי ער וואָלט נור געווען אַ נייער אָרגאַן אין מוטערלייב, דערנאָך איז ער פּלוצלונג ביי שרעקליכע ווייען פון דער מוטער, וועלכע האָבען זי אָן טויט דערמאָנט, אַרויס פון איר קערפער,—אַרויס צום ליכט, פאַר וועלכען זיין גאַנצער גוף—אין אויג, אָטעם, בעוועגונג איז שוין געווען איינגאַנצען גרייט. וואָס ס'פערבינדט איין אַקט מיט דעם צווייטען—דאָס איז געבליבען אַ טיף־פערבאָרגענער סוד.

מיר זענען שוין איצט טיף אריינגעדרונגען אין דעם דאָזיגען סוד.

אין 1590־טען יאָר, ד. ה. הונדערט יאָר נאָך קאָלומבוס'עס ענטדעקונג, איז ערפונדען געוואָרען דער מ י ק ר אָ ס ק אָ פּ. ערשט אין יאָר 1677 האָט אַ האָלענדישער סטודענט מיט דעם נאָמען ה אַ ם געהאַט דעם מוט אַוועקצולייגען וואַרעמען, לעבעדיגען מענליכען זוימען אונטער די פערגרעסערונגס־גלעזער פון מיקראָסקאָפּ. באַלד האָט ער דערזען די קעפּעלעקעלדיגע שפּרינגענדיגע קערפּערלעך: די זוימען־חיה'לעך.

דאָס קלענסטע טראָפּענדעל רייפע מענשליכע זוימען־פליסיגקייט ווייזט אַרויס ביי אַ דרייהונדערטמאָליגער פערגרעסערונג אַ גאַנצען קליינעם מיקראָקאָסמאָס פון איינענאַרטיגע קערפּערלעך. דו זעסט דאָרט גרויסע קיילעכדיגע קעמערלעך, וועלכע שטעלען מיט זיך פאָר אָבגעריסענע אויבערפלעכליכע טיילען פון דער שליימהויט פון דעם אורין־קאַנאַל. דו זעסט די אַזוי גערופענע ספּערמאַ־קריסטאַלען, שיינע ריטמיש (אַזוי ווי אַלע קריסטאַלען) געפאָרמטע קערפּערלעך: דאָס איז פאָספאָר־זויערע זאַלץ פון אַ דריזל אין אונזער געשלעכטס־אָרגאַן, וועלכען אונזער זוימען פערדאַנקט זיין העכסט־אייגענאַר־

איי־קעמערל,—איז זי אין איר אַרט און פֿאַר דיר ניט גע־וואַלטיגער און וויכטיגער, ווי די דאָזיגע ברענענדיגע פּלאַנע־טען־זון? די אמת׳דיגע זון שיינט־אויף איבער דיר יעדען טאָג און פערגייט. דו טרונקסט איר קראַפט. זי האַלט די פּלאַנע־טען אונטער דיר אין שטרענגער אָרדענונג. נאָך דער ערד איז זי אפשר די שטאַרקסטע אויסערליכע מאַכט, וועלכע דו זעסט פֿאַר דיר. אָבער מיט דעם איי־קעמערל איז פערבונדען דיין אָנטייל אין דעם אינערליכען לעבען פון קאָסמאָס. מיט אים איז פערבונדען דיין זָרט אין דער ענטוויקלונגס־קייט פון די לעבעדיגע ברואים. ניט נור דו זעסט עס, דו לעבסט מיט דעם און אַ דאַנק דעם. מיט דעם אָזיגען קעמערל ווערסטו אליין אַ קאָסמאָס. די דאָזיגע קליינע זון וואַנדערט ניט נור אין דער אויסערליכער וועלט איבער דיר. זי קרייצט דיין אייגע־נעם וועג, אַ הייליגער צאַפּעל טראָגט זי איינמאָל דורך דיר אליין.

מיט איר ריזרסטו אָן דעם סוד פון אַלע סודות: דעם פּראָבלעם פון לעבען און טויט.

מיר ווייסען היינט שוין זער פיל וועגען דעם ענטשיידענ־דיגען אַקט פון דער בעפרוכטיגונג. פֿאַר די מענשען פון די פֿריערדיגע יאָרהונדערטער זענען די רעאַלע אומשטענדען פון דעם דאָזיגען אַקט נאָך געווען פערבאָרגען אין אַ טיפער פינסטערניש. כמעט אַזוי פערבאָרגען, ווי—ס׳זענען פֿאַר זיי גע־ווען די אינערליכע טיילען פון ווייבליכען קערפער. מען האָט געזען די פאָרבעדינגונגען פון דעם אַקט. מען האָט געזען אין דער זון, אין לבנה־שיין, אין שטערן־נעכט די ענטשטעאונג פון עראָטישע געפילען צווישען מאַן און פרוי,—די געפילען, וועל־כע האָבען זייט די טויזענטער יאָרען פון דער קולטור־געשיכ־טע געשאַפען און שאַפען נאָך איצט אַזוי פיל וואונדערליך־אידעאַלעם. מען האָט געזען דעם שטורעם פון די געפילען (איצט—די אור־נאַטור, פון וועלכער ס׳איז ענטשטאַנען דאָס

אַלץ, וואָס איך האָב דיר נור וואָס פריער דערציילט, איז העסליך. לאָז זיי צו רו. דאָס זענען מענשען, וועלכע האָבען קיינמאָל נישט אַריינגעקוקט אין קדשי קדשים פון פילאָזאָפי-שען דענקען, וועלכע האָבען קיינמאָל זיך נישט געראנגעלט מיט דער וועלט: „איך וועל דיך נישט אָבלאָזען, דו מוזסט מיך בענשען". און וועלכע זענען קיינמאָל נישט דערגאַנגען, אַז די דאָזיגע ברכה פון דער וועלט פליסט אומעטום, אַז עס איז נישטאָ פאַר איר קיין שום שלעכטס און געמיינס. דער דאָזיגער בעהעפטונגס-אַקט איז ווי אַ בליץ-שוואַנגערערער וואָל-קען פול מיט פילאָזאָפיע. וואָס ווייסען זיי וועגען דעם! גראָד די, וועלכע שרייען מער פון אַלעמען געוואַלד איבער דער אונמאָראַל, ווען מען רעדט וועגען אַזעלכע זאַכען,–גראָד זיי זענען די זעלבע, וועלכע בעציִען זיך אין דער ווירקליכקייט צו דעם אַקט, ווי צו אַ נאַריִשען שפּאַס. דאָס זענען די, וואָס האָבען קיינמאָל נישט דערפילט דעם פורכטבאַרען ערנסט, וועלכען די נאַטור האָט בעהאַלטען אין דעם דאָזיגען אַקט! ווען מען רעדט וועגען אַ פילאָזאָפיע פון דער בעהעפטונג, איז עס פאַר זיי, אויב נישט אונזיטליך, איז ווענינגסטענס אויך אַ שפּאַס.

די דאָזיגע קליינקעפּעלדיגע מאָראַל-פרעדיגער פילען אויך, אַז די זון, וועלכע ברענט איצט איבער דעם זילבערנעם ים, איז עפּעס געוואַלטיגס, עפּעס אַזעלכעס, וואָס רייסט-מיט די מענשליכע נשמה אין דער אונענדליכקייט. די דאָזיגע אונגע-הויערע ברענענדיגע זון, אויף וועמענס כּוחות עס האַלט זיך די קליינע ערד, פּונקט אזוי ווי דאָס קליינע ווייסע זעגעל-שיפעל האַלט זיך אויף דעם ריזיגען בלויען ים-שפּיגעל, וואָס ציִט זיך פון אייראָפּע ביז אַפריקע. מיט אירע טונקעלע פלע-קען, אין וועלכע נישט איין ערד וואָלט געקאָנט פערזונקען ווערען. מיט אירע רויטע פּראָטובעראַנצען, אין וועלכע עס שפּריצען ברענענדיגע וואַסער-שטאָף-פאַנטאַנען אויף אַ האַלבען מיליאָן קילאָמעטער אין דער הויך. און דאָך: יענע קליינינקע זון, וועלכע שטראַלט אויף אַרום דעם זוימען-קעמערל און דעם

„דער פֿולער קוקט אָן שרעק
גלייך אין דער זון אריין, —
און דו, אויב דיין הארץ איז ריין,
קוק דרייסט אין אייביגען שיין".
אנגעלוס סילעזיוס.

אלזאָ, אַזוי זעט אויס די מענשליכע פּרוכפּערונג אין דעם שיין פון אונזער וועלט־אנשויאונג. אַזוי זעט אויס די שאַפונג פון אַ נייעם מענשען, וועלכע איז אויף אַזוי ווייט נאָכגעפאָרשט, אויף וויפיל עס איז היינט איבערהויפּט נור מעגליך.

דו מעגסט זיך דרייען ווי דו ווילסט: מיט דער דאָזיגער קליינער זון דאָרט אינעווייניג, אונטער וועלכער צוויי קעמער־לעך נעמען זיך הארציג אַרום און גיסען זיך צונויף, שטייסטו אין צענטער פון דעם גאַנצען ליבעס־פּראָבלעם. קודם כל ביים מענש. און דערנאָך ווייטער,—אַזוי ווי די גאַנ־צע נאַטור־אויפפאַסונג שטראַלט פאַר אונז תמיד אַרויס פון דעם איינציגען דענק־מיטעלפונקט „מענש"—אויך פאַר דער גאַנ־צער אַרומיגער וועלט.

דו קאָנסט אַוועקנעמען פון דעם וואָרט „ליבע" אַלץ, וואָס דו ווילסט: דעם גאַנצען בלויען הימעל איבער איר, אַלץ, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין גייסט, אין קולטור, אין אידעאַלער מענשליכקייט, אין רעליגיעזער התלהבות, אין קינסטלערישען האַרמאָניע־טרוים. נור דעם דאָזיגען איינפאַכען רעאַלען פּראָ־צעס פון דער בעהעפטונג קאָנסטו ביי איר נישט אַוועקנעמען, נישט צושטערענדיג דעם גאַנצען בעגריף.

איך ווייס, אַז ס'זענען פאַראַן מענשען, מאַסען, וועלכע שעמען זיך אָב פון אַזאַ בעהויפטונג. זיי וועלען געפינען, אַז

צווייַ איינצעלנע קעמערלעך, וועלכע האָבען זיך אויך
אַזאַ מין אופן אָבגעריסען פון זייערע אָרגאַנען. אַז זיי בע=
העפטען זיך און גיסען זיך צוזאַמען איינס מיט דעם אַנדערן,
בילדען זיי איין גרונד=שטיין, דאָס ערשטע בוי=קעמערל
פאַר אַ נייער קעמערל=געביידע, פאַר אַ נייעם אָרגאַניזם,
פאַר אַ נייעם מענש.

אַזוי קומט עס פאָר. די קראַפט צום אויפבויען דעם
נייעם לעבעדיגען אָרגאַניזם מוזען די דאָזיגע קעמערלעך, נאַ=
טירליך, האָבען אין זיך. דאָס קאָנען שוין נישט בעווייזען די
געוועהנליכע ציגעל. דאָ ליגט אַ גרויסער סוד פון לעבען, וועל=
כער לאָזט זיך שוין נישט איינשליסען אין אונזער גראָבען
פערגלייך מיט דעם הויז און מיט די ציגעל=שטיינער. אָבער
דאָ דאַרפען מיר שוין מער נישט האָבען דעם פערגלייך, ווייל
דו דאַרפסט ערשט די געשיכטע מיט דעם „קעמערל“ בכלל
און מיט זיין ראָל אין געשלעכטליכען אַקט זיך פאָרשטע=
לען. געדענק זי גוט, מיר וועלען זיך צו איר נאָך נישט
איינמאָל צוריקקערען.

אָרגאַנען ביי מאַן און פרוי. דאָס זענען אָ ר ג אַ נ ע ן ,–אין תוך פונקט אַזעלכע אָרגאַנען ווי אַלע אַנדערע. נעם דעם אייערשטאָק פון דער פרוי, אָדער די געדערעם, אָדער די לונגען: דו האָסט פאַר דיר אין יעדען בעזונדערן פאַל אַנ׳אָר־גאַן. אויך דער אייערשטאָק פון דער פרוי און פונקט אַזוי אויך דער זוימען-אָרגאַן פון דעם מאַן זענען אַזוי ווי יעדער אָרגאַן צוזאַמענגעשטעלט פון קעמערלעך. נישט מער, וואָס אויך דאָ האָבען די דאָזיגע קעמערלעך זייערע בעזונדערע געוואוינ־הייטען, זייער בעזונדערע אַרבייט, וועלכע נור זיי פירען אויכ אין דעם מענשליכען אָרגאַניזם. זיי זויגען נישט קיין שפייז, ווי די געדערעם, און פּלומפּען נישט קיין בלוט, ווי דאָס האַרץ. זייער אויפגאַבע איז אַ גאַנץ מערקווירדיגע.

שטעל דיר פאָר אַ צימער אין דעם הויז מיט די דער־מאָנטע ציגעל־ווענט. אין דעם דאָזיגען צימער געשעט אַזאַ משונה׳דיג וואונדער. פון צייט צו צייט ווערט אַ גערודער אין דער וואַנט, די טאַפּעטען שפּאַלטען זיך און פון דער מויער פאַלט אַרויס אין מיטען צימער איין איינציגער ציגעל. קוים איז ער אַרויס, הויבט ער זיך אָן צו רוקען. ער רוקט זיך אַרויס פון דער טיר, און בעקומט זיך ענדליך אינגאַנצען אַרויס פון דעם הויז. דאָרט געשעען מיט אים די וואונדערליכסטע פּאַסירונגען, ער קומט זיך צוזאַמען מיט אַ צווייטען איינצעל־נעם ציגעל פון אַ שכנות׳דיגען הויז און צוזאַמען מיט אים וואַקסט ער זעלבסטשטענדיג אויף און ווערט אַ ניי קליין הויז.

בוכשטעבליך אַזוי געשעט עס מיט אונזערע מענשליכע קעמערלעך־הייזער, מיט דעם מאַן און מיט דער פרוי. פון צייט צו צייט רייסט זיך אָב פון דער קעמערל־וואַנט פון דעם מענ־שליכען זוימען־אָרגאַן איין איינציג קעמערל און וואַנדערט אַרויס פון דעם הויז, עס זוכט זיך אַ ווייבליך מענשען־הויז. דאָרט האָט זיך אויך פון דעם אייער־אָרגאַן אָבגעריסען אַ קעמערל און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַ ביסעל וואַנדערן.ביידע פּריי־ע קעמערלעך טרעפען זיך צוזאַמען... און וואָס זיי טוען, האָסטו געזען, איי און זוימען־חיה׳לע: דאָס זענען דאָך נישט מער ווי

ענליכע איינע צו די אַנדערע,—אינערליך בלייבען זיי די איינ־
הייטליכע בוי־ציגעל פון לעבען.

דער הונט, וועלכען מיר האָבען זיך גענומען פאַר אַ
ביישפיל, איז פערהעלטניסמעסיג שוין אַ זער הויך ענטוויקעל־
טע חיה. נעם אַ נידעריגער חיה: לאָ׳מיר זאָגען, אַ רעגען־וואָרים.
דו זעסט ביי אים דאָס זעלבע. אויך ער איז נישט צוזאַמענ־
געשטעלט פון איין שטיק; אַנ׳אונגעהויער מאַסע קעמערלעך
שטעלען צוזאַמען אויך זיין קערפער, זיינע אָרגאַנען. ער איז
קלענער פאַר׳ן הונט און בעזיצט נישט אַזעלכע קאָמפּליצירטע
אָרגאַנען, ווי דער הונט. דעריבער בעשטייט ער פון וויינינגער
קעמערלעך, פונקט אַזוי ווי אַ קליין הייזעלע ענטהאַלט ווייני־
גער ציגעל, ווי אַ גרויסער פּאַלאַץ. דאָס איז אָבער נור דער
איינציגער וועזענטליכער אונטערשיד. גאָר אונטען אין דער
ענטוויקלונגס־קייט פון די חיות געפינט מען בעשעפענישען,
וועלכע בעשטייען נור פון איין איינציק קעמערל. איין איינ־
ציקער ציגעל, אַוועקגעלייגט אויפ׳ן פרייען פעלד, איז שוין
פאַר זיך אַ „הויז“: אַזוי איז עס ביי די לעבעדיגע קעמערלעך.
בעטראַכסטו ווייטער די צמחים, זעסטו אויך, אַז די העכערע
זענען צוזאַמענגעשטעלט פון פיל מיליאָנען קעמערלעך: דער
איילבערט, וועלכען דו זעסט דאָ קייגען דיר, האָט אין יעדען
בלאַט אַ גאַנצע מאַסע אַזעלכע קעמערלעך, און וויפיל בלעטער
לאָזט ער פון זיך פאַלען בשעת אַ ווינט!

און אַז מען קומט צו דיר אַליין, צו דעם מענש, וועל־
כער שטייט נאָך פיל העכער פון דעם הונט. אויך דו ביסט
פון דער חיה ענטשטאַנען, ביסט נאָך איצט, זאָאָלאָגיש גענו־
מען, אַנ׳אמת׳ע חיה. אויך דיינע לונגען, דיינע געדערעם, דיי־
נע געהירן בעשטייען פון די זעלבע בוי־ציגעל. דיין לייב,
דיינע אָרגאַנען, דיין גאַנצער „דו“ איז נור איין איינציג גרוי־
סע וואונדער־געביידע פון מיליאָנען קליינינקע קעמערלעך,
פונקט אַזוי ווי דער הונט, דער רעגענוואָרים, דער איילבערט.

דאָ האָבען מיר פריער גערעדט בעזונדער וועגען איני־
גע אָרגאַנען פון דיין מענשליכקייט. וועגען די געשלעכטליכע

די זעלבע לעבעדיגע שטאָף-טיילעכלעך, וואָס די געדערעם. ס'פערשטייט זיך: זייער בעשעפטיגונג איז דאָ, אין די לונגען, אַנ'אַנדערע ווי דאָרט, אין די געדערעם. אָבער דאָס שטערט ניט דעם גרונד-פאַקט, אַז אין פּרינציפּ זענען דאָס די זעלבע „בוי-ציגעלעך", וועלכע שטעלן צוזאַמען יעדן לעבעדיגן אָרגאַן.

און אַזוי קאָנסטו דעם גאַנצן הונט צופּיצלען און בעטראַכטן יעדער שטיקעלע הויט, יעדער מוסקול-טיילעכעל, יעדער פּעדימעל פון די געהירן: אומעטום וועסטו געפינען דעם זעלבן גרונד-עלעמענט, די זעלבע קליינע קניילעכלעך לעבעדיגן שטאָף, וועלכע קלעבן איינס אָן אַנדערן פּונקט אַזוי ווי ציגעלעך, און שטעלן צוזאַמען דעם גאַנצן קערפּער פון הונט פּונקט אַזוי, ווי רעכטע ציגעל שטעלן צוזאַמען אַ רעכט הויז.

מען האָט געדאַרפט פאַר די דאָזיגע לעבעדיגע „ציגעלעך" געפינען אַ נאָמען; און מען איז ענדליך איינגעגאַנגען אויף אַ וואָרט, וועלכעס איז ניט אינגאַנצן ריכטיג, אָבער אויך ניט אינגאַנצן שלעכט. מען האָט זיי אָנגערופן „קעמערלעך". מען זאָגט: דער גאַנצער הונט, זיינע אַלע אָרגאַנען זענען אויפגעבויט פון מיליאָנען און אָבער מיליאָנען אַזעלכע לעבעדיגע „קעמערלעך"; דער הונט איז אַ גרויסע געביידע, וועמענס איינהייטלעכער בוי-ציגעל עס איז דאָס „קעמערל". די לעבענס-געוואוינהייטן, די בעשעפטיגונגען פון די דאָזיגע קעמערלעך זענען דערביי זער פערשידנאַרטיגע. די קעמערלעך פון די געדערעם זויגן אַריין נאַרונגס-זאַפט, די קעמערלעך פון די לונגען נוצן אויס די לופט, וועלכע איז נויטיג פאַר'ן אָרגאַניזם, די קעמערלעך פון די געהירן שפּילן די ראָל פון דער העכסטער אָנפירונג: זיי פילן, בעטראַכטן און רעגולירן די גאַנצע אויסהאַלטונג פון קערפּער. אָבער מעגן די קעמערלעך האָבן די פערשידענסטע פונקציעס און מעגן זיי דעריבער אויך אָננעמען אויסערליך די פערשידענסטע פאָרמען— אינערליך בלייבן זיי אין עצם פּונקט די זעלבע, אינגאַנצן

אונטער גוטע פֿערגרעסערונגס-גלעזער. דאָס, וואָס דו האָסט
באַמערקט ביי די הויז-ווענט, דאָס דאָזיגע געדערעם-ווענטל
באַשטייט, נאַטירליך, נישט פֿון קיין ציגעל. עס באַשטייט אָבער
פֿון געחיִסע קליינע בוי-טיילעכלעך, וועלכע זענען איינס
צום אַנדערן פֿעסט צוגעקלעבט פּונקט ווי קליינע ציגעלעך,
און וועלכע שטעלן צוזאַמען די גאַנצע געדערעם, פּונקט אַזוי
ווי יענע גרויסע ציגעל שטעלן צוזאַמען די גאַנצע וואַנט.
און דערביי איז פֿאַרהאַן נור איין אונטערשיד (אַ חוץ דעם,
וואָס די בוי-טיילעכלעך פֿון די געדערעם זענען מיקראָסקאָפּיש-
קליינע): די טיילעכלעך פֿון די געדערעם זענען נישט קיין
האַרטע, שטיינערנע שטיקער, אַזוי ווי די ציגעל, נור ווייכע
קנוילעכלעך פֿון אַ זער אייגענאַרטיגער מאַסע. די געדערעם—
דאָס איז דאָך אַ טייל, אַ „צימער" פֿון אַ לעבעדיגען אָרגאַניזם
(פֿון אַ חיה, פֿון אַ הונט). די געדערעם „לעבען" אויך, כּל זמן
דער גאַנצער הונט לעבט. און דאָס לעבען פֿון דעם דאָזיגען
הונט, פּונקט אַזוי ווי דאָס גאַנצע לעבען אויף דער ערד, איז
אָבהענגיג פֿון אַ בעשטימטען שטאָף, וועלכער בעשטייט פֿון אַ
מערקווירדיגער כעמישער מישונג. יעדער „ציגעל" פֿון די גע=
דערעם איז טאַקע אַ קנוילעכל פֿון דעם דאָזיגען לעבענס=שטאָף.
אַנ'אונגעהויערע צאָל אַזעלכע קנוילעכלעך שטעלט צוזאַמען די
גאַנצע געדערעם און מאַכט זיי זאָלען „לעבען". די דאָזיגע
„ציגעלעך" שטעלען נישט נור צוזאַמען די גאַנצע געדערעם,
נור זיי טוען אויך די אַרבייט פֿון די דאָזיגע געדערעם; דער-
מיט שטייען זיי פֿיל העכער פֿון די ציגעל פֿון אַ שטיינער-
נעם מויער.

נעם איצט אַנ'אַנדער „צימער" פֿון דעם לעבעדיגען הויז,
וואָס ס'ווערט גערופֿען הונט: נעם די לונגען, בעטראַכט אַ
שטיק לונג אונטער'ן מיקראָסקאָפּ. אין די לונגען ווערט געטאָן
אַנדער דעם לעבען פֿון דעם הונט נישט דאָס זעלבע, וואָס אין
די געדערעם. און דאָך: פּונקט אַזוי ווי אין אונזער הויז האָ-
בען מיר ענטדעקט די זעלבע ציגעל אין די ווענט פֿון סאַ-
לאָן און פֿון קלאָזעט, אַזוי בעשטייען אויך דאָ די לונגען פֿון

מערל״, וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון מענשליכען אָרגאַניזם.

דערצו איז נויטיג, אַז דו זאָלסט דיר פאָרשטעלען אַ גאַנץ פשוט'ע נאַטורגעשיכטליכע זאַך, וועלכע איז נאָך איצט אפילו נישט אינגאַנצען אָנגענומען.

שטעל דיר פאָר אַ גרויס הויז מיט אַ מאַסע צימערן. די צימערן זענען נישט גלייך גרויס אָדער הויך און זענען פערשידען מעבלירט. איינס דינט פאַר אַזאַ צוועק, דאָס אַנדערע פאַר עפעס אַנדערש: שלאָף=צימערן, עס=צימערן, קיכען א. אַז. וו. די צימערן דאַרפען דאָך דינען אַ גאַנצען הויז=געזינד פאַר זיינע בעדערפעניסען און דעריבער זענען זיי אויף דעם פערשידענסטען אופן איינגעאָרדענט. אַז דו רוקסט אָבער אָב דאָס מעבעל, רייכסט אויף די טאַפעטען און בעטראַכסט די ווענט, זעכסטו: אומעטום בעשטייען די ווענט פון די זעלבע בעשטאַנדטיילען, פון ציגעל.

מעג אַ וואַנט זיין הויך אָדער נידריג, מעג זי זיין די וואַנט פון סאַלאָן, אָדער פון קאָרידאָר, אָדער גאָר פון קלאָזעט: אומעטום בעשטייט זי פון די זעלבע ציגעל, וועלכע ליגען איינער אויף דעם אַנדערן, פעסט צוזאַמענגעקלעבט, און וועלכע זענען אויף אַזאַ מין אופן די עלעמענטאַר=טיילען פון דעם גאַנצען הויז.

איצט נעם בעטראַכט וועלכע ס'איז חיה, לאָ'מיר זאָגען אַ הונט. ער איז אויך אַזאַ מין גרויס קאָמפליצירט הויז. ווען דו קוקסט אַריין אין זיין לייב, זעסטו קאַמערן און קאָרידאָרן פון אַלע מינים. דאָ זעסטו דאָס האַרץ, דאָ די צוויי לונגען, דעם מאגען, די געדערעם, מיט איין וואָרט די אָרגאַנען. די דאָזיגע אָרגאַנען זענען אויך שטאַרק נישט ענליך, איינער צום אַנדערן. און זיי דינען טאַקע אויך פאַר די פערשידענסטע צוועקען: דאָס האַרץ פלומפט דאָס בלוט, אין די לונגען ווערט עס גערייניגט, אין מאָגען און אין די געדערעם ווערט דאָס עסען איבערגעאַרבייט און אַזוי ווייטער.

און דאָך: בעטראַכט אויך דאָ די וואַנט פון אַזאַ אָרגאַן. שנייד אויס אַ שטיק פון די געדערעם און לייג עס אַוועק

פונקט ווי אין אַ צויבער־קעסטל, פון וועלכען אַ האָמונקולוס דאַרף אַרויס. מיט אַמאָל קומט אַרויס אַ רוקען־מאַרך, אַ קאָפּ, אויגען, פיס. אַ צייט זעט זיך נאָך דערביי אַן עק, — עפּעס אַ משונה׳דיגע בריאה, פון וועלכער עס וואָלט געקאָנט שפּעטער אַרויסקומען אַפילו אַ חזיר, אָדער אַ האָז. ניִשט מער, וואָס דער דיקער קאָפּ איז עפּעס באַלד פון אָנהויב אָן פערדעכטיג, ער דערמאָנט שוין דעם „מענש". דערנאָך קומט די ווייטערדיגע ענטוויקלונג, און אָט איז עס שוין אינגאַנצען אַ רעכט מענשע־לע; אמת, ס׳איז נאָך לעכערליך־קליין, אָבער עס דאַרף שוין ניִשט מער, ווי דערגרייכען אַ געוויסע גרויס און די נויטיגע וואָג, כדי עס זאָל מיט אַמאָל קענען איבעררייסען אַלע קער־פּערליכע פערבינדונגען מיט דער מוטער און ס׳זאָל אַרויסגע־שטויסען ווערען פריער פון דער עפענונג פון דער הויבמוטער און דערנאָך שוין אינגאַנצען פון דער עפענונג פון דעם פרוי־ען־קערפער — אויף דער פרייער לופט אַרויס. די דאָזיגע „גע־בורט" פערענדיגט אייגענטליך נור דאָס, וואָס די „בעהעפטונג" האָט אָנגעהויבען, צו וואָס זי האָט געוואָלט דערפירען: די בע־שאַפונג פון אַ נייעם, זעלבסטשטענדיג לעבענס־פעהיגען מענ־שען, וועלכער האָט אין זיך דאָס, וואָס ער האָט גע׳ירש׳ענט פון פאָטער און מוטער, און וועלכער איז אין דער זעלבער צייט אַ נייע זעלבסטשטענדיגע „אינדיווידואַליטעט".

**א**ון צו דעם אַלעם וויל איך דיר זאָגען נאָך אָט וואָס. איך האָב דיר שוין געזאָגט: דאָס ווייסליכע איי שטעלט מיט זיך פאָר. פונקט אַזוי ווי דאָס מענליכע זוימען־חיה׳לע, אַ קליין לעבעדיג „שטיקעלע", וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון דעם לע־בעדיגען מענליכען אָדער ווייבליכען לייב. די וויסענשאַפט בע־צייכענט דאָס אין איר שפּראַך אַביסעל גענויער, בענוצענדיג אַ וואָרט, וועלכעס אונז וועט נאָך אָפט אויסקומען צו דערמאָ־נען. זי זאָגט אַזוי: דאָס איי, דאָס זוימען־חיה׳לע שטעלען מיט זיך פאָר יעדעס בעזונדער איין איינציג לעבעדיג „קע־

די טורבינע פון דעם נייעם קערן פערדאָפּעלט זיך, עס שטעלט
זיך אויף דאָס אַלטע שפּינדעל, די פּיראונצוואַנציק כראָמאָזאָ=
מען שטעלען זיך אויס אינדערמיט און פירען דורך דאָס זעל=
בע, וואָס די כראָמאָזאָמען פון איי=קערענדעל האָבען געטון:
זיי שפּאַלטען זיך אויף אַכטאונפערציק. פון די דאָזיגע אַכט=
אונפערציק גייט צו איין רייע, ד. ה. פּיראונצוואַנציק, צו איין
טורבינע, די אַנדערע רייע צו דער אַנדערער טורבינע. אָבער
ווייטער געשעט שוין נישט דאָס זעלבע וואָס פריער. אמת,
אויך דאָס מאָל צורייסט זיך דאָס טורבינען=שפּעל אינדערמיט,
נעמענדיג פּיראונצוואַנציק כראָמאָזאָמען אויף איין העלפט פון
שפּעל און פּיראונצוואַנציק אויף דער אַנדערער. אָבער דאָס
קומט שוין נישט פאָר ביים ראַנד פון דעם גרויסען געלעכל=
ים. איצט שפּאַלט זיך דער גאַנצער ים, דאָס גאַנצע איי, אינ=
דערמיט, אין דעם שניט צווישעןביידע טורבינען. אנשטאט צו
בילדען אַ קליין נעבען=אייעלע, שפּאַלט זיך דאָס גאַנצע איי
אַזוי אַרום אויף צוויי „אייער"; יעדעס פון די דאָזיגע אייער
האָט זיין ריכטיגע צאָל, פּיראונצוואַנציק כראָמאָזאָמען. און אַזוי
גייט אויך ווייטער: עס קומען פאָר נייע שפּאַלטונגען אויף
פיר „אייער", אַכט, זעכצען און אַזוי ווייטער. דאָ האָט שוין
דאָס וואָרט „אייער", פערשטייט זיך, מער נישט קיין זין. דאָ
האַנדעלט זיך שוין אין לעבעדיגע בוי=שטיינער, וועלכע ווערען
געשאַפען אויפ'ן וועג פון בעפרוכטיגטען איי ביז צום קינד.
דאָס פאַרטיגע קינד איז אין אַ געוויסען זין נור דער אָרדנונגס=
פּראָדוקט פון טויזענטער און אָבער טויזענטער אַזעלכע טייל=
פּראָדוקטען, אַזעלכע לעבעדיגע בוי=שטיינער, אַנ'אונגעהויערע
מאָזאַיק=אַרבייט, וועלכע ווערט דאָך דורכגעפירט שטאַפּעלווייז
לויט אַ גאַנץ בעשטימטען געזעץ, אויפ'ן גרונד פון אַ בעשטימ=
טען בוי=פּלאַן, טאַקע אויפ'ן גרונד פון דער ערבליכקייט, וועל=
כע איז בעהאַלטען אין די כראָמאָזאָמען. די בוי=שטיינער לייי=
גען זיך, ווי שיכטען, איינער אויפ'ן אַנדערן, און פון יעדען
פון די דאָזיגע שיכטען ווערען בעשטימטע אָרגאַנען און אָרד=
נונגען פון אָרגאַנען. עס קרימט זיך, פאַלבט זיך, גרופּירט זיך

חיות, און טראָגען זי אַריבער מיט דער הילף פון אונזער פּאַנ־
טאַזיע אויף דעם מענשען. אַזעלכע חיות זענען צום ביישפּיל
די ים־נאָדעל־חיה׳לעך. זיי זענען אַזוי פריינדליך און בילדען
אויס גלאָז־העלע דורכזיכטיגע אייער, וועלכע לאָזען זיך אונ־
טערן מיקראָסקאָפּ פון פּאָריי־ער קינסטליך בעפרוכטיגען מיט
לעבעדיגע מענליכע זוימען ב׳ די ים־נאָדעל־חיה׳לעך. אַנ׳אַנ־
דערער אַזאַ העלפער פאַר דער וויסענשאַפט איז געוואָרען דער
ערד־באַנד־וואָרים. ביי אים זעט מען אַלץ קלאָר ווי דער טאָג,
לעצטענס האָט זיך די פאָרשונג אַריינבעקומען טיפער אין לייב
אויך ביי די זויג־חיות, ד. ה. ביי די נאָנטסטע קרובים פון
מענשען. דעם פאָרשער סאָבאָטאַ האָט געגליקט נאָכצופאָלגען
ביי דער מויז כמעט דעם גאַנצען פּראָצעס, אָנהויבענדיג פון
דער אויסטיילונג פון די ריכטונגס־קערפּערלעך און ענדיגענ־
דיג מיט דער צוזאַמענגיסונג פון איי־קערענדעל מיט דעם זוי־
מען־קערענדעל. ער האָט דאָס אַלץ נאָכגעפאָרשט שטופּע ביי
שטופּע און אָבגעצייכענט. נאַטירליך דאַרף מען רעכענען, אַז
ביי אַזאַ סצעניִשער אויפפירונג פון דעם פּראָצעס, אַזוי ווי איך
האָב אים דאָ פאַר דיר פאָרגעשטעלט, קומט־צו אין איינצעל־
נע פאַלען און אין די בעזונדערע פונקטען אַ געוויסע פערשי־
דענאַרטיגקייט; אָבער דו קאָנסט איינגאַנצען זיכער זיין, אַז די
אַלע הויפּט־ענטוויקלונגס־פונקטען, וועלכע דו האָסט געזען, קו־
מען פאָר ביים מענשען פונקט אַזוי, ווי דו האָסט זיי געזען.

איך וויל זיך אויף דעם אָרט נישט אַריינלאָזען אין
פּרטים וועגען דעם, וואָס ס׳קומט פאָר מיט דעם בעפרוכטיג־
טען מענשליכען איי, און ווי אַזוי עס ווערט דערפון אַ פאַר־
טיגער מענש. דאָס איז נאָך אַ לאַנגע, העכסט־פערוויקעלטע גע־
שיכטע. פון דעם אַלטען איי־קערענדעל און דעם נייעם זוימען־
קעפּעל ווערט אַ ניי בעשעפּעניש,—אַ בעשעפּעניש, וואָס פאַראיי־
ניגט אין זיך עפּעס פון צוויי צדדים: אַ שטיקעל פאָטער און
אַ שטיקעל מוטער. אין אָנהויב דאַכט זיך, אַז אין דעם בע־
פרוכטיגטען איי הויבט זיך ווידער אָן די גאַנצע געשיכטע
מיט די קליינע נעבען־אייערלעך, מיט די ריכטונגס־קערפּערלעך.

וועלכע ווערט ביי דער בעפּרוכטיגונג ווידער אויפגעשטעלט, אויף פּיראונצוואנציק; מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט מען נאָך גערעכנט, אַז זייער צאָל איז זעכצען. מען קען, ענדליך, שוין זייט אַ לענגערער צייט די אַלגעמיינע בעדינגונגען פון דעם אַקט, און מען קען — און דאָס איז זער וויכטיק — די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דעם נייעם מענשעלע פון דעם בעפּרוכטיגטען איי. אין זיך אַליין האָט אָבער נאָך קיינער נישט אַריינגעקוקט, כדי צו קאָנטראָלירען די דאָזיגע זער פּינקטליכע פּרטים. אָבער איינס ווייסט מען פונקט אַזוי זיכער. אין פונקט פון דער איי-אויסבילדונג און בעפּרוכטיגונג, אָנהויבענדיג פון דעם אויסטיילען די ריכטונגס-קערפּערלעך און ביז צו דעם צוזאַמענגיסען דאָס איי-קערענדעל מיט דעם זוימען-קעפּעלע, זעען צווישען זיך די חיות, וועלכע פּרוכפּערן זיך דורך אַ געשלעכטליכער בעפּרוכטיגונג, אויסערגעווענליך ענליך. ביי אַלע חיות חזר'ט זיך איבער אויסערליך גענוי דער זעלבער פּראָצעס, און אין עצם, אין דער סכעמע פון פּראָצעס זעט זיך נישט דער מינדסטער אונטערשיד. די צאָל פון די כראָמאָזאָמען איז ביי די בעזונדערע חיות אַ פערשידענע: ביי געוויסע ווערים דערגרייכט זי נישט מער ווי פיר, ביי ראַקעס שטייגט די צאָל ביז העכער הונדערט. אָבער ביי אַלע מינים לאָזען אין זיך איבער די רייפע זוימען-חיה'לעך און די איי-קערענדלעך פונקט די העלפט פון זייער צאָל כראָמאָזאָמען, אַזוי אַז די בעפּרוכטיגונג שטעלט ווידער אויף די פריערדיגע צאָל. די אויסערליכע געשטאַלט פון די זוימען-היה'לעך מעג זיין ביי פערשידענע מינים די פערשידענסטע; אָבער זייער ראָל בלייבט תמיד די זעלבע. דער טעמפּ פון די בעזונדערע געשעענישען קאָן אויך זיין אַ פערשידענער, די אָרדנונג פון די געשעענישען קאָן זיין אַנ'אַנדערע, ווי מיר האָבען זי געזען; דער רעזולטאַט גיט אָבער תמיד די זעלבע פאָרמול.

דעריבער בעגייען מיר נישט קיין פעלער, ווען מיר נעמען איינציגע פּרטים פון דער בעפּרוכטיגונגס-האַנדלונג, וועלכע מיר האָבען צופעליג געקאָנט גענוי נאָכפאָלגען ביי געוויסע

צווייטן פונקט גלייכע טיילן ערבליכקייט־שטאָף פון צוויי מענשליכע אינדיווידואומס: פון אַ מאַן און פון אַ פרוי.

דעם אַקט פון דער אויסערליכער איבערליפערונג פון די „זוימען־חיה׳לעך" אין דעם ווייבליכן געשלעכטליכן אָרגאַן אַריין קענסטו. דער געשלעכטליכער אָרגאַן פון דער פרוי איז איינגעאָרדנעט אַזוי, אַז די הויבמוטער, ביי וועמענס אינערליכען טויער עס וואַרט דאָס איי, איז מיט דער הילף פון אַ צווייטען פרייען אַרויספיר־גאַנג פערבונדען מיט דער אויסערליכער וועלט, אַז די „זוימען־חיה׳לעך" ווערען איינמאָל אין דעם דאָזיגען אַרויספיר־גאַנג אַריינגעלאָזען, אַרבייטען זיי זיך שוין דורך מיט דער אייגענער בעוועגונג אַלץ ווייטער, ביז אין דער הויבמוטער אַריין און נאָך ווייטער.

זיי קומען דאָרט צו, אויב אַלץ איז נאָרמאַל צוגעגרייט, צו דעם ווייבליכן איי־קעמערל, וועלכעס איז שוין רייף און וואַרט אויף זיי. אָדער האַלט שוין אָט ביים רייף ווערען.

איין זוימען־חיה׳לע דרינגט אַריין ביז אין געלעכל פון דעם איי. אַז דער קערן פון דעם איי גיסט זיך דאָרט צוזאַמען מיט דעם קאָפּ פון דעם זוימען־חיה׳לע, איז די בעפרוכטיגונג אין אייגענטליכען זין פערענדיגט. ניין חדשים נאָך דעם דאָזיגען אינערליכען אַקט קומט ווידער אַרויס פון דער פרוי אויף דער אויסערליכער וועלט דאָס קינד.

ווי אַזוי דאָס געשעעט האָסטו געזען. וואָס עס זענען אַזעלכעס די וואונדערליכע קרעפטען, וועלכע ווייזען דאָ אַרויס זייער ווירקונג,—דאָס איז אפילו נאָך פאַר דער מאָדערנסטער וויסענשאַפט אינגאַנצען אַ רעטעניש...

אין קלאַמערן וויל איך צוגעבען נאָך עפּעס. דו האָסט מיט דער הילף פון דער פּאַנטאַזיע געזען אַזעלכעס, וואָס דער פלינקסטער נאַטור־פאָרשער אַפילו האָט ביז איצט נישט געקאָנט זען אַלס ווירקליכען אינערליכען אַקט. מען קען דאָס מענשליכע איי און מען קען די מענשליכע זוימען־חיה׳לעך. מען קען די מענשליכע כראָמאָזאָמען און מען בערעכענט לויט די לעצטע פּינקטליכסטע אויספאָרשונגען זייער גרונד־צאָל,

איי=קערענדעל. און נאָך מער: די אַלגעמיינע ענליכקייט גייט
אַזוי ווייט, אַז אין אָנהויב האָט דאָס „זוימען=חיה׳לע" אויך
געהאַט גאַנצע פיראונצוואַנציק כראָמאָזאָמען, פונקט אַזוי ווי
דאָס איי אויף זיין ערשטער שטופע. עס האָט אין זיך געהאַט
פונקט אַזוי פיל ערבליכקייט=מאַסע, ווי אַזאַ איי. אויך ביי אים
איז עס געווען ירושה=מאַסע פון עלטערן, זיידעס און אַזוי
ווייטער—פון אַלע פריערדיגע דירעקטע בלוט=קרובים פון דעם
מאַן, וועלכע האָט די „זוימען=חיה׳לעך" פון זיך אויסגעטיילט
אָבער נאַטירליך (אַזוי ווי דאָ האַנדעלט זיך דאָך שוין אין
אַנ׳אַנדערן מענשליכען אינדיווידואום) האָבען מיר דאָ צו טון
מיט אַ מענשליכען ערבליכקייט=קאַפּיטאַל, וועלכער איז אַבי=
סעל אינדיווידועל=אַנדערש בעשאַפען געוואָרען! נאָך
איידער אונזער זוימען=חיה׳לע איז אַריין אין ווייבליכען קער=
פער, האָט עס דורכגעמאַכט פונקט אַזאַ פּראָצעס, ווי דאָס איי=
קערענדעל: עס האָט אויך פון זיך אַרויסגעוואָרפען אַ העלפט
פון זיין ערבליכקייט=מאַסע אין געשטאַלט פון צוועלף כראָמאָ=
זאָמען (דער דאָזיגער פּראָצעס איז ביי דעם „זוימען=חיה׳לע"
אַ מער קאָמפּליצירטער, אָבער אין פּרינציפּ איז עס פונקט אַזאַ
טיילונגס=פּראָצעס, ווי מיר האָבען אים געזען ביי דעם איי).
אויף אַזאַ אופן האָט עס געקאָנט מיטברענגען מיט זיך אין
ווייבליכען איי אַריין נור פונקט אַזוי פיל כראָמאָזאָמען=שטאָף,
ווי דאָרט האָט געפעלט, כדי ווידער צוריקצושטעלען די גאַנצ=
קייט פון פריערדיגען קאַפּיטאַל.

ווי אַזוי די דאָזיגע צוריקשטעלונג איז אין דעם איי גע=
שען, האָסטו געזען. דאָס עקעל פון דעם „זוימען=חיה׳לע" האָט
באַלד נאָכ׳ן גליקליכען אַריינבעקומען זיך אין איי פשוט זיך
צוזאַמענגעגאָסען מיט דער גרויסער איי=מאַסע. די טורבינע
האָט דאַן צוזאַמענגעטריבען דעם זוימען=קאָפּ מיט דעם איי=
קערן. די כראָמאָזאָמען פון ביידע קערפערלעך זענען צוזאַמענ=
געלייגט געוואָרען פאַר דעם נייעם פעראייניגטען קערן, אַזוי
אַז עס זענען צוריק געשאַפען געוואָרען די פריערדיגע פיראונ=
צוואַנציק; אָבער דערביי איז שוין פאָרגעקומען אַ מישונג פון

אונמיטעלבאַר אין דעם זעלבען אָרגאַן, אין וועלכען דאָס קינד פערוויילט שפעטער און ווערט רייף ביז צו דער געבורט.

די פרוי, אין וועלכער מיר האָבען צוגעזען דעם דאָזיגען שוישפיל, איז אונמיטעלבאַר פריער אָדער מיט אַ קורצער צייט צוריק געקומען אין בעציהונגען מיט אַ צווייטען מענשליכען וועזען. אין דעם דאָזיגען צווייטען מענשליכען וועזען האָבען זיך אויפ׳ן אָרט פון די אייערשטאָקען פון דער פרוי געפונען געוויסע אָרגאַנען, וואָס פלעגען אַרויסלאָזען אין זער אַ גרויסער צאָל די דאָזיגע קעפעלעקעל-ענליכע ברואים׳לעך, וועלכע דו האָסט געזען אַלס פרעמדע אָנפאַלער אַרויסלויפען פון דער הויבמוטער אין דער שאַכט, וואו דאָס איי איז געלעגען. די דאָזיגע ברואים׳לעך, וועלכע שטעלען מיט זיך פאָר מיקראָסקאָפיש-קליינע אָבער אינטענסיוו-לעבעדיגע קערפערלעך, רופט מען אָן „זוימען-קערפערלעך" אָדער „זוימען-חיה׳לעך". זיי זענען אָבער נישט קיין זעלבסטשטענדיגע „חיה׳לעך", נור קליינע אָבגעריסענע פראָדוקטען אָדער שטיקער פון מענליכען לייב, פונקט אַזוי ווי די אייער פון אייערשטאָק זענען אָבגעריסענע פראָדוקטען אָדער שטיקער פון ווייבליכען לייב. אויסערליך, האָבען זיי, אמת, אין אָנהויב אַנ׳אַנדערע געשטאַלט, ווי די אייער פון דער פרוי. דאָס קאָן דיך אָבער נישט וואונדערן, ווייל זיי שטאַמען דאָך פון מאַן, וועמענס קערפער-געבוי עס שיידט זיך אונטער פון דעם קערפער פון דער פרוי אויך אַ חוץ דעם אין פיל פונקטען (אַ חוץ דער צוגעהעריגקייט פון ביידע צום טיפ „מענש"). דאָך, ווען מען בעטראַכט זיי גענוי, זעט מען, אַז זייער אינערליכער געבוי איז פאַקטיש דורכאויס אַ פרינציפיעל-ענליכער. זייער קיילעכיג „קעפעלע" אַנטשפרעכט דעם ווייבליכען איי-קערענדעל דאָס „עקעל" ענטשפרעכט דער איי-מאַסע, אין וועלכער דאָס דאָזיגע קערענדעל שווימט. אפילו דאָס שטיקעלע, וואו עס הויבט שפעטער אָן צו אַרבייטען די טורבינע, איז, ווי דערמאָנט, פון אָנהויב אָן דאָ ביי דעם קעפעלע. דאָס דאָזיגע קערן-קעפעלע האָט זיין נעץ, וועלכע קאָן זיך צוטיילען אויף כראָמאָזאָמען, פונקט אַזוי ווי דאָס

אין זיי ביידע דאָס אינערליכע נעץ געפּלאַצט. בשעת דער
פּעראייניגונגס=קאַטאַסטראָפע האָט עס זיך פונאַנדערגעפּלאָכטען
אויף די כראָמאָזאָמען=שטיקער, פּונקט אַזוי ווי ס'איז אַמאָל
געשען בשעת דער קאַטאַסטראָפע מיט דעם איי=קערענדל. נאַ=
טירליך, האָט דאָס איי=קערענדל, צוברעכענדיג זיך, דערביי
אַרויסגעגעבען זייגע צוועלף כראָמאָזאָמען; אויף מער האָט עס
דאָך קיין שטאָף ניט געהאַט. אָבער וואונדערליך: ביי דעם
דאָזיגען פּלאַצען איז קלאָר געוואָרען, אַז אויך די נעץ
פון דעם פרעמדען קערענדעל האָט ענטהאַלטען
אין זיך פּונקט אַזוי פול שטאָף. ווייל אויך דאָס דאָ=
זיגע קערענדל האָט פּלאַצענדיג און צוזאַמענגיסענדיג זיך גע=
געבען פּונקט צוועלף כראָמאָזאָמען. און אַז די דאָזיגע צוויי=
מאָל צוועלף כראָמאָזאָמען פון ביידע ענליכע קערן=קוילען
האָבען זיך פעראייניגט, האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען און זע=
נען געוואָרען איין קערפּער, איז פּאַקטיש אין דעם דאָזיגען
צוזאַמענגעגאָסענעם קערפּער, אין דעם נייעם קערן פון דער
גאַנצער קויל, ווידער צוריקגעשטעלט געוואָרען דער גאַנ=
צער פריערדיגער קאַפּיטאַל פון דער ערבליכ=
קייט=מאַסע: דער דאָזיגער נייער קערן האָט ווידער די
פולע צאָל פון פיראונצוואַנציק כראָמאָזאָמען.

אַזוי אַרום איז ווידער צוריקגעשטעלט געוואַרען די פריִ=
ערדיגע לאַגע. אָבער די העלפט פון דער דאָזיגער ווידער בע=
קומענער פולער צאָל איז שוין ניט געקומען פון דעם איי=
געגעם איי=קערן, נור עס האָט זי מיטגעבראַכט אַ פרעמדער
קערן, וועלכער איז־פריער אויך אין אַ גאַנץ בעזונדערער גע=
שטאַלט־ארייינגעדרונגען אין דעם איי פון דרויסען.

כדי צו ערקלערען דאָס בילד, דאַרף מען דאָ צוגעבען גאַנץ
ווייניג. די געשעעניש, וועלכע דו האָסט נור וואָס צו=
געזען, האָבען זיך אָבגעשפּילט האַרט נעבען דעם אָרט, וואו
די איי=טרויב פאַלט אַריין אין דער הויבמוטער, ד. ה. שוין

אָבער אין דער צייט, ווי מיר האָבען איִם אַזוי בע־טראַכט, האָט ער זיך דערווייל אַרויסגערוקט ווייטער פאָראויס: עס איז זיכער: ער רוקט זיך צו דעם איי־קערענדל. שוין וואַרפען זיך אַריבער די פאָדערשטע שטראַלען פון זיין טורבי־נע־זון אין דער געגענד, וואו דאָס דאָזיגע קערענדל האָט ביז איצט אונבעוועגליך גערוט, ווי אַנ׳ענדגילטיג איינגעזונקענע שיף. און קוים האָבען די שטראַלען אַ שלאָג געטון אין איר געגענד, האָט די אַלטע שיף מיט אַמאָל אַ ציטער געטון. וואָס פאַר אַ קראַפט עס זאָלען נישט האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט די טורבינען־שטראַלען: צי איז עס באמת אַ כוואַליע־בעוועגונג אָדער עפּעס אונענדליך־צאַרטערס, עלעקטריציטעט, אָדער אַ גאַנץ אונבעקאַנטע צוציִהונגס־ און בעוועג־קראַפט: יעדענפאַלס, אונטער איר ווירקונג ריִרט דאָס איי־קערענדל באַלד פון אָרט. שטיל הויבט עס אָן דעם מאַגישען גאַסט אַ ק ײ ג ע ן צו שווי־מען. אַ פייערליכער מאָמענט. קויל גייט אויף קויל אין העלען פרייען אָקעאַן. אַ קורצע ווײלע און די לעצטע שטרעקע איז דורכגעמאַכט. ביידע זענען זיך צוזאַמענגעקומען.

די אַלטע קערן-קויל פירט זיך אויף אַזוי, אין דעם פּשוט׳סטען זין פון וואָרט, ווי זי וואָלט געוואָלט דעם גאַסט אַרומנעמען. זי לאָזט פון זיך אַרויס פינגערדאַרטיגע אַרויס־שפּראָ־צונגען, וועלכע וויקלען זיך אַרום דער פרעמדער קויל, זי דריקט צו זיך צו דעם פריינד, קנייטשט זיך אַריין אין דעם אָרט, וואו זי ריִרט אָן די צווייטע קויל... פּלוצלונג איז דאָס דאָפּעל־בילד פון די צוויי־קוילען פערשוואונדען, זיי האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען, זיי ז ע נ ע ן ג ע וו אָ ר ע ן א י י נ ס. די זון, וועלכע דער פרעמדער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט שטייט אין פולער בעשטראַלונג אַרום דער ניי־ענטשטאַנענער פּעראייניגטער קויל: די גרויסע הויפּט־קויל האָט, ווי פריער, אַזוי אויך איצט ווידער נור איין איינציגע גענוי אין צענטער שווימענדיגע אי־נערליכע קויל, נור איין איינציגען „קערן“.

אָבער אין דעם זעלבען אויגענבליק, ווען עס איז פּאָר־געקומען די דאָזיגע פעראייניגונג פון צוויי קערן־קוילען, האָט

האָט זיך אין איר פּערוואַנדעלט דאָס קורצע דיקע פּערביני־דונגס־שטיקעלע צווישען דעם קאָפּ און דעם אייגענטליכען דינעם עק. שפּעטער האָט זיך דאָס שיפּעל אַ קער געטון אַרום זיין אַקס און אַוועקגעשיקט די טורבינע פּאָרויס.

די טורבינע, וועלכע האָט זיך ווידער בעוויזען—דאָס בעדייט בעשיינפּערליך אַ נייע לעבען אין דער מאַסע. ווייל דאָס אַלטע קערענדל האָט זיך זינט זיין לעצטען אויספלוג צום ראַנד פון דער קויל אינגאַנצען בערוהיגט און אויפגעהערט זיין טורבינע־שפּיל. שטיל ליגט עס אונבעוועגליך אינדערמיט פון דער מאַסע, אַזוי ווי עס וואָלט קיינמאָל קיין טורבינע נישט געהאַט. דערפאַר אָבער רודערט שוין דאָס וואַסער־ראָד פון דער פּרעמדער אינוואַזיע. זע, שוין שטייט די גאַנצע זון אין ים,—די זון, וועלכע ס'רינגלען אַרום פון אַלע זייטען די וואַסער־שטראַלען.

און וואונדערליך: נישט נור די טורבינע אַליין מאַכט דאָס פרעמדע שיפּעלע אַזוי ענליך צו דעם אַלטען איי־קערענדל. ווען די פּרעמדע בריאה מיט זיין ציטער־עקעל האָט זיך אַריינגעדריקט פון דרויסען אין דעם קאַנאַל פון דער גלאָזהימעל, האָט עס קיין שום ענליכקייט נישט געהאַט מיט אונזער איי־קערענדל. איצט אָבער, ווען נור זיין קעפּעל שווימט אַזוי אין ים ווי אַ קליין בלעזעלע מיט דער טורבינע פּאָראויס, וואַקסט די ענליכקייט פון מינוט צו מינוט. איך וויל אונזער בעלויכטונג אַביסעל מער וואַרפען אויף דעם דאָזיגען בלעזעלע, כדי דו זאָלסט, נישט קוקענדיג אויף זיין קליינקייט, בעקומען אַ בעגריף אויך וועגען זיין אינערליכען געבוי. איצט זע, ווי די ענליכקייט ווערט נאָך גרעסער. דו בעמערקסט אין דעם פּרעמדען בלעזעלע די זעלבע צאַרטע, ווי פון שוים געוועבטע נעץ, וועלכע האָט זיך אין איי־קערענדל צוטיילט אויף די כראָמאָזאָמען,—די כראָמאָזאָמען, אין וועלכע די ערבליכקייט ליגט בעהאַלטען. עס איז נישטאָ קיין ספק: דער דאָזיגער גאַסט, וואָס האָט זיך דאָ אַריינגעריסען, האָט אויך שוין מיטגעבראַכט מיט זיך אַזאַ ערבליכקייט, אַזאַ כראָמאָזאָמען־מאַטעריאַל

ווערט דערטרונקען אין דער אויסקנייטשונג פון דער ווייכער קויל־מאַסע. און די מאַסע, אַזוי ווי זי וואָלט אַליין דערמיט געוועזן בעפרידיגט, רינגעלט אים אַרום פון אַלע זייטען, כדי אים מער נישט אַרויסצולאָזען.

אומזיסט ערוואַרטען די אַנדערע, אַביסעל פערשפעטיגטע רויבער אַרויסקומענדיג פון די קאַנאַלען, אַז די מאַסע זאָל זיי אויך אַזוי אַקייגענקומען. זיי שטרעקט שוין די קויל מער נישט אויס קיין אינערליכע האַנד. פערקערט: די גאַנצע אינעווייניגע מאַסע, קוים איז אין איר דער ערשטער גליקליכער גאַסט איבער דעם קאָפּ איינגעזונקען, ציט זיך איבער מיט אַ פעסטער בע־זונדערער הילע, וועלכע מאַכט פון איצט אָן אונמעגליך דאָס אריינרייסען זיך אין איר ווייכען לייב. אַלץ, וואָס ס'איז גע־בליבען אויסער דער דאָזיגער נייער הילע, מוז, נאָך האָפּ־נונגסלאָזע בעמיהונגען זיך אַריינצוקריגען אינעווייניג, ענדליך אומקומען.

דער דרייסטער זיגער, דער, וואָס האָט זיך דער ערש־טער אַריינגעריסען,—אים גייט עס דערפאַר כסדר אויסגעצייי־כענט. אַ קורצע ווײַלע ציטערט נאָך זיין עקעל איבער דעם אָרט, וואו זיין קאָפּ איז פערזונקען, אַהין און אַהער, דערנאָך רייסט עס זיך אָב, ווערט צולאָזען אין דער מאַסע—און אַלץ וואָס קומט פאַר ווייטער איז שוין די אינערליכע אַרבייט פון קאָפּ אַליין. אַ זער אינטענסיווע אינערליכע אַרבייט.

אין דער בעלויכטענער מאַסע זעט מען גאַנץ דייטליך, ווי דער קליינער, אָבער ענערגישער גאַסט זינקט אַלץ טיפער און טיפער אין דער מאַסע פון איי, און גראָבט זי דורך און מישט זי דורך מיט זיין גלאַנצעדיקען קערפערל און קערנדל. עס ענדיגט זיך אָבער נישט מיט דעם דאָזיגען צוועקלאָזען מישען. דו דערזעסט אַזעלכעס, וואָס האָסט שוין אַמאָל געזען. דער קליינער גאַסט פירט נעבען זיין אַריינפאָרענדיגען אונ־טערוואַסער־שיפעל איינע פון יענע געהיימניספולע טורבינען, וועלכע מיר קאָנען שוין פון פריער ביי דעם איי־קערענדל. פריער האָט זי זיך, ווי אַ שיף־ראָד, געפונען הינטער אים; עס

די זענען אין דער נאַכט פון דער גרויסער קויל. און מיט איינמאָל ווערט קלאָר, אַז זיי האָבן אַלע איין ציל. עס דוכט זיך, אַז פון דער קויל יאָגט עפּעס אַ הויך, עפּעס אַנ׳אַראָמאַט הויכט זיי אַנטקעגן,—אַנ׳אַראָמאַט, וועלכער צווינגט זיי זיך אָנצולויפן אַהער אין אַזאַ געווימעל, גלייך ווי די זומער-פויגעלעך, וועלכע פאַלן אַראָב אין אַ דומפּן זומער-אָוונט אויף דעם תאווה׳דיג-זיס-שמעקעדיגען בליעכץ פון וואַלד-ווייַנשטאָק.

דאָס געווימעל נעמט אַרום די קויל. איצט ערשט, אין נאָנטען קאָנטראַסט, ווערט קלאָר, ווי קליין זיי זענען אין פאַרגלייך מיט דער קויל. די ענגע קאַנאַלען, וועלכע מיר האָבן שוין פריער בעמערקט אין דעם עלאַסטישען גלעזערנעם דאַך פון דער קויל, גיבען די אָנפאַלענדיגע ברואים געניג אָרט אויף אַריינצודרינגען אינעווייניג אין איר. און דאָס איז טאַקע בעשיינפערליך זייער פערלאַנג. פיל זענען שוין אויסגעצויגען אין דער גאַנצער לענג אין די קאַנאַלען און קריכען אַראָב טיפער ווי די דאַקס-הינט, עס זעט אויס ווי אַ געיעג, ווער ס׳וועט פריער דערגרייכען דעם אינערליכען רוים צווישען דעם גלאָז-דעקעל און דער ווייכער קויל-מאַסע (יענעם אינערליכען רוים, אין וועלכען ס׳זענען פריער אָבגעלייגט געוואָרען די ריכטונגס-קערפּערלעך).

איין רויבער איז אָנגעקומען. און פלוצלונג [illegible] מיר זעען אים אַזוי, ווי ער אַרבעט זיך אַרויס מיט דעם קעפּעל פון דעם קאַנאַל אין דעם פרייען רוים אַריין, כאַפּט ווידער אַרום אַנ׳איבעראַשענדיג לעבען אויך די מאַסע אין דער קויל אַליין.

דאָרט קומט עפּעס פאָר, אַזוי ווי עס וואָלט פלוצלונג ערוואַכט אַ מין געפיל, וואָס זאָגט אָן, אַז דער ערשטער דרייסטער אָנפאַלער איז אַריין. פונקט אַנטקעגען דעם אָרט, וואו ער שטעקט אַרויס זיין קעפּעל פון דעם קאַנאַל פון דעם גלאָז-דאַך, קנייטשט-אויס די קויל-מאַסע, אַזוי ווי אַנטקעגנקומענדיג אים, אַ קליין בערגעלע, וואָס דריקט זיך אַריין אין דעם פרייען רוים. איין מאָמענט: און די דאָזיגע אויסגעשטרעקטע האַנט האָט אָנגעכאַפּט דעם קאָפּ פון דער פרעמדער בריאה; ער

לאָמיר ווידער צוריקקערען פון דעם געביט פון די
טרוקענע ערקלערונגען צו דעם בילד אַליין.

דאָס איי איז דערווייל שוין צוגעקומען נאָנט צום שמאָ־
לען שפּאַלט פון דער איי־טרויב האַרט ביי דער הויבּמוטער.
איצט ערשט ענטוויקעלט זיך אַ העכסט דראַמאַטיש־שפּאַנענדי־
גער צווייטער אַקט: ד ע ר  אַ ק ט  פ ו ן  ד ע ר  ב ע פ ר ו כ ט י ג ו נ ג.

אונזער גרויסע קויל שוועבט גאָר אין פאָדערגרונד פון דער גרויסער שאַכט. אין דעם מאָמענט דערנענטערן זיך צו איר פרעמדע געסט מיט אַ משונה׳דיגען אויסזען.

אין פערגלייך מיט דער קויל זענען זיי קאַרליקעס. אָבער זיי קומען דערפאַר אָן אין אַ געוואַלדיגער צאָל און ביי אַ לעבהאַפטיגער אויסערליכער בעוועגונג. אויף דעם ערשטען בליק קאָן מען מיינען, אַז עס קומט אָן אַ מחנה געשפּענסטע־רישע קעפּעלעקעלעך. אַ דיקער קאָפּ און באַלד פון הינטען אַ גאַנץ לאַנגער עק. אַז מען קוקט זיך נענטער צו, ווייזט זיך אַרויס, אַז דער כלומר׳שטער קאָפּ איז אַן׳איינפאַך, לענגליך, פון פאָרענט שאַרף שייבעל; פון דער זייט זעט מען, אַז עס איז באַרנע־פאָרמיג אויסגעבויגען. קיין אינערליכע סטרוקטור, אָדער וועלכע ס׳איז אינערליכע אָרגאַנען זעען זיך דערווייל נישט ביי איס. פון דעם שייבעל, וועלכעס איז בעשיינפּערליך דער הויפּט־טייל פון דער קליינער משונה׳דיגער בריאה, וואַקסט אַרויס דער כלומר׳שטער עק, פריער ווי אַ דיקליך שטיקעל, דערנאָך קומט אַ קליינער שאַרפער צווישענשייד, און ווייטער ציט זיך שוין דאָס דינע שטענגעלע אַוועק אַזוי לאַנג, ביז עס קומט צום סוף ווידער אַן׳אָבגעטיילט שטיקעלע מיט אַ זער דינע פערענדיגונג.

אַלע ברואימלעך קומען אַקייגען דער קויל פון איין ריכטונג, ווי אַן׳אָנפאַלענדיגע באַנדע.

זייער בעוועגונג איז דערביי אַ שפּרינגענדיגע, דער קאָפּ פאָראויס, דאָס עקעל ציטערט נאָך פון הינטען. מיט אַמאָל־

קייט האָט צו זאָגען אין איר גאַנצער בעדייטונג, וועגען דעם וועט אונז נאָך אויסקומען צו ריידען. דערווייל קאָנסטו זיך בעגנוגנען מיט דיין גאַנץ איינפאַכער אייוענער ערפאַרונג. יעדעס קינד האָט פיל געירש׳ענט פון זיינע עלטערן, זיידעס א. אַז. וו. דערמאָן זיך נור אָן דער ענליכקייט פון געזיכט. דאָס איי איז אויך שוין אַ מין קינד. עס דאַרף זיך דערפון אַרויספיקען אַ קינד, אַזוי גוט ווי פון אַ וואַרעמען, לעבעדיגען הינערישען איי — אַ הינדעלע. אין דעם איי מוז שוין אויך די ערבליכקייט וואו עס איז און ווי עס איז זיין בעהאַלטען. און זי איז, ווייזט אויס, בעהאַלטען טאַקע אין די דאָזיגע כראָמאָזאָמען און נור אין זיי.

אויב אַזוי, איז דאָך אונז נישט אַלץ־איינס, וואָס אונזער איי האָט אין אָנהויב פערמאָגט פיראונצוואַנציק אַזעלכע כראָ־מאָזאָמען, ד. ה. אַזוי גוט ווי פיראונצוואַנציק ירושה־צעטלען, און צום סוף איז עס געבליבען נור ביי צוועלף. אין ערשטען פאַל, ווען ס׳איז געבילדעט געוואָרען דאָס ערשטע „ריכטונגס־קערפערל״, האָט אונזער איי געקאָנט אוועקגעבען נישט מער ווי קאָפּיעס, דובליקאַטען פון זיין ירושה־אוצר. איצט אָבער האָט עס אַוועקגעגעבען פון קאַפּיטאַל אַליין, עס האָט דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל פערקלענערט ביז צו אַ העלפט פון זיין גאַנצען בעשטאַנד. וואָס זאָל דאָס בעדייטען? דאָס איי־קערענדל האָט זיך מיט זיינע צוועלף אין סוף פון אונזער קליינער פאָרשטעלונג ווידער בערוהיגט. צי איז עס שוין אַזוי צופרידען געבליבען מיט זיין „האַלבער ירושה־מאַסע״? צי האָט עס באמת געהאַט מיט אַ האַלב מאָל מער ערבליכקייט, ווי עס האָט געדאַרפט, אַזוי אַז עס האָט זיך געקאָנט ערלויבען די העלפט אַזוי לייכטזיניג צו פערשווענדען? דאָס זעט אויס זער אונ־וואַרשיינליך. אָדער גאָר: אפשר דאַרף נאָך עפּעס געשען? אפשר ערוואַרט דאָס איי גאָר אַ פרעמדען העלפער, אַ שותף, וועלכער זאָל אים זיין פריערדיגען קאַפּיטאַל צוריק אויפשטעלען?

און באמת, מיר האָבען דאָך ערשט נור אַנ׳ערשטען [...]קס בייגעוואוינט.

פון די דאָזיגע אַכטאונפערציק. איז דאָך אַלזאָ ווידער געבלי־
בען די פריערדיקע צאָל. איצט קומט פאָר די צווייטע אָבּ־
שפּאַלטונג. דאָס מאָל קומט שוין פריער נישט פאָר קיין
פערדאָפּלונג. אַזוי אַרום גייען פערלאָרען פון די פּיראונצוואַנ־
ציק איבערגעבליבענע נאָך צוועלף. דער רעזולטאַט: דאָס
שפּראָצעל־בלעזעלע, דער קערן פון הויפּט־איי, פערמאָגט צום
שלוס פון דעם דאָזיגען לעצטען אַקט נור די העלפט דער־
פון, וואָס ער האָט אין אָנהויב פערמאָגט.

מיט די דאָזיגע נעץ־שטיקלעך האָט זיך די וויסענשאַפט
אין דער לעצטער צייט זער זאָרגפעליג בעשעפטיגט. מען
איז געקומען צו דער השערה–יאָ מען קאָן רוהיג זאָגען–מען
איז אַזוי גוט ווי אויף זיכער דערגאַנגען, אַז די דאָזיגע
נעץ־שטיקלעך זענען דער גרעסטער און וויכטיגסטער שאַץ פון
דעם גאַנצען פערמעגען פון דעם איי.

ביים בעטראַכטען די ענטוויקלונגען פון אַנ׳איי אונטער׳ן
מיקראָסקאָפּ ווענדעט היינט גערן אָן דער נאַטור־פאָרשער גע־
וויסע פאַרב־מיטלען, וועלכע לאָזען אים בעסער זען אין דער
דורכזיכטיגער מאַסע איינצעלנע וויכטיגע טיילען. אַזוי ווי די
נעץ־שטיקלעך לאָזען זיך זעהר גוט פאַרבען, האָט מען זיי אַ
נאָמען געגעבען „פאַרב־קערפּערלעך״ אָדער כראָמאָזאָמען.
דער נאָמען האָט נישט קיין שייכות צו דעם, וואָס איך וויל
דאָ זאָגען, אָבער ער מעג אונז אַלס אַזעלכער אויך דינען.
איך וויל דאָ זאָגען, אַז די דאָזיגע כראָמאָזאָמען זענען, לויט
דער גרעסטער וואַרשיינליכקייט, די טרעגער פון דער ער־
בליכקייט אין איי.

אַלץ, וואָס דאָס דאָזיגע ווייבליכע איי האָט בעקומען
אַלס ירושה פון זיינע עלטערן און עלטערנס־עלטערן און
בכלל פון אַלע מענשען און פון אַלע פריהערדיגע בעשעפעני־
שען, פון וועלכע עס שטאַמט אָב,–אַלץ, וואָס עס האָט אין
זיך געהאַט אַלס „ערביכקייט״, דאָס אַלץ שטעקט אין די דאָ־
זיגע כראָמאָזאָמען זיינע, אין די נעץ־טיילעכלעך פון זיין
שפּראָצעל־בלעזעלע אָדער קערענדל. וואָס די דאָזיגע ערבליכ־

פון דעם קערנדעל. מען האָט געזען, אַז אויף דער שפּע־
טערדיקער ענטוויקל־ג פון קינד האָבען ניט די דאָזיגע צוויי
נעבען־אייערלעך קיין שום וויכטיגע ווירקונג. ציז זאָל עס טאַ־
קע נור זיין אַנ׳אָפּפאַלעכץ, וועלכע איז אויף אַזאַ מין אופן
בעזייטיגט געוואָרען? אָדער האָט זיך אפשר אָנגעזאַמעלט אין
דעם איי, בשעת עס האָט אַזוי געוואַרט אויף דער בעפרוכטי־
גונג, אַנ׳איבערפלוס פון קראַפט, און עס האָט דעריבער גע־
קאָנט זיך אַביסעל שפּילען, אָבלייגען פון זיך עטליכע ווינט־
אייער, וועלכע האָבען דאָך שפּעטער ניט קיין שום בעדייו־
טונג פאַר דער בעפרוכטיגונג? אָדער אפשר שטעקט גאָר אין
דעם עפּעס אַנ׳אַלטע טראַדיציע, עפּעס אַ וויכטיגע זאַך פון
אַמאָל, גאָט ווייסט ווען, פון די פריערדיגע ענטוויקלונגען,
וועלכע ווערט היינט נאָך נאָכגעמאַכט אָהן אַ שום צוועק, פונקט
אַזוי ווי דער מענש האָט נאָך אין די שפּיצען פון די אויע־
רען די חיה׳שע מוסקולען, וועלכע נוצען אים צו גאָרנישט,
אָדער אַזוי ווי די בלינדע הייל־חיות האָבען נאָך רעשטלעך,
רודימענטען פון אויגען? אַלץ וואָלט מעגליך געווען אַזוי לאַנג,
ווי ס׳האָט זיך נאָך געהאַנדעלט אין דער ערשטער טיילונג,
אין דער אויסבילדונג פון ערשטען וואָרצעל און אין דער
אָבשפּאַלטונג פון איין העלפט פון שפּינדעל, ווייל נאָך דעם
איז דאָך אין דער גרויסער קויל אַלץ געבליבען ווי געווען.

אָבער וועניגסטענס אין דער צווייטער אָבשפּאַלטונג פון
דעם „ריכטונגס־קערפּערל" איז פערהאַן עפּעס, וואָס לאָזט זיך
ניט אַזוי גרינג אָב׳פטר׳ן. דאָ פערליִרט דאָס גרויסע איי־
דאָס איי, וועלכעס פריִרט שפּעטער אַליין דורך די גאַנצע ווייִ־
טערדיגע ענטוויקלונג, פערליִרט דאָ באמת אַ טייל פון זיין
פריערדיגען פערמעגען. אין זיין שפּראצעל־בלעזעלע אָדער
קערנדל האָט עס פריִער געהאַט אַ צאַרטע נעץ. די דאָזיגע
נעץ האָט זיך צוריסען אויף פיראונצוואַנציק שטיק. די דאָזיגע
פיראונצוואַנציק האָבען זיך פערמערט, צושפּאַלטענדיג זיך,
אויף אַכטאונפערציק. ביי דעם דאָזיגען ערשטען „איי־לייגען
פון איי" זענען ווידער פערלאָרען געגאַנגען פיראונצוואַנציק

פאַר דער ערוואַרטעטער בעפרוכטיגונג. מיר האָבען אויסערליך געזען, וואָס עס קומט דאָרט פאָר. דאָס איי=קערנדל אָדער דאָס שפּראָצעל=בלעזעלע פערלאָזט אויף אַ ווײַלע זיין אָרט, פערענדערט זיך און צוטיילט זיך צוויי מאָל, אַבלייגענדיג צווישען דער גלאָז=דעק און דעם געלעכל צוויי קליינע קערפּע=רלעך. צוליב פּינקטליכקייט וויל איך נאָך בעמערקען, אַז אונזער פּאַנאָראַמע האָט, אַזוי ווי מיט די גרויס-פערהעלטעני=שען, אויך מיט די צייט=פערהעלטענישען געהאַנדעלט גאַנץ פריי. וואַרשיינליך קומען פאָר די דאָזיגע געשעהענישען אין איי נישט אין אַזאַ שנעלען טעמפּ איינס נאָכ'ן אַנדערען. די אָבשפּאַלטונג פון ביידע טייל=קערפּערלעך הויבט זיך אָן אין דעם איי שוין אין דער צייט, ווען עס הענגט נאָך אין יענער גראַאַפישער קנאָספּען=הילע אין אייערשטאָק, און דער לעצטער אַקט פון דער דאָזיגער אָבשפּאַלטונג פאַלט שוין צוזאַמען מיט דעם אָנהויב פון דעם בעפרוכטיגונגס=פּראָצעס. אגב קאָנען דאָ זיין, ווי בכלל אין טעמפּ פון אַזעלכע ענטוויקלונגען, גרויסע אינדיווידועלע אונטערשידען. מיר דאַרפען זיך אַלזא פאָרשטע=לען, אַז מיר האָבען דאָ געהאַט אַן'איינצעלנעם פאַל, וועלכע האָט אָנגעהויבען דורכצופירען די געוועהנליכע ענטוויקלונג מיט אַ שטיקעל פערשפּעטיגונג, דאַן האָט ער זיך אַביסעל צוגעאיילט צו דעריאָגען דאָס פערשפּעטיגטע און איז דערביי אַוועק אַבי=סעל צו ווייט פאָראויס—אַזאַ פאַל ווערט אינגאַנצען ענטשפּרע=כען דעם בילד, וואָס מיר האָבען געזען.

יענע אָבגעטיילטע קערפּערלעך רופט מען מיט'ן נאָמען „ריכטונגס=קערפּערלעך",—אַ נאָמען, וועלכער איז שוין היינט פערעלטערט און האָט דעריבער קיין בעדייטונג נישט. אין אָנהויב, ווען מען האָט זיי ענטדעקט, האָט מען אפילו קיין בעגריף נישט געהאַט, וואָס זיי קאָנען בעדייטען. עס איז אפילו באַלד קלאָר געוועזען פון ערשטען בליק, אַז דאָס איי האָט, דערגרייכענדיג אַ געוויסע רייפקייט, פון זיך דאָ עפּעס אַרויסגעוואָרפען. עס האָט אָבגעלייגט צוויי קליינע נעבען-איי=ערלעך, אַוועקגעבענדיג יעדען אַ שטיקעל געלעכל און אַ טייל

דאָזיִגע טרויבען פערבינדען די אייגענטליכע אייער־שטאָקען מיט דעם גרויסען ליידיגען חלל פון דער הויבמוטער.

די קויל, וועלכע האָט זיך אין דער טרויב געטראָגען, דאָס איז דאָס איי אַליין.

אין דער אמת׳ען בעטרעפט די גרויס פון דעם דאָזיגען איי נישט קיין גאַנץ פינפטעל פון אַ מילימעטער, ד. ה. אַז דאָס אויג קאָן עס קוים מיט מי כאַפּען אַלס אַ קליין פּינ־טעלע.

די גלעזערנע־דורכזיכטיגע אויבערשטע הילע נעמט אַרום דאָס „געלעכל״, וועלכעס איז ביים מענשליכען איי אינ־גאַנצען דורכזיכטיג. אין דעם דאָזיגען „געלעכל״ שווימט אַרום דאָס אַזוי גערופענע שפּראָצעל־בלעזעלע אָדער דאָס קערנדעל.

מיר דאַרפען זיך נאָך פאָרשטעלען, אַז דאָס דאָזיגע איי האָט זיך נור וואָס געהאַט אָבגעריסען פון אייער־שטאָק, וואו עס האָט זיך ביז דאַן אויפגעהאַלטען ווי אַ קנאָספּע אין אַ בעזונדערער הילע, אין דעם אַזוי גערופענעם גראַאַפּישען בלעזעלע.

עס מאַכט איצט דורך די וואַנדערונג פון דעם אייער־שטאָק צו דער הויבמוטער דורך דער פערבינדענדיגער שאַכט פון דער איי־טרויב.

די נאַסע קאָרן־זאַנגען, וועלכע וואַקסען אין דער דאָזי־גער שאַכט און וועלכע בעוועגען מיט זייער כוואַליע־לויף אונזער קויל, דאָס זענען באמת די צאַרטסטע הערעלעך, די אַזוי גערופענע צאַנקענדיגע ויהעלעך, וועלכע בעדע־קען דעם גאַנצען ווייבליכען געשלעכט־אַפּאַראַט, און וועלכע טרייבען אויך איצט מיט זייער בעוועגונג דאָס פרייע איי, וואס איילט צו דער בעפרוכטיגונג, דורך די איי־טרויבען צו דער הויבמוטער.

גלייכצייטיג קומט פאָר אין איי נאָך דער לעצטער, נויטווענדיגער רייפונגס־פּראָצעס, וועלכער מוז קומען

אַמאָל קאָנען דורכפירען: דערווייל טוט דאָס פּאַר אונז די פאַנטאַזיע. זי האָט אונז אַלץ אַזוי, ווי מיר האָבען געוואָלט, פערגרעסערט און בעלויכטען.

דער סודות-פולער שוישפּיל, וועלכען מיר האָבען נאָר וואָס דאָ בייגעוואוינט, און וועלכער איז נאָך, ווייזט אויס, נישט דערפירט געוואָרען ביז'ן סוף, — דאָס זענען געווען געשע־ענישען אין און אַרום דעם ווייבליכען מענשליכען איי, נישט לאַנג אָדער אונמיטעלבאַר פאַר דעם גרויסען אַקט פון דער בעפרוכטיגונג פון דעם דאָזיגען איי דורך דעם מענליכען זוימען.

כדי זיך צו פרוכפּערען לייגט די מענשליכע פרוי אַיי־ער, אַזוי גוט ווי אַ הון. נישט מער וואָס זי לייגט נישט אָב די דאָזיגע אייער אויסערליך, אַזוי ווי עס טוט דאָס די הון: די גאַנצע ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דעם נייעם קליינעם מענשעלע ביז'ן סוף קומט פאָר אין דער מוטער אַליין, אין איר „מוטער-לייב". אַ חוץ דעם ענטשטייען די מענשליכע איי־ער, פונקט אַזוי ווי די הינערישע, אין אַ בעזונדערען אָרגאַן פון דעם ווייבליכען לייב, אין דעם אייערשטאָק. יעדע נאָרמאַל־ענטוויקעלטע פרוי האָט אין זיך פון קינדווייז אָן צוויי אַיי־ער-שטאָקען, פונקט אַזוי ווי זי האָט צוויי לונגען, צוויי נירען, צוויי געהירן-העלפטען. פון די דאָזיגע אייער-שטאָקען טיילען זיך אָב טויזענטער אייער, פון וועלכע יעדערס וואָלט, אויסוואַקסענדיג ביז אַ גענוגענדער רייפקייט און ווערענדיג בעפרוכטיגט, געקאָנט אויסבילדען אַ נייעם מענשען. די בע־פרוכטיגונג איז דערצו אומבעדינגט נויטיג. און טאַקע, כדי זיך צוצוגרייטען צו דער דאָזיגער בעפרוכטיגונג (צו וועלכער עס דאַרף האָבען אַ צווייטען, אַ מענליכען וועזען) מאַכט דאָס איי דורך אין זיך די דאָזיגע וואַנדלונגען, אין וועלכע אונ־זער פאַנטאַזיע האָט אונז נור וואָס געהאַט אַריינגעפירט.

די געוועלבונג, אין וועלכער מיר האָבען זיך פלוצלונג דערזען, איז (נאַטירליך, אין אַנ'אונגעהויערער פערגרעסערונג) איינע פון די צוויי אייער-טרויבען פון דער פרוי. די

פון דעם שלייער, ווי אַ פינצטער־רויטען פלעק? צי האָבען די צוויי קליינע קערפערלעך, וועלכע אונזער קויל האָט דאָ פאַר אונזערע אויגען פון זיך געבוירען, נישט אַוועקלאָזענדיג זיי דאָך אינגאַנצען פון זיך—צי האָבען זיי מיט זיך נישט פאָרגעשטעלט אַ בילד פון געבוירען־ווערענדע שטערען, אַזוי ווי אונזער לבנה, וועגען וועלכער מען רעכענט אויך, אַז זי האָט זיך אַמאָל ווי אַ קנאָספּע אָבגעטיילט פון אונזער גרויסען ערד־קויגעל, נישט קאָנענדיג אָבער אין דער זעלבער צייט זיך אינגאַנצען אַרויסרייסען פון דער פעסט־האַלטענדיגער צוציהונגס־קראַפט פון דער דאָזיגער ערד?

ניין, נישט דאָס איז עס געווען.

מיר האָבען אַפילו אין דרייסטסטען שוואונג פון אונזער פאַנטאַזיע די ערד נישט פערלאָזען. מיר זענען אויף איר בעוואוינטער אויבערפלעך געבליבען. געדיכט אין מענשען־געווימעל. פון דעם דאָזיגען געווימעל האָבען מיר איין מענש אַרויסגעריסען. אַ ווייבליכען מענש, אין דער געזונטער רייפקייט. און מיר האָבען אין די טיפענישען פון געוויסע אָרגאַנען פון דעם דאָזיגען ווייבליכען קערפער פשוט אַריינגעקוקט,— אַריינגעקוקט, בשעת דער קערפער האָט אין זיין נאָרמאַלען צושטאַנד „געלעבט“, און בשעת די דאָזיגע אָרגאַנען האבען גראָד ענטוויקעלט אַ זעהר מערקווירדיגע טעטיגקייט. ווי אַזוי מיר האָבען דאָס געקאָנט טון, דאָס איז אַלץ־איינס. אפשר וועט דאָס נאָענטסטע יאָרהונדערט געפינען די אַפּאַראַטען דערצו,—אַפּאַראַטען, וועלכע זאָלען לויט אַן אַנאַלאָגיע מיט אונזערע רענטגען־שטראַלען דורכגיסען מיט ליכט דעם גאַנצען מענשליכען קערפער אין דער צייט פון זיין אונגעשטערטער לעבענסטעטיגקייט. אַפּאַראַטען, וועלכע וועלען אפשר קאָנען אָבוואַרפען אויף אַ ווייסען עקראַן אַ פינקטליך בילד פון אַלע, אפילו די צאַרטסטע, אינערליכע טיילען פון קערפער; און וועלכע וועלען קאָנען גלייכצייטיג די דאָזיגע קליינינקע קערפער־טיילען און זייערע בעוועגונגען פאָרשטעלען אין אַן אונגעהויערער פערגרעסערונג. אָבער אַלץ־איינס, צי וועלען מיר דאָס באמת

געלייגט געוואָרען אונטער דער גלאָז־דעק, איז די גרויסע קויל, פונקט אַזוי ווי פריער, אַ ריז. און אַז די אַראָבגעזונקענע העלפט פון דעם אונטערוואַסער־שיפעל בערוהיגט זיך שוין איצטער, זיין טורבינע פערדאָפּעלט זיך נישט מער, נור הויבט גאָר אָן זיך איינצושטילען, און אַרום די נעץ־שטיקעלעך שטעלט זיך ווידער אויף אַ נייער טוקער־בלאָק, אין וועלכען זיי פערקניפען זיך ווידער און פלעכטען אויס דאָס אַלטע נעץ,—זעט אויס, אַז דער גאַנצער שפיל איז צוריקגעקומען צו דעם לכתחילה׳דיגען צושטאַנד, פון וועלכען ער האָט זיך אָנגעהויבען. נור מיט איין אויסנאַם. די נעץ פון דעם טוקער־בלאָק קאָן איצט פון זיך אַרויסגעבען אָן פרעמדען צוגאָב־מאַטעריאַל נישט מער ווי צוועלף נעץ־שטיקלעך פון דער פריערדיגער גרויס. ווען זיי זאָלען זיך פערדאָפּלען, וועלען זיי קאָנען אויסמאַכען ערשט פיראונצוואנציק, אָבער נישט קיין אַכטאונפערציק. דאָ מוז נאָך עפּעס שטעקען אַ סוד, דאָס מוז עפּעס בעדייטען.

דערווייל טרעט־איין אין דער גאַנצער קויל אַ שטיל־שטאַנד. נור די שטילע בעוועגונג פון דעם זאַנגען־ים, אויף וועלכען די קויל ליגט, דויערט נאָך אַלץ און טרייבט זי אונ־אויפהערליך אַלץ טיפער אין דער קאָלאָסאַלער שאָכט אַראָב.

אין וואָס פאַר אַ וועלט האָט אונז אונזער פאַנטאַזיע אַוועק־געטראָגען?... צי האָבען מיר אַריינגעקוקט אין די גע־שפּענסטעריש גערונגען פון אַ פאַרצייטישער וועלט, אין איי־נעם פון יענע קאָסמישע נעפּלען פון פאַר מעשי בראשית, וועלכע די אַסטראָנאָמען האָבען פאַר אונז אַנטפּלעקט? אָדער אין דעם געבורט־צאַפּעל פון אַ פּלאַנעט, וועלכע איז נאָך נישט אינגאַנצען אָבגעקילט און וועלכער עס שווימט אַ ווייסע וואָלקען־הילע ווי אַנ׳אויפגעקאָכט וואַסער, אַזוי ווי אַרום דעם קאָלאָס פון אונזער זון־סיסטעם, זעם יופּיטער, וועמענס איי־גענטליכע קויל מען זעט נור פון צייט צו צייט אַרויסשיינען

די אַנדערע העלפט פון דעם שפּינדעל מיט דער צוויי־טער טורבינע און מיט די צווייטע פּיראונצוואַנציק האָט זיך דערווייל צוריק אַראָבגעלאָזען אין דער קויל אַריין. עס זעט אויס, אַזוי ווי די האַסטיגקייט פון דעם צוזאַמענברוך פון דעם שפּינדעל וואָלט איר געגעבען אַזאַ שטויס צוריק, אַז זי זינקט און זינקט אָן אַנ׳אָבהאַלט אַלץ טיפער צו דער מיט פון דער קויל. עס הויבט זיך אָן אַ נייע פאַזע פון דעם סודות־פולען שוישפּיל.

דאָס איבערגעבליבענע געשפּענסטער־שיפעל הויבט אָן פון זיך צוריק אויפצובויען אַ נייעם שפּינדעל־קערפּער. ווידער אַמאָל פערדאָפּעלט זיך דער פערבליבענער דריי־פונקט, עס ווערען צוויי טורבינען, זיי רוקען זיך אָב איינע פון דער אַנ־דערער, רייסען נישט אָב פון זיך די מיטעלסטע שטראַלען, עס שטעלט זיך צוריק אויף דאָס שפּינדעל. ווידער שטעלט אויס דאָס שפּינדעל די איבערגעבליבענע פּיראונצוואַנציק נעץ־שטיקלעך אינדערמיט אין דער פריערדיגער אָרדנונג און לאָזט זיך דאַן ווידער שווימען צו דער אויבערפלעך פון ים, אָבער איין זאַך פעלט איצטער. די פּיראונצוואַנציג נעץ־שטיקלעך פערדאָפּלען זיך נישט און ווערען נישט קיין אַכטאונפערציק. כדי צו בילדען צוויי רייען שטעלען זיי זיך אויס צו צוועלף אין אַ רייע. און אַז אין דער צייט, ווען דאָס גאַנצע שפּינדעל שיפּט זיך אַזוי, רוקען זיך אָב די צוויי רייען איינע פון דער אַנדערער, כדי זיך צוזאַמענצודריקען אַרוםביידע טורבינען־עקען, קומט שוין אָן צו איין עק פון שיפעלע נור צוועלף שטיקלעך און צו דעם צווייטען עק אויך נור צוועלף. אַ חוץ דעם קומט פּאָר ביים ראַנד פון דער גרויסער קויל אַלץ פונקט אַזוי ווי פריער. דער וואָרצעל־קנייטש זעצט אַרויס, דאָס שפּינ־דעל צורייסט זיך, איין קאָפּ מיט די צוועלף נעץ־שטיקלעך בלייבט איבער אין דעם ליידיגען רוים אונטער דער גלעזער־נער דעק; דער אַנדערער קאָפּ לאָזט זיך צוריק אַראָב מיט זיינע צוועלף נעץ־שטיקעלעך אין דער טיפקייט פון דער קויל. אַקעגען די ביידע קליינינקע קיילעכלעך, וועלכע זענען אָב־

ברעג. אַ וויילע—און איין עק בעריִרט טאַקע דעם ראַנד פון דער קויל. די אויבערשטע פּאַראויס-שוויִמענדיִקע טורביִנע וועט באַלד מוזען איִרע שטראַלען אַרויסוואַרפען איִבער דער אויבערפלעך. און באמת—די טורביִנע שטויסט אַלץ פּאַראויס און טרייבט דעם ים-שטראָם אַלץ מער צו דער אויבערפלעך, און מיִט אַמאָל קנייסשט זיִך אויס איִבער דער אויבערפלעך פון דער איִנערליִכער קויל-מאַסע אַ מין כוואַליע.

דו ערוואַרטסט, אַז באַלד וועט די גלעזערנע דעק פון דער גרויסער קויל דורכגעבראָכען ווערען. אָבער דאָס געשעט ניִשט. דו בעמערקסט ערשט איצט וויִדער, אַז די דאָזיִגע דעק און די הויפּט-מאַסע פון דער קויל זענען ניִשט ענג צוגעפּרעסט איינע צו דער אַנדערער, נור עס טיילט זיי פונאַנדער אַ קליינער ליידיִגער רוים; און איִן דעם דאָזיִגען רוים האָט זיִך טאַקע די וואָרצעלדיִגע כוואַליע אַריינגעקנייטשט, ניִשט אויפּרייסענדיִק די אויבערשטע דעק.

צי וועט דער גאַנצער שפּיִנדעל-פאָרמיִגער קערפּער זיִך לאָזען אַהיִן און וועט אַריין איִן דעם רוים צווישען דער דעק און דער קויל-מאַסע? עס זעט אויס ניִשט מעגליִך און עס קומט טאַקע ניִשט פאָר. דאָס שטויסען פּאַראויס הערט פּלוצלונג אויף: אָנשטאָט דעם צורייסט זיִך מיִט אַמאָל דאָס גאַנצע שפּיִנדעל איִנדערמיִט אויף צוויי שטיִק. איין העלפט, וועלכע איִז אַריין איִן דער דאָזיִגער וואָרצעלדיִגער אויסקנייטשונג, טרעט איִנגאַנצען אַרויס פון פערבאַנד מיִט דער מאַסע פון דער גרויסער קויל: דער וואָרצעל רייסט זיִך אָב און בלייבט ליִגען אַלס בעזונדערע קליינע קויל אין דעם שמאָלען רוים צווישען דער הויפּט-קויל און דער דורכזיִכטיִגער גלעזערנער דעק. איִן דער נייער קויל איִז אַריִבער צוזאַמען מיִט אַ טייל פון דער ים-פליִסיִגקייט אײנער פון די טורביִנען-דריי-פּונקטען און איין רייע פון דער בעוואַכונג: די פּיִראונצוואַנציִק, וועלכע האָבען זיך אין דער צייט פון שוויִמען פּאָראויס צום ראַנד פון דער קויל אַלץ ענגער צונויפגעדריִקט אַרום דער פּאָדערשטער טורביִנע.

טוישפיל וואָלט שוין אַריבער זיין העכסטען פונקט. אָבער ניִשט אמת. איצט הויבען אָן די נעץ-שטיקער, וועלכע זענען אויף אַזאַ אופן פערהאַלטען געוואָרען און, אַזוי צו זאָגען, גע-רעטעט געוואָרען, צו בעווייזען עפּעס אונערוואַרטעט-נייעס.

מיר האָבען זיך אַ ווייל מער ניִשט געזאָרגט וועגען זייער צאָל. איצט פאַלט אונז אָבער אויף, אַז זיי זענען מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי פיל. אין אָנהויב האָבען מיר דאָך גע-האַט איבערגעציילט, דוכט זיך, פונקט צוויי טוץ. איצט איז אָבער דאָ, גענוי געציילט, אַכטאונפערציק! יעדער פון די קליינע זיילעכלעך האָט זיך געמוזט גאָר איינדערשטיל צוטיי-לען, האָט געמוזט אָבשפּאַלטען פון זיך פונקט אַזאַ לאַנג שטיקעל. ביי דער אָרדנונג אין מיטעלפּונקט פון שפּינדעל זענען די דאָזיגע צוויי מאָל פיראונצוואַנציק אויף זער שיין אויסגעשטעלט געוואָרען, אין צוויי רייען, איינער הינטערן אַנדערן, אַזוי ווי אַ פּאָלק סאָלדאַטען. קוים האָבען מיר אָבער דאָס בעמערקט, קוים האָבען מיר בעוויזען אויסצוציילען די רייען,—ווי די דאָזיגע צוויי רייען פון דעם פּאָלק הויבען אָן איצט שוין פון זיך אַליין זיך צו בעוועגען אויף דעם שפּינ-דעל-פעלד. זיי רוקען זיך אָב איינער פון אַנדערען, און לאָ-זען זיך אין פערשידענע זייטען. איין פיראונצוואַנציק-ריי-לאָזט זיך צו דעם אויבערשטען זון-עק, די אַנדערע—צו דעם אונטערשטען. דער מיט פון דעם שפּינדעל ווערט ליידיג. וואָס וועט דאָ ווערען?

ווי מיר פאָלגען אַזוי נאָך געשפּאַנט די געשעעניִשען, בעמערקען מיר, אַרומקוקענדיג זיך, אַז אין משך פון דער צייט איז מיט דעם גאַנצען בילד אין דעם ים ווידער עפּעס געשען. דאָס שפּינדעל און די זונען צוזאַמען מיט די אַכט-אונפערציק נעץ-שטיקער אַלס זייער בעוואַכונג זענען שטיל אָבגעשוואומען פון זייער אָרט. זיי האָבען זיך געלאָזט שווי-מען צו דער גרויסער קויל-געוועלבונג, וועלכע רינגעלט, ווי פריער, אַלץ אַרום. דאָס צויבער-שיף מיט זיין בעזעצונג, די צוויי פאָלקען אין די טורבינען-עקען, וויל ווי צושיפען צום

זיך, פלאָנטערען זיך אַריין איינער אין דעם אַנדערען, גלייך ווי צוריסענע נעץ־אויגען אין פרייען ים. אָבער מיט אַמאָל טרעט־איין אין דעם דאָזיגען שטיקער־שפּיל אַ נייע אָרדנונג. אַ פרעמדע דירידזשירענדיגע מאַכט נעמט זיך צו די אַרומרו־דערנדיגע נעץ־ברעקלעך; דורך אַ בעזונדערער בעוועגונג פון שטראָם טרייבט זי זיי צוזאַמען, זאַמעלט זיי צונויף אין אַ נייער אָרדנונג.

פערנומען מיט דעם דאָזיגען נייעם שוי־שפּיל פון דעם פלאַצענדיגען טוקער־גלאָק, האָבען מיר אויף אַ ווײַלע געלאָזען גאָר אויסער אַכט אונזערע פרייע טורבינען. זיי לאָזען אָבער אָן זיך נישט פערגעסען, ווייל מיר דערקענען, אַז זיי, וועלכע האָבען אפשר פריער געבראַכט צום פּלאַצען פון גלאָק,—זיי זענען עס איצט די צוריקשטעלער פון דער נייער אָרדנונג צווישען די שוצלאָזע נעץ־שטיקעלעך. בשעת דער אַלגעמיינער קאַטאַסטראָפע מיט דעם טוקער־גלאָק האָט זיך דאָס דריי־שפּינדעל אַ ריר־געטון פון אָרט און זיך אַוועקגעלאָזען קווער איבער דעם אָרט, וועלכעס דער טוקער־גלאָק האָט פריער פערנומען. בשעת די נעץ־ברעקלעך האָבען זיך ווילד געביי־געלט איינס דורכ'ן אַנדערן, האָט זיך דאָס שפּינדעל אַזוי אַוועקגע־שטעלט, אַז זיינע זון־עקען שטראַלען איצט איבער און אונטער דעם אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע. דורך דעם דאָזיגען אָרט, וואו די נעץ־ברעקלעך רודערען, ציען זיך איצט גראָד די גרויסע פערבינדונגס־שטראַלען פון דעם שפּינדעל־קערפּער. און אין דעם מאָמענט, ווען די איבערבלייבעכצען פון דער קאַטאַסטראָפע געפינען זיך אינדערמיט פון דעם שפּינדעל־פעלד, הויבען אָן די לאַנגע זון־שטראַלען צווישען זיי איינ־צושטעלען די נייע אָרדנונג. די ברעקלעך ווערען צונויפגעזאַ־מעלט לענג־אויס דעם פערבינדונגס־שטרייף פון דעם שפּינדעל און דאָרט ווערען זיי פערהאַלטען. איין אויגענבליק דוכט זיך, אַז די קראַפט־כוואַליעס פון שפּינדעל צווישען זון און זון ווילען אויפשטעלען אַ נייעם מין טוקער־גלאָק, וועלכער זאָל אַרומנעמען די אַלטע נעץ־שטיקלעך. עס זעהט אויס ווי דאָס

ווען די זונען רוקען זיך אָב אַלץ ווייטער פון זיך, אַ מין פערבינדונגס־שטראָם, גלייך ווי אין די דאָזיגע ריכטונגען וואָלטען אַרויסגעלאָזט געוואָרען לענגערע שטראַלען, כדי די דריי־פונקטען זאָלען ביי דער דערווייטערונג ניט אייגאַנצען אָנווערען די בעריהרונג צווישען זיך. און בשעת דאָס דאָזיגע צווישענפעל צווישען די ביידע זונען ווערט אַלץ ברייטער, בעקומט דאָס גאַנצע דריי־בילד ענדליך דעם אויסזען פון אַ שפינדעל: אינדערמיט ציען זיך פאַראַלעלע כוואַליעס־שטרייפען פון טורבינע־קאָפּ צו טורבינע־קאָפּ, אַזוי ווי פון איין שפינדעל־עק צום צווייטען, און פון ביידע זייטען די צוויי קליינע זונען, וועלכע שטראַלען אַרויס פון די טורבינען־קעפּ.

דו האָסט זיך צו דעם דאָזיגען שפיל אין זיינע שנעלע פערוואַנדלונגען נור פון איין זייט צוגעקוקט. איצט אָבער פלוצלונג זעהסטו, אַז ס'האָט זיך אומבעמערקט עפּעס נייעס אַריינגעריסען אין דעם דריי־פעלד. דער לעבהאַפטיגער דריי־גערודער, וועלכער האָט זיך פלוצלונג אָנגעהויבען אין רוהיגען ים נעבען דעם קליינעם טוקער־גלאָק, האָט באַלד אויך אים מיטגעריסען. צי האָבען אים די טורבינען־שטראַלען אָנגעריהרט און אויפגעטרייסעלט? עס איז דאָך אייגענטליך נור אַ פערגלייך, ווען איך רייד וועגען טורבינען, וועגען אמת'ע קעסעל־גריבער. מעגליך, אַז אין דעם וואונדערליכען שפיל, וועלכער קומט דאָ פאַר דיר פאַר, זענען טעטיג פיל איידעלערע קרעפטען, ווי עס שטעלט זיי פאָר דער גראָבער פערגלייך מיט דעם וואַסער־גערודער. אָבער אַז עפּעס פון דעם דאָזיגען קרעפטען־שפיל האָט איצט אַרומגעכאַפּט אויך דעם טוקער־גלאָק, דאָס איז זיכער.

מיט איינמאָל איז זיין גלעזערנע וואַנט צובראָכען, זי צופאַלט זיך אויף אונבעמערקטע שטויבעלעך. זיין גאַנצער אינהאַלט איז אַרויסגעפאַלען אין דעם פרייען ים,—אין יענעם ים, וועלכער ווערט איצט אונאויפהערליך דורכגעאַקערט דורך ביידע טורבינען פון דעם שפינדעל. עס זענען אַרויסגעפאַלען די פריערדיגע שטיקער פון דעם שוים־נעץ. אַ ווײלע בייגלען

אינגערליכער מאַסע לאָזט ערוואַרטען פערענדערונגען. אָבער דאָס, וואָס דו דערזעהסט, איז דאָך גאָר אויף אַ בעזונדערען אופן מערקווירדיג און בעווייזט, אַז אין דעם דאָזיגען אויפּגעקאָכטען בילד פון דער אונטערוועלט זענען טעטיג העכסט־וואונדערליכע כוחות.

קודם כל ווערט דיר אויפפאַליג אַזאַ ערשיינונג: דאָס כלומר'שטע נעץ אין דעם קליינעם טוקער־גלאָק געפינט זיך אין פולער בעוועגונג. עס זעט אויס, ווי עס קניפּט זיך פו־נאַנדער אונטער אונזער בליק, און פאַלט זיך פונאַנדער אויף איינציגע פעדעם. מיר קאָנען אפילו באַלד די דאָזיגע פּערעם איבערציילען: פיראוונצוואַנציק. אָבער עס בלייבט אונז ניט קיין צייט זיך לאַנג דערמיט צו פערנעמען.

ווייל מיט אַמאָל טוט אַ שפרונג־אויף נעבען דעם גלאָק אין ים אַ גלאַנצעדיג פינטעלע. מעגליך, אַז עס איז שוין פרי־ער דאָרט געווען, אָבער ערשט איצט לאָזט עס זיך בעמערקען. עס זעט ניט אויס, דאָס פינטעלע, ווי אַ זעלבסטשטענדיג קערפּער, נור גיכער ווי אַ קעסעל־גרוב־אָרט אין ים. הגם מען זעט נאָך ניט קיין שום בעוועגונג, זעט עס אָבער באַלד אויס אַזוי, ווי אין דעם וואַסער וואָלט אָנגעהויבען צו אַרבייטען אַ קליינע אונבעמערקטע טורבינע; איר ווירקונג לאָזט זיך באַלד זען אין געשטאַלט פון אַ קליינער זון, וועל־כע איז אַרומגערינגעלט מיט אַוועקלויפענדיגע וואַסער־שטראַלען. אָבער ווי דו האָסט עס נור דערזען, בעמערקסטו שוין, אַז עס זענען אייגענטליך דאָ צוויי טורבינען, וועלכע מאַכען אַ דאָפּעלטע בעוועגונג. און דאָס ווערט גיך אַלץ דייטליכער.

ביידע טורבינען־מיטעלפונקטען מיט זייערע שטראַלען־זונען אין ביידע זייטען רוקען זיך אפילו אָב איינער פון דעם אַנדערען, און דאָ בעמערקען זיך שוין אינגאַנצען אונצווידיי־טיגע בעוועגונגען. אָבער ווידער וואונדערליך: זיי רייסען ניט אינגאַנצען אָב זייערע זונען איינע פון דער אַנדערער. אויף דעם אָרט, וואו די שטראַלען פון די דאָזיגע דריי־זונען האָבען זיך פריהער צוזאַמענגעקניפּט, בלייבט אויך שפּעטער,

גלאָז־דעק פון אַ זייגער, אָבער דערביי גאַנץ דיק. אַלס איינ־ציגע סטרוקטור פון דער דאָזיגער דעק לאָזען זיך קוים זען אויף טייל ערטער עפּעס אַ מין שמאָלע קאַנאַלען, וועלכע זע־נען אויסגעבויערט קווער דורך דער דעק פון דער קויל און שטעלען איין אַ פרייע פערבינדונג צווישען דער אינערליכער קויל־מאַסע און דער פרייער לופט אַרום.

די דאָזיגע אינערליכע מאַסע, וועלכע איז שאַרף אָבגע־טיילט פון דער דעק דורך אַ קליינעם ליידיגען רוים, איז אינגאַנצען העל, און נור צום צענטער־צו בעמערקט זיך אַ שוואַכע פערנעפּלונג. עס דוכט זיך אויס, ווי עס וואָלטען דאָרט אַרומגעשוואומען זעהר דינע שטויבעלעך, אָבער דאָס איז אונדייטליך. בכלל זעט אויס, ווי דעם גאַנצען חלל וואָלט אָנגעפּילט אַ מער אָדער ווייניגער עלאַסטישער, שווער־בעוועגליכער אינערליכער ים. און נור אויף איין אָרט, נישט אינדערמיט, שוועבט אינעווייניג נאָך איין דייטליך־אָנגעזעהע־נער צווייטער קערפּער, וועלכער האָט־מערקווירדיק־אויף די געשטאַלט און דורכזיכטיגקייט פון אַ גלעזערנער קויל; אַ צוויי־טע קויל, וועלכע שווימט אינעווייניג אין דעם אַרומרינגלעדי־גען ים פון דער גרויסער קויל. אָבער איר גלאָז־דעקעל איז פיל צאַרטער, קוים וואָס עס כאַפּט זי דער בליק. די דאָזיגע ערשיינונג וואָלט זיך געלאָזט פערגלייכען צו אַ שיינעם ים־טוקער־גלאָק, וועלכער שוועבט, האַלטענדיג זיך אין גלייכגע־וויכט צום וואַסער־דרוק. אויך זי לאָזט זען דורך איר גלע־זערנער דעק איינציגע קאָנטורען פון איר געבוי. אין זער אַ דינער פערצווייגונג שפּינט זי אינגאַנצען דורך אַ מין נעץ אָדער אַ רושטאָוואַניע, צאַרט ווי שוים.

עס קאָן זיין, אַז עס איז דערפאַר, וואָס אונזער בע־לויכטונג איז נאָך אַלץ נישט גענוג העל: יעדענפאַלס קאָן מען אָבער מער גאָרנישט ענטדעקען אין אונזער געהיימניספו־לער קויל, אפילו ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון אויג. אָבער דיין אינטערעס וואַקסט, ווען דו בעמערקסט, אַז אין איר קומען פאָר פּ ע ר ע נ ד ע ר ו נ ג ע ן. די ווייכקייט פון דער

„יאָ, חער ס׳איז אַנ׳אָדלער, קפּן
הויך פליִען און דערגרייכען,
אין איִבער די שרפים
דורך טויזענט היִמלען זיִך דורכרייסען״.
אנגעלוס סילעזיוס (1657).

**א** קינסטליִך ליִכט פון אַנ׳אויסערגעווענליִכער קראַפט זאָל אונז בעשיינען אַ טיִפע אונטערוועלט, אין וועלכער עס לויערט געוועהנליִך אַ שטאָק־פינסטערניִש. און די זאַכען, אַזוי ווי זיי וועלען פלוצלונג אין דעם דאָזיִגען שיין אויפבליִצען, זאָלען זיִך אין דערזעלבער צייט בעווייזען אין אַנ׳איִבערנאַטירליִכער פערגרעסערונג.

אַנ׳אונגעהויערע געוועלבונג. דיין בליִק פערליִרט זיך איִן איִר. ווי אַ תהום עפענט זיִך די טיִפע שאַכט, און דורך איִר רוקט זיִך אָן אויף דיִר עפּעס אַנ׳אויסערגעווענליִכס. אַ גרוי־סע שיִמעריִרענדיִקע קויל; זי לויכט ניִשט פון זיִך אַליין, זי איִז אָבער איִנגאַנצען דורכגענומען דורך אונזער קינסטליִכען טאָג. די קויל שוועבט אייגענטליִך ניִשט פריי, ווי אַ שטערן איִן דער וועלט־אונענדליִכקייט, וועלכען די צוציִהונגס־קרעפטען לאָזען הענגען איִן פרייען רוים. זי ווערט, ווייזט אויס, גע־שטויסען אַראָב איִן שאַכט. און אַז דו קוקסט זיִך שאַרפער איין, בעמערקסטו, ווי פון דעק פון שאַכט גלאַנצען אַרויף אַזוי ווי זאַנגען פון אַ גיִגאַנטיִשען, טוי־פייכטען קאָרן־פעלד. ווי אַנ׳עלאַסטיִשער באַל, שוועבט אונזער קויל איִבער דעם דאָזיִגען פעלד, געטראָגען איִן טוי און בעוועגט דורך די שטיִלע כוואַליעס פון דעם דאָזיִגען זאַנגען־ים.

ווי זי שוועבט אַזוי, איִנגאַנצען אַ דורזיִכטיִגע, לאָזט אונז די קויל אַ בליִק־טון איִן איִר איִנעווייניִג. איִר אויבערשטער טיִכט איִז איִנגאַנצען גלאָז־דורכזיִכטיִג, אָנפאַרביִג, אַזוי ווי אַ

„זײַן דער קילקײט פֿון די ליבע־נעכט,
ווען די בײַסט געבוירען געװאָרען;
און ווען די האָסט װײַטער געבוירען —
הויבסטו אָן אַ נײַס צו פֿילען,
ווען עס ווילט דאָס שטילע ליכטעל

בלײַבסט ניט מער אַרומגענומען
פֿון דעם שאָטען פֿון דעם חושך,
און דיך רײַסט אַ נײַע שטרעבונג
צו אַ העכערער באַהעפטונג".

גנעסע

# דאס צווייטע בוך.

דער סוד פון דעם איי־קעמערל
און פון דעם זוימען־קעמערל.

ביים טייך, אויף די דאָזיגע פיש אין אָקעאַן. זיי שטעלען זיך דיר פאָר, ווי פערגאַנגענע נשמות פון דער ליבע, וועלכע קעמפען דאָרט אין דער פינסטער. ווי וואַנדערנדיגע טרוימען פון דעם גרויסען ליבעס=גייסט, וועלכער רייסט זיך אַרויף. דער דאָזיגער פיש, די דאָזיגע איינטאָג-פליג איז קריסטוס, איז געטע, איז ראַפאַעל. איז דאָס עוואַנגעליום, איז פֿאַוסט, איז די מאַדאָנע. איז די מענשען=ליבע, דער שטערן=טרוים, די קונסט.

און איצט קום=אַראָב צוריק גאָר אין דער טיף.

לאָ'מיר אָנהויבען פון אָנהויב, אויף וויפיל עס איז אַזאַ אָנהויב פאַרהאַן.

לאָ'מיר געמיטליך פלוידערן און קוקען. נישט געאיילט. לאָ'מיר קוקען אַהין, וואו עס פאַלט גראָד אַראָב דער שיין און בעלויכט אַ שטיק וואָרצעל פון ענטוויקלונגס=בוים. מיר ווייסען שוין דאָס גרויסע, וואָס קומט צום סוף אַרויס פון דער ענטוויקלונג. אָבער לאָ'מיר איצט דאָס דאָזיגע גאַנצע גרויסע מיט אַמאָל אַראָבדרייען ביז דעם קלענסטען מעגליכען פּלע=מעלע, וואָס שיינט אין דער טיפעניש פון דער שאַכט.

גיב מיר די האַנד, איך מוז דיך פריהער, אָן שפּאַס, אַוועקפירען אין אַ שאַכט. צו אַ וואונדערליכען סוד. נעם צו=זאַמען דיין פאַנטאַזיע און קום נאָך מיר, אָן מורא.

„אונגעצוימט מיט הייסער שטרעבונג
לאָזט זיך דאָ קיין סוף געפינען,
ביז מיר זעען אייביגע ליבע
ס'מיר פֿערשווינדען. מיר פֿערשווינדען."

(געטע. חעסטעסטליכער דיכטער.)

נעשאַפּען די בעקאַנטע קונסט, דעם נייעם העכסטען בעשעפּער, דעם יסוד פון דער שפּעטערדיגער מענשליכער פ ע ר ב ר ײ ט ע ר ו נ ג פון דער נאַטור.

טויזענטער יאָרען אויף דעם דאָזיגען וועג: ראַפּאַעל, די מאַדאָנע. און אַזוי אַלץ ווייטער און ווייטער. אַ נייע נאַטור-וועלט בליז-אויף: ניט שטערן, ניט אונאָרגאַניש, ניט געוויקסען אָדער חיות, ניט אין אָרגאַנישען זין דער מענש אַליין: די קלאַנגען, געשטאַלטען, געשעהענישען פון דער קונסט. אַ הייסע וועלט, דורכגעגליט פון ליבעס-אָטעם, מיט דעם גאַנצען תענוג-צאַפּעל פון דער ווילדער ליבעס-בעהעפטונג. און דאָך אין דער זעלבער צייט אונפערגלייכליך לויטערער, אַוועק פון דער ערדישער מרה-שחורה, אַוועק אין אַ רייגעם בלויען גייסטיגען רוים...

„די כלה פערדינט זיך מער
מיט איין קוש, — װאָס ניט?
ווי אַלע קנעכט מיט ארבייט ביז'ן טויט".
(אנגעלוס סילעזיוס).

דאָס איז די ליבע, וועלכע איז עפּעס געוואָרען. די ליבע אויף איר העכסטען שטאַפּעל. פון דאַנען, פון דעם גאָלדענעם קופּאָל מוזטו זי זען, כדי צו פערשטיין, וואָס ס'איז אין איר אָנהויב געווען. און דו מוזסט לאָזען דעם דאָזיגען גאָלדענעם אָבשיין פאַלען ביז דעם טיפסטען אונטען אַראָב. דעריבער איז דער טאַנץ פון די איינטאָגפליגען. דעריבער — דאָס משונה'דיגע נאַכט-בילד פון הערינג-צוג. די זעלבע נאַטור-קראַפט, וועלכע קאָכט דאָרט אונטען אין די וואַסערן, און וועלכע שפּרענגט-אַרויס אויבען, איבער דעם בלויען וואַסער-שפּיגעל, אַלס די פורפורענע לאָטאָס-בלום פון דער קולטור — און ציט זיך צו דער זון. עס מוז זיך דיר אויסווייזען ווי אַנ'איידעלע שפּראַצונג. עס בלייבט דאָרט גאָרניט בעהאַלטען קליין: דער ליכט-שיין פאַלט אויף די דאָזיגע איינטאָג-פליגען

זיך אַנ׳אַנדערע פון איר מין. זי זוכט זי נישט אַלס פיינד,
נור מיט דער בענקשאַפט פון דער ליבע. מיט די אויגען פון
דער ליבע. דאָס אויג פון דער ליבע, עס איז געווען דאָס
ערשטע אויג פון אידעאַל. און די קראַפט פון דער ליבע: זי
האָט געשאַפען די ערשטע „שיינקייט“ אין אַקטיווען זין ביי
דעם ליבענדיגען אַליין. זי האָט אויסגעמאָלט דאָס זומער-פוי=
געלע, געגעבען דעם פויגעל זיין חופה-קלייד. זי האָט דעם
נאַכטיגאַל געשאַפען זיין ליד. די ליבע איז געווען דער שפּי=
געל, וועלכער האָט אין דער ערשטער צייט אויסערליך אין
זיין ברענפונקט אָבגעשפּיגעלט די גאַנצע האַרמאָניע, דעם גאַנ=
צען ריטם, די גאַנצע בלינד=אָנגעמערקטע שיינקייט פון דער
לעבעדיגער נאַטור.

דאַן האָט זיך דערצו אַלץ מער און מער פּפראייניגט
דער גייסט. צו דעם זעהענדיגען אויג אין דרויסען האָט זיך
פעראייניגט דאָס אינערליכע שאַפענדיגע אויג: די פ אַ נ ט אַ=
ז י ע. עס איז ענטשטאַנען דער מענשליכער גייסט. דער מענש
האָט זיך שוין נישט געשאַפען אויפ׳ן לייב קיין פילפאַרביגע
פליגעל, קיין חופה=פעדערן. ער האָט דאָס אַלץ געזען אינער=
ליך, אַלס ליכט און האַרמאָניע, בענקשאַפט און אידעאַל, אין
דער פאַנטאַזיע. פונקט ווי ער האָט זיך נישט געלאָזט אַרויס=
וואַקסען אויפ׳ן לייב קיין נעגעל,—ווי ביים לייב, אָדער קיין
שוץ=דעק—ווי ביי דער פאַנצער=חיה. ער האָט נור אין גייסט
בעשאַפען און אין דער פאַנטאַזיע געזען דאָס נויטיגע געצייג.
און אַזוי ווי זיין האַנט, וועלכע איז שוין אַזוי געבליבען אַ
צאַרטער און געהאָרכזאַמער שילער פון געהירען, האָט שפּעטער
געמאַכט די דאָזיגע געצייג פון שטיין, האָרן און מעטאַל, האָט
זיי אין דער ווירקליכקייט אַריינגעוואָרפען מיט זעלבסטשטענ=
דיגער שאַפענדיגער קראַפט און געגרינדעט די טעכניק אַלס
קערן פון דער גאַנצער שפּעטערדיגער בעהערשונג פון
דער נאַטור: אַזוי האָט ער אויך מיט דער זעלבער האַנד גע=
שאַפען דאָס, וואָס די פאַנטאַזיע האָט אים געוויזען אין ריט=
מישע בילדער, בענקשאַפט=בילדער, שיינקייט-בילדער, ער האָט

דעם סוד פֿון געבוירען און ווענדט איט אָן פּאַר נייע וואונדערבאַרע צוועקען...

צום דריטען מאָל אַ גרויסע פֿערוואַנדלונג. די ליבע איז געוואָרען קונסט.

אויך די קונסט ליגט אויפ'ן וועג פֿון בלוט צו גייסט. אויך זי איז נישט אַראָבגעפאַלען ווי אַ פֿרעמדער מעטעאָר. עס האָט זי געשאַפֿען דער זעלבער מענש פֿון פֿלייש און ביין, וועלכער געבוירט אויך קינדער פֿון פֿלייש לויט דעם אַלטען אייזערנעם געזעץ פֿון דער נאַטור. דער מענש, וועלכער שטאַמט פֿון דער חיה, פֿון דער דאָזיגער חיה האָט ער שוין גע'ירש'ענט דאָס שפּריצעלע פֿון דער קונסט. און די חיה האָט עס געזייט אין די שעה'ן פֿון איר ליבע.

הערסט ווי עס קלינגט דאָס ריטמישע ליד פֿון נאַכטיגאַל... זעסט דאָס זומער־פֿויגעלע, ווי עס וויגט זיך אין זיין וואונדער־שיינעם פֿאַרבען־קלייד...?

ווי ריזיג איז דער וועג, וועלכער פֿירט פֿון דאָרט אַהער אַרויף! און דאָך איז עס דער וועג געווען.

פֿון דעם טיפֿען, פֿינסטערען שפּע־האָרן פֿון דער נאַטור האָט זיך מיליאָנען יאָרען געשאָטען: ליכט, פֿאַרבען, קלאַנגען, ריטמישע פֿערהעלטענישען פֿון כל'ערליי מינים.

דאַן זענען פּלוצלינג אויפֿגעקומען אויף דער ערד, וועלכע איז פֿון דער זון דערוואָרעמט געוואָרען, לעבעדיגע ברואים. זיי האָבען געפֿילט ליכט, פֿערנומען קלאַנגען. פֿריהער נעפּעלדיג און מאַט. דאַן האָט זיי דער לעבענס־קאַמף, די ענטוויקלונג געשאַפֿען פֿעסטע אָרגאַנען פֿאַר זייערע חושים: אויגען און אויערען. זייער ערשטער צוועק איז פֿערטיידיגונג. פֿול מיט שרעק קוקט זיך אַרום די חיה אין דער דראָהענדיגער וועלט און לוישט אויף דער געפֿאַר. אַלץ קאָן אויף איר אָנפֿאַלען. אָדער זי דאַרף זיך אַליין אויפֿהאַלטען. זי פֿאַלט־אָן. דאַן איז אַלץ רויב, וואָס קאָן מיט דער ווילדסטער לוסט געכאַפּט ווערען, צוריסען ווערען. אָבער פּלוצלינג קומט אַ מאָמענט פֿון אַ גאַנץ אַנדערען פֿערלאַנג. די ליבע. די חיה זוכט

קיין איינע פון די דאָזיגע פרויען האָט אין איינפאַך־מענשליכען זין קיינמאָל נישט „געלעבט". קיין איינע איז נישט געשאַפען געוואָרען דורך דעם קערפּערליכען אַקט פון דער אָרגאַנישער פּערמערונג. און דאָך שטייען זיי אין זייער גאַנצער שיינקייט צווישען אונז. זיי שטייען פאַר אונז, געבוירען פון אַנ׳אונענדליכער פלאַקערענדיגער ליבע, פון דער פּולקאָמענער זעלבסט־אָפּפערונג פון אַ מענשליכען אינדיווידואום פאַר אַ נייעם, אַ צווייטען, פאַר אַ „שאַפונג"; געבוירען פון דעם אַריבערטראָגען דעם העכסטען אידעאַל פון אייגענעם „איך" אויף אַנ׳אַנדערען, דויערהאַפטיגען, וואָס זאָל דעם טויט פון דעם דאָזיגען „איך" איבערלעבען. זיי זענען געשאַפען דורך דעם גייסט און מיט דער האַנט, וועלכע איז דורך דעם גייסט ביז׳ן קלענסטען מוסקול דורכגענומען געוואָרען,—געשאַפען פאַר דער זעלבער נאַטור, פאַר דער זעלבער ווירקליכקייט, צו וועלכער עס געהערט אויך יעדער קינד, וואָס איז פון דער געשלעכטליכער ליבע געבוירען געוואָרען,—און דאָך זענען זיי גאַנץ אַנדערע בעשעפענישען, וועלכע ס׳נעמט נישט אַרום דער בעגריף פון געוועהנליכען קינד און פון דער געוועהנליכער געשלעכטליכער לעבענס־שאַפונג.

ווי צו די דאָזיגע בילדער, צו די דאָזיגע סטאַטועןן פעראייניגט זיך ווייטער אַ געשטאַלט נאָך אַ געשטאַלט, אַנ׳אונענדליכער צוג פון קעניגען פון געדאַנק און קראַפט, וועלכע לעבען אַלע אויף, ווען ס׳דערהערט זיך דאָס וואָרט פון דיכטער. ריטם פון דער שפּראַך, וועלכער איז קיינמאָל נישט געהערט געוואָרען אין דעם טומעל פון דער נאַטור, ווי עס האָלט געוועןן אַ געטליכע שטים פון יענער וועלט. און ריינער קלאַנג, וועלכער שאַלט־אויף און יובעלט ווי אַנ׳אייביגע ענטפּלעקונג פון אַלע אמת׳ן, ווי די שטים פון דער אינערליכסטער וועלט־האַרמאָניע... און אַלץ געבוירען פאַר דער ווירקליכקייט דורך דער דאָזיגער הייסעסטער גייסטיגער ליבע; געבוירען, אַזוי ווי דער גייסט, וועלכער האָט פון דער בלוט־ליבע געשאַפען מענשען־ליבע, האָט איצט אויך אין זיין האַנט גענומען

מענשהייט נאָך דעם וועלט-ליכט גייט אַוועק אין אַנ׳אונענד-ליכער ווייטקייט. און אין דער דאָזיגער אונגעהויערער ווייט-קייט וואַנדערט-מיט, וואַנדערט-מיט אָן אַנ׳אָברו, די ליבע, דער אַלטער אַהאַספער.

העכער! נאָך אַמאָל גלייך-אויס דיינע פליגעל. ראַפאַעלס מאַ-דאָנע גיט דיר נאָכאַמאָל קראַפט.

נעם זי נאָך אַמאָל איינגאַנצען אַרום מיט דיין בליק: אין איר גאָלדענער ראַם מיט אירע וואונדערליכע פאַרבען; מיט איר געשטאַלט, אין וועלכער ס׳האָט זיך, ווייזט-אויס, צוזאַ-מענגעגאָסען די גאַנצע פּרויען-שיינקייט פון טויזענטער יאָ-רען; זי, וועלכע איז די מענשהייט, וועלכע איז אַ וועלט-סוד.

פון וואַנען שטאַמט דאָס דאָזיגע וואונדער-ווערק, וועל-כעס די אַלטע ערד טראָגט שוין כמעט פיר יאָרהונדערטער אַרום דער זון? וואו איז עס אַרויסגעוואַקסען פון דעם ענט-וויקלונגס-בוים פון לעבען אין דעם גרויסען וועלט-גאָרטען?

עס איז ק ו נ ס ט.

פון דער מאַדאָנע פירסטו אַריבער דיין בליק אויף אַ מענגע אויך אַזעלכע פּערגייסטיגטע פרויען. טייל זענען אויף לייווענט מיט פאַרבען געמאָלט, ווי זי. די אַנדערע פון מאַר-מאָר אין דער גאַנצער שיינקייט אויסגעהאַקט. די ו ע נ ו ס פון מ י ל אָ ס מיט איר שטאַרקער, מעכטיג-ליכטיגער ריינהייט. די פ י ע ט אַ פון מ י ק ע ל אַ נ ד ז ש ע ל אָ, וועמענס ריזיגע קראַפט עס גיסט זיך פונאַנדער אין רחמנות. די נאַקעטע ו ע נ ו ס פון ט י צ י אַ ן אין דער טריבונע פון פלאָרענץ, וועלכע איז לויטער ווי דער פרימאָרגען; זי האָט זיך פערטרוימט, ווי זי וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט דאָס זיסעסטע, וואָס זי האָט גענאָ-סען אין איר לעבען. אַנ׳ענגע, נאָנט-קרוב׳ישע געזעלשאַפט, וועלכע שטאַרט-אַרויס מיט שטילער שיינקייט דאָ און דאָרט פון דעם גרויען שטראָם שנעל-אַוועקפליסענדיגע מענשען-דורות.

גלויבען מיט זיינע טרוימען? געוויס: פון אונזער נאַטירליכען ענטוויקלונגס־בילד פון דער וועלט (גראַד פון דעם ענטוויקלונגס־בילד, אויף וועלכענס כסדר'דיגען אַרויפגאַנג עס שטיצט זיך אונזער אָפּטימיזם) לאָזט זיך הערען אַ מעכטיגע פאָדערונג: פערניכטונג פון אינדיווידואום. די ענטוויקלונג ווייזט־אויס צו גיין גראָד דורך דער דאָזיגער פערניכטונג. און די נשמה ציטערט דאָך פון שרעק פאַר'ן טויט. אָבער ווען די ליבע וועט דער סימבאָל? זי ווייזט אונז די איינציגע פאָרם, וואו די פערניכטונג איז נישט שרעקליך. וואו זי איז נור אַ תענוג־פולער אַרויפשטייגען אין אַ העכערער איינינגונג. און ווען דער טויט פון אינדיווידואום, אפילו אין זיין שרעקליכער פאָרם וואָלט זיין נישט עפּעס אנדערש ווי אַ נאָך נישט אנערקענטער ליבעס־אַקט? ווען נאָך דעם ביטערכטען גסיסה־קאַמף וואָלט צום סוף געקומען דער פולקאָמענער תענוג פון דעם לעבעדיגען אַרויפשטייגען אין דער העכערער איינינגונג, ווי עס גיט דאָס די ליבע..

„דער טויט פערענדיגט לעבענס־נויט,
דאָך ציטערט לעבען פאַר דעם טויט,
דאָס לעבען זעט די שוואַרצע האַנט,
און נישט דעם העלען כוס אין האַנט.
אזוי ציטערט פאַר דער ליב' א הארץ,
ווי פון דעם אונטערגאַנג בעדראָט,
ווייל, וואו ס'ערוואַכט די ליבע, שטאַרבט
דער „איך", דער פינסטערער דעספּאָט.
דו, לאָז אים שטאַרבען איבער נאַכט,
און אָטעם פריי אין מאָרגען־שעה".

(ריקערט נאָך דעם פּערסער רומי,
אין 1250 יאָר נ. כר.).

נור ווי דורך אַ ריס אין די וואָלקענס קאָנסטו דאָס הײנט ערשט זען. ווייל די נייע וועלט־אָנשויאונג פאָרמירט זיך נאָך, דריקט זיך צונויף, ווערט געדיכטער און וואַרפט קרייזען אַרום זיך ווי אַ געבוירען־ווערענדיגער שטערען. ווער קאָן זיך פאָרשטעלען, וואָס עס וועט נאָך אַלץ אַמאָל אַרום איר זיך דרייען און וואָס איר זון וועט זיין. אָבער פאַר אַ בליק איז עס גענוג. אויך די דאָזיגע וואַנדערונג פון דער

געקומענער קלאַנג פֿון דעם טריאומף-געזאַנג וועגן דעם זיג פֿון אַ מעכטיגען האַרמאָנישען פּרינציפּ איבער דעם גראָבען קאַמף פֿאַר דער עקזיסטענץ, וואָס ווייסען מיר אויך אונזער קליינעם איינצעלנעם שפּערען, צווישען מיליאָנען אַנדערע צו זאָגען וועגען וועלט-שלום, וועלט-באַפרייאונג, אַלקאָמענעם וועלט-גליק! און ווען בליט-אויף אין דער מענשען-ליבע אין דעם דאָזיגען קליינעם שטערן אַ בלום, אַזוי זיס און שיין, אַז דער „וועלט-שלום" רייסט זיך אונז פֿון דער צונג. אַזוי נעמט זיך די ליבע אויסצוראָטען דאָס ביטערסטע אין אונזער לעבען: דעם קאַמף.

און נאָך מער. עס איז געווען דער אַלטער טרוים פֿון גלויבען: נישט נור דעם קאַמף אונטערצוברענגען, נור אויך דעם טויט. ליבע, די אמת'ע נישט די געהיימניספֿול-אונפֿערשטענדליכע אין דער נאַטור, לערנט אונז איינציג און אַליין, ווי אויף'ן אָרט פֿון דעם פֿאַרשטאַרטען אינדיווידואום קומען אויף פֿערבאַנדען,—פֿערבאַנדען, אין וועלכע דער אינדיווידואום ווערט, אמת, אויך פֿון זיין אייגען לעבען, ווי פֿון קייטען, אַרויסגעצויגען, אָבער נישט דורך דער ביטערקייט פֿון טויט, נור דורך אַ תענוג-פֿולען אַרויפֿשטייגען אין אַ העכערער איינהייט. און עס ווערט פֿערוואַנדעלט: מאַן און פֿרוי, עלטערען און קינד, מענש—אין מענשהייט, בלוט אין גייסט, גייסט אין אידעאַל, אין פֿערפֿלייצענדיגען וועלט-טרוים. ליבע איז די איינציגע פֿרייוויליגע אויפֿלעזונג פֿון אינדיווידואום, דער אונשמערציגער, אונאויסדריקליך תענוג-פֿולער טויט, וועלכען יעדע בעשעפּעניש זוכט אין אונענדליכער פֿלאַמענדיגער בענקשאַפֿט. דוכט זיך דיר נישט, אַז עס שווימען פֿאַר דיר אַרויס געשפּענסטער-הענט איבער געשפּענסטער-הענט, וועלכע ווילען דיר אָנווייזען אויף אַ טיפֿען סוד, נישט אויף אַ סוד פֿון יענער וועלט. נור גראָד אַ סוד פֿון דער ממשות'דיגסטער נאַטור? אַ סוד, וועלכער וועט אפֿשר אַמאָל זיין גענוג שטאַרק, אַז אונזערע אייניקלעך זאָלען קאָנען לאַכען פֿון יעדער מורא פֿאַר'ן טויט, אפֿילו ווען ס'זאָל זיך נישט אומקערען צוריק דער אַלטער

בּענס. אין דער ענטגעגענגעזעצטער נאַטור וועט קיינמאָל שוין קיין ליבע נישט זיין. און דאָך! ראַפאַעל פירט דיך שוין איצט מער נישט, דו מוזט איינזאַם אַוועק פאָראויס.

דער אַלטער טרייער גלויבּען אין דעם ליבּענדיגען פאָטער אין הימעל צופאַלט זיך ווי אַ קליינע גירלאַנדע, וועלכע דער מענש האָט זיך אויסגעפלאָכטען פון נעבּעכדיגע ערדישע בלומען. אַ בּלאָז פון ווינט צעטראָגט זי, און פאַר דיינע אויגען ענטפּלעקען זיך ווידער און ווינקען צו דיר די ווייטע, סודות׳פולע שטערען פון אָנבּרעגיגען הימעל אַראָב.

דאָס מיסטישע אין דעם ליבּענדיגען קריסטוס פערשווינדט; דאָס, וואָס ער האָט געלערנט, ווערט אַ שווער־אויסגעקעמפּט פערמעגען פון דער מענשהייט.

און דאָך: בּלייבּ שטאַרק. די נאַטור גיט דיר די אידעע פון דער ענטוויקלונג. ווי אַלץ האָט זיך דאָ דורכגעוועבּט און פערפלאָנטערט... זעסטו נישט אומעטום די ליבע דערבּיי? אויף דער ליבּע בּויט זיך דער סדר פון די ענטוויקלונג־מינים, דורך איר איז אויף דער וואַנדערענדיגער פּלאַנעטע געוואַקסען און געוואַקסען דער בּוים פון לעבּען, פון צווייג צו צווייג, אַלץ העכער און העכער בּיז ס׳האָט ענדליך אַרויסגעשפּראָצט די גייסט־קנאָספּע. די ליבּע איז אַ קראַפט, וועלכע טרייבּט; זי ווייזט מיט איר אייגענעם בּיישפּיל, ווי די פינסטערניש פערוואַנדעלט זיך אין ליכט, ווי זי אַליין בּעפרייט זיך פון דעם ווילדען און ווערט אַלץ מער און מער פערגייסטיגט.

די ענטוויקלונגס־צייט, וועלכע מיר בּעטראַכטען, איז גאָר קליין. איין איינציג פּלאַנעטע־לעבּען, און דאָס אויך נור האַלבּ. אַזוי איז שוין אונזער גורל. פון ווינציגע סימנים מוזען מיר זיך שאַפען דעם גלויבען אין דעם גאַנצען, אונזער וועלט־טרייסט. אָבּער צי איז דען די ליבּע נישט דער שטאַרקסטער פון אַלע סימנים אויף ווי ווייט אונזער וויסען גרייכט? פון דער ליבע איז אויסגעוואַקסען נישט נור די ענטוויקלונג. מיט איר איז אויך אין דער ענטוויקלונג געקומען דאָס ערשטע אונזיכבּערע שלום־ווינטעל. דער ערשטער גאַנג חי פון טרוים

קולט, דעם קולט פֿון דער פרוי. אָבער דער דאָזיִגער קולט רייסט זיִך ווידער אַרויף. פון דעם שרייענדיִג פיִלפאַרביִגען צושטערטען טעמפּעל פון איִזיִס, וועלכער איִז פון ליִבע דורכגעגליִט, דורכ־געברענט פון הייסען אָטעם פון דער ליִבעס־בעהעפטונג, וואַקסט אויס די מאַריע־קיִרכע, מיִט צאַרטע גאָלדענע שטערען איִן דער אונבעפלעקטער בלויקייט. און ס'איִז ווידער דאָס זעלבע, נור ווייטער ענטוויִקעלט איִן דער אונענדליִכער ווייכקייט פון דעם פערגייסטיִגטען איִדעאַל. ניִשט נור די ווילדע פער'שכור'־ונג פון די ליִבעס־בעהעפטע, דער געבענשטער שמאַרץ פֿון די געבוירענדיִגע: אויך די ריינקייט פון דער יונגפרוי, די ריינקייט פון דער ערשט־שפראָצענדיִגער ליִבע ווערט איִצט פערוואַנדעלט איִן אַנ'אונענדליִכער קראַפט פֿון דער וועלט־ענטוויִקלונג.

פון דער דאָזיִגער וועלט־אנשויאונג איִז אויסגעוואַקסען ראַפאַעל. זיין גלויבען איִן דער פרוי, וועלכע שטאַמט פון דעם האַרץ פון דער וועלט, האָט איִם צוזאַמענגעשטויסען מיִט דעם אַנדערען גלויבען, וועלכער האָט אויך בעהויפטעט, אַז די מענשען־ליִבע שטאַמט ניִשט פון מענשען אַליין, נור איִז פון היִמעל נעשאָנקען. ביי דער ברוסט פון דער מאַדאָנע, וועלכע איִז געשטאַנען איִבער זונען און ערדען, האָט ער גע־זען דאָס געטליִכע קיִנד, וואָס האָט געבראַכט פֿון יענער וועלט די געבאָטען פון דער דאָזיִגער מענשען־ליִבע...

פערשטומט, פערשטומט איִז היינט אויך דאָס. וויִנעטאַ־גלאָקען איִן אָקעאַן!

אַזוי ווי עשתרות, אַזוי איִז אויך מאַריע נור אַ דורכגאַנג־פֿאָרם צו נאָך ריינערען. איִן געטע'ס עפּאָכע איִז עס געווען, ווען עס האָט זיִך אָנגעהויבען לאַנגזאַם צו שמיִדען פון עשתרות און איִזיִס און מאַריע אַ ניי ביִלד.

וויִדער, לויט אונזער וועלט־געדאַנק, אַ ניי אויף אַ נייעם שטאַפּעל אַרויפגעשטיִגענע פערוואַנדלונג פון דער ליִבע.

די נאַטור.

מיִר קעמפען נאָך דערמיִט. דער צווייפעל רוימט אונז איין איִן אויער: מיִר בויען אַ פּיִראַמיִדע פֿון מענשענס־שאַר־

טרוימט די מאַדאָנע. מיט דעם ליבענדיגען לויכטענדיגען פנים פון דער דאָזיגער פרוי, פון דעם דאָזיגען קינד האָט ער געוואָלט פאָרשטעלען די ליבע, ווי זי שלאָגט ביז'ן ווירקליכען האַרץ פון דער וועלט. אַלע געהיימנישען פון דעם הימעל און פון דער ערד נעמט־אַרום איר שויס. זי, די ליבע, איז געוואָרען דער וועלט־סימבאָל. און די וועלט־בעפרייאונג אין דערזעלבער צייט.

אַ נייע אונגעהוירע וואַנדערשאַפט פון דער מענשהייט ענטפלעקט זיך פאַר דיר. און די ליבע, ווי זי וואַנדערט אין איר אַלס רולאָזער אַהאַספער. די ליבע איז געוואָרען גלויבען, די ליבע איז געוואָרען רעליגיע. פריער נאַקעט, גראָב, ווילד, און דאַן אויך דאָ אַלץ מער און מער לויטערענדיג זיך פון בלוט אין גייסט.

פילפאַרביגע בילדער שיינען פאַר דיר אויף. אָט זענען די הייליגע וועלדער פון היעראַפּאָליס. מענליכע געשלעכטגלידער, אין גיגאַנטישער פאָרם פון שטיין אויסגעהאַקט, שטייגען צום הימעל אַרויף, סימבאָלען פון דער געטליכער שאַפונגסקראַפט. אָט איז דער טעמפעל פון עשתרות, וואו די פּראָסטיטוציע ווערט בעטראַכט אַלס אַ קרבן צו גאָט; יונגע מיידלעך גיבען דאָרט אַוועק זייער אונשולד, כדי דערפאַר אַנ'אַנדערע, העכערע, רעליגיעזע ריינהייט צו בעקומען. די בעפרוכטיגטע, געבוירענדיגע פרוי ווערט איזיס די מוטער פון לעבען, פון וועמענס שויס ס'ווערט אַלעמאָל געבוירען די בענייאונג פון דער וועלט. אין עלעאוזיס ווערט דאָס געבוירען אַ געהיימניש, דאָס פשוט'ע זאַנג־קערענדעל—אַ הייליג וואונדער, וואָס ראַטעוועט די גלויביגע. דאַן טרעט־אַריין אין דער וועלט קריסטוס. יענע נייע אידעאַלע ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער איינפאַכער געשלעכטליכער ליבע, וועלכע פירט דורך דער געמיינזאַמער פערגייסטיגטער ליבעס־אַרבייט צו דער סאָציאַלער בעפרייאונג, געווינט פלוצלונג אַנ'אונגעהויערע מאַכט. און זי טרעט־אויף אין אַ פאָרם, וועלכע דראָט צו פערניכטען דעם קולט פון דעם עקסטרעם־געשלעכטליכען, דעם געבווט־

ליבע ליבע זאמעלט צונויף פון אָקעאַן, ביז די זילבערנע מאַסע שטאַרם-אַרויס ווי אַנ'אינזעל פון וואַסער, — אַ פעראייניגונג פון בראוים, וועלכע געבוירען צוזאַמען דאָס נייע לעבען, און פאַר וועלכע דער ענגער, פייכטער פיאָרד איז איין גרויס חתונה-בעט. דאָס אַלץ, העכער ענטוויקעלט, פערגייסטיגט אין דער מענשהייט. אַ ניי וואָרט געוואָרען אין יענע געבענטשטע שעה'ן, פון וועלכע דאָס עוואַנגעליום דערציילט. און אַ טאַט געוואָרען ערשט אין אונזער צייט, צווישען טויזענט, מיליאָנען קרייצען, וועלכע פעראייניגען זיך אונבעמערקט מיט יענעם, וועלכען די לעגענדע האָט פערוואַנדעלט אין אַ שטראַלענדיג-הערליך בילד, — קרייצען, וועלכע הויבען זיך פון די פינסטערע אָבגרונדען פון די מאָדערנע גרויסע שטעט, פון די פאַבריקען, ווי דאָס אייזערנע ראָד דרייט זיך איבער צאַפּלענדיגע לייבער, פון געפענגנישען, שאַנד-הייזער, משוגעים-הייזער און הקדשים. און דאָך זיגרייך, די שווערד און פייער פון אונזער צייט, דער שטילער אויסגעקוקטער ליכטיגער פונק ביים ווייטען אויסגאַנג פון דער שאַכט, אין וועלכער מיר אַלע ווערען דערשטיקט...

פילסטו איצט שוין, ווי הויך דו שוועבסט? פערנעמסטו דעם שופר-רוף פון אַ נייער שטים, וועלכע מישט זיך אַריין אין דיין אַלטער פראַגע: וואָס איז די ליבע?

אָבער ראַפאַעל האָט דיך נאָך העכער געוואָלט אויפהויבען. זיין מאַדאָנע שוועבט אַרויס פון ליכטיגע וואָלקענס. אַ וועלט-ליכט שיינט פון איר אַרויס.—אַ וועלט-ליכט, וואָס שטייט ווי אויסער אַלע זונען און פלאַנעטען פון וועלט-רוים און פליסט-אַרויס פון דעם איניגסטען האַרץ פון דער וועלט. איר פוס דאַרף נישט קיין ערד, גלייך זי וואָלט שפּאַנען אין דעם ריינעם רוים, וואו אַלע צוציאונגס-קרעפטען פערניכטען איינע די אַנדערע. ראַפאַעל האָט נישט בלויז אויסגעטרוימט אַ פרוי. אויך נישט די מענשהייט אין אַ פרויען-געשטאַלט. ער האָט אויסגע-

שאַפט פון אַלע קולטור־מענשען, ענדליך פון אַלע מענשען בכלל.

דיין בליק, וועלכער האָט געקוקט אין דער ברויזענדי־גער עפענונג פון די דאָזיגע ענטוויקלונגען, דערפילט פלוצלונג ווי אַ בליץ, וועלכער רייסט אים אַרויף.

דו האָסט געמיינט, אַז דו שטייסט ביים ברעג פון דער עפנונג און קוקט נור אַראָב. איצט בליצט עס פאַר דיר־אויף: דו ביסט אין דערמיט: פונקט אַזוי ווי עס ווימעלט פון אונ־טען צו דיר אַרויף פון דער טיף, אַזוי שוועבען אויך איבער דיר ליכטיגע געשטאַלטען, וועלכע טראָגען זיך אַוועק ווייט אין דער טיפער צוקונפט, אַלץ ווייטער אין דעם טיפען דינסט־נעפעל.

ווען די מענשען־ליבע איז אויף יענעם פאַלמען־בערגעל, איבער דער שימערירענדיגער אָזיערע, אַ וואָרט געוואָרען, האָט דאָס דאָזיגע וואָרט אין זיך נישט נור איינגעשלאָסען ווי אַ גאָלדענע רייף די אונגעהויערע טונקעלע אַרבייט פון דער פערגאַנגענהייט: עס האָט שוין אויך אויסגעשמידט דאָס, וואָס ס'האָט געזאָלט דערגרייכט ווערען ערשט דורך דער אַרבייט פון די פאָלגענדיגע טויזענטער יאָרען. אין דעם וואָרט פון דער „מענשען־ליבע“ איז שוין אין טיפסטען זין געלעגען אַלץ, וואָס מיר טראָגען אין דער נשמה אַלס דעם דרייסטסטען סאָציאַלען צוקונפט־אידעאַל...

דער סאָציאַלער אידעאַל. ווי ער קאָכט בלוטיג, ברויזט אין אונזער כמעט גרויליך־העלער טאָג־ווירקליכקייט. און דאָך איז ער ענדליך אויך נור אַ פראַגע פון דער ליבע. אַ פראַגע פון יענער קייט בעגריפען, וועלכע דאָס דאָזיגע וואָרט האַלט פעסט איינעם אין אַנדערען אין דעם גרויסען ענטוויק־לונגס־גאַנג. אַ פראַגע, וואָס איז פערקניפט מיט יענע איינטאָג־פליגען, וועלכע דער תאוה־דראַנג רופט־אַרויס פון די רויבערי־שע שלייערלעך און שיקט זיי אויף צוויי שעה תענוג פון דער געשלעכטליכער בעהעפטונג אָן שום זאָרג פאַר זייער עקזיסטענץ. פערקניפט מיט יענע פיש, וועלכע די געשלעכט־

יעדע העכערע בעשעפעניש פון ערשטען טאָג אָן פון איר עקזיסטענץ געווען אריינגעפלאָנטערט אין אַ פעסטען נעץ פון אַזעלכע געמיינזאַמקייטען, פון שטאַם־און פאַמיליען־פערהעלטע־נישען. און מיט אַזאַ נעץ, אין אַזאַ נעץ איז אויך דער מענש שוין געבוירען געוואָרען. מיט מאַן און ווייב, מיט מוטער און קינד, מיט חתונה און פאַמיליע, מיט שטאַם־און שוץ־פערבאַנ־דען פון די בלוט־קרובים; דאָס אַלץ, וואָס האָט געשטאַמט פון דער פריהעריגער גראָבער האַנד פון דער בלוט־ליבע, פון דער געשלעכטליכער ליבע. און טויזענטער, לאַנגע טויזענטער יאָרען האָט דאָס בלוט נאָך אַלץ געמוזט אויפהאַלטען די דאָזיגע נעץ, — דאָס הייסע בלוט, וועלכעס קומט־אויף פון די געשלעכטס־אָרגאַנען און ווערט דאָרט דערוואַרימט.

לאַנגזאַם, גאַנץ לאַנגזאַם האָט זיך אָבער דאָס ביי אים שפעטער פערוואַנדעלט אין גייסט.

ווי אַזוי דאָס בלוט איז גייסט געוואָרען: דאָס איז ענדליך די גרויסע, אייביגע געהיים־געשיכטע פון דער מענש־הייט.

עס איז די געשיכטע פון דער מענשען־ליבע.

פון דער רעאַלער בלוט־קרובה׳שאַפט האָט אַרויסגעשפראָצט ווי די ערשטע צאַרטע בלום, וועלכע ווערט נאָך בלייך בעשיינט דורך דער ווינטער־זון, דער אידעאַלער בעגריף פון אַ גייסטיגער שטאַם־איינהייט, פון דער הייליגקייט און אונ־בערירליכקייט פון דעם שטאַם־אינדיווידואום אויך אויסער אַלע געשלעכטליכע פערלאַנגען.

עס האָט זיך נאָך געפאָדערט אַ ריזיגער שריט, ביז דער דאָזיגער בעגריף זאָל אַריבערגעטראָגען ווערען אויף אַ נישט אונמיטעלבאַר בלוט־קרובישען דור. אויף אַ גאַנץ פאָלק, וועמענס בלוט ס׳האָט געקאָנט ווירקליך זיין צוזאַמענגעגאָסען העכסטענס אין דער מיטישער אור־עלטערן־צייט. אָבער דאָס גייסטיגע האָט געריסען אַלץ פאָרויס. און דער גייסטיגער בעגריף, וועלכע האָט דאָס „פאָלק" געשאַפען, איז אויך געווען די בריק, וועלכע פירט איבער דעם פאָלק אַריבער צו דער געמיינ־

גע פֿערמערונג האָט ערשט געשאַפֿען די צוטיילונג, די צו־
שפּאַלטונג אין אַ קייט פֿון מינים. אָבער גראָד זי האָט גלייכ־
צייטיג געשאַפֿען אויך אַ דויערענדיגען אינערליכען פֿערבאַנד.
אַראָפּבּרענגענדיג די נייע איינצעלנע בעשעפֿעניש‏ען נישט דורך
אַ וואונדער פֿון הימעל, נור אַרויסציִענדיג זיי כסדר פֿון די
שוין פֿערהאַנענע, אַזוי ווי אַ פלאַם, וועלכער קאָן נור פֿון אַ
צווייטען פלאַם אָנגעצונדען ווערען, האָט זי אין אַלע דורכגע־
פירט עפּעס געמיינזאַמעס, וואָס האָט, נישט קוקענדיג אויף
אַלע צוטיילונגען, דאָך געמוזט פירען צו ווייטערדיגע געמיינ־
זאַמקייטען. די עלטסטע שוץ־פֿערבאַנדען ביי חיות און געוויק־
סען זענען זיכער תמיד געווען ענגערע שטאַם־פֿערבאַנדען, ענ־
גערע פֿערבאַנדען פֿון אונמיטעלבאַרע בלוט־קרובים. מיר חע־
לען נאָך ריידען דערפֿון. אפילו אין פאַלען, וואו דאָס האָט
זיך שפּעטער אויף אַ פילפאַכען אופֿן קאָמפּליצירט, וואו אויך
גאַנץ דערווייטערטע ברואים זענען איינגעגאַנגען אויף פֿער־
באַנדען, איז דאָך כסדר די שטאַרקסטע נייגונג געבליבען, ווי־
דער צו דערגרייכען אַ מעגליכקייט פֿון פֿערמערונג, וועניג־
סטענס אויף שפּעטער. און אַז דאָס פֿערמערונגס־לעבען האָט
זיך ווייטער מער ענטוויקעלט, איז עס געוואָרען אַלץ מער
די הערשענדיגע ערשיינונג אין פֿערבאַנד. עס האָט געשאַפֿען
דעם געגענזאַץ צווישען מאַן און פרוי, אַ געגענזאַץ, וועלכער
איז דאָס מאָל ענטשטאַנען נור דורך דעם הייסטען זוכען, דורך
דער ברענענדיגער בענקשאַפֿט נאָך פֿעראייניגונג. עס האָט גע־
שאַפֿען דאָס פֿערהעלטעניש צווישען מוטער און קינד, וואָס
ס'איז נאָך אויך כסדר געווען אַ ריינער פּראָדוקט פֿון דער
געשלעכטליכער ליבע. דערפֿון האָט זיך ווייטער (שוין ביי
דער חיה) אויפגעבויט די חתונה. דאָס האָט די געשלעכטליכע
ליבע כסדר געאַרבייט און געאַרבייט, אַז די ווילדע איינזאַמע
אינדיווידואומס, וועלכע האָבען צווישען זיך תמיד געמוזט זיין
צוריסען צוליב דעם ערנערונגס־קאַמף, זאָלען זיך איינע די אַנדערע
זוכען, זיך צוגעוואוינען איינער צום אַנדערען, זיך פֿערטראָגען,
זיך העלפֿען. ביז ביי דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג איז שוין

נור דורך טראַדיציע. פאַר אונז זעהען־אויס די וואונזיער פון דעם ווירקליכען, די וואונדער פון דער נאַטירליכער ענטוויקלונג גענוג גרויס, אַז אויך אַזאַ ריזען־מאָמענט, ווי די ענטפלעקונג פון דער מענשען־ליבע זאָל אין זיי קאָנען איינגעשלאָסען־ווערען. ער דאַרף ניט קיין בעזונדער וואונדער. דער גרעסטער ציטער פון דער געוואַלדיגסטער ערהאַב נהייט בעהערשט אונז, גראָד ווען דער בליק גרייט זיך־צו אויך דאָ צו זען נור אַ געזעצמעסיגען, נויטווענדיגען שטאַפּעל אין דער מענשהייטס־ענטוויקלונג.

יאָ, דאָס בילד ווערט ערשט איצט אַזוי ריזיג, אַז פאַר די אויגען הויבט־אָן צו שווינדלען. דאָס אויג קוקט ווי אין אַנ׳עפענונג, אין וועלכער עס קאָכען און ווימלען אַרויף און אַראָב די שאָטענס פון צופאַלענע אינדיווידואומס, פון צושלאָגענע, ווי פערוועלקטע הערבסט־בלעטער אַראָבגעפאַלענע אידעען; עס קאָכט און ס׳ווימעלט אַזוי ווי פון די פישטשענדיגע, ווי פלעדערמייז פליהענדיגע שאָטענס פון האָמערס אונטער־וועלט.

דער גאַנצער קאָלאָסאַלער ווילדער פונדאַמענט פון דער געשלעכטליכער ליבע (פון דער חיה אָנהויבענדיג, פון דעם פיש, פון דער איינטאָגע־פליג) איז נויטיג געווען, כדי אויף אים זאָל קאָנען אויפגעשטעלט ווערען דער גרויסער מענשען־בנין פון דער מענשהייטס־ליבע. אָן דער פערמערונג און אָן אויף דער פערמערונג בעגרינדעטער ענטוויקלונג וואָלט איבערהויפט קיין מענש ניט געווען. אָבער דאָס נעמט נאָך ניט אַרום דעם ענגערן זין. יעדער צוזאַמענבונד אין דעם דאָזיגען לעבען, וואָס פרובפערט זיך און פערמערט זיך כסדר, יעדע געגענזייטיגע הילף און אַרבייטסטיילונג, אַלע סימביאָזען, ווי דער פאָרשער רופט דאָס ביי די נידריגע ברואים (דאָס הייסט צוזאַמענלעבען צו בשותפות׳דיגער פראָדוקציע): די דאָזיגע אַלע ערשיינונגען, וועלכע גייען שוין דורך די אונטערשטע ענטוויקלונגס־שיכטען, האָבען אין אָנהויב ביי דער ענטשטעהונג אָן ספק געהאַט אַנ׳ענגערע בעציהונג צו בלוטקרובה׳שאַפט און דערמיט אויך צו דער פערמערונג. די דאָזי־

געוויס אפילו שוין דאמאָלט אַלט געווען. ער איז נישט געווען אָבהענגיג נישט פון אַ געוויסער שעה, נישט פון דעם מויל פון אַן'איינצעלנעם מענשען. מינדעסטענס אַ טויזענט יאָר פאַר קריסטוס'ען איז שוין די וועלט אין דער גאַנצער טיף שוואַנגער געווען מיט דער דאָזיגער אידעע. נישט מער, וואָס איצט האָט זי מיט אַמאָל אויפגעפלאַמט און האָט זיך צופלאַקערט איבער אַלע פעלקער, אַזוי ווי איינער פון יענע געהיימניספולע ערד-גאַז-קוועלען פון די אַזוי גערופענע אייביגע פייערען ביי באַקו, וועלכע קאָנען דורך אונגעהוירע לאַנגע צייטען אומבעמערקט אַרויספליסען פון דער ערד, ביז די האַנד פון עמיצען, אַן'איינציגען, קאָן זיין פון אַ קינד, וואַרפט אַריין אַ פונק, און דער פלאַם פלאַקערט-אויף ווידער אויף אַן'אונגעהוירער לאַנגער צייט...

פאַר יענער צייט אָבער האָט דאָס וואָרט, דער אָנצינדענדיגער פונק, וועלכער האָט פון דער פינסטערניש פלוצלונג אַרויסגעריסען דעם דאָזיגען אונפערגלייכליכען סנאָפּ ליכט, אויסגעוויזען אַזוי געוואַלטיג גרויס, אַז די ערד האָט פאַר איהם צו קליין אויסגעזען. דער נאַטירליכער לויף פון די געשעהענישען, האָט זיך געדוכט איז דורכגעבראָכען. עס האָט אויסגעוויזען, אַז דער בליץ פון דער מענשען-ליבע איז אַראָבגעפאַלען פון אַן'אַנדערער, ביז איצט אונבעקאַנטער וועלט, פון יענער זייט פון אַלעם ערדישען, פון אַ פינסטערען וואָלקען, וועלכער איז געשטאַנען אויסער דער גאַנצער בעקאַנטער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. אונטער דעם ציכער פון דעם דאָזיגען גרויזאַמען האָט זיך אָבגעטיילט די ליבע פון ליבע. די מענשהייט-ליבע, האָט זיך געדוכט, געהער זיך גאָרנישט אָן מיט דער געשלעכטליכער ליבע; זי איז נישט קיין שפּראָצונג, נור אַ מעטאָד, וועלכער איז פרעמד, אפילו צושטערענד אַראָבגעפאַלען אויף דער דאָזיגער ערדישער ליבעס-זריעה.

די דאָזיגע אנשויאונג איז אין ראַפאַעלס צייט געווען גאָך כמעט אַלמעכטיג. היינט איז זי נאָך שטאַרק אייגענטליך

דאָ אַ יוגענדליכע וואָרצעל־סטאַדיע איבערגעריסען געוואָרען, און ס'וואָלט זיך אָנגעהויבען די פּראַגע, אונענדליך רייכער'ע וואַנדערשאַפט. די ליבע וואַנדערט, וואַנדערט־ארויס אַלס אַ גייסט־ווערק אין אַלע וועלט־טיילען, צו דער גאַנצער „מענש־הייט" אָנשטאָט דעם איינפאַכען געשלעכטליכען פערבאַנד שטרעבט זי איצט צום סאָציאַלען פערבאַנד פון אַלע מענשען־אינדיווידואומס, צו געמיינזאַמער אַרבייט, געמיינזאַמער הילף צום גליק.

ר אַ פ אַ ע ל, ווען ער האָט געשאַפען דאָס דאָזיגע קינד מיט די גרויסע פלאַמענדיגע מענשהייטס־אויגען, — די דאָזיגע אויגען, וועלכע ס'האָט קיינמאָל קיין שום קינד נישט געהאַט און וועלכע זענען נור מעגליך, ווען פון דעם דאָזיגען קינדערישען בליק שפּראָצט זיך פונאַנדער פאַר דעם בעשויער סימבאָליש ווי אַנ'אונגעהוירער קנאָספּע דאָס אויפוואַכענדיגע אויג פון דער מענשהייט: ער האָט דערביי אין זינען געהאַט אַ גאַנץ בע־שטימטע פערלויפונג פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט אויף דער ערד. זיין בליק האָט צוריק געבלאָנדזשעט איבער אָנדערהאַלבען טויזענט יאָר. ער האָט זיך אָנגעשטעלט ביים מזרח־ברעג פון מיטעללענדישען ים, אין אַ ווינקעל, וואו אַ קליין שמאָל לאַנד שניידט זיך אריין צווישען ים און מדבר. עס איז דער ים, דורך וועלכען די פעניצער האָבען אַמאָל קיין מערב קולטור־גאָלד געפירט. דער מדבר, דורך וועמענס ווייסער פלאַכקייט ס'זענען אַמאָל, נאָך אין אָנהויב פון אַלע לעגענדעס, ווי טונקעלע שאָטענס פון מזרח אַרויסגעשוואומען די ערשטע קולטור־פעלקער.

און אין דעם דאָזיגען לאַנד האָט דער בליק געפונען אַ גרין פּאַלמען־בערגעל איבער אַ בלויער שימערירענדיגער אָזיערע. אויף דעם בערגעל האָט אַנ'איינזאַמער דענקער אַרויסגעזאָגט פון דער טיף פון זיין האַרצען פאַר אַ בלינדען אונזיכערען עולם דאָס עוואַנגעליום פון דער אויפוואַכענדיגער מענשען־ליבע. פון דאַמאָלט־אָן איז דאָס וואָרט געווען אויף דער וועלט און האָט מער נישט געקאָנט שטאַרבען. דער בעגריף איז

געשלעכטליך פעראייניגטע אינדיווידואומס, האָט זיך צוזאַמענ-געגאָסען מיט דער בענקשאַפט נאָך אַ האַרמאָניע פון דער גאַנצער וועלט, נאָך אַ וועלט-אָרדנונג, וועלכער זאָל פירען צום ליכט אַרויף, נאָך איבער די מענשען און זייער ליבע.

און ביי דעם געבוירען, וועלכעס האָט כסדר געשאַפען ניי לעבעדיגס אין אַלטען זין, איז אויסגעוואַקסען, אויסגעשמידט דורך יענער בענקשאַפט נאָך האַרמאָניע, די קראַפט פון אייגע-נעם פערגייסטיגטען שאַפען האַרמאָנישע בילדער פון אַ בעזונ-דערען מין: אין שטיין און פאַרב, אין ריטמישער ריידע און געלייטערטען קלאַנג האָט זיך דער מענש געשאַפען אין דער אַלטער נאַטור אַ נייע, פערגייסטיגטע, אייגענע נאַטור.

די ליבע איז געוואָרען מענשען-ליבע.

זי איז געוואָרען אַ טרייב-קראַפט פון רעליגיעזער בע-גייסטערונג.

זי איז געוואָרען קונסט.

פון דעם אַלעם דערציילט דיר די מאַהאָנע.

דאָס קינד, וואָס דריקט זיך צו דער שיינער ברוסט פון דער דאָזיגער פרוי, איז נישט פשוט אַן'איינפאַך מענשען-קינד, געבוירען פון דער ליבעס-בעהעפטונג פון צוויי מענשען לויט דעם אַלטען געזעץ פון דער נאַטור, וועלכער מאַכט אויך גע-בוירען דעם פיש און די איינטאָג-פליג. עס איז אין דער זעל-בער צייט אַ סימבאָל פון דער מענשען-ליבע. אין דעם דאָזיגען „נישט פשוט" פון דעם קינד ערשיינט די ליבע, ווי אָבגעריסען פון איר ענשטעהונגס-שטאַם, ווי בעפרייט צו אַ נייעם העכערן לעבען.

עס זענען פאַראַן אין ים-גרונד נידעריגע ים-חיות, פון וועמענס איי עס שפראָצט-אַרויס אַ פעסט-איינגעוואָרצעלטער פאָליפּ; אין אַ געוויסער רייפקייט אָבער רייסט זיך פלוצלונג אָב דאָס קעפּעל פון דעם פּאָליפּ און שווימט אַוועק אונגע-שטערט אין דער ווייטקייט פון אָקעאַן, ווי אַן'ענטציקענד שיינער קערפער, דורכזיכטיג ווי אַ קאָרנבלום-בלוי גלאָז-גלעקעל און ביינאַכט דורך זיין אייגענעם ליכט ווי אַ גאָלדענער שטערן בעשיינט. אַזוי איז עס אויך מיט דער ליבע: גלייך ווי עס וואָלט

אונז יעדענפאַלס אַ פּראַקטישע איינזאַמקייט, וועלכע דערלאָזט גאָרנישט קיין שום פערגלייך.

אָבער עס שטייט פאַר דיזע אויגען, ווי אַזוי די דאָזיגע איינציגע אונפערגלייכליכע מענשהייט האָט אויף איר פּלאַנעטע דיזע בעגריפען פערענדערט. אויך דעם בעגריף פון דער ליבע.

ער איז אַרויסגעוואַקסען פון זיך אַליין. איבער זיך אַליין. אין העכסטען זין, אַזוי, ווי דיזע מאַ־אָנע וויל אים סימבאָליש פאָרשטעלען, שטייט דער דאָזיגער בעגריף פאַר אונז אין אַ גרויס, געגען וועלכע די ליבע פון דער חיה שטעלט זיך פאַר אונגעפער אַזוי, ווי דאָס אונגעקינצעלטע געלעגער פון צוויי־גען, וועלכעס דער רויט־האָריגער אַראַג־אוטאַנג מאַכט זיך אין די געדיכטע וועלדער פון באָרנעאָ, געגען דעם פּאַרטעגאָן פון פּידיאַס אָדער געגען פּעטערקופּאָל פון מיקעל אַנדזשעלאָ: אין דיזע דאָזיגע שטראַלענדיגע מענשהייטס-בנינים וואוינען שוין נישט בלויז קערפּערס פון שטערבליכע אינדיווידואומס, נור אויפגעוועקטע צו אַ מין העכערן לעבען געדאַנקען פון טויזענטער יאָרען.

אין דער פּראָמעטעאוס=שמידעריי פון דער מענשהייט, וואו דער בעקומענער טונקעלער אַרץ איז אין דעם גייסטפלאַם צו אַ נייעם לעבען איבערגעשמאַלצען געוואָרען, איז פון דער בלינדער גיריקייט און תאוה פון דער געשלעכטליכער ליבע געוואָרען אַ נייע וועלט-קראַפט, אַ נייע בעגקשאַפט פון אַ העכערען, נייעם, פערגייסטיגטען מין.

דער צוואַנג, וועלכער האָט די געשלעכטער געטריבען איינס צום אַנדערען, וועלכער האָט בעוואויגען דעם אינדיווידואום זיך מקריב צו זיין פאַר'ן ווייטערדיגען לעבען פון זיין מין; ער איז געוואַקסען אין דער אונענדליכער שטייגונג אַלץ העכער, ביז צו אַ בענקשאַפט נאָך אַ געמיינזאמען צוזאַמענבונד פון אַלע בעשעפעני־שען אויף'ן גרונד פון אידעאַלער ליבע און ביז צו דער קראַפט פון אַזאַ צוזאַמענבונד.

דער אונענדליכער תענוג, דאָס פולקאָמע פערגעסען אָן דער וועלט, אָן שמאַרץ, אָן טויט, וועלכעס ס'לעבען-איבער די

איצט מער ניסט איבער ווי תמיד די זעלבע חיה'שע ירושה־ ראַפאַעלס מאַדאָנע, מיט דעם לייַב, וועלכעס שטעלט נאָך פאָר ביי זיין גאַנצער שיינקייט דעם אוראַלטען אָרגאַנישען פרינציפּ פֿון דער צוויי־געשלעכטליכקייט, מיט דעם קינד, וואָס בעווייזט איר מוטערליכקייט: זי שוועבט אין דער זעלבער צייט אַלס אַ גייסט־שאַפונג אין אַ העכערער וועלט, אין אַנ׳ איבערוועלט.

אַזוי האָט זיך אויך די ליבע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט אַלץ העכער און העכער געהויבען, ווי אַ וואָס אַמאָל מער בעפרייטע ליכט־געשטאַלט, אונטער וועלכער דאָס חיה'שע, די אַראָב־ציהענדיגע משא פון חיה'שען איז אַלץ מער און מער געזונקען.

דער מענש איז געוואָרען מענש.

אַ העכערער שטאָק פון דער לעבענס־ענטוויקלונג האָט זיך אין אים אַליין אויפגעבויט, אויף זיין חיה'שקייט, ווי אויף אַ גראַניט־פונדאַמענט, וועלכער איז נאָך אַלץ געבליבען רויער בוי־מאַטעריאַל.

עס האָט זיך איצט געהויבען ווי אַ טעמפעל, וועמענס שניי־ווייסע מאַרמאָר עס גיסט זיך צוזאַמען מיט דער לויטערער בלויקייט.

עס איז ניטאָ דערפאַר קיין ריכטיגע פערגלייכונגס־בילדער. פון דער גאַנצער שפע נאַטור־פאָרמען, פון דעם ווייטען, גרינליך־צאַנקענדיגען נעפעל־פלעק, פון וועלכען די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, ביז צו דעם טונקעל־געלען גרעזעל, וואָס בעדעקט די גראַניט־בערג אויף דער ערד, שטייט פאַר אונזער וויסען נור איין איינציגע מענשהייט. צי עס איז אויף וועלכער ס'איז אַנדערער, רויט אָדער ווייס אַהער־שטראַלענדיגער פּלאַנעטע ענליכס אויפגעבויט געוואָרען דורך דער ווירקונג פון די זעלבע קרעפטען—שווייגט די וויסענשאַפט, קוים וואָס די אַנונג דערוועגט זיך אַהין אַריבערצוטראָגען. ווי אַנ׳ענדלאָזער נאַקעטער מדבר ציט זיך אַרום אונזער „לעבענס־פּלאַנעטע“ אין אַלע זייטען צו דעם שטערען־רוים אונזער אונוויסענהייט און שאַפט

פון די צוויי פערבליבענע מינים פון די דאָזיגע שנאָבעל־חיות טראָגט שוין מיט זיך אומעטום אַרום זיין איי אין אַ הייכען הויט־בייטעל אויפ'ן לייב. און האָט זיך דאָס יונגע חיה'לע ענדליך אַרויסגעפּיקט פון דער שאָל, זויגט עס פון אַ דריזעל ביי דער מוטער מילך. דאָס איז דאָס אורבילד פון דער מוטער אין מענשליכען זין. און פון דעם אָן הויבט זיך אָלץ העכער און העכער אַ געשטאַלט נאָך אַ געשטאַלט: זויגחיות, וועלכע לייגען שוין אינגאַנצען מער נישט קיין אייער, וועלכע טראָגען־אויס דאָס יונגע חיה'לע ביי זיך אין לייב און גיבען־איבער דורך דער בלוט־צירקולירונג פון די אָדערן פון דער מוטער אין די אָדערן פון קינד דעם פיינסטען שפייז־עקסטראַקט, און שפייזען עס נאָך אַ צייט נאָך דעם געבורט מיט דער מילך פון דער מוטער־ברוסט. אויך אין דער דאָזיגער ריי האָט עס די מאַלפּע דעם מענש איבערגעגעבען אַלס ירושה די דאָזיגע בעציהונגען צווישען מוטער און קינד.

און דאָך: פאַר דיין געדאַנק, וועלכער האָט זיך פון דער שטראַלענדיגער הערליכקייט פון דער סיקסטינער מאדאָנא גע־האַט אַראָבגעלאָזען צו דער שנאָבעל־חיה און איז איצט ווידער צום מענש צוגעקומען, האָט זיך מיט אַמאָל ווי פונאַנדערגעריסען אַ גרויסער פאָרהאַנג, וועלכער האָט ביז איצט געהאַט פערדוקט אין דעם טיף־גרויען פערצייטענס דעם מענש מיט דער חיה צוזאַמען

דער בעגריף פון דער מוטער, וועלכער קומט פון דער חיה דורך דער גאַנצער קייט ווילדע געשטאַלטען, פון דער משונה'דיגער שנאָבעל־חיה אָנהויבענדיג און ענדיגענדיג מיט דעם אָ ר אַ נ ג ־ א ו ט אַ נ ג און דער ג אָ ר י ל אַ, פלאַמט פלוצ־לונג אויף מיט אַ גאַנץ נייעם ליכט, ווען ער טרעט־אַריין אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. עס איז דאָס העלע ליכט פון דער נאַטור, וועלכע ווערט אַלס קולטור ענטפּלעקט.

נאָך מיליאָנען יאָרען נאַטור קומען־אָן טויזענטער יאָ־רען פון דער מענשהייטס־ענטוויקלונג אַלס קולטור

דאָס, וואָס איז פון דער חיה גענומען גיט זיך שוין

פרוי גענומען, ווערט דערמיט רייכער, ווי אַ געוועגליכע מוטער... אין דעם איינעם געשטאַלט פאַראייניגט זיך אַ גאַנצע ריי מאָמענטען: די גאַנצע געשיכטע פון דער פרוי אַלס אינדיווידואום.

דורך דער צאַרטער בליקייט פון דעם דאָזיגען געוואַנד שטעלט זיך פאָר דער בליק דאָס לייב, וואָס האָט דאָס קינד געטראָגען. דאָס ווייסע טוך איבער דעם רויטען לייב-העמד פערהילט שעמעוודיג די ברוסט, וועלכע האָט אים די ערשטע שפּייז געגעבען. די דאָזיגע אַלע אַקטען פון דער אינניגסטער פערבינדונג פון מוטער און קינד, ריין מענשליך גענומען, ענטהאַלטען אין זיך קיין איבערנאַטירליכעס, אָבער זיי ענטהאַלטען אין זיך עפּעס, אַזוי ווי די צוטיילונג אין געשלעכטער, וואָס גייט ווייט אַרויס פון די גרענעצען פון דער מענשען-געשיכטע. עס פירט ווייט צוריק, ביז אין דעם חיה'שען צושטאַנד, פון וועלכען דער מענש איז געקומען. נישט מער וואָס דער אויסגאַנגס-פונקט ליגט שוין דאָ פיל נענטער. וואָס ווייסט די לאָטאָס-בלום וועגען דעם ענטוויקלונגס-גאַנג פון איר מין: איר פרוכט פליט אַרויס איבער'ן וואַסער, זוכט זיך אָב איר אָרט און שפּראָצט-אַרויס אַלס פרעמד געוויקס. וואָס זאָל דערפון וויסען די איינטאָג-פליג, וועלכע שטאַרבט כמעט אין זעלבען מאָמענט, ווען זי ווערט מוטער?.. ערשט די העכסטע ענטוויקלונג אין קעניגרייך פון די חוט-השדרה'דיגע חיות געהט דאָ קאָנסעקווענט צו אַ בעשטימטען ציל.

פון די לויכטענדיגע פאַרבען פון דער מאַדאָנע טראָגט זיך איבער דיין בליק ווייט—אין די געדיכטע זומפּ-וועלדער פון אויסטראַליען. דאָרט האַלט זיך אויף די שנאָבעל-חיה, דער נידעריגסטער מין פון אַלע זויג-חיות, אַן איבערבלייבעכץ פון די ערשטע זויג-חיות אויף דער ערד. די שנאָבעל-חיה לעגט נאָך אייער ווי אַ שרץ; די אונענדליך-אינערליכע צוזאַמענקייטלונג, וואָס ס'האָט די מענשליכע פרוכט מיט דעם מוטערליכען אָרגאַניזם, איז נאָך איר אינגאַנצען פרעמד. אָבער איינער

יעדער איינער זיין אמת'ע געשלעכט־העלפט, מיט אַ מענשליכען אָדער ווייבליכען אָרגאַן, מיט מענליכען אָדער ווייבליכען גע־פיל. אָנהויבענדיג פון פיש און ווייטער איז מער נישטאָ קיין איין פאַל פון אָבטרעטען פון דעם דאָזיגען פעסטען פרינציפ. די אמפיביע (וואַסער־לאַנד־שרץ) האָט דעם פרינציפ גע־ירש'נט פון פיש, דער שרץ פון דער אַמפיביע, די זויג־חיה פון שרץ. אין דער כסדר העכער שטייגענדיגער קייט פון די זויג־חיות האָט די מאַלפע די דאָזיגע ירושה איבערגעגעבען דעם מענשען. אַלס מאַן און פרוי איז דער מענש אין דער געשיכטע אַריין. אַזוי ווי יענער מענש פון דער לאָטאָס־בלום, אַזוי איז אויך אדם פאַר דער בעשאַפונג פון חוה'ן בלויז אַ שיינע דיכטונג: דער אמת'ער ווילדער אור־מענש, וועלכער האָט זיך געיאָגט נאָך דעם מאַמאָנט, דעם הייל־בער און דעם ריזענפויליאַק, האָט אין זיין בעהעלטעניש, אין די היילען אָדער זאַמד־גריבער, פון ערשטען טאָג אָן געדריקט אין זיינע אָרעמס זיין ווילדע אור־מענשען־פרוי.

די סימבאָליש העכסטע פרוי, ווי ראַפאַעל האָט זי גע־מאָלט, טראָגט אויף איר האַנד אַ קינד. די דאַרפסט נישט ביי דער ריין־מענשליכער, בלויז ביז'ן העכסטען אידעאַל דער־הויבענער פאָרם, וועלכע דער קינסטלער גיט אונז, גלייך זיך דערמאָנען דאָס רעליגיעזע געהיימניס, מיט וועלכען די דאָגמע פון אַ געוויסער כוואַליע פון קריסטענטום האָט אַרומגערינגעלט גראָד די ענטשטעהונג פון דעם דאָזיגען קינד (אַלס דעם יעזוס־קינד), און דערמיט עס אויסגעטיילט פון אַלעם מענשלי־כען. פאַר'ן פשוט'ען בליק, וועלכען עס אַרט נישט דאָס דאָ־זיגע פראָבלעם, ערשיינט בלויז אין אַ וואונדערפולער ענטפלע־קונג די מוטער. און אין יענעם געהיימניס פון דער „אונבע־פלעקטער בעהעפטונג" איז בעלעגען נור עטוואָס, וואָס האָט דעם מאָלער מעגליך געמאַכט צום טיפ פון דער מוטער, פון דער פערענדיגטער פרוי, קוים־קוים, כמעט אונבעמערקט דיס־קרעט צוצוגעבען דעם צאַרסטען צויבער פון דער אונבערירטער יונגפרוילינקייט. די מאַריע פון דעם בילד, אַלס מענשען־

רעד אַרויפגאַנג צו דער העכערער אָרגאַנישער ענטוויקלונג האָט זיך דערמיט אָנגעהויבען. אין דער חיות־וועלט און אין דער געוויקסען־וועלט. אַ טיפּע נאַטור־נויטווענדיגקייט, וועגען וועלכער איך וועל דיר שפּעטער דערציילען, האָט דערצו גע־מוזט שטויסען. דאָס איינקעמערלדיגע בעשעפעניש פון דעם נידעריגסטען מין, וועלכעס שטייט נאָך אויסער די גרענעצען פון חיה און געוויקס, פערשפּרייט זיך אויף פאָלגענדען אופן: עס שפּאַלט זיך, און פון יעדען טייל ענטוויקעלט זיך אַ נייער אינדיווידואום. אָבער דער דאָזיגער פּשוט'ער אופן ווערט פער־לאָזען, בשעת די אָרגאַניזמען ענטוויקלען זיך אַלץ ווייטער, ער איז פערלאָזען געוואָרען שוין אין די פּאַרצייטישסטע טעג דורך דער גרעסטער צאָל געוויקסען, דורך דער גרעסטער צאָל חיות. ווען די אינדישע לעגענדע וואָלט אמת געווען, און דער ערשטער מענש וואָלט האָבען אויפגעבליט פון אַ וואַריזמען קוש, וועלכען דאָס גאָלדענע גאָט־אויג האָט געגעבען דער ראָ־זע־פאַרביגער לאָטאָס־בלום פון הייליגען גאַנגעס־טייך: וואָלט ער שוין פון דער דאָזיגער בלום געירש'ענט די פערטיילונג אין צוויי געשלעכטער. די דאָזיגע וואַסער־רויז טראָגט נאָך, אמת, ביידע געשלעכטער פעראייניגט אין איין בלומען־קערפּער. אָבער דאָס ווייבליכע מיילעכעל פאָדערט די בעפרוכטיגונג דורך דעם זוימען־שטויב פון אַ צווייטען בעכערל, אַזוי אַז די אמת'ע בעפרוכטיגונג פאָדערט דאָ אויך אַ דאָפּעלט־לעבען, אַ פעראייניגונג פון די קרעפטען פון צוויי בעזונדערע אינדיווי־דואומס.

אין אמת'ען איז דער מענש נישט קיין קינד פון אַ גע־וויקס, ווי שיין עס זאָל נישט קלינגען די לעגענדע. ער איז ענטשטאַנען פון אַ חיה. און אפילו די דאָזיגע איינפאַכסטע פאָרם פון דער דאָפּעלטער געשלעכטס־ליבע, ווי מיר זעהען זי ביי דער לאָטאָס־בלום, איז שוין אין די פריסטע צייטען ביי די העכערע חיות, ביי די חוט־השדרה'דיגע חיות שוין פון די פיש אָנהויבענדיג, פערלאָזען געוואָרען לטובת דער פולשטענדיגסטער אָבשיידונג פון מאַן און ווייב, וועלכע פערקערפּערן בעזונדער

טען אין איין מאָמענט. אָבער אין דעם איינעם מאָמענט שטעקט דאָס גאַנצע עולה־רגל זיין פון אונצייליגע דורות אויף דער ערד. און איבער דעם דאָזיגען ריזיגען גאַנג פון דורות הויבען זיך הויך ווי פאָנען די נעמען פון פעלקער, פון גרויסע קולטור־מדינות, פון אידעען. די וואונדערפולע אויגען פון דעם דאָזיגען קינד זענען ניט קיין לעכער, זיי קוקען ניט פערשטאַרט פון דער ווירקליכקייט אין דער אייביגער פינסטערניש אריין. אָבער עס שטעקט אין זיי עפּעס ווי אַ טרוימען וועגען ענדלאָזע רוימען און אייביגקייטען, אַ שטיק ערינערונגס־טרוים פון דער מענשהייט, וועלכע דעם קינסטלער'ס קראַפט האָט אויף איין אויגענבליק געשאָנקען דעם אינדיווידואום...

אין אייגענטליכען עצם פון איר געשטאַלט איז די דאָזיגע מאַדאָנע אַ פ ר וי. אין ראַפאַעלס סביבה זענען זיכער געווען געשטאַלטען, וועלכע זענען צו איר אונמיטעלבאַר ענליך געווען, וועלכע דער צושויער האָט געקאָנט דערקענען ווי דעם ערדישען מאָדעל פון דעם בילד, דעם מאָדעל פון פלייש און בלוט. די דאָזיגע ענגסטע בעציהונגען זענען אַוועק; צוזאַמען מיט דעם אויסגעלאָשענעם מענשען־אינדיווידואום ראַפאַעל, וועמענס שאַרבען עס ליגט בעהאַלטען אין אַלטען געצענדינערישען קיילעכדיגען געטער־זאַל פון רוימישען פאַנטעאָן, איז אויך אַוועק אַלץ דאָס צופיל פערזענליכע (פילייכט דער שאָטען פון אַ שטאַרקען, ווילדען, ליבעס־לוסטיגען מיידעל, וועלכע וואָלט אפשר ביים אסקעטישען גלויביגען געקאָנט שטערען די פאָרשטעלונג פון דער הייליגער מאַדאָנע),—אַוועק, ווי פערצוי־בערט, אין דער אייביגער פערגעסענהייט, צוזאַמען מיט אַזוי פיל אַנדערער רויזען־בעקראַנצטער מענשליכער ליבע, וועלכע דערמאָנט אַזוי דעם גורל פון דער איינטאָג־פליג מיט אירע צוויי שעה ליבע און לעבען... און פריי פון אַלע פערזענליכע בעציהונגען איז געבליבען די פרוי.

דער מענש לעבט צוריסען אויף צוויי געשלעכטער, מאַן און פרוי. דאָס איז ניט ערשט דערגרייכט געוואָרען אין דער גרויסער צווישענצייט צווישען דער ג אָ ר ג ל א און ר א פ א ע ל.

העכער! אַ דריט בילד, וואָס שיינט־אַרויס שטיל און גרויס פון דעם יום־טוב־פּלאַם פון אַלעם ערדישען. דו קוקסט זיך איין אין איינעם פון יענע שטילע הייליגטימער פון דער מענשהייט, וואו עס לעבט דער אָבגלאַנץ פון אַ וועלט־שעה. פון איינער פון יענע שעה'ען, ווען דעם איינצעלנעם מענש איז דאָס אונגעהויערע געלונגען: דעם גייסט פון לאַנגע יאָרהונדערטער פון דער קעמפענדער מענשהייט אין זיך צו דערפילען. דורך דעם קריסטאַל פון די הויכע פענסטער שטראָמט־אַריין די טיפע גאָלד־ליכט פון אַ קלאָרען הערבסט־טאָג און גיסט זיך פונאַנדער אין צאַרטע וועלען ווי אַ שכינה־שיין איבער דער סיקסטינער מאַדאָנע פון ראַפאַעל

דאָס וואָרט שכינה איז דאָ צו שוואַך. עס שטאַמט פון אַ געדאַנקען־גאַנג, וועלכער קאָן בעגרייפען דאָס העכסטע נור ווי אַ לאָך אין דער פילפאַרביגערווירקליכקייט־וועלט, אַ לאָך אין דער אָנבּרעגיגער פינסטערניש אַריין, אין וועלכער דאָס אויג זוכט און בעמיט זיך צו געפינען די געשפּענסטער־בלייכע שטערען פון אַנ'איבערנאַטירליכער ענטפּלעקונג.

די גרויסע מייסטער פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע האָבען נישט געמאָלט קיין לעכער. ווען ראַפאַעל האָט זיין לעבעדיגע וועלט־מוטער מיט דעם יעזוס־קינד ערפונדען אין דער אינדיווידועלער פאָרם, ווי זי שטייט פאַר אונז ביז היינט, האָט ער אין איר אַריינגעלייגט אַלץ, וואָס די מענשהייט האָט ביז דאַן וועגען דער ליבע אויף זיך אַליין געהאַט ערפאַרען.

אַלץ וואָס ס'האָט נאָך געשטאַמט פון דעם חיה'שען צושטאַנד פון מענש. און אַלץ, וואָס האָט דורך טויזענטער יאָרען איִם פון חיה'שען צושטאַנד אַרויסגעפירט. מיט דער קראַפט פון גרויסען קינסטלער האָט ער דאָס אַלץ אויסגע־

ווי דער פעלז ביי מיר צופוסינס
שווער איבער'ן טיפן אָבגרונט הענגט,
ווי טויזענט טײלען פריילעך פליסען,
גערופען דורך דעם ים פון חיים,
ווי גלייך עס רייסט די אייגענע שטרעבונג
דעם בוים אַלץ העכער צו דער זון,—
אַזוי איז די אַלמעכטיגע ליבע,
וואָס שאַפט אַלץ און אנטוויקעלט אַלץ.

(אויגוסט, צווייטער טייל)

איז ניִשטאָ, ניִשט קיין יבשה ניִשט קיין ים, בעווייזכן זיִך אויף דער קלייניִנקער צאַרטער שפּראָצונג פון קיִנפּטיִגען מענ־שעלע די זשאַבערעס־שפּאַלטען ביים האַלז, וועלכע דער פּיִש דאַרף האָבען, כדי פון זיין עלעמענט, דעם וואַסער, אויף אַ בעזונדערן קונסטפולען אופן אַרויסצוטיילען דעם נאַרהאַפּטיִגען זויער־שטאָף. און די גליִדער ביִלדען זיִך אויס איִן אַ פאָרם פון רונדער פלוס־פעדערן. דאָס ביִלד ריין דעם אור־פּיִש צי־טערט־אויף ווידער אַמאָל ווי פון אַ נעפּעל,—דער אור־פיִש, וועלכער האָט איִן די גראָע פערשוואונדענע צייטען העכערע בעשעפעניִשען דאָס לעבען געשאָנקען,—בעשעפּעניִשען, וועלכע האָבען אַלץ העכער געדאַרפט שטייגען, ביִז דער מענש האָט ווי אַ נייע איִבערוועלט פון זייער שפּיִץ אויפגעפלאַמט,—דער מענש, וועלכער טראָגט אויף זיינע פלייצעס אַלע ליידען און פריידען פון די בעשעפעניִשען...

אַזוי איז אויך דאָס דאָזיִגע ווילדע, דאָס דאָזיִגע משונה'דיִגע ביִלד צום טיִפסטען פערקניִפּט מיִט דיר.

וויִדער שטייסטו אַלס דער שפעטער טרוימער אויף דעם גראַניִט־פעלז און טראַכסט און טראַכסט. פון דעם דאָזיִגען פלאָנטער פון די לוסטיִג צאַפּעלדיִגע פּיִש די זעלבע ניִשט פערענטפערטע פראַגע. צו וואָס? וואָס איז די ליִבע?

ווי יהוה'ס שטיִם איז אַמאָל צו איוב'ן געקומען: „גורט־אָן דיינע לענדען ווי אַ מאַן, איך וויל דיִך פרעגען, „לערן מיִך!", אַזוי רופסט דו צו דער ליִבע איִן דער דאָזיִגער סודות'דיִגער ענטפּלעקונג.

ענטפער! דער ים, דער אַלטער גרויער ים, איִן וועלכען עס זענען וועלטען פערזונקען, כאָ־כעלט איִן רוישט און שליִנגט ווידער אַראָב די תאוה'דיִג צאַפּעלדיִגע פּיִש. און שווייגט. העכער!

דו מוזט נאָך פיל העכער שטייגען, כדי צו בעגרייפען, וואָס דאָס אַלץ וויל זאָגען. וואוהיִן עס שטרעבט און וואוהיִן עס איז געקומען. גורט־אָן דיינע לענדען, איך וויל דיִך פיִרען.

ווידער פון ברעג אַוועקוואַנדערן אין פרייען ים, ביז אויך אין זיי וועט צ···פוואַקסען און רייף ווערען די בענקשאַפט. די בענקשאַפט, וועלכע טרייבט זיי צום ברעג, צו דער ליבע און צום טויט אַלס קרבן. און דאַן וועט פון דער טיף אַ נייע, זילבער־שטראַלענדיג אינזעל אַרויפשווימען...

אויך דער דאָזיגער חתונה־צוג פון ד···יש חזר'ט זיך איבער זינט אונענדליכע צייטען. אויך דע··· פיש איז פיל, פיל ערטער, ווי דער מענש. אין זיינע פ···רשטאַרטע אויגען ליגט אַ בליק פון דער פערצייטישער וועלט, וועלכע האָט נאָך דעם פיל־פאַרביגען ערד־גאָרטען געזען אָן דעם מענש. אָבער נאָך ···ער. דער מענש וואָלט גאָרנישט מעגליך געווען אָן דעם פיש. עס האָט פריהער געמוזט זיין דער פיש, איידער דער מענש האָט זיך געקאָנט ענטוויקלען. מיט מיליאָנען יאָרען צוריק איז דער מענש אַ פיש געווען, אַן'אורפיש פון אַ פערשוואונדענער צייט, אין וועלכען ס'איז נור די נייגונג געווען זיך אַמאָל, אַ מאָל ביז צו אַ מענש צו ענטוויקלען.

אין זייער ליבעס־שטרעבונג געפינען זיך היינט אַ מאַן און אַ פרוי אין העלען ליכט פון צוואַנציגסטען יאָר־הונדערט, ביינצעהן יאָר־הונדערטער נאָך דעם געבורט פון גרויסען רע־פאָרמאַטאָר, הינטער וועלכען עס ליגט נאָך אַ תהום פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט ביז צו דעם בלוטיגען נעפעל פון די ערשטע אָנהויבען. פון דעם הייסען צאַפעל פון די העכסטע ליבעס־מינוטען וואַקסט־אויף אין לייב פון דער פרוי דאָס קינד. און נאָך אַזוי פיל טויזענטער יאָרען פון דער צווישענצייט זינט דער ענטשטעהונג פון מענש אויף דער ערד, נאָך אַזוי פיל וואַנדלונגען פון גייסט, פון דעם נעפעלדיגסטען בעגרייפען ביז דער שטראַלענדיגער ערפילונג פון דער קולטור, קומט ־ פאָר אין לייב פון דער שוואַנגערער מוטער, מיט דעם מענשליכען עמבריאָן, וואָס הויבט זיך קוים אָן צו ענטוויקלען, אַ פיל־בעדייטענדיגער נס. דאָס רייף ווערענדיגע מענשליכע שפּראָצעלע ווערט, איידער עס ווערט מענש, נאָך אַמאָל אַ פיש. אין דער טונקעלער מוטער־טיפקייט, וואו עס

פון די נעפּעל־וואָלקענס, לאָזען זיך אַראָב בײפּלינעלטע טשאַטעס מאָרד־גיריגע מעווען, אַלקען און לומען אין אונאויפהערליכען אָנגריף און רייסען מיט האַרטע שנאָבלען שטיק ביי שטיק פון דעם לעבעדיגען זילבערנעם פּאַנצער, אַזוי ווי גייציגע אוצרות־זוכער רייסען גאָלד פון אַ פּלוצלונג ענטדעקטען גרוב.

און דאַן קומט ענדליך אָן דער געפערליכסטער יעגער, דער מענש. דורכ׳ן נעפּעל רודערט עס, אַ שיפעל נאָך אַ שיפעל, די הערינג־פישער מיט זייערע נעצען. זיי לאָזען זיך גלייך אַריין אין דעם געדיכטסטען חתונה־געווימעל. דאָס שיפעל ווערט אַריינגעקלעמט אין געדראַנג, אויף אַ מאָמענט ווערט עס אויפגעהויבען פון ים דורך דעם שטויס פון די מיליאַרדען,— אַ רודער, וועלכער ווערט אַריינגעשטעקט אין דער מאַסע פון די פיש, בלייבט שטיין גלייך און ווערט מיטגעריסען אויף אַ ווײלע אין קאָמפּאַקטען צוג. די אויגען פון די נעצען ציהען זיך איבער מיט אַ דיקען שליים: זיי זענען אַריין אין דעם ים פון פריי־שווימענדיגען זוימען. גלייך דערויף ברעכען זיי זיך כמעט אונטער דער לאַסט פון די פיש אַליין. אָבער אומזיסט זענען אַלע בעמיהונגען פון די אונגעשיצטע בעשעפעניששען; אומזיסט ווילען זיי דורכ׳ן געדראַנג פון זייער מיליאָנען־צאָל בעזיגען דעם געגנער. מיט שופלען ווערען די הערינג אינגמי־טען פון זייער תאוה־תענוג גלייך פון דער אויבערפלעך אָנ־גענומען און אַריינגעשליידערט אין שיפעל. דאַן צוימען־אָב די נעצען גאַנצע טיילען פון דעם געווימעל אין די שמאָלע פיאָרד־אַרבעל. מיליאָנען קרבנות פאַלען דאָרט אין זיכערן טויט.

אַזוי פון אַלע זייטען צובראָקעלט, פערשווינדט ענדליך דאָס זילבערנע אינזעל איבער מיליאָנען ליבעס־לוסטיגע אינדי־ווידואומס האָט זיך אַראָבגעלאָזען ווי אַ וועלט־געריכט. אָבער דער גרויסער, אונפערשטענדליכער ציל איז דערגרייכט. פון די בעפרוכטיגטע אייער, וועגען וועלכע קיינער פון די אַלע אָנגרייפער האָט זיך נישט געזאָרגט, וועט ענטשטעהן אַנ׳אַרמיי פון קליינינקע, נייע פישעלעך. אין זייער צייט וועלען זיי

מיליאָנען פינקלענדיגע, שלענגעלדיג=ציטערנדיגע לייבער, מי־
די תאוה׳דיג צאַפּ־ינדיגע פלוס=פֿעדערן און די גרויסע אונבע־
וועגליכע פערשטאַרטע אויגען, ברעכען=אויס אַלע מכות פֿון
מצרים. זיי, וועלכע קאָנען איינציגווייז פעדער=לייכט זיך אויס=
גליטשען אין דער ים=טיפֿקייט פון יעדער געפאַר, די אמת׳ע
אַקראָבאַטען פון זייער מין, זענען איצט, אַלס אַ געדיכט צו=
זאַמענגעדריקטע, אין ווילדען ליבעס=שטורעם צוזאַמענגעקוי=
טעלטע מאַסע, אַזוי גוט וו. ווערלאָז און אויסגעשטעלט אויף
יעדען אומגליק. און דאָס אומגליק לויערט. ווילדע רויבער
קומען=אָן מענגעסווייז צום גרויסען ליבעס=אינזעל; זיי ווערען
געלאָקט שוין פון דערווייטענס דורך דעם העלען שיין, וועל=
כער גליט אין נעפעל, ווי אַ חתונה=פאַקעל, וואָס האָט זיך
פון זיך אַליין אָנגעצונדען.

פֿאַר זיי איז איצט דער דאָזיגער מיילען=לאַנגער חתונה=
קנויל גישט עפעס אַנדערש, ווי אַ ריזיגער זער געוואונשע=
נער שפּייכלער פון לעבעדיגען פֿלייש. פון די וואַסערן ברוי=
זען מיט אַ שווערען, ווייט=הילכענדיגען גערויש אויף עטליכע
מעטער די הויך דאַמף=פאָנטאַנען, גלייך ווי עס וואָלטען גייזערס
געקאָכט אין פֿערבאָרגענעם תהום. דער גיגאַנטישער וואַלפֿיש
קומט=אָן, שווער אָטעמענדיג אַזוי, אַז די לאַנג פערהאַלטענע
לופט ווערט אין דאַמף פערוואַנדעלט און רייסט מיט זיך אַ
פאָנטאַן וואַסער אַרויס, אַ ריז ביז פינפאונצוואנציג מעטער די
לענג. ער מאַכט בלויז מעכאַניש אויף זיין ריזיגען פֿרעסער,
און צוזאַמען מיט דעם ווילד=אַריינדרינגענדיגען וואַסער ווע=
רען אַהין מיטגעשלעפט הונדערטער פון ליבע שכור׳ע הערינג,
וועלכע די משוגה׳דיג=גרויסע פליישיגע צונג צוקוועטשט אָן
גומען פון אָנצייניגען מויל, ביז זיי זענען פֿאַרטיג צום אַראָב=
שלינגען. נאָכ׳ן וואַלפֿיש געהען נאָך קלענערע ימ׳ישע זויג=
חיות, לוסטיגע דעלפינען און ים=הינט, און דערנאָך אַ
נישט וועניגער רויב=לוסטיגער חיל פון אמת׳ע פֿיש, ווי שעל=
פיש, שטאָקפיש און דאָרשען, אויך היי=פיש, וועמענס העסליכע
ציין עס צורייבען דעם ווייכען הערינג ווי פוטער. פון אויבען,

דער זעלבער בליק פֿון דער העכסטער בעפֿרייאונג פֿון די געפֿילען דרינגט אָבער גלײַכצײַטיג דורך אויך די „זיי", וועלכע וואַרפֿען-אַראָב אין די ווײַסע זוימען-וואָלקענס מיליאָנען און אָבער מיליאָנען אָבגעלעגטע אייער. אויף די דאָזיגע אייער ווירקט דער פֿרייער זוימען, ווי אַ גאָלדענער לעבענס-קוואַל: ער נעמט זיי אַרום, הילט זיי איין, טרינקט זיי בוכשטעבליך אין זיך איין, און דערבײַ דרינגט אין יעדען איי-קעמערל אַריין אַ קליינינקער זוימען-קעמערל, גיסט זיך מיט אים צוזאַמען און פֿערענדיגט דעם פּראָצעס פֿון זײַן ענטוויקלונג ביז צו דער אייגענטליך ניי-שאַפֿענדיגער קראַפֿט, וועלכע מאַכט פֿון אים אַרויסבליהען אַ ניי בעשעפֿעניש.

אַ שוי-שפּיל אָן אַ גלייכען.

די בעפֿרוכטיגונג, וועלכע ווערט פֿערוואַנדעלט אין אַ מאַסען-אַקט, אונטער וועמענס צאַפּלען און ווילדע אויסגיסונגען עס בלאָזט זיך אָן און קאָכט דער ים. יעדער אינדיווידואום געמיינזאַם שווימענדיג אין דער לעבענס-קראַפֿט פֿון מיליאָנען און געבענדיג און נעמענדיג אין אַלגעמיינעם קוואַל.

אַזוי האָט זיך אַמאָל געמאָלט די נאַאיווע פֿאַנטאַזיע די בעשאַפֿונג: אַז די קראַפֿט פֿון איין גאָט האָט אין אַ גרויסער געבענשטער שעה אויסגעגאָסען אונענדליכע זוימען פֿון אַלעם לעבעדיגען אין דעם טויטען מדבר פֿון אָקעאַן. פֿון דער וואָלקען-הויך האָט ב ר אַ מ אַ אַראָבגעוואָרפֿען דאָס גאָלדענע איי, וועלכעס איז פֿון גאָט בעפֿרוכטיגט געוואָרען און האָט דעם פֿיל-פֿאַרביגען שלייער פֿון לעבען געבוירען.

אָבער קיין שום דיכטער-פֿאַנטאַזיע האָט זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלען דאָס משונה'דיגע, די גאַנצע גראָבע אונגעהויעריגקייט פֿון אַזאַ אַקט, ווי די נאַטור האָט אים אין דער ווירקליכקייט געשאַפֿען אין דער דאָזיגער פֿיש-אָרגיע.

ערהאַבענע, קאָמישע און העסליכע מאָמענטען פֿאַראייניגען זיך דאָ צוזאַמען איבער דעם דאָזיגען זילבערנעם קנויל ווילד-צאַפּלענדיגע פֿיש, וועמענס קראַפֿט עס גיסט זיך אַראָב ווי אַ שלאַגס-רעגען אין אונאויפהערליכע שטראָמען, איבער די

וועלען זיך קאָנען אין תאוה־תענוג צונױפדריקען איינער צום אַנדערן. עס ליגען דערין ערינערונגען פון דער פריסטער יוגענד. ביים ברעג, אין דער ענגשאַפט זענען זיי אַלע אַמאָל געבוירען געוואָרען, איידער זיי האָבען דעם אָפענעם ים גע־פונען. ווער קאָן פערשטיין, ביז צו וועלכען ממשות׳דיגען געשטאַלט די דאָזיגע בלאַסע פערבליבענע תאָרשטעלונג וואַקסט נאָך אַמאָל אויס אין דער פלוצלונגער טיפער אויפרעגונג פון גאַנצען אָרגאַניזם! זיכער איז, אַז אין אַלע געוואוינהייטען פון דעם ביז־איצטיגען לעבען פון די ברואים קומט מיט אַמאָל פאָר אַ פולקאָמענער צוזאַמענברוך. דער הערינג לאָזט זיך צום ברעג. באַלד זעניען שוין מענגעס צוזאַמען, וועלכע דער גע־מיינזאַמער ציל לאָזט זיך נישט פונאַנדערגעהן. אַ מענגע שטויסט צו אַ מענגע. עס איז אַנ׳אונענדליך, אונפערשטענדיך, בליגד שווימען אין איין זייט. דער קאָפ קאָן זיך פערדרייען, ווען מען שטעלט זיך פאָר דעם אָנבערעגיגען רוים פון אָקעאַן, פון וועלכען די ליבע זאַמעלט צונויף אַהער אירע מאַסען. ענדליך איז שוין דער גרונד פלאַך, דער אויסגעקוקטער ברעג איז נאָנט. פון אַלע עקען לאָזט זיך עס איצט צו איין פונקט... און פון די טונקעלע וואַסערן שימערירט דאָס זילבערנע אינ־זעל פון מיליאָנען און שלאָגט־אָב דעם שיין ביז צו די נעפעל־וואָלקענס.

אָבער די אונגעהויערע פיש־מענגע דריקט זיך צוזאַמען און פערהאַלט זיך די ענגשאַפט פון דעם צוזאַמענדרוק בע־פרייט מיט אַמאָל די גאַנצע איינגעהאַלטענע ליבעס־תאוה אין אַ פאָרם, וועלכע האָט אין זיך פונקט ווי דער דאָזיגער גאַנ־צער מאַסען־שטורעם, כמעט ברוטאַלעס, יעדענפאַלס עפעס גיגאַנ־טישעס. דורך די זאַלציגע ים־וועלען גיסען זיך אַרויס געדיכ־טע וואָלקענס מענליכע זוימען־פליסיגקייט, וואָלקענס, וועלכע זענען אַזוי געוואַלטיג, דאָס דער אָקעאַן ווערט פון זיי אויף אַ ווייטער שטרעקע אויפגעקאָכט און דאָס גאַנצע זילבער־אינזעל פון די תאוה׳דיג צאַפלענדיגע פיש באָדט זיך דערין, שווימט דערין.

טשאַטעס ווייסע מעווען פליִהען איִבער איִם, אַזוֹי ווי עס וואָלט געווען איינער פוֹן יענע איינזאַמע פעלזען פון וועלט-ים, וועלכער דיִנט פאַר מיִליאַרדען שרייענדיִגע פויגעל אַלס נעסט-אָרט. אָט דאָ, אָט דאָרט בליִצט אויף אַ גאַנצער קערפּער, ווי עס וואָלטען איִבער דעם אויפגעקאָכטען, ברויזענדיִגען עלעמענט געשפּרונגען ווייס-בלויע פלאַמען, ווי פון איִנזעל וואָלטען אַרויסגעשפּריִצט וואולקאַניִשע בליִצען.

אַזוֹי וואָלט געמוזט זיין, ווען אַ ריִזיִגע האַנד וואָלט קוּוער דורכ'ן בויך פוֹן פּרייען אָקעאַן אַ נעץ דורכגעצויגען און וואָלט דאַן לאַנגזאַם מיִט איִר צו דעם ברעג געשיִפּט, צוזאַמענדריִ-קענדיִג פאַר זיִך צום ברעג-צו אַלץ דאָס לעבעדיִגע פון דעם פּיִש-וויִמלענדיִגען ים-אָבגרונד, ביִז די פערענגטע שטרעקע וואָלט די מאַסע מער ניִשט געקאָנט איינהאַלטען איִן זיִך, און דער געווימעל וואָלט זיִך אַ הויב-געטון געגען ברעג, ווי אַן אונגעהוירע פּיִראַמיִדע פון לעבעדיִגע, ציִטערענדיִגע ברואים, איִן די משונה'דיִגסטע וויִלדעסטע געשטאַלטען פון דער ים-טיִפק״יט.

דער גיִגאַנט איִז די ליִבע.

ווי אַ שטויבעלע איִן דעם זונען-שיִמער פוֹן די ים-כוואַ-ליעס פערליִרט זיִך געווענליִך דער איינצעלנער הערינג איִן אָפענעם וועלט-אָקעאַן. די מענשליִכע פאָרשונג האָט נאָך ביִז איִצט געגוֹי ניִשט פעסטגעשטעלט, וואו אייגענטליִך ער האַלט זיִך אויף איִן די שטיִלע ליידענשאַפטלאָזע צייטען פון זיין לעבען: צי איִן די אָבגרונדען פון די טאָלען פון אונטער'ן ים, אָדער, וואָס ס'איִז ווייזט-אויס וואַרשיינליִכער, איִן אַ געוויִסער אָפענער טיִפקייט פוֹן פּרייסטען ים, ווייט פון דער יבשה.

און מיִט איין מאָל געשעהט עס, ווי עס וואָלט אַ היִלך-נעטאָן דער שופר פוֹן דער זעהונג פון אַלטען נביא, וועלכער האָט געהייסען די ביינער זיִך איִן טאָל צונויפזאַמלען. דורכ'ן איִנערליִכסטען לעבענס-אָדער פוֹן אַלע די איינזאַם-פערשפּרייטע ברואים טוט אַ צאַפּעל-דורך אַן'אונפערשטענדליִכער פערלאַנג נאָך ענגשאַפט, נאָך פלאַכען גרונד צוויִשען פעלזען, וואו פיִל

דער בין־השמשות טונקט איין זיינע קאַלטע פאַרבען אין ים. אָבער מיט אַמאָל שיינט־אויף פון וואַסער אַליין עפּיס אַ מאַגישער שיין, וועלכער גליטשט זיך אַהער צום אַלטען פעלזען־ברעג פון אָפענעם ים. דער שיין שלאָגט זיך אָב אויבען אין דער לופט; ווי אַ זילבערנע אָבשפּיגלונג דערנענטערט ער זיך הויך אין דעם נעפּעל־דונסט. אַזוי, הגם פיל געוואַלטיגער, בעווייזט זיך דעם פּאָלאַר־רייזענדען אויפ'ן הימעל שוין פונדערווייטענס ווי אַנ'אייז־שיין די נאָנטקייט פון די אָנקומענדיגע קריסטאַל־מאַסען, וועלכע וועלען איהם דעם וועג פערשטעלען,—פאָרפאָסטען פון דעם מדבר, וועלכער ציהט זיך פון פערשטאַרטען פאָל פון ערד־קוגעל, אַזוי ווי דאָרט וואָלט זיך עס אויסגעגאָסען די פערוויסטענדיגע אייביגע מתים־קעלט פון דעם פרייען צווישען־פּלאַנעטען־רוים אויף דעם אונגעהויערען ראָישענדען קוגעל, וועלכער קרייזט אַרום דער זון מיט אַזוי פיל לעבענס־לאַסט אויף זיין וואַרעמען שויס. אָבער איצט דערנענטערט זיך אַהער נישט קיין אייז, עס איז דער זילבעגלאַנץ פון עפּעס אַ פיל־קעפּיגען, לעבעדיגען, וואָס שלייכט זיך אַלץ נענטער און נענטער.

נישט קיין איינצעלנער ים־ריז קומט־אָן. צוזאַמענגעדריקט אין אַ ריזיגען געווימעל רוקט זיך אָן אַ זילבערנער אינזעל פון חיות.

דער הערינג קומט־אָן, אין מיליאָנען פעראייניגט.

דער ליכט־שיין, וועלכער מאַכט דעם נעפּעל העל, איז דער אָבשיין פון די אונצייליגע שימערירענדיגע לייבער, וועלכע דער מאַסען־שטורעם שטויסט־אַרויף אויף דער פלאַכקייט, טרייבט אפילו אַרויס פון די וועלען,—און דאָס גאַנצע לעבעדיגע אינזעל וועלבט זיך דאָ און דאָרט ווי אַ ריזיגער שילדקרעט, ווען עס בלאַנקער רוקען עס שפּיגעלט־אָב דעם לבנה־שיין. אָבער קיינמאָל, אפילו אין קיין שום פאַרצייטישע טעג פון די וואונדערליכסטע ריזען־חיות, איז נישט געוועזען קיין שילדקרעט פון אַזאַ גרויס. אַ מייל אין דער לענג און דער ברייט ציט זיך דאָס דאָזיגע אינזעל פון לעבעדיגע פיש.

די לופט איז פול מיט סודות. וואס איז שוין דער מענש־הייט נישט צוגעקומען גראד ביי דעם דאזיגען ברעג, אין דער ווירקליכקייט און אין טרוים! דא האט זי זיך צום ערשטען מאל געגוייער בעקענט מיט דעם וואלפיש, דער ריזיגער זויג־חיה פון פרייען ים. דא האט זיך געשאפען די לעגענדע וועגען ים־שפין, וועלכער איז ווי אנ׳אינזעל פון אבגרונד ארויפגעשוואומען און איז ווידער איינגעזונקען, מיטשלעפענדיג דאס גרעסטע שיף מיט זיינע אונגעהויערע שפין־פיס,—די לעגענדע, וועלכע האט ענדליך איהר לעזונג געפונען אין דעם גיגאנטישען טינטענפיש פון ים־אבגרונד. און דא איז אמאל ווידער געזען געווארען דער ים־שלאנג, מיט א פלאטערדיגען קאם, מיט גרויליכע ענדלאזע דריידלען, וועלכע האבען אויפגעקאכט דאס גרינע וואסער פון פיארד,—א סוד, וועלכער איז אזוי גרוי און אלט ווי די עקזיסטענץ פון ים־פארענדיגע פעלקער, און וועלכער איז דאך נאך ביז איצט נישט ענטפלעקט געווארען. אין די אבגרונדען פון דעם דאזיגען ים, דארט, וואו א ביסעל ווייטער פון זיים פעלזען־ברעג פאלט דער גרונד פלוצלונג אראב אין א שווינדערליך טיפען טאל גלייך ווי דער אקעאן וואלט דארט אריינגעפאלען אין א נייעם, צווייטען אקעאן, וועלכער איז טיפער, נעהנטער צו דעם ערד־צענטער,—וואוינט דער ווארצעלהאר־שטערן מיט א פעדערדיגען קעפעל אויף א שלאנקען פעסט איינגעווארצעלטען שטענגעל. ער איז ענליך צו א וואונדערבארער ליליע פון דעם פילפארביגען קרעלען-גרונד, אבער איז אין אמת׳ן גאר א חיה, פרעמד אין זיין צייט, אנ׳איינזאמע איבערבלייבעניץ פון דעם בלויען וואונדער־ים פון קרייד־פעריאד, ווען די ריזיגע ים־ליליעס האבען זיך געוויגט ווי ציטערענדיג־אויפשיינענדע פאלמען־וועלדיגער פון דער ים־טיפקייט, און וועלכע האבען ביי זיך געגעבען א בעהעלטעניש די העסליכע שרצים פון יענער צייט, ווי עס גיבען היינט אנ׳ארט דעם מלך־טיגער די אינדישע דזשונגלען...

צי דערנענטערט זיך איצט ווידער איינס פון די דאזיגע ים־וואונדער צום ברעג?

אַוועק! אַנ'אַנדער בילד. פון דעם יִש-זיסען צו אַ משונה'דיג גראָבען, אָבער אויף דעם זעלבען מאָטיוו. הערסטו דעם ווינד פייפען און די וואַסערן רוישען? נאָרוועגיען. אַ האַסטיגער ים-ווינד בלאָזט מיט זיין זאַלציגען הויך און דעם פיש-ריח. די כוואַליעס שפריצען ביים גראַניט-ברעג, ביים אוראַלטען ברעג. דאָ האָט זיך שוין אַריינגעשניטען אין ים אַ ריזיגע יבשה-שטרעקע דאַן, ווען דאָס גאַנצע איבריגע אייראָפּאַ איז נאָך געווען אַ קרעלען-אַרכיפּעלאַג. אַרום וועלכען ס'זענען אַרומגעשוואומען די דראַקאָנען פון יורא-פּעריאָד, פון דאַנען האָט זיך שפּעטער געררוקט דער שרעקליכער גלעטשער-וואַל פון דער אייז-צייט אויף דעם שטאַרבענדיגען, פערוויסטען, פרירענדיגען צפון-דייטשלאַנד. אַ גרויסער, סודות-פולער צויבער-שלאָס פון דער ערד-געשיכטע ביז די טעג, ווען די שיפען פון די וויקינגער האָבען זיך פון דאַנען אַרויסגעלאָזען אין דעם אומבעקאַנטען שוים-מדבר פון דעם אונגעהויערען ערד-וואַסער צו די רויט-פלאַמענדיגע וואולקאַנען פון איסלאַנד, צו די גרינע וויינגערטנער פון דעם מיטישען אַמעריקא פון טויזענדסטען יאָר.

די לופט איז דאָ פול מיט סודות-פולע רוחות! איבער דער ערד הענגט שווער אַ רעגען-וואָלקען. איבער די פעלזען ביים ים שטייט האַרט און גאַקעט אַ בלאַסע ליכט. אין הימעל און אין די וואַסערן איז עפּעס, ווי עס וואָלט זיך דערנעטערט אַ געהיימניספולעס פון אָפענעם ים. אַ פליהענדער האָלענדער, ווי די לעגענדע האָט אים בעשאַפען, אויף זיין סמאָלע-שוואַרצען שיף אויפ'ן פאָן פון שוועבעל-געלען הימעל. אָדער די שטן-האַנד פון דער שיפער-לעגענדע, וועלכע ציט אויס אירע קאָלאָסאַלע רויטע נעגעל איבער די שוים-קאַמען פון די כוואַליעס. מורא'דיג שרייען די ים-פויגעל.

זין בעשעפעניִשען, שטעהסט בּיים ברעג און קוקסט שטום
אויף דיִ קליינע בלאַסע ליִבּעס־קערפערלעך און טראַכטסט'
טראַכסט וועגען דעם סוד פון דעם דאָזיִגען ליִבּע־טאַנץ און
טויט־טאנץ... וואָס איִז דיִ ליִבּע?

„ס'קאָן קיין הימקיים דיִך אָבּשטעלען,
קומסט צו פליִען צוגעצויגען,
און האָסטו דאָס ליִכט דערגרייכט גור,
שטרסטו, שמעטערליִנג, פערברענט.“

(געטע).

פון אַ לבנה־נאַכט, ווען ער האָט ביים פּרת צום ערשטען מאָל דעם גאַנג פון די שטערען געפאָרשט, ווען ער האָט ביים נילוס געטראַכט וועגען סוד פון לעבען, ווען ער האָט ביים איליאָן געשאַפען אַ העכערע, ליכטיגע וועלט פון ריטם און מאַרמאָר אויפ׳ן אָרט פון דער דאָזיגער וועלט פון צער און פינסטערניש.

און תמיד דאָס זעלבע. תמיד דאָס דאָזיגע שטאַרבען פון די יחידים פאַר דער דערהאַלטונג פון מין, תמיד די זעלבע פער׳שכור׳ונג פון די געפילען אין משך פון דער קורצער ווײַלע, די דאָזיגע שנעלע, געהיימניספולע פערענדע־רונג פון די צילען... טויזענטער, מיליאָנען יאָרען, אייביגע־קייטען, אין וועלכע ס׳זענען פאָרגעקומען איבערגרופּירונגען פון די שטערען־בילדער; דאָס וואַנדערען פון דער זון אין וועלט־רוים, די בעוועגונג פון די אונבעוועגליכע שטערען, די ענדערונגען פון דער ערד־אָרביטע און פון איר אָרט אין וועלט־רוים, וועלכע זענען פאָרגעקומען דורך אונגעהויערע צייטען—מערקען־אָן, ווי גרויסע וויאָרסט־סלופּעס, דעם ריזיגען גאַנג פון דער צייט. און אַלע צוויי, דריי יאָר—די די אונבעמערקבאַרע ווײַלע פון צוויי שעה, אין וועלכע דער גורל פון אַ מין ברואים ווערט ווי אַ וואַרף־פּילקע געשליידערט פון איין דור צום צווייטען. צוויי שעה, אין וועלכע דער אינדיווידואום ווערט, שוין כמעט אין מאָמענט פון זיין טויט, וועלט־געשיכטע און פלעכט זיך אַריין אין אַ קייט, וועלכע ציט זיך און ציט זיך פון די ערשטע טעג פון בראשית, דורך פערשוואונדענע מעשה־וועל־דער, דורך פרעמדע משונה׳דיג־ווילדע ברואים, דורך לאַנג אויסגעלאָשענע אָדער פערשוואונדענע שטערען, ווייטער און ווייטער ביז׳ן היינטיגען טאָג.

די איינטאָג־פליג קלערט נישט. זי ערוואַכט, פער׳שכור׳ט זיך אין תענוג און שטאַרבט.

אָבער דו, דו איינזאַמער, שפּעטער־געקומענער, אונענד־ליך הויך געשטיגענער עפּיגאָן פון דעם דאָזיגען נידעריגען

אַ שוי־שפּיל, אויף וועלכען עס קוקען מיליאָנען יאָרען.

די איינטאָג־פליג איז עלטער, ווי דו, עלטער ווי דער מענש. איהר חתונה־שטורם פערלירט זיך אין די אונענדליכ־קייטען פון דער ערד־געשיכטע. עס האָט זי שוין געזעהן זער בלויער ים פון דער דעוואָנישער צייט, ווען עס איז נאָך קיין באַרג ווי היינט נישט געווען, עס האָט נאָך קיין טייך ווי היינט נישט געפלאָסען. זי איז געווען דאַן, ווען דער לע־בעדיגער ווינד האָט נאָך געשטורעמט אין די וועלדער פון פאַרנען־בוימער און קייטל־גראָז בוימער, וועלכע דערוואַרעמען היינט אַלס שוואַרצע קוילען אונזערע הייזער. ווי אַ ווייסער ליכט־וואָלקען, וואָס שימערירט אין לבנה־שיין, האָבען די דאָ־זיגע ליבעס־דורשטיגע עלפען פון די וואַסערן זיך אַרויסגע־טראָגען אין דער יורא־עפּאָכע, אין וועלכער ס'זענען פאָרגע־קומען די געוואַלטיגע איבערקערענישען, ווען דער איכטיאָ־זאַוור איז געשוואומען און דער שרץ־פויגעל אַרכעאָפּ־טעריקס האָט אין די לופטען געפלאַטערט. און זייער וואונ־דערליכער ליבעס־טרוים איז געבליבען דער זעלבער, ווען אויפ'ן אָרט פון די פּאַלמען־פאַרנען און אַראַוקאַריען פון יענעם יורא־פעריאָד, האָט איבער זייער טייך זיינע צווייגען פערשפּרייט דער סאָסנע־וואַלד פון דער טערציער עפּאָכע,— צווייגען, פון וועלכע ס'האָט ווי גאָלדענע סמאָלע אַראָפּגעריר־נען דאָס, וואָס ס'איז שפּעטער פערהאַרטעוועט געוואָרען אַלס בורשטין און וואָס ווייזט דיר נאָך היינט אָפּט אין זיך דאָס עלפען־לייב פון אַ פאַרצייטישער איינטאָג־פליג.

ערשט אין דער דאָזיגער טערציער־צייט האָט זיך בע־וויזען דער מענש. און דורך אַלע טויזענטער יאָרען פון זיין ענטוויקלונג, פון דער ווילדער שטיין־צייט, ווען ער האָט געקעמפט מיט'ן מאַמאָנט און מיט דעם הייל־בער ביז צו די העכסטע געבענשטע שעה'ן פון דער גריכענדיגער וועלט־קולטור, האָט איט ביים איינזאַמען שטראָם, ביים שטילען טייך תמיד בעגלייט דער דאָזיגער אייביגער קרייז־לויף פון דער איינטאָג־פליג. זי האָט אויפגעווימעלט אין צוויי שעה

דער פרשטער דונער לאָזט זיך הערען פון ווייטען. אַ ווינד לאָזט זיך אַראָב, שטיל זינגענדיג אין די שטרויכען אויפ'ן ברעג. די עלפען־זעהונג פערשווינדט. דער אונערמיד־ליך לויפענדער שווארצער שטראָם כאַפּט־אויף מיריאַדען ווייסע קערפערלעך, שלינגט זיי איין און לאָזט זיי אַראָב אויפ'ן דעק — אַ יום־טוב־סעודה פאַר די קליינע זילבערנע פישעלעך. די לעצטע שוואַכע פליגעלעך, שוין האַלב־טויטע, ווען דער רעגען דערשלאָגען. צוויי שעה — און דער גאַנצער חתונה־רויש איז געענדיגט, אַלע צילען פון דעם נייעם בעשעפעניש זענען ערפילט ביז'ן סוף, ביז'ן טויט. און אין סאַמע מיטען פון דער וואַקכאַנאַליע שניידט דער טויט אַ סנאָפּ נאָך אַ סנאָפּ, ביז דאָס לעצטע פינקלענדיגע זילבער־שטויבעלע ווערט פון דעם אַלטען היימישען טייך צוריקגענומען און אַוועקגעטראָגען מיט'ן שטראָם אין דער טיפער נאַכט אריין. געבענשטע בע־שעפענישען, האָט וועגען זיי געזאָגט אַנ'אַלטער גריך, זיי האָבען אַזוי רעש געלעבט, אַז אויסער דעם טויט האָט זיי קיין שום שמאַרץ נישט אָנגערירט, קיין פרעמדער בליק האָט זיי נישט געקאָנט קרענקען.

פוּ צוויי שעה. אָבער אין די דאָזיגע 2 שעה פון דעם בא געוויכּער־אָווענד איז דאָס לעבען פון דעם מין ברואים ווייטער פערזיכערט געוואָרען אויף יאָרען פאָראויס. די בע־פרוכטיגטע אייער זענען פערזונקען שטיל אין דעם וואַסער, ווי די טויזענטער ליבעס־קערפערלעך; אָבער זיי זענען נישט קיין טויטע קערפערס, זיי זענען פול מיט דעם לעבעדיגסטען לעבען, זיי וועלען זיך אין סודות־פולען לעבענס־גאַנג פערענ־דערען אין נייע שלייערלעך. און אין יאָרען אַרום — ווידער תחית המתים, וואַקכאַנקעס־שטורם, ליבעס־ערפילונג און — דער טויט אַלס קרבן.

צוויי שעה.

אָבער אין די דאָזיגע 2 שעה האָט זיך איבערגע'חזר'ט

דערגרייכט דעם שפּיץ־פּונקט. אויף דער וואַסער־פלאַכקייט בילדען די עלפען, וואָס הויבען זיך אונאויפהערליך אויף און לאָזען זיך ווידער אַראָב, ווייסע ליכט־אינזלען, וועלכע צושווימען זיך אַלעמאָל און לויכטען פלוצלונג ווידער אויף. אויף דעם וועג ביים טייך ווימעלט דער וואָלקען, ווי אַ געדיכטער שניי־שטורעם. דו אַליין, דער איינזאַמער וואַנדערער אויפ׳ן ברעג פון טייך, ווערסט אין איין אויגענבליק דערטרונקען אין דעם דאָזיגען וואָלקען אַזוי, אַז דו מוזט דיר מיט מי דורכשלאָגען אַ וועג. אַ שפּיעל פערשווינדט אונטער דעם לעבעדיגען שלייער. אויף די טרעפּלעך, וואָס פירען צום שפּיעל אַראָב, ווימעלט עטליכע צאָל הויך; אַ שיכט אויף אַ שיכט פאַלען געליימט די עלפען, פער׳שכור׳ט פון פליהען, פון לופט־אָטעמען, פון זוכען פאַר זיך אַ פּאָר און—פון דעם שטורמיש אויסגעלאָדענעם תאוה־תענוג.

אָבער אין דער אַרויספליהענדיגער בעוועגונג בעמערקט זיך שוין אויך אַנ׳אַראָבפאַלענדיגע. אַ פּאָר נאָך אַ פּאָר פערענדיגט איהר זאַך. איין אויגענבליק תענוג און—דער פריהלינג איז אַוועק. איצט ווימעלט שוין אַראָב, עס פאַלט ווי פערוועלקטע הערבסט־בלעטער. די „זי״ וואַרפט אַראָב די בעפרוכטיגטע אייער אין טייך און שטאַרבט אַלס קרבן, אַזוי ווי דאָס שוואַכע ווייבע עלפען־לייב וואַלט צום טויט פערפייניגט געוואָרען דורך אַזוי פיל גליק, ליבע־פרייד און מוטער־נחת אין פערלויף פון דעם איינציגען קורצען אויגענבליק. און אַוועקגעטראָגען ווייטער פון דעם אָרט דורך דעם ערשטען ווינט־הויך, וואָס קומט פון דעם שטורעם־וואָלקען, קומט גלייכצייטיג אום אויך דער „ער״, געטראָפען דורך דעם בליץ פון דער ליבע, וועלכער האָט זיינע אַלע געפילען אויפגעשרויפט ביז׳ן העכסטען גראַד און האָט זיי ביי איהם באַלד־דערויף אין דעם דאָזיגען שטורעם אויף אייביג צוגענומען; און דאָס גאַנצע שוואַכע לעבען האָט ער צובראָכען אין דעם מאָמענט, ווען אַלע זיינע סטרונעס האָבען אָבגעזונגען זייער געוואַלטיגסטע מעלאָדיע אין אַ ביז דאַן נאָך קיינמאָל ניט דערגרייכטער האַרמאָניע.

אויף איין אָרט, און וועלכע זענען זיך יעדער איינער פאַר זיך זיין וועג געגאַנגען, אָדער זיך זיין אייגען קעמערל בעפעסטיגט, און וועלכע האָבען נור דאַן געהאַט אַ מגע-משא איינער מיט דעם אַנדערן, ווען זיי האָבען זיך די שפּייז איינער ביים אַנדערן אַרויסגעריסען... אַזוי ווי דאָרט, ביי דער רויטער לבנה, דער עלעקטרישער פונק, וועלכער שלענגעלט-דורך אין בליץ-שנעלען ציטער דעם שטורעם-וואָלקען, אַזוי געהט דאָ דורך דעם גאַנצען וואָלקען פלאַטערענדיגע אינזעקטען איין איינציגער אונאויסדריקליכער פערלאַנג צו פעראייניגען, צוזאַמענגיסען דעם אייגענעם אינדיווידואום מיט אַ צווייטען אין דעם העכסטען ליבעס-גליק, וועלכעס פערוואַנדעלט די איינצעלהייט און ענדליכקייט פון פריהערדיגען לעבען פון די ברואים אין דעם כלל-אַקט און אונענדליכקייט פון דער בעפרוכטיגונג... אַלע ווילען ווערען צוויי, און דער ברען פון דעם דאָזיגען פערלאַנג פעראייניגט זיי אַלע, די פריהער אָבגעזונדערטע פרושים, אין איין פערשיכור'טען כלל, וואָס פערגעסט זיך אַליין אין מאָמענט פון העכסטען תענוג... אַלץ נייע ברידער און שוועסטער פליהען אַרויס פון דעם שוואַרצען תהום אין דער הערליכקייט פון דער שטורם-לופט און לבנה-שיין; און אין דער לופט, אין דעם בערוישענדיגען געווימעל פון דער אונצייליגער מענגע, כאַפּט זיך אַ פּאָר נאָך אַ פּאָר און אין דעם זיסטען תאוה-ציטער, וועלכען עס קאָן נור איבערטראָגען די גאַנצע אָנגעזאַמעלטע לעבענס-קראַפט פון קליינינקען, בלומען-צאַרטען אָרגאַניזם אין דעם איינציגען מאָמענט פון דער פולקאָמענסטער בעפרייאונג און לעבענס-האַרמאָניע, פירען זיי דורך דעם גרויסען אַקט פון דעם נייעם ציל: די בעפרוכטיגונג.

איבער די הייסע פעלדער, וועלכע לעכצען נאָכ'ן טוי פון געוויטער, שלאָגט ווידער דער דאָרפס-זייגער; עס איז צען אַ זייגער. דער ליבעס-שטורעם פון די אינזעקטען האָט איבער-

צו שטאַרבען, האָט עס זיך דאָך מיט דער גרעסטער אָנשטרענ־גונג ענדליך דורכגעשטופּט און דערהאַלטען, ביז עס האָט איך זיך אָנגעזאַמעלט אַ געוויסען סכום לעבענס־קראַפט, ביז עס האָט דערגרייכט אַ געוויסען העכסטען פּונקט פון זיין ענט־וויקלונג.

און דאַן פּלוצלונג, אין דעם דאָזיגען הייסען אויגוסט־אָוועגד, אַרום ניין אַ זייגער, קומט־פּאָר אַ צוזאַמענברוך אין דעם גאַנצען וועזען, אַ צוזאַמענברוך, וועלכער איז וואונדערלי־כער ווי דער טויט, אַ תחיית המתים אין אַ נייער פאָרם, אין אַ נייעם עלעמענט, צו אַ אינגאַנצען פערענדערטען נייעם צוועק...

עטליכע שנעלע הויט־ענדערונגען פערוואַנדלען דעם קליי־נעם קערפּער פון דער פריהערדיגער פאָרם, וועלכע איז גע־ווען צוגעפּאַסט צום לעבען אונטער׳ן וואַסער, אין דער קריס־טאָל־ריינער עלפען־געשטאַלט, וועלכע פינקעלט ווי פליסיג זיל־בער איבער דעם וואַסער, באָדענדיג זיך איצט אין לבנה־ליכט, אָנשטאָט, ווי פריהער, אין נוטנעם טייך־שטראָם. צוזאַמען מיט׳ן אַלטען לייב איז פערשוואונדען אויך דער העכסטער ציל פון אַלטען לעבען, די שפּייזונג; דער צאַרטער בעפליגעלטער קער־פּער פון דער נייער בריאה האָט אפילו נישט קיין קיי־אָרגאַ־נען. די יאָרען פון רויבען, ווערגען, איינשלינגען, צוזאַמען מיט זייער פערוויסטענדיגען קאַמף זענען מיט אַמאָל צו נישט געוואָרען. אָבער דערפאַר זענען דאָ נייע אָרגאַנען, וועלכע בעוועגען זיך אין אַ תאוה׳דיגען ציטער אויף דעם דורכזיכטי־גען לייב פון דער עלפע: די ליבע־אָרגאַנען.

און דאָס לעבען, ווי לאַנג אָדער קורץ עס זאָל נישט דויערען, האָט אַ נייעם ציל.

און דער דאָזיגער ציל בעהערשט דעם יחיד.

דער דאָזיגער וואָלקען־לייכטע ווי פעדערלעך, בעפליגעל־טע לופט־ברואים׳לעך, וועלכע שימירירט אין לבנה־שיין, איז נישט מער קיין אַרמיי פון פרושים, וועלכע נור ווי אַ צופאַל װאָלט געהאַט זיי צוזאַמענגעבראַכט דאָרט אונטען, אין וואַסער,

דען און גיסען זיך צוזאַמען אין געדראַנג איינס מיט'ן אַנדע־רען ווי איין צאַרטער וואָלקען, וועלכער פינקעלט פון אַלע העלערען לבנה־שיין און הויבט זיך אַ פינקלענדיגער איבער דעם פינסטערען וואַסער; און ס'זעט־אויס, ווי דאָס וואָלט פון טייך אַרויסגעשטראַלט זיין אייגענע וואונדערליכע ליכט... אַלץ ווייטער קייקעלט זיך דער וואָלקען אַוועק, ער שפרייט זיך פונאַנדער איבער דער גאַנצער ברייט פון שטראָם, איבער'ן ברעג, וואו די ערל־שטרויכען שלאָפען, שיט זיך פונאַנדער אי־בער זיי ווי אַ געדיכטער שניי ביים לבנה־שיין, און בלייבט הענגען אויף די שוואַרצע צווייגען ווי לויכטענדיגער שוים... שוים, פון וועלכען אַ פּ ר אָ ד י ט ע, די געטין פון ליבע, איז געבוירען געוואָרען.

ווייל די אַלע ווימלענדיגע עלפען פון דער דאָזיגער שעה פאַר'ן שטורעם זענען אינזעקטען פון דעם מין איינטאָג־פליגען אין דער סטאַדיע פון זייער לעצטער פערענדערונג אין לעבען, וועלכע זיי וועלען דורכמאַכען אין דעם העכסטען תענוג פון ליבע־שכרות, אין שטורעם פון דער בעפרוכטיגונג, וועלכער איז דער שפיץ פון זייער גאַנצער עקזיסטענץ...

יעדע פון די דאָזיגע וואַקכאַנקעס, וועלכע פראַווען איצט זייער טאַנץ דאָ אויבען אין זילבער־נעפעל, האָבען הינטער זיך אַ לאַנגע אַרבייטס־צייט אַלס אינדיווידואום. ווי אַ העסליך זומ־פּ־וסובאַ'דיגער שלייערל האָט זי זיך צוויי דריי יאָר געלעבט אויפ'ן דעק פון טייך אָדער אין ווייכען ברעג־זאַמד; זי האָט געפרעסען, איז געוואַקסען, אַלעמאָל געביטען די הויט. דאָס איז געווען, ניט קוקענדיג אויף איר קליינקייט, אַ ווילדער און'רחמנות'דיגער רויבער, וועלכער האָט מיט דער עקשנות'דיגער ענערגיע טאָג ביי טאָג געקעמפט פאַר זיין קיום אַלס אינדיווידואום. עס האָט געהאַט געניג צייט, דאָס קליינע, נעבעכדיגע, בייזע בעשעפעניש צו בעקומען פערשידענע פראַקטיק אין לעבענס־קאַמף. תמיד אין געפאַר, תמיד אין דער נויט, תמיד אין דער מורא אליין אויפגעפרעסען צו ווערען אָדער פון הונגער

„און ווי לאַנג די חיים איז גיִסט
דעם סוד פון טויט און ווערען, —
אַ מרה=שחורה'דיגער גאַסט
ביסטו אויף דר'ערד דער פינסטערער“.
(געטע).

א זומער=אָווענד פאַר אַ שטורעם ביים טייך. די שווערע הייסע לופט טראָגט אין זיך דעם שטורעם. עלעקטרישע בליצען שניידען=דורך אַ ווייטען וואָלקען=באַרג, וואָס רוקט זיך אָן. ווי אַ דראָענד=רויטע מאָן=בלום הייגגט די לבנה איבער די וואַסערען, וואָס ווערען אַלץ טונקעלער.

דאָס איז אַ שעה פון תחית המתים פון אַ זעלטענעם מין ברואים. שטיל, אָן אַ קלאַנג, ווי קליינע רוחות הויבען זיך אויף פון דעם טייך אין דער לופט איינציגע, צאַרטע געשטאַלטען, אַזוי צאַרט און דורכזיכטיג, ווי יעדע פון זיי וואָלט זיין געוועבט בלויז פון אַ קליינעם שטויבעלע אונפאַרביגען ליכט.

ערשט איז עס נור געווען איין פאָר, וואָס האָט אַוועקגעשוועבט און זיך פערלאָרען אין הייסען נעפעל, און באַלד מער, פיל, און אַט איז שוין דער גרויער טייך געוואָרען ווי אַ פרילינגס=בוים, אָבגעשיט מיט בליטען, פון וועלכען עס טראָגען זיך אין די לופטען ווי שניי אונצייליגע בלומען=בלעטלאַך, טויזענטער, מיריאַדען.

פון ווייטען קירכען=טורעם, איבער די פערטרוימטע פעלדער שלאָגט גיין אַ זייגער.

אַזוי ווי אין דער דאָזיגער שעה וואָלט געלעגען עפּעס אַ מאַגישע קראַפט: איבער'ן שווערען, אָנגעבלאָזענעם טייך=שפּיגעל רייסט עס אַרויס די דאָזיגע קליינע ברואים העכער, אַרויף אין דער הייסער אָווענד=לופט... זילבערנע פליגעלעך גלאַנצען אויף, וויִיהען ווי אַ דינער פערלמוטערנער געוועב, פערשווינ=

טאָג־טָה פאַר אונז אויף דעם בלויען ים אַראָב. עס הערט זיך קוים אַ שטילער פויגעל־פּיפּס אין די זילבער־בלעטער פון די איילבערטען. אַ דערשטיקטער טעמפּער דונער פון אונטער דער ערד: דער אייזענבאַן־צוג, וועלכער לויפט דורך דעם טונעל אין קאַטאַ ווערדע. אַ פערלוירענער גלאָקען־קלאַנג פון די דערפער אין טאָל. זומער־פויגעלעך וויגען זיך איצט טרוי־מעריש שטיל אומעטום איבער די גאָלדענע שטרויכען און דעם פיאָלעטען סימיאַן. איבער ערד און ים טראָגט זיך אַ וועהען פון ריינקייט פון די בראשית־טעג. מיר גלויבען מער נישט אין מעשי־בראשית. מיר גלויבען אין ווערען. ווערען אין געזעצמעסיגען לויף פון דער נאַטור. ווערען דורך דער ליבע. דאַן איז די וועלט אַנ׳אייביגער פרילינגס־טאָג. לאָמיר אַוועק פון דעם פרילינג, וועלכער נעמט אונז דאָ אַרום מיט אַזאַ אונאויסדריקליכער זיסקייט, לאָמיר אַוועק ווייטער אַהין, וואו אַלץ באָדט זיך אין דער ליכט פון יענער אייביגער פרילינגס־זון...

און דריי בילדער שווימען פאַר מיר אויף, ווען איך קוק אַראָב אויף דער פינקלענדיגער זילבער־בלויקייט פון דעם רויִגען ים. מיר זעהען איצט, אַז דאָרט איז דער גאַנצער וועג, וועלכען די געשיכטע פון דער ליבע איז דורכגעגאַנגען. אין דריי סטאַציעס.

„אַלץ קאָן בעצוויִנגען
און אַלץ קאָן דורכדרינגען
דער אמת, די ליבע".
(פּאַראַליפּאָמענא צו פאַוסט).

צו ערוואַכען. ווען זייער „איך“ וועט ווערען לעבעדיג־ריק צו פערזינקען אין דער גרויסער מעלאָדיע.

איז עס נישט דאָס גרעסטע, דאָס וואונדערליכסטע אין דיין לעבען,—דאָס אָן וואָס עס דערמאָנען דיך די דאָזיגע צוויי מאָמענטען? וועלכע מאַכט האָט דיך דאַן בעהערשט? וועלכע מאַכט האָט דאַן מיטגעריסען דיין „איך“ אין דעם דאָזיגען געהיימניספּולען פערלוירען־ווערען און ווידער־אויפשטיין?

אויף די דאָזיגע איבערלעבונגען און אויף דער דאָזיגער פראַגע וואָלט איך וועלען דיך אָבשטעלען. דאָס גרונדבילד פון דעם, וואָס מיר ווילען אַרומרעדען, ליגט אין דיר אַליין אַלס דיין טיפסטע ערפאַרונג, און מוז אין דיר בלייבען, אויב מיר ווילען זיך פערשטענדיגען. דו האָסט געדאַרפט צוויי מאָל אין לעבען דורכמאַכען דעם מאָמענט פון זעהעדיג ווערען, ווען עס האָט דיך פּלוצלונג בעגאָסען אַ ים פון ליכט און דיר געוויזען: אין דיינע העכסטע, געבענטשטע ליבעס־מאָמענטען ביסטו נישט געפאַלען אין תהום פון זינד, נור עס האָט זיך, פּערקערט, צו דיר דערנענטערט דאָס גרעסטע, דאָס הייליגסטע, וואָס איז געווען גרעסער פאַר דיר,—אַ טיפע, בלויע וועלט־כוואַליע, וועלכע האָט דיך אַליין אַמאָל אַרויסגעטראָגען און האָט זיך איצט איבער דיר אַריבערגעטראָגען.

נור דאַן קאָנסטו מיינע רייד פערנעמען, ווען דו וועסט כסדר וועגען זיך דערביי קלערען. וועגען דיר ווערט דערציילט. צו דיר ווערט סוף כל סוף אַלץ דערפּירט. אין דער ליבע ביסטו די וועלט. און די וועלט־געשיכטע פון דער ליבע, וועגען וועלכער איך וויל דיר דערציילען, איז אין דעם זין נור אַ קאַפּיטעל פּון דיין געשיכטע. אַן׳אור־ערינערונג, וועלכע טראָגט זיך אַוועק אין דער צייט־אייביגקייט, וועלכע פערשפּרייט זיך איבער אַלע דיינע אַלטע ברידער אין דער חיות־און צמחים־וועלט, און קומט דאַן צו דיר צוריק צום סאָט: אויב דו ליבסט.

און קוק זיך ווידער אַרום... אַלץ טיפער פאַלט די מי־

יעדע ענטפּלעקונג פון אמת. שעה׳ן, ווען איבער דיר האָט זיך פֿערשפּרייט אַ שאַרף־בלענדענדיגער גלאַנץ,—און דאַך איז עס געווען אַ שטראַלענדיגע ליכט, אַ ליכט, וועלכע שמידט־אויס נשמות און שמעלצט־אויס פון שלאַק דעם אַרץ פון מענש־ליכען „איך״.

דיין „איך״ איז מיט אַלע דיינע געפילען פערזונקען געוואָרען אין אַן אַנדערען „איך״. דאַן איז ער ווידער אַרויס־געשוואומען, און דו ביסט ווידער געוואָרען דו. אָבער איינמאָל האָט זיך בעוויזען אַ נייעס—בלויע קינדער־אויגען האָבען דיך אָנגעקוקט,—אויגען, אין וועלכע ס׳איז געווען עפּעס פון דיר, אַ וואונדערליך ניי לעבען, אַ נייער מענש, וועלכער האָט דאַך אין זיך ענטהאַלטען אַ טייל פון דיר... דער גרויסער טוד...

דערמאָן זיך...

עס זענען נאָך געווען אַנדערע שעה׳ן. דעמאָלט האָסטו דיך אויך פערלוירען, אָבער ווידער אַנדערש.

דיין נשמה איז צוגאַנגען אין אַ צווייטען מענשען. איי־ערע נשמות האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען. מאַן, פרוי—איז דאָ געווען אַלץ־איינס.

און עס האָט זיך נישט געענדיגט מיט איין מענשען. די דאָזיגע ליבע האָט זיך אויפגעהויבען איבער אַלע. זי איז געוואָרען מענשען־ליבע. היילִיגע צילען פון דער גרעסטער ווייטקייט האָבען דיך אַרויסגעריסען פון דיין ענגשאַפט. דיין „איך״ איז געוואָרען אַ קלאַנג אין אַ מעלאָדיע. און דאָס מאָל —אַלץ אין גייסט...

און פון דעם גייסט, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען איבער „דו״ און „דו״, זענען אויסגעוואַקסען נייע טרוימען, אידעאַלען, שאַפונגען. אַ נייער בלויער הימעל, פון וועלכען די וועלטען האָבען זיך אַראָבגעשאָטען, ווי זילבערנער שטויב. אַ פערבאַנד פון די גייסטער, אַ לעבען, וואָס הויבט זיך ווייט איבער׳ן לעבען פון יחיד. אַ לעבען אין וועלכען דיינע קינדער וועלען אויך אַמאָל אַריינוואַקסען, ווען זייער גייסט וועט דער־

מיך דיר דערצעהלען, ביי די נייע בעגריפען, וועלכע ס'האָט נאָך קיינמאָל קיין איין צייט פאַר אונז ניט געהאַט.

אָבער פריער מאַך־צו דיינע אויגען אויף איין מינוט.

זאָל דאָס גאַנצע שטיל־פייערליכע בילד פאַר דיר פערשוואונדען ווערען: דאָס איינזאַמע ווייסע קירכעלע מיט דעם קרייץ און דעם דונער־אָבביזהער, די שוואַרצע קיפאַריסען, דער זילבערנער און בלויער ים. זאָל אַלץ פערטונקעלט ווערען—און דערמאָן זיך.

צוויי געשעהעניש אין דיין לעבען, איבערגעלעבטע, און אַלעמאָל ווידער צוריקקערענדיגע און ווידער פערשוואונדענדיגע, וויל איך דיך דערמאנען, כדי דו זאָלסט אין קערן פערשטיין, וואָס איך וויל. צוויי פערשידענע מאָמענטען, אין וועלכע דו האָסט דיין איך פ ע ר ל י ר ע ן אין דער ליבע. פערלירען-פילענדיג דאָס העכסטע פערגעניגען פון פולסירענדיגען לעבען, אָן דעם מינדעסטען שפור פון מורא פאַר'ן טויט. ווייל דו ביסט דאַן געשטאָרבען אַלס „דו", אָבער ביסט געשטאָרבען, כדי ווידער אויפצושטיין צו אַ נייעם לעבען. איינמאָל מיט'ן קערפער. און איינמאָל מיט'ן גייסט.

־ערמאָן זיך...

דו ווייסט חעגען ליבע, האָסט געהאַט אין דיין לעבען דעם תענוג פון ליבע. קערפער־ליבע. עס שווימען־אויף פאַר דיר גראָבע בילדער אָדער וועניגסטענס אַזעלכע, וועלכע דו האָסט אַמאָל געהאַלטען פאַר גראָבע. אָבער אויך וואונדערליך זיסע. דו דערמאָנסט זיך אָן פערשידענע שרעק אין פעלערן פון דיין יוגענד. אָן טריבע שעה'ן ווען דאָס גאָלד פון דיינע טרוימען איז אונ'רחמנות'דיג געטרעטען געוואָרען אין שטויב, ווי גאָלדענע פערוועלקטע בלעטער, וועלכע זינקען אין דער הערבסט־בלאָטע. און דאָך-דערמאָנסט זיך אויך אָן גאָלדענע שעה'ן, וועלכע האָבען פון דיר געמאַכט אַ נייעם מענשען,—אַ מענשען, וואָס איז וייט אַריבערגעוואַקסען אַלע דיינע אונערפאַרענע טרוימען. דערמאָנסט זיך אָן שעה'ן פון א מ ת אין דער קערפער־ליבע. שעה'ן, וועלכע זענען הייליג געווען, ווי

מיאַן-גראָז. דו, מענש, — דו מענש, ווי עס קאָן דיך די נייעסטע וויסענשאַפט, שטאַמסט פון חיות, וועלכע זענען פיל נידעריגער געשטאַנען ווי דאָס דאָזיגע שוועבענדיגע זומערפויגעלע. דיין שטאַם ציט זיך פון פאַרצייטישע ברואים, וועלכע זענען נאָך אונפאָלקאָמענער געווען, ווי דער דאָזיגער שטומער טימיאַן, וואָס באָזיט זיך איצט בפחעגלאָז אין דער צוגליטער זון. משונה'דיגע ברואים, אָהן אַ שיעור פון דיין געשטאַלט, זענען געווען „דו". זיי זענען געקראָכען אויפ'ן ים-ברעג, ווען דער דאָזיגער ברעג איז נאָך געווען דאָס ווייכע דינע זאַמד, וואָס בילדעט היינט די שטאָל-האַרטע ים-פעלזען דאָ אונטען ביים קאַפאָ, אָן וועלכע די בלויע ים-כוואַליעס צופיצלען זיך און צומאָלען זיך אויף שוים. און מיט די דאָזיגע אַלע ברואים, וועלכע זענען דו און דאָך נישט דו געווען, פערבינדט דיך דורך דער גאַנצער צייט-אייביגקייט די אונגעהויערע וועלט-קראַפט פון דער ליבע, פון דער כסדר איבערגע'חזר'טער בעפרוכטיגונג, געבורט און ענטוויקלונג. טויזענט און טויזענטער, מיליאָן און מיליאָנען מאָל האָסטו דאָ אונטען געליבט, געליטען און געבלוטיגט, ביסט געקרייצט געוואָרען און געשטאָרבען און ביסט ווידער דאָך תחית-המתים אויפגעשטאַנען אויפ'ן דריטען טאָג. דאָרט, אין דער פערגאַנגענהייט, אין דער אונענדליך-לאַנגע קייט פון אַלע „פאַר-איך'ס" פון דיין אייגענעם „איך", וועלכער רוהט איצט שטיל און פריי אין דער נאַטור-שענקייט דאָ אויף קאַפּאָ ווערדע, ליגען די לעזונגען פון אַלע דיינע רעטענישען, פון אַלע דיינע טיפסטע סודות, וועלכע שפינען דיך אַרום, ווי אַנ'אונפערשטענדליכע נעץ פון גורל, ווי שוואַרצע שפינוועבס, אויף וועלכע עס פינקלען, ווי טוי-טראָפּענס דיינע טרערען.

דאָרט ליגט אויך די לעזונג פון דיין ליבע. דער מאַכאָן, וועלכער ליגט איצט ווי פער'שכור'ט פון דער צוגליטער יום-טוב-זון בעוועגלאָז אויף דעם פיאָלעט-בליהעכץ פון טימיאַן, דערצעהלט דיר מער דערפון ווי אַלע פון אַלטקייט גרינע גלאָקען אויף דער וועלט. וועגען אים און זיינגלייכען לאָז

פון זינד, און דאָס גאַנצע ליכט איז נור אין דער מיסטישער יענער־וועלטיגער צאַנקענדיגער בלויקייט.

צווייטויזענט יאָהר איז פאַרביי! און אין דער מענשהייט האָט ערוואַכט דער יונגער, פלאַמענדיגער גייסט, וועלכער רייסט זיך אַרויף צו פאָרשונג, בעגרייפען, פערשטיין און דערקענען די אַלטע ווירקליכקיים־וועלט ווי אַ נור וואָס געפונענע. צום ערשטען מאָל ערוואַכט מיט דער גאַנצער קראַפט דאָס בע־וואוסטזיין פון אַ וועלט אָן אַ פאָרהאַנג, אַ וועלט, אַ נישט צו־ריסענע דורך דער מיסטישער דאָפּעלטקייט.

קוק זיך איין אין דעם ווייסען קירכעלע דאָרט אויבען צווישען די קראָנען־שוואַרצע קיפּאַריסען. דאָס איז די אַנטשווי־גענע צייט, וועלכע שניידט זיך נאָך אַריין אין אונזערע טעג. אין דעם געלבליכען טורעמל, אונטער׳ן קליינעם קופּאָל הענגט אַ גלאָק, גרין פון אַלטקייט: ער קלינגט פון דער ליבע, וועלכע געהערט שוין נישט דער היינטיגער וועלט. אָבער קוק זיך בעסער איין.

דער קרייץ, וועלכער שטאַרט־אַרויס פון דעם קופּאָל אין דער אָנבערעגענער וואונדערליכער בלויקייט, פערענדיגט זיך אויבען מיט אַ לאַנגען, פערדעכטיג־אויסגעצייגענעם שפּיץ. אַ בליץ־אָבפּירער, די דאָפּעלטע ערזיכערונג פון דער נייער צייט. איבער דעם קרייץ פון דער מיסטיק—דער מעטאַלענער שפּיץ, וועלכער בינדט און מאַכט אונשעדליך די הימעל־פּייל מיט דער הילף פון די דערגרייכונגען פון דער פיזיק, פון דער וויסענשאַפט... זאָל דער אַלטער גרינער גלאָק רופען, ווען דער שוואַרצער שטורעם־וואָלקען וואַרפט זיך ווי אַ רויב־פויגעל אויף דער פרייער רחבות און שניידט זיך אַריין מיט זיינע פייערדיגע נעגעל... דער דונער־אָבציהער איז שטאַרקער, ער איז דער קרייץ פון אונזער צייט.

אַנדערש מוז אין אונזערע טעג גערעדט ווערען, ווען מיר ווילען וועגען דער ליבע רעדען. זע דעם שיינעם מאַ־כאַאָן, ווי ער לאָזט זיך מאַיעסטעטיש אַראָב אויף דעם מי־

די כוואַליעס. מען קאָן אויך רעדען פֿון אַלעם, וואָס עס איז דאָ גראָבס און ווילדס אַזוי, ווי זיך וואָלט שוין געהאַלטען באַלד ביים צוזאַמענגיסען זיך מיט דער אייביגער בלויקייט און וואָלט נור נאָך געשוועבט ווי אַ צאַרט זילבערן וואָלקענ־דעל, ווי דאָרט ווייט, דאָס זילבערנע שיפעל, וואָס גיסט זיך שוין צוזאַמען אין שימער...

דו און איך, מיר זענען צוויי פֿערנינפטיגע מענשען, וועלכע פֿערשטעהען זיך. נישט אַזוי? לאָמיר שליסען אַ בונד, אַז מיר וועלען זיך נישט לאָזען אָבשרעקען דורך קיין שום געדיכט־געוואַקסענע שטעכיגע שטרויכען אין וועג, דורך קיין שום ווילדע געשפענסטער, און מיר וועלען צוזאַמען דורכוואַנ־דערען אַ שטיק וועג פֿון אייביגען אמת. פֿון בלויקייט צו בלויקייט. און אַלין, וואָס מיר וועלען אָנטרעפען צווישען די ביידע אונענדליכקייטען, זאָלען מיר מיט דעם גוטען מוט און הומאָר פֿון פשוט'ער קינדער־ליבשאַפֿט, מיטנעהמען מיט זיך אַהין.

פֿון דער ליבע ווילען מיר רעדען.

פֿון דער ליבע אין דער אייביגקייט, ווי ווייט מיר מענשען פֿון היינט קענען די דאָזיגע אייביגקייט מוטיג און אין דערזעלבער צייט בעשיידען אַרומנעמען. אַנ'אַנדערע צייט איז איצט, מיט אַנדערע בעגריפען, ווי די, אין וועלכער ס'האָט געלעבט דער אַלטער מינוציוס פעליקס. אויך ער, ווען ער האָט מיט די פריינד אויפ'ן ברעג פֿון אָסטיאַ גערעדט וועגען זיין גאָט, האָט דערביי געמיינט די ליבע. אָבער די ליבע האָט פֿאַר אים ערשיינט ווי אַנ'איבערנאַטירליך וואונ־דער. אויף דער ערד, ביי דער געפֿאַלענער, זינדיגער, אויס־געמאַטערטער מענשהייט האָט די ליבע אויסגעוויזען צו זיין באַנקראָט און טויט. פֿון אַ מיסטישער בלויקייט, פֿון יענער זייט פֿון אַלעם ווירקליכען און וועלטליכען האָט זי ערשט ווידער געזאָלט ערשיינען, אין געגענזאַץ צו דער נאַטור, להיפוך איר אינטימסטען לעבען. קיין שום פֿערבאַנד צווישען הימעל און ערד! די נאַטירליכע ענטוויקלונג איז דער תהום

זעהר פיל וואָלט איך וועלען מיט דיר אַרומרעדען. וועגען דעם וואוקס פון דער ליבע דורך אַלע צייטען. וועגען איר ענטשטעהונג ביי דער חיה. און וועגען דעם, ווי זי איז געוואָרען מענשליך,- מענשליך אין איר גראָבקייט און אין איהר גייסט. אלץ וויל איך דיר דערציילען, גראָבס און איידעלס. אָבער טו=אַ קוק אויף דעם אָנברעגיגען שימער פון דעם דאָזיגען ים. פון דער דאָזיגער לויטערער בלויקייט איז געבוירען געוואָרען דאָס לעבען און האָט זיך בעוועגט און פערוואַנדעלט אין טויזענטער פאָרמען, ביז עס איז צו דיר געקומען. קוק-אַרויף אויפ'ן הימעל, אין זיין אונענדליכער, בלענדענדיגער ריינקייט. פון דער דאָזיגער בלויקייט פון דער רוים=אייביגקייט האָבען זיך די וועלטען אַראָבגעשאָטען ווי זילבערנער שטויב. אָבער וויפיל בענקשאַפט, אימה, ווילדקייט האָט אין זיך פערבאָרגען דער דאָזיגער רעגען פון וועלטען. און דאָך באָדט זיך די נשמה אין דער דאָזיגער וואונדערליכער בלויקייט, ווי אין אַ ים פון פרידען און רו. זאָל עס ניט זיין אַ בילד? אַ ביילד פון דעם, ווי די גאַנצע גראָבקייט פון די בעזונדערע ערשיינונגען פון לעבען מוזען דאָך סוף כל סוף זיך צוזאַמענגיסען אין איין אונבעפלעקטער רייגער ליכטיגקייט? און דער הימעל איבער דיר. דער דאָזיגער הימעל, אין וועלכער ס'ליגט אַזוי פיל בענקשאַפט, פערצווייפלונג און ענטמוטיגונג פון דער קעמפענדיגער מענשהייט, אַז יעדער שטערענדעל אויף אים וואָלט געדאַרפט זיין אַ מצבה, דער דאָזיגער הימעל, וועלכער נעמט אַלעמען אַרום ווי די דעק פון אַ מתים=ארון, אונז, מרה=שחורה'דיגע געסט אויף דער וויסטער ערד... צי איז ער אויך ניט אַ טייל פון דער דאָזיגער בלויער אונבעפלעקטער, לויטערער הערליכקייט?

איך מיין: אויף אַזאַ אָרט לאָזט זיך ניט נור איינזאַם רעדען, ווי עס וואָלט געשוויגען יעדער שטורם פון דער וועלט, רעדען אַזוי, ווי צוויי מענשען=קינדער וואָלטען זיך געשפּיעלט מיט די הייליגסטע פראַגען, פונקט אַזוי פשוט, ווי מיט קליינע שטיינדלעך, וועלכע מען לאָזט שפרינגען איבער

שיינט נור אין אַזאַ מיטאָג־שעה, ווען דער זילבער־גלאַנץ צווישן הימל און אָקעאַן שטייגט כמעט איבער די קראַפט פון מענשליכען אויג...

דאָ זאָלען מיר פון דער ליבע רעדען.

קענסטו אַן׳אַלט בוך, פון די ערשטע טעג פון קריסטענטום, דעם פילאָזאָפישען דיאַלאָג „אָקטאַוויוס" פון מינוציוס פעליקס? עס איז אפשר די ליבענסווירדיגסטע יונג־קריסטליכע אַפּאָלאָגיע, אַ פשוט׳ע, אָן דעם ברען פון וועלען אַריינגעהמען אין קריסטליכען גלויבען. אין אַ צייט פון שטורמען, ווען די ערד האָט געציטערט אונטער דער מאַכט פון צעזאַר, און דער נייער גלויבען איז געלעגען פאַר די פאַנטערעס אויף דער אַרענע, פירט דער פילאָזאָף זיינע פריינד אַוועק צום בלויען ים, אויפ׳ן ברעג ביי אָסטיאָ. זיי לעגען זיך אויס אויפ׳ן ווייכען זאַמד, זוכען פערשידענפאַרביגע מושלען און פערהערען זיך אין וואַרפען פלאַכע שטיינדלעך, וועלכע פליהען, אונטערשפרינגענדיג, איבער דער זילבער־פלאַכקייט פון ים שפיגעל. אין דער שטילקייט פון דעם דאָזיגען איינפאַכען נאַטור־בילד האָט דער גאַנצער שטורם און שטויב פון דער וועלט אויסגעזען, ווי דורך אַ צויבער פערריקט אונטער אַן׳אומבעמערקטען פאָרהאַנג. און דאָ, אויף דעם וואונדער־שיינעם אָרט, הייסט עס, האָבען מיר גערעדט וועגען גאָט. זאָלען מיר איצט אזוי וועגען דער ליבע רעדען.

אויך אין אונזערע טעג ווילדעוועט דער שטורם. אַלץ דרייט זיך, ווי אין אַ שטורם־ווינד, איבער יעדער פשוט׳סטער פראַגע ווערט געקעמפט. וועלט־אַנשויאונגען פלאַצען, אַן׳אונגעהויערער שטויב פילט־אָן די צייט. ווער האָט נישט געפילט די בענקשאַפט, זיך צו בעהאַלטען אונטער אַזאַ געהיימען פאָרהאַנג, ווען ער וויל זיך פערטראַכטען, פערטראַכטען וועגען אַ גרויס פראָבלעם פון דער וועלט?..

זיינע בלעטער בעוועגען זיך און קערען זיך איבער מיט דער העלער אונטערזייט. ווייטער, וואו די איילבערטען גיסען זיך צוזאַמען אין איין גרויען וואָלקען-פלעק, זענען דאָ און דאָרט צוזייט דערפּצלעך, קליינע, ווייסע און רויטע, ווי אַרויסגענומע-נע פון אַ שפּיל-בוי-קעסטעלע. ווייטער זעהען זיך די געלע שטיינברוך-ווענד; דאָרט ווערען די בערג אַלץ מעופּע׳דיגער, און אויף זיי — דער שוואַרץ-וואָלדיגער וואַלד, און ווייטער פּיאַ-לעט-פאַרביגע בערג, וואו אַלץ גיסט זיך שוין צוזאַמען אין איין טאָן. און ענדליך, איבער דער צאַרטסטער פּיאָלעט-בלויער ווייטקייט עטליכע שפּיצען, בעדעקטע מיט בלענדענד ווייסען שניי.

טרוימעריש פלאַטערט הין און צוריק אַ זומער-פויגעלע — מאַכאַאָן, אַ בלאַס געלער מיט שוואַרצע פּאַסען. פון ים בלאָזט אַ לייכט ווינטעלע, לייכט און דאָך גרויס אין דער דאָזיגער שטילקייט, אין דער דאָזיגער הויכקייט, וואו אַלץ קומט פון דער אונענדליכער ים-ווייטקייט און געהט אַוועק אין דער אונ-ענדליכער הימעל-ווייטקייט.

און איצט דער ים אַליין. מילך-פאַרביג, ליכטיג-בלוי אין דעם דאָזיגען מיטאָג-שימער; דער ווינד לאָזט אויף אים איבער כמעט אינגאַנצען ווייסע פאַסען; און ווייטער גיסט ער זיך אינ-גאַנצען צוזאַמען, ווי אַ ווייסער נעפּעל, מיט דעם אונענדליך צאַרטען ווייס-בלויען ליכט פון דעם האָריזאָנט. נור דאָרט, וואו די זון שטייט איבער אים, האָט זיך דער ים צופּינקעלט אין זילבער-שיין, נעענטער צום ברעג, ווי זילבערנע פליטערלעך אויפ׳ן פּאָן פון אַ ווייכער, מילדער בלויקייט, ווייטער־צו, ווי אַ ריזען-אָזיערע פון ריינעם, צוגאָסענעם זילבער, אָן וועלכער ס׳איז בלויקייט.

אין דער דאָזיגער זילבער-מאַכע שניידט זיך איצט גראָד אַריין אַ קליין זעגל-שיפעל. אַליין זילבערן, כמעט דורכזיכטיג, שוועבט עס ווי פרעמד ליכט אין ליכט, ווי אַ געשפּענסט אָפּ-געטיילט פון דער מגושמ׳דיגער פאַרבען-וועלט, ווי דער „פליי-ענדיגער האָלענדער“ פון אַנ׳אייביגען זון-טרוים, וועלכער ער-

אויף דעם העכסטען שפּיץ פֿון קאַפּאָ, וואָס איז אָבגעטיילט פֿון די ים־פעלזען דורך אַ ברייטען באַרג־שפּוע, וועלכער ווערט איצט דערטרונקען אין זונען־ליכט, צווישען די גאָלדענע קוילען פֿון די גינסטער־שטרויכען און אין דעם שטויביגען אַראָמאַט פֿון דעם פּיאָלעטען טימיאַן־גראָז, שטעהט אַן׳איינזאַמע קליינע קירכע מיט ווייס־געלע ווענט און אַ בלאַס־רויטען דאַך: דאָס איז די Madonna dela guardia

עס בעוואַכט זי אַ גאַנצער חיל פֿון אַלטע קיפּאַריסען. אין דער דאָזיגער אָבגעטיילטער פֿון דער גאַנצער וועלט אַנטפּלעקונג פֿון העלע פֿאַרבען, וועלכע גיסען זיך פֿונאַנדער אין אַן׳ענדלאָזען שימער, שטעהען די דאָזיגע קיפּאַריסען, ווי אַריינגעפּלאַנצטע שוואַרצע קראָען־פּעדערן פֿון שיקזאַל; זיי שטעהען בעוועגלאָז אויף זייערע קורצע בלייכע שטאַמען פֿאַר דער אונענדליכער בלויער ווייטקייט, וועלכע הויבט זיך איבער דעם גליהענדיגע געלען פֿעלז. ביי דער קירכע שטייט אויך אַזאַ בעשיידענע אָסטעריאָ, אַ שניי־ווייסע מיט גראָז־גרינע לאָדען, אין איר — אַ פּאָר שאָקעלדיגע טישלעך, און מען קען דאָרט בעקומען אַ ביסעל גוטען אָרטיגען וויין. אַ פֿייגענבוים, בעדעקט איצט אין אַפּריל מיט יונגע גרינע קנאָספּען, וועלכע שטאַרען פֿון די אַלע זייטען אַרויס פֿון די צווייגען ווי די צאַרטע פֿינגערלעך פֿון ים־פּאָליפּען, בויגט זיך אַהער אַריבער פֿון דעם באַרג־שפּוע.

דאָ איז גוט!

דער בליק טראָגט זיך איבער פֿון דער בלענדענדיגער ים־בלויקייט ווייטער אויף די טאָלען, בערגלעך, טיפֿער אויפ׳ן ברעג. איבער די שמאַראַגדען־גרינע לאָנקעס־טעראַסען, וועלכע זענען איצט קוים געפֿאַרבט אין אַ גאָלד־קאָליר דורך די מאַסען בליהענדיגע דרום־בלאָזערלעך, הויבען זיך, ווי שטומפּיקפּערענדיגסטע זילבערנע וואָלקענס, די בלפּטער־קרוינען פֿון די איילבערטען. איינער פֿון זיי, אַן׳אַלטער, פֿערוואָרפֿענער ביים סאַמע ראַנד פֿון דער טעראַסע, צייכענט זיך אויף דעם פּאָן פֿון דער ריינער הימעל־בלויקייט אַמאָל ווי אַ טונקעלער סילועט, און אַמאָל צופּינקעלט ער זיך אין זילבער־גלאַנץ, ווען

אַ האָסטער=גלאַנץ רוהט איבער ברעג און ים,
און בלומען=ריחות טראָגען=זיך אין קלאָרן רוים.
(געטע).

אין אַ וואונדער=שיין לאַנד וויל איך דיך אַוועקפירען און דאָרט דיר דערציילען...

צו מזרח פון סאַן רעמאָ, אין גן=עדן פון דער ריוויערא, שטאַרט=אַרויס קאַפּאָ ווערדע, אַ ברוינער פעלז, וואָס שניידט זיך אַריין אין פרייען ים. שטיין=שיכטען, וועלכע האָבען מיט מיליאָנען יאָרען צוריק געבילדעט דעם ווייכען ים=גרונד, זעהען=אויס ווי אַ פאַנטאַסטישער שלאָס אויפ'ן פאָן פון מילדען גרינעם ברעג=לאַנדשאַפט. דער בלויער מיטעללענדישער ים האָט זיי איינגעשלונגען, צופיצעלט אין זיך, אָבער נישט מיט גראָבער קראַפט, נור צערטליך, ליב אין משך פון דער אונענדליכער צייט גלעטענדיג און ווידער גלעטענדיג זיי מיט זיינע צאַרטע ווייסע שוים=הענד. און איצט ליגען זיי, די אָבגעשווענקטע, אויפגעדעקטע שטיין=שיכטען און זעהען=אויס ווי די ריפען פון אַ פערצייטישער ריזיגער חיה, וועמענס קבר ס'האָט זיך פלוצלונג געעפענט אויפ'ן ברעג פון ים. צווישען די שיכטען בילדען זיך נישעס, אָנגעפילטע מיט גרינליכען, קוים בעוועגליכען וואַסער, אויף דעם פלאַכען דעק פון וועלכען עס לויפען אַלעמאָל דורך און ווערען פערשוואונדען בלאַסע פיאָלעט=רויסע שאָטענס: דאָס בעוועגען זיך קוים אונטער'ן וואַסער די ים=געוויקסען, און נור ביים עקסטען פעלזען=ראַנד פינקעלט דער שוים=קראַנץ, וואָס ווערט איבערגעלאָזען דורך די אָנלויפענדע כוואַליעס, און זעט=אויס, ווי דאָס פאָכען פון צושפרייטע בלענדענד=ווייסע פליגעל אין שיין פון דער זון. און ווייטער איז אַלץ בלוי, אַלץ זינקט אין אַ וואונדערליכען בלויען ליכט...

# דאס ערשטע בוך,

פֿון דער איינטאָג־פֿליג ביז צו דער מאַראָנע.

# דאס צווייטע בוך.—דער סוד פון דעם איי=העמערל און דעם זוימען=העמערל.

**ז. 66—119 אין א פינסטערער שאכט.**—די סודות'פויגע
קויל—דער ים=טוקער=גלאָק—די אַרבייט פון גרויסע טורבינעס—די זאַך קומט=פֿאַר
אין דעם מענשליכען איי=קעמערל—די ריכטונג=קערפערלעך—וואָס בעדייטען די
כראָמאָזאָמען—א טיילונג פון העלפט אויף העלפט—דאָס זוימען=קעמערל דרינגט אריין
אין דעם איי=קעמערל—טריומף פון דער צוזאמענגיסונג—דער ירושה=קאפיטאל
ווערט צוריקגעשטעלט—די ענטפלעקונג פון דעם געבוירונגס=אַקט—וואָס הייסט
א „קעמערל"?—פילאָזאָפיע פון דער געבוירונג—די צאָל פון די זוימען=חיה'=
לעך—די גרונד=ערשיינונגען פון דער מענשליכער עקזיסטענץ—דער טויט—די
פרוכפערונג אַלס אַ פאָרם פון דער אונשטערבליכקייט—וועגען צוויי פרינציפען
פון דער אונשטערבליכקייט—אינדיווידועלע אונשטערבליכקייט—אונשטערבליכקייט
דורך דער ליבע—וואָס הייסט „אייביג"!—ענטוויקלונג אין דער ליבע—דער
וואונדער=אוצר פון דער מאָדערנער נאַטור=פאָרשונג.

**ז. 120—155 דער בעגריף פון דער ענטוויקלונג.**—דער
מיילען=מיליאָן און דער צייט=מיליאָן—פון כעאָפס ביז דער אייז=צייט—ווי אלט
איז די מענשהייט?—אַ נייער הימעל און אַ נייע ערד—אין דעם שטוטגארטער מו=
זעאום—דער ליבע=שפיל פון די איכטיאָזאוריער—די ליבע פון די מאַמאָנטען—
די מעגאַטעריע—דער רוקענמארך פון דעם אַטלאַנטאָזאורוס—דער לעצטער ברעג
—ליבע=איבערבלייבעכצען פון דעם לעצטען ברעג—דער לעצטער פונקט פון לי=
בע=שפורען אויף דער ערד—דאַרווינ'ס גרויסע לערע—ווי די באַצילע ליבט—די
ערד אין דער רויט=גלוט—דער סוד פון דעם אָנהויב—פון וואַנען איז געקומען
דאָס ערשטע קעמערל?

**156—188 אור=געבוירונג.**—צי איז די ליבע „ענטשטאַנען"?—
דער געבורט=אַקט פון דער ליבע—די לעגענדע וועגען אפראָדיטע'ס געבורט און
די אָבשטאַמונג פון דער מאַלפע—דאָס וואונדער פון דער בעשאַפונג—די אור=
געבוירונג מוז אויך זיין אַ'ענטוויקלונגס=שטופע—דער קוילענשטאָף—די ציאַנ=
טעאָריע—לעבען און פלאַם—דער מענש אַלס אור=באַצילע פון אַ נייער וועלט—
צופאַסונגען צו דער קעלט—וועגען עצם פון „פילען"—צי איז לעבען אַ גרונד=
אייגענשאַפט פון דער מאַטעריע?—דער אינדיווידואום אין דער קריסטאַל=וועלט—
דער אַטאָם—דער טראָפען וואַסער אין אַ הייל—עראָטישע און מעכאַנישע צוצי=
הונגען—די „כעמישע קרובה'שאַפטען"—די אַטאָמען „האַסען" און „ליבען"—די
ליבע פאַלט אריין אין דעם לעצטען סוד—די בעשאַפונג פון חוה'ן—וואָס בעדייט
דאָס פון שטאַנדפונקט פון דער ענטוויקלונגס=געשיכטע.

---

# אינהאלט־איבערזיכט
## פון ערשטען־טייל.

### דאס ערשטע בוך. — פון דער איינטאגפליג ביז צו דער מאדאנע.

אַלע זײַנע װעגען און שטעגען. אָפֿט האָט עס מיר צוגעשיקט ליבע
נײַע פֿרײַנד, װעלכע האָבען מיר מעגליך געמאַכט די אָדער יענע
ערװײַטערונג אויסער די גרענעצען פֿון מײַן װעלט-האָריזאָנט. און
טײלמאָל האָט עס מיר אויך געגעבען צו װיסען װעגען אזא אָדער
אַנדערער אײַנגעשרומפּענער אַלטער ליטעראַרישער מומע, װעלכע
האָט פֿון איר שטאַנדפּונקט געפֿונען, אַז עס איז אינגאַנצען װערט-
לאָז. אָדער װידער פֿון אַ פֿעטער נאָלמע, װעלכער האָט זיך אַמאָל
פֿאַר אים װידער אָבגערעדט פֿון האַרצען: „אָ, יאָ, מיר איז באמת
װאויל! װײַל, דאַנקען גאָט, איך בין דאָך נישט אזוי!" איך האָב גע-
מוזט אָנערקענען, אַז אויך די דאָזיגע מענשען האָבען רעכט...

און זאָל עס איצט מיט נײַעם מוט װידער װײַטער װאַנדערען
אין זאָל עס געבען זײַן קלײנע הילף פֿאַר דעם זיג פֿון דעם אײדע-
לען געדאַנק: אַז דער מענש האָט נור אײן אײנציג שטיל אײגען װינ-
קעלע אין דער דאָזיגער װעלט פֿון פּײַן און חושך, װאו ער דאַרף
זיך נישט צו שעמען: אונטער דעם עץ הדעת.

**װילהעלם בעלשע**

װײל דאָס איז די אַנדערע און װעזענטליכע זײט פֿון דעם בוך; מײן בוך באַנוצט נאָר דאָס דאָזיגע גאַנצע געװעב פֿון מאַטעריאַלען פֿאַר אַן'אײנהײטליכען געדאַנקען־בױ, און װעלכען עס װערען אָבגעשאַצט װערטען פֿון אַ װעלט־אָנשױאונג. די פֿעראַנטװאָרטליכקײט פֿאַר דעם דאָזיגען אײגענטליכען אינהאַלט, מעג מען אים האַלטען פֿאַר גוט אָדער שלעכט, טראָג איך אַלענפֿאַלס אין גאַנצען אַלײן. ער איז ניט קײן פּאָפּולאַריזירענדיגע איבערזעצונג, נאָר אַ סוביעקטיװ אײגען װערק.

װעגען דער אױסערליכער פֿאָרם פֿון דעם דאָזיגען פּרוב איז פֿאַר מיר פֿון אָנהױב־אָן קײן ספֿק ניט געװען, אַז זי מוז אין עצם זײן אַן'עסטעטישע. איך מײן, אַז די בריק פֿון דעם שטרענגען פֿאַכגעביט, װאו מען זאַמעלט־אָן געװיסע גאַנץ־און האַלב־פֿעסטגעשטעלטע פֿאַקטען, צו דער װעלט פֿון דעם פֿרײען געדאַנק, װעלכער זוכט דאָס גאַנצע, גײט דורך דער קונסט. און טאַקע דורך אַלע מיטלען פֿון דער קונסט: אַפֿילו ביז צום הומאָר. און אַגב האָב איך דעם דאָזיגען הומאָר גאַנץ בכּיון אַרײנגעפֿירט גראָד דאָרט, װאו עס האָט זיך געהאַנדעלט װעגען די „קיצעלדיגסטע" ענינים; אין דער איבערצײגונג, אַז ער איז דאָס אײביגע נאַאיװע קינד, פֿון װעלכען מען װעט צום לײכטסטען אַזעלכע זאַכען פֿערטראָגען. און צוליב ענליכע מאָטיװען איז אױך אַרױסגעקומען דער אַלגעמײנער בידערמײער־סטיל פֿון דער ערצײלונג מיט זײן דו־פֿאָרם, װײל זײן װײכע געמיטליכקײט איז בײ דעם דאָזיגען מאַטעריאַל ניט קײן קאַפּריז, נאָר אַ גוט איבערגעלײגטע קונסט־פֿאַרב. איך האָב נאָך צען יאָר, װידער דורכקוקענדיג דאָס בוך, ניט געפֿילט די מינדעסטע נײגונג גראָד דערין װאָס עס איז צו ענדערען. ניט מער װאָס צו דער קאָמפּאָזיציע האָב איך אין טײל ערטער, װאו ס'האָט זיך געפֿילט דאָס אימפּראָװיזירטע פֿון דעם ערשטען סקיץ, צוגעגעבען אַ ביסעל אַ שאַרפֿערע ליניע, דאָך האָב איך אין די דאָזיגע פֿאַלען ניט פֿיל געענדערט.

אַ קינד פֿון אַן'אַמאָליגער דערמאָנטער גרױסער לעבענס־שעה, נאָך באַזונדער שװערע לערן־און װאַנדער־יאָרען, פֿירט דאָס בוך איצט שױן זײט אַ גאַנצען צענדליג יאָר זײן אײגען ליבע־לעבען אין דער װעלט. קױם װאָס איך האָב באַװיזען אים נאָכצוגײן אױף

מיין בוך פּרעטענדירט איננאַנצען נישט אָנגענומען צו װערען אַלס אַ געװענליכע פּאָפּולאַריזירונג פון פאַך־װיסענשאַפטליכע מאַטעריאַלען, װעלכע זענען שוין פון לאַנג ערגעץ אַנדערש און דורך אַנדערע פעסטגעשטעלט געװאָרען. הגם עס בענוצט אַ גאַנצע מאַסע נאַטורװיסענשאַפטליכע, בעזונדער ביאָלאָגישע איינצעלהייטען, װעלכע װערען ביים איצטיגען שטאַנד פון דער פאַך־פאָרשונג געװענליך גע־רעכענט במעט אַלס זיכערע פאַקטען. די דאָזיגע מאַטעריאַלען זענען אַרויסגענומען געװאָרען, מער אָדער װעניגער געלונגען, אויפ'ן גרונד פון פיליאָריגען ספּעציעלען שטודיום, פון דעם אונבעגרייפליכען געביט פון דער מאָדערנער פאַך־ליטעראַטור. װער עס בלעטערט־דורך אַליין װי עס איז די דאָזיגע ליטעראַטור, דער װייסט, װי אָפט די פעסט־שטעלונגען בייטען זיך דאָרט, װי אָפט זיי װערען בשום אונטער די פינגער פאַרעלטערט, װי אָפט זיי צװינגען די פאָרשונג אָבצושטיין פון זייער לויף, כדי צו געװינען פאַר זיך אַביסעל מער רו און איבערליי־גונג און בעצאָלען דערפאַר מיט דער געפאַר אַביסעל הינטערשטעליג צו בלייבען אין די זאַכליכע פעסטשטעלונגען. אָבער אויב מען זאָל דאַרפען פון די איינצעלהייטען, װעלכע איך בענוץ, אָבװאַרפען אַ גרויסען טייל, װעט דאָך, װי איך רעכען, בלייבען אַ גענוגענדיג שטיק פון שוין ענדגילטיג פעסטגעשטעלטע גרונד־פאַקטען, װעלכע װעלען שטיצען דעם לאָגישען אידעענגאַנג אין אַלע הויפּט־שטעלען... גרונד־פאַקטען, װעלכע קאָנען שוין היינט באמת נישט מער אומגע־װאָרפען װערען, װען מען זאָל אפילו איבערלאָזען פאַר'ן צװייפעל אַזוי פיל רעכט, װי עס איז נור איבערהויפּט מעגליך... רעכט, פאַר װעלכען איך אַליין שטעל זיך אומעטום איין. און דער פאָרגעלייג־טער צװייטער בעאַרבייטונג האָב איך זיך בעמיט נאָכאַמאָל אויפסניי נאָכצופאָרשען דעם גרעסטען טייל פון די דאָזיגע מאַטעריאַלען, אויף װיפיל די קענטניש פון דער ספּעציעלער ליטעראַטור האָט עס פאַר מיר מעגליך געמאַכט. עס זענען נאָך דערצו צוגעקומען פיל דערגענצונגען; איך רעכען, אַז מען דאַרף דאָך נישט פערלאַנגען אַבסאָלוט צו בעקעמפען אַלע שװעריקייטען אין דעם דאָזיגען פרט, און איבעריגענס איז דאָס אויך פאַר דעם צװעק פון דעם גאַנצען נישט נויטיג.

# הקדמה.

מיין בוך װענדט זיך צו אלע, װעלכע קענען פערנינפטיג דענקען און האבען דעם מוט, זיך צו שאפען אנ'איגענע װעלט-אנשויאונג. די װעלט איז א קלעפיגער זומפ, און װער עס װיל אים אריבער, דער דארף זיך פאר קיין שום שדים ניט שרעקען. נאטירליך, האב איך אין זינען נור רייפע מענשען. און רייף איז יעדער, װער ס'האט נור איינמאל דורכגעלעבט די גרויסע שעה, װען ס'האט אין אים ערװאכט דער דראנג נאך קענטעניש; װען ער האט איינגעזען, אז דאס דאזיגע גאנצע שנעל-פערגייענדיגע מענשליכע לעבען מיט זיין גאנצען טומעל דורך די עטליכע יאר און מיט אלע זיינע ענטױשונגען איז אנ'אונענדליך-נארישער שפאס, אויב מיר גיבען אים ניט צו קיין העכערען זין דורך דער קענטעניש, דורך דעם קליינעם ליכט-פלעמעלע „דענקען", װאס איז אונז אין דער גרויסער שרעקליכער פינסטערניש געשאנקען געװארען. װער עס זוכט קענטעניש און װער ס'װיל געבען קענטעניש, דער גייט ארום הויל און נאקעט, און ס'איז נור דא איין קלייד, װאס היילט אים איין: דער אמת. אבער ער גייט מיט אנ'אייזענער זיכערקייט צו דעם איינציגען ליכטיגען ציל פאראויס, און ס'קאנען פאר אים קיין שום מיספערשטענדענישען ניט זיין. װען איך װיל ראטעװען א טרינקענדען, מוז איך מיך אויס נאקעט, און א דאגה האב איך, צי װעט עס דארט עמיצען ניט געפעלען, װייל ס'איז ניט אנשטענדיג. אזעלכע טרינקענדע זענען מיר אבער אלע, און יעדען איינעם דארף מען ראטעװען,—ראטעװען דורך אדם-נאקעטע ענטפלעקונגען פון אלע ערשיינונגען פון הימעל און ערד אין דער פארם, װי זיי זענען. װער ס'נעמט-מיט דערצו די נויטיגע ערנסטקייט, פאר דעם דארף איך ניט נאך קיין שום בעזונדערע פייערליכקייטען פון דער שפראך, קיין שום קינסטליכע ערהאבענקייט, װעלכע װערט פשוט נאריש, װיבאלד ריינע, אמ'תע מענשען צװישען זיך, גראד װייל זיי זענען צװישען זיך.

פאר מיין טייערע חברה׳לע
א מתנה אלס אנדענק
פון אונזער פריינדשאפט

פון חנה

[illegible] 13/X 1930



WILHELM BÖLSCHE
MIŁOŚĆ. W PRZYRODZIE

Wydawnictwo: „DI WELT",
Warszawa 1922 r.

DRUKARNIA
„DI WELT"
WARSZAWA, NOWOLIPIE 7.

ווילהעלם בעלשע

# די ליבע אין דער נאטור

## ענטוויקלונגס-געשיכטע פון דער ליבע.

איבערזעצט פון דער לעצטער דייטשער אויסגאבע
פון יאר 1921 דורך י. מאיסקי.



ערשטער טייל.

ערשטער באנד. — ביכער 1 און 2.

פערלאג „די וועלט", ווארשע 1922.

